# משה קנאַפּהייס

# אַ ייִנגל פֿון וואַרשע

שער־בלאַט און אילוסטראַציעס:
יוסף ראַטנער ־ מירסקי, ב.־אײַרעס

●

נאָמען פון מחבר געצייכנט:
שאָול ראַסקין, ניו־יאָרק

●

קעפּלעך פון די רינגען:
וואָלף באַנדורעק, ב.־אײַרעס

●

יוביליי־אויסגאַבע

●

אַרויסגעגעבן דורכן
יובל־און בוך־קאָמיטעט
צום 50סטן געבוירנטאָג און 30 יאָר
ליטעראַרישן שאַפן פון מחבר

●

געדרוקט אין טויזנט פינפהונדערט עקזעמפּלאַרן
אויף אָפסעט־פּאַפּיר

●

דרוקערײַ פון כוליאָ קויפמאַן ס.ר.ל.
אַוו. קאָריענטעס 1976

# משה קנאַפּהייס



# אַ ייִנגל פון וואַרשע

ראָמאַן • אין צוויי טיילן • אַכט ריינגען • צוויי בענד



תשכ"א 1961

פאַרלאַג „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער"

MOISES KNAPHAIS

# MUCHACHO DE VARSOVIA

NOVELA

Tapa y Dibujos:
**JOSE RATNER - MIRSKI**

Títulos:
**WOLF BANDUREK**

IMPRESO EN LA ARGENTINA



EDITORIAL
"HOJAS LITERARIAS ILUSTRADAS"
BUENOS AIRES
1 9 6 1

Este libro se terminó de imprimir en el mes de Enero de 1961, en los Talleres Gráficos JULIO KAUFMAN S.R.L. - Avda. Corrientes 1976 - Buenos Aires.

# יובל און בוך קאמיטעט

## קאמיטעט־מיטגלידער

### שרײַבער און קינסטלער פון בוענאָס־אײַרעס

יצחק איסאַקסאָן
הירש אַלטבוים
וואָלף באַנדורעק
מאיר בעזאַוויק
מרדכי בערנשטיין
חיים בראַקאַזש
בנציון ברוקער
מיגעל ברייטמאַן
וואָלף ברעסלער
בערל גרינבערג
יעקב דענקער
ברוך האַגער
ברוך האַכמאַן
זלמן הירשפעלד
יעקב וואַלבערג
פיניע וואַלד
זלמן וואַסערצוג
דוד זאַבלודאָווסקי
אברהם זאַק
ד״ר ל. זשיטניצקי
אליהו טאַקער
מאַרק טורקאָוו
בצלאל טערקעל
ענריקע טשײַקאָ
ד״ר מ. לייבאָוויטש
נחום לינדמאַן
יצחק ליפסקי
פאַליק לערנער
יוסף מאַורער
זעליק מאַזור
אײַזיק מירסקי
יוסף מענדעלסאָן
יעקב סטעמפּל
מאַרקוס פּאַרישעווסקי
יעקב פּאַלאַטיצקי
אינזש׳ א. א. פישער
יעקב צודיקער
נחמיה צוקער
ד״ר כאַסע קאַמינקער
משה קאָנסטאַנטינאָווסקי
לעאָן קאַרדונער
מנשה קויפמאַן
קעהאַס קליגער
לייזער קלאַצמאַן
י. ראַטנער־מירסקי
אברהם שבח
אליהו שמערקאָוויטש

### ייִדישע שרײַבער פון אויסלאַנד

ד״ר י. אוסטרי־דן
שמואל איזבאַן
יצחק אייזענבערג
ד״ר אברהם אייסען
דוד אַפּאַטאָוו
מלכה אַפּעלבוים
מענדל אַקערמאַן
שלמה באַכראַך
יצחק באַרנשטיין
בערל בוים
ב. י. ביאַלאָסטאָצקי
ד״ר שלמה ביקל
ברוך בלום
ד״ר ראובן בן־שם
הערץ בערגנער
יחזקאל בראַנשטיין
יואל גאָק
מרדכי גינזבורג

משה גראָסמאַן
מאַטעס דײַטש
נח וויטאַל
בעריש ווײַנשטיין
פּײַוול זיגעלבוים
ראובן זיגעלבוים
פּערל זילבערבערג־ווײַסענבערג
יעקב זינגער
ש. ד. זינגער
יואל זשעלעניעץ
א. טאַבאַטשניק
ש. טענענבוים
אַבעל יאַרמוש
מ. ירדני
יעפים ישורין

ד״ר צבי כהן
בערל לאָקער
מלכה לאָקער
הערמאַן לעדער
איציק מאַנגער
דוד מאַרקוס
ד״ר משה מערקין
שלמה סוסקאָוויטש
אַברהם סוצקעווער
יעקב פּאַט
ראָזאַ פּאַלאַטניק
וואָלף פּאַסמאַניק
לעאָן פֿײַנבערג
יעקב פּילאָווסקי
י. פֿרידלאַנד

מרים קנאַפּהייס
הלל קעמפּינסקי
מלך ראַוויטש
שלמה ראָזענבערג
דוד ראַפּאַפּאָרט
יוסף רובינשטיין
משה רובינשטיין
יצחק רײַזמאַן
הערש שוואַרץ
פּינחס שוואַרץ
משה שטאַרקמאַן
בנימין שלעווין
ברוך שעפּנער
לייב שפּיזמאַן
איסר תּלוש

## קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טוער

מענדל אַבזאַץ
כאַסע אָוסטעכעוויטש
מאיר אַלבוס
א. מ. באַלאַבאַן
איסאַק באַנדאַר
יצחק בענעק
גרעגאָריאַ בערנשטיין
יעקב גראַבאָווסקי
גרשון געסטעל
לעאָן האַלאַדאָווסקי
שמואל האָפּער
אַלטער הירש
פּײַוול ווײַנגאַרט
יוסף זאַביעללאַ
מיכאל זעמעלמאַן

פּײַוויש זעמעלמאַן
ראובן טאָפּאַל
הירש טריוואַקס
שמואל־יהודה יאַליס
אליהו יאַליס
שמחה לאַנדע
הערמאַן לאַסטער
כיל ליוועראַנט
אברהם לייב
בערל לייב
ש. ליקער
יחיאל מאָוער
אַברהם מיטלבערג
צבי נימצאָוויטש
אינזש׳ י. פּאָווערענע

יוסף פּאַראַסאָל
איסאַק פּרוס
הענעך פּרוס
א. פּינקלער
מיגעל פּישמאַן
משה קאָרנער
יצחק קאַטשערגינסקי
אַברהם קולפּאַס
יעקב קרייצער
א. ראַסטקאָווסקי
כוליאַ רובאַכאַ
שמחה רובינס
י. פּ. רוזאל
אליהו י. רייף
רפאל שאַלקאָוויטש

## פרויען־קאָמיסיע

ראָמע אײַזענבערג
פלאָרע גאָטעסדינער
כאַשע דאַווידסאָן

רוזשקע האָפּער
לאָה וואַקס
חנהלע וויסיפּקאַ
מרים יאַליס

העניע יאַליס
שרה מיזשעריצקי
חנה פּאַטליס

## מ ײַ ן  ה אַ ר צ י ק ן  ד אַ נ ק

דעם יובל־און בוך־קאָמיטעט בראָש מיטן עקזעקו־טיװ און איניציאַטאָרן: מרדכי יאַלים און זין, דוד און ראַמע אײַזענבערג און נחום קריטשמאַר; די ייִדישע שרײַבערס אין לאַנד און אויסלאַנד; די ייִדישע קינסטלער־אויסשטאַטערס פונעם בוך; די פּרויען־קאָמיסיע בײַם קאָמיטעט; אַלע בײַשטײַע־רער און פּאַראַבאַנענטן בראָש מיטן סובסידירער מאַקסימאַ קופּפערשמידט; אַלע קולטור־געזעל־שאַפטלעכע און פינאַנץ־אינסטיטוציעס; אַלע מײַ־נע פרײַנד און לייענערס — אַדאַנק װעמען ס'איז דערמעגלעכט געװאָרן דאָס דערשײַנען פון דאָזיקן װערק, — פאַר זייער אָנגעשטרענגטער מי, בײַ־טראַג, מיטהילף און דערמוטיקונג, — אַ יישר־כוח אײַך אַלעמען פון גאַנצן האַרץ —

משה קנאַפּהייס

# אינהאַלט פון באַנד צוויי:

## פינפטער רינג: שאָטנס פון לעבן


קאַפּיטל איינס: אונטער בליקן פון פאַרדאַכט — — — — — — — — — 13
קאַפּיטל צוויי: ביי אַ טישל אין באַר — — — — — — — — — — — 17
קאַפּיטל דריי: וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן... — — — — — — — 21
קאַפּיטל פיר: ווען מויערן וואָלטן געקאָנט רעדן... — — — — — — — 27
קאַפּיטל פינף: אויף די שפּורן פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער נשמה — 31
קאַפּיטל זעקס: פאַרן פּוסטן הויז אַנטקעגן מאַנאַסטיר — — — — — 36
קאַפּיטל זיבן: אַ נאַכט פון טענץ, שאַמפּאַניער און מוזיק — — — — 41
קאַפּיטל אַכט: אין געיעג נאָכן לעצטן ברעקל אילוזיע — — — — — 47
קאַפּיטל ניין: אין שיין פון פאַרפלויגענע קינדעריאָרן — — — — 52
קאַפּיטל צען: קאָשמאַר פון אַ רעגנדיקער פרילינגנאַכט — — — — 56
קאַפּיטל עלף: אַ בעטל ביי יענעם — — — — — — — — — — — 60
קאַפּיטל צוועלף: די צוויי זייטן פון דער מטבע — — — — — — — 66
קאַפּיטל דרייצן: בלינדע טריט פון אַ פאַרבלענדטן — — — — — — 72
קאַפּיטל פערצן: אין שאָטן פון פאַרגאַנגענע דורות — — — — — — 75


# צווייטער טייל

## זעקסטער רינג: חלום און וואָר


קאַפּיטל איינס: עס קומען אַנדערע צייטן — — — — — — — — — — 83
קאַפּיטל צוויי: אויף די כוואַליעס פון לעבן — — — — — — — — — 86
קאַפּיטל דריי: אין געיעג נאָכן ביסל עסן — — — — — — — — — — 90
קאַפּיטל פיר: נישט דער זעלבער מענטש וואָס געווען — — — — — 95
קאַפּיטל פינף: משה מעט בלאָנדזשעט — — — — — — — — — — 99
קאַפּיטל זעקס: ביי די מיסיאָנערן אויף סעווערינווו — — — — — — 104
קאַפּיטל זיבן: דער פאַרשטעלטער חסיד דרשנט אפּיקורסות — — — 110
קאַפּיטל אַכט: נישט־צושטאַנדגעקומענער וויכוח — — — — — — 117
קאַפּיטל ניין: דער פּאַסטאָר מיט די „ברידער" — — — — — — — 122
קאַפּיטל צען: ווער איז דאָקטאָר משה ענגלשטערן? — — — — — 128
קאַפּיטל עלף: יאָסעלע ראָזנבלאַט זינגט „מפני חטאינו"... — — — — 135
קאַפּיטל צוועלף: אין די אָפּגעשלאָסענע פיר ווענט — — — — — — 141
קאַפּיטל דרייצן: דער נאַקעטער אמת — — — — — — — — — — — 147
קאַפּיטל פערצן: די אומגעריכטע באַקאַנטשאַפט — — — — — — — 152
קאַפּיטל פופצן: נאַכטשפּאַציר אויף קראָקעווער פאָרשטאָט — — — 157
קאַפּיטל זעכצן: ווידוי־רייד פון אַן עלנטן מענטש — — — — — — 162
קאַפּיטל זיבעצן: „און וואָס איז מיין גלויבן?" — — — — — — — — 167

קאַפּיטל אַכצן: אין אַ באַפּטיסטישער שטוב — 172
קאַפּיטל נײַנצן: אויף אַ פרעמדן געלעגער — 178
קאַפּיטל צוואַנציק: אין חלום צי אויף דער וואָר? — 183

## זיבעטער רינג: אויף קרומע וועגן

קאַפּיטל איינס: אַ ווינטערדיקער פּרימאָרגן אויף גאַטס וועלט — 191
קאַפּיטל צוויי: ערב חגא־יאַריד פאַר די מיראָווסקע האַלעס — 197
קאַפּיטל דרײַ: ווי אַ שטיין וואָס גייט אַראָפּ צום גרונט — 204
קאַפּיטל פיר: אַז צוויי דליתים גייען טאַנצן... — 210
קאַפּיטל פינף: אַ טריט נענטער אין לעבן אַרײַן — 216
קאַפּיטל זעקס: באַגעגעניש מיט וועלוול מאַגידס מאַמע — 222
קאַפּיטל זיבן: עקסצעסן פאַרן אײַזערנעם טויער — 229
קאַפּיטל אַכט: בלינדע קלעפּ אויף ייִדישע קעפּ — 234
קאַפּיטל נײַן: צוויי קעץ אין איין זאַק — 240
קאַפּיטל צען: אַ מאַמע פון אַ קינד — 245
קאַפּיטל עלף: ווי אַ טײַך וואָס גייט אַרויס פון די ברעגן — 251
קאַפּיטל צוועלף: ווי אַ נאַר אויפן מאַרק — 255
קאַפּיטל דרײַצן: אַ נאַכט פון בייזע חלומות — 259
קאַפּיטל פערצן: צוויי שוועסטערס — 264
קאַפּיטל פופצן: אויף אויסגעקרומטע וועגן — 269
קאַפּיטל זעכצן: „זײַ געבענטשט מיט דײַן קומען און אַוועקגיין" — 276
קאַפּיטל זיבעצן: ס'לעבן לאָזט זיך נישט נעמען פאַר די הערנער — 281
קאַפּיטל אַכצן: אויף אַ באַנק אין זאַקסישן גאָרטן — 286
קאַפּיטל נײַנצן: אַ תנכישע געשטאַלט פון פאַרגאַנגענע צײַטן — 292
קאַפּיטל צוואַנציק: די צוויי נאַכטפייגל מאַכן פליטה פון שטעטל — 298
קאַפּיטל איין און צוואַנציק: לעצטע גילגולים פון אַ גאָטזוכערישן מענטש — 309

## אַכטער רינג: אַ לײַטישער שידוך

קאַפּיטל איינס: אַ פרײַע אָפענע וועלט — 321
קאַפּיטל צוויי: דאָס פאָטערלאַנד באַערט די געפאַלענע... — 326
קאַפּיטל דרײַ: אויף אַלע פיר צו דער מויזן־נאָרע — 332
קאַפּיטל פיר: אונטער אַ גאַס רעגן — 337
קאַפּיטל פינף: דער זעלבער פאַרגלייבטער אין לעבן — 343
קאַפּיטל זעקס: פאַרבלענדעניש אין אַ פינצטערער נאַכט — 349
קאַפּיטל זיבן: אין סאָכאַטשעווער חסידים־שטיבל — 356
קאַפּיטל אַכט: פרויען צווישן זיך... — 364
קאַפּיטל נײַן: משה מעט זאָגט „שלום־עליכם" — 371
קאַפּיטל צען: אויסטערלישע זאַכן — 376
קאַפּיטל עלף: מיטן רעכטן פוס... — 381

ק א פ י ט ל א י י נ ס

# אונטער בליקן פון פארדאכט

אזא שטיק צייט איז שוין אפגעלאפן פון יענע טעג. ווען ער האט איבערגעריסן מיט לושען און זי נישט געוואלט מער זען. א גאנצע וועלט־איבער־קערעניש איז אין צווישן צייט פארגעקומען. וואס האט ער נישט דורכגעמאכט פאר דער צייט, משה מעט? קאזארמע־לעבן, זעלנערשע מארשן, אליארמען און פארביטערטע שלאכטן, מיט שיסערייען, פארטויבט צו ווערן. וואס ער האט זיך אלץ נישט אנגעזען אויפן פראנט! פארקנוילטע גופים. וואס האבן זיך געדרייט און געקארטשעט פון יסורים; אויסגעקרומטע מיילער מיט ארויסגעקראכענע אויגן פון קאפ; הילפרופן און גסיסה־כארכלערייען אויף טריט און שריט. אויפן שלאכט־פעלד דארט איז ער אין גאנצן אפגעטעמפט געווארן צו די אלע גרויליקע סצע־נעס. ס'האט אים שוין נישט געגעבן קיין טשעפ צומאל, אזוי גלייכגילטיק איז ער געווארן צום טויט. אין וואסער געשטאלט ער זאל זיך נישט האבן געוויזן פאר אים, האט ער אים אויפגענומען ווי א היימישן גאסט, א זעלבסטפארשטענד־לעכע דערשיינונג, אן אומפארמיידלעכקייט.

ער האט געמיינט, משה מעט, אז אין ציוויל וועט אים שוין קיין שום זאך נישט קאנען איבערראשן אין לעבן; אז ער האט שוין אין זיך גובר געווען די שרעק פארן טויט; אז דאס דאזיקע פחד־געפיל האט זיך שוין איבערגעברענט אין אים ווי שטאל און ער קאן שוין קוקן דעם טויט גלייך אין די אויגן אריין.

צום סוף זעט ער ערשט אז ס'איז גאר פארקערט. נאכן דורכפירן דאס איי־גענע לעבן זיינס דורך אלע זיגזאגיקע וועגן פון סכנה און טויט, איז עס אים ערשט איצט טייער געווארן נאך מער ווי פריער. איצט קאן ער עס ערשט אפ־שאצן וואסער גרויסן ווערט עס האט; אז ס'איז נישט צו באצאלן דערפאר, און אז מע דארף עס היטן ווי אן אויג אין קאפ. יעדע אומפארזיכטיקייט, וואס שמעקט מיט געפאר פארן שטיקל לעבן זיינס, רעגט אים מער אויף מיט ציטער ווי פריער — איידער ער האט דערקענט דעם טויט פון דער נאענט.

ווי מאדנע דאס איז. די אלע גרוילבילדער פון דער מלחמה, וואס האבן זיך אים איינגעקריצט אין זכרון, טרעטן איצט אפ אויף אהינטער. אויף זייער ארט וואקסט איצט אויס ווי לעבעדיק דאס אפשרעקבילד פון יענעם געהיימע־נישפולן צעוואקסענעם פארשוין, וואס האט זיך פאר אים באוויזן מיטן אומ־אויפהעריקן חוזק־געלעכטער פארגליווערט אויפן צעשניטענעם פנים, ווי אויף אויסצופילן א לעצטע שליחות און שפעטער פארלאזן דאס לעבן ווי שוין א פול־שטענדיק איבעריקער.

ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, משה מעט, אַז דער גורל זאָל אים אַזוי געשווינד געבן אַ שטעל אויס אין דער לאַגע פון יענעם שלעפּער מיטן גרויליק־לאַכנדיקן פּנים, וואָס האָט אין דער נאַכט פון זײַן אומקום געחלומט פון אַן אַדרעס ווי פונעם העכסטן גליק אויף דער ערד. שוין דאַן האָט אים יענער געווּיזן ווי ער, משה מעט, וועט אויסזען הײַנט. דאָס איז געווען, זעט אויס, יענעמס לעצטע מסיע צו זײַן פאַר אים דער שפּיגל, משה מעט זאָל זיך גוט אָנשפּיגלען אין אים. אַזוי איז עס טאַקע. ערשט איצט באַנעמט ער עס קלאָר. ער איז דאָך אויך, פּונקט אַזוי ווי יענער — אַ צוריקגעקומענער פון ווײַסטע ערגעצן און האָט זיך דאָ — בײַ זיך אין דער היימשטאָט — אין ערגעץ נישט ווו אַהינצוטון, אין וואָס זיך אַנצוכאַפּן, כאָטש עפּעס אַ שטיקל אַדרעס, אַ טיר וואָס זאָל זיך עפענען פאַר אים, צו קאָנען אַריבערטרעטן די שוועל.

אַ גאַנצן סוף־זומערדיקן טאָג האָט ער זיך דאָ אַזוי אַרומגעשלעפּט איבער די געסלעך אין די שווערע זעלנערשע שיך און שמאַטעוואַטן ווויסקאָוון שינעל. פון אַלע ווינקלען דאָ האָט צו אים אַרויסגעקוקט דער שטווינענדיק־שטאַרער בליק פונעם לאַכנדיקן פּנים וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן אויפן ראַנד טראָטואַר נאָכן ווײַסטן סקאַנדאַל בײַ קראָוטשיקן אין שענק.

דורך דער גאַנצער צײַט האָט זיך דאָ גאַרנישט געענדערט אין דער אַלט־שטאָט. די קרומגעדרייטע הויקערדיקע געסלעך אָטעמען מיט דער זעלבער טוכלער סודותפולקייט ווי אַמאָל; די מענטשן דאָ זעען אויס ווי זיי וואָלטן געווען געהאַט אויף זייער געוויסן שווערע זינד וואָס דריקן אויף זיי און גיבן זיי נישט קיין רו. זיי זענען נישט אָפּגעקומען קיין שטראָף און קאָנען נישט קריגן קיין תיקון פאַר זייערע באַגאַנגענע פאַרברעכנס.

דער זעלבער טונקעלער פּחד קוקט גליווערנדיק אַרויס פון די נידעריקע טויערלעך און שאָטנדיקע מיטלאַלטערלעכע הויז־אַרײַנגענג, ווי די היילן, מיט די אָפּן־שטייענדיקע קעלערן, פון וואַנען ס'ווייעט אַרויס אַ קילקייט און איבל־דיקער ריח פון נישט־באַגראָבענע מתים וואָס צעלייגן זיך שוין פון צעפוילטקייט.

אין יעדן איינעמס פּנים פון די אַלע פאַרדעכטיקע טיפּן, וואָס שלאַנדערן זיך דאָ אַרום מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, ליגט פאַרשלאָסן אַן אייביקער סוד. זיי האָבן זיך שוין דאָ געגנוג אויסטערלישע זאַכן צוגעזען, זיך צוגעקוקט ווי שטומע עדות מיט קאַלטן גלײַכגילט צו די שווידערלעכע מעשים, וואָס זענען דאָ פאָרגעקומען, און טייל מאָל אַליין געהאַט נישט קיין קליינעם חלק אין זיי.

די קליינע שלעפּערלעך, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, האָבן אויך עפּעס אַזאַ מאָדנעם פיבערדיקן צעגלאַנצטן קוק, ווי זיי וואָלטן געוווסט אַזוינס וואָס זיי טאָרן נישט וויסן. אַן אָפּגעדעקטן לעבן־סוד וואָס דאַרף זײַן פאַר זיי פאַרהוילן אונטער זיבן שלאָסן.

ווי די חיהלעך דערניוכעץ זיי אַ פרעמדן פון ווי ווײַט. פאַרדעכטיקן יעדן איינעם וואָס איז נישט קיין זייעריקער, אַ זײַטיקער, גלײַך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט דער פרעמדער זאָל זיך נישט אַמאָל אָנשטויסן אויף די שפּורן פון די אויסבאַהאַלטנקייטן און נישט אַנטדעקן דעם גרויליקן אמת, וואָס אַלע ווייסן דאָ וועגן אים, נאָר קיינער וואַגט אים נישט צו ברענגען פאַרן מויל.

אויף אַ ראָג געסל איז אים פּלוצים אַנטקעגנגעקומען אַן אַלטיטשקע קריס־טין מיט אַ מעשן צלמל אויפן האַלדז. אין אירע קנאָכיקע הענט האָט זי געהאַלטן אַ צעשפּאָלטן ערדן טעפּל מילך, אַ פאַרדראָטעוועטס ביז אַרויף ווי אין אַ נעץ. זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק, וואָס איז פול געווען מיט אומצוטרוי און פאַרדאַכט, ווי זי וואָלט אים חושד געווען אין ערגסטן, אַז דאָס קלייבט ער זיך נאָכצוטשאַטעווען נאָך איר, באַפאַלן זי הינטנאַרום און צונעמען מי־יודע וואָס.

ער איז נאָך אין גאַנצן אויפגערודערט, משה מעט, און קאָן נאָך נישט קומען צו זיך פונעם אינצידענט מיטן קריסט, וואָס איז אַרויסגעקומען צו אים מיטן גאָלמעסער אויפן גאַניק, אויף וואָנסקי־דונאַי. ער איז געקומען אַהין זוכן די וווינונג פון די ריבאַקעוויטשס. ער האָט זיך דערמאָנט לושעס וואָרט, וואָס זי האָט אים געגעבן, אַז ווען ער וועט זײַן אין אַ צרה, זאָל ער קומען צו איר, זי וועט אים העלפן מיט וואָס זי וועט קאָנען. האָט עס אים אַוועקגעטראָגן אויפן וואָנסקי־דונאַי. ער האָט נישט געדענקט דעם נומער פון טויער און געגאַנגען פון הויף צו הויף. געקראָכן איבער שטאָקן, שטיגן־אַרויף, שטיגן־אַראָפּ, ביז ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויפן קריסט מיט די וואָנסעס. דער בליק יענעמס איז אים מאָדנע געווען קענטלעך. ערשט איצט כאַפּט ער זיך, אַז ער איז געווען ענלעך צו דעם דורכשפּיזנדיקן קוק פון אונטערן שטערן אַפער פונעם לאַנגהאָריקן שייגעץ בײַ קראַוטשיקן אין דער קנייפּע. דער זעלבער וואָס האָט פּראָוואָצירט דאָס גרויסע געשלעג, — דער אייגציקער שולדיקער אינעם מאָרד איבערן צעוואַקסענעם פאַר־שוין וואָס איז געבליבן ליגן אַ צעשטאָכענער אויפן מיטן אַלטשטאָטמאַרק אין יענער שלימזלדיקער נאַכט.

נו יאָ, זיכער איז עס געווען יענער. מעגלעך אַז דאָס זאָל ער אים האָבן דערקענט, משה מעטן, און געמאַכט דעם אָנשטעל פון פאַרדעכטיקן אים אין אויסקוקן אַ גנבה, צו קאָנען אים געבן אַ יאָג אַראָפּ פון גאַנצן שטאָק שטיגן אַז ער זאָל ברעכן הענט און פיס. אָבער ווי קאָן אַזוינס געמאָלט זײַן? ער איז דע־מאָלט נאָך געווען אַ ייִנגלטשינע, געהאַט אַ ייִנגלעריש פיגורל מיט שמאָלע אַק־סעלעך, משה מעט, און הײַנט איז ער אין אַ מונדיר פון אַ פּוילישן זעלנער, אַ דערוואַקסענער מענטש. אַפילו פראַנעק — איז ער זיכער — וואָלט אים נישט געווען דערקענט. ער איז אים געגאַנגען אויפזוכן, פראַנעקן, און געקריגן אַזאַ

מיאוסן אָפּשניט. ער האָט אפשר אין גאַנצן נישט באַדאַרפן קריכן אַהער. לושעס צוזאָג האָט אים געמאַניעט, געצויגן ווי מיט צוואַנגען. זעט אויס, אַז די ריבאַ־קעוויטשעס האָבן זיך געמוזט אַרויסצִיִען פון ראַנען, פונעם וואַנסקי־דונאַי, אָדער גאַנץ מעגלעך אַז ער האָט נישט געקאָנט אַנטרעפן אויפן ריכטיקן אַדרעס. ער איז שוין דאָ אויסגעוועזן אַלע הייף און גאָרנישט געקאָנט דערגיין וועגן זיי. ווער ווייס וואָס ס'איז פון איר געוואָרן, פון דער לושע. אַזאַ צאַרטע געווען, אַן איידעלע. דער מאַן, דער זדעכליאַק, האָט איר מיסתמא נישט געגעבן צום לעבן. ער האָט אַלץ פאַרפּיִעט. די בידע איז געווען גרויס, ווי אין מילחמה־צײַט. אַ הייסע פרוי איז זי געווען און אַ געזונטע. זי האָט באַדאַרפט האָבן אַ מאַן. און אַז מע גיט זיך נאָר אָפּ איינעם, ציט עס שוין... קיין געלעגנהייטן דאַרף אַ פרוי לאַנג נישט זוכן, קומט אַ צווייטער, אַ דריטער, ביז מע גייט פון האַנט צו האַנט. קיין אַמאָטאָרן וואָלטן אויף איר זיכער נישט געווען געפעלט. אַזאַ יונגע און שיינע געווען, אַ פּרויִשע, אַ רייצנדיקע... ווען ער טרעפט זי איצט וואָלט ער שוין זיכער געווען אַ געהאָלפענער. ער וואָלט פון איר גאָרנישט געווען גענומען. ער וואָלט בלויז געוואָלט קאָנען אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שינעל, ווערן צוריק אַ פריוואַטער, צוריק אַרײַן אין ציוויל, אַראָפּווישן פון זיך דאָס פראַנטלעבן מיט דער היימלאָזיקייט צוזאַמען, זײַן גלײַך מיט אַלע, צונויפגיסן זיך מיטן שטראָם, מיטן נאָרמאַלן פלוס פונעם לעבן.

ער האָט אַליין נישט געזען ווי ער ווערט דאָ פאַרדעכטיקט פון יעדן איינעם. פינצטערע בליקן שפּיזן אים דורך, קוקן אים נאָך אָט אַזוי ווי יענעם שלעפּער אַמאָל, ווען ער איז אַרויס פון טורמע נאָכן אָפּזיצן אַ „וויראָק" פאַרן דערשטיקן דאָס אייגענע ווײַב אויס אייפערזוכט. ער איז אַרײַן אין יענעמס ראָל, משה מעט, אומבאַמערקט אַפילו פאַר זיך אַליין. ער וואַרפט זײַטיקע בליקן אַרום זיך בײַם אַרײַנקוקן אין יעדן טויערל און הייפל. ער ווערט נישט מיד צו זוכן און שפּערן מיט אײַנגעשפּאַרטקייט פון אַן אָקס. אפשר וועט ער פאָרט עפּעס דערגיין, אַרויסקריגן פון די שטומע שווײַגנדיקע מויערן.

די פאַרנאַכטיקע שאָטנס האָבן זיך גענומען קלײַבן אַרום אים געדיכטער און ענגער. ער האָט זיך שוין איצט געשלעפּט סתם אַזוי, נישט דערוואַרטנדיק מער גאָרנישט. פּלוצים האָט ער פריידיק אויפגעציטערט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ קענטלעך פּנים בײַ אַ טישל אין אַ באַר. דאָס האַרץ האָט אין אים גענומען האַסטיקער קלאַפּן. ער איז געבליבן שטיין ווי פאַרשטאַרט און באַלד זיך געגעבן אַ רוק אָפּ נישט צו ווערן באַמערקט. ס'האָט אים גענומען טינקלען פאַר די אויגן, נישט צו קאָנען שטעלן ווײַטער קיין טריט. דער קילער אָוונט איז צוגעפאַלן אומגעריכט אין געסל און אויסגעוואַקסן פאַר משה מעטן ווי אַ דיקע וואַנט.

# קאַפּיטל צוויי

# ביַי אַ טיש אין באַר

משה מעט איז געבליבן שטיין בײַם באַר ווי געליימט. ער האָט נישט געגלייבט זײַנע אייגענע אויגן. צוזאַמען מיט דער איבערראַשונג האָט זיך אין אים אויפגעוועקט דער הונגער. ער האָט דערפילט אַ נאָגעניש אונטערן לעפּעלע. באַלד איז די נאָגנדיקע הוילקייט איבערגעגאַנגען אין דערקוטשענדיקע מאָגנ־קראַמפּן, ווי דער הונגער וואָלט אים מיט ביינערנע פינגער געקנײַפּט די קישקעס אין בויך. אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַשלאָגן איבערן גאַנצן לײַב. די קני׳ען האָבן אים גענומען אונטערציטערן אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס.

נאָך אַ קורצער ווײַלע האָבן די הונגער־ספּאַזמעס נאָכגעלאָזן. מיטן אַרײַנ־צי׳ען טיף דעם אָטעם. וואָס איז אים געבליבן שטיין אין האַלדז נאָר צו צעשפּאַרן אים, האָט ער געפילט ווי דאָס האַרץ וואָלט אין אים געזעצט ווי מיט האַמערס. ער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אָפּגעאָטעמט און דערפילט אַ דערלײַכטערונג. מיט אַ פײַכטער האַנט האָט ער זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן. ער האָט עטוואָס אויסגעבויגן דעם קאָפּ צו קאָנען זען צי דאָס אויג האָט אים נישט גענאַרט. ער איז געוועזן זיכער אַז דאָס דאַכט זיך אים בלויז אויס. שוין עטלעכע מאָל האָט ער אַזוי געהאַט ווי ער ווערט פאַרכאַפּט פון האַלוצינאַציעס. מיט אַמאָל גיבן זיך אָן עפן־אויף פאַר אים אויסטערלישע זעונגען, וואָס וואַרפן אָן אויף אים אַ פּחד, און ווען זיי פאַרשווינדן בלײַבט ער שטיין ווי פאַר אַ פּוסטקייט, ווי פאַר אַן אָפּגעעם תהום. ער האָט איין מאָל געהאַט געזען פאַר זיך צוויי פאַרצווייפלטע אויסגעשטרעקטע הענט פון אַ טרינקענדיקן וואָס בעט הילף. ער האָט געטון אַ האַסטיקן לויף פאָרויס מיט אַלע כוחות. ער האָט דערקענט אין זיי לושעס שלאַנ־קע איידעלע הענט. ווען ער איז צו צום ברעג — גרייט צו געבן אַ שפּרונג־אַרײַן אין וואַסער אַרײַן — זענען די הענט פאַרשווינדן צוזאַמען מיט דער ווײַסל און מיטן ברעג. ער האָט זיך גאָר געפינען בײַם ברעג טראָטואַר פון עק גאַס. קאָן זײַן אַז אויך איצט איז עס נישט מער ווי אַן אויסדאַכטעניש. די נערוון זענען

אָפּגעשוואַכט און קעגן נאַכטאַנקום זעען די אויגן דאָס וואָס די צעהיצטע פאַנ־טאַזיע מאָלט אים אויס.

ער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף אַ פּאָר טריט און אַריבערגעגאַנגען אויפן אַנדערן טראָטואַר. אויף יענער זײַט וועט ער גיכער קאָנען זען פּרײַ, אומקרעמ־פּירט, און נישט דאַרפן מורא האָבן צו ווערן באַמערקט. בײַם זײַטנטישל הינטער דער פאַרהויכטער באַר־וויטרינע איז געזעסן אַ בלאָנדער יונג מיט אַן אײַנגעפאַלן פּנים אין אַן אָפּגעשאָסענער גראַנאַטענער מאַרינאַרקע וואָס האָט נאַכלעסיק אַראָפּגעהאָנגען פון זײַנע אַקסל אַראָפּ. די דינגעשניצטע לענגלעכע נאָז צווישן די נאָענט־געזעצטע אויגן איז געווען רויט־צעגלאַנצט ווי אַ געשוויר. די שיטער־צעשויבערטע טשופּרינע איז געווען אַרויפגערוקט הויך אויפן קאָפּ און ברייטער געמאַכט דעם שטערן מיט די צובאָקומענע פּרײַע ווינקלען און פּראָנטיקן גאָלן טייל. און מיט דער שאַרף־פאַרשפּיצטער גאָמבע האָט דער קאָפּ געכאַפּט אַן אויס־זען פון אַ דרײַעק.

נישט בלויז לויטן פּנים, נאָר אויך לויט די זשעסטיקולאַציעס פון די הענט האָט משה מעט דערקענט אַז דאָס דאַרף זײַן נישט קיין אַנדערער ווי נאָר פּראַנעק אַליין. ער האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, יענער דאָרט בײַם טישל, פון אַן אויס־געלאָשענעם מענטש, פון אַזעלכן וואָס מע קאָן שוין מיט אים אַלץ מאַכן, ווי מיט אַ געשלאָגענעם הונט, וואָס ס'האָט זיך אַזוי נישט געפּאָרט מיט פּראַנעקס שטענדיקער פאַררייסנקייט און אײַנרײַסערישקייט. די אויפפאַלנדיקע אויסער־לעכע ענלעכקייט האָט אָבער אויסגעשלאָסן יעדן צווייפל.

משה מעט האָט געזען ווי יענער האָט זיך טיף איבערגעבויגן איבערן טישל. אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט מיט די לאַנגע פינגער געהאַלטן דאָס גלאָז אַנטקעגן דער אויסגעבויגענער פלאַש, וואָס איז געווען פאַרדריקט אין אַ צוויי־טער קרעמפּער האַנט מיט קורצגעהאַקטע קלעצלדיקע פינגער — אַ טיפּישע האַנט פון אַן אויסגעפּראַצעוועטן מענטש, אַן אַרבעטער. יענער, דער פרעמדער, דער אומגעזעענער, האָט דעם אַנדערן געגאָסן דעם בראָנפן וואָס האָט זיך הייטער אַרויסגעבולבעט פון דער פלאַש אין אונטערגעשטעלטן גלאָז אַרײַן. אין דער סוטולעוואַטער הויכער פּלייצע פון דער אויסגעבויגענער פיגור, וואָס האָט זיך געהאָרבט שפּאַר־אַנזעעוודיק איבערן טישל, האָט משה מעט דערקענט, אַז ס'איז פּראַנעקס פּלייצע, דער גאַנצער פּראַנעק מיט די ביינער.

באַלד ווי ער האָט נאָר געהאַט דערזען די דאָזיקע ענלעכקייט יענעמס צו פּראַנעקן, האָט ער געוואָלט געבן אַ גיי אַרײַן, משה מעט, און זיך אַרומכאַפּן מיט אים, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן, נאָר גלײַך זיך צוריקגעצויגן. זײַן אויס־געהונגערטער גיריקער בליק, וואָס איז אין דער זעלבער צײַט געפאַלן אויפן טישל, האָט אײַנגעשלונגען דעם טעלער געריישטן קרויט מיטן זאַפטיקן הייסן

קישקעלע. ס׳האָט אים געגומען וואַסערן אין מויל. ער האָט געמיינט אַז די קישקעס דרייען זיך אים איבער. אויך איצט שפּילן זיי אין אים אַ מאַרש. ער האָט נישט געקאָנט כאַפּן מיט וועמען ער זיצט דאָרט, פראַנעק, ביים טישל; ווער דער מיטטרינקער איז. די אַנדערע העלפט טישל האָט זיך געפינען אַריינגערוקט ווייטער פון דער שויב און די וואַנט האָט נישט געלאָזט זען ווער ס׳איז דער מיטזיצער. ערשט ביים אַריינגיסן דעם בראַנפן אין גלאָז אַריין האָט משה מעט באַמערקט דעם לענגלעכן פּראָפיל פונעם אַנדערן, וואָס האָט געכאַפּט דעם אַנבליק פון אַן אַלטן וואָלף, און דאָס איינע בלוטפאַרלאָפענע אויג ביי יענעם האָט גאָרנישט געזאָגט קיין גוטס.

ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, משה מעט, ווי ס׳קומט צו אַ מענטש מיט אַזאַ כעסדיק פּנים אַזעלכע מילדע הענט. די קורצפינגערדיקייט זאָגט מערסטנטייל עדות אויף גוטסקייט, נאָכגיביקייט, נישט זעלטן אויך אויף טעמפּקייט, אָבער אויף רשעות כמעט ווי אין גאַנצן נישט. צומיינסט ליגט די געפערלעכקייט אין אַזעלכע קאָנטראַסטאַרטיקע טיפּן פון געטאָפּלטע כאַראַקטערס, וואָס קאָנען זיין גוט ווי די וועלט, געבן צדקה און טוען טובות און זאָלן באַלד נאָך דעם אַראָפּציִען פון איינעם אַלץ וואָס ער טראָגט אויף זיך און אים נישט איבערלאָזן וואָס אַ פּאָדעם די ווערט. וואָס ווינציקער עסקים מ׳האָט מיט אַזעלכע, אַלץ געזונטער איז, איבערהויפּט פאַר אַזעלכן, וואָס קאָן נישט מיטהאַלטן טריט מיט יענעמס שטענדיקן גיין אויף אַ שטריק פון אומזיכערקייט איבער אַ תהום מיט אַן אָפענעם פּיסק — גרייט איינצושלינגען ביים ערשטן וואַקל, ווען מע פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט — אויף מער זיך נישט אַרויסצוקריגן פון דאָרט, פון דער טיפער איינגעזונקענקייט.

ער איז אַזוי געשטאַנען, משה מעט, אויפן אַנדערן טראָטואַר מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. זיין בליק האָט זיך פאַרהאַטשעט אין שילדל פאָרנט פאַר דער באַלויכטענער באַרטיר. אַן אויפגעמאָלענער פאַרשוין מיט אַ צופרידן פּנים, ווי אַ פּעסעלע, האָט צו אים אַראָפּגעקוקט מיט צעגלאַנצטע קוועלנדיקע אייגעלעך. ער האָט געהאַלטן אַ פאַרשוימטן קופל ביר אין איין האַנט און מיטן ווייזפינגער פון דער צווייטער געוויזן אויף דער אויפשריפט מיט די גרויסע פייערדיקע אותיות:

„דאָס בעסטע ביר קריגט מען ביי מיר״.

משה מעט האָט אַריינגעשטעקט די האַנט טיף אַראָפּ אין דער לאַנגער קעשענע פון שינעל און דערטאַפּט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירנגעלט, וואָס די צוויי פּוילישע אַרבעטער האָבן אים מיט אַ נאַכט צוריק געהאַט אַריינגעשטופּט אין דער קעשענע — דעם רעשט וואָס זיי האָבן געגומען אין רעסטאָראַן. ער איז

אַרײַן אין באַר דורך דער זײַטיקער טיר אינעם דערבײַיִקן פינצטערן געסל און זיך צוגעזעצט בײַם סאַמע ערשטן טישל לעבן בופעט.

אין רעסטאָראַן זענען די קעלנערס געווען פאַרפּאַרעט מיטן גרייטן די טישלעך צום נאַכטמאָל. זיי האָבן אויסגעשפּרייט ווײַסע סערוועטן און פאַרשטעקט די צוגעשניטענע שטיקלעך ביבולע־פּאַפּיר אין די גלעזלעך. אַז זיי זענען צוגעקומען צו משה מעטן האָבן זיי אים אַן פּאַקסן געהייסן זיך איבערזעצן אַ ביסל ווײַטער פון בופעט. די ערטער זענען פאַר „בעסערע געסט" און נישט פאַר אַזעלכע שלעפּערס ווי ער. יעדער איינער פון די קעלנערס האָט אים געהייסן זיך זעצן אַ טישל ווײַטער, און אַזוי האָט ער זיך גערוקט פון איין טישל צום אַנדערן.

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז מ'האָט אים צוגעברענגט עפּעס איבערצוקײַען פון בופעט. די קעלנערס האָבן אים נישט געוואָלט באַדינען. קיינער פון זיי האָט אים ווי נישט געזען. אַן אָפּגעריסענער זעלנערוק, אַוודאי אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה. זאָל ער גיין ווײַטער. מע קאָן סײַ ווי גאָרנישט האָבן פון אים. מע דאַרף בלויז ברעכן די פיס אומזיסט בײַם לויפן הין און צוריק פון טישל צום בופעט און פון בופעט צום טישל. ער וועט קיין טרינקגעלט נישט איבערלאָזן, פאַרקערט, עפּעס קאָן זיך נאָך צוקלעפּן צו אים אויך, אַ מעסער, צי עפּעס אַנדערש, וואָס ס'קומט אונטער דער האַנט, און ווער האָט עס אַ געדולד צו קוקן אַזעלכן כסדר אויף די הענט.

דער באַלעבאָס אַליין, וואָס איז ענלעך געווען אין גאַנצן צום אויסגעמאָלענעם בירטרינקער אויף דער רעקלאַמע פאַר דער אַרײַנגאַנג־טיר, האָט אים צוגעטראָגן אַ הויכן קופל ביר, וואָס האָט זיך ווײַס אַריבערגעשוימט, און אַ שטיק „קראַקאָווסקע קעלבאַס" מיט אַ טאָפּלטע זעמל אויף אַ טעצעלע.

משה מעט האָט פאַרהויבן דעם בליק פול מיט דאַנקבאַרקייט און מיט אַן אומרו דערלאַנגט דאָס צעריבענע פּאַפּירנגעלט וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין דריקן אין האַנט. דער באַר־אייגנטימער האָט נישט איבערגעציילט, וויפל ס'איז דאָרט דאָ, און די פּאָר פאַרקוועטשטע פּאַפּירלעך אַרײַנגעשטופּט אין דער קעשענע. זיך אַנטרעפּנדיק מיט משה מעטס פיבערדיקן צעגלאַנצטן בליק האָט ער אים געווינטשן ער זאָל עסן מיט אַ גוטן אַפּעטיט, און אַ זעלבסטצופרידענער זיך צוריקגעקערט הינטערן בופעט מיט די אָנגעשטעלטע כלערליי שמעקעדיקע געקעכצן און צובײַסעכצער.

ק אַ פּ י ט ל   ד ר יי

# וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן...

אינעם ראַגאָון באַר, וואָס האָט שטענדיק — אין יעדער צייט — אַן עולם ביי די טישלעך, איז משה מעט געבליבן זיצן פּנים־אל־פּנים מיטן צודער־לאַנגטן שטיק וורשט מיט די זעמל אויפן טעלער, וואָס האָט זיך פאַרגרעסערט אין זיינע אויגן, ווי אַ ראַשטשינע וואָס יערט און וואַקסט מיטן קוק.

מיטן פאַרשווימענעם בליק האָט ער געזען ווי זיינע ציטערנדיקע הענט האָבן אַרומגעכאַפּט דעם טעלער גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ס׳זאָל אים נישט ווער געבן אַ רייס אַרויס פון אים און ער וועט בלייבן ביי גאָרנישט.

צוגלייך מיטן רעסטאָראַטאָר, וואָס איז אָפּגעגאַנגען פון משה מעטס טישל, האָט זיך אויך גענומען אָפּרוקן דער בופעט מיט די גוטע זאַכן, די טישלעך מיט די געסט. דער גאַנצער רעסטאָראַן האָט זיך מיט אַמאָל גענומען דערווייטערן פאַר משה מעטס בליק, ווי אַ שיף וואָס גייט אָפּ פון ברעג און ווערט וואָס אַמאָל ווייטער און ווייטער.

ער האָט פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז דאָ אייגנטלעך אַריין, אַז נישט צוליבן עסן האָט ער אַריבערגעטרעטן די שוועל. ער וואָלט אַזוי געקאָנט אַרומגיין אַ הונגעריקער נאָך אַ טאָג־צוויי און אויסגעבן די פאָר זלאָטעס ערשט דעמאָלט ווען ער וועט שוין נישט האָבן קיין ברירה. ער האָט פאַרגעסן אין פראַנעקן, וואָס איז געזעסן אין אַנדערן עק זאַל ביי אַ פלאַש בראָנפן מיטן עלטערן פוילישן אַרבע־טער מיטן אָפּשטויסנדיקן וואָלפישן אויסזען. ער האָט קיינעם נישט געזען פאַר זיך, ווי אַרום וואָלט קיינער נישט געווען געזעסן. נישט באַמערקט ווי איראָנישע בליקן מעסטן אים אָפּ מיט אַ ביטולדיק שמייכעלע פון אויבן־אַראָפּ, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך נישט געווען געלייגט אויפן שכל אַז אַ טרעמפּ, אַ שלעפּער קאָן אויך זיין הונגעריק.

משה מעט האָט גיריק געריסן מיט די ציין דאָס האַרטע שטיק וורשט, גע־לייגט עס פון איין זייט מויל אין אַנדערן, ביז ער האָט זיך איינגעביסן דערין. גע־פליקט שטיקער פונעם פאַרעלטערטן געבעקס און געקייט אויף ביידע באַקן מיט

אַן אַפּעטיט פון איינעם וואָס וואָלט געקאָנט אײַנשלינגען אַן אָקס מיט די קאָ־פּיטעס.

ערשט נאָכן פאַרטרונקען מיטן ביר האָט ער געגומען קומען צו זיך פונעם פונאַנדערגעשפּילטן הונגער וואָס האָט געמאָנט בײַ אים עסן מיט טויזנט מײַלער.

אַרומווישנדיק זיך מיט דער האַנט דעם בירשוים אַרום מויל האָט ער זיך געכאַפּט אַז די תאווה פונעם פרעס האָט אים ווי אַ שריפה־פלאַם געהאַט אַרומ־גענומען ווי גרויס ער איז. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און זיך פאַר־געוואָרפן, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ שוואַך מענטשעלע, וואָס פאַלט איבער די הענט, אַן אַ ברעקל ווילן. ער דערקענט זיך עפּעס אַליין נישט. ווי האָט ער זיך עס נישט געקאָנט באַהערשן, צוימען דעם צערייצטן אַפּעטיט. ער איז צוגעפאַלן צו דער אכילה ווי אַ הונט צו אַ ביין. אַזוי זעט אויס אַ מענטש, ווען דער שטראָפער און פאַרוואָרפער אין אים טרעט אָפּ אין אַ זײַט, טוט זיך פון אים אָפּ. אין איין רגע איז אויס מיט אַלץ, מיט דער גאַנצער ציוויליזאַציע, מיט דער קולטור, מיט דער מענטשלעכער אינטעליגענץ. ווי פון דער העלער הויט גיט אַ שפּרונג אַרויס דאָס אוממענטשישע, וואָס ליגט פאַרגראָבן טיף אין יעדן איינעם, און דער מענטש בלײַבט אַ נאַקעטער אין זײַן גאַנצער העסלעכקייט און לעכערלעכקייט. ווי ער אַליין איז איצט געבליבן פאַר אַלע אין די אויגן — אַן שום חרפה און בושה.

אין אַנדערן עק זאָל האָט זיך פלוצים אויפגעהויבן אַ סומאַטאָכע, אַ טומל מיט געשרייען. אַ קליין אויסגעדאַרט ווײַבעלע איז געשטאַנען איבערן וואָלפישן פּנים און געמאַכט גוואַלדן אויפן גאַנצן זאַל, ווי מע וואָלט זי געוועזן געשלאָגן. מיט איין האַנט האָט זי זיך געהאַלטן אין איין אַרויפּצי:ען אויף זיך דאָס דערעלע אויפן קאָפּ און מיט דער אַנדערער געשלעפּט דעם מאַן פאַרן אַרבל, ער זאָל זיך רירן פון אָרט, אַנישט צעברעכט זי די פלאַש בראָנפן אויף זײַן טעמפּן קאָפּ. ער זאָל זיך אויפהערן צו קאָלעגעווען מיטן שיכור, דעם הולטײַ, דעם שאַרלאַטאַן. ער האָט ס'אייגענע ווײַב געטריבן יונגערהייט אין דר'ערד אַרײַן, איצט האָט ער זיך פאַרלייגט אויף איר מאַן און וויל פון אים מאַכן אַ וויסטן תל. ער האָט שוין לאַנג נישט געהאַט געטרונקען, דער מאַן אירער, און ווי נאָר ער האָט זיך ס'קאָמ־פּאַניעוועט מיטן דאָזיקן הפקר־יונג פון וואַנסקי־דונאַי, אַזוי האָט ער צוריק אויפגעהערט צו געבן אַ גראָשן אין שטוב אַרײַן. ס'גאַנצע פאַרדינסט זײַנס גיט ער אויס אויפן דאָזיקן זדעכליאַק. אַזאַ בייז מזל דאָס האָט! דער טײַוול וויל אים גאָרנישט נעמען צו זיך... אַזאַ פאַראַזיט! ער האָט זיך פאַרלייגט אויף איר מאַן און וויל אים וויקינטשען. ער איז שוין אַזוי אויך אַ פאַרטיקער האָט אים נאָך דאָס צוגעפּעלט, די פּריטשעפּע...

דאָס ווײַבעלע האָט זיך ווי פאַרענטפערט פאַר די אַרומזיצנדיקע בײַ די

טישלעך. אַ סך האָבן געקוואָלן פון דער סצענע און אָפן געשמייכלט דעם ווײַ־בעלע אין די אויגן אַרײַן. נישט צו דערגיין צי זיי זענען אויף איר זײַט, צי דאָס לאַכן זיי זי אויס. דאָס וואָלפישע פּנים איז געגאַנגען ווי אַ לעמעלע. ער האָט זיך כסדר געוואָלט אויסדרייען, עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט אים נישט געלאָזט. מיטביידע הענט האָט זי אים געשטופּט איבערן זאַל אַדורך:

— כ'האָב שוין נישט קיין כוח צו אים. כ'האָב באַלד געוווּסט אַז כ'וועל אים דאָ פּאַקן. ס'איז דאָך מיר אַ חרפּה פאַר גאָט און פאַר מענטשן מיט וועמען דאָס גיט זיך אָפּ... נו, ריר זיך, היידאַ, מערדער! באַנדיט איינער!

בײַם לעצטן וואָרט האָט זיך דאָס וואָלפישע פּנים אָנגעצונדן ווי אַ פײַער. ער האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס צום קליינעם ווײַבעלע מיטן גיפטיקן ציינגעלע — גרייט זיך אַנטקעגנצושטעלן, זיך נישט לאָזן פון איר. איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו איר פאַנעווען איבער אים. ער האָט זיך אָנבאַגעגנט מיט אירע צוויי צעשפּיזטע גראָע אייגעלעך, וואָס וואָלטן אים דערטרונקען אינעם ים מיט האַס, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיי, און גלײַך האָט ער פאַרלוירן דעם גאַנצן קוראַזש אין זיך. אַנשטאָט דורכצוזייען דורך די ציין אַ זידלוואָרט, וואָס זאָל זי טרעפן אין דער זיבעטער ריפּ, האָט ער אַרויסגעבעבלעט מיט אַ בעטנ־דיקן טאָן:

— רעד שוין נישט אַזוי פיל, אַלאַ באַגאַ!... זעסט דאָך אַז איך גיי... רעדט און רעדט...

— רעד שוין נישט, זאָגט ער... מיר פלאַצט די גאַל און ער „רעד שוין נישט“.

די דרויבע האָט דורכגעשטופּט איר מאַן צום זײַטיקן אַרויסגאַנג, וואָס האָט געפירט אין שטילן געסל אַרײַן, באַגלייט פון די געלעכטערלעך און חוזק־ווערט־לעך איבערן קליינעם ווײַבעלע, וואָס באַשטייט פאַר צוויי, און דעם מאַן, דעם „העלד“, וואָס לאָזט פון זיך מאַכן אַ „וויאַטראַק“ פון אַזאַ „באַבשטיל“, וואָס מיט אַ בלאָז זעצט מען זי אַוועק, אַז זי זאָל נישט דערוועגן מער קיין פּיפּס צו געבן.

פראַנעק איז געבליבן זיצן איינער אַליין בײַם טישל. ער האָט נישט אויפ־געהערט צו הוסטן און שעלטן אַלע פרויען אויף דער וועלט מיט די ערגסטע קללות, איבערהויפּט די קליינטשיקע ווײַבעלעך, וואָס מע דאַרף זיך פאַר זיי היטן ווי פאַר פײַער, זיך ווידער פאַרקײַכט, בלאָ געוואָרן אויפן גאַנצן פּנים און אויס־געבראָכן אין אַ פרישן הוסטערײַ, געריסן פון זיך שטיקער לונג מיט האַרץ, און נאָכן אָפּכאַפּן דעם אָטעם געצויגן ווײַטער דאָס איבערגעריסענע שעלטערײַ.

ווען דאָס ווײַבל מיטן שיכורן מאַן זענען שוין געווען אויף יענער זײַט באַר, האָט זיך משה מעט אויפגעהויבן פון טישל און דורכגעשפּאַנט אין דער קרום דעם

גאַנצן זאָל מיט די טישלעך, באַגלייט פון די נייגעריקע בליקן פון די געסט און רעסטאָראַטאָר הינטערן בופעט. ער איז צוגעקומען צו פראַנעקס טישל און געבליבן שטיין, זיך איבערגעבויגן איבערן הוסטנדיקן, אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף יענעמס אַקסל און אַרײַנגעקוקט אים גלײַך אין די אויגן אַרײַן. ער האָט פון זיך אַרויסגעקריגן בלויז צוויי ווערטער:

— פראַ־נעק! דערקענסט?...

דער הוסטנדיקער האָט אים אָנגעקוקט מיט א פּאָר גלאָזיק־צעגלאַנצטע אַרויס־געזעצטע אויגן, וואָס האָבן זיך שיִער נישט אַרויסגעקאָלערט פון די אויגן־לעכער. אָן אַ וואָרט האָט ער אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דער ליידיק־געבליבע־נער שטול אַנטקעגן, ווי ס׳איז נאָר וואָס געזעסן דאָס וואָלפישע פּנים. משה מעט האָט זיך צוגעזעצט און געדולדיק געוואַרט ביז דער הוסט־אַטאַק איז פראַנעקן איבערגעגאַנגען און נאָך אַמאָל איבערגעחזרט:

— דערקענסט מיך? דאָס בין איך... פון דער פאַרבערײַ... וואָס איז מיט דיר. חברל, דו קוקסט אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן ווי כ׳וואָלט געווען אַ פרעמ־דער.

פראַנעק האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ גלײַכגילטיקן שטאַרן בליק און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוווּן באַדויערט:

— אַזוי, ברודערקע, זעט מען אויס: „נאַ שמעלץ!”, מע גייט אין שמעלץ אַרײַן. אַוודאי דערקען איך דיך... דאָס ביסט דו דאָך, משה מעט... וואָס פּאַר אַ פראַגע צי איך דערקען דיך? אין מיטן דער נאַכט וואָלט איך דיך דערקענט... ביסט געווען, זע איך, אויפן פראַנט, זיך געשלאָגן פאַר פּוילן... ביסט אַ יונג מיט ביינער, אַן אמתער נאַש־בראַט!... גיט אַ קוק, פּאַנאָוויע! — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זײַ געסט בײַ די טישלעך — מע זאָגט אַז די ייִדן האָבן זיך „געקריִעט”, זיך אויסבאַהאַלטן ווי די מײַז, נישט געוואָלט גיין אויפן פראַנט... אַ ליגן! אַ געמיינער ליגן! גיט אַ קוק, אַ ייִדישער זעלנער פון פראַנט! זעט ווער ס׳האָט זיך געשלאָגן פאַר פּוילן! אַ ייִד האָט פאַרגאָסן זײַן בלוט פאַר פּוילנס פרײַהייט!

ער האָט נישט געזען, פראַנעק, ווי בײַ די טישלעך איז געוואָרן אַן אויפגע־רודער מיט אַ געמורמלערײַ:

— לאָזט אים צורו...

— אַ שיכור, אַ פּיאַניצע...

— ער רעדט פון היץ.

— אַ צעדרייטער.

— גערירט אויפן קאָסטן...

— אַן אומגליקלעכער... טשעפּעט אים נישט... זאָל ער רעדן...

פראַנעק האָט זיך אויסגעדרייט צו משה מעטן אַ מאַך־טועַנדיק מיט דער האַנט צום זאָל אַזוי ווי איינער זאָגט: וואָס ווערסטו רעדן מיט זיי, אַז דאָס זענען כאַמעס, פאַרשטאָפּטע קעפּ... און אויסגעשטרעקט משה מעטן אַן אָפענע האַנט־פלאַך:

— נאַ, גיב ס׳פּיפּטל, קלאַפּ־אײַן, אָט אַזוי. נו, איך מוז מיט דיר אויסטרינקען.

— לאָז צופרידן... נישט איצט, אַ צווייט מאָל...

— אָ, דאָס גייט נישט. טרינקען „לחיים" לייגט מען נישט אָפּ. נאָ זע, ס׳איז נאָך דאָ גענוג אין דער פלאַש.

זיי האָבן ביידע זיך אָנגעקלאַפּט מיט די גלעזלעך, וואָס זענען געווען אָנגעגאָסן ביז דער העלפט. צוגעטראָגן צום פאַרהויבענעם מויל אויף אַרויף, ווי זיי וואָלטן עס געהאַלטן אונטערגעשטעלט אונטער אַן אָפענעם קראַן, און איבערגעדרייט די גלעזלעך בראַנפן מיט דער דנאָ אַרויף.

נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט פראַנעק אָנגענומען משה מעטס האַנט:

— זאָג דעם אמת, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב פײַנט ליגנערס, אָפּנאַרערס, דעם גאַנצן אמת זאָג: איך בין נישט דער זעלבער, האַ? ס׳איז מיך נישט צום דערקענען. דאַרפסט עס מיר נישט זאָגן. נישט אַלע אמתן דאַרף מען זאָגן. איך ווייס עס אַליין. איך גיי צו גרונט. איך טויג שוין צו גאָרנישט, ברודער... געבליבן אַליין, אָן קיינעם... וואָס די מילחמה האָט עס אַ ביסל אָנגעבראָקעט. ביידע ברידער האָב איך אויפן פראָנט. אָדער זיי וועלן צוריקקומען אָדער נישט. דער יינגסטער ברודער מײַנער, שימאָן, ווייס איך, לעבט. לעבט און איז געזונט. ער האָט זיך געשלאָגן אויף אוקראַיִנע, אַרויפצו, מיט דער פּוילישער אַרמיי וואָס איז געגאַנגען אויף קיִעוו. פון וואַנצעקן איז שוין לאַנג נישטאָ קיין שום ידיעה. ער איז שוין זיכער געפאַלן, געלייגט דעם קאָפּ ערגעץ אין אַן אָקאָפּע, שטיל־שאַ, צי צעריסן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל. אַלץ איינס ווי אַזוי מע ווערט געהרגעט... און אפשר לעבט ער... אַ שטאַרק יינגל געווען... געזונט ווי אַ נוס... מעגלעך אַז ס׳האָט אים אפשר אָפּגעגליקט און ער וועט קומען צוריק. ווער ווייסט. איך, ברודער, האָב נישט מער קיינעם. נישט קיין ווײַב, נישט קיין קינד, נישט קיין רינד. ווי אַ שטיין בין איך געבליבן. נו, און נישט טרינקען אויך, וואָלט איך שוין לאַנג געלעגן מיטן פּופּיק קאַפּויער. דאָס קינד איז יאָ דאָ. אַ שיין מיידעלע ווי אַ גאָלד. נאָר מע לאָזט מיך נישט צו צון עס. מ׳האָט עס צוגענומען אין אַ יתומים־הויז אויף צו דערציִען... זיי זאָגן דאָרט, אַז מע קאָן עס מיר נישט געטרויען. כ׳האָב עס געוואָלט אָפּנעמען. זיי ווילן עס נישט אַרויסגעבן, אַזעלכע דראַניעס דאָס זענען. מיר, אַ טאַטן, קאָן מען נישט געטרויען אַן אייגן קינד. כ׳האָב איין מאָל אויפגעהויבן אַ שטול צו זיי. ס׳האָט מיך דענערווירט. האָט מען אַרײַנגערופן צו מיר דעם סטרוזש מיט די קוכער־יונגען. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף מיר ווי די

הינט. מ׳האָט מיך צעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן. פון דעמאָלט אָן לאָזט מען מיך מער נישט אַרײַן. און איך גיי אויס פון בענקשאַפט, ווי דו זעסט מיך אַ לעבע־דיקן. ווען נישט דער טרונק, האָ!... קום, לאָמיר גיין פון דאַנען. ס׳קאָן ווידער אַרײַנקומען עפּעס אַ דראַניעוואַטע באַבע און אָנסטראַיען סקאַנדאַלן, אַז כ׳גיי בײַ איר צונעמען דעם אוצר אירן, דאָס מאַנעלע... כאַ־כאַ־כאַ!...

פּראַנעק האָט זיך דומפּיק צעלאַכט פון דער קעל־טיפעניש אַרויס און באַלד איז דאָס געלעכטער איבערגעגאַנגען אין אַ קײַכערײַ, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, צי דאָס לאַכט ער אַזוי, צי שטיקט ער זיך שוין ווידער מיטן קײַכנדיקן הוסט. די אויפגעדראָלענע אָדערן אויפן האַלדז האָבן געוויזן אַז ס׳איז גאָרנישט קיין געלעכטער מיט אים... ס׳האָט אים גענומען אויספּעלן אָטעם. ער האָט זיך אין גאַנצן געטרייסלט ווי אין קאָנווולסיע. מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ האָט ער נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן מיט דער פויסט אין טיש, זיך צו שטאַרקן אויף אַזאַ אופן און איבערהאַלטן דעם אָנפאַל.

משה מעט איז געזעסן אַנטקעגן פּראַנעקן אַן אומבאַהאָלפענער פון נישט קאָנען אים מיט גאָרנישט העלפן. ווען דאָס כאָרכלדיקע הוסטן האָט עטוואָס נאָכגעלאָזן האָט משה מעט אים גענומען אונטערן אָרעם צום גיין. פּראַנעק האָט געשטעלט צעוואַקלטע טריט ווי ער וואָלט זיך געוועז געהאַלטן אויף גומענע פיס. משה מעט האָט זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן די גלײַכגעוויכט זיי זאָלן ביידע נישט פאַלן איבער די טישלעך. זיי זענען דורכגעגאַנגען דעם זאַל אונטער שטע־כיקע איראָנישע בליקן פון די רעסטאָראַן־געסט. פּראַנעק האָט זיך געלאָזט פירן, ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט און מע גייט עס שטעלן אין ווינקל אַרײַן. משה מעט האָט אים געהאַלטן פעסט פאַר דער האַנט, געשטעלט אַ טריט נאָך אַ טריט און נישט אויפגעהערט צו טראַכטן:

— גוואַלט־געשריגן, וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן!...

## קאַפּיטל פיר

# ווען מויערן וואָלטן געקאָנט רעדן...

די שמאָלע טונקעלע געסלעך מיט די שלעכט־געפּלאַסטערטע טראָטוארן — פול מיט צעבראָכענע און צעשפּאָלטענע שטיינפּליטן וואָס פירן שיף־אַראָפּ צום אויסגעשפּרייטן ווײַסלברעג — זענען געלעגן שטומשווײַגעדיקע מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם אונטערן קילבלעכן סוף־זומערדיקן פּוילישן נאַכטהימל מיט די סודותפולע גרויסע און קליינע שטערן־גרופּעס און איינצלנע שטערן און שטערנדלעך, צעוואָרפענע אין פאַרשידענע זײַטן, וואָס לײַכטן אַראָפּ קלוג באַדאַכט און פאָרשעריש נאָך יעדן באַוועג און ריר אויפן ערדקײַלעך מיט אַלץ וואָס ווידמעט זיך אויף זײַן אויבערפלאַך ווי אויף אַן אָפענער האַנט.

לויט דער פאַרטראַכטקייט זייערער אויבן האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז זיי זענען אין גאַנצן פאַרנומען מיט זיך און מיטן סדר פון זייער געהיימענישפולן און קאָפּשווינדלדיקן שטערנגאַנג אַז אַלץ זאָל שטימען לויט די אויסרעכענונגען און פאָרויסזעונגען פון די אַסטראָנאָמען און שטערנזעער, און די גאַנצע ערד מיט אירע דאגות און פּלאָנטערס ליגט זיי דאָרט אין דער לינקער פּיאַטע.

אָבער אַז מע קוקט זיך גוט צו קאָן מען זען ווי זיי פאָלגן נאָך אַלצדינג וואָס קומט־פאָר אונטן, באַאָבאַכטן יעדן טראָט וואָס עמעץ שטעלט, זענען אויס־געקאָכט מיט אַלע פאַרלאַנגען און באַגערן פון יעדן איינעם, און ווייסן אַפילו די פאַרבאָרגענע מחשבותן וואָס בײַ עמעצן טוט זיך, וואָס איינעם קוועלט און וואָס ס'טוט אים וויי.

ווײַל פּונקט ווי יעדער מענטש האָט זײַן שטערן אַזוי האָט יעדער שטערן זײַנע מענטשן, וואָס ער פאַרוועבט זיי און פאַרשפּינט מיט אומצייליקע קאָס־מישע פעדעם נישט צו דערכאַפּן מיטן אויג. אין די אומגעזעענע מאַגנעטישע כוואַליעס באַוועגט זיך דער מענטשלעכער שיקזאַל ווי אַ טויכער אין די ים־טיפענישן. זיי זענען נישט בכוח אים צו ריכטן און פירן, אים זאָגן דעות. אונ־טערן דאָזיקן פאַסיוון אײַנפלוס זייערן פירט ער זיך בלויז, דער מענטש, אַט אַזוי ווי ער פירט זיך און נישט אַנדערש.

ווען זיי וואָלטן געווען אַ ביסל נידעריקער, די שטערן, אַזוי איבערן דאַך פונעם מענטשנס שטוב, וואָלטן זיי אפשר אויך געקאָנט עצהנען מיט אַ גוט וואָרט, וואָרענען און אויסהיטן אַז דער מענטש זאָל נישט גיין אין לעבן ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַרײַן.

וואָרן וואָס איז, מישטיינס־געזאָגט, דער גאַנצער מענטש מיט זײַן חכמה, מיט זײַן אײַנפאַלערישקייט און אויסטויגעניש, אַז ער זעט נישט ווײַטער פון דער

נאַז, אויף קיין טראַט. ער גייט און פאַלט, און אַנדערע נאָך אים גייען ווײַטער און פאַלן ווי ער. אַזעלכע אַלצווייסער, ווי די שטערן זענען, וואָלטן אים שטאַרק צונויץ געקומען אין זײַן איינזאַמען ציללאָזן בלאָנדזשען און אַרומשמײַען איבער דער זינדיקער ערד. דער סוד פונעם גיין, פונקט ווי פונעם פאַלן, בלײַבט איבער אין רשות פון די שטערן, בלײַבט זייער סוד. אַז דער מענטש קומט אין אַ סכנה, כאַפּט ער זיך אָן אָן זייער מאַכט ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי... זיי געפֿינען זיך דאָ אויף אַזאַ משונהדיקער הייך אַז ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו פאַרלאָזן אויף זיי. ער מוז זיך שטיצן בלויז אויף זיך אַליין, זײַן אַנגעוויזן אויפן אייגענעם באַראַט. ער קאָן אויף אַזוי פיל נישט אויסשטעלן אויף קיינעם אין זײַן איינזאַמקייט. יעדע שײַן פון האָפענונג צערינט ווי אַ זייפנבלאָז. די האַנט פון הילף איז צו קורץ אַז זי זאָל גרייכן צו אים און אים אַרויספלאָנטערן פונעם געדיכטן קנויל פון דער לעבן־ווילדערניש וואָס האַלט אים געפּענט הענט און פיס מיט לײַב און לעבן. אויב ער וועט נישט האָבן קיין וואָך אויג אויף אַלץ אַרום אים און אויף זיך אַליין, קודם־כל — וועט עס אים ווי אַ שטיין אַראָפּציִען אומפאַרמײַדלעך צום גרונט.

עפּעס אַנדערש איז שוין מיט די מויערלעך וואָס רינגלען אונדז אַרום אויף טריט און שריט. זיי קוקן אויף אונדז, דאַכט זיך, גלײַכגילטיק און זעען אונדז רעכט נישט; דאַכט זיך וואָס — ליים און ציגל, נאָר אַז אַזאַ מויערל קריגט פענצטערס מיט טירן, וואָס קאָנען זיך עפענען און פאַרמאַכן, עפּעס אַנטפּלעקן און באַהאַלטן — ווערט עס קלוג און פאַרשטאַנדיק נאָך מער ווי לעבעדיקע באַשעפענישן, ווײַל עס זעט מער, הערט מער און ווייסט מער אַפילו פונעם מענטש — זיין האַר און באַשאַפער.

די מויערלעך אין גאַס ווייסן אַלץ. נישטאָ פאַר זיי קיין סודות. איין נס וואָס זיי קאָנען נישט רעדן, אַרויסברענגען וואָס זיי ווייסן, אַרויסדערציילן. צווישן זיך פאַרשטענדיקן זיי זיך אויף זייער אייגענער מויערישער שפּראַך, פונקט ווי די חיות אויף זייער חיהש לשון. פאַר די מענטשן אָבער בלײַבן זיי, ווי יעדע שטומע צונג, אומשעדלעך. דעריבער היט זיך נישט קיינער פאַר זיי מיט גאָרנישט. קיין שום פאַרהוילענישן און פאַרבאָרגענישן עקסיסטירן נישט פאַר זיי. כוח־הרשאה צו העלפן האָבן זיי נישט פונקט אַזוי ווי די שטערן, און זיך טיילן מיט דעם אַלעם וואָס זיי ווייסן ליגט אויך נישט אין זייער מויערישער טבע. נאָר אַ שטיקל נוצן האָט ער כאָטש פון זיי, דער מענטש. ער האָט זיך צו ווענדן צו טוליען אין זײַן גרויסן עלנט. זיי פאַרנעמען זײַן צער און וויי, דעם שטיין וואָס ליגט אויף זײַן האַרץ, זײַן ווידוי און זײַנע ווידערשפּעניקע רייד, וואָס עס ברענגט אים דערלײַכטערונג אין דער שווערער גורלדיקער שעה.

מויערן זענען ערדיש, נישט קיין אומדערגרייכבאַרע, זיי שטייען מיטביידע

פּיס אויף דער ערד. אויסגעשטעלטע לענגויס אין אַ ריי קוקן זיי זיך צו טאָג און נאַכט צו אַלץ וואָס געשעט אין אַרום. זיי ווייסן ווער אויף וועמען ס׳לויערט, פאַרוואָרפט אַ נעץ, און ווער וועמען עס פאַראַט. ווער מיט וועמען ס׳דערפרייט זיך, פאַרטוליעט אין ערשטן ליבע־פלאָטער, און ווער מיט וועמען ס׳פאַרשווינדט אין די פינצטערלעכע טויערלעך. ווער ס׳קומט צוריק אַרויס מיט אַ זעטיק שמייבעלע אויף די תאוותדיקע ליפּן און גייט זיך זײַן וועג, אַ היים צו ווײַב און קינד, און וועמען מע פירט שפּעטער אַרויס פון דאָרט — אַמאָל אין אַ קעטשל — אַ צעשטאָכענעם, און נישט זעלטן מיט אַן עגלה — אַ טויטן.

זיי האָבן דאָ עפּעס אַנדערש נישט וואָס צו טון, די מויערן, אינעם הפקרן דרויסן, מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען — קוקן זיי נאָך יעדן איינעם, קענען יעדן באַזונדער און ווייסן וועגן אים מער וויפל ער אַליין ווייסט וועגן זיך.

אויך איצט, ווען פראַנעק מיט משה מעטן האָבן זיך פּלוצים באַוויזן פאַר זיי אין גאַס, האָבן זיי זיך געגומען שושקען פאַרטרוילעך איינס מיט ס׳אַנדערע. די מויערלעך האָבן — דערשטוינטע און אויפגערודערטע — באַטײַטיק זיך איבערגעווונקען, זיך גענומען סודלען, ווען זיי האָבן דערזען די צוויי יונגע מענער אין דער שפּעטער נאַכט־שעה איבער די אַלטשטאָט־געסלעך גיין אין איינעם.

ס׳האָט זיי געחידושט, די בײַנאַכטיקע וואַכע מויערן פון אַלשטאָט, וואָס די דאָזיקע צוויי מאַנצבילן האָבן זיך צוריק געטראָפן, זיך ווידער באַגעגנט, אויף ס׳נײַ זיך דאָ באַוויזן צוזאַמען, ווי אין די אַמאָליקע צײַטן. וואָס בינדט זיי נאָך איצט און וואָסער געמיינזאַמס קאָן נאָך זײַן צווישן די ביידע נאָך דעם ווי ס׳איז שוין לאַנג פאַרשטומט געוואָרן דער אויפטרייסלענדיקער מענערשער געיאָמער, וואָס האָט אַרויסגעפּלאַצט נאָכן שווערן טראָמאַסק פונעם דומפּן פאַל אויף די שטיינער דעמאָלט אין יענער רעגנדיקער נאַכט.

גאַנץ „מקום״ איז אויפגעוועקט דערמיט. די גאַס איז געווען שוואַרץ פונעם אַנגעלויף. פון אומעטום איז מען צומאַרגנס געקומען קוקן, פון פאַרטאָגס אָן, ווי אויף אַ בייז ווונדער. זיי האָבן געזען, די מויערן, ווי די נאַרישע מענטשעלעך האָבן זיך אַזוי געשטופּט אין דער גראַטשקע איינס אויף דאָס אַנדערע צו קאָנען זען דאָס ענדבילד פונעם בן־אָדם, ווי זיי אַליין ווועלן אויסזען; וואָס ס׳דערוואַרט יעדן איינעם פון זיי.

אַ סך ערגערס דערפון האָבן שוין די מויערן דאָ געהאַט צוגעזען אין די נעכט, און ס׳זאָל זיי דאָס געבן אַ טשעפּ. נאָר דאָס מאָל ווייסן זיי אַליין נישט וואָס ס׳איז מיט זיי געשען. זיי זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַזאַ דערדריקנדיקן טרויער, גלײַך ס׳וואָלט געווען דאָ אַ זעלטענע זאַך, גלײַך ווי בײַ די מענטשעלעך וואָלט מען עס נישט געוועזן געפאַלן ווי די פליגן. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען וואָס ס׳איז דעמאָלט נישט געווען ווער וואָס וואָלט געקאָנט אָפּהאַלטן אַז ס׳זאָל נישט קומען צו אַזאַ טראַגישן פינצטערן סוף.

אַן אויסטערלישע נאַכט געווען מיט ווייַנענדיקע הימלען, מיט ברעגלאָזן עלנט און וואַנזין. זינט זיי שטייען דאָ אויף אַלטשטאָט, די מויערן, האָבן זיי נאָך אַזאַ נאַכט נישט געהאַט. זיי האָבן רויק נישט געקאָנט צוזען ווי דער מיט דער קײַלעכיקער פלייצע האָט זיך געשלאָגן קאָפּ אָן וואַנט, זיך געקלאַפּט מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ אַרײַן. אין דער ברוסט זיך געשלאָגן אַז ער איז אין אַלעם שולדיק... דורך אים איז זי געגאַנגען פון דער וועלט... ער איז אַ פאַרברעכער, אַ מערדער... מע דאַרף אים פאַרשטיינען, דערהרגענען צום טויט. אַ וואַנזיניקער איז ער צוגעפאַלן צו דער פאַרגליווערטער, נאָך וואַרעמער פיגור, וואָס איז גע־לעגן אויסגעצויגן אויף די נאַסע שטיינער מיט אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן. ער האָט אַרײַנגערעדט אין איר מאָדנע רירנדיקע פּײַכטע רייד. זי זאָל אים נישט לאָזן אַליין, רחמנות זאָל זי האָבן אויף אים און אים מיטנעמען מיט זיך, זי זאָל אים כאָטש נאָך איין מאָל אָנקוקן מיט אירע שיינע בלאָע אויגן.

ער איז שפּעטער געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט. נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר אַ גאַנצע נאַכט. דער רעגן האָט געגאָסן אָן אויפהער אויף דער אויסגע־שטרעקטער פיגור איבער דער גאַנצער ברייט פון טראָטואַר, אויף אים, וואָס איז אַ געהויקערטער געזעסן אויף אַ שטיגל בײַ איר צוקאָפּנס, אים דורכגעווייקט ביזן ביין.

צומאָרגנס, ווען מ׳איז זי געקומען צונעמען, האָט ער זי נישט געלאָזט אויפהייבן פון דער ערד. זי ליגט מיט צעבראָכענע גלידער און מע טאָר זי נישט רירן פון אָרט. זי וועט זיך צעפאַלן ווי פּראָך... מ׳האָט אים קוים אָוועקגעריסן מיט כוח. זײַנע בלוינע ליפּן האָבן זיך ווײַס געפינעט פון די געשרייען זײַנע, פונעם רײַסן זיך דעם האַלדז, מע זאָל זי נישט צונעמען פון אים... מ׳האָט זי אויפגעהויבן פון דער ערד מיט אַזאַ פאַרזיכטיקייט, ווי מע וואָלט איר נישט געוואָלט וויי טון. דאָס באַלאָווע קלייד איז געווען אין גאַנצן פאַרבלוטיקט. מ׳האָט זי אײַנגעהילט אין אַ ווײַס לײַלעך, אַרויפגעלייגט אויף דער טראָגע, אַרײַנגעשיבט אויף די רעדלעך אין קעטשל אַרײַן און אַוועקגעפירט אין פּראָ־סעקטאָריום דורכצופירן די סעקציע, — ווי אין יעדן טויטפאַל וואָס געשעט אין גאַס, — צו פאַלמעסן דעם טויטן גוף, דעם הרוג.

נאָכן אַוועקנעמען דעם מת, די זעלבסטמערדערין, פונעם פאַרבלוטיקטן אָרט דאָ אויף דער גאַס, זענען זיך די מענטשן גיך צעקראָכן אין אַלע זײַטן. ס׳איז נישט געבליבן דאָ קיין איינער פון זיי. דאָס קלויסטערגעסל איז מיט אַמאָל גע־בליבן ליידיק, פאַרהילט אין אַ שלייער פון פּחד וואָס האָט געטריבן וואָס־ווײַ־טער פון זיך. בלויז די מויערלעך זענען געבליבן שטיין אויף זייער אָרט — לע־בעדיקע עדות, וואָס ווייסן אַלץ און וואָלטן אַלץ געקאָנט אויסזאָגן, דערציילן, ווען זיי, די מויערן, וואָלטן נאָר געקאָנט רעדן...

ק אַ פּ י ט ל  פ י נ ף

# אויף די שפּורן פֿון אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער נשמה

מיטן צופאַלן פֿון דער נאַכט ווערן די אַלטיטשקע מויערלעך אויף אַלטשטאָט פּלוצים אַרומגעכאַפּט פֿון אַן אומבאַוווּסטער מורא פֿאַר זיך אַליין. זיי טוליען זיך צונויף, שרומפּן אײַן און ווערן קלענער. שטאַרן אומהיימלעך־פֿרעמד, באַגאָסענע פֿון לבנהקן שײַן — אויסטערלישע, פֿאַנטאַסטישע, ווי נישט קיין די־וועלטיקע, נישט דערקענט צו ווערן דורך די אייגענע באַוווינער זייערע, די מענטשן פֿון די געסלעך.

ווען דער טאָגשײַן טוט זיך אָפּ פֿאַרלירט יעדע זאַך איר אייגנטלעכן אויס־זען. עס ווערט אָפּגעטון די שיידליניע צווישן רעאַלן און נישט־עקסיסטירנדיקן, וואָס האָט געהאַט עקסיסטירט און וויל נישט אויפֿהערן זײַן. אַזוי בײַ די באַ־וועגלעכע באַשעפֿענישן, ווי בײַ די אומבאַוועגלעכע ברואים, ווי ביימער, שטיי־נער, בערג און מויערן.

ווי נאָר ס׳רוקט זיך אָן די פֿינצטערניש ווערן מיט אַמאָל פֿאַרווישט די גרענעצן פֿונעם לעבן וואָס לעבט אויף דער וועלט מיטן לעבן וואָס האָט שוין נישט מיט דער וועלט קיין שום שייכות און געפֿינט זיך שוין אויף יענער זײַט פּלויט ווו עס רוט אַלדאָס אַוועקגעגאַנגענע, וואָס האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אַהין, — אַלץ איינס צי מיטן גוטן ווילן, צי געצוווּנגענערהייט, — און טאָר זיך שוין מער נישט אַרײַנמישן און זאָגן דעות צו דעם אַלעם וואָס קומט פֿאָר אינעם לעבעדיקן אַרום.

אויך די געסלעך קורטשען זיך אײַן, גלײַך ווי די טראָטואַרן מיטן ברוק וואָלטן זיך צונויפֿגעגאַנגען אין איין לאַנגן פּאַס וועג און דער באַרג־אַראָפּ זייער נעמט לויפֿן האַסטיקער, שנעלער, גאַס־אַרונטער.

צווישן די מענטשן אין גאַס הייבן זיך אָן באַווײַזן מאָדנע געשטאַלטן, וואָס מ׳האָט זיי שוין לאַנג געהאַלטן פֿאַר געשטאָרבענע, אַוועקגעקומענע, פֿאַרלוירנ־

געגאַנגענע, וואָס געפינען זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע, גאָר פּלוצים זעט מען זיי אַנטקעגנגייען פּנים־אל־פּנים. זיי טראָגן אויף זיך צעקנאָדערטע מלבושים, לאַנג נישט־געטראָגענע. אַ מאָל צו־ענגע און אַ מאָל צו־לויזע; געקריגענע ערגעץ, געבאָרגטע, זיך צו קאָנען ווײַזן צווישן מענטשן אין גאַס. זיי גיבן זיך מי, שטרענגען זיך אָן אויפצופירן זיך אַזוי ווי אַלע, נישט צו ווערן אויפפאַלנדיק, מע זאָל זיך נישט דערשרעקן פאַר זיי און נישט דערקענען אַז זיי געהערן שוין נישט מער צו דער וועלט.

זייער חושכדיקער הולך אָבער און יעדער אָפּגעווינטער באַוועג זייערער גיט זיי אויס אַז דאָס קומען זיי צוגיין גלײַך פון יענער זײַט פּאַרקאָן, פון קבר אַרויס. זיי קאָנען דאָרט נישט אײַנליגן רויק. עס ציט זי צוריק אין זייערע היימען, צו קאָנען זײַן נאָענט פון די וואָס זיי האָבן געלאָזן. ווער — אַ מאַן וואָס איז גע־בליבן אומבאַהאָלפן; ווער — אַ פרוי אַ פאַרצווייפלטע; ווער — אַ קינד אין פרעמדע הענט. זיי טרעפן אָבער אַלע טירן פאַר זיי געשלאָסן, אַפילו פון די סאַמע ליבסטע וואָס האָבן געשריגן בײַם צעשיידן אַז זיי קאָנען אָן זיי נישט לעבן. מ׳האָט מורא פאַר זיי און מע וויל זיי נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל. וואָגלען זיי איבער די גאַסן, אַרום די הײַזער, ווו זיי האָבן אַ מאָל גע־ווינט, און ווערן באַגלייט פון דערשראָקענע און דערשטוינטע בליקן פון די שפּעטע פאַרבײַגייער פון דער געגנט. וואָס קענען זיך איינער דעם צווייטן אויס־געבונדן.

אויך משה מעטן מיט פראַנעקן האָט מען איצט אַזוי נאָכגעקוקט, ווען זיי האָבן זיך באַוויזן איבער די שפּעטנאַכטיקע געסלעך, ווי זיי וואָלטן דאָ געקומען צוגאַסט פון יענער וועלט. נישט איינער, וואָס האָט זיי געזען, די צוויי סילועטן אויפן אומהיימלעכן טונקעלן נאַכטפאָן, איז אַ צעטומלטער אַריבער אויפן אַנדערן טראָטואַר און גיך אַוועקגעאײַלט אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג.

פראַנעק איז געגאַנגען אָנגעלענט מיטן גאַנצן גוף אָן משה מעטן. ער האָט זיך מיט אים געפירט איבערן גאַס אַרומגענומענערהייט, אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אָן זײַן אַקסל. ווידער האָט זיי עמעצער געזען גיין און זיך האַסטיק צוריק־געצויגן, גיך זיך אַוועקגעדרייט אין אַ זײַט. פראַנעק האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אין דער ריכטונג פון יענעמס פּלייצע און נאָך אַ קורצן שווײַגן אַזוי מיט דער אויסגעצויגענער האַנט זיך אָנגערופן צו משה מעטן:

— נאַ, זע, געב אַ קוק, ווי זיי מײַדן מיך, גלײַך כ׳וואָלט געווען אַ פאַר־שאָלטענער, אַ פאַרשיוואַטער. האָסט געזען ווי ער האָט זיך אָפּגעטראָגן, דער יאָלד? נו וואָס בין איך שולדיק? באַשערט געווען אָן אומגליק. איך האָב גאָרנישט געהאָט צו איר. דיר מעג איך עס זאָגן. זי האָט צו מיר געהאָט מער פּרעטענזיעס ווי איך צו איר. וואָס האָב איך געקאָנט טון? כ׳בין דאָך נישט מער ווי אַ מענטש.

זי איז מיט אַמאָל פאַרגאַנגען אין טראַגן... איך ווייס נישט ווי אַזוי ס׳האָט געקאָנט געשען. כ׳האָב זיך יעדעס מאָל גוט געהיט, אַכטיק געגעבן זי זאָל נישט אַרײַנפאַלן. זיך שטענדיק צוריקגעצויגן אין צײַט. מיט אַלע כוחות געצוימט די גליסטעניש. געקריצט מיט די ציין און זיך נישט נאָכגעגעבן די תאווה. און ס׳האָט נישט געהאָלפן. דערהרגע מיך קאָן איך נישט פאַרשטיין ווי אַזוי ס׳איז געקומען דערצו. אפשר בין איך דעמאָלט — האָב איך געטראַכט — געווען שיכור. האָט זי מיך אָבער אַ שיכורן קיין מאָל נישט צוגעלאָזן צו זיך, לושע. און ביז הײַנט איז עס פאַר מיר געבליבן אַ רעטעניש — נישט צום אויפקלערן, אַ פלאָנ־טער וואָס האַלט מיך אין איין מאַטערן: ווי אַזוי איז די לושע געוואָרן טראָגן?...

נישט ווײַט פון אַ קלויסטערראָג האָט זיך פראַנעק פלוצים פאַרהאַלטן. זײַן האַנט איז ווי אַראָפּגעפאַלן מאַכטלאָז פון משה מעטס אַקסל. ער האָט אַ כריפּע געטון מיטן האַלדז הויל און טרוקן. מיט דער האַנט זיך צוגעהאַלטן ס׳מויל, דאָס שטיקעניש זאָל גיכער אַריבערגיין. דער הוסט האָט אָבער אַרויסגעבוכעט איינער נאָכן אַנדערן. פראַנעק האָט אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, זיך גע־טרייסלט פון די הוסטן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון דער קעל, ווי אַ זשאַווערדי־קע קייט פון אַ ברונעם אַרויס. דאָס סקריפּען און גרילצן הערט נישט אויף פרי:ער ביז די קייט ברענגט נישט אַרויס מיט זיך דעם עמער וואַסער.

נאָכן אַרויסקריגן פונעם אָנגעדראָלענעם האַלדז אַ שטיק לונג האָט דער שטיקנדיקער הוסט נאָכגעלאָזן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, פראַנעק, אין אַלע זײַטן, געקוקט דאָ אויף דער מויער, דאָ אויף דער אַנדערער דערלעבן און צוריק אַרומגענומען משה מעטן צום גיין:

— נישט דאָ איז עס. כ׳הייב שוין באַלד נישט אָן צו דערקענען קיין גאַס. קום ווײַטער. ס׳דאַרף זײַן דאָ נישט ווײַט. דו געדענקסט, ווען דו ביסט געווען בײַ אונדז אין שטוב, אין דער הייך דאָרט, אויפן וואָנסקי־דונאַי? דערמאָנסט זיך ווי זי האָט אויסגעזען, לושע, ווי זי האָט געשיינט און געבליט אַזאַ לויטערע און רייבע. ווי אַ הייליקע האָט זי אויסגעזען, אַזוי שיין ווי די מאַדאָנע. פון יענעם טאָג אָן האָט זי אָנגעהויבן אײַנגיין. זי האָט געקאָנט גאַנצע שעהען אָפּזיצן בײַם קינדער־בעטעלע, וויגן דאָס קינד פאַרקוקט צום פענצטער און שווײַגן. קיין וואָרט נישט אַרויסצוקריגן פון איר. ווי ס׳וואָלט זי עמעצער אָנגעטון אַ כישוף. טאַקע אין יענער צײַט איז אַרײַנגעטראָטן די שוואַנגערשאַפט.

פראַנעק האָט איבערגעריסן, אָנגענומען משה מעטן פאַר בײדע אַקסלען, אים אַרײַנגעקוקט פאַרשנדיק אין די אויגן, געוואָלט עפּעס אַרויסלייענען פון זיי און אַ מאַך געטון ביטולדיק מיט דער האַנט אין דער לופטן:

— כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט דערגיין פון איר. כ׳האָב זי אָט אַזוי גע־טרייסלט פאַר בײדע אַקסלען, אַז זי זאָל זאָגן מיט וועמען זי איז געשלאָפן...

כ׳האָב זי אַ זאַרג געטון אויפן בעט: — שטשערוואָ! — האָב איך צו איר גע־שריגן — זײַ זיך מודה! די פעל וועל איך פון דיר אַראָפּשינדן!... דו צויג אײנע וואָס דו ביסט!... און — ווי די וואַנט: טויב און שטום. אָבער דאָס איז שוין געווען שפּעטער. מיר האָבן זיך אַ מאָל געהאַט צעקריגט צוליב עפּעס, כ׳געדענק שוין נישט צוליב וואָס. צוליבן קלייד נישט. ס׳איז שוין געווען אַ סך נאָך דעם ווי כ׳האָב איר געקויפט דאָס זײַדענע קלייד. האָב איך איר אַזוי האַלב־שפּאַס, האַלב־ערנסט אַ זאָג געגעבן:

— דו וועסט מיר נישט אײַנרעדן, לושע, זאָג וואָס דו ווילסט, דאָס קינד, וואָס דו טראָגסט אונטערן בויך, איז נישט פון מיר. פון מיר ביסטו נישט טראָגן. איך האָב זיך אַלע מאָל געהיט. דערציייל נישט דײַנע באָבע־מעשׂות... — אָט די ווערטער האָב איך איר געזאָגט, פּראָסט און פּשוט. מיינסטו זי האָט זיך איבער־גענומען? אַ נעכטיקער טאָג. זי האָט געמאַכט אַ מינע, אַז כ׳בין שוין ווידער געווען געניייגט צו גלייבן, אַז זי טראָגט פון מיר. זעט אויס, זי האָט זיך דאָס מאָל געוואָלט מיט מיר אַ רייך־טון און צו להכעיס מיר אַ זאָג געטון מיט אַ שטעכיק געלעכטערל:

— אַוודאי איז עס נישט פון דיר. דו טויגסט דען צו עפּעס מער ווי צום טרינקען? ס׳איז פון דעם וואָס איך האָב ליב. נישט פון דיר.

האָט עס מיך שוין אויף ס׳נײַ אַרײַנגעבראַכט אין אַ ספק. ווען ס׳וואָלט גע־ווען אמת, וואָלט זי מיר עס קיין מאָל נישט געווען געזאָגט. דאָס האָט זי מיר אַזוי געוואָלט אָפּטון. זי האָט קיין אַנדערן נישט געהאַט. אין דעם בין איך זיכער ווי ס׳איז איצט נאַכט. נאָר ווי אַזוי זי איז פאַרגאַנגען אין דער שוואַנגערשאַפט קען איך אָסור נישט באַגרייפן. איך בין נישט אַזוי קלוג. זי האָט געהאַט אַ סך מאָל מאָדנע טעג. כ׳האָב געמיינט זי איז נישט מיט אַלעמען. כ׳האָב איר גע־געבן געלט אײַנצוקויפן אויף מיטאָג, האָט זי אַ העלפט אויסגעגעבן אויף ווײַ־בערישע שמאָכטעס. זי האָט זיך געקויפט אוירינגלעך, בראַסלעטלעך... הײַנט אַזאַ פּאָר קרעלן, מאָרגן אַן אַנדערע פּאָר... אָט פאַלט איר אײַן זי וויל גיין פּאַר־ברענגען. נעמט זי און טוט זיך אָן דאָס נײַע קלייד. לייגט אַרויס דעם גאַנצן באַרג צירונג. קלײַבט און טוישט און מעסט זיך ווידער אָן. טוט אויס די פּאָר און טוט אָן אַן אַנדערע. שטייט אָפּ בײַם שפּיגל דרײַ זייגער שעה. צום סוף, אַז זי איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק, גרייט צום גיין — האָט זי דאָס אַלץ געגעבן אַ וואָרף אַראָפּ פון זיך, אויסגעטון די אַלע פינגערלעך מיט די אוירינג־לעך מיט די בראַסלעטן, אויסגעטון דאָס קלייד, צוריק אַרײַנגעהאָנגען אין שאַנק אַרײַן און זיך געלייגט שלאָפן מיט אַ פאַרנורע דעם קאָפּ אין קישן...

ווי אַן עלעקטריזירטער איז פראַנעק געבליבן שטיין פאַר אַ הויכער מויער מיט אַן אָפן אָפּגעשפּאַרט טירל. אַ האַלב־חרוב הויז. מיטן אויג האָט ער געגעבן

אַ מעסט אָפּ די מויער פון אויבן ביז אַראָפּ און קאָנוווּלסיוו אָנגעכאַפּט משה מעטן פאַר דער האַנט:

— דאָ איז עס, זעסט? פון דאַנען האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפן. אָט דאָ, אויף דעם שטיקל טראָטואַר איז זי געבליבן ליגן, אויסגעצויגן אין דער גאַנצער ברייט. אָט־דאָ־אָ. זעסט, גיב אַ קוק...

ביידע יונגע מענער — דער מיטן זעלנערישן שינעל און דער מיטן אויסגעוואַקסן מאַרינאַרקעלע — זענען געשטאַנען געבויגן מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, גלײַך ווי ס׳וואָלט דאָ עמעצער געווען געלעגן פאַר זייערע אויגן. זיי זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, מיטן בליק געווענדט צו דער ערד. זיי האָבן באַטראַכט די געפלאַסטערטע שטיינערפּליטן, געשפּאָלטענע און געשטוקעווטע, מיט אָפּגעבראָכענע שטיקער אין די ווינקלען. ביידע האָבן זיי געזוכט די שפּורן פון אַ נישט־אויפגעקלערט געהיימעניש, וואָס ס׳האָט אַוועקגעטראָגן מיט זיך אין קבר אַרײַן אַ מאָדנע, אין אַנדערע וועלטן־פאַרבלאָנדזשעטע נשמה.

## קאפיטל זעקס

# פאַרן פּוסטן הויז אַנטקעגן מאָנאַסטיר

דאָס האַלב־חרובע הויז, מיט דער אָפּגעשפּאַרטער טיר אָן שלאָס און קלאַמקע, האָט זיך געפינען אויפן אומהיימלעכן באַרגאַראָפּיקן געסל נישט ווייט פון אַ שטומער שטיינערנער געביידע מיט צוויי רייען קליינע פאַרצויגענע קלאַש־טאָר־פענצטערלעך — נידעריקע און ברייטע — וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע לענג פון אַנדערן טראָטואַר ביזן ראָג.

פאָרנט, פאַר דער אָפענער האָל־טיפעניש מיט די מאַרמאָרנע סלופּעס אַרום פון אַלע זייטן, איז אויף אַ שטיינערנעם פּיעדעסטאַל געשטאַנען מיטן פּנים צו דער גאַס אַ קליינע „מאַטקע־באָסקע" מיט אַן אָנגעצונדן לעמפּעלע אין דער פאַר־הויבענער האַנט און מיט דער צווייטער האָט זי געטוליעט דאָס קינד אירס צו דער ברוסט.

דורך די קאָלירטע לעמפּל־שייבעלעך האָט זיך ברודיקלעך דורכגעזופּט דער רויט־גרין־פיאָלעטער מוטנער שיין און שוואַך באַלויכטן דעם געשלאָסענעם אַריינ־גאַנג מיטן נאַקעטן ביינערדיקן יויזל, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט, רעכטס פון דער נישע אַרויס, אויפן שטיינערנעם פּוסטן פאַסאַד מיט די ברייטע שטיגן, וואָס האָבן אין אַ האַלבקרייז פאַרנומען פון יענער זייט גאַס ביז דאָ אין געסל אַריין.

משה מעטן איז דאָס ווינקל אויסגעקומען מאָדנע קענטלעך, ווי ער וואָלט שוין דאָ געהאַט געוועזן אויף דער גאַס. ער קאָן זיך נאָר נישט דערמאָנען ווען און ווי אַזוי ס'איז אים דאָ אויסגעקומען צו זיין. אויך דער פאַסאַד מיט די זיילן אין דער האָל־טיפעניש מיטן קריסטוס אויבן אין דער נישע איז אים געוועזן גוט באַקאַנט. עפּעס האָט ער געהאַט דאָ אַ שייכות, נאָר אויף קיין פאַל האָט ער נישט געקאָנט געדענקען מיט וואָס דאָס אַלץ האָט אים געבונדן.

אַזוי שטייענדיק מיט פראַנעקן לעבן דעם האַלבפּוסטן הויז, פון וואַנען לושע איז באַגאַנגען איר אומבאַרעכנטן פאַטאַלן שריט, איז פּלוצים פאַר אים אויפגע־שווימען יענער רעגנדיקער שבת־צונאַכטס נאָכן געשלעג מיט די האַלערטשיקעס

אויפן פאַדערשטן אָפּגעלעגענעם טייל פון דער שווענטעיורסקע־גאַס, נישט ווײַט פון דער פּרעטע. דאָ האָט ער עס טאַקע געגעכטיקט. דערקראָכן אַ צעבלוטיקטער, געווען דורכגעווייקט פונעם גאַסרעגן ביז צום ביין. ער דערמאָנט זיך נאָך נישט די „מאַטקע־באָסקע" מיטן פאַרביקן לעמפּעלע וואָס מאַכט נאָך טרויעריקער און אומהיימלעכער דעם נאַכטיקן אַרום. ער האָט זי דעמאָלט, דאַכט זיך, אין גאַנצן נישט געזען שטיין. פון וואַנען האָט זי זיך דאָ דערנומען אַהער? און פאַרוואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ס׳איז געווען אַ קלויסטער? לויט די ברייטע פאַר־צויגענע פענצטערלעך זעט מען דאָך באַלד אַז ס׳איז אַ מיידל־מאַנאַסטיר און נישט קיין קאָסטשאָל. ס׳איז אָבער דאָס זעלבע אָרט. אויף די דאָזיקע פאָסאַדזקע־שטיינער איז ער געשלאָפן, און אָט דאָס חרובע הויז, פון וואַנען לושע האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן, איז ער פאַרטאָגס פאַרבײַגעגאַנגען, ווי קיין מאָל גאָרנישט. דער מויער האָט געשוויגן פאַרשטשעמעט, זיך ניט געמאַכט וויסן פאַר אים וועגן לושעס געוואַגטן שריט אויף וואָס ער אַליין איז נישט געווען פעיִק צו פועלן בײַ זיך... אָט איז ער דאָך אַליין אויך בײַם ראַנד פון תהום, און ווי ווײַט איז דער דאָזיקער געדאַנק פון אים? אַזוי ווײַט, ווי זיי ביידע דאָ זענען איצט ווײַט פון לושען. איר איז שוין איצט ווײַלער פון אים. זי איז שוין אַלץ איבערגעקומען. מער וועט זי שוין דאָס „נאַרישקייט" נישט אָפּטון. ער וואָלט געוואָלט זען ווי זי האָט אויס־געזען אַ טראָגעדיקע, אַ פולבלעכע, אַ ווײַבלעכע. ס׳האָט איר געמוזט שטאַרק קליידן דאָס טראָגן. אַ סך פרויען ווערן בײַם שוואַנגערן אומגעלומפּערט, אַפילו אָפּשטויסנדיק. זיי ווערן אין גאַנצן דעפאָרמירט. און אַנדערע גיט עס צו רייץ, ווי אַ צעבליטער בוים אין פרילינג. זיי ווערן נאָך מער צוציִענדיקער. די בײַכיקע רונדיקייט רופט אַרויס די תאווה ווי אַ יעגער — די חיה פון וואַלד. אוודאי האָט זי געטראָגן פון אים. זי האָט זיך דאָך אים יענע נאַכט איבערגעגעבן אַזאַ הייסע און צעגלוסטיקטע. זי האָט אין גאַנצן געגליט. דער גאַנצער קערפּער איז געווען איין שטיק גלוט ווען זי האָט אים אײַנגעקלאַמערט אין אירע הענט און אַ צעפּיי־בערטע אים געצויגן אויף זיך. זי האָט פאַרנורעט דעם קאָפּ אין זײַן ייִנגלשן אָרעם און פאַרזונקען אין תענוגדיק־זיסער פאַרגעסנקייט.

משה מעט האָט פּלוצים אויפגעשוידערט מיט אַלע גלידער. ער האָט דער־פילט אויף זיך פראַנעקס דורכדרינגנדיקן בליק פול מיט חשד. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז פראַנעק לייענט אים אַראָפּ פון זײַן פּנים אַלע זײַנע געדאַנקען ווי אַ ציגײַנערין וואָס טרעפט אַראָפּ פון דער האַנט אַלץ וואָס מיטן מענטש האָט פּאַסירט.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי מאָדנע אָן? — האָט משה מעט אַרויפגעלייגט זײַן האַנט אויף פראַנעקס געבויגענעם אַקסל מיט אַ מינע נישט צו וויסן וועמען ער באַדויערט מער — לושען, צי פראַנעקן?

— וואָס וואָלסטו געווען געטון ווען דו ביסט אויף מײַן אָרט? — האָט פראַ־נעק אים געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן און געוואַרט אויף ענטפער.

משה מעטן איז אַדורך אַ קעלט איבערן לײַב: צי האָט זיך נישט אַ מאָל לושע אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט וועגן אים, אַז דאָס האָט ער...

— נו, וואָס שווײַגסטו, משה? ענטפער! איך פרעג דאָך דיך ווי אַ מענטש, יאָ צי ניין?

משה מעט האָט נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטון. ער האָט געפילט ווי ס׳טרעט אויף אים אַרויס אַ קאַלטער שווייס. אָט וועט פּלאַצן דער בלאָטער און געבן אַ פליוך אַרויס אויף אים מיט אײַטער און בלוט. ער האָט זיך באַמיט נישט אַרויסצווײַזן זײַן דענערווירטקייט און מיט אַ מאַטער שטים אַ זאָג געטון תמעוואַטע:

— איך פאַרשטיי נישט, פראַנעק, אין וואָס גייט עס דיר? וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן? וואָס ביסטו אויסן דערמיט?

— וואָס איז דאָ נישטאָ וואָס צו פאַרשטיין? ווי וואָלסטו געווען געהאַנדלט ווען דײַן ווײַב וואָלט דיך געווען פאַררעטן מיט אַן אַנדערן? וואָלסטו אויך גע־ווען געשוויגן?

— איך?... איך וואָלט באַלד נישט דערלאָזט אַז ס׳זאָל קומען דערצו.

— ווי אַזוי? אָט זעסטו דאָך אַז מע קאָן נישט זײַן קיין חכם. קיין פרוי קאָן מען נישט פאַרהיטן. מײַנע איז געווען אַ שטובזיצערין און ס׳האָט נישט געהאָלפן. אַז אַ ווײַב וויל פאַררעטן אַ מאַן וועט אַפילו גאָט אַליין זי נישט קאָנען אָפּהאַלטן. אַן אייגענער מאַן איז טאַקע אַ מאַן, אָבער אַ פרעמדער מאַנצפּאַרשוין איז עפּעס מער ווי אַ מאַן. איך ווייס נישט ווי אַזוי עס דיר צו זאָגן.

— דו רעדסט וועגן דײַן ווײַב אַזוי, גלײַך ווי זי וואָלט געווען געלעבט. דו קאָנסט איר נישט מוחל זײַן. זי איז... זי איז דאָך שוין טויט. זי איז שוין נישטאָ מער צווישן די זינדיקע און דו קאָנסט זיך עס נאָך אַלץ נישט שענקען.

— ווער זאָגט עס דיר? כ׳בין נאָך בײַ איר לעבן געווען צו איר גלײַכגיל־טיק. זי האָט מיך קערפּערלעך אויפגעהערט צו אינטערעסירן. זאָלסט זאָגן כ׳זאָל אויף איר אַרויפלייגן אַ האַנט. אַפילו דאָס אויך נישט. כ׳האָב זיך מער נישט געקאָנט צורירן צו איר. און בײַ דעם אַלעם, ווי מאָדנע — וועסט נישט גלייבן, — כ׳האָב זי נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן. כ׳בין געווען זיכער אַז כ׳וועל אָן איר נישט קאָנען לעבן קיין טאָג. כ׳האָב איר נאָכגעגעבן אַלץ וואָס זי האָט געוואָלט. ס׳איז אין מיר פאַרגעקומען אַ פולשטענדיקער איבערבראָך. כ׳האָב איר געגעבן פרײַע הענט: גיי טו וואָס דו ווילסט... ווו דו ווילסט — גיי. זאָג נישט אַז איך האַלט דיך צו, אַז צוליב מיר פאַרשפּילסטו אַ לעבן, די בעסטע יאָרן. זי האָט געוואָלט גיין טאַנצן — האָב איך זי געלאָזט גיין אין „סאַליע טײַנצע" — טאַנץ!

ווער שטערט דיר דען? ווילסט זיך פאַרווײַלן — פאַרווײַל זיך געזונטערהייט. איך וועל זיצן אין שטוב און אַכטיק געבן אויפן קינד. ס׳איז מיר געווען אַלץ איינס. איך גיי נישט. כ׳קום פון דער פאַרבערײַ מיד. די פאַרע ציט פון מיר אַרויס דאָס לעצטע ביסל כוחות. די אַסטמע מאַטערט מיך. פאַרוואָס זאָל כאָטש זי נישט גיין. זאָל זי טאַקע אַ ביסל פאַרברענגען. ס׳קאָסט מיך טײַערער? די יונגען צאָלן פאַר אַלץ.

פראַנעק האָט זיך פלוצים פאַרשטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט אויפוועקן פון זיכרון בילדער וואָס האַלטן זיך אין לעשן, צוריק־כאַפּן זיי פון פאַרלוירנקייט. אי באַדויערנדיק אי רעזיגנירט האָט ער ווידער אַ וואָרף געטון גאָרשטשן רייד:

— זי איז טייל מאָל פאַרפאַלן געוואָרן אויף האַלבע נעכט, לושע. כ׳האָב זי אַפילו נישט געפרעגט ווו זי איז געווען, מיט וועמען זי האָט פאַרברענגט. זייער אָפּט איז זי געקומען שיכורלעך. זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט און זיך צעוויינט, אַרײַנגעהעשעט אין קישן אַרײַן. זי האָט געהאַט צו מיר אַ טענה, פאַר־וואָס איך לאָז זי גיין? פאַרוואָס איך בין נישט קיין מאַן צו איר? פאַרוואָס איך שלאָג זי נישט? צי ווייסט ער נישט אַז אַ פרוי האָט אַ נאַרישן שכל? מע דאַרף זי צוימען, האַלטן אונטער דער בײַטש. זי האָט זיך געשוווירן אַז מער גייט זי נישט אין ערגעץ. מע זאָל איר צוצאָלן וויפל — רירט זי זיך נישט אַרויס פון שטוב. אויב גיין — וועט זי גיין נאָר מיט אים. פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט מיטגיין? ער וויל נישט — דאַרף מען נישט. זי האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט און נישט געגאַנגען מער. זי איז געזעסן אין שטוב און אַפילו אין קינאָ „סטאַראָ־מיעיסקי״ נישט געוואָלט אַרײַנשמעקן. זי האָט געלייגט דאָס קינד שלאָפן און זיך אַנידערגעזעצט בײַם טיש מיטן קאָפּ אין ביידע הענט און אַזוי אָפּגעזעסן שעהען לאַנג אַוועק. זי וואָלט אַזוי געקאָנט אָפּזיצן אַ גאַנצע נאַכט און ס׳זאָל זי נישט אַרן צומאָל. בין איך צו איר צוגעגאַנגען, זי אויסגעטון און אַרײַנגעגע־לייגט אין בעט אַרײַן. כ׳האָב איר געגעבן אַ גלאָז מילך און זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

ווידער איז אַרײַנגעפאַלן אַ פּויזע אינעם אָנפלייץ פון רייד. נאָר נישט אויף לאַנג. די שטילקייט האָט איבערגעריסן אַ ווײַט געוואָי פון אַ הונט און באַלד איז געקומען אַן איבעררוף פון אַנדערע הינט וואָס האָבן זיך צעבילט אין דער נאַכט אַרײַן. ווי צו פאַרגלושען דאָס געבילערײַ האָט פראַנעק איצט גערעדט מיט אַ געהעכערט קול:

— איך האָב געפילט, ברודער, אַז איבער דער שטוב הענגט אַן אומגליק; אַז די קאַטאַסטראָפע רוקט זיך אָן מיט ריזנשריט און קיינער וועט נישט זײַן בכוח זי אויסצומײַדן, זי אָפּצושטופּן פון זיך. דער שטורעם וועט מאַכן פון אַלעם

אַ וויסטן תל. ס׳וועט אַלץ גיין צו גרונט. כ׳האָב אָבער גאָרנישט געקאָנט העלפן דערצו. זיך געריכט שוין אויף אַלעם, אויפן ערגסטן. נישט איין מאָל געטראַכט צוריקגייענדיק פון דער פאַרבערײַ: איך וועל עפענען די טיר און זי וועט נישט זײַן אין שטוב. אַ ווילדער וועל איך לויפן איבערן צימער, כ׳וועל זי זוכן מיט די אויגן אין אַלע ווינקעלעך, אונטערן בעט און זי טרעפן אין וואַשווינקל הינטערן פאַראַוואַן הענגען אויף אַ שטריק — אַן אָפּגעקילטע. כ׳האָב געוומען לויפן איבער די שטיגן ווי חסר־דעה און אין איין אימפּעט געגעבן אַ פאַל אַרײַן אין שטוב און זי געטראָפן לייגן ס׳קינד שלאָפן, אָדער זי איז שוין געזעסן בײַם טיש אַ פאַרטראַכטע. איך בין צו איר צוגעלאָפן און זי געוואָלט אַרומכאַפּן קושן, נאָר בײַ דער סאַמע שטול געבליבן שטיין אַ צוריקגעהאַלטענער: וואָס איז די גדולה? וואָס גיי איך טון אין מיטן דרינען? וואָס בין איך פון זינען אַראָפּ? און זיך אָפּגעקערט פון איר. זי האָט אַפילו נישט געוווסט וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די פּאָר מינוט. יעדעס מאָל האָב איך פאַרגעפילט עפּעס אַנדערש. די שרעק־בילדער האָבן מיך פאַרפאָלגט, מיך געמאַכט נערוועזיש, קראַנק. נאָר אַז ס׳וועט זיך ענדיקן אויף אַזאַ אופן, ווי אין יענעם אָוונט, מיט טענץ און שאַמפּאַניער, מיט פאַרווײַלונג און מוזיק, — אויף דעם האָב איך זיך אין גאַנצן נישט געריכט. אויף דעם איז שוין מײַן פאַנטאַזיע געווען צו שוואַך. דאָס וואָס ס׳לעבן אַליין באַווײַזט — קאָן נישט באַווײַזן דער גרעסטער קינצנמאַכער, דער גרעסטער קאָפּ־מענטש, ער זאָל זיך אַפילו שטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. איך אַליין האָב זיך געפילט אין גאַנצן געפלעפט. און ביז הײַנט קאָן איך נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך פון יענעם צעשמעטערנדיקן קלאַפּ.

## קאַפּיטל זיבן

# אַ נאַכט פון טענץ, שאַמפּאַניער און מוזיק

אַ גאַנצע וואָך — פאַר יענעם זונטיק — איז לושע אַרומגעגאַנגען אַ צעשטרייטע, אַ צעטראָגענע. מ׳האָט נישט געקאָנט צו איר רעדן קיין וואָרט. אַלץ האָט איר דענערווירט. יעדע קלייניקייט האָט איר אויפגערעגט ביז וויינען. זי האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויפן זונטיקדיקן טאָג. גלײַך פון בעט אַרויס איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, געניששטערט און אַרויסגענומען דאָס העלבלאָע קלייד. ס׳איז נישט געווען קיין טײַערס, געמאַכט פון דײַטשע ערזאַצשטאָפן. אַ ביליקע קונסטזײַדע מיט אַ שרײַעדיקן גלאַנץ. אַ גאַנצן טאָג האָט זי זיך אַרומגעדרייט אין דעם באַלאָוון קלייד. געגעבן ס׳קינד צו עסן, געלייגט עס אין בעטעלע אַרײַן אויפן נאָכמיטאָג־שלאָף, צוגערוימט די שטוב דערין, און זיך גענומען צו דער ווײַבערישער טואַלעט.

פון נאָכמיטאָג אָן איז זי אָפּגעשטאַנען בײַם שפּיגל און נישט מיד געוואָרן כסדר זיך איבערצוקעמען די פריזור, צו זען וועלכע ס׳וועט איר בעסער קליידן צום פּנים. דאָ האָט זי זיך צונויפגענומען די האָר פון אַלע זײַטן אויף אַרויף און פאַרלייגט מיט אַ גרעק אין מיטן, דאָ זיי צעלאָזן, זיי זאָלן זיך כוואַליען איבער דער פּלייצע, ווידער צונויפגעלייגט זיי פאַרפלאָכטענע אין צעפּ אַרום קאָפּ. פאַרנאַנדערגעלאָזט און זיי געוויקלט אין אַ וואַלעק פון הינטן. נאָכן גאַנצן פּאַרקעמען זיך מיטן פאַרלייגן און פאַרשטעקן האָרנאָדלען, קעמעלעך און קלאַמערקעס איז זי צום סוף אַרויסגעקומען מיט צעשויבערטע בינטלעך האָר וואָס זענען זיך פּושיסטע צעפלויגן בײַ די זײַטן.

זי האָט אַרויסגענומען דאָס ביליקע צירונג פון קאַסע־פּושקעלע, די בראָשקעלעך, אוירינגלעך, פינגערלעך. די בראַסלעטלעך, איינע פאַרפלאָכטן אין דער אַנדערער און די צוויי פּאָר קרעלן פון קײַלעכיקע רויטע גלעזלעך און בלאָע קאָרבירטע ביינדלעך, וואָס זי האָט זיי געקויפט אויפן וואָליער מאַרק בײַ אַ טישל.

אפשר אַ צען מאָל האָט זי געטוישט די אוירינגלעך. אָנגעטון די „גאָלדענע״, מיט די פּאָמפּאָניקלעך פאַרזעצט מיט אַ לילע שטיינדל, און זיך באַטראַכט

פון אלע זײַטן. באלד זיי אויסגעטון און זיך פארלייגט די גרויסע פערלמוטערנע קנעפלעך, געטון א קוק און צוריק זיי אויסגעטון, געטוישט אויף די צונויפגע־קייטלטע אלטרוסישע זילבערנע מטבעות. דאס איז איר אויך נישט געפעלן, און זי האט זיך פארלייגט די ציגײַנערישע רינגען. זי האט עס געהאלטן פארן פא־סיקסטן צום קאנטראסט פון אירע העלע האר. אבער אויך בײַ דעם איז עס נישט געבליבן. ערשט בײַ די „האלבע פאדקאוועס״ זענען איר די ווייכע אויערן־לעפלעך שוין געווען רוים ווי א פײַער. די „האלבע פאדקאוועס״ זענען טאקע מזלדיק, זיי ברענגען גליק. זיי זענען איר אבער אויסגעקומען צו פראסט, „פא כלאפסקו״, פויעריש. ס׳פאסט גיכער פאר א דארפשיקסע, איידער פאר א שטאטישער דאמע. צום סוף האט זי זיך פארלייגט די ערשטע מיטן לילע שטיינדל מיט די פאמ־פאניקלעך וואס האט צוגעגעבן איידלקייט דעם בלייכן פנים.

ווען זיי זענען אראפגעגאנגען אין גאס — לושע מיט פראנעק — איז שוין געווען גוט טונקל. דאס דראבנע פרילינג־רעגנדל האט ווארעם געקאפעט אין דער קרום איבערן שיפן טראטואר. עפעס אן אומרו האט איר געטריבן וואס ווײַטער פון אלטשטאט, גלײַך ווי אומגעזעענע רוחות וואלטן זי געווען פארפאלגט. זי האט זיך געוואלט געפינען צווישן אנדערע פנימער, נישט די אלטבאקאנטע פון די געסלעך. ס׳האט זי געצויגן ארויף, העכער אין שטאט, איבער די ווארשעווער גאסן... פארברענגען, הוליען, טאנצן, זיך גוט פארווײַלן, נישט „פא פענטאצקו״, ווי די קבצנים, גיין אין די שענסטע רעסטאראנען. איין מאל, נאר גוט, ווי ס׳גע־הער צו זײַן!...

אומעטום, ווו זיי זענען ארײַנגעקומען, האט זי באשטעלט צום טרינקען. זי האט נישט געהאט קיין געדולד צו ווארטן ביז מע וועט צוקומען באדינען. מיט א זעלבסטזיכערקייט, וואס פראנעק האט עס קיין מאל נישט באמערקט בײַ איר, ווי לאנג ער קען זי, האט זי גערופן דעם קעלנער צום טישל. דער אויסגעפרא־קעוועטער עלעגאנטער קעלנער האט מיט משרתישער אונטערטעניקייט איר גע־קוקט אין מויל ארײַן — גרייט צו דערפילן יעדן פארלאנג, ווי זי וואלט געווען מי־יודע וואס פאר א כראבינע. זי האט זיך געשאפן מיט אים ווי מיט א דינסט־מיידל, גלײַך ווי זי וואלט אין די ערטער געווען א היימישע אײַנגייערין, ווי די סטאלע קאפע־זיצערס. באלד האט פאר זיי דער אנגעגאסענער שאמפאניער גע־פינקלט אין די באקאלן ווי געלער בורשטין. נאכן אויסטרינקען די ערשטע צוויי גלעזלעך האט זי געווארפן אן אומחן אויף דעם אלעם ארום. ס׳איז איר אויסגע־קומען צו־ארעמלעך, אלטשטאטיש, ווינקלדיק־ענג, נישט אינטערעסאנט. זי האט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול מיט א „קום, לאמיר גיין פון דאנען!״, און זיי זענען אוועק אין א צווייטן נאכטלאקאל, אין א מער פארנעמען און רײַכן. זיי זענען צוגעקומען צום גרינבאלויכטענעם שטיקל גאס, וואס האט זיך געשפיגלט

אין רעגן, געבליבן שטיין אַ ווײַלע אונטער דער פאַרצויגענער פּלאַנדעקע, זיך אײַנגעהערט צוגלײַך מיט אַלע גאַפֿערס אין דרויסן פאַרן אַרײַנגאַנג אין דער געדעמפּטער מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אינעווייניק אַרויס, זיי האָבן זיך דורכגעשטופּט צום אַרײַנגאַנג דורך די אַרומיקע שטייערס, די אַלע קאַרגע, וואָס פאַרגינען זיך נישט דאָס לעבן און ווילן אַלץ האָבן אומזיסט. זי האָט אויפגעפּראַלט די טיר און אַרײַן מיט אים אַ לײַכט־צעוואָקלטע, זיך אָנהאַלטנדיק אָן זײַן אָרעם.

ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פראַנעק, פון וואַנען ס'נעמט זיך צו איר אַזאַ קוראַזש און גרויסאַרטיקייט, ווי זי וואָלט נישט געווען די אייגענע לושע וואָס אין דער היים. ער האָט זי מיט אַמאָל דערזען אַן אַנדערע, נישט די זעלבע. ס'איז געווען צו שטוינען ווי אַ פרוי קאָן זיך מיט איין מאָל אַזוי אין גאַנצן ענדערן אויף נישט צום דערקענען. אַ מאַנצפאַרשוין וואָלט עס אַזוי געשיקט נישט באַוויזן, ממש אַרײַנצוקריכן אין אַ פרעמדער הויט, אין אַ הויט פון אַ צווייטן מענטש. אויף אַזוי ווײַט האָט אים געוווּנדערט איר האַלטן זיך, אַז זי, אָט די פּשוטע באַגרענעצטע פרוי, אַ שטובפרוי, איז אויסגעוואַקסן פאַר אים אין אַ רעטעניש... ער איז אַליין ווי מיטגעריסן געוואָרן פונעם מאָדנעם שפּיל וואָס האָט אים אינטריגירט און איבערגעראַשט.

ווידער האָט זי דאָ באַשטעלט אַ פלאַש שאַמפּאַן. דער געדראַטעוועטער קאָרק האָט אויסגעשאָסן בײַם אויפעפענען די פלאַש מיטן דיקן העלדזל. זיי האָבן כמעט ווי גאַרנישט צוגעגעסן. זי האָט אים געלאָזט זיצן אין שאָטן, פראַנעקן, אין דער האַלבטונקלקייט מיט די אויסגעלאָשענע ליכטער בײַ די זײַטן איבער די טישלעך. זי איז צוגעגאַנגען נענטער צום קרײַז מיט די טאַנצנדיקע פּאָרלעך אין צעוויגטן מיניעדיקן שײַן פונעם פילקאָלירטיקן פלעקנליכט איבערן סופיט, וואָס האָט זיך געלאָשן און געצונדן, אַזוי ווי דאָס צעהיצטע בלוט בײַ די פּאָרלעך. ס'האָט אויסגעזען ווי אַלץ דאָ אַרום וואָלט פאַרפאַלגט געוואָרן פון איין ציל: צו וועקן די ליידנשאַפט, דעם דראַנג נאָך גענוס, דאָס טונקעלע בלוט זאָל אַרויס פון די ברעגן, זאָל פאַרגיסן דעם זינען און געדאַנק. אַפילו דאָס ליכט מיט די מאַטע געדעמפּטע קאָלירן איז נישט אויסן עפּעס אַנדערש ווי צו רײַצן די געבלוטן, דעם סעקס, פאַרטונקלען דעם באַוווסטזײַן אַפילו בײַם וואַכזאַמען און ניכטערן.

איין פראַנעק איז דאָ געזעסן בײַם טישל ווי אויף הייסע קוילן. ס'איז אים געווען דערווידער דער גאַנצער מאַסקאַראַד פון אָנשטעל, שפּיל און אויסדרעסירטע מאַניערן בײַ די אַלע קאָקעטיש־אויסדעקאָלטירטע פרויען מיט די געשמינקטע און געמאַלעוועטע פּנימער ווי די מאַזשגאַרן. אפשר אַ פּוד מאַשטשן מיט קרעמען האָבן זיי געהאַט אויף זייער פּנים, און אויף דעם אַ דיקן שיכט רוזש

מיט פודער, אַז ס'איז שוין בײַ זיי מער ווי די אויגן נישט געווען וואָס אַרויס־צוזען זייער אייגנס. און אויך די אויגן זענען נישט געווען פרײַ פון דער געקינסטל־טער שיינקייט וואָס האָט דערמאָנט אין מומיעס. זיי האָבן געהאַט אין די אויגן אַזאַ געלצעפּיבערטן גלאַנץ פון די אַרײַנגעלאָזטע אַטראָפּין־טראָפּנס, וואָס רופן און וועקן־אויף אַ ליידנשאַפט־פײַערל אַפילו בײַ שוין לאַנג גלײַכגילטיקע, אויס־געלאָשענע פרויען, וואָס ס'איז אויסגערעכנט אויף צו רייצן דערמיט די מענער.

אַזוי זיצנדיק בײַם טישל — אַ באַרוישטער און פאַרטומלטער פון דער טאַנצמוזיק און פון די באַקאַלן שאַמפּאַניער — האָט ער ווי דורך אַ נעפּל געזען, ווי איינער אַ ברונעט, מיט אַ מאַט אָליוו פּנים מיט וואַנסעלעך, האָט זיך זײַטיק דערנענטערט צו לושען, געגעסן איר לײַב מיט תאוותדיקע אויגן און באַלד זי אונטערגעכאַפּט צום טאַנצן, זי גענומען מיט אַ שמייכעלע, אַ דאַנזשואַניש, פאַר־פירעריש, וואָס קאָן זיך אין איין מינוט פאַרוואַנדלען אין אַ צעקרימטן גרימאַס, ווי בײַ אַ געביסענעם פון אַ גיפטיקער שלאַנג.

אַן אומבאַרעכנטע און לײַכטזיניקע איז לושע געפלויגן אין טאַנץ, גלײַך ווי זי וואָלט נישט געווען אין אַנדערע אומשטענדן. נישט צו באַנעמען פון וואַנען ס'נעמט זיך צו דער פרוי אַזאַ כוח און געוואַגטקייט. נישט אַנדערש, נאָר ווי זי האָט עס באַטראַכט פאַר אַ מיטל זיך קאַליע צו מאַכן... אין אַזאַ פאַל קאָן אַ פרוי בײַ זיך פועלן אַפילו אַראָפּצושפּרינגען פון אַ שאַנק, ס'זאָל הייסן אַז זי איז מיכלומרשט אַראָפּגעפאַלן בײַם פוצן און רוימען די שטוב. זי ריזיקירט דערבײַ מיטן לעבן. אָבער זי צווינגט דערמיט מע זאָל איבער איר דורכפירן אַ לעגאַלן אַבאָרט, און ס'געריכט קאָן איר גאָרנישט טון דערפאַר. זי איז געשיצט דורכן געזעץ. אויב איר לעבן געפינט זיך אין געפאַר מעג מען בײַ איר אָפּנעמען ס'קינד פאַר דער צײַט. איר לעבן איז בילכער פון אַלץ. כאָטש זי אַליין וואַרפט זיך דער־מיט ווי מיט אַ ביליק קליידל.

ווען דער אָרקעסטער איז אַנטשוויגן געוואָרן איז לושע צוריקגעקומען אַ צעיאָכמעטע און צעפלאַמטע — באַגלייט פונעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס האָט זי שוין געפירט אונטערן אָרעם, זיך שוין געוואָשן צו איר און באַצײַטנס זיך באַלעקט די ליפּן פונעם געשמאַקן ביסן. דערזעענדיק אַז זי איז דאָ נישט אַליין, אַז עמעצער היט זי — האָט ער זיך אָפּגעטראָגן אַן אַ פּאַרדאָן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ער זאָל נישט אַמאָל אָפּשנײַדן קיין עוולה.

ווי נאָר אָבער דער אָרקעסטער האָט ווידער אָנגעהויבן שפּילן, אַ פּאָלקע־מאַזורקע, צי אַ טאַנגאָ, איז יעדעס מאָל אויסגעוואַקסן אַן אַנדערער קאַוואַליר. מיט אַ העפלעכן נייג און קניקס האָט ער זי אײַנגעלאַדן צום טאַנצן. דאָס פּנים האָט איר געפלאַמט דערבײַ ווי נאָך אַן אָפּגעהאַלטענעם זיג. די באַקן זענען גע־

ווען דורכזיכטיק ראָז ווי בײַ אַ געמאָלענער לאַלקע. זי האָט קיינעם נישט אָפּ־געזאָגט. זי איז געווען גליקלעך פונעם דערפאָלג וואָס זי האָט בײַ מענער און מיט אַלע געטאַנצט כאָטש זי איז שוין געווען טויט־מיד. זי האָט זיך, זעט אויס, געוואָלט אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס זי האָט אָפּגעבידעוועט אויבן, אינעם פּאַציאַטע־שטיבל אויפן וואָנסקי־דונאַי.

יענעם אָוונט האָט זי אויסגעזען זעלטן רייצנדיק. ער האָט זי נאָך קיין מאָל אַזאַ נישט געזען. נאָר זיך אויף ס׳נײַ צו פאַרליבן אין איר. זי איז געווען טײַוויליש־שיין, אַ פאַרכאַפּנדיקע שיינקייט. זי האָט געהאַט אַ שלאַנקן פוס אין די לאַקירטע לאַטשן אויף די הויכע קנאַפּל. דער פוס אירער האָט אויסגעזען שלאַנק און רייצנדיק, און די אויסגעפּילטע באַקעס זענען געווען אַזוי צוזאָגנדיק און אַרויסרופעריש אין איר יעדן באַוועג און גיי, אַז ער האָט ערשט געזען, פּראַנעק, אַז ער האָט זיך ביז איצט נישט געקענט אויף איר, נישט געוווּסט וואָס פאַר אַן אוצר ער פאַרמאָגט; נישט אָפּגעשאַצט איר ווערט. ווער ווייסט צי די וואַנט, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן זיי, וועט זיך נאָך לאָזן אומוואַלגערן. ס׳איז שוין, זעט אויס, צו־שפּעט. איר פאַרהאַלטן זיך איז שוין נישט פון אַזאַ, וואָס זאָל פרעגן בײַ עמעצן דעות און זיך לאָזן פון וועמען דיקטירן, פון אים יעדנפאַלס זיכער נישט. זי לאַכט זיך שוין פון אים אין גאַנצן אויס, זי פײַפט פּשוט אויף אים און געענדיקט.

זי האָט געהאַט דאָ גרויס דערפאָלג בײַ די מענער. אַלע האָבן זיך געריסן מיט איר צו טאַנצן, זי אַרומנעמען, האַלטן צוגעדריקט צו זיך. און מיט אים איז זי געלעגן אין איין בעט און ער האָט זיך אַפילו נישט צוגערירט צו איר. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, פּראַנעקן, אַז זי האָט פריִער גאָרנישט אויסגעזען זי זאָל קאָנען איבעריק געפעלן ווערן. די יונגען האָבן געקלעפּט צו איר ווי די בינען — נישט אָפּצוטרעטן ביז זיי וועלן נישט אויסזייגן פון דער בלום אַלע אירע זאַפטן. בײַם טאַנצן האָבן זיי זיך געטוליעט האַרט צו איר פּנים, געשעפּטשעט עפּעס הייס אין אויער אַרײַן און צעוויגטע אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויפן גאָלן האַלדז. זיי האָבן געגעסן מיט די אויגן דאָס העלקלאָרע לײַב אירס, וואָס האָט אַרויסגע־לויכטן אַ בלענדיקס פונעם אויסגעשניטענעם קלייד טיף אַראָפּ ביז צו די בריסטן. זי האָט זיך געלאָזט פון אַלע קישן, און מיט יעדן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן אין מיטן דער וואָך. געמאַכט ראַנדקעס מיט די יינגלעך אויף רעכטס און לינקס ווי אַ זעכצניעריק מיידעלע.

איינער, דער סאַמע ערשטער, דער שניאַדער מיט די וואָנסעלעך, האָט זיך אויפגעפירט גאָר פאַרשײַט, חוצפּהדיק, ווי אַ לאַטעק. ער האָט זיך נישט גע־רעכנט מיט גאָרנישט און מיט קיינעם נישט. אין מיטן טאַנצן האָט ער זיך צו איר צוגעדריקט מיטן גאַנצן קערפּער, פרעך און ציניש, גלײַך ווי ער וואָלט געווען

געהאַט פאַר זיך אַ צויג נישט קיין פרוי. און דאָס האָט אַן אויסזען פון אַ לאָרד, אַ באַראָן, אַ גאַנצער כראַביע.

פראַנעק האָט שוין מער נישט געקאָנט אײַנזיצן. ער האָט פאַרגעסן אין גאַנצן אין זײַן צוזאָג, אַז ער וועט איר געבן פרײַע הענט; זי וועט זיך קאָנען פירן ווי זי וועט זיך וועלן; אַז ער וועט זי נישט שיקאַנירן און זיך נישט מישן צו איר. דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ אַרײַן. ער האָט געגעבן אַ גיי צו הינטנאַרום, אים אָנגענומען פאַרן קאָלנער, דעם לאָבוס־יונג, און מיטן גאַנצן כּוח אַ שליידער־געטון אַרויף צום פּאָדיום מיט דער בינע. דער עלעגאַנטער הער איז מיט אימפּעט געפאַלן אויפן אָרקעסטער מיט די נאָטן־שטענדערס. די וויאָלאָנ־טשעלן מיט די טראָמבאָנען האָבן אַרויסגעלאָזט אַן איבערגעשראָקענעם ריטש און זיך איבערגעקערט צוזאַמען מיט די שפּילערס.

אין זאַל איז אויסגעבראָכן אַ סומאַטאָכע. פראַנעקס דעצידירטקייט און זײַן דרייסטן אָנגעמען לושען פאַר דער האַנט האָט אַלע יונגען אַרום אָפּגעהאַלטן צעטומלטע, זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אויף אים ווי די צערייצטע וועלף. אין זײַן באַנעמען זיך מיט איר האָבן זיי געזען, אַז ער איז עס דער איינציקער וואָס האָט אויף איר אַלע רעכטן, אַז זי געהערט אים, און נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען דער דאָזיקער האָט זיך דאָ פּלוצים דערנומען, ווער איז ער עס פאַר איינער, וואָס זי האָט מיט אים אין גאַנצן נישט געטאַנצט און באַנעמט זיך מיט איר ווי מיט אַ זאַך וואָס מע קאָן דערמיט טון וואָס מע וויל.

פראַנעק האָט זי געגעבן אַ נעם פאַרן אָרעם און מיט כּוח אַוועקגעזעצט אויף דער שטול מיט אַ פעסטן דריק־אַראָפּ: — זיץ! ער האָט צוגעוואָרפן דעם קעלנער וויפל ס׳האָט באַטראָפן דער רעכענונג און האַסטיק זיך געלאָזט מיט איר — אַ צעשויבערטע און צעפּלאָמטע ביז איבער די אויערן — גיין דורך אַלע טישלעך צום אַרויסגאַנג אין דרויסן אַרויס.

## ק אַ פּ י ט ל  אַ כ ט

# אין געיעג נאָכן לעצטן ברעקל אילוזיע

דאָס דינע פּרילינג־רעגנדל אין גאַס האָט נישט אויפגעהערט צו פּרישטשען. די פּערלדיקע טראָפּנדלעך האָבן פריילעך געטאַנצט איבערן ברוק, אַרום די ביימער בײַם ראַנד טראָטואַר און אָנגעזאָגט אַ פריִע צעבליטקייט פון די קנאָספּן, וואָס וועלן מיט אַמאָל געבן אַ שפּראָץ אַרויס פון די פרישבאַבלעטערטע צווײַגן און פאַרפולן די גאַס מיט די שמעקעדיקע ריחות פונעם בלאָען און ראָזן יונגן בעז.

נאָכן פאַרקלאַפּן הינטער זיך די טיר פונעם נאַכטלאָקאַל האָבן זיך ביידע — לושע מיט פראַנעק — געלאָזט גיין אויפגעבראַכטע ווי די אויגן האָבן זיי געטראָגן. זי איז געווען איין קנויל נערוון. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט גרעּנעצלאָזער האַס און עקל. ער איז געגאַנגען בײַ איר זײַט און געשוויגן פאַרשטשעמעט ווי איינער וואָס האָט אָפּגעטון אַ פאַרברעכן. ווען ער רעדט אַרויס אַ וואָרט — האָט ער געפילט — וואָלט זי אים די אויגן אויסגעדראַפּעט אין מיטן דער גאַס. זי האָט אין גאַנצן געציטערט פון כעס. ווי האָט ער זי געקאָנט אַזוי פאַרשעמען אין אַזאַ עלעגאַנטער געזעלשאַפט פון בלויז בעסערע מענטשן. זי וועט דאָך די אויגן מער נישט קאָנען אויפהייבן פאַר זיי. מ׳האָט זי דאָך דאָ געהאַלטן פאַר אַ גאָט. וואָס פאַר אַ גרויסן כבוד זי האָט דאָ געהאַט! ווי זי וואָלט געווען אַ פרינצעסין, אַ גרעפין. איצט האַלט מען זיך דאָרט מיסתמא בײַ די זײַטן פון לאַכן. אַ שיינע דאַמע איז דאָס, וואָס פירט זיך אַרום מיט אַ לאַטעק, אַ הפקר־מענטש. זיך אויפגעפירט ווי אַ זשלאָב, אַ באַלעגאָלע. איצט איז שוין אַלץ געענדיקט. זי האָט געמיינט אַז דער וועג איז שוין פאַר איר אָפן. זיך ענדלעך אַרויסגעריסן פון דער פינצטערניש אין דער ליכטיקער וועלט אַרײַן, אין לעבן אַרײַן. איז אָט האָסטו דיר איין קלאַפּ און אַלע וועגן זענען פאַר דיר צוריק פאַרמאַכט. צוריק אין דער מויזן־נאָרע... אַליין קאָן מען נישט אַרויס און מע שלעפּט

נאָך אַנדערע נאָך זיך, ווי אַ טרינקענדיקער, צום דנאָ. ווי אַ שאָטן וועט ער זי אַזוי פאַרפאָלגן אַ גאַנץ לעבן, אויף טריט און שריט.

— וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מײַנע יונגע יאָרן? וואָס ווילסטו פון מײַן לעבן האָבן? מיר ביידע קאָנען נישט זײַן צוזאַמען. מיר זענען נישט קיין פּאָר. דו ביסט נישט פאַר מיר און איך טויג נישט פאַר דיר. זוך זיך אויס אַן אַנדערע און מיך לאָז אָפּ. מיר זענען צוויי באַזונדערע וועלטן. מיר קאָנען מער נישט זײַן אונטער איין דאַך. כ׳בין פאַר זיך נישט פאַראַנטוואָרטלעך. וועסט זיך גיך געפינען אַ צווייטע, אַ בעסערע פון מיר. ס׳וועט לאַנג נישט געדויערן און דו וועסט פאַרגעסן אין מיר. וועסט זיך אָפּגעוווינען. קיין שום זאַך איז נישט אייביק.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן, לושע!

— שווײַג! דו גאַרנישט! איך קאָן נישט הערן דײַן שטים. יעדעס וואָרט דײַנס רעגט מיך אויף. ביסט אַ קאַלטער גזלן, דערהרגעסט מיך ביסלעכווײַז. גיב בעסער אַ קלאַפּ מיט אַמאָל און זאָל עס נעמען אַ סוף. איך קאָן שוין נישט מער. ניין, ס׳מוז נעמען אַן עק דערצו...

זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זײַן האַנט, געגעבן אַ לויף אַ פּאָר טריט פאַר־רויס פאַר זיך און געבליבן שטיין בײַ אַ באַלויכטענער געשעפט־וויטרינע מיט קינדער־שפּילצײַג, קלעפּערלעך און לאַלקעלעך וואָס האָבן איר אַרויסגעשטעלט לאַכנדיקע צינגעלעך. ווי אַן אָפּגעבריטע האָט זי זיך שנעל אָפּגעקערט פון דער וויסטאַווע און זיך געלאָזט לויפן איבער דער גאַס — צו זײַן וואָס ווײַטער פון אים, נישט צו האָבן אים אין אירע דלת־אמות.

פראַנעק איז אונטערגעלאָפן אַן אומבאַהאָלפענער, אַ נאַרישער און זי גע־וואָלט נעמען אונטערן אָרעם. זי האָט זיך נישט געלאָזט אָנרירן פון אים. ער האָט זיך אַ שווײַגנדיקער געהאַלטן נאָענט בײַ איר זײַט. זי איז געווען אין גאַנצן דערשעפּט און געגאַנגען ווי נישט אויף אירע אייגענע פיס. פונעם טאַנצן אַזוי פיל זענען איר די פיס געווען אויפגעלאָפן בײַ די קנעכלעך. דאָך האָט זי זיך נישט געוואָלט אָנהאַלטן אַן אים, געגאַנגען אַליין.

די גאַסן זענען געווען כמעט ווי אָפּגעליידיקט. די טראַמווײַען זענען שוין לאַנג געהאַט אַוועק אין די רעמיזיעס. איינצלנע פאַרבײַגייער מיט אויפגעשטעל־טע קעלנערלעך האָבן זיך אײַליקע געשאַרט בײַ די ווענט. אויף אַן אַדורכקרייץ פון צוויי גאַסן האָט זיך באַוויזן אַ דראָשקע מיט אַן אויפגעשטעלטער בויד, אַ שוואַרצצעגלאַנצטע אינעם רעגן. פראַנעק האָט געוויזן מיט דער האַנט צום אײַנ־געטוליעטן דראָשקאַזש אויף דער קעלניע ער זאָל זיך פאַרהאַלטן. אָנשטאָט זיך אָפּצושטעלן האָט דער דראָשקאַזש נאָך אונטערגעיאָגט דאָס נאַסע פערדל מיט עטלעכע שמיץ מיט דער בײַטש, ס׳זאָל לויפן גיכער. דער רעגן פאַרשטאַרקט זיך.

די דראָשקע איז געווען אַ פאַרנומענע מיט אַנדערע פּאַסאַזשירן און האָט אונטערטענצלדיק אַוועקגעאײַלט מיט דער גאַס אַרויף.

זיי האָבן זיך ווײַטער געלאָזט גיין צופוס איבער די פּוסטע גאַסן. דאָס באַלאָווע קלייד, לושעס, האָט זיך גענומען קאָרטשען אין רעגן. זי האָט אויסגעזען דערין נעבעכדיק און קאָמיש, ווי אַן אָפּגעצוואָגן קעצל. ס׳איז איר געווען שווער צו גיין אויף די הויכע קנאַפּל, וואָס זענען געווען דערצו שמאָל ווי אַ עלדזל פון אַ פלאַש, און פּונקט אַזוי זענען די פּאַנטאָפל געווען שמאָל ביי די שפּיצן נאָסקעס און איר געדריקט די פינגער. זי האָט אויסגעטון די לאַקערקעס פון די פיס און זיי גענומען אין דער האַנט אַרײַן פאַר די רימענדלעך און די אַראָפּגעצויגענע זאָקן אַרײַנגעלייגט אין בײַטל אַרײַן. זי איז נישט געווען געווינט צו גיין אין ענגע לאַטשן מיט הויכע אָפּצאַסן. זי האָט זיך געגליטשט אין זיי און כסדר געפאַלן. פראַנעק האָט זי יעדעס מאָל אונטערגעכאַפּט, זי זאָל זיך נישט אויסצין ווי גרויס זי איז אין מיטן דער גאַס.

און אומגעקנאַקט איז זי אַן די לאַטשן. זי האָט אַרויפגעטרעטן מיטן באָרוועסן פוס אויף אַ שטיינדל, צי אַ שטיקל שערבל און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן טראָטואַר. ס׳איז געווען אַ נישט־געפלאַסטערט שטיקל גאַס וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין מיטן ברוקירן. זי איז געווען גוט באַטרונקען און בײַם גיכן גיין האָט זי פאַרלוירן די גלײַכגעוויכט. אַ שלאַבעריקע איז זי אַזוי געבליבן אין אַ האַלבזיצנדיקער פּאָזע בײַם וואַנט. דאָס קלייד איז געווען פאַרשאַרצט ביז צום דיקן פלייש. די העלע פיס מיט די אײַנגעבויגענע רונדיקע קני אַרויף האָבן געבלענדט מיט זייער העלקייט אינעם טונקעלן שטיקל גאַס.

פראַנעק האָט זי געוואָלט אויפהייבן פונעם נאַסן טראָטואַר. לושע האָט זיך נישט געלאָזט. אים אָפּגעשטויסן פון זיך מיטביידע הענט און אַזוי ווײַטער געזעסן אין דער נעץ. זי האָט געהאַט צו אים טענות פאַרוואָס ער האָט נישט מיטגענומען אירע שטעקשיך.

— דו האָסט דאָך נישט קיין שטעקשיך, פון וואַנען האָב איך זיי דיר געזאָלט מיטנעמען?

— ביסט קראַנק און געשוואָלן געווען מיר צו קויפן שטעקלעטשלעך אַזוי ווי אַלע פרויען האָבן...

— מע גיט נישט אויס קיין געלט אויף שמאַכטעס, זיך אָנגעקויפט צירונג „נאַ זאַפּאַס”, אויפן פּאַסעק. אַ פרוי דאַרף זײַן פּראַקטיש און וויסן אויף וואָס אויסצוגעבן דאָס געלט. אַנישט קאָן זי צעטרענצלען אַ פאַרמעגן.

— וועגן צעטרענצלען זאָלסטו מיר נישט רעדן, הולטײַ איינער! וואָס דו האָסט שוין אויסגעגעבן אויף בראָנפן וואָלט איך פאַר דעם געלט געקאָנט גיין אין גאָלד. דו האָסט מיר אַלץ באַדאַרפט קויפן, ביסט דאָך אַ מאַן, אַ מאַן!...

וואָס פאַר אַ מאַן ביסטו מיר?... אויף צו מאַכן סקאַנדאַלן!... אַ גאַנץ לעבן סקאַנ־דאַלן מיט סצענעס!... ווי האָב איך געקאָנט אויסקומען מיט אַזאַ מענטש?... דער בלויזער געדאַנק וועגן אים קאָן דערפירן צום ערגסטן!...

זי האָט גענומען צוקן מיט די אַקסלען, געוויינט שטיל מיט אַ העשען און שלוכצן. מיט דער האַנט האָט זי דערטאַפּט דעם ברעג קלייד, וואָס איז געלעגן פאַרנאַרעט אויף די נאַסע שטיינער, געקוקט דערויף, אויפן פאַרבלאַטיקטן באַל־קלייד אירס, וואָס ס'איז שוין מער נישט געווען צום טראָגן, נאָר אַרויסצוואַרפן עס אויפן שמיעטניק, און געגאָסן טרערן דערויף, אויפן קלייד פון פאַלשן זייד און אויפן אייגענעם אָפּגענאַרטן פאַלשן לעבן.

— קום, לושע, ווי לאַנג וועסטו אַזוי זיצן? ס'ווערט דאָך דאָ פון דיר אַ וויסטער תל. ביסט דאָך שוין אין גאַנצן דורכגעווייקט... קום...

פּראַנעק האָט זיך אַראָפּגעבויגן זי אויפצוהייבן פון דער ערד. זי האָט אַרויפ־געלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל. אירע אויגן זענען געווען מאָדנע פאַרטראָגן מיט אַן אומהיימלעכן גלאַנץ. ס'איז אים אַזש דורך אַ שוידער איבערן לייב. פון דער פריערדיקער צעפלאַמטקייט אירער דאָרט אין זאַל איז מער נישט געבליבן קיין זכר. זי איז אין גאַנצן געווען געררונצלט. זי האָט געקריגן אַ גרינע מראה אויפן פּנים. זיך אַנגעהאַלטן אָן אים און נאָכגעשלעפּט די טריט, ווי די כוחות וואָלטן איר געהאַלטן ביים אויסגיין, און נישט אויפגעהערט זיך בעטן ביי אים:

— קום, לאָמיר פאַרברענגען... די נאַכט איז נאָך גרויס. לאָמיר נאָך ער־געץ־ווו גיין... פיר מיך אין אַ קאַבאַרעט. אין אַ נאַכטלאָקאַל מיט אַטראַקציעס, מיט אַרטיסטישע אַרויסטריטן... מיט מוזיק... אַן אָרקעסטער זאָל שפּילן.

— ווו ווילסטו נאָך גיין? ס'איז שוין נישטאָ ווו... מיר זענען שוין אומע־טום געווען. קום אַהיים.

— איך וויל נאָך נישט אַהיימגיין! וואָס ווילסטו פון מיר? איך וויל זיך „באַוויען", ווייַלן וויל איך זיך אויף וואָס די וועלט שטייט! איך בין נאָך יונג. איך וויל איין נאַכט פאַרברענגען ווי אַ מענטש, לאָזט ער מיך נישט. פּענטעט מיר די פיס, כ'זאָל נישט קאָנען שטעלן קיין טריט. לאָמיך אָפּ וועל איך אַליין גיין. כ'וועל טרעפן אַן דיר דעם וועג.

זיי האָבן זיך געשלעפּט אונטערן רעגן גאַס־אויס, גאַס־איין. עטלעכע מאָל האָט זי אָנגעוויזן אויף פאַרבייגייער און געזאָגט, אַז ס'דאַכט זיך איר, אַז דאָס איז משה מעט, אָט דער וואָס גייט דאָרט:

— קום, לאָמיר צוגיין זען, ס'איז זיכער ער.

— וואָס פאַלט דיר איין? וואָס עפּעס פּלוצים משה מעט? דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט. ס'איז דאָך נישט מעגלעך. ער איז דאָך אויפן פראַנט. פון וואַ־נען זאָל ער זיך דערנעמען אַהער?

זי האָט יענעם נאָכגעקוקט, דעם פֿרעמדן פֿאַרבײַגייער, און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דאָס איז געװען אַ מענטש! אַזעלכן דאַרף מען זוכן! זיכער אומגעקומען אויפֿן שלאַכטפֿעלד... אַזעלכע מענטשן כאַװען זיך נישט לאַנג. די רויבפֿייגל טשאַטעװען אויף זיי, שלײַפֿן זיך די שנאָבלען... אַן אומגליקלעכער געװען, אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער... װי איך... װאָס בינדט מיך נאָך דאָ?... גאָרנישט...

װידער איז זי אויסגעבראָכן אין אַ געװיין מיט אַ צוקן פֿון די אַקסלען און באַלד פֿאַרביסן די ליפּן, אָפּגעהאַקט.

לאַנג האָבן זיי זיך נאָך געפּלאָנטערט װאַקלדיקע אין דער רעגנדיקער נאַכט. אויסגעמאַטערט האַלב װאַרשע. דער גאַנג אויף צוריק, צו דער פֿינצטערניש איז ערגער װי דאָס זיצן אין דער פֿינצטערניש. מיטן לעצטן ביסל כוחות האָט זי זיך געקלאַמערט, לושע, אינעם לעצטן ברעקל אילוזיע, װאָס איז איר אויסגע־רונען צװישן די פֿינגער. זי האָט אויף קיין פֿאַל זיך נישט געװאָלט אומקערן צו דער דערעסענער אַלטעגלעכקייט, צו דער אָרעמקייט און ענגשאַפֿט פֿון די גראָע אַלטשטאָטישע געסלעך.

פֿראַנעק האָט אַ ציטערנדיקער מיטן אויפֿגעשטעלטן קעלנערל זיך געבעטן בײַ איר זי זאָל גיין אַהיים, און זי: — ניין און ניין! ערשט װען ער האָט איר געזאָגט, אַז ס׳קינד איז אַליין, ס׳האָט זיך מיסתמא איבערגעװעקט און עס װיינט, ס׳האָט מורא... איז זי געבליבן שטיין, אים אָנגעקוקט, װי זי װאָלט געװאָלט דער־גיין צי ער נאַרט זי נישט אָפּ, צי ער זאָגט אמת, און אָנגעהויבן גיין אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג, װאָס האָט געפֿירט אויף אַראָפּ — צו די געסלעך פֿון אַלטשטאָט.

## קאַפּיטל ניין

# אין שײַן פֿון פֿאַרפֿלויגענע קינדעריאָרן

די פֿאַרביקע עלעקטרישע רעקלאַמע־ליכטער פֿון די קינאָס און טעאַטערס זענען שוין לאַנג געווען אויסגעלאָשן. די קאַלטע שווינדלפֿלאַמען האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך אין גאַס אַן אומעטיקע פּוסטקייט נאָך זייער אויסרונען און פֿאַרשווינדן. אַ הוילקייט וואָס קומט נאָך יעדן פֿאַרווײַלנדיקן רויש און ברויז. די שלאָפֿנדיקע רײַכע הײַזער פֿון ביידע זײַטן גאַס האָבן זיך כמורנע געווייקט אינעם רעגן — נעבעכדיקע און פֿאַרגליווערטע — ווי שטומע געדולדיקע שאָף אין פֿעלד, ווען זיי ווערן אויך אַזוי, אָן רחמנות, געשמיסן פֿון די רעגנבײַטשן רעכטס און לינקס.

די באַלכסונדיקע שטראָמען האָבן זיך ליכטיק געבלעזלט פֿאַר די מידע טריט פֿון די צוויי איינזאַמע נאַכטוואַנדלער, פֿאַרטוליעטע איינער אין צווייטן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'וועט שוין אַזוי כליאַפּען און גיסן אָן אויפֿהער, אָן אָפּהאַלט, אַלץ שטאַרקער און אימפּעטיקער, ס'וועט גאָרנישט נעמען קיין סוף צום פֿלייצנ־דיקן מבול. אין די פֿאַרפֿולטע ראָוון איז דאָס רעגן־וואַסער אָנגעלאָפֿן וואָס אַמאָל ראַשיקער און טומלדיקער, זיך געשטופּט און געפּאַקט מיט געפּילדער בײַ די אײַזערנע רושטן, זיך געיאָגט אַרונטער אין די טיפֿענישן, צו די שטאָטישע קאַ־נאַלן אַראָפּ.

וואָס האָבן זיי, פֿראַנעק מיט לושע, פֿון די שיינע וואַרשעווער גאַסן מיט די העלע לאָמפּן אין די קײַלעכיקע מילכקלאָשן ווי די פֿולע לבנות; וואָס איז געווען דאָס יאָגן זיך זייערס אַזוי אַהער, אַז בײַ אַ ליאַדע טרייסל און וועטער־ענדערונג, בײַ אַ נאַרישן רעגן קריגן זיי אַן אויסזען, די גאַסן, פֿון אַ געשלאָגענעם הונט; ווערן פּונקט אַזוי טרויעריק און געהויקערט, און זעען נאָך אפֿשר מער קלאָגע־דיקער אויס ווי די ענגע פֿינצטערע געסלעך אויף דער פּעריפֿעריע וואָס זענען שוין אײַנגעוווינט מיטן אומעט, און דער טרויער קליידט זיי אַפֿילו צום פּנים.

זיי האָבן ביידע געשטעלט געלאַסענע טריט אינעם רעגן ווי אַזעלכע וואָס האָבן זיך שוין נישט נאָך וואָס צו יאָגן און ווייסן פֿון פֿאָרויס אַז זיי וועלן שוין סײַ ווי גאָרנישט מער באַווײַזן אין לעבן. אין די אויערן איז זיי געשטאַנען דער טומלדיקער רויש פֿון דער טאַנצמוזיק, און דער ריטש פֿונעם איבערגעקערטן

וויאַלאָנטשעל איז זיי נאָכגעקראָכן נאָכאַנאַנד, ווי אַ היימלאָזער גאַסנהונט, וואָס טשעפּעט זיך צו וועמען צו און וויל נישט אָפּטרעטן אַפילו מע זאָל אים טרייבן מיט שטעקנס.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דאָס געשלאָסענע שטאַכעטן־טויער פונעם שטאָטישן גאָרטן מיטן אָנגעהאָנגענעם שווערן שלאָס. דורך די שוואַרצע הויכע שטאַכעטן האָט אויף זיי אַ ווייע־געטון מיטן פוילנדיקן ריח פון אָפּענער ערד, וואָס האָט דערמאָנט אין ערשטגעגראָבענע קברים אויף אַ בית־הקברות וואָס וואַרטן אויף פרישע מתים. די טונקעלע פאַרקביימער האָבן זיך סודותפול צערוישט ווי זיי וואָלטן זיך אַליין געווען דערשראָקן פאַר די שפּעטע טריט פון די אומגעריכטע געסט.

ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך נאָך מער צוגעטוליעט צו זיך אין גיין. ער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען פאַר דער טאַליע. זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל. זיי האָבן זיך געהאַלטן נאָענט פאַזע דעם שטאַכעטן־פאַרקאַן וואָס האָט זיך געצויגן לענגויס דעם ברייטן טראָטואַר. די פוסטע אַלייען מיט די ליידיקע בענק זענען אין רעגן געווען פאַרגאָסן פון ברעגלאָזן אומעט. די שאַרפע גאָרטן־ריחות פון פרישן גראָז און בלומיקן צוויט האָבן אויפגעוועקט אין זיי די נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך די גיך־אַוועקגעלאָפענע קינדעריאָרן. ס'זענען מיט אַמאָל אויפגעגאַנגען יענע גליקלעכע זאָרגלאָזע זומער־פאַרנאַכטן מיט די פאַרביקע סאַמעט־בלומען אין די קלומבעס, מיט די ווייסע שוואַנען אויפן סטאַוו און שטיינערנעם זונזייגער אַנטקעגן די עלף טויערן אונטער די אַרקאַדן וואָס האָבן געפירט אויף פלאַץ סאַסקי מיט פאָניאַטאָווסקי אויפן פערד און דעם בלאָען רוסישן סאָבאָר מיט די גאָלדענע קופּאָלן וואָס האָבן שימערירט צעלויכטענע אין דער זון.

זיי זענען זיך געקומען שפּילן דאָ אַהער אין גאָרטן אַריין פון די הינטערשטאָטישע גאַסן. פראַנעק איז געווען מיט נאָך שקאָלע־יינגלעך פון שילעץ און פאָווישלע [1]. שטענדיק אַ בלייכער, אַ שטשופּלער, מיט די שמאָלע פּלייצקעלעך איינעם אויסגעוואַקסענעם מאַרינאַרקעלע, האָט ער אויסגעזען אַ סך יינגער פון זיינע חברימלעך, כאָטש ער איז געווען איין עלטער מיט זיי און פון זעלבן קלאַס.

טאַקע אַ דאַרער, אַ דראָבנער, אָבער אַן אַמביטנער יאַט איז ער געווען, פראַנעק. אויס מורא מע זאָל אים נישט פאַרגלייכן צו די יידישע יינגלעך, וואָס אַנטלויפן פאַר יעדן שייגעצל, האָט ער זיך אַלע מאָל געגעבן אַ רוק אַרויס דער ערשטער, זיך געוואָלט אויסצייכענען מיט זיין געוואַגטקייט מער פון זיי אַלע.

---

[1] וויסל־געגנט

דאָס ליציפּעטן־היטל האָט ער געטראָגן אָן אַ זײַט, ווילעריש אַראָפּגערוקט אי־בערן שטערן, ער זאָל האָבן אַן אויסזען פון אַ „פּעטניאַק“, אַ שטאַרקער.

בײַ געשלעגן און געפּאַרן איז פראַנעק שטענדיק געווען דרייסטער פון די איבעריקע יינגלעך און אָנגעגאַנגען פאַרן כוואַט וואָס וועט אַפילו אין פײַער נישט ווערן פאַרברענט. ער האָט אויך געהאַט בײַ זיי אָנזען צוליבן קאָנען פלינק פאַרטשעפּען די פּאַניענקעס און פלירטעווען מיט זיי. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אין זײַן באַנעמען זיך צו זיי, ווי זיי וואָלטן שוין טאַקע געווען דער־וואַקסענע נישט אַזעלכע סמאַרקאַטעס, וואָס קיינער קוקט זיך נישט אום אויף זיי, אָדער אויב יאָ איז עס נאָר אויף חוזק צו מאַכן און זיי אָפּשיקן צו דער „מאַמושו“ פרעגן, צי זיי מעגן שוין פלירטעווען מיט יינגלעך.

זי האָט דעמאָלט געטראָגן, לושע, אַ ראָזע קלײדל מיט רונד־אָפּשטייענדיקע פאַלבאַנקעס. דאָס קלאָרווײַסע אויסגעלייגטע שקאָלע־קעלנערל, צוגעשפּילעט בײַם האַלדז, פאַרלייגט מיט אַ ראָזע שלייפל. די פלאַקסענע האָר פאַרקעמט אויף גלאַט, אָפּגעצויגן, מיט אַ גרויסער רויטער קאָקאַרדע פאַרפלאָכטן אין די גאָל־דענע צעפּ ווי אַ גרויסער שיינער מאָטיל. זי האָט זיך שטענדיק געררויטלט פאַר־שעמט פאַר די קאָמפּלימענטן וואָס פראַנעק האָט איר געמאַכט פאַר אַלע אין די אויגן. זי האָט זיי גענומען ערנסט, נישט ווי די אַנדערע קאָלעזשאַנקעס אירע, וואָס האָבן זיך אויסגעלאַכט פון די יינגלערישע שיינע ריידעלעך, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן האַלב־לאָבוסעוואַטע, פאַרשײַט און האַלב־תמימותדיק, קינדעריש אויפריכטיק, וואָס האָבן פאַרשאַפט אמתן פאַרגעניגן.

זיי האָבן זיך צום ערשט געשפּילט אין יאָגעלעך און באַהעלטערלעך. מ׳האָט זיך פאַרשטעקט אונטער אַ באַנק מיט מענטשן, הינטער אַ דיקן קאַשטאַנבוים. פראַנעק האָט שטענדיק געטשאַטעוועט אויף לושען און בײַם אַרײַנקריגן זי אין זײַנע אָרעמס בגנבה אַ קוש געגעבן ווו ס׳איז אויסגעקומען, אין האַלדז, אין באַק, אויפן קאַרק מיט די פּוכקע הערעלעך — אָט ווי ער וואָלט זיך אומגערן אָנגע־רירט מיט די ליפּן אין איר העלן לויטערן לײַב.

שפּעטער, ווען מ׳האָט זיך גענומען אויסטיילן פון די איבעריקע קאָלעגעס מיט די קאָלעזשאַנקעס, איז מען צוזאַמען געגאַנגען פאַרלעכווײַז זיך לודקעווען אויף דער ווײַסל. זיי זענען געזעסן אין אַ שיפל רויטבאַלויכטענע פון אַ פלאַמ־פײַערדיקע שקיעה, וואָס האָט געבלוטיקט אויפן האָריזאָנט אין אַ רעגנבויגן פון פאַרבן. זיי האָבן זיך אָוועקגעשיפט ווײַט פון ברעג, אָפּגעטיילט פון אַלע אַנדערע פאַרלעך, אַרויס אויפן מיט ווײַסל און געלאָזן די חברותא מיט דער גאַנצער שטאָט הינטער זיך. בײַ אַן אָפּגעלעגן פוסט אינדזעלע, נאָך ווײַטער פון דער סאַסקע־קעמפּע, האָט מען אַרויפגעצויגן דאָס שיפל אויף דער טריקעניש און אַוועק־געשפּאַצירט טיף אין וועלדל אַרײַן. צוריק פון דאָרט האָבן זיי זיך אומגעקערט

פאַררויטלטע און צעשויבערטע, מיט זיסקלאַפּנדיקע הערצער, איבערגעגאַנגענע פון אַנגעקוועלטער פרייד, פון איבערגעפולטן יינגל־מיידל־גליק, פון גליקלעכן תענוג וואָס ס׳האָט זיי גאָרנישט געקאָנט זעטיקן...

ווי ווײַט איז איצט דאָס אַלץ פון זיי און ווי גיך ס׳איז פאַרשוווּמען! פאַרשוווּמען מיט דער זעלביקער גיכקייט פון אָט דעם רעגן־וואַסער, וואָס אײַלט זיך צו קומען וואָס גיכער אין די קאַנאַלן אַרײַן, גלײַך ווי ס׳וואָלט זיי דאָרט דערוואַרט עפּעס אַ גרויס גליק.

דאָס באַלאָווע קלייד פון ביליקן זײַד, וואָס לושע האָט געטראָגן אויף זיך, האָט שוין איצט געהאַט אַן אויסזען, ווי מע וואָלט עס נאָר וואָס אַרויסגעצויגן פון דעזינפעקציע אַרויס. ס׳איז געווען אײַנגעשרומפּן און אין גאַנצן צעקנאָדערט ווי אַ וויעכעטש. ס׳האָט אַראָפּגעווייינט פון איר מיט די פאַרבלאָטיקטע און פאַרשלומפּערטע זײַטן. דאָס אַנגעהאָנגענע שווישטשענדיקע צירונג מיט די צוויי פאָר בײַטשלעך קרעלן אויפן האַלדז און דער צעשויבערטער פריזורע, וואָס ס׳האָט געדונען דערפון סטרוגעסווײַז, האָבן זי געמאַכט קאָמיש — צום לאַכן. אַ באָרוועסע מיט די באַלאָווע לאַטשן אין האַנט האָט זי אַרויסגערופן די שטוינונג און צעשמייכלטקייט בײַ די זעלטענע, כמורנע, פאַרבײַגייער, דורכגעווייקטע פונקט אַזוי ווי זיי פונעם כליאַפּ רעגן.

עטלעכע שוויצערישע יונגעלײַט האָבן זיי אַקעגנגעלאָכט גלײַך אין פּנים אַרײַן און זיך אָפּגעשטעלט נאָכקוקן, נישט אויפהערנדיק צו לאַכן. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָט לושע פּלוצים זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן פאָרנט און זיך צו רייצן מיט זיי געגעבן אַ פאַרהייב דאָס קלייד ביז אַרויף.

די פּוילישע יינגלעך אין די מאַטשעיוווקעס האָבן זיך נאָך העכער צעלאָכט. זייערע בריַעדיקע חוזק־געלעכטערס האָבן פראַנעקן געשמיסן איבערן פּנים ווי נאַסע בײַטשן. זיך אָנטרעפנדיק מיט פראַנעקס ברייט־אויפגעריסענעם פאַרווירטן בליק האָבן די יינגלעך מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט נישט אָנהייבנדיק צו פאַרשטיין וואָס אַזוינס ס׳קומט דאָ פאָר: צי איז עס אַ מאַסקאַראַד אַזאַ, צי די מויד איז פּשוט אַראָפּ פון זינען.

דער קאָמיש־קלאָגעדיקער מעמד פונעם אויסטערלישן פּאָרל האָט די יינגלעך פאַרווײַלט און אינטריגירט, ווי אַ פריילעך־פאַרכאַפּנדיק ספּעקטאַקל, וואָס מע קאָן עס אין ערגעץ נישט זען אַפילו פאַר קיין געלט. די צעבאַלעוועטע יונגעלײַטלעך, מיט די העלע שניפּסן און שטײַפע קראַגנס, וואָס האָבן זיך אַוודאי אומגעקערט פון אַ היימישער זאַבאַווע, האָבן בייגעריק גענומען נאָכגיין נאָכן פּאָרל שריטנווײַז אויף אַ שפּאָרן דיסטאַנץ, פון דער ווײַטנס, צו זען וואָס ס׳וועט דאָ ווערן פון זיי, און צוגעוואָרפן ציניש באַמערקונגען און שטעכווערטלעך, וואָס זענען געפאַלן אויף פראַנעקס קאָפּ ווי אַ געדיכטער האָגל.

## קאַפּיטל צען

# קאַשמאַר פון אַ רעגנדיקער פרילינגנאַכט

לושעס משונהדיק אויפפירן זיך האָט ביי פראַנעקן אָפּגענומען דאָס רעשט ביסל שכל. ער איז געגאַנגען ווי אַ וואַנזיניקער נישט צו וויסן נאָך וואָס און וווהין. פאַר זיינע אויגן האָט זיך כסדר דערנענטערט און דערווייטערט דער עלעגאַנטער שניאַדער הער מיט די וואָנסעלעך, וואָס איז מיט אַ טראַסק אַריינ־געפאַלן אין אָרקעסטער און זיך דאָרט פאַרפּלאָנטערט אין די שפּיל־אינסטרו־מענטן מיט אַ געדזשינדזשעריי און געסקריפּ פון שטולן און שטענדערס. ס'האָט זיך אים געדאַכט, פראַנעקן, ווי ער אַליין האַלט אויך אַזוי אין פאַלן אָן אַן אָפּ־האַלט. ער האָט זיך שוין איצט אָנגעהאַלטן אין איר. לושע האָט שוין איצט געפירט אים, נישט ער זי.

ווען ער האָט זיך אויף אַ רגע געגעבן אַ כאַפּ, ווו ער איז ערגעץ אין דער וועלט, האָבן זיי זיך שוין געפינען נישט ווייט פון דער היים.

גייענדיק מיטן שיפן געסל באַרג־אַראָפּ האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן אויפן אַנטקעגנדיקן מיידל־מאָנאַסטיר מיט דער מאַטקע־באָסקע פאָרנט פאַרן אַריינ־גאַנג. דאָס נר־תמיד־לעמפּעלע, פאַרהויבן אין איר לינקער האַנט, האָט באַלויכטן דאָס קינד, וואָס דאָס הייליקע מוטערל האָט געהאַלטן צוגעטוליעט צו דער ברוסט.

לושע האָט פּלוצים אויפגעשווידערט מיט די דינע אַקסלען, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן פאַר עפּעס אַ מאָנסטעריעז געשטאַלט, און ראַפּטעם אַ פאַרהייב געטון די האַנט קעגן די אויגן ווי זיך צו שיצן דאָס פּנים קעגן די האָריק־באַוואָקסענע לאַפּעס, וואָס שטרעקן זיך צו איר, ווילן זי אַריינקריגן אויף מער זי נישט אַרויס־צולאָזן... די פאָרשטייענדיקע מוטערשאַפט — איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — וועט זי אַזוי האַלטן אין דער קלעם אַ צוגעשמידטע צום אומפאַרמיידלעכן גורל, ווי אָט די סטאַטוע — צום מאַרמאָרנעם פּיעדעסטאַל. זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי זיך צו לאָזן לויפן אויף צוריק. באַלד אָבער האָט זי זיך באַהערשט און אָן אויסגעגלייכטע זיך אַריינגעדרייט אינעם זייטיקן פינצטערן געסל. זי איז איצט געגאַנגען מיט פאַרגיכערטע טריט, אַ גרינגע, ווי זי וואָלט זיך באַפרייט

פון אַ שווערער משא. זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר מיטגייער, אויף פראַנעקן, וואָס האָט זיך איר נאָכגעשלעפּט ווי איבעריק. ס׳איז אַלץ געשען אַזוי אומגעריכט שנעל אַז פראַנעק האָט זיך נישט באַוויזן אַרומצוקוקן ווו ער געפינט זיך. זיי זענען צוגעקומען צום האַלב־חרובן הויז מיטן אָפּגעלעגענעם טויערל. זי איז אַן וואַקלעניש אַרײַן אינעווייניק ווי זי וואָלט עס געגאַנגען צו זיך אַהיים. ער איז איר בלינד נאָכגעגאַנגען מיט פאַרטעמפּטן זינען. זיי זענען געקראָכן אויף טרעפּ, קרומע אַזעלכע און טונקעלע, ווי בײַ זיי אויפן וואָנסקי־דונאַי. ס׳איז געווען אַ סך טרעפּ. זייערע פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין קנוילן עלעקטרישע דראָטן. מ׳האָט דאָ אין די שטובן, ווײַזט אויס, אָנגעהויבן אַרײַנציִען עלעקטריש ליכט און די דראָטן האָבן זיך געוואַלגערט פאַר די פיס. זיי זענען דערקראָכן צום העכסטן גאָרן און צוגעקומען צו אַן אויפגעפּראַלטער בוידעמטיר מיט אַ האַלבן שטאָק הויכע שטיגן אינעווייניק. זי איז געגאַנגען גיך, אָן אָפּשטעל, ווי געטריבן פון אַן אינערלעכן רוף, זי זאָל גיין אויספירן דעם באַפעל...

די קלעפּיקע בוידעם־פינצטערניש האָט זיי אײַנגעשלונגען אין זיך ווי אַן אָפּן, ברייט־אויפגעריסן תהומיק מויל. דער געדיכטער טוכלער שטויב האָט געשטיקט אין האַלדז און פאַרהאַקט דעם אָטעם. ס׳האָט אים באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס. מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי אַ בלינדער, האָט ער זי געוואָלט דערכאַפּן. אָט האָבן זײַנע הענט זיך אָנגערירט אין איר גליטשיקן קלייד און גלײַך צוריק געבליבן ליידיק. ער האָט זיך גענומען יאָגן נאָך איר איבערן בוידעם. זי האָט זיך יעדעס מאָל באַהאַלטן הינטער אַ צווייטן הילצערנעם סלופּ. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט און אַ פאַל געטון איבער אַ לײַסט. ווי אַ קאַץ האָט זי געגעבן אַ שפּרינג־צו צום פענצטערל־עפענונג וואָס האָט געפירט אויפן דאַך אַרויף. מיט ביידע הענט האָט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַרן פענצטער־לײַסטל און זיך גענומען ציִען מיטן גאַנצן קערפּער אין דער הייך אַרויף, אויבן, אויפן דרויסן אַרויס.

פראַנעק האָט גאָרנישט באַנומען פון דער לויערנדיקער סכנה, נאָר פאַרשטאַנען אַז ער טאָר זי נישט לאָזן אויבן אַליין. ער האָט זי באַוויזן אָנצוכאַפּן פאַר אַ פוס און זי געפּרוווט מיט אַלע כוחות צוריק אַראָפּציִען אין בוידעם אַרײַן.

לושע האָט זיך קאָנוווּלסיוו גענומען ראַנגלען און צאַפּלען מיט די פיס. זיך אָנגעהאַלטן אָן עפּעס אין דער הייך מיט ביידע הענט און נישט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט זיך באַמיט זי צו פּאַקן אויך פאַרן צווייטן פוס ווען ער האָט דערפילט אַז זי ווערט שוואַכער און הייבט אָן נאָכגעבן, זיך אַראָפּבייגן. אין דער רגע האָט ער — נישט צו וויסן פון וועלכער זײַט — געקריגן אַ טעמפּן קלאַפּ אין קאָפּ. ער האָט נישט באַוויזן צו קומען צו זיך, האָט זי אים מיטן גאַנצן כוח אַ קאָפּע געטון מיטן אַנדערן פרײַען פוס אין פּנים אַרײַן, אַז דער קאָפּ זײַנער האָט זיך אויף ס׳נײַ אָנגעשלאָגן אָן שאַרפן קאַנט פון דאַך. ער האָט אָפּגעלאָזט איר

פוס און אומגעפאַלן אויף דער ערד. ער איז גלײַך אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט נאָך איר דורך דער עפענונג. און שוין איז ער אין דער הייך אויף אַלע פיר אויפן דאַך. זי האָט זיך געפינען אויפן צוגעפעסטיקטן ברעט לענגויס דעם דאַך אַ פאַרפלאָנטערטע אינעם בינט עלעקטרישע דראָטן וואָס זענען דאָ געלעגן צום פאַרציִען.

ס'האָט זיך פאַרקניפּט צווישן זיי אַ געאַמפּערײַ אויף אַלע פיר, אַ געראַנגל אויף לעבן און טויט. זי האָט זיך געריסן פון אים מיט אַלע כוחות, אָן רייד, ווי יעדעס וואָרט וואָלט שוין געווען איבעריק. נישט נייטיק מער. דער באַשלוס איז שוין אַ פאַרטיקער, אַ געחתמעטער און קיינער קאָן אים שוין נישט ענדערן.

ער האָט דערפילט, פראַנעק, אַז זי איז שטאַרקער פון אים. ער הייבט אָן פאַרלירן די גלײַכגעוויכט. ווי אַ שאַרפער ווייטיק האָט אים אַ שניט געגעבן דער געדאַנק, אַז זי איז שוין אויף אייביק פאַר אים פאַרלוירן. אויף אַ רגע איז ער באַהערשט געוואָרן פונעם רעזיגנאַציע־געפיל פון אַ פאַרשפּילטן. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ קורצע ווײַלע בלויז. ווען ער איז שוין געווען מיט איר בײַ דער סאַמע עפענונג וואָס האָט געפירט אַראָפּ אין בוידעם — גרייט זי צו געבן אַ וואָרף אַראָפּ אינעווייניק ווי אין אַ קעלער אַרײַן, — האָט ער מיט דער האַנט איר אַרונטערגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַראָפּ צו קאָנען געבן אַ שטופּ נאָך. זי האָט נאָכגעלאָזט פון דער שטײַפקייט, זיך געגעבן האַסטיק אַ בייג אַרײַן און אַ ציִ אויס אין דער גאַנצער לענג, און פון אונטער זײַנע הענט אַפער האָט זי זיך געטון אַ גליטש אַראָפּ איבערן דאַך. צו זײַנע פאַרגלושעטע אויערן איז דערגאַנגען דער טעמפּער הילך פונעם פאַל־אַראָפּ אונטן אין גאַס אויף די שטיינער.

אין גאַנצן אַ צעפאַרעטער, ווי אַ צעווילדעוועטער אָקס, האָט ער אין איין אימפּעט געגעבן אַ יאָג אַראָפּ פון אַלע שטיגן. מיט אַ צעפּאַטלטן קאָפּ האָר און אַרויסגעזעצטע אויגן איז ער מיט אַ האַסט אַרויסגעפאַלן דורך דער אויפגערי־סענער טיר אין דרויסן אַרויס און צוגעפאַלן מיטן גאַנצן קערפּער צו דער ליגנ־דיקער אויפן טראָטואַר און פאַרגראָבן דאָס פּנים זײַנס אין איר לײַב וואָס איז געווען פאַרעדיק וואַרעם.

זי איז געלעגן שטיל, רויִק, געשטרעקט, מיט צענומענע, ברייטפונאַנדערגע־ריסענע פיס — אָן סימן פון לעבן. דער קאָפּ איז געווען פאַרוואָרפן אָן אַ זײַט מיטן פּנים צום רינשטאָק, און דאָס צעפליקטע קלייד פאַרריסן ביז איבערן בויך.

פראַנעק האָט מורא געהאַט אַ קוק צו געבן אין דער זײַט פון איר פּנים. ער זאָל נישט דערזען די אויסגעקרימטקייט פון אַ מאַסקע. מיט אַ טרייסלענדיקער האַנט האָט ער מיט אַ פאַרזיכטיקייט אָנגענומען דעם פאַרבלאָטיקטן ברעג קלייד, אַראָפּגעצויגן עס נידעריקער צו פאַרדעקן די נאַקעטע פיס.

די יונגעלײַט, וואָס האָבן זיך פריִער פאַרהאַלטן נייגעריקע פון ווײַטנס, צו

זען װאָס דאָ װעט זײַן, זענען געקומען צולויפן און גענומען באַטראַכטן די ליגנ־דיקע פון דער נאָענט, גלײַך זײ װאָלטן געװאָלט זען צי זײ קענען זי נישט אַמאָל פון די געסלעך. איינער פון זײ האָט באַמערקט צו די איבעריקע אַז מיסתמא איז זי „אַזעלכע" פון יענע, פון די „צוויי פאַר אַ דרײַער"... בײַ „זײ" טרעפט זיך אַלץ.

מיט אַ פאַרגאָסענעם זינען איז צו פראַנעקן מטושטש דערגאַנגען אַז לושע איז טויט, אַז ער נורעט דאָס פנים זײַנס אין אַ מת און מיט אַ לײַכטן אויפּציטער אַרויספאַרהויבן דאָס פײַכטע פנים װאָס איז געװען אין גאַנצן גערונצלט. ער איז געבליבן שטיין איבער איר אויף די קני אַ פאַרגליװערטער, אַן אַנטשטומ־טער מיט אַ טיף־אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ אויף דער ברוסט.

צו זײַן אויער זענען דערגאַנגען ברעקלעך רייד פונעם אַנצוהערעניש אויף לושען. אין זײַן צעגליטן מוח האָט זיך אים געפּלאָנטערט אַ געדאַנק, װאָס האָט זיך אים אײַנגעגראָבן װאָס אַמאָל שאַרפער און קלאָרער, אַז דאָס האָט זי זיך עקסטרע אַזוי אויפגעפירט די נאַכט אַז ער זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק איבער־בעמען מיט איר טויט. זי האָט אים אַלץ געטון צו להכעיס אויף טריט און שריט, ער זאָל טראַכטן אַז זי איז שוין סײַ װי געװען פאַר אים אַ פאַרפאַלענע, אַ פאַר־לוירענע. װעט ער זי װינציקער באַדויערן. דער װייטיק פונעם פאַרלוסט װעט דעמאָלט זײַן גרינגער צום איבערטראָגן, נישט אַזוי גרויס. אין דער נשמה אירער איז זי געװען אַן איידעלע. זי האָט נישט געװאָלט אַז ער זאָל לײַדן נאָך איר טויט, װען דעם געשטאָרבענעם איז שוין דעמאָלט סײַ װי סײַ אַלץ איינס. און אפשר איז זי טאַקע געװען אַ קאַליע־געמאַכטע, אַן אויסגעלאַסענע, און דאָס האָט זי געטריבן צום פאַרצװייפלטן שריט, דאָס װאָס זי האָט שוין אַנדערש נישט געקאָנט זײַן װי אָט אַזוי װי ער האָט זי געזען אין דער דאָזיקער לעצטער נאַכט אירער. ער װעט סײַ װי אַ גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן דעם קאָשמאַר פון יענער רעגנדיקער פרילינגנאַכט װען ער איז געבליבן אַליין אויף גאָטס גרויסער װעלט.

קאַפּיטל עלף

# אַבעטל בײַ יענעם

די קילע בײַנאַכטיקע ווינטעלעך, וואָס זענען געקומען אַנצולויפֿן פֿונעם ווײַסלבערג, האָבן אָנגעיאָגט אַהער אין געסל אַרײַן מיט אַן אומהיימלעכן פֿלאַטער, ווי דאָס שורשען פֿון טונקעלע קראָעשע פֿליגל איבער אַ פּגירה. אַ לויף געטון רעכטס, אַ שנאַפּ געטון לינקס, ווי זיי וואָלטן געזוכט וועמען, עפּעס אַ לעבעדיקן נפֿש, זיך צו דערפֿרייען מיט אים, זיך אַרומצוכאַפּן. איבערגעראַשטע זענען זיי צוגעפֿאַלן צו די פֿיס פֿון די צוויי יונגע מענער, וואָס זענען געזעסן צוגעשפּאַרט אויפֿן הויכן שטיגל פֿונעם אָפֿענעם טויערל מיטן קלעפּיק פֿינצטערן קאָרידאָרל הינטער זייערע פּלייצעס — געהויקערטע ווי די דזשאָדעס בײַ די קלויסטערווענט אויף אַלטשטאָט.

די ווײַסלווינטעלעך האָבן קיל און פֿײַכט אַ פֿאָכע געטון איבער זייערע פֿאַר־פֿלאַמטע פּנימער וואָס זענען געווען צעצונדן ווי אַ שטיק גלוט. ביידע, סײַ פּראַ־נעק, סײַ משה מעט, האָבן אומבאַהאָלפֿענע געהויבן מיט די פּלייצעס, נישט גע־קענט דערגראָבן זיך צום סוד פֿון לושעס פֿאַרצווייפֿלטן שריט; וואָס אַזוינס ס׳איז פּאַקטיש געווען די אייגנטלעכע סיבה, וואָס ס׳האָט אַזאַ שיינע געראָטענע פֿרוי געטריבן יינגערהייט פֿון דער וועלט, אין דער צײַט ווען זי איז נאָך דערצו געווען אין אַנדערע אומשטענדן, געטראָגן אונטערן האַרץ אירס דעם קערן פֿון אַ נײַ צאַפּלדיק לעבן.

לושעס טויט איז געבליבן פֿאַר זיי אַ נישט־אויפֿגעקלערט רעטעניש, אײַנ־געהילט אין אַ געהיימעניש־פֿולן שלייער, אַ סוד וואָס זי האָט מיטגענומען מיט זיך אין קבר אַרײַן און וואָס וועט קיין מאָל מער נישט ווערן אויפֿגעדעקט.

דאָס האַלב־חרובע הויז איבער זיי וואָס מ׳האָט נישט געזען ס׳זאָל עמעצער אַרײַן אָדער אַרויסגיין פֿון דאָרט, האָט געגלאָצט צו דער גאַס מיט בלינדע פֿענצ־טער־בעלמעס. אַרום איז געווען אַ טויבע אויסגעהוילטע שטילקייט. עטוואָס אַראָפּצו פֿאַרן מאָנאַסטירל האָט זיך געטוקט דער פֿאַרביקער מוטנער שײַן פֿון דער לאָמפּאָדקע אין דער פֿאַרהויבענער האָנט פֿון דער פֿאַרגליווערטער מוטער־

פיגור, וואָס ס׳ווערט איר אַזוי נישט פאַרמיאוסט דאָס נאָכאַנאַנדיקע שטיין פאַרן פּוסטן פאָסאַד מיטן געשלאָסענעם אַרײַנגאַנג.

פון צײַט צו צײַט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אַהער דאָס ווידערקול פון פאַרשנײַ־לערטע טריט, וואָס זענען געקומען פון ערגעץ אַ זײַטיק געסל, און ווי מיט אַ כיוון אויסגעמיטן דעם ראָג גאַס, גלײַך ווי דאָס אָרט דאָ וואָלט געווען געשראָקן און געדראָעט מיט אומגליק און סכנה. אויפן אַנדערן טראָטואַר אַנטקעגן האָט זיך פאַרן קעלער־פּענצטערל באַוויזן אַ גרויסער שוואַרצער קאָטער. ער איז געבליבן זיצן אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און אַ בלענד־געטון גרין מיט די צוויי פּאָס־פאַרישע קײַלעכיקע קעצענע אויגן אויף די צוויי אומבאַקאַנטע געסט; ווער זענען זיי פאַר איינע און וואָס טוען זיי דאָ אַזוי שפּעט?

פון ראָג אַרויפּצו איז אַנגעלאָפן אין איין שרעק אַ צעיאָכמעטע פאַרסאָפּעט סוטשקע־הינטעלע מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג און אַרונטערגעלאָזענעם עק. זי האָט געזוכט ווי אַזוי אַנטרונען צו ווערן פאַר די צוויי גרויסע שלעפּערישע הינט מיט די פאַרבלאָטיקטע אויסגעקראָכענע פעלן אויפן רוקן און בײַ די זײַטן. זיי זענען איר געדולדיק נאָכגעלאָפן ווו זי זאָל זיך נישט קערן און ווענדן. זיי האָבן איר גאָרנישט געטון, דער הינטעכץ, נאָר בלויז נאָכגעלאָפן. זיי ווילן זי אויסמאַטערן אַזוי אַ נאָך מיטן לויפן ביז זי וועט אָוועקפאַלן, די סוקע. דעמאָלט וועלן זיי קאָנען טון מיט איר וואָס ס׳וועט זיי געפעלן.

ווען די הינט האָבן זיך דערנענטערט אין געסל אַרײַן האָט זיך דער שוואַר־צער קאָטער אָפּגעטראָגן. ער איז אַראָפּ צוריק אין פינצטערן קעלער. ער האָט פײַנט אַזעלכע הינטישע שטיק. מע קאָן זיך דורכרעדן פריַער, זיך דערקלערן אין ליבע, בעטן און וויינען, סקאָמליען און סקאַווטשען, די סלינע זאָל קומען אין מויל אַרײַן, אָט אַזוי ווי די קעץ טוען. און נאָך דעם, אַז דאָס אַלץ העלפט נישט — זיך וואַרפן אויף איר, אויף דער פאַרעקשנטער זי. ווען די הינט זענען דורכגעלאָפן און ס׳האָט זיך אײַנגעשטילט דאָס שווערע הינטישע סאָפּען האָט זיך דער קאָטער צוריק באַוויזן פאַרן קעלערלאָך.

— אַזוי, ברודערקע, זעט עס אויס, — האָט זיך פראַנעק אָנגערופן צו משה מעטן ווען די צויג מיט די צוויי בראָדיאַגישע הינט הינטער איר זענען פאַרבײַ־געלאָפן, — ס׳איז גאָרנישט צו מאַכן. ס׳איז איין וועלט, בײַ די חיות ווי בײַ די מענטשן, שקאָדאַ גאַדאַטש, אַ שאָד די רייד. מיר האָבן דאָ שוין מער גאָרנישט וואָס צו טון. קום, הייב זיך אויף. וואָס װעמיר דאָ זיצן, ווי די אָפּגענאַרטע. ווי די שוטים. מע קאָן שוין גיין פון דאַנען. מער ווײפל דו האָסט זיך דערוווסט פון מיר וועסטו דאָ גאָרנישט דערגיין. די מויערן ווייסן אפשר מער פון אונדז נאָר וואָס קומט אַרויס אַז זיי שווײַגן. זיי טוען גאַנץ ריכטיק, וואָרן צוריק לעבעדיק מאַכן קאָנען זיי דאָך אויך נישט פּונקט אַזוי ווי מיר. טאָ נאָך וואָס טויגן די רייד.

געשטאָרבן — באַגראָבן און באַסטאַ. און דער וואָס לעבט — לעבט: ווער ווי אַ מענטש, און ווער ווי אַט די הינט, ווי מיר, ווי איך, ווי דו. ווערסט גאָרנישט ענ־דערן ברודער, אַז מע הייבט אָן פאַלן — פאַלט מען, ביז קאַפּשווינדל. מע באַ־ווײַזט נישט צו קומען צו זיך אַזוי גיך.

פראַנעק האָט אָפּגעהאַקט ווי ס׳וואָלט אים אויסגעפעלט אָטעם. זיי האָבן זיך אַרויסגעקריגן פון דער געסלדיקער ענגשאַפט און זענען אַרויסגעקומען אויפן בוגאַי מיט די ליימיקע שיפּאַראָפּיקע פישערשטיבלעך וואָס פירן צו דער ווײַסל.

ווי פאַרלוירן די אָריענטאַציע האָט זיך פראַנעק געגעבן אַ קוק אַרום, ער זאָל וויסן ווו ער געפינט זיך און פאַרשפּאַרן בלאָנדזשען אינעם אַלשטאָטישן לאַבירינט מיט די שמאָליטשקע הײַזער, וואָס שטייען ענג צונויפגעדרענגטע מיט די צוויי־דרײַ פענצטער די ברייט.

— פאַרשטייסט, בראַכו, — האָט פראַנעק אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין משך מעטס זײַט צו זען צי דער פאַרטנער זײַנער הערט אים, — קיינער האָט מיך נישט נאָך דעם געוואָלט אַרײַנלאָזן. מ׳האָט מיך געמיטן ווי כ׳וואָלט געווען דער שולדיקער אין לושעס טויט. קיינער האָט עס מיר נישט געזאָגט. כ׳האָב עס אָבער אַרויסגעפילט פון יעדנס בליק פול מיט פאָרוואָרף, מיט פשוטן האַס. כ׳האָב גע־זוכט אַ קאָנט, אַ ווינקל און נישט געקריגן. נישט איין מאָל גענעכטיקט אונטער דער בריק מיטן מענטשן־אָפּפאַל, שלעפּערס און אויסוואָרפן. ענדלעך האָב איך געקריגן אַ בעטל בײַ יענעם. אַ מכשפה מיט רויטע האָר. אָן אמתע שטשערווע. איך בין איר, זעט אויס, יאָ געפעלן. זי האָט מיך אָן אַ וואָרט אַרײַנגעלאָזט, די מכשפה־טשיסקע, און פאַר ביליק... נאָר זי איז אַ הונט מיט אויערן. נישט אויס־צוהאַלטן פון איר. אַ גאַנצן טאָג גייט זי אַרום אַ צעשויבערטע מיטן פלעדערוויש אין דער האַנט. האַלט אין איין פּוצן און שטויבן, און דער מושב וואַקסט ווי אויף הייוון. וואָס מער זי רוימט מער שטויב ווערט. בײַטאָג ברענט זי מיר די טריט, דאָ זאָל איך נישט גיין, דאָ נישט שטיין, דאָס גלעזל שטעלן דאָ, דאָס פּאַפּירל וואַרפן דאָרט, נישט פאַרגעסן צו גיין אויף די שמאַטעס ווען מע קומט פון גאַס. נישט שטעלן קיין הויכן טראַט. נישט גיין ווי אַ זעלנער. גלײַך ווי די פּאָדלאָגע וואָלט געווען פון גלאָז. זי דערגייט מיר מײַנע טעג און יאָרן, און בײַנאַכט קריכט זי צו מיר אונטער דער קאָלדרע, גיט מיר נישט קיין רו. שפּאַרט זיך אויף מיר מיט דער פלאַכער ליידיקער ברוסט, מיט די ביינערדיקע היפטן. טאַפּט מיך אויס מיט זשעדנע הענט ווי גרויס איך בין. ס׳דאַכט זיך מיר ווי קאַראַלוכעס וואָלטן אויף מיר געקראָכן. מיט די לאַנגע ביינערדיקע פינגער באַרירט זי מיר די אַקס־לען, די ברוסט, דעם בויך. גראָבט אײַן איר פּנים אין מײַן לײַב. די נאָז איז בײַ איר דערבײַ שטענדיק אַ קאַלטע ווי אײַז, אַ פאַרשפּיצטע. זי לאַשטשעט זיך צו מיר, בעטלט בײַ מיר אויס אַ צערטל, אַ קוש. און מיר גליסט זיך דעמאָלט זי צו

געבן אַ שליידער אַוועק פון זיך אַז זי זאָל ברעכן רוק און לענד. איך טו עס נישט. כ׳האַלט זיך אײַן מיט אַלע כוחות. זי וואָלט מיר אָפּגעזאָגט דאָס בעטל און כ׳וואָלט געבליבן אויף דער גאַס. נאָר צו גיין אין פּריוט אַרײַן נעכטיקן, מע זאָל פון דיר אַראָפּציִען דאָס לעצטע וואָס דו טראָגסט אויף זיך. פאַרמאַך איך די אויגן און נעם זי אַרום, דריק זי צו זיך און קוש איר אין מויל, דעם האַלדז, די פלאַכע בריסטן ווייך ווי מאַטשיק. זי ווערט צעצינדן, אין גאַנצן אויסער זיך. זי ברענט פון ליידנשאַפט, בײַסט זיך אײַן מיט די ציין, רײַסט פון מיר שטיקער, קושט מיך און האַלדזט מיך און סאָפּעט ווי אַ גאַנדז. און צומאָרגנס בײַטאָג קען זי מיך נישט, זי ווייסט נישט ווער איך בין. זי איז שוין צוריק אין טרויער נאָך איר גאָטזעליקן מאַן. און אַז זי דאַרף אַראָפּגיין אין גאַס אַרײַן טוט זי זיך אָן אין זשאַלאָבע, קליידט זיך אויס אין שוואַרצן פון קאָפּ ביז פיס. ס׳איז נאָך קיין גאַנץ יאָר נישט ווי דער מאַן אירער איז געשטאָרבן. אויפן זעלבן בעט טאַקע, ווו איך שלאָף, האָט ער געקרענקט. ער איז געווען פּאַראַליזירט, געפוילט לעבע־דיקערהייט. ס׳האָט זיך געפילט פון אים אַז מ׳האָט נישט געקאָנט אַרײַנקומען אין שטוב. זי האָט געבעטן אויף זײַן טויט ווי איינער בעט אויף אַ הילף, און געדאַנקט גאָט אַז ער האָט אים שוין צוגענומען צו זיך. זי האָט שוין נישט גע־האָט קיין כוח אַרומצוגיין אַרום אים. אַמאָל האָט זי אים שטאַרק ליב געהאַט. ס׳איז געווען בײַ זיי אַ פֿײַערדיקע ליבע. ער האָט פריִער געאַרבעט אין שעכט־הויז. שפּעטער זיך געעפנט אַ יאַטקע אין די טרייפענע האַלעס מיט שותפים. ער איז געווען אַ יונג מיט ביינער און געפירט דאָס רעדל. נאָך דעם האָט ער זיך צעקריגט מיט די קצב־יונגען. זיי האָבן זיך צעריסן און צעשלאָגן ווי די חזירים. ער האָט אַרײַנגעכאַפּט וואַזשנע לייגעס און געקריגן אַ בלוט־אויסגוס אין מוח, געליימט געוואָרן. אין די אָוונטן זיצט זי בײַם טיש איבערן אַלבאָם פאָטאָגראַ־פיעס און ווײַזט מיר וואָס פאַר אַ ראָסקאָשנער יונג ער איז געווען, דער מאַן אירער; ווי זיי האָבן פאַרברענגט אין די בערג אין זאַקאָפּאַנע; ווי זיי זענען גע־פאָרן אויף אַן אויספלוג קיין העל, צום ים; ווי זיי זיצן ביידע אין זונפאַרגאַנג אויף אַ הויכן שטיין אַרומגענומענערהייט אויף קיין מאָל זיך נישט צו צעשיידן. ער האָט אַראָפּגעקוקט פון בילד אַ זעלבסטזיכערער, אַ לאַכנדיקער מיט אַ מויל בלאַנקע ציין, אַ קרעפּטיקער, געזונט — אַ מויער. ער האָט געטראָגן אַ ספּאָר־טאָווע אַנצוג אין קראַטקעלעך און אַ גאָלף אויבן איבערגעוואָרפן, ענג אַרומגע־נומען אַרום האַלדז. זי קוקט אויף די פאָטאָגראַפיעס און האַלט אין איין רעדן פון אים, און וואָס מער זי רעדט פון איר מאַן אין די אָוונטן, אַלץ מער קריכט זי צו מיר אין די נעכט. אַ מאָדנע פרוי. כ׳האָב נאָך אין מײַן לעבן אַזוינס נישט געזען. אַן אַנדערע — ס׳האָט דיר געטראָפן אַן אומגליק — שווײַג כאָטש, פאַר־געס, פאַרבײַס מיט די ציין. רעדסטו וועגן אים — טאָ קריך נישט צו מיר. טוט

זי פּונקט פאַרקערט און ווײַזט נאָך אַז זי איז יענעם געטרײַ כאָטש אויף מיר וואַרט זי אין די נעכט מיטן גרעסטן אומגעדולד. אָט דאָס זעגען פּרויען. נישט צו פאַרשטיין פון דאַנען ביז אַהער וואָס אין אַזאַ ווײַבעריש קעפּל טוט זיך אָפּ.

פראַנעק איז אַנטשוויגן געוואָרן אַ דערשעפּטער מער פונעם רעדן ווי פונעם גיין איצט אויפן באַרגאַרויפיקן געסל מיט שטיינער־אָנשיטן פאַרמויערט אין דער וואַנט. נאָכן דורכגיין שווײַגנדיק דאָס מיטלאַלטערלעכע געסל האָט פראַנעק טיף אַרײַנגעצויגן דעם אָטעם ווי זיך אָנצונעמען מיט פרישן כוח און פרישער לופט פונעם אָפענעם פּלעצל מיט די דרײַ גאַס־אַרויסלויפן, וואָס האָבן געפירט איינס צו דער שטאָט, איינס צום קעניגלעכן שלאָס און איינס טיפער אינעם אַלטשטאָטישן לאַבירינט.

נאָכן פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע אין גיין, ווי זיך צו דערמאָנען בײַ וואָס ער איז געבליבן שטיין, האָט ער ווײַטער אָנגעהויבן:

— יאָ, איז ווי האַלט איך? אַהאַ!... דער זיכרון האָט שוין באַלד אויפגעהערט דינען... אין די נעכט, זעסטו, איז זי מיט מיר אַ גאַנצע יאָ־טעבע־דאַם, קנעפּל־שבקנעפּל. נאָר לאָמיך איר אָבער פּרווון איין טאָג פאַרהאַלטן דאָס דירה־געלט — אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש — איז הימל, עפן זיך! זי קאָן מיר אויפשפּילן אַזאַ קאָנצערט נאָר משוגע צו ווערן. זי האָט אַ מויל ווי אויף שרויפן און מאָלט ווי אַ מיל. אַרײַנצופאַלן צו איר אין מײַלכל איז פּונקט ווי אַרײַנצופאַלן אין גיהנום אַרײַן. די אייגעלעך אירע ווערן בײַ איר ווי די מעסערס און די רויטע האָר פלאַמען ווי דער אויפגעשטעלטער קאַם בײַ אַ האָן — נאָר גרייט צו דורסן. זי ווערט איין קנויל נערוון. זי טרייסלט זיך און וואַרפט זיך, אַלע אברים ציטערן איר פון אויפרעג. אין די מוילווינקלען פינעט זיך בײַ איר אַ ווײַסער שוים. זי ווייסט נישט וואָס ס׳טוט זיך מיט איר. אָט כאַפּט זי די קערבאַרשט צום קערן. לאָזט זי שטיין אין מיטן דער שטוב, גיט אַ נעם די מיעטלקע, פּוצט דעם אָטאָמאַן און הייבט אויף אַ שטויב דערשטיקט צו ווערן. וואַרפט די מיעטלקע אויפן טיש און כאַפּט די פּוצבאַרשט. באַלד נעמט זי פאָכען מיטן פלעדערוויש איבער די שענקלעך, טירלעך און פּולקעלעך. גיט אַ לויף צו צו מיר, ווי כ׳וואָלט אויך געווען עפּעס אַ זאַך צום אָפּקאָרזשען, און גראָזשעט מיר מיטן פלעדערוויש איבערן פּנים. דאָס מויל הערט נישט אויף אויף קיין רגע צו רעדן און צו שוימען. זי שרײַט און גוואַלדעוועט אַז ס׳איז בעסער צו האָבן צו טון מיטן מלאך־המוות ווי מיט פרעמדע מענער; אַז זי וועט מיך נישט אַרויפלאָזן אויף איר שוועל אויב ס׳געלט אירס וועט נישט זײַן נאָך הײַנט אויפדערנאַכט ביז איין גראָשן, ס׳טאָר גאָרנישט פעלן. און אַז ס׳קומט דער אָוונט און איך ברענג איר דאָס געלט ווערט זי ווייך ווי פּוטער. זי ציט אַרויף אויף זיך אַ שמייכעלע זיס ווי האָניק. האַלט זיך מיטביידע הענט אין איין צענעמען דעם דעקאָלט פון קלייד,

באַטש זי האָט נישט וואָס צו ווײַזן — אַ טרוקן האַרצברעטל. זי לאַדט מיך אײַן צום טיש, איז מיך מכבד מיט ווישניק. זי נעמט אַראָפּ דעם גאַנשאַר פון דער שאַנק, בינדט אויף די שמאַטקע, גיסט אָן צו גלעזלעך און שיט די קאַרש־לעך באַזונדער אויף אַ טעלערל. מיר אַ טעלערל און פאַר איר אַ טעלערל. שטעלט פאַר מיר אַוועק אַ פולן טעלער קאַפּושניאַק מיט צוגעברוינטע גריוון מיט צוויי קאַרטאָפּעלעך. „ס'איז איר געבליבן פון מיטאָג" — זאָגט זי. זי האָט זיך געריכט אויף געסט, פון מאַנס צד, וועגן דער ירושה וואָס זיי מאָנען בײַ איר, און די געסט האָבן זי נאַוואַליעט, זיי זענען נישט געקומען. דאָס זאָגט זי עקסטרע אַזוי, כ'זאָל נישט מיינען אַז זי טראַכט פון מיר, אַז זי האָט מיך בײַטאָג אין זינען. טראַכטן טראַכט זי בלויז פון איר מאַן דעם ניעבאָשטשיקי, און שלאָפן שלאָפט זי מיט מיר. אַזעלכע זענען זיי די ווײַבער... וואָס ווײַבער זענען איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט...

זיי זענען געבליבן שטיין, פראַנעק מיט משה מעטן, אויף אַ פינצטערן ראָג פון אַ שמאָל געסעלע. די מויערן זענען געווען אונטערגעשפּאַרט מיט דיקע סלו־פּעס, פאַרזעצטע אין דער קרום, אַרויסגערוקט טיף ביז אויפן מיטן ברוק אַרויס. צווישן די סלופּעס האָט זיך געשוואַרצט אין דער טיף אַ הילצערן טויערל מיט אַ שווערן רינג אָנשטאָט אַ קלאַמקע.

— נו, מירן זיך געזעגענען, — האָט פראַנעק אויסגעשטרעקט משה מעטן די האַנט, — כ'האָב דיר שוין אָנגעקלאַפּט אַ פולן קאָפּ, פאַר אַלע צײַטן. זעסט, איצט איז מיר בעסער אויפן הוסט. אַז איך רויכער נישט, דושעט עס מיך נישט אַזוי שטאַרק. זי לאָזט מיך טאַקע נישט נעמען קיין פּאַפּיראָס אין מויל אַרײַן. נאָר ווי קאָן מען זיך אײַנהאַלטן נישט צו רייכערן. ווי נאָר כ'קום אַראָפּ אין גאַס רייכער איך איינס נאָכן אַנדערן... ווען זי זעט מיך נעמען אַ פּאַפּיראָס צום מויל, רײַסט זי אים מיר אַרויס מיט אַ שטיק גאָמבע. כ'מוז זיך פאַר איר היטן ווי פאַר אַ גנב... זעסט דאָס פענצטער אין דער הייך, ווו ס'לײַכט זיך... דאָ איז עס... איך וואָלט דיך גערן אַרויפגענומען שלאָפן. כ'וואָלט זיך געטיילט מיט דיר מיטן געלעגער. נאָר די קלאַפּטע דאַרט וואָרט שוין אויף מיר. זי דענערווירט זיך שוין. ווען זי זעט אונדז ביידן וואָלט זי מיך אַרויסגעוואָרפן מיט דיר צוזאַמען... האָב מיר אַ גוטע נאַכט, משה... מירן זיך שוין טרעפן ווען ס'איז...

משה מעט איז געבליבן אַליין אויפן ראָג און שטום נאָכגעקוקט, ווי די גע־בויגענע פיגור, פראַנעקס, מיט דער הויכער פּלייצע האָט זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט צווישן די קרומע סלופּעס און פאַרשלונגען געוואָרן פונעם חושך הינטערן שווערן הילצערנעם טויער מיטן אײַזערנעם רינג.

---

1 פאַרשטאַרבענעם, בר־מינן

ק אַ פּ י ט ל   צ ו ו ע ל ף

# די צוויי זײַטן פון דער מטבע

פונעם טונקעלן הימל־געוואַנד, אָנגעצויגן פון אַלע זײַטן ווי אַ פּויק נאָר צום פּלאַצן, האָט זיך פּאַמעלעך גענומען דורכשלאָגן אַ לויטערער סעלעדין־שײַן, וואָס האָט פאַרבלייכט אַרום זיך וואָס אַמאָל ווײַטער דעם נאַכטישן גראַנאַטענעם הימל־געוועב און אים צו ביסלעך איבערגעפאַרבט אויף העל גרין. אין ערב טאָגשײַן האָבן זיך די קאָנטורן פון די רייען מויערלעך לענגויס די געסלעך גענומען אויסשיילן פון דער בלייכער טונקלעניש אַרויס מיט שמאַראַגדענע ליכט־רעפלעקסן אַלץ העלער און בלענדיקער. פון מינוט־צו־מינוט האָט דער העל־צעלויכטענער גרינלעכער שײַן גענומען בלאַקעווען און זיך פאַרטווישט אין אַ בלענדיקייט בײַ די ראַנדן, וואָס האָבן זיך געבראָכן אָן די דעכלדיקע שיפּועים, ביז דער סעלעדין־שײַן איז איבערגעגאַנגען אין אַ קלאָרן דורכזיכטיקן בלאָ.

אינעם אויפבראָך פון פרישן באַגינען איז משה מעט נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן ראָג פונעם שמאָלן געסל אַנטקעגן דער מויער מיט די קרום־אונטערגעשפּאַרטע סלופּעס. דעם פאַרריסענעם קאָפּ זײַנעם געווענדט אויף אַרויף, פאַרקוקט צום לײַכטנדיקן פענצטערל אויפן אייבערשטן שטאָק. ער האָט אַ נייגעריקער געוואָלט דערכאַפּן דעם אויסזען פון דער פרויען־געשטאַלט אויבן, וואָס האָט זיך עטלעכע מאָל געגעבן אַ באַווײַז אין דער שויב, פאַרבײַגעגליטשט זיך אַהין־אַהער, זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע און פאַרשווינדן.

פאַר זײַנע אויגן איז געשטאַנען אַ רויכיקער נעפּל דורכגעוואָרפן מיט פלאַמפײַערדיקע צעשויבערטע האָר פון אַ פנימלאָזע געשטאַלט וואָס איז פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון אומדערקלערלעכע האַנדלונגען פול מיט קאָנטראַסטן און ווידערשפּרוכן. די דאָזיקע פערזאָן איז פאַר אים אין גאַנצן אומבאַקאַנט, ווילדפרעמד. ער האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געזען פאַר די אויגן. און ער ווייסט וועגן איר אַזוי פיל, וויפל נאָר אַן אייגענער מאַן קאָן וויסן. דאָס סאַמע אינטימסטע, אַלצדינג אויף דורך און דורך. אירע שוואַכקייטן און קאַפּריזן, געוווינשאַפטן און נייגונגען. און בײַ דעם אַלעם בלײַבט זי פאַר אים פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער, אַ רעטעניש אָן באַשייד. ער האָט זי געוואָלט אָנקוקן, זען ווי זי זעט אויס, אפשר וועט דאָס פנים אירס אַראָפּדערציילן אַלדאָס איבעריקע און אויסקלאָרן דעם נעפּל, דעם גאַנצן פּלאָנטער. נאָר מער ווי דעם לאַנגן צעשויבערטן שאָטן פון אַ פרוי אין הינטערקלייד האָט זײַן אויג נישט געקאָנט דערכאַפּן.

די ערשטע טאגרוישן מיטן שארפן טירך־געסקריפ און הוילן אפהילך פון פריזע טריט אין גאס האבן אים אויפגעוועקט פונעם נאכטיקן קאשמאר וואס פראנעקס רייד האבן אויף אים אנגעיאגט צוזאמען מיט א גרענעצלאזן נאגנדיקן אומעט וואס האט זיך אין אים איינגעגעסן ביזן ביין.

מיטן אנהייבן טאגן האט זיך אויבן אין פענצטער אויסגעלאשן דאס ליכט. משה מעט האט א רעזיגנירטער א מאך געטון מיט דער האנט, ווי איינער זאגט: מילא, פארפאלן. נישט איז נישט. ער האט פון געוווינהייט אפגעצויגן דעם שינעל פון אלע זייטן און איינגעצויגן ענגער דעם פאסעק ווי צום לאזן זיך גיין. זיינע גלייכגילטיקע טריט האבן אפגעהילכט שטרענג, זעלנעריש, אזוי ווי פון געקאר־וועטע מיליטער־שיך, באשלאגענע מיט אייזנדלעך און טשוועקעס. ער איז דורך דאס שמאלע געסעלע מיט די פארלייגטע סלופעס און זיך ארײַנגעדרייט אין א צווייטס, א לענגלעכס און אויסגעבויגנס מיט הויכע פארטער־פענצטער וואס האבן געגרייכט כמעט אן ערשטן שטאק. פון די געלע ווענט האבן דא ארויסגע־סטארטשעט איינגעמויערטע גרויסע שטיינער ווי ריזיקע קעפ פון פארצייטישע באשעפענישן. די שמאלע טונקעלע נישעס האבן זיך געטיפט אין די בײַכיקע מויערן וואס האבן געהאט אן אויסזען ווי שוצוואלן פון א מיטלאלטערלעכער פעסטונג — וואס נידעריקער צום טראטואר אלץ טיפער און בארגיקער. די לאנ־גע נישעס, ווי אויפגעשטעלטע טויטן־ארונס, זענען געשטאנען ליידיקע, פוסטע, פארצויגענע מיט שפינוועבס אין די ווינקלען, גלײַך ווי די הייליקע און גייסט־לעכע פון די פארגאנגענע יארהונדערטער וואלטן זיי אין א נאכט געהאט פאר־לאזט און מער נישט צוריקגעקומען; זיך אויסגעמישט צוריק מיטן לעבן דא. די טומאה זאל אויך האבן אין זיך הייליקייט, געטלעכקייט; זיך ארײַנקריגן צווישן די לעבעדיקע זינדיקע מענטשן אין גאס, אז זיי זאלן נישט בלײַבן דורכויס זינדיק, רשעותדיק; אוועק מיט זיי אין די שענקען און קנייפעס זויפן און טרינקען מיט גאטס ווארט אויף די ליפן; באדויערן זיך ווי די אלע מענטשן דא און קאנען ווי זיי זיך נישט העלפן און טרעפן מער נישט צוריק אין די נישעס וואס ווארטן נאך אלץ אויף זייער צוריקקום.

משה מעט האט דורכגעקרייצט דעם ראג גאס מיט די צוויי צעבויגענע פאר־לאשענע לאמטערנס פון ביידע זײַטן און ארויסגעקומען צום שיפאראפיקן געסל מיט די שטיינערנע שטיגלעך מיט די לאנגע פרוכנעוואטע הילצערנע פארענטשן צעפרעסענע פון אלטקייט. זײַן מיטלוווקסיקע פיגור האט זיך אראפגעלאזט מיט די שטיגלעך צום ווײַסלברעג, וואס האט געלויכטן א צעצונדענער אינעם קופער־רויטן אפשלאגשײַן פון דער אויפגעגאנגענער געשײַערטער טאץ פון איבער דער בריק.

וואס מער ער האט זיך דערווײַטערט פון יענעם שמאלן געסל מיט די סלופ־

פעס, אַלץ מער איז ער מיטן געדאַנק געגאַנגען אויף צוריק אַהין, זיך געפּלאָנ־טערט אינעם קאַשמאַרן־קנויל דאָרט פון צווי צונויפגעבונדענע געשטראָפטע מענטשן, וואָס זענען זיך ווײַט און פרעמד איינער דעם אַנדערן, צווייערליי נאָ־טורן פאַרקניפּט צווישן זיך ווי אויף צו להכעיס זיך אַליין, דעם אייגענעם גורל. ס׳קאָן גאַנץ מעגלעך זײַן אַז איינער פאַרטראָגט נישט דעם צווייטן. זיי מוזן זיך אַפילו האַסן אויך און אין דער זעלבער צײַט טיילן די מענטשלעכע פאַרגעניגנס און ערדישן גליק, וואָס ווערט פאַר זיי אַן אָפּקומעניש און זעלבסטפּײַניקונג. אַן אמתע פּלאָג, וואָס קאָן דערפירן צום ערגסטן.

כאָטש דאָס געשפּענסט פון דער פּוילישער אלמנה מיט די רויטע האָר און שפּאַניק־לאַנגע פינגער, וואָס פראַנעק איז זיך מיט איר צונויפגעגאַנגען קעגן אייגענעם ווילן, דערמאָנט אים, משה מעטן, אין אַ רויבפויגל און שרעקט אים צו האָבן צו טון מיט איר, איז ער אים פונדעסטוועגן טיף אין זיך מקנא, פראַ־נעקן, וואָס האָט פאָרט צווישן זײַנע אייגענע ווי דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, ווו אָרײַנצוגיין און אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים אויף איבער נאַכט: אַ ווינקל ווו אַ לעבעדיקער מענטש טראַכט וועגן אים, וואַרט אויף אים: אַ פרוי וואָס גרייט אים אַ געלעגער און טיילט עס נאָך מיט אים אָט ווי מע טיילט אַ בעט מיט אַן אייגענעם מאַן. זי שטילט מיט אים אירע צעשפּילטע ליידנשאַפטן, וואָס זי קאָן זיי נישט צוימען; צעוואָרפט זיי אַרום זיך ווי פײַערווערק, אָן שום אויסרעכע־נונגען, נישט ווי אַנדערע, וואָס פאַרגינען זיך אַליין נישט ס׳לעבן, צי זיי האַנדלען גאָר דערמיט ווי מיט סחורה — ווער אין גאַס, אָפּן פאַר אַלעמען אין די אויגן, און ווער בײַ זיך אין דער אָפּגעשלאָסנקייט פונעם שלאָפצימער. פאַרהאַנגען הינטער געדיכטע פירהאַנגען און אויסגעהיט פון אַ פרעמד אויג — פאַרקויפן זיי זייער ליבע, נישט זעלטן אַפילו פאַרהאַנדלען זיי זייער לײַב דעם אייגענעם געזעצלעכן מאַן, שפּאָרעוודיק, ווי אַפּטייק־אַרטיקלען, אויפן לויט, מיט באַזונ־דערע פּרײַזן פאַר אַ קוש, אַ גלעט, אַ צוריר, פאַר אַלעם דאַרף ער צאָלן, דער מאַן, אָפט מאָל מאַכט עס אים אויס נאָך מער ווי אַ פרעמדן.

און אָט קומט צוגיין אַ מענטש אַ פאַרשטאַנדיקער, אָן פאָראורטיילן, און רעדט אוים כל דאָס בייז אויף אַ פרוי מיט הייס בלוט, וואָס קאָן נישט זײַן אַן אַ מאַן און גיט זיך אים איבער בלויז דערפאַר ווײַל ער געפעלט איר... פאַרוואָס זשע קומט עס איר מע זאָל זי מאַכן מיט דער בלאָטע צוגלײַך? פאַרוואָס מעג דער מאַן יאָ זײַן אַנגרייפעריש און די פרוי נישט? דעם מאַן איז אַלץ דערלויבט, און די פרוי טאָר אַפילו נישט אַרויסווײַזן אירע געפילן צו דעם וואָס נעמט בײַ איר אויס. אַנישט איז עס באַלד אויסגעלאַסנקייט. צי דערוועקט זיך נישט בײַ איר, פונקט ווי בײַם מאַן אין „געפערלעכן עלטער״, דער זעלבער דראַנג צו ווען אַרײַנכאַפּן, געניסן וואָס־מער אויס מורא אַז ס׳פייגעלע קאָן אַרויספליִען פון

האַנט, אַז אַט־אַט רוקט זיך דאָס לעבן אַפּער פון אונטער די טריט; דער לעצטער אויפפלאַם פאַרן פאַרלעשן זיך, וואָס מײַדט נישט אַפילו דעם סאַמע צוריקגע־האַלטנסטן? איז וואָס קאָן ער האָבן, פראַגעק, צו דער דאַזיקער פרוי? וואָס איז די עוולה אַז זי רײַסט פון אים שטיקער אין די נעכט?

עפּעס זעען אים אויס, משה מעטן, די אַלע חסרונות אירע צו זײַן נישט אַזעלכע געפערלעכע אַז מע זאָל זי אַזש נישט קאָנען פאַרטראָגן צוליב זיי, און נאָך מאָלן זיי אין אַזעלכע טונקעלע פאַרבן... פאַרקערט, די דאַזיקע אויפריכטיקע געפילן וואָלט מען גיכער באַדאַרפט צורעכענען צו די מעלות פון אַ פרוי. דאָס ווײַזט אויף אַ שטאַרקן כאַראַקטער פון אַ מענטש וואָס קאָן אָפּשאַצן דעם ווערט פון לעבן. זי וויל זיך האַלטן אויף די כוואַליעס און נישט פאַרלירן דערבײַ דאָס מענטשלעכע פּנים.

ווען ער וואָלט געווען אויף פראַנעקס אָרט וואָלט ער געוווסט ווי אָפּצושאַצן אַזעלכע אייגנשאַפטן. ער וואָלט אויף קיין פאַל נישט געווען בכוח צו זײַן אַזוי אומדאַנקבאַר צו דער דאַזיקער פרוי. זי אויסחוזקן און קריכן צו איר. איז דען אין זײַן האַנדלונג נישט פאַראַן מער צינישקייט, מער אומאָרנטלעכקייט ווי אין איר אויפפירן זיך?... ער האָט זי פײַנט, פאַרטראָגט זי נישט און לעבט מיט איר אין דער קליינלעכער אויסרעכענונג נישט צו פאַרלירן דאָס בעטל.

ווי קאָן מען באַשולדיקן אַ פרוי ווען אירע כוונות זענען אומאייגננוציקע, ריינע. זי גיט זיך אים איבער ווי אַ פרוי און הענגט זיך אָן אים נישט אָן, שטעלט נישט קיין שום באַדינגונגען, פאַרלאַנגט גאָרנישט דערפאַר, מאַכט נישט פונעם לייגן זיך מיט אים אין בעט קיין מיטל פאַר אַ ציל. נאָר דאָס בלויזע געניסן ווערט דער ציל; אין דער באַפרידיקונג גייט איר און נישט אינעם נוצן וואָס זי קאָן האָבן דערפון; אינעם פשוטן לעבן מיט אַ מאַן אַליין, אוממיטלבאַר, נאַ־טירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך. און ווי קאָן עס אַנדערש זײַן, ווען צוויי מענטשן — אַ מאַן מיט אַ פרוי — געפינען זיך אונטער איין דאַך, מיט זיך אַליין? ווי קאָן מען זיך נישט צוהערן צום אויפגערויש פונעם אייגענעם בלוט, צום מאָנענדיקן רוף פון לעבן?

אַז מע וויל שטאַרק וואָלט עס אפשר געדאַרפט באַטראַכט ווערן פאַר קרענק־לעך, פאַר אומנאָרמאַל דאָס וועלן פאַרדרענגען, דערדריקן אין זיך דעם כוח, די אימפּולסן, וואָס שטויסן צום צעקנאַספּן זיך פון די בליטן, דעם דראַנג נאָך אויס־לעבן זיך, נאָך באַהעפטונג, וואָס ס'איז אַ געזעץ פון דער נאַטור. צי ליגט דען אַ זינד אין דעם, וואָס אַ פרוי גיט זיך איבער אַ מאַן בלויז צוליב ריין־קערפּערלעכן געניוס, אָן מאַטעריעלן צומיש און פּראַקטישן נוצן; אָן פליכטן פון פאַרזאָרגן און אויסהאַלטן; נישט צו פאַרלאַנגען דערפאַר קיין שום פאַרגיטיקונג און קאָמפּענ־סאַטע, אַפילו נישט אין דער אומשולדיקסטער פאָרעם פון מתנות; אָן דעם פאַר־

װאָרפן די שטריק פון פאַרשקלאַפונג און צוגעהעריקייט אויף אַ גאַנץ לעבן — קיין מאָל נישט אויסצוקויפן זיך מער?

װאָס קאָן נאָך זײַן שענער און אידעאַלער װי אַ פרײַער בונד פון צװיי מענטשן, װאָס לעבן צװישן זיך פאַרבונדן נישט מיט קיין קנופּ פון תנאים, פון אויסריידענישן און באַדינגונגען, נאָר מיט אַ שלייף פון אומאָפּהענגיקייט און טאָלעראַנץ.

װאָס זשע זאָל דאָ האָבן געשען מיט דעם פראַנעקן? ער רעדט װעגן אַ פרוי פון אַזעלכע אידעאַלע אײַנשטעלונגען אין לעבן װי װעגן די נידעריקסטע און געפאַלנסטע. ס׳איז דאָך נישט אין זײַן טבע צו באַשולדיקן אומזיסט מענטשן פאַר גאָרנישט. ס׳איז אויך נישט צו פאַרשטיין װי ער האָט עס געקאָנט פועלן בײַ זיך אַרויסצולאָזן אַ פרײַנד אין מיטן דער נאַכט אויף דער גאַס און אים נאָך געבן אָנצוהערן, אַז װען ער װאָלט זיך מיט אים געװיזן אויף איר שװעל, װאָלט זי זיי געהייסן גיין... נישט אַנדערש נאָר די דאָזיקע פרוי פון אָט די אַלע שיינע לעבן־פּרינציפּן איז אַ ייִדנפײַנט פון גרויסן שניט, און פראַנעק קאָן זיי, די דאָזיקע לײַט, פּונקט אַזוי נישט פאַרטראָגן װי ער אַליין, משה מעט. טאַ װי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז ייִדנפרעסערישקייט זאָל גיין געפּאָרט מיט דער העכסטער מענטשלעכער מאָראַל? אויף דער דאָזיקער ערד, זעט אויס, איז אַלץ מעגלעך. דאָ, װוּ ס׳געפינען זיך קלויסטערס און בורדעלן אַ ראָג בײַ אַ ראָג, — אוןביידע לעבן צװישן זיך װי צװיי טײַבעלעך, װײַל דער באַזוכער זייערער איז איינער און דער זעלבער, — קאָן אַלץ געמאָלט זײַן, און ס׳איז זיך דאָ גאָרנישטאָ אויף װאָס צו װוּנדערן.

און אָט דאָ אַהער, אין דאָזיקן זומפּ, װוּ דערהויבנקייט און געפאַלנקייט גייען צוזאַמען האַנט אין האַנט; װוּ די גרענעצן פון גוטס און שלעכטס זענען פאַרװישט און צונויפגעגאָסן אויף נישט אָפּצוטיילן איינס פון אַנדערן, — אָט דאָ איז ער עס געקומען, משה מעט, זוכן דעם אמת, דעם פאַרגונפּט, דאָס שענערע און בעסערע, דעם מענטשלעכן יושר, דאָס אויסגעחלומטע לעבן — פרײַ פון קאָמפּלעקסן־אַנװוּקסן און הויקערס? ס׳איז נישטאָ װער ס׳זאָל לאַכן! אויב די דאָזיקע אַנטיסעמיטקע, װאָס איז גלײַכצײַטיק אַן אָנהענגערין פונעם אידעאַלן מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, דאַרף צוליב דעם פאַררעכנט װערן פאַר אַ שותּף צום אמת פון לעבן — האָט דאָ דער אמת אַ שיין פּנים. אָט דער האַלבער אמת פון איין זײַט מטבע און האַלבער ליגן פון דער אַנדערער זײַט איז אַ סך ערגער פון אַ גאַנצן ליגן. מע דאַרף זיך פון אים אָפּטרייסלען װי פון אַ פּעסט, כּל־זמן מע פאַרלירט נישט אַליין דעם חוש פאַר גרענעצן און מאָסן.

װאָס פאַר אַ שייכות אָבער האָט דאָס אַלץ מיט אים, מיט זײַן אמת װאָס ער זוכט? װאָס האָט ער נאָך דאָ צו טון? ער איז דאָ אַן איבעריקער, אַ שלעכט־

געזעגענער, אַן אויסגעשפּיגענער. ער וועט זיך שוין דאָ קיין מאָל נישט אַרײַנ־פּליישן אין דאָזיקן קראַנקן גוף, וואָס זוכט אַפילו נישט זיך געזונט צו מאַכן, זיך אויסצוהיילן, און וועט שוין אַזוי פוילן לעבעדיקערהייט, ווי דער אַנטיסע־מיטקעס מאַן, דער פּאַראַליטיקער, וואָס האָט געפוילט ביזן טויט אַרײַן.

און ער, דער גרויסער שוטה, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט דאָ אַהער, אין דעם אויסוועגלאָזן לאַבירינט, זוכן לעבן. — שיין זעסטו אויס, משה מעט, וווּהין דו ביסט געקומען געפינען דעם וועג, דאָס פענצטער צו דער ברייטער וועלט, די באַשטעטיקונג פאַר די שיינע אידייען פון אויסבעסערן דאָס אייגענע שפּלדיקע זײַן, ווי אַ פאַרבאַדינג אויף אויסצובעסערן דאָס לעבן פונעם כּלל, פון דער גע־זעלשאַפט. מעגסט זיי צוריק באַהאַלטן אין דער קעשענע אַרײַן, די אַלע וועלט־אויסבעסערנדיקע אידייען. דאָ וועסטו פאַר זיי גאָרנישט קריגן. דאָ האָבן זיי פונקט אַזאַ ווערט וויפל דו אַליין — אַט אַזוי ווי דו שטייסט און גייסט.

אַ געזעצטער, באַרעכנטער מענטש טאָר זיך אָבער אַזוי גיך נישט אײַלן מיט קיין אורטייל. אפשר האָט ער אַ טעות. אפשר איז דאָס אַלץ צוזאַמען בלויז איין זײַט פון דער מטבע. פאַראַן נאָך אַ צווייטע זײַט. דאָרט וועט ער מעגלעך טרעפן דאָס וואָס ער זוכט, דאָס וואָס פעלט און וואָס ער האָפט נאָך ווען ס'איז צו געפינען, אָט דאָס וואָס זאָל אים אויסגלײַכן זײַנע לעבנרעכטן צוגלײַך מיט אַלע־מען, אַז ער זאָל זיך ווי אַ ייִד צווישן נישט־ייִדן פילן ווי אַ מענטש צווישן מענטשן; די רעכט צום לעבן, וואָס ער האָט זיך עס פאַרדינט און אויסגעקעמפט מיט זײַן אייגן לעבן...

משה מעט האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צום רחבותדיקן ברעג אונטערלויפנ־דיק, ווי ער וואָלט שוין וואָס גיכער געוואָלט האָבן הינטער זיך דעם גאַנצן פּײַנ־פולן קנויל פון די אַלטשטאָטישע געסלעך־לאַבירינטן, וואָס ליגן ווי אַ צעבײַטש־טער און צעפרעגעוועטער גוף נאָכן האָבן אָפּגעקומען אַ שטראָף. דאָס גרינע ווײַסל־וואַסער האָט אויף אים אַ ווייע־געטון מיט פרישקייט און קילקייט. די ווײַסצעשויבערטע כוואַליעלעך זענען שטיפעריש אָנגעלאָפן און אָפּגעלאָפן פאַר זײַנע פיס מיט אַ קינדערשן געפלאַפּל און זאָרגלאָזיקייט.

ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן איבערן וואַסער און דערזען דאָס פאַרחושכטע פנים זײַנס אָפּגעשפּיגלט אין די כוואַליעס מיט קרומע צעבויגענע ליניעס. ער האָט זיך אײַנגעוואַשן די הענט און דאָס פנים מיטן קאַלטן שנײַדיקן וואַסער, זיך אויסגעגלײַכט אַן אויפגעפרישטער, און צעציִענדיק אַלע גלידער זיך גע־שטרעקט מיטן גאַנצן קערפּער אין נײַעם טאָג אַרײַן.

# ק אַ פּ י ט ל   ד ר יי צ ן

# בלינדע טריט פון אַ פאַרבלענדטן

פון קינדווייַז אָן האָט אים, משה מעטן, געצויגן אַהער אינעם דזשונגל פון דער פרעמדער פאַרשלאָסענער וועלט אונטער די קילע שאָטנס פון די אויסגעשפרייטע מלאָכישע פליגל פון פאַרהייליקטע מאַדאָנישע יונגפרויען און געהימענישפולע טונקעלע לעגענדעס, וואָס זענען אָן אויפהער געשפונען געוואָרן הינטער די שווערע געשניצטע טירן פון די טורעמדיקע, צלמדיק־פאַרשפּיצטע קלויסטערס פון גאָטישן סטיל, און זיך געשפרייט צוזאַמען מיטן דעמפיקן ווייריך צווישן דעם גרויסן נאַראָד וואָס האָט פאַרפולט די געבעטהייַזער — פון אַלטאַר ביז אין דרויסן אַרויס.

דאָס גויִישע לעבן האָט נישט אויפגעהערט צו רייצן זייַן פאַנטאַזיע מיט דער פאַרביקייט פון די אויסטערלישע פאַרצירונגען, מיט די אָפּבילדונגען און פרעסקן, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן דאָ פון לאַנגפאַרגאַנגענע צייַטן. ס׳האָבן אים גערופן צו זיך די זוניקע אַרעאָלן מיט די גילדענע צעשפּיזלטע אויסשטראַלונגען, די פּילקאָלירקע וויטראַזשן און די ראָזע מלאָכים־פּנימלעך, וואָס האָבן צו אים אַראָפּגעקוקט מיט הימלבלאָער געלייַטערטקייט פון די קריסטלעכע בילדער, וואָס מ׳האָט געקריגן צו קויפן בייַ די סטאַנדן אין די קלויסטער־געסלעך; פון די באַמאָלענע ווענט אַראָפּ און פון די פענצטער מיט די שמאָלע פאַררונדיקטע קאָשטשעלנע שויבן.

ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיט די גלעקלדיקע פּראָצעסיעס, מיט די פּאַנסענע קישעלעך אויף די הענט פון די בלייכע מיידעלעך אין ווייַסע חופּה־וועלאָנען מיט העלבלאָע זייַדענע סטענגעס און מירטן־קרענצלעך אויף די בלאָנדע קעפּ. אין די פייַערלעכע חגא־טעג האָט די גאַס אויפגעלויכטן, געבלענדט מיט זיי, מיט זייער הייליקער ריינקייט און פאַרשווונדערישן גלאַנץ. ער האָט זיך געהאַלטן אָפּגערוקט אָן אַ זייַט, נענטער צו דער וואַנט. ער איז צו נאָענט נישט צו צו דעם גיכשפּאַנענדיקן געזעמל. ס׳האָבן אים געשראָקן די אַנגעצונדענע געלע וואַקסענע ליכט בייַ די קליינע דאַרע באַבעלעך אין די הענט וואָס זענען געווען אַזוי געלוואַקסיק ווי די גרויסע גראָבע ליכט.

יעדעס מאָל, ווען די אויסגעסטראַיעטע פּראָצעסיע־גייער האָבן בלענדיק אַ פלאָטער־געטון צווישן די ענגע מויערלעך, איז ער זיי נאָכגעלאָפן צוזאַמען מיט די פּוילישע גאַסנקינדער, אָפּגעריסענע, באָרוועסע געסל־אייַן געסל־אויס ביז צו די הויכע שטיינערנע טרעפּ, וואָס האָבן אַרויפגעפירט צו די מאַסיווע דעמבענע טירן פון די צעעפנטע קלויסטערס מיט די טויזנטער צעצינדענע ליכטער אין די קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן.

ער האָט זיך שפּעטער אַרומגעזען אַז ס׳איז אַן אָפּגעגאַנגענע זאַך. די רײַכע פאַרשווענדערישקייט מיטן העלן ליכט און גלאַנץ האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די חושכדיקע גראָע וואָכנטעג פונעם אָרעמען פאָלק, וואָס לעבט אין ענג־שאַפט, שמוץ און דחקות. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אין גאַנצן אַנדערש דאָס אַלץ איידער ער האָט עס געקענט פון דער נאָענט. ווי פאַר אַ זײַטיקן, וואָס קוקט פון דער ווײַטנס, האָט עס אים אויסגעזען ווי אַ פילפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון אַ פרײַ קינדעריש זאָרגלאָז־צעשפּילט גאָרטן־ווינקל, וואָס באַשטייט פון בלויז קינ־דער־שפּילצײַג אויף אײַנצונעמען דעם קאַפּריזנעוואַטן קליינוואַרג. וואָס מער אָבער ער האָט זיך דערנענטערט דערצו, אַרײַן דערין מיט אַ פוס, זענען אַלע שיינקייטן צערונען ווי אַ זייפנבלאָז. ס׳איז געבליבן אַ גראָע פאַרדרענגטקייט פון אַ מאָנאָטאָן לעבן אין ענגע שמוציקע געסלעך מיט טוכלע קאָרידאָרלעך און פאַרוואָנצטע שטיבלעך. און ער אַליין — אַן אַרײַנגענומענער אין קלעם פון אײַזערנע קלעשטשעס און לאָבוסערישע קאַסטעטן, די אײַזערנע הענטשקעס אויף די הענט פון די שלעגער.

דאָס קומען אין באַרירונג אָבער מיט וואָסערן סגאַל מענטשן ס׳זאָל נישט זײַן וועקט אויף געפילן פון עפּעס אייגנס, נאָענטס, און די נאָענטקייט טוט דאָס איריקע. זי פאַרבינדט, האַלט־צו און ציט אַרײַן. פאַרהיימישטקייט הייסט זוכן דאָס שיינע אינעם מיאוסן, און דאָס אָפּקערן זיך, אַפילו אין אַנטוישונג, באַ־טייט איבערלאָזן אַ פענצטערל, אַ שפּאַרע אויף צו קאָנען צוריק אַרײַן, זיך אָנ־כאַפּן, ווי אַ טרינקנדיקער אָן אַ שטרוי, אָן וואָס ס׳זאָל נישט זײַן, ווען ס׳וועט אויסקומען אַמאָל אין אַ שווערער מינוט, ווען דער באָדן גיט זיך אַ גליטש אַפּער פון אונטער די פיס, אָט ווי ער, משה מעט, האָט זיך געפּרוּווט אָנכאַפּן אָן פראַ־נעקן, וואָס איז אַליין אַ שבֿרי־כּלי, אַן עובֿר־בטל, אַ הילפלאָזער אַזאַ ווי ער.

מיט אים איז אָבער ערגער ווי מיט פראַנעקן. יענער איז כאָטש נישט קיין איבעריקער, נישט קיין פרעמדער אין דער דאָזיקער זינדיק־שפּלער וועלט, וואָס איז פאַרהילט אין אַ שיין פאַרביק מענטעלע, פאַרוויגט אין פרומען טשאַד פון ווייך־רעכדיקע פּסוקים, אין נאַציאָנאַל־ראָמאַנטישן שלײַער, און באַזונגען פון אייג־זאַמע קרענקלעך־צעבענקטע פּאָעטן מיט צאַרטע פרוויִשע הענט און לאַנגע פּאָל־קעס האָר מיט באַהעמישע קינסטלער־שלייפלעך אונטער דער נישטראַזירטער שטעכיקער גאָמבע. פאַרליבטע אין פאָטערלאַנד, אין דער פּוילישער „אויטשיזנע״ איז זיי נישט געגאַנגען אַזוי שטאַרק אין לעבן, די פּוילישע זינגערס, זיך צו דערגרונטעווען צום דנאָ פון דער פאָלקס־נשמה, צו פאַרקריכן אין דער ענגער געדיכטעניש פונעם דזשונגל, זיך דערשלאָגן צו די טיפע פלאַסטן פונעם פאָלקס־לעבן, הערן דאָס קלאַפּן פונעם דופק בײַם פאָלק, וואָס וויל איצט, אַ נאַר־וואָס באַפרײַטס פון אונטערן פרעמדן יאָך — שוין אַרויפוואַרפן דעם כאָמעט אויף

יעדן איינעם וואָס וועט זיי אונטערקומען אונטער דער האַנט. זיי האָבן שוין פאַרגעסן דעם ביטערן טעם פון דער אייגענער נעכטיקער אונטערטעניקייט, פון די קריוודעס און ליידן וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען אונטערן פרעמדן שטיוול פון דער אָקופּאַציע.

אַ פּאָלק מיט אַ קורצן זיכרון, וואָס פאַרגעסט גיך די אייגענע קנעכטשאַפט, און פּרוווט באַלד אויף צו מאַרגנס נאָך דער באַפרייונג טרעטן מיט די פיס די שוואַכערע פון זיך, די באַצווינגענע, — אַזאַ פּאָלק איז נישט ווערט די פריי־הייט, האָט נישט פאַרדינט די דעראָבערטע זעלבסטשטענדיקייט. דאָס וועט זיך שפּעטער נוקם זיין אין זיי ווי איינער וואָס כאַוועט אַ שלאַנג אין בוזעם.

וויפל משה מעט האָט נישט געפּרווט אויסמיידן, זיך אָפּקערן, דערווייטערן פון די שאָטנדיקע היילן און נעסטן, אַלץ מער איז ער צוריקגעשטויסן געוואָרן ווי פון געהיימע כוחות, ווי געטראָגן אויף צעשטורעמטע כוואַליעס.

יעדעס מאָל איז אויסגעקומען צו שטילן דעם הונגער אויף אַן אַנדערן אומ־געריכטן אופן. דער צופאַל, וואָס איז דער גאָט פון די גנבים און שווינדלער, אויף וועמען זיי שטעלן אויס מער ווי אויפן בעסטן שומר, פאַרלאָזן זיך אויף אים אין גאַנצן, האָט אויך אים, משה מעטן, אַ סך מאָל גליקלעך צוגעשפּילט. צו מיינסטנס אָבער האָט ער אין די נעכט געשלונגען דאָס ניכטערנע שפּייעכץ אויפן הארטן שטיינערנעם געלעגער אויף יענער זייט אונטער דער באַנבריק אין אָפענעם טונעל פול מיט שמוץ און מענטשלעכן אָפּפאַל, צי אויף דער זייט ווייסל־ברעג אונטער אַן איבערגעקערטער לודקע וואָס האָט זיך פאַרוואַלגערט אויף דער טרוקעניש. נאָכן אויפפּאַסן דעם מאָמענט פון נישט באַמערקט ווערן דורך קיינעם איז ער אַרונטערגעקראָכן אויף אַלע פיר און זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג. איבערגעקומען די נאַכט געשיצט פון די שאַרפע פייכטע און קילע ווייסל־ווינטן וואָס פלעגן דורכנעמען ביז ביין.

אַן חשבון האָבן זיך איבער זיין קאָפּ געקייקלט די בלוטיקע פּוילישע שקיעות, וואָס זענען אין קרענקלעך־שיינע פאַרבן געזונקען אין די שטשאָווּבאַרשטשענע וואַסערן פון דער ווייסל. ער האָט זיך אין די טעג אַרומגעשלעפּט אַ הפקרער איבערן ווייסלברעג, ווי די אַנדערע נאָמענלאָזע ווּלוטשענגעס דאָ פון אונטער דער בריק. מיטן זעצן זיך פון דער זון האָט זיך אין אים אויפגעוועקט דער אומרו. ס'האָט אים אַ טראַג־געטון פונעם זאַמדיקן ברעג, אַליין נישט צו וויסן וווהין און נאָך וואָס. זיינע בלינדע טריט האָבן זיך, ווי פון זיך אַליין, געווענדט אויף אַרויף, צו די גרופּעס הייזער אויף אַלטשטאָט, וואָס האָבן געלויכטן אויבן אינעם קופּערנעם שיין פונעם זונפאַרגאַנג, וואָס האָט זיך פאַרשטאַכן אויף די שווערע גאָלדענע צלמים איבער די קלויסטערס, טורעמס און קופּאָלן.

## ק אַ פּ י ט ל   פ ע ר צ ן

# אין שאָטן פון פאַרגאַנגענע דורות

ווי אַ שוואַרצער קנויל האָט זיך משה מעט, דער אויסגעדינטער פראָנט־
סאָלדאַט, אַרײַנגעפּלאָנטערט אַן אײַנגעהויקערטער אין די פאַרנאַכטיקע געסלעך
באַלויכטענע מיטן צעגאָסענעם קופּער פונעם זונפאַרגאַנג. אין פאַרשימלט־גרינ־
לעכן שינעל האָט ער אויסגעזען, משה מעט, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס אַ
תחית־המתים־אויפגעשטאַנענער פון די אָקאָפּעס. די שמאָלע טראָטואַרלעך זענען
געווען פול פאַרפּאַקט מיט אַ ריין־פּוילישן עולם, מיט טשופּרינעס און שרינטן
און האַרטע קראַגנס בײַ די מענער, און אויף־אַרויף־פאַרקעמטע קעפּלעך מיט
גרעקלעך און ניאָבקעס בײַ די פּאַניענקעלעך. ער האָט אַליין נישט באַמערקט ווי
ער ווערט אויסגעמיטן דורך די אַלע פאַרבײַגייערס, די אויסגעפּראַנטעוועטע יונ־
געלײַט און מיטליאָריקע מענער אין ציוויל, וואָס קומען אים אַנטקעגן געאָרעמט
מיטן שיינעם מין... זיי גיבן אַ צאַפּל־אויף אין זײַן אָנגעזיכט, ווי זיי וואָלטן
דערזען פאַר זיך דאָס מילחמה־געשפּענסט אין זײַן גאַנצן גרויל, און ציִען זיך
אינסטינקטיוו צוריק אויף אַ טראָט, גייען אים פאַרבײַ איבערגעשראָקענע אָפּגע־
רוקט אויף אַ שפּאַן, נישט אָנצורירן זיך חלילה אָן אים, ווי ער וואָלט געווען אַ
באַשלאָגענער מיט צרעת, ווי דער איינער ייִד אינעם פּוילישן מונדיר וואָלט
צעשטערט מיט זיך די אײַנגעשטעלטע פּוילישע האַרמאָניע וואָס הערשט דאָ אין
דער דאָזיקער פאָרשטאָטישער געגנט.

צווישן דעם היימיש זיך שפּאַרנדיקן נאַראָד, — די באַוווינער פון די פינצ־
טערלעכע ענגע אַלטשטאָט־מויערלעך, — וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט אינעם
פאַרנאַכט אויפן שפּאַציר, זעען זיך דורכגעוואָרפן עלעגאַנט־געקליידטע פרעמד־
לעכע הערן אין האַרטע קאַפּעלושן, און דאַמען אין לאַנגע קליידער ביז צום טריט,
וואָס פאַרדרײַסן דאָס אויג מיטן שווישטשענדיקן טאַפּט פון הינטער די קורצע
מענטעלעך אַפּער.

דאָס זענען די אַריסטאָקראַטישע געסט פון אויבן, פונעם ווײַטן שטאָטטייל
געקומען אַהער פאַרברענגען אַ נאַכט אין די מיטלאַלטערלעכע שענקען און קײַ־

**פעס, אין די ווינקעלערס פון פוקיערן און פון די באַריטשקעס, וואָס געפינען זיך פאַרשטעקט אין די טיפעניש פון די פאַרצײַטיקע מויערלעך אַרומגעשטעלטע אַרום דעם „סטאַרי רינעק״, דעם פירקאַנטיק-געשלאָסענעם מאַרק מיט די פאַר־ביקע וואַנטמאָלערײַען פון גרויסע פוילישע מייסטערס וואָס דערמאָנען דעם פאָלק אינעם רום פון די פאַרגאַנגענע דורות.**

נישט בלויז אין דער נעץ פון די טיפע היילן אין די ווינקעלערס, וואָס שטאַ־מען נאָך פונעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, זענען אויפגעהיט די שפּורן פון יענער גלאַנצפולער צײַט, נאָר אויך אונטער די דיקע שאָלעכצער פון די הײַזער לעבט נאָך דער איבערבלײַב פונעם שיינעם אַמאָל. פון קעניגלעכן שלאָס און אַרום ביזן וואָנסקי־דונאַי אַראָפּ ציִען זיך די וואָרצלען פון דער מאַכט פון דער אַלטפוילי־שער זעלבסטשטענדיקייט. אײַנגעפלייִשט אין די מויערן שטייט די רויטציגלנע פעסטונגוואַנט, וואָס האָט אַרומגענומען אַלט וואַרשע ווי מיט אַ גאַרטל און עס געשיצט קעגן די אָפטע איבערפאַלן פונעם מיזרח. ווען מע זאָל אַרונטערנעמען די רייען הײַזער וועט אויפשטיין פאַר די אויגן דאָס קעניגלעכע פוילן פון לאַנגע יאָרהונדערטער צוריק. ס׳וועט זיך אַנטפּלעקן אַן אומבאַרירטער דער שוצוואַל, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין פוילנס באַגינען. די פעסטונג־מויער, צוזאַ־מען מיט די וואַכטורעמלעך און שיסלעכער, איז אײַנגעגלידערט געוואָרן אין די וווינהײַזער ווי אַ פּאַרטיקער טייל פון די געביידעס. אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט איז אויף איר אַרויפגעוואָרפן געוואָרן וואַפּנע און ציגל אויף אַ שטאָק צוויי און דרײַ. אַ געטינקטע און געקאַלכטע איז די וואַכמויער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדער געשטאַלט צו קאָנען ווײַטער דינען אינעם לעבן פון הײַנט.

אין איינעם מיטן חלום צוריק אויפצושטעלן אַ פוילישע גרויסמאַכט איז אויך געוואַקסן דער באַגער אָפּצודעקן דעם גאַנץ־אויפגעהיטן אויסזען פונעם אַלטערטימלעכן וואַרשע. מיט דער צײַט אָבער זענען שוין אַפילו די פּריוואַטע הײַזער, — וואָס האָבן דורכגעמאַכט באַלאַגערונגען און באַשיסונגען פון מיזרח און פון מערב, פאַרגאָסן געוואָרן מיטן בלוט פונעם פאָלק, וואָס איז אויפגע־שטאַנען קעגן די באַדריקער און אָקופּאַנטן, — אַליין געוואָרן אַ טייל פון פוילנס געשיכטע, פונעם היסטאָרישן גאַנג צו אומאָפּהענגיקייט וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי די אַמאָליקע קעניגלעכע גרויסקייט.

יעדעס מויערל דאָ טראָגט אויף זיך די לאַסטן פון יאָרהונדערטער פאַר־עקשנטן דראַנג נאָך פרײַהייט. דער פאַרבײַגייער לייענט אַראָפּ פון זיי די לע־בעדיקע געשיכטע פון פוילנס בלי־ און גלאַנץ־עפּאָכעס, שלאַכטן און טריומפן. די איבערגעבליבענע שאָטנס דאָ דינען ווי עדות פון אַ צײַט, וואָס וועט זיך שוין אַזוי געשווינד נישט אומקערן צום פוילישן פאָלק, און גלײַכצײַטיק ווי אַ נר־תמיד פון די אומגעשטילטע בענקשאַפטן וואָס לעבן אין אים. מע קומט דאָ אָפּט

אַהער זיי אויפוועקן, זיך נערן מיט זיי, זיך קוויקן מיט די רעמיניסצענצן, זיך פאַרוויגן אינעם חלום פון אַ מאָרגן אין וועלכן ס׳וועט אויפלעבן די אַלטפּוילישע גרויסמאַכט פון ים ביז ים.

אַן אַנדערע לופט ווייעט אויפן דאָזיקן פּלאַץ מיט די היסטאָרישע געשטאַלטן, די העלדן, קעניגן און גייסטלעכע, וואָס קוקן אַראָפּ פון די ווענט פאַרשטויבטע מיטן הייליקן שטויב פון דער פּוילישער געשיכטע, פון פאַרגאַנגענע צײַטן, וואָס מע טרעפט אויף אַלטע צווינטערס, אין קלויסטערס און מוזייען. די שווײַגנדיקע שאָטנס און גײַסטער, וואָס האָבן אַמאָל בײַם לעבן באַטרעטן אָט די שטיינער פון גאָס אינעם לאַנגפאַרשווינדענעם אַמאָל, גייען קעגן נאַכט אַרונטער פון די ווענט, און געהילטע אין זייער היסטאָרישער טראַכט, — אין די שוואַרצע פעלערינעס און טאָגעס מיט די ברייטע הוטן און הויכע קאַפּלען אויף די קעפּ, — מישן זיי זיך אומבאַמערקט אויס אינעם טונקל מיטן טומלדיקן, פריילעך־פלאַפּלדיקן המון וואָס פאַרפולט און באַלעבט די אַלטע וועלט און וועקט זי אויף פון איר לאַנגן שלאָף.

אומבאַוווּסט פאָר זיך אַליין שפּאַנען זיי אַרײַן, די אַלטשטאָט־שפּאַצירערס, אינעם נעכטן אַרײַן, אָטעמען מיט די צײַטן פון דער פּוילישער שליאַכטע, די פירשטן, מלכים און קאַרדינאַלן, וואָס רוען שוין לאַנג פאַרבייניקט און פאַר־מויערט, ווי די שוצוואַנט דאָ אונטער די הײַזער, אין די קאַטאַקאָמבן פונעם קראָ־קעווער קעניגלעכן וואַוועל־שלאָס, און אין די טיפע קעלערס פון די קאַטעדראַ־לעס פון פופצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט, וואָס שטייען דאָ ארומבאַוואָקסענע מיט מויערלעך, צוגעטוליעטע הכנעהדיק צו זייער צופוסנס.

פון אַלע עקן וואַרשע קומט מען דאָ אַהער זיך אָנזאַפּן מיט די אויפגעהיטע שפּורן פון די פאַרגאַנגענע רומרײַכע צײַטן פון גרויספּוילישער הערשאַפט, מיט וואָס דאָס פּוילישע פאָלק לעבט און אָטעמט. און וואָס מער עס גייט אַוועק דערפון אויף פאָרויס, אַלץ מער ציט עס דעם פאָלק צוריק אַהער, ווי ס׳איז די טבע פון אַלע אונטערגעדריקטע פעלקער, וואָס דערפילן נאָר דעם זיסן טעם פון דער פרײַהייט, אַפילו בלויז אויפן שפּיץ צונג, צו מישן די גראָע אַלטעגלעכקייט — נאָך דעם ווי דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, געוואָרן שווערע גע־ווייטלעכע וואָר — מיטן אַלטען אָרעאָלן־גלאַנץ פונעם שיינעם קעמפערישן אַמאָל.

נישט ווײַט פונעם אַלטשטאָטמאַרק מיט אָט די זײַטיקע געסלעך־קאָרידאָר־לעך קומט מען אַרויס אויפן שלאָספּלאַץ. בײַ די זײַטן אַרויף־צו, גלײַך אַנטקעגן, און ווײַטער־צו אויף לינקס טונקלט זיך דער קעניגלעכער „זאַמעק" מיט די ציגלרויטע ווענט — אַדורכגעזיפּטע פון קוילן און שראַפּנעלן — עדות פון אַמאָ־ליקע הייסע שלאַכטן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין דער פאַרגאַנגענהייט און וועלן נאָך נישט איין מאָל דאַרפן באַשטעטיקן מיט זיך זייער דויערהאַפטיקייט

אין קומענדיקע פאַרפראַוון פאַר פּוילנס לעבן און זעלבסטשטענדיקייט. אַט דער פּאַלאַץ איז עס דער סימבאָל פון פּוילנס גלאַנץ פון גאָלדענעם נעכטן, און חלום פון נייעם פּוילן, אַ פּוילן פון ים ביז ים, אַט ווי די ווייסל אונטן, אונטער דער קערבעדזש־בריק, וואָס שפּרייט זיך פון איין זייט האָריזאָנט ביזן צווייטן.

דער קעניגלעכער שלאָס גלאַצט מיט קאַלטע אויסגעלאָשענע מאַטע שויבן — אַ פאַרשטויבטער און פאַרגליווערטער. קיינער אָבער וויל אים נישט זען אַזוי ווי ער איז — אַ מוזעאַלן, אַ זקן, אַן עובר־בטול. אַלע זעען אים אַ לעבעדיקן, אַ גלאַנצפולן, וואָס רופט אַרויס צו זיך אָפּשיי און נייגער. אין געדאַנק זעט מען אים אַ צעלויכטענעם מיט די העלצעבלישטשעטע קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן, וואָס שיינען צעצינדענע ווי פייערווערק אין די קעניגלעכע רויטע און ווייסע סאַלאָנען און זאַלן.

אין די הויכע שפּיגלען, וואָס גרייכן פונעם באַמאָלטן סופיט ביזן צעגלאַנצטן פּאַרקעט מיט די טעפּיכער, זעט מען פאַרביישוועבן די שלאַנקע הויפדאַמעס און ריטער, פּאָרטראַגענע פּרינצן און קאַשטעלאַנעס ¹. אין דער פּאַרטועגקייט און פּאַרהאַוועטקייט פון היימישע הויפלייט און געקומענע, אַנגעפּאַרענע געסט פון דער פרעמד גיט פּלוצים אַ טונקעלן פלאַטער פאַרביי די דאַרע אַסקעטישע פיגור געהילט אין שוואַרצער טראַכט, וואָס ענטפּערט קוים מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף די אַלע אונטערטעניקע באַגריסונגען פון אַרום. דער מוטיקער גלח פּיאָטר סקאַרגאַ מיטן פאַרמעט־בלייכן איינגעפאַלענעם פּנים און אויסגעשפּיצטער נאָז גייט דורך דעם גרויסן זאַל שטאָלץ און גלייך. ער איז דאָ אַן אייגענער אין קעניגלעכן שלאָס. ער האָט נישט קיין מורא צו זאָגן מוסר דער אַלמעכטיקער שליאַכטע, וואָס האָט געפירט אַ הפקר־לעבן פון הולטייעס און אַוואַנטורניקעס. אַפילו דעם קעניג אַליין שעמט ער זיך נישט צו זאָגן דעם אמת אין די אויגן אַריין.

דער גלח סקאַרגאַ פּאַווענסקי, דער אָפּטער איינגייער אין קעניגלעכן פּאַלאַץ, איז איצט געקומען אויפנעמען דעם קעניגס מיתוודה זיין זיך פאַר אים. פאַר איין וועגס וועט ער שוין אַ שמועס טון מיטן קעניג מכוח די רעליגיעזע גרופּעס און גרופּקעלעך, וואָס וואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. ער האָט שטאַרק מורא פאַרן איינפלוס זייערן. זיי האַלטן זיך אין איין מערן די רעליגיעזע סעקטעס און אָרדנס. די פּראָטעסטאַנטן ווייסן שוין נישט אויף וואָס צו גיין אין זייער פאַר־ריסנקייט. און ס'איז אים אַ וואונדער אויפן קעניג. זיין הויכקייט איז דאָך עפּעס אַ פרומער קאַטאָליק. ווי קאָן ער דולדן דאָס אַלץ? מיטן אָפּשוואַכן פון דער קאַטוילישקייט אין לאַנד ווערט דאָך אויך אָפּגעשוואַכט זיין מאַכט. וואָס וויל

---

¹ גוטבאַזיצערס מיט אייגענע שלעסער און באַזונדערע פעסטונגען

זײַן הויכקייט — אַרײַנגיין אין דער געשיכטע ווי דער סאַמע כאַראַקטערלאָזער קעניג פּוילנס?

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער פאַרנייגט ער זיך טיף, דער גלח, מיטן פאַרגליוווערטן פּנים אַראָפּ צו דער ערד, פאַררוקט די בלייכע ביינערדיקע הענט אין די ברייטע אַרבל אַרײַן, און ווי אַ שאָטן דערוווײַטערט ער זיך פונעם גרויסן זאַל מיט גיכע שאָרכלאָזע טריט. אַן אויסגעגלײַכטער שאַרט ער זיך אַרויס דורכן טויער פונעם קעניגלעכן שלאָס, קרייצט דורך דעם באַלויכטענעם שלאָספּלאַץ און מיטן שמאָלן נאַכטישן געסל דערקלײַבט ער זיך אויפן אַלטשטאָטמאַרק אין אָט דעם הויז מיטן בראָנדזענעם טאָוול וואָס זאָגט אַז דאָ אויפן אויבערשטן גאָרן האָט געוווינט דער גלח פּיאָטר סקאַרגאַ פּאַווענסקי.

דער בלייכגעוואָרענער קעניג זיגמונט וואַזאַ דער דריטער, וואָס איז נאָכן גלחס אַוועקגיין געבליבן מיט זיך אַליין אין ליידיקן גרויסן זאַל, האָט לאַנג נאָכ־געטראַכט נאָך די שטרענגע גלחישע מוסר־רייד און אַ גאַנצע נאַכט נישט צו־געטון קיין אויג. דער קעניגלעכער באַפעל איז שפּעטער אויסגעפירט געוואָרן מיט דער פולער געהאָרכזאַמקייט און אכזריותדיקער שטרענגקייט. פאַר זײַן רודפן די אַנדערע רעליגיעס און אַרויסטרײַבן די פּראָטעסטאַנטן פון די גרענעצן פון לאַנד האָט ער זיך דערדינט אַ דענקמאָל אויבן־אָן אויפן פּלאַץ זאַמקאָווע אַנטקעגן דער ווײַסל־פּאַנאָראַמע, ווו ער שטייט אויפן פּיעדעסטאַל מיטן לאַנגן צלם, וואָס שפּאַרט זיך אָן אָן אים פאַררייסן הויך מיט צוויי צלם־שפּיצן געשטרעקט צו די הימלען, און מיטן דריטן, זײַטיקן — אַראָפּ צו דער ערד, אונטן און צום וואַסער וואָס לויפט אין דער אָרביטע פון די ווײַסלברעגן נישט ווײַט פונעם דענקמאָל.

יעדער שטיין דאָ אין גאַס ווייסט צו דערציילן פון פּוילנס געשיכטע, וואָס איז פול געווען מיט דראַמאַטישע געראַנגלען און אינטריגעס, רײַסערײַען און קאַמפן פאַר מאַכט און העגעמאָניע. די פּוילישע מלכים האָבן שטענדיק געפאָכעט מיטן שווערדל פאַר אַ גרויספּוילישער „מאָצאַרסטוואָ”. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דערויף האָט זיי דער גורל און די געשיכטע אַוועקגעשטעלט אויף דער גרענעץ צווישן מיזרח און מערב, צו זײַן אַ שוצוואַל פונעם קאַטאָליציזם קעגן די אָנפאַלן פון די אַזיאַטישע געצנדינערישע האָרדעס, די טאַטאַרן און מאָנגאָלן, וואָס האָבן מיט זייערע אָנפאַלייצנדיקע אינוואַזיעס געדראָעט צו דערטרינקען דאָס קריסטנ־טום אין אַ ים בלוט. דער פּויפּסט אין רוים האָט דערפאַר באַלוינט דאָס פּוילנ־לאַנד מיטן מעדאַל „פּאָלאָניאַ סיעמפּרע פידעליס”, ווי די טרײַע היטערין, וואָס איז איבערגעגעבן דער קאַטוילישער קירך.

צוגלײַך דערמיט האָט פּוילן אויך פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם אומאיבער־טרעטנדיקן שטיין, וואָס ליגט אין וועג קעגן די לאַנגאָניקע דײַטשע אַפּעטיטן אין זייער דראַנג צו גיין „נאַך אָסטן”, און נישט איין מאָל דערפאַר טײַער באַצאָלט.

זיי זענען צוריקגעװאָרפן געװאָרן, אַפּגעשמיסענע, פון װאַנען זיי זענען געקומען, צוריק אין זייער „פאַטערלאַנד".

מיטן אויפשײַן פון די ערשטע בלייכע זונשטראַלעכלעך, װאָס גיבן זיך אַ צעװאָרף איבער די געסלעך, נעמען זיך אײַלן די שאָטנס גיך צוריק אויפן מאַרק־פּלאַץ, און שוין קוקן אַראָפּ פון די פאַרביקע מויערלעך מיט די אַלטפּוילישע מאַלערײַען, װי קיין מאָל גאָרנישט, די בלייכע פּנימער פון הייליקע באַקנבערדי־קע געשטאַלטן, װאָס האָבן געמאַכט געשיכטע, געמאַכט פּוילן גרויס, פּאַר אַ פאָלק מיט אַ נאָמען.

דער שטאָליק־בלאָער געפּלאַסטערטער פּלאַץ אין מיטן מאַרק װאַרט שוין אַף דעם פרימאָרגן. ער שטייט װי שטענדיק אַרומגעצוימט מיט די שװאַרצע מאַסיװע אײַזערנע קייטן, װאָס שליסן אײַן אין אַ קרײַז דעם בראָנדזיקן סירענע־הערב פון װאַרשע — די לעגענדאַרע פיגור — האַלבפרוי, האַלבפיש — װאָס שטייט אָנגעשפּאַרט מיטן צעפּעכערטן עק אָן ריזיקן קיזלשטיין אין מיטן קײַלעכ־דיקן באַסיין מיט ריזלדיקע שטראָמעלעך װאָס לויפן פון אָפענע פיסקעלעך פון קליינע נאַקעטע קינדער. זי שטייט פאַרריסן, די סירענע, מיטן קאָפּ צעלאָזענע האָר אַרויף, מיט די שטײַפפאַרשפּיצטע בריסטן געשטרעקט פאָרויס, נאַקעט, אָפּ־געדעקט ביזן האַלבן בויך מיטן נאָפּל־בעכערל, פון װאַנען ס'הייבט זיך אָן דער שופּנדיקער פישטייל צונויפגעדרייט מיטן עק אַרונטער, אונטער זיך.

און פונקט װי די דאָזיקע רעטענישפולע מיידל־פיגור ציט צו זיך צו דעם גאַנצן מקום, װאָס זאַמלט זיך אַרום איר, אַזוי האָט עס אים, משה מעטן, געצויגן אַהער צו דער פּוילישער װעלט, צו אָט דעם לעבן, װאָס איז פאַר אים געבליבן, װי די סירענע, אַן אומבאַשיידבאַרער ספינקס.

## קאַפּיטל אײנס

# עס קומען אַנדערע צײַטן

אומבאַמערקט ווי דורך אַ כּישוף־שפּרונג האָבן זיך איבער נאַכט גע־נומען היילן די ווונדן וואָס די מלחמה־יאָרן האָבן געבראַנגט מיט זיך אין די יידישע הײַזער. כאָטש דער טרויער נאָך די אומגעקומענע זין און טאַטעס אויף די שלאַכטפעלדער האָט נאָך אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע האָט זיך פאַרט געפילט אַ דערלײַכטערונג אויף די צעשטרייטע געמיטער. די וואָס די ערד דעקט צו הייבן אָן ווערן פאַרגעסן און די וואָס בלײַבן לעבן מוזן טראַכטן וועגן עסן און ווי אַזוי צו קריגן דאָס ביסל עסן. די צעשרויפטע מאַשין פון געזעלשאַפטך לעכן לעבן ווערט גיך אויסרעגולירט און הייבט ווידער אָן פונקציאָנירן נאָרמאַל לויטן אײַנגעשטעלטן סדר. דאָ און דאָרט בלײַבן איבער דעפעקטן, אָבער קיינער קוקט נישט אויף זיי, ווייל אַלע ווייסן די סיבות וואָס האָבן דערפירט דערצו. אַז מע האַקט האָלץ פאַלן שפּענער. דער ווינט אַליין וועט שוין די שפּענער פאַר־טראָגן צו די ראַנדן און אָפּרייניקן דעם וועג פאַרן אויפמאַרש פון די פרישע כּוחות וואָס רײַסן זיך אימפּעטיק אַרײַן... זיי וועלן שוין פאַרטרײַבן די רעשט ביסל שאָטנס אין די לעכער, מע זאָל זיי מער נישט אַרויסזען אויף דער ליכטי־קער שײַן. די געזעצן פון לעבן זענען נישט אָפּצוווענדן — אָן קאָמפּראָמיסן.

משה מעט האָט רעכט נישט באַמערקט ווי אונטער זײַן נאָז איז אָנגעגאַנ־גען אַ ראַשיקע יעירונג פון יידישן לעבן. ער האָט זיך דאָ געפילט ווי אַן אָראָפּ־געפאַלענער פון אַנדערע וועלטן. אַלץ איז אים דאָ אויסגעקומען מאָדנע נײַ, אַנ־דערשדיק און פרעמד. דאָס אַרומיקע קאָכיקע לעבן האָט נישט מיט אים קיין שום שייכות און געהערט זיך אים אין גאַנצן נישט אָן. זײַן בלאָנדזשענדיקער בליק האָט נישט געוווּסט אויף וואָס פריִער זיך אָפּצושטעלן. ערגעץ ווו אין די טיפע־נישן פון דער וואַרשעווער יידישער געגנט האָבן געגורטעוועט פרישע קוואַלן גרייט אָנצוטרינקען און אויפצופרישן אַלע דאָרשטיקע און מידע. די ווענט זענען געווען באַקלעפּט מיט גרינע, רויטע און בלאָע פּלאַקאַטן, מודעות און קול־קוראס וועגן שמירת־שבת און טהרת־המשפּחה; וועגן מגידים און מטיפים, וואָס וועלן שבת בײַ קריאת־התורה דרשנען אין די שילן מכּוח חזקות־הדעת. פון די באַקאַנטמאַ־כונגען האָבן אַראָפּגעקוקט יידן מיט בערד און שטרײַמלען, אין ברייטע גאַליציאַ־נער קאַפּעליאַטשן און אין קליינע קאַפּעלעך אויפן שפּיץ קאָפּ. פון אַנדערע מעל־דונגען האָבן אַראָפּגעקוקט די נײַע אויפגעקומענע מנהיגים, וואָס זענען מיט אַמאָל אַרויפגעשווומען מיט גרויסע פעטע נעמען. די שיינע באַלעבאַטישע יידן האָבן אַראָפּגעקוקט פון די בילדער אַראָפּ, זאַטע, מיט פולע גוידערס. זייערע האָניק־זיסע שמייכעלעך האָבן צוגעזאָגט הרים־וגבעות. דאָס טעלערל פון הימל. מע

דאַרף זיי נאָר קומען הערן אין די גרויסע זאַלן און סאַלאָנען און אַלע וועלן גלייך געהאָלפן ווערן מיט פּרנסה, מיט דירות, ביליק דירה־געלט און ביליק שחיטה־געלט. די נייע דאַזאָרעס, וואָס ווילן אַריין אין דער גמינע פאַרזיכערן זייערע ווײַלער אַן אויפריכטונג, פאַר זיי און פאַר כל־ישראל.

די יידישע גאַס האָט גערעשט און געקאָכט. ס'האָט געווימלט מיט רעדלעך און קופקעלעך שוואַרצע קאַפּאָטעס אויף די ראָגן, פאַר די טויערן און געוועל־בער. ס'איז שוין מער נישט געווען קענטיק די אָנגעשטרענגטקייט און שפּאַנונג וואָס האָט געהאַט געהאַלטן די יידישע הייף ווי אין קלעשטשעס. די שרעק פאַר רעקוויזיטאָרן און קאָנטראַבאַנדע־זוכער האָט געפּלאַצט און אויפגעטייעט ווי לעצטע בערגלעך שניי אויף אַן ערשטער פרילינגזון. דאָס האַרץ איז שוין מער נישט אַנטפאַלן, ווען מ'האָט געזען גיין אַ „קנעפּל", איינעם מיט אַ טעקע. אויפן אָרט פון דער אומזיכערקייט און נשמה־צאַפּלעניש איז אַרײַנגעטרעטן אַ ברייט־צעלייגטקייט פון אַ יוסטן באַלעבאָס וואָס פילט זיך צוריק אין די פּעדערן.

די סוחרים ווי די באַלמעלאָכעס האָבן אָנגעהויבן דערפילן אַן אָפּטן גראָשן אין טאַש. דער פּידיון איז שוין מער נישט אָנגעקומען מיט אַזאַ ביטערן שווייס. אַלע שליוזן, וואָס זענען אין מילחמה־צייט געווען פאַרשטאָפּט און פאַרשפּאַרט פאַרן אויסטויש פון סחורות און האַנדל מיט דער פּראָווינץ, האָבן זיך מיט אַמאָל געגעבן אַן עפן אויף און ס'האָט ראַש גענומען שטראָמען הין און צוריק מיט סחורה און פּראָדוקטן, מיט אויסאַרבעטונגען און רויע שטאָפן וואָס זענען צע־פּירט געוואָרן פּראַנק און פרײַ איבער דער אויסגעהונגערטער פּראָווינץ.

יעדן טאָג האָבן באַנען און דאַמפּערס, אויטאָבוסן און פורמאַנקעס גע־בּרענגט מיט זיך קיין וואַרשע פּראָווינצער יידן און יידענעס, און סתם יונגוואַרג, יונגע בחורים און מיידלעך. אַלץ האָט געצויגן אין דער גרויסער שטאָט, פאַר־דינגען די אַרבעטהענט פאַר אַ גראָשנדיקן לוין, אַבי זיך צו דערהאַלטן אין דעם פריידיקן צעזונגענעם וואַרשע; זיך צו קלאַמערן אינעם חלום וואָס מ'האָט אויס־געפּיבערט אויף די בידנע געלעגערס צו קאָנען שטודירן, זיך דערשלאָגן צו עפּעס, ווערן אַ לייט, אַ מענטש מיט אַ פּאָזיציע אין לעבן.

פּראָווינצער סוחרים, שפּיליטערן און ניי־אויפגעקומענע סוחרימלעך — גע־וועזענע קעסט־איידעמלעך וואָס האָבן זיך גענומען צום מיסחר — זענען געקור־מען אײַנקויפן, האַנדלען, אָנפילן מיט סחורה די פּראָווינצער קלייטלעך וואָס האָבן געפּוסטעוועט מיט די פאַרשטויבטע פּאָליצעס. ס'איז גאָרנישט געהאַט געווען וואָס צו פאַרקויפן. דאָס וואָס ס'איז יאָ געווען צו פאַרהאַנדלען האָט מען דערבײַ מער געפּאָכעט מיט דער נשמה ווי געהאַט עפּעס דערפון. די סמעטענע האָבן אַראָפּגענומען די שמוגלערס. און די פאַרקויפערס איז נישט איין מאָל דאָס פאַר־דינסט זייערס אויסגעגאַנגען באָקעם. פריער איז אָנגעקומען מיט דער גרינער

גאַל ביז מ׳האָט עפּעס געזען פאַר די אויגן, און אַז די טרייפענע סחורה איז שוין געלעגן אונטערן בופעט איז מען ערשט געווען אין איין ציטערניש, מע זאָל נישט אַריינפאַלן מיטן קאָפּ. מ׳האָט זיך געמוזט היטן פאַרן אייגענעם שאָטן, ס׳זאָל נישט ווער צוטראָגן ווו מע דאַרף נישט, און אין בעסטן פאַל נישט געבן קיין עין־הרע. ס׳איז שוין נישט געווען קיין כוח צו די רעוויזיעס און רעקוויזיציעס. מ׳האָט געדאַנקט גאָט און גומל געבענטשט אַז ס׳איז אָפּגעגאַנגען גלאַטיק; וואָס די „מלאכי־חבלים״ האָבן געפינען אַ מכה, נישט קיין סחורה, און מ׳איז אָפּגעקומען מיט בלויז האַרצקלאַפּעניש, מיט טויטשרעק. ביי אַ ליאַדע אומפּאַרזיכטיקייט האָט מען געשפּילט מיטן לעבן. מ׳האָט געקאָנט גיין זיצן פאַר גאָרנישט. פאַר אַ בילע נאַרישקייט האָט מען געקאָנט פאַרפוילט ווערן אין קרימינאַל און אַרויסקומען מיט אונטערגעהאַקטע ציין, קראַנק און צעבראָכן, אַ שברי־כלי.

פּונקט ווי דער סוחר האָט געגומען גיין באַרגאַראָף האָט זיך אויך צעבליט די פאַבריקאַציע און דאָס האַנטווערקערײַ. די גרויסע פאַבריקן האָבן גענומען אַרבעטן אויף דער גאַנצער פאַרע. ווער ס׳האָט געהאַט אַ ביסל מזומנים אין קעשענע און דעם קאָפּ אויפן קאַרק האָט זיך געעפנט אַ פאַבריקל, אַ וואַרשטאַטל; אַריינגעשטעלט אַ צוויי־דריי מאַשינדלעך, וואָס האָבן זיך געמאָלקן ווי פעטע קי. דאָס האַלטן ס׳ביסל געלט, וואָס מ׳האָט געמאַכט אין דער מלחמה, האָט נישט געלאָזט שלאָפן. די אויסלענדישע וואַלוטע האָט געהאַלטן אין איין שטייגן און דאָס היימישע געלט האָט מיט יעדן טאָג מער פאַרלוירן פון זיין ווערט און צופיל איינקויפן די פרעמדע וואַלוטע קאָן מען אויך נישט. ס׳קאָן אומגעריכט קומען דער גרויסער קראַך. די פּראָספּעריטע אין לאַנד האַלט אָן און וואַקסט פון טאָג צו טאָג. און די אויפגעשרויפטע פּרייזן אויפן פרעמדן געלט קאָנען צווישן יאָ און ניין פּלאַצן ווי אַ זייפנבלאָז. און אַז מע וועט לאַנג וואַרטן קאָן מען זיך אין אַ שיינעם פרימאָרגן אויפכאַפּן אַ קבצן אין זיבן פאָלעס. ווו ס׳איז נאָר געווען אַ ליידיק ווינקל איז עס גלייך פאַרנומען געוואָרן אויף וואַרשטאַטלעך, פאַבריקלעך. די מאַשינען האָבן טאָג און נאַכט געהאַקט און גערוישט דורך די פענצטער אין די הייפלעך אַריין. און וויפל די פּראָווינץ האָט נישט צוגעשטעלט יונגע אַרבעטהענט, איז אַלץ געווען ווייניק.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט ווי דאָס יידישע לעבן האָט אָנגעהויבן שטייגן אַלץ העכער און העכער מיט זינגענדיקע טריט פון שניידער־געזעלן איבער די פעדאַלן פון זינגערס ניימאַשינען, מיט „העמערל, העמערל קלאַפּ״ איבער זוילן און פּאָדעשוועס; מיט „גלינגלאָן״ פון שקלאַפנקייטן, וואָס זענען שוין ערגעץ ווייט איין מאָל צעריסן געוואָרן און מע וועט זיי אויך דאָ באַלד דאַרפן רייסן פון זיך; מיט יידיש געזאַנג פון „זאָל זיין אַז איך בוי אין דער לופט מיינע שלעסער״ און פאַרבענקטע מיידלעך, וואָס וואַרטן דער חתן זאָל צו זיי קומען.

## קאפיטל צוויי

# אויף די כוואַליעס פון לעבן

נישט אַלע אָבער האָבן זיך געקאָנט לאָזן שווימען איבערן ברייטן טײַך פונעם לעבן. דאָס איז אפשר אַ גרעסערע קונץ ווי זיך צו האַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער. נישט יעדער ווייסט דעם סוד פון רודערן מיט די עלנ־בויגנס און זיך דורכשלאָגן אַ וועג דורך דער געדיכטעניש פון די צעברויזטע לעבן־כוואַליעס, וואָס קאָנען פונקט אַזוי טראָגן אויף זייער מעכטיקן רוקן פאָרויס, ווי ציִען מיט אומגעזעענע שפּאָניקע לאַפּעס אויף אַראָפּ, צום דנאָ אויב זיי דער־פילן, אַז זיי האָבן פאַר זיך אַ שוואַכן, אַ נישט־דעצידירטן, וואָס קאָן זיי נישט באַהערשן. אַז ער וועט זיך נישט קיין עצה געבן מיט זיי וועלן זיי זיך גיכער אַן עצה געבן מיט אים. ווי מילד און צוגעלאָזן־גוט זיי זאָלן זיך נישט אויסווײַזן, קאָנען זיי אויך פונקט אַזוי זײַן אומברחמנותדיק און ריקזיכטלאָז. ס׳איז נישט מקנא צו זײַן דעם וואָס דערשרעקט זיך פאַר זייער ברום און געבייזער און לאָזט באַלד אַ רעזיגנירטער אַרונטער די הענט. ער וועט בײַ זיי זײַן אַ שפּילכל. זיי וועלן זיך וואַרפן מיט אים ווי מיט אַ פּילקע — פון איינעם צום צווייטן און לאַכן פון זײַן אומבאַהאָלפנקייט, פון זײַן אומגעלומפּערטן פאַלן און פאַרצווייפלטן זוכן עפּעס אַן וואָס זיך אָנצוהאַלטן, פון זײַן צוריקפאַלן אַ מאַכטלאָזער, אַן אויס־געלאַכטער און אויסגעשפּאָטיקטער.

פון ערשטן טאָג אָן האָט זיך משה מעט געראַנגלט אָן אומבאַהאָלפענער מיט די לעבן־כוואַליעס. זינט ער האָט זיך אַרויסגעשיפט פונעם קאַזאַרמע־האַפן אויפן מיטן ים אַרויס פון ציווילן לעבן, אַזוי האַלט עס אים אין איין וואַרפן ווי אַ שפּענדל אויף שוימיקע וועלן אַהין און אַהער. ער געדענקט שוין אַליין נישט ווי לאַנג ער שלעפּט זיך שוין אַזוי אַרום איבער די וואַרשעווער גאַסן און גאַרטנס, באַזאַרן און קנייפּעס, אָן אַ גראַשן בײַ דער נשמה, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן פון נישט דערשלאָפן און נישט דערעסן. אַ שוואַרץ־אַרומבאַזיימטער מיט אַ גע־דיכטן באָרד־אָנוווקס, וואָס האָט נידעריק און האַרט אַרומגעכאַפּט, פאַרקאַלטנט דאָס גאַנצע פּנים זײַנס, האָט ער אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווי אַ פאַרווילדטער וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון אַ וואַלד. דער אויסגעריבענער גרינלעכער שינעל האָט אים דערמאָנט אינעם שטעכלדראָט אין יאַבלאָנע, וואָס האָט קיינעם נישט צוגע־לאָזט נאָענט צו אים. אויך דער שינעל זײַנער שנײַדט אָפּ יעדן צוטריט צו אים און האַלט אים ווי אָפּגעטיילט, איזאָלירט פונעם גאַנצן אַרום.

פאַר די צוריקגעקומענע פּוילישע פראָנטזעלנער איז דער שלאַכטמונדיר גע־ווען אַ סגולה צו קריגן אַלץ וואָס זיי וועלן זיך נאָר אויסביטן. דער דאָזיקער

שינעל זייערער האָט זיי געדינט ווי אַ שליסל, וואָס האָט זיך געפּאַסט צו אַלע טירן פֿון די אַמטן און פּריווילעגירטע מלוכה־פּאָסטנס. אים אָבער, פּאַר משה מעט, דעם יידישן פּראָנט־סאָלדאַט, וואָס האָט זיך העלדיש אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן, איז דער מונדיר זײַנער געווען די סיבה פֿון אַלע זײַנע צרות און אָנשיקענישן. אַלע טירן האָבן זיך פֿאַר אים פֿאַרהאַקט און פֿאַרשלאָסן. קיינער האָט נישט געוואָלט האָבן צו טון מיט אַ מענטש וואָס קומט פֿון שלאַכטפֿעלד. זײַנע נערוון זענען צערודערט, און קיינער וויל נישט אויסשטיין יענעמס וויבריקן און קאַפּריזן. דאָס פֿראָנטלעבן דעמאָראַליזירט, מאַכט דעם מענטש הפקר. אַ ליאַדע וואָס צעקאָכט זיך אין אים די יוכע. און ווער האָט עס הײַנט, נאָך דער מילחמה, אַ קאָפּ צו יענעמס משוגעתן, צו אַזעלכן וואָס איז שוין אַרויס פֿון סטרוי. ער איז שוין אַזוי גוט ווי אַן אָפּגעדינטע שקאַפּע. ער קאָן שוין קיין נוצן נישט ברענגען. בלײַבט אים נאָר איבער — אויסצוצי:ען די קאָפּיטעס, מאַכן ס׳קוואַרטל.

אומעטום, ווו ער האָט זיך נאָר באַוויזן אין זײַן צעדרייטן זעלנערישן הולך, האָט ער גלײַך פֿון ערשטן בליק אַרויסגערופֿן צו זיך אַ פֿאַרדאַכט און אומצוטרוי, מענטשן האָבן פֿײַנט צו האָבן עסקנים מיט געוועזענע. אַפֿילו מיט געוועזענע העלדן. בעסער זײַן הײַנט אַ סטרוזש, ווי זאָגן, אַז מ׳איז נעכטן געווען אַ קייסער. נאָך אַמאָל צוריק ווערן אַ קעניג קאָן מען שוין נישט. אָבער אַ שוסטער האָט נאָך אַלץ מער שאַנסן זיך צו דערשלאָגן צו דער קרוין. אַ מענטש איז שטענדיק דאָס וואָס ער איז איצט, וואָס ער שטעלט מיט זיך הײַנט פֿאָר און נישט דאָס וואָס ער איז געוועזן. אָט איז ער, משה מעט, געוועזן אַ העלד. אַלע בלעטער זענען מיט אים פֿול געווען. מיט אַלע פּרטים איז געווען באַשריבן ווי אַזוי ער האָט אויסגעהאַלטן דעם דרוק פֿונעם קעגנער. ווי אַזוי ער אייגנער האָט אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס פֿונעם פֿאַרביסענעם שונא און דער ערשטער אַרײַן קיין ווילנע. ס׳גאַנצע פֿולק האָט אים געהויבן אין דער לופֿטן.

— „הוראַ, ניעך זשי:ע באָהאַטער[1] משה מעט!"

נו, און איצט איז ער אַ שלעפּער, אַ טרעמפּ. גיט עס אים כאָטש צו אַ בלעטל צום אָפּצאַס די גאַנצע העלדישקייט זײַנע? ווו ער שטעלט אַ טריט וויל מען אים שוין וואָס גיכער זען אויף דער אַנדערער זײַט טיר. דערצו איז דער שינעל געהאָנגען אויף אים ווי אַ זאַק, אַן איבעריקע משא. נאָר אַראָפּצוואַרפֿן, באַפֿרײַען זיך דערפֿון ווי פֿון אַ שאַנדפֿלעק וואָס פֿאַרפֿאָלגט אויף טריט און שריט.

ער האָט מקנא געווען יעדן איינעם וואָס האָט זיך געאײַלט ערגעץ אין גאַס, צו זײַן באַשעפֿטיקונג: דאָס יינגל מיטן פּאַק צײַטונגען וואָס לויפֿט איבערן גאַס ווי באַנומען און רופֿט אויס די לעצטע נײַעס מיט אַ הייזעריק פֿאַרכריפּעט

[1] זאָל לעבן דער העלד

קול; דעם משרת אין געשעפט הינטערן בופעט וואָס פידלט מיטן הילצערנעם צענטימעטער ווי אַ פידלער מיטן סמיטשיק; דעם קוילנטרעגער וואָס שפּאַנט מיטן קויש קוילן אויף די פּלייצעס; אַפילו די בעטלערס וואָס גייען גרופּעסווייַז פון טיר צו טיר. ווי גרינג די האָנט שטרעקט זיך עס בײַ זיי אויס און ווי געשיקט די צונג דרייט זיך אַזוי לײַכט איבער אין מויל און ברענגט אַרויס פון זיך אַזאַ חוצפּהדיק־מאָנענדיקן און גלײַכצײַטיק הכנעהדיק־בעטנדיקן „שענקטס אַ נדבה ליבע מענטשן כ'האָ שוין דראַ טעג גוניש ג'האַט אין מאַן מאַל"... ווען מע צעהאַקט אים אויף שטיקער וואָלט ער באַלד דאָס ערשטע וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך אויפן קול. אַפילו דאָס בעטן אַרבעט קומט אים אָן מיט אַ קאָלטן שווייס. די הענט הייבן אים אָן ציטערן. די ווערטער צעלויפן זיך ווי מײַז בײַם ערשטן שאָרך. ער בלײַבט שטיין פאַר יענעם אַ שטאַמלענדיקער, נאַריש־גולמעוואַטע, און ווען ער גיט שוין מיט מזל אַ כאַפּ אָן אַ וואָרט בײַם עק איז שוין יענער צו אים אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און ער האָט שוין נישט צו וועמען צו רעדן.

ער דערמאָנט זיך איצט, ווי ער איז יענעם יום־טוב־נאָכמיטאָג געקומען פונעם גדאַנסקער וואָקזאַל מיטן „וווינע־פּלאַץ" און זיך באַוויזן אויף דער קאָכיקער דזשיקע־גאַס אין דאָזיקן צעקנייטשטן מונדיר. ער האָט פונדעסטוועגן דעמאָלט געפילט עפּעס אַזוינס צוליב וואָס ס'איז ווערט געווען די שבעה מדורי־גיהנום פונעם פראָנטלעבן מיט די אָקאָפּעס. ס'איז געווען אי באַוווּנדערונג אי אַזאַ זעלטענע חשיבות און דרך־ארץ וואָס ס'האָט אַרויסגעקוקט צו אים פון אַלעמענס בליקן. ס'האָט אים ווי אויסגעטיילט פון אַלעמען. אים געשטעלט העכער פון זיי. ער וואָלט זיך דעמאָלט מיט קיינעם פון זיי נישט געווען געטוישט. בײַ אים האָט זיך עס נאָך אויך צונויפגעמישט מיט נאָך עפּעס: אָן אויסגעדינטער זעלנער, פראָנטליניעס, פאַרביטערטע שלאַכטן, גענעראַל־אַטאַקעס, געשלעג אויף באַגנעטן... און נאָך אַלעם געבליבן לעבן. דאָס לאַנד האָט געזיגט און ער אַליין איז אַרויס אַ זיגער... יאָ, ער איז טאַקע שטאָלץ געווען דערמיט, שטאָלץ מיטן פּוילישן מונדיר. דער דאָזיקער שינעל האָט געברענגט פרײַהייט אָן אונטערגעדריקט פאָלק. אָט די פרײַהייט איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך אים, נישט ערגער ווי דורך די פּוילישע זעלנער. מוז אויך די רעכט זײַן אַ גלײַכע...

די ייִדן, זעט ער, האָבן טאַקע איצט גלײַכע רעכט אויף דער פּוילישער ערד. נאָר ער, וואָס איז פאַר די דאָזיקע רעכט געגאַנגען אין פײַער אַרײַן, — ער איז איצט קיינעם שוין מער נישט נייטיק. ער מאָנט טאַקע נישט בײַ קיינעם קיין דאַנק און קיינער איז אים אויך גאָרנישט שולדיק. ער האָט געטון דאָס וואָס זײַן בירגערלעך געוויסן האָט אים דיקטירט, דערפילט זײַן בירגערלעכן און מענטשלעכן חוב. יעדן שפּאַן ערד פאַרטיידיקט מער ווי ס'וואָלט געווען זײַן אייגנס. מיט

דער גאַנצער אחריות, פאַרליבטקייט און דאַנקבאַרקייט, וואָס ער האָט געפילט צו דער פוילישער ערד פּונקט ווי צו די וואָס האָבן אים געלערנט זי ליב האָבן.

אַפילו דאָס געשלעג מיט די האַלערטשיקעס, וואָס האָבן אים שיִער נישט אַוועקגעלייגט אַ טויטן אין מיטן גאַס, אַז קיין האָן וואָלט נישט געקרייט נאָך אים, האָט נישט געקאָנט ברעכן אין אים זײַן שטאָלץ, זײַן פאַרטרויען אין פּוילישן פאָלק, זײַן פּאַטריאָטיזם צום לאַנד מיט די ווונדערלעכע אָראַנזשענע און אַמאַראַנטענע זונפאַרגאַנגען איבער דער פאַרחלומטער בלאָער ווײַסל. ס׳איז אים אָבער איצט שוין אפשר צום הונדערטסטן מאָל קלאָר אַז ער און זיי זענען צוויי באַזונדערע וועלטן, פּײַער מיט וואַסער. איינער פאַרטראָגט נישט דעם צווייטן, מ׳האָט זיך קעגנזײַטיק פּײַנט און ביידע מוזן זיי זײַן אונטער איין הימלדאַך, אויף איין ערד. יאָ, די פּאָלאַקן האָבן אים פּײַנט. און ער דאַרף נישט אַז זיי זאָלן אים ליב האָבן. אָבער וואָס איז שולדיק די ערד? ס׳איז דאָך זײַן היימערד. ער איז דאָך צוגעבונדן דאָ צו יעדן שטיין. די ערד האָט ער ליב. זײַנע זיידעס און עלטער־זיידעס זענען אויף איר געטראָטן מיט דער זעלבער ליבשאַפט. פון דור צו דור האָבן זיי איבערגעגעבן דעם שליסל צום האַרץ פון פוילן, דעם שליסל וואָס זיי האָבן באַקומען פון די ערשטע ייִדן וואָס האָבן דאָ באַטרעטן די ערד און אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן לויטן ווילן פון גאָט כביכול, וואָס האָט זיי געזאָגט אין דער ערשטער נאַכט פון זייער אָפּרו אויפן דאָזיקן באָדן: — פּו לין! דאָ זאָלסטו נעכטיקן! און דאָס ייִדישע לעבן איז דאָ אין דעם פוילן אויפגעגאַנגען מיט די ליכטיקסטע פאַרבן און געוואָרן דאָס שײַנדל פון דער ייִדישער וועלט, דער אור־גדול וואָס האָט נישט צו זיך הײַנט קיין גלײַכן אין ערגעץ.

דערפאַר פאַרדריסט אים, משה מעט, נאָך מער, וואָס קיינער קוקט זיך איצט אויף אים נישט אום, קיינער זעט אים נישט אָדער מאַכט זיך אים נישט זען. ס׳זאָל דאָס אַ מאָל כאָטש עמעצן אײַנפאַלן צוצוגיין צו אים און אַ פרעג טון:

— נו, ווי האַלט עס בײַ אײַך, יונגערמאַן, מכוח אַ פרישטיק, אַ מיטאָג? ווי שטייט איר אײַן און ווי האַלט איר שבת?... איר האָט שוין עפּעס הײַנט געהאַט אין אײַער מויל?

ער קאָן דערויף זייער לאַנג וואַרטן אַז דער בעל־טובה זאָל אים קומען אָנ־ביטן די טובה. פּונקט אָבער אַזוי וועט אויך יענער וואַרטן אַז ער זאָל צו אים קומען, משה מעט, זיך קלאָגן אַז די קישקעס דרייען זיך אים איבער פון הונגער און אים בעטן אפשר האָט ער אַ לעפל געקעכץ צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. עס דאַכט זיך אים איצט אויס, משה מעט, אַז די מידקייט און שלאַבעריקייט, די נאָכאַנאַנדיקע נאָגנדיקע פאַרמאַטערטקייט וואָלט אים אַראָפּגעצויגן צו דער ערד אַראָפּ, אַוועקצופאַלן מיטן פּנים אויף די שטיינער און ליגן, ליגן אומגעשטערט און זיך נישט אויפהייבן מער...

קאַפּיטל דריי

# אין געיעג נאָכן ביסל עסן

די טעג זענען שוין געווען קלענערע, קילע, האַרבסטיקע. זיי האָבן גע־ווינטלט איבערן פּנים דינריטלדיק, שאַרף און בייסיק, געשטשיפּעט ווי מיט נעגעלעך און צוואָנגעלעך. די צפון־ווינטן האָבן זיך אַ יאָווע געטון און גענומען אונטערטרייבן מיט געסווישטש און געוואָי, ווי די אָפיצירישע קאָמאַנדעס אין מאַרש. זיי האָבן געצויגן פאַר די פאָלעס, פאַרפלאָנטערט די טריט. געיאָגט איין מאָל פאָרויס און באַלד גענומען שמייסן אויף צוריק מיט אַ פּייפערײַ, מיט הוקן און געהוילן, ווי צעיושעטע זעלנער נאָכן אײַננעמען אַ שטאָט.

ווי אַנדערש זענען דאָ די טעג אינעם יידישן קוואַרטאַל! נישט אַזעלכע קאַרגע, נישט קיין ענגהאַרציקע. שטענדיק וועלן זיי עפּעס צווואַרפן אומגעריכט די כאָפּטעס הינט וואָס שלאָנדערן זיך דאָ הפקרע אַרום ווי בײַם טאַטן אין ווײַנ־גאָרטן. זיי ווייסן אַז אין דער יידישער געגנט וועלן זיי גיכער אָפּלעקן אַ ביין. אין אַ ליאַדע הייפל וועלן זיי געפינען מער ווי בײַ אַ גויישן קײַלער אין דער פליישקראָם. מער ווי די אויסגעשיטע טראָטשינעס איז דאָרט קיין מאָל גאָר־נישטאָ. אין די קריסטלעכע גאַסן זעט מען זיי גאָרנישט אַזוי פיל, די הינט. אויב עס באַווײַזן זיך ווען עטלעכע כלבים, זענען עס צו מייגסט פאַרבלאָנדזשעטע, אַזעלכע וואָס האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ צויג, געבליבן בײַם נאָכלויפן און קאָנען זיך אַזוי גיך נישט אַרויסקריגן פונעם פאַרפּלאָנטערטן קנויל געסלעך. דאָרט האָבן זיי נישט וואָס צו טון. אַפילו קיין אויסגעטריקנטן ביין וועט מען זיי צומאָל נישט צוואַרפן. די קריסטלעכע געגנט האָט פײַנט צו געבן סתם אין דער וועלט אַרײַן. זי איז טאַקע אָרעם, מאָגער, אָבער נאָך מער סקאָמפּע. זי לעבט שפּאָרעוודיק און אויסגערעכנט, פירט אַ קאַרג לעבן ווי אַלע סקאָמפּעראָדלעס, וואָס פאַרגינען זיך נישט אַפילו דעם אייגענעם ביסן וואָס זיי עסן... דאָרט ווערט גאָרנישט קאַליע. מע וואַרפט נישט דאָרט אַרויס. אַלץ ווערט פאַרניצט און פאַר־טון. און דאָס, וואָס בלײַבט שוין איבער צום אַרויסוואַרפן, איז שוין נישט ווערט דאָס אַראָפּבייגן זיך. קיין משוגענער הונט וועט זיך שוין דערצו נישט צורירן.

אין די יידישע גאַסן וואַלגערן זיך אויך נישט קיין געבראָטענע הינדעלעך אין די רינשטאָקן. אויך דאָ איז די אָרעמקייט גענוג גרויס און אָנזעעוודיק. אָבער עפּעס איבערבלײַבעכץ פון עסנס קאָן מען דאָרט שטענדיק געפינען. מע דאַרף נאָר האָבן אַ הינטיש געדולד און שנאָפּן פון ווינקל צו ווינקל, אַ שמעק טון אין טויערל, אַ ניוכע טון פאַר די שפּײַזגעוועלבלעך, זיך געבן אַ כאַפּ אַרײַן אין מאַרק צווישן די רייען שטעלן און קוישן, זיך אַרײַנשאַרן אין אַנדערן הויף, אין די יאַטקעס מיט די צעהאַנגענע זײַטן רינדערן־פלייש אויף די האָקעס, מיט די פול־אָנגעלייגטע

בופעטן מיט דרויב, העלדזלעך, פופּיקלעך, פּיסלעך און פליגעלעך. ליידיק קאָן מען שוין פון דאָרט נישט אַרויסגיין. עפּעס וואָס קאָן שוין צופאַלן, מע זאָל נישט דאַרפן אַרומגיין ניכטערן און שלינגען שפּײַעכץ. אַז דער הונגער מאָנט נאָך, און וויל נישט אָפּטרעטן, דאַרף מען נישט מיד ווערן און טאַקע אָט ווי די הינט גיין פון הויף צו הויף. אין איין הויף איז דאָ אַ בעקערײַ ווו מע באַקט בייגל און פּאָנטשקעס. אין אַ צווייטן אַן אויפגעפּראַלטע טיר פון אַ רעסטאָראַן־קיך, מיט פּאַרעדיקע קעסלען און פולע טעפּ עסנס. אין אַ דריטן הויף אַ צוקערלעך־פאַבריק מיט די לאַנגע טישן, באַשלאָגענע מיט גלאַנציקן בלעך. די וויקלערקעס אַרבעטן מיט פלינקע הענט בײַם פּאַקן די ראָז־ווײַס־געשטרייפטע ראַטשקעס אין די פּאַפּירלעך אַרײַן. ווען קיינער אַרום זעט נישט געבן זיי אַ וואָרף אַרויף אין דער הייך, דורכן פענצטער, צוויי־דרײַ געפילטע קאַרמעלקעס וואָס האָבן טעם גן־עדן.

ער האָט קיין מאָל נישט געבעטן, משה מעט, מע זאָל אים עפּעס געבן. ער איז נאָר געשטאַנען און געקוקט, מיט צוויי צעפּײַערטע הונגעריקע אויגן אַזוי דורכנעמענדיק, אַז ווען איינע האָט זיך אָנגעטראָפן מיט זײַן בליק, האָט זי אים אַן אַ וואָרט, ווי דורך אַ היפּנאָטישן דרוק, גלײַך צוגעוואָרפן עפּעס פון די פולע קוישן זיסוואַרג וואָס די וויקלערקעס האָבן געהאַט שטיין לעבן זיך בײַם טיש.

אַן אײַנגעהויקערטער, מיט די זוכנדיקע אויגן צו דער ערד, האָט ער געשלעפּט די שווערע טריט, געשפּערעט, נישט דורכגעלאָזט קיין שטיין פאַר זיך איבער דער ברייט פון טראָטואַר, אפשר וועט זיך מאַכן עפּעס אַ געפינס. ווען עמעצער פאַרלירט אַזוי אַ בײַטעלע מיט געלט און ער דערזעט עס... פון בלויזן געדאַנק האָט דאָס האַרץ אין אים אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרק, שטאַרק...

ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג. דער האַרבסטווינט האָט געריסן די שילדן איבער די געשעפטן, געפּויקט מיט דאַרע פינגער איבער די שילדן־בלעכן. מענטשן זענען געגאַנגען מיט אויפגעשטעלטע קעלנערלעך, מיט אײַליקע, גיכע טריט. דאָס לויפן אַזוי די אויסגעכאַליעטע מענטשעלעך צום מיטאָג וואָס וואַרט אויף זיי אין די אויסגעוואַרעמטע שטיבער, געמיטלעך־צוגעקליבענע פון קעכלדיקע באַלעבאָסטעס, פלאָפלערקעס מיט מײַלעכלעך ווי אויף שרויפן. נאָר די מענער האָט עס אַזוי שכל, דאָס ווײַבערטום, צו דאַגאָדזשען, זיי נאָכגעבן די שמד מיט די כלערליי באַטעמטע נאַשערײַען, וואָס דאָס קאָכט און באַקט און בראָט אין די היימישע באַק־אויוונס מיט די שוואַרצע טירלעך און מעשענע קנאָפּקעס; אין די אַלומיניומענע טעפּלעך און ראַנדעליקלעך, וואָס פּאַרען זיך אונטער די צוגעדעקטע בלאַנקעדיקע שטערצלעך, מיט אַזעלכע אָנגענעמע שמעקעדיקע ריחות, וואָס פאַרשיכורן מער ווי דער שטאַרקסטער בראָנפן.

פונעם בלויזן געדאַנק וועגן די אַלע געקעכצן, וואָס פּרײַען זיך אין די שטורביקע טעפּ, האָט אים געגומען וואַסערן אין מויל. ער האָט דאָס נאָגעניש געפילט

אין אַלע אברים. פון די האַרוואָרצלען אויפן קאָפּ ביז די שפּיצן פינגער האָט עס אין אים געצויגן. ווען ער געפינט כאָטש איצט וואָס ס׳זאָל נישט זײַן וואָלט ער געוווּסט אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָס זאָרגט און היט; גיט אַכטיק אַז יעדעס ווערעמל זאָל טאַקע האָבן זײַן חלק שפּײַז. אָט זאָגט ער דאָך שטענדיק אונטער, דער גוטער מלאך, די יינגלעך, וואָס גייען אַהיים אויף מיטאָג פון חדר, אַז זיי זאָלן אַרויסלייגן פון די קעשענעס די אָנגעשמירטע זעמל מיט פּוטער וואָס די מאַמעס גיבן זיי מיט אין חדר אַרײַן. זיי טראָגן זיך דערמיט אַרום אַ גאַנצן פאַרמיטאָג. פאַרגעסן אַז אין קעשענע פון כאַלאַטל ליגט דאָס פּעקעלע עסן. ערשט בײַם אַהיימגיין דערמאָנען זיי זיך און לאָזן עס איבער אויפן פאַראַפּעט פון אַ וויסטאַווע, ערגעץ בײַ אַ געוועלב, אײַנגעוויקלט אינעם פּאַפּירל, די מאַמעס זאָלן זיך נישט כאַפּן אַז די קינדער האָבן נישט אויפגעגעסן וואָס מ׳האָט זיי מיטגעגעבן.

ווען ער פאַקט איצט אַזאַ פאַרפּאַקט פּעקעלע וואָלט ער געווען אַ גליקלעכער. נאָר אַזוי ווי אויף צו להכעיס זענען הײַנט די גאַסן גאָל ווי אַ ליסינע. קיין קרישקע נישט צו זען פאַר די אויגן. ער מוז שוין האָבן אַרויסגעזוצטע גאַלעס פון אויסקוקן עפּעס, פון זוכן. אַ רעזיגנירטער איז ער צוגעקומען, משה מעט, צו אַ ראָג גאַס. געבליבן שטיין נישט דעצידירט. פון צווייטן טראָטואַר האָט אים פּלוצים אַ בלישטש געטון עפּעס גאָלדיקס, מיט אַ שופּנדיקן גלאַנץ: אַ פּערטל געוועגדזלטער הערינג מיט אַ צעעפנטן קאָפּ איז געלעגן אין רינשטאָק. מיט אײַנגעהאַלטענע טריט, נישט צו לויפן, איז משה מעט אַריבערגעגאַנגען די גאַס. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צו געבן אַ כאַפּ די מציאה. און גלײַך זיך צוריקגעצויגן ווי אַן אָפּגעבריטער. דאָס גאַנצע שטיקל הערינג האָט זיך געראָיעט פון ווערעם. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, משה מעט. די ווערעם זענען געקומען פריִער, פאַר אים. דער הערינג געהערט זיי. ווי זיי פאָרען זיך דאָס אַרום אויף אים ווי אויף אַ חתונה. צו מיינסטן זיצן זיי אין קאָפּ, זויגן אויס דעם מאַרך. ווי זיי שטופּן זיך, קריכן איינס אויף ס׳אַנדערע... די גרעסערע לאָזן נישט צו די קלענערע, דאָס קליינוואַרג וויל אָבער נישט אָפּטרעטן און שפּאַרט אויף זיי פון אַלע זײַטן. אַנדערע, נישט אַזעלכע אײַנרײַסערס לויפן אין גאַנצן נישט צום קאָפּ. זיי האָבן גענוג דאָס פעטע הערינגפלייש וואָס האַלט זיך נאָך שפּאַר אויף די ריפּנביינדלעך. עס קומען כסדר צו נאָך און נאָך. אַ שנור אַ לאַנגע פון ווערעמלעך ציט אַהין און צוריק. באַלאַגערן דאָס שטיקל הערינג און דעם פּלאַץ אַרום דעם הערינג. חמרים גאַנצע. נישט צום ציילן, אַזוי פיל ראָיען זיי זיך, די אויסגעהונגערטע ווערעם. איצט זענען זיי די גליקלעכע, זיי האַקן די סעודה. ווען וועט ער שוין האַלטן דערבײַ, משה מעט, ער זאָל זיך קאָנען אַזוי זאַט אָנעסן ווי די ווערעם דאָ, און אומגעשטערט. אַפילו דער אויסגעהונגערטער הונט וועט זיי נישט טשעפּען און זיי פאַרגינען דעם ביסן.

די הינט קאָנען שטשירען די ציין, זיך רײַסן צווישן זיך איבער אַ צוגעוואָרפענעם ביין, זיך קײַלן ביז בלוט, אויך נישט אַלע, דער גרעסטער טייל. בײַ אַן אַנדער באַשעפעניש אָבער, נישט פון זייער מין, וועלן זיי אַפילו נישט פּרווון צוגיין נאָענט. זיי וועלן זיך האַלטן פון ווײַטן, אַט אַזוי ווי ער איצט. ער פילט זייער טעם. אַזעלכע נסים טרעפן זיך נישט בײַ די ווערעמלײַט יעדן טאָג. אַמאָל אין אַ יובל. זאָלן זיי הנאה האָבן פון זייער ווערעמדיק לעבן.

אַזוי שטייענדיק אַראָפּגעבויגן האָט ער דערפילט אויף זיך צוויי פײַערן פון אַ פּאָר צעצונדענע בליקן, וואָס האָבן זיך זײַטיק אָנגעשטעלט אויף אים. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ געלן הונט מיט אַ פּאָר בורשטין־ברוינע אויגן און אַ ווײַסן פלעק אונטערן האַלדז. דער הונט האָט אויף אים געקוקט מיט אַזאַ פאַראיבל ווי איינער זאָגט: — וואָס גייסטו זיי אַרויסרײַסן דאָס ביסל עסן?... ווערעם זענען דאָך אויך לעבעדיקע באַשעפענישן. וואָלסט זיך כאָטש געמעגט שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז אַרײַן. צו די דײַניקע גיי, נעם זיי אָן בײַם גאָרגל, הרגע און ראַבעווע, וועל איך גאָרנישט צו דיר האָבן. אָבער די ווערעם לאָז עסן, טראָג זיך אָפּ פון זיי... און ווען משה מעט האָט זיך אָוועקגעדרייט פונעם שטיקל הערינג, אַ פאַרשעמטער פונעם געדאַנק און פונעם הונטס חשדיקע בליקן, איז זיך דער הונט ווײַטער געגאַנגען זײַן וועג.

דעם הונט קען ער שוין לאַנג און ס׳דאַכט זיך אים, משה מעט, אַז אויך דער הונט קען אים גוט און ווייסט ווער ער איז, פּונקט ווי די אַלע איבעריקע הינט פון דער אַרומיקער יִדישער געגנט קענען אים פון זײַן שפּערען און ביוכען ווי זיי ווו נאָר מע קאָן עפּעס קריגן צו נעמען אויף די ציין אַרויף. אויך משה מעט איז מיט זיי אַלע אויסגעבונדן. ער ווייסט אַז זיי זענען גרעסערע בריהס פון אים צו דערטאַפּן עפּעס צום עסן. ער איז נישט איין מאָל שוין געגאַנגען אין זייערע שפּורן און פּונקט ווי זיי מצליח געווען, זיך אָפּט דערכאַפּט דאָס האַרץ אין אַזעלכע ערטער און ווינקלען ווו ס׳וואָלט אים אַליין אַפילו נישט אײַנגעפאַלן צו גיין זוכן.

דעם געלן קאַשטאַן זעט ער שוין שיינע עטלעכע מאָל אין דער צײַט, אין דער מיטאָג־שעה, אויפן זעלבן שטיקל גאַס. ער גייט יעדעס מאָל געלאַסן, מיושבדיק באַדאַכט, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו אַ באַשטימטן ציל, ווי אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג. ער מײַדט שטענדיק אויס אַנדערע הינט, האָט מורא זיך אָנצובאַגעגענען מיט זיי. ווען ער זעט אָנגיין אַ צווייטן הונט, גייט ער זיך זײַטיק און שטיל אַריבער אויף דער אַנדערער זײַט, ווי ער וואָלט געטראָגן מיט זיך אַ סוד וואָס איז גלײַכער צו האַלטן פאַרבאָרגן פאַר אַנדערע הינט. ער האָט זיך געהאַלטן נאָענט בײַ דער וואַנט, צו האָבן אין דער צײַט וואָס ווינציקער עסקים מיט זײַנס גלײַכן. זיי וואָלטן נאָר געקאָנט קאַליע מאַכן, שטערן זײַן פּלאַן.

משה מעט האָט אים גענומען נאָכגיין און זיך באַמיט אויסצוגלײַכן, מיט־האַלטן טריט מיטן הונט, ווי ער וואָלט געווען זײַן באַלעבאָס. דער געלער קאַש־טאַן האָט אויף אים עטלעכע מאָל געוואָרפן זײַטיקע פאַרדעכטיקע בליקן פון אונטערן פלאַכן שטערן אַפּער, נאָר זעט אויס זיך איבערגעצײַגט אַז דער נאָכ־גייער קאָן נישט זײַן שעדלעך פאַר אים, וואָרן וואָס קאָן אים דער מענטש שאַ־דענען? ער איז דאָך נישט קיין הונט, — ער גייט, זאָל ער נאָכגיין.

דער ברוינער הונט איז איצט געגאַנגען אומגעוואָקלט גלײַך. ער האָט דורכגעשניטן צוויי גאַסן, ווו ס׳גייען נישט קיין טראַמווײַען, און צוגעקומען צו אַ ראָג פון אַ באַלעבטער ברייטער האַנדלגאַס, פול מיט טומל און באַוועגונג. דער הונט איז געבליבן שטיין און משה מעט לעבן אים. דער קאַשטאַנהונט איז עפּעס געווען אומרויִק וואָס ער קאָן זיך נישט אָוועקדרייען פון זײַן אומגעבעטע־נעם באַגלייטער. ער האָט אויף אים נאָך אַמאָל געוואָרפן אַ פאַרשעריש בליק, ווי ער וואָלט געוואָלט דערגיין דעם פרעמדן מענטשס כוונות. זיך נישט געמאַכט דערפון גאַרנישט און גענומען דעם וועג ווײַטער. ער האָט זיך צוגעשאַרט צום ברעג טראָטואַר און געשטעלט אַ טריט צוויי אַראָפּ אויפן ברוק. מיטן גאַנצן אימפּעט איז אָנגעפאָרן אַ טראַמווײַ. משה מעט האָט אויפגעצאַפּלט און אַרויסגעלאָזט אַ שנײַדיקן געשריי. דער הונט איז שוין נישט אַרונטער אונטער די טראַמווײַ־רעדער. נאָך אַ רגע וואָלט שוין געווען נאָכן הונט. ער איז אָפּגע־שפּרונגען אַן איבערגעשראָקענער און אַרויפגעפאַלן אויף משה מעטס פיס. ווען דער טראַמווײַ איז אַדורך האָט דער הונט פאַרהויבן אַ פּײַכטן בליק אויף זײַן באַגלייטער, פול מיט געריר־טער דאַנקבאַרקייט, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעגעבן חשבון אַז משה מעטס אויסגעשריי האָט אים געראַטעוועט זײַן לעבן.

מיט פאַרגיכערטע טריט איז דער הונט אַריבער אויפן אַנדערן טראָטואַר. ער האָט זיך אַרײַנגעדרייט אין אַ שטילע שמאָלע גאַס נישט לייגנדיק מער קיין אַכט אויפן מיטגייער זײַנעם. אַן אומגעדולדיקער האָט ער גענומען אונטערלויפן, זיך דערווײַטערן אַ ביסל פון משה מעטן, און שוין מיט אײַנגעהאַלטענע טריט זיך דערנענטערט צו אַ הויז מיט אַ האַלב־אָפן טויער. דער הונט האָט זיך שוין מער נישט אומגעקוקט. ער איז אַרײַן אינעווייניק, אין דער טויער־טונקלעניש, און פאַרשווינדן פון משה מעטס אויג.

אַ צעוויגטער מיט אומגעלומפּערט־אונטערראַײַלנדיקע טריט איז משה מעט צוגעפאַלן צום טויער. זײַן אויער האָט דערכאַפּט דעם שיטערן געלייף פון די הינטישע פיסלעך איבער די טונקעלע פעדערשטע טרעפּלעך אינעם הויז־אַרײַנ־גאַנג, רעכטס אין טויער, וווהין דער הונט איז אַרײַן און געוואָלט אויסשטעלן זײַן פאַרפאָלגער אַ פּײַג סאַמע אונטער דער נאָז.

ק א פ י ט ל פ י ר

# נישט דער זעלבער מענטש וואָס געווען

די טונקלעניש פונעם פרעמדן טויער האָט ווי מיט אַ פאַרהויבענער לאַפּע פאַרהאַלטן משה מעטן אויפן אײַזערנעם שוועל: — האַלט! וווּ גייסטו? דאָ איז נישט קיין רשות־הרבים. די שטומע ווענט פון אַ פרעמדן הויף וואַרפן אַרויף אַן אָפּהענטיקייט. כאָטש זיי שטייען מיט אַן אויפגעפּראַלט טויער איז עס אָבער נישט פאַר יעדן אָפן. דער אַריבערטרעט אינעם פרעמדן גבול האָט אים דערמאָנט, משה מעטן, אינעם מענטשנס מיספּאַרטרויען, אינעם אייביקן חשד וואָס איז ווי שטעכלדראָט אויפגעשטעלט אַרום אים און זײַנס גלײַכן, און טיילט אים פון זיך אַליין אויס פונעם אַרומיקן כלל אַן אַ פּאַרוואָס, אָן שום מאָטיוו און גרונט. ער האָט שוין גענוג געהאַט אויסצושטיין פאַרן קריכן ווי אַ נישט־געבעטענער גאַסט. אין יעדן אַזאַ פרישן פאַל גיבן אים די אומאָנגענעמע סורפּריזן אַ שנעל אין נאָז, ער זאָל זיך היטן די פעל. בײַם גרעסטן פאַרזיכט קאָן מען אים הינטנאַרום געבן אַ כאַפּ אַן פאַרן קאָלנער: — וווּהין קריכסטו?

די דערפאַרונגען, איבערהויפּט די ביטערע, זענען דער בעסטער לערער אין לעבן. זיי קריצן זיך אײַן ווי אַ חתימה, נישט אויסצומעקן פון זכרון. דאָס לעבן אָבער שטעלט דעם מענטש קונציק אויס אויף אַלץ פרישע נסיונות וואָס זענען שטענדיק אויף אַ געשיקטן אופן אַנדערש געשלײַערט. נאָך אַלע דערפאַרונגען בלײַבט מען ווידער שטיין אַן אומבאַהאָלפענער בײַ יעדער נײַער סיטואַציע.

דער זיס־זויערלעכער ריח פון פרישע עסנס, וואָס האָט זיך פּלוצים אַ טראָג געגעבן פון גאָר נאָענט, האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אין אַלע באַוואָרענישן און אויסרעכענישן. ער האָט טיף, מיט דער פולער ברוסט, אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם אָטעם, ווי אַ חיה אַ ניוכע געטון פון וואַנען די ריחות קומען. ס׳האָט אים געגעבן אַ צי ווי מיט שטריק. ער האָט זיך דערזען אין אַ גרויסן געראַומען קאָרידאָר, ווי אַ האַלע, מיט ווינקלען, אַ סך טירן און זײַטנטרעפּ וואָס פירן ערגעץ אויף קרומגעדרייטע שטאָקן מיט קליינע פענצטערלעך הויך אונטערן סופיט. פון טיפן קאָרידאָר איז צו אים דערגאַנגען אַן אײַליק אָפּגעריסן כלעפּטשען, אַ פּאָר שלינג און שטיל און ווידער עטלעכע שלונגען, אָט אַזוי ווי פון אייבעם וואָס האָט מורא מע זאָל אים נישט אַוועקנעמען דעם טעלער פון מויל אַוועק.

ווי אַ גנב, וואָס גיט אַ וואַרף אַראָפּ פון זיך, ווי אַ מאַסקע, דאָס אַרויפגעצויגענע אומשולד־מינעלע און פאַרזיכט, ווען ער געפינט זיך שוין בײַם ציל, אַזוי האָט דער הונגער אים, משה מעטן, אויסגעטון פון יעדער זשענירטקייט און בושה ווען ער האָט פון דער נאָענט דערפילט אַ הפקרן ביסן.

אַרויפצו מיטן קאָרידאָר, בײַ דער אַנדערער ריי שטיגן, איז געשטאַנען דער געלער הונט איבער אַ פולער שיסל און געהאַקט אַ סעודה, געכלעפּטשעט דאָס

געדיכטע געקעכץ. אינעם בלייכן גראַלעכן שײַן, וואָס איז געפֿאַלן פֿונעם פֿענצ־טערל אויבן איבערן האַלבן שטאָק, האָט מען געקאָנט זען וואָס דער הונט עסט. פֿון דער שיסל אַרויס האָבן אַרויסגעקוקט שטיקלעך קאַרטאָפֿל, מייערן. דער הונט האָט אַרומבאַלעקט די ברעגן, אַ כלופּע געטון, אַרויסגעכאַפּט יעדעס מאָל עפּעס פֿון דער שיסל אויף דער ערד אַרויס און עס אויפֿגעגעסן. דער כלופּוס איז נאָך נישט געווען אָפּגעקילט. נאָך יעדן גיכן שלונג האָט ער זיך געגעבן עטוואָס אַ רוק אָפּ פֿון דער שיסל, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט, זיך אַוועקגעזעצט אויף די אונטערשטע לאַפּעס און זיך באַלעקט, באַלד ווידער צוגעשפּרונגען און גענו־מען כלעפּטשען דאָס שיטערע אַרום די ראַנדן פֿונעם בלעכענעם שיסעלע.

משה מעטן האָט געגומען וואַסערן אין מויל. ער האָט געפֿילט ווי די קני‌ען ברעכן זיך אים אונטער, אין מאָגן האָבן זיך קלײנע קורטשעלעך, ווי קראַנקע קעצעלעך, אײַנגעצויגן און אויסגעצויגן. אַ קאַלטער שווייס איז אויף אים אַרויסגעטרעטן. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן פּאַרענטש און זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן לעצטן שטיגל נישט צו פֿילן אַזוי שטאַרק דאָס נאָגעניש. ער האָט איצט געקוקט מיט אויפֿגעריסענע אויגן אויף דער שיסל און קראַמפּהאַפֿט געדריקט אין דער האַנט דעם צינענעם לעפֿל אין דער קעשענע.

דער הונט האָט שטיל אַ בורטשע געגעבן, ווי ער וואָלט דאָ אַליין מורא געהאַט צו עפֿענען דאָס מויל, מע זאָל אים נישט פֿאַרטרײַבן מיט שטעקנס און מער נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל. ער האָט נערוועז געצוקט מיט אַן אויער און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פֿונעם אַנטקעגנדיקן בײַזיצער זײַנעם. דער הונט איז שוין איצט נישט אָפּגעטרעטן פֿון דער שיסל, ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ס׳זאָל אין גאַנצן אָפּגעקילט ווערן און גענומען כלעפּטשען די קאַרטאָפֿל־גריץ גיך־גיך. משה מעט האָט אַ ציטערדיקער געקוקט ווי אין דער שיסל ווערט אַלע מאָל ווינציקער און נישט געפֿילט ווי דאָס מויל זײַנס קײַעט דאָס שפּײַעכץ, און שלינגט עס אַראָפּ, ווי ער וואָלט מיטגעגעסן מיטן הונט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס שיסעלע איז שוין באַלד געווען אויס־געליידיקט. ער איז שוין זאַט געווען דער הונט. ער האָט אַרויסגעהויבן די מאָרדע פֿון דער שיסל, געקוקט אויף משה מעטן, ווי איינער זאָגט: ס׳איז אומזיסט דײַן וואַרטן, כ׳וועל דיר גאָרנישט געבן. קוק געזונטערהייט. ס׳אַרט מיך נישט... און צוריק פֿאַרנורעט דעם קאָפּ אין דער שיסל. נאָך דאָ אַ ביסל אויף דער דנאָ.

נאָך איידער דער הונט האָט אויסגעלעקט דאָס שיסעלע אויף ריין האָט זיך משה מעט אַרויסגעשאַרט פֿונעם הויף. געשטעלט פֿאַרחלשטע טריט. ער איז גע־גאַנגען ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן, אָן אַ ציל. פֿאַר די אויגן איז אים געשטאַנען די אָנגעהויכטע פּאַרע איבער דער שיסל, וואָס איז געוואָרן אַלץ גע־דיכטער און קנוייליקער, ווי ער וואָלט אַרײַן אין אַ געדיכטן נעפּל.

משה מעט האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויפן מאָרגנדיקן טאָג. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם שטילן געסל. ער איז שוין צוויי מאָל געווען אינעווייניק אין טויער, אַ קוק געגעבן צום קאָרידאָר, צי די שיסל איז נאָך נישטאָ און באַלד געכאַפּט אַ בליק צום דרויסן צי דער הונט גייט נישט. ער האָט מורא געהאַט זיך צופיל צו וואַרפן אין די אויגן און אויך נישט געוואָלט פאַרלירן דעם שאַנס. קוים טרעט ער אַפּ, קאָן פּונקט אָנקומען דער כלב און ער וועט בלייבן ביי גאָרנישט. ער האָט זיך אומרויִק געדרייט הין און צוריק אויפן אַנדערן טראָטואַר, געקוקט צום ראָג גאַס צי דער הונט באַווייזט זיך נישט. באַלד ווידער זיך אַריינגעשאַרט אין טויער. געעפנט די טיר פונעם הויז־אַריינגאַנג און אַ טריט ביי אַ טריט זיך גערוקט אויף אַרויף איבערן קאָרידאָר.

ער איז צוגעקומען צו דער ערשטער קלאַטקע שטיגן, זיך פאַרהאַלטן אַ ווייל און ווידער זיך געשאַרט ביי דער וואַנט נענטער צו דער אַנדערער קלאַטקע. יעדער שאָרך, וואָס איז געקומען פון הינטער אַ טיר, איז געפאַלן אויף אים ווי אַ קלאַפּ מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם איז ער אַרויף העכער אויפן האַלבן שטאָק שטיגן און געהאַלטן דעם בליק אויף דער טיר אונטן, פּונקט ווי דער הונט נעכטן, וואָס האָט נישט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פון אים, דעם אומגעבעטענעם גאַסט. און ווי דער הונט איז ער געווען אָנגעשפּיצט צו יעדן שאָרך און ריר. געווען איין קוויל נערוון אָנגעשפּאַנט צום פּלאַצן.

איבער אים אויף די אייבערשטע שטאָקן האָבן זיך טירן געעפנט און פאַרמאַכט. ער האָט שוין געוואָלט נעמען לויפן, זיך געמאַכט צום ערשטן גיין העכער מיט די שטיגן, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו וועמען, און באַלד גענומען גיין מיט די שטיגן אַראָפּ. ס'איז צוריק שטיל געוואָרן. נאָך שטילער פון פריִער. ס'האָט אַזש געקלעכערט דעם מוח. ביי יעדן רויש, וואָס האָט זיך געטראָגן פון ערגעץ, האָט ער אויפגעצאַפּלט און קראַמפּהאַפטיק געדריקט דעם לעפל אין קעשענע, וואָס ער האָט געהאַלטן גרייט, ווי אַ פאַרברעכער וואָס דריקט דאָס מעסער אין האַנט טשאַטעווענדיק אויפן קרבן.

ער האָט דערהערט אַ סקריפּ וואָס איז געקומען אונטן פון אַ טיר. ס'איז אים אַדורך אַ זיסער שוידער איבערן לייב. ער האָט דערפילט דעם ריח פון עסן. אַן עלטערע פרוי האָט מיט צוויי ביינערדיקע הענט אַרויסגעטראָגן אַ פולע שיסל עסן און זי אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן, אין דער זייט, ביים אַרויפגאַנג לעבן די שטיגן. זי האָט געכאַפּט אַ בליק איבערן קאָרידאָר צו דער טיר אַראָפּצו, געוואַרט אַ ווייל, זיך אויסגעדרייט און צוריק פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

משה מעט האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך דעם ריח פון דער הינטישער זופּ. ער האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן די אַלטע זאָל פאַרמאַכן די טיר. זיך אָנ־האַלטנדיק מיטביידע הענט אָן פאַרענטש איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ און

אַרײַנגענומען די שיסל זופּ איןביידע הענט, וואָס זענען געווען קאַלט ווי צוויי שטיקער אײַז. מיט דער שיסל אין דער האַנט האָט ער זיך געהויבן איבער די הויכע שטיגן. צוגעשטעלט די ליפּן צום ברעג שיסל און מיטן זעלבן אומגעדולד וואָס דער הונט געגומען זופּן הייסערהייט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן אייבערשטן שטיגל און אין גאַנצן אַ צעפּיבערטער אַרויסגעקריגן פון דער קע־שענע אַרויס דעם לעפל. ער האָט גיריק געשלונגען די הייסע זופּ מיט די שטיק־לעך קאַרטאָפל, פאַרבראָקט מיט שטיקלעך אַלט ברויט.

אַ דערוואָרעמטער פונעם הייסן ביסל געקעכץ האָט ער מיט אַמאָל דערפילט אויף זיך אַ פּאָר צעגליטע הונגעריקע בליקן. ער האָט אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ פון דער פאַרהויכטער שיסל און מיט אַן אויפצאַפּל דערזען פאַר זיך דעם גרויסן ברוינעם הונט מיטן ווײַסן פלעק אונטערן האַלדז.

אונטן אין קאָרידאָר איז דער הונט געשטאַנען מיט אַ פאַרריסענער מאָרדע און פאַרשפּיצטע אויערן און געדרייט אונטערלעקעריש מיטן עק. ער האָט אַרויפ־געקוקט מיט שטומע גוטע בעטנדיקע אויגן, מע זאָל אויף אים האָבן רחמנות, ער קומט פון אַזוי ווײַט נאָכן ביסל מיטאָג. ער טויג זיך נישט אויס ווי די אַנ־דערע הינט. אָנעם ביסל עסן וועט ער אויסגיין. אַ מענטש איז דאָך נישט קיין הונט. מיט די הענט זײַנע קאָן ער דאָך אויפטון אַ וועלט. אַלע מענטשן גיבן זיך דאָך אַן עצה. אָבער אַ באַשעפעניש אָן הענט, מיט פאַרדריפּעטע, פאַרקוועטשטע פיר לאַפּקעלעך — וואָס קאָן ער שוין אויפטון מיט זיי. ווען נישט די באַלע־באָסטע זײַנע, וואָס טראָגט אים אַרויס דאָס ביסל עסן אָן וויסן פון די הויז־באַלעבאַטים, ווו זי דינט, וואָלט ער דאָך געפּגרט ווי אַ הונט פון דער גאַס.

משה מעטן איז דער לעפל זופּ געבליבן שטיין אין האַלדז. אין דער שיסל איז נאָך געווען אַ שפּאָר ביסל זופּ, בלויז שיטערס, הוילע וואַסער אָן איין פּיצל קאַרטאָפלע. ער האָט מער נישט צוגענומען דעם לעפל צום מויל. ווי אַ פאַר־שולדיקטער, וואָס מ'האָט אים געכאַפּט בײַ דער האַנט, האָט משה מעט אַראָפּ־געטראָגן די שיסל מיטן ביסל אויסקראַצעכץ. דער הונט האָט אַ דערפרייטער גענומען דרייען מיטן עק, ווי ס'גרעסטע גליק וואָלט אים געווען געטראָפן. כסדר זיך געגעבן אַ זעץ אַנידער אויף די הינטערשטע לאַפּעס און אַ שפּרונג אויף, ווי ער וואָלט שוין וואָס פריִער געוואָלט זען, צי ס'איז נאָך פאַר אים אויך עפּעס איבערגעבליבן אין דער שיסל. ער האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ צו צום ביסל שיטערן כלופּוס ווי ער וואָלט שוין דרײַ טעג גאָרנישט געווען געהאַט אין זײַן מויל.

אַ רויט־פאַרשעמטער, באַגאָסן מיט שוויס האָט זיך משה מעט אַרויסגע־שאַרט פונעם קאָרידאָר אין טויער אַרײַן און גערעדט צו זיך אַליין נאָכאַנאַנד:

— ביסט נישט דער זעלבער מענטש וואָס געווען. איך דערקען דיך נישט אין גאַנצן. נידעריקער קאָן מען שוין נישט פאַלן. ניין, נישט דער זעלבער מענטש...

## קאַפּיטל פֿינף

# משה מעט בלאָנדזשעט

אינעם גיך־צוגעפּאַלענעם פאַרנאַכט האָבן זיך די וואַרשעווער גאַסן געמיניעט מיט רויטלעכע פײַער־פּינטעלעך, וואָס האָבן זיך גלײַכע געטוקט אינעם אויסגעפּילטן טונקל פון די מויערשע דאַכראַנדן ביז צו די שוואַרצע קעלער־פענצ־טערלעך האַרט בײַם טראָטואַר. איבערן פאַרלאָשענעם ברוק האָבן זיך אויטאָס מיט בלענדיקע פײַערן פאַרבײַגעגליטשט מיט אַ ליאַרעמדיק טרובערײַ וואָס האָט געלעכערט דעם מוח. פראָווינצער וועגענער האָבן אונטערגעטענצלט מיט אַ היל־כיק געטראַסקערײַ פון די רעדער איבער די שטיינער. די רויטלעכע וועגלאָמפּן זייערע האָבן זיך בעלמעדיק געבאָמבלט אונטער די צעיאָגטע רעדער, וואָס זענען געווינט צו ווייכע דאָרפישע שליאַכן און נישט צו די האַרטע וואַרשעווער ברוק. עס וואַרפט זיי דאָ איבער די גאַסן הײַזער די הויך. די פורמאַנעס שמײַסן די גריוועדיקע פערד, זיי זאָלן שוין וואָס גיכער אַרויס פונעם גרויסשטאָטישן גיהנום.

די צעקלונגענע טראַמווײַען, וואָס לויפן ווי מטורף, פאַרגיסן, ווי די וואַסער־שפּריצערס, מיטן העלן שײַן פון זייערע צעלויכטענע שויבן די שטיקער גאַסן אַרום זיך און לאָזן נאָך מער טונקעלער די מויערן מיטן ברוק הינטער זיך נאָך זייער ראַשיקן פאַרבײַפאָרן.

אינעם פאַרנאַכטיקן גערויש און געפּילדער האָבן זיך אַרײַנגעריסן די קווי־טשיק־הייזעריקלעכע קולות פון די בייגל־הענדלער, צײַטונג־פאַרקויפער, שיכ־פוצערס און חסדלעך־יונגען מיט האַנטוועגעלעך צוגעלעגענעם אויבסט. אייגער האָט דעם צווייטן געפּרוווט איבערשרײַען, איבערגוואַלדעווען, פאַרטומלען.

מיטן צופאַלן פונעם אָוונט איז דאָס געגייערײַ אין גאַס געוואָרן ענגער און געדיכטער. די צעפלויגענע פאַרבײַגייערס האָבן אַרומגעשמײַעט ווי אַרײַנגעכאַפּ־טע אין אַ נעץ, פון וואַנען מע קאָן זיך נישט מער אַרויסקריגן.

די מענטשלעכע קולות האָבן אַרײַנגעקלונגען אינעם אָוונטיקן גאַסן־האַר־מידער פאַרצווייפלטע, ווי פון אַזעלכע, וואָס ווילן זיך ראַטעווען פון אַן אומ־געזעענער געפאַר, וואָס לויערט איבער זייער גאַנצן לײַב־און־לעבן. זיי ווייסן, אַז די סכנה מוז קומען, זי איז אומפאַרמײַדיק און זיי מוזן איר קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן. מיטן אייגענעם געשריי ווילן זיי אין זיך פאַרטייבן די שרעק.

נאָכן גאַסיקן טומל און האַוועניש פון די הויפּט־מחותנים — די סוחרים און משרתים, מעקלערס און בערזע־שטייערס, טרעגערס און גאַסן־הענדלערס — האָבן זיך נאָכגעשלעפּט כלערליי אויסטערלישע נפשות, פאַרשווינען און טיפּן, שלע־פערס און קאַליקעס, בלינדע און מילחמה־אינוואַלידן, לײַדיקגייערס און שטעקל־דרייערס, אויסקוקערס און נאָכקוקערס און סתם יונגעלײַט מיט אַראָפּגערוקטע

קאַפּעלושלעך, וואָס קיינער ווייסט נישט וואָס אַזוינס זיי ווילן דאָ אין דער מלוכה פון האַנדל און וואַנדל; ווען זיי דאַרפן און ווער ס'דאַרף זיי דאָ צו האָבן אויפן גאַסיקן יאַריד. זיי מאַכן אַן אַ רעש ווי עפּעס רעכטס, פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס, און נישט זיי האָבן וואָס צו פאַרהאַנדלען, נישט זיי זוכן עפּעס צו קויפן. פאַרקערט, זיי זענען כסדר גרייט צו טון אַ טובה. נישט גענוג וואָס זיי פאַר־לאַנגען גאָרנישט, געבן זיי נאָך יענעם צו און אומזיסט — אַמאָל אַ בלעטל מיט אַ גאָלדן מיטל, די האָר זאָלן נישט אויסקריכן, און אויב זיי זענען שוין אויס־געקראָכן, ווי אַזוי זיי זאָלן קאָנען צוריקוואַקסן; פלוגבלעטלעך מיט עצות־טובות, נעכטיקע טעג, און טייל מאָל אַפילו אַ ביכל, אַ ספרל, וואָס איז שוה־כסף.

די פאַרדעכטיקע פאַרשווינדלעך, וואָס זענען אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד, האָבן קיינעם נישט דורכגעלאָזן. יעדן פאַרבײַגייער האָבן זיי אַרײַנגע־שטופּט דאָס פלוגבלעטל אין האַנט אַרײַן. קיינער האָט דערין נישט אַרײַנגעקוקט. מ'האָט עס באַלד, אַ טריט ווײַטער, אַוועקגעוואָרפן. אָבער נעמען האָט מען עס געמוזט. אַז מ'האָט עס נישט געוואָלט נעמען אין האַנט איז דער פגע־רע נאָכ־געלאָפן און עס אַרײַנגעשטופּט אין קעשענע אַרײַן.

די צעטראָגענע מענטשן אין גאַס, וואָס ווערן מיטגעריסן מיטן אימפּעט, און ס'דאַכט זיך אויס, אַז זיי ווייסן גאָרנישט וואָס ס'טוט זיך מיט זיי; זענען נישט וואָס אַרום זיי קומט פאָר — האָבן שוין גאָר שטאַרק דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס. זיי זענען שוין נישט איין מאָל אָפּגעבריט געוואָרן בײַם יאָגן זיך נאָך מציאות. זיי האָבן שוין געוווּסט פון אויסנווייניק אַז די היימישע מיטאָגן — גוט און ביליק — זענען נישט גוט און נישט ביליק; אַז די נאָכטלעגערס בײַ אַן „עלטער פאַרפאַלק אָן קינדער" זענען ערגער ווי אין האָטעל דע וואַנץ; אַז די טרעפּערס פון דער צוקונפט, פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט זענען שווינדלערס, וואָס נאַרן בלויז אויס די פּאָר גראָשן און ווייסן אַ קרענק; און אַז די אומזיסטע דינע ביכעלעך מיט די קליינע צעטעלעך, וואָס זאָגן צו טיי מיט קיכלעך, זענען טריף־פּסול און אסור־בהנאה. מע דאַרף ווייכן דערפון אַ מײַל די ווײַט. אויב מע וויל נישט ניכשול ווערן; פאַרקויפן די נשמה צום טײַוול.

דעם געוועזענעם פראָנטזעלנער, משה מעטן, האָט דאָס אַלץ געלאָקט און געררייצט, ווי ער וואָלט עס פריִער קיין מאָל אין לעבן נישט געווען געהאַט געזען. ער האָט זיך דאָ געפילט אויף דער גאַסיקער חתונה אָן קלעזמאָרים ווי אַ פאַר־בלאָנדזשעטער אין וואָכיקע מלבושים וואָס פאַרשעמען דעם יום־טוב. נאָר דער יום־טוב ווערט בײַ זיך אויף אַ האָר נישט געפאַלן. עס גיט אים נישט קיין טשעפּ, וואָס אַזעלכע לאַכודרעס שלאָנדערן זיך אַרום זײַנע טישן. סײַ ווי ווער צו זיי גאָרנישט אָנקומען.

ער האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט, משה מעט, ווי איינער וואָס ווערט פאַר־

וואַרפן אין אַ פרעמד לאַנד און אַלץ זעט אים דאָ אויס אומפאַרשטענדלעך, אויס־טערליש, אומזיניק און קאָמיש. עס בינדט אים דאָ גאָרנישט מיטן דאָזיקן אומ־זיניקן געלייף און געטומל. דאָך וואָלט ער געוואָלט זײַן אַ טייל דערפון, זיך דורכ־נעמען דערמיט און מיטהאַלטן מיטן ריטעם, דערכאַפּן דעם פאָדעם פונעם קנויל, דעם זין פונעם מיסטעריעזן מענטשלעכן געפּלאָנטער. קיינער זעט דאָ נישט קיי־נעם. קיינער קען דאָ נישט קיינעם. יעדער איינער פאַר זיך איז ווי אַ שרײַפּל, וואָס דרייט זיך אַרום זיך אַליין, און אַלע צוזאַמען באַוועגן זיי דאָס גרויסע ראָד פונעם לעבן, וואָס קוילערט זיך אין אַן אומזיניקן קרײַז איבערן ערדקײַלעך. בלויז ער איינער קוילערט זיך נישט מיט. ער שטייט אָן אַ זײַט פונעם לײַדנשאַפטלעכן וועטגעיעג, פון וועלכן קיינער וועט נישט אַרויס קיין געווינער, און ווי אַ פאַר־שפּילטער איז ער דער ערשטער פון אָט די אַלע פאַרשפּילטע. מיט דעם איינעם אונטערשיד נאָר, וואָס זיי ריכטן זיך לויט באַשטימטע, נאָכאַנאַנד זיך באַוועגנ־דיקע ציפערן — אַלץ העכער אַרויף, אַרויף, און ער ריכט זיך לויט גאָרנישט — אַלץ נידעריקער אַראָפּ, אַראָפּ צום אָפּגרונט, צו דער נידעריקסטער געפאַלנקייט פון צונעמען בײַ אַ שטום באַשעפעניש דעם איינציקן ביסן פון מויל.

פאַר דער צײַט, וואָס ער שטילט דעם הונגער מיט דער הינטישער שיסל עסן אין יענעם אומהיימלעכן געריימען פוסטן הויז־קאָרידאָר, פילט ער ווי ער זינקט וואָס אַמאָל טיפער אין תהום. די צוויי ברוינע גוטע הינטישע אויגן, וואָס בעטן בײַ אים ער זאָל זיך דערבאַרעמען און איבערלאָזן מער אַ ביסל אינעם שיסעלע, פאַרפאָלגן אים אויף טריט און שריט. די אײַנגעפאַלענע הינטישע ריפּן שנײַדן זיך אים אײַן אין זײַן בליק. ער וואָלט שוין געוואָלט מע זאָל אים איין מאָל פאַר אַלע מאָל כאַפּן בײַ דער האַנט און אים אויספּלאָסקען ווי גרויס ער איז, וואָלט עס גענומען אַ סוף צום טײַוולשן שפּיל.

אָפט מאָל דאַכט זיך אים מאָדנע אויס אַז דאָס געפינט ער זיך, משה מעט, אין אַ הינטישער פעל. ער פאַרשפּאָרט זיך אַרונטערצולאָזן אויף אַלע פיר. אָט אַזוי ווי ער איז — זעט ער זיך אַ הונט. און אין ברוינעם הונט זעט ער זײַן אָפּ־בילד, זיך אַליין. דער הונט איז מער מענטש פאַר אים. זיי האָבן זיך פאַרטרויסט מיט די ראָלן. עס דערמאָנט אים אין אַ פאַרצײַטישע מעשה־נורא וואָס ער האָט אַ מאָל ערגעץ געהאָט געלייענט אין אַ ספרל. ביז הײַנט קאָן ער זיך נישט באַ־פרײַען פונעם שווידער וואָס האָט אים דעמאָלט אַרומגעכאַפּט און צוגערויבט פון אים אויף לאַנגע נעכט דעם שלאָף פון די אויגן.

איינער האָט געהאַט אין זײַן שטוב פון כל־טוב. קיין שום זאַך האָט אים נישט געפעלט. דאָס ווייב האָט אים געקאָכט גאָלדענע יאָכעלעך, פון שענסטן און בעסטן וואָס ס׳איז געווען צו קריגן אין מאַרק. נאָר אַז ס׳איז געקומען דער אויפ־דערנאַכט האָט ער בײַם טיש נישט געוואָלט טועם זײַן פון קיין שום זאַך. די

אַלע גוטע מאכלים, וואָס ס׳ווײַב האָט אים צודערלאַנגט צום טיש, האָט ער אָוועקגערוקט אין אַ זײַט:

— וואָס זאָל איך מאַכן — האָט ער צו איר געזאָגט — אַז כ׳האָב נישט קיין אַפּעטיט, און ס׳שמעקט מיר נישט אויך. נעם עס צו, כ׳קאָן נישט עסן...

ערשט ווען ס׳ווײַב האָט זיך געלייגט שלאָפן האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב און מיט אַ לאָפּעטע אויפן אַקסל זיך געלאָזט גיין צום בית־עולם. ער האָט אין גאַנצן אַ צעפיבערטער אויפגעגראָבן אַ פריש קבר און אָפּגעשניטן אַ שטיק פלייש פונעם פרישן מת, וואָס איז הײַנט געקומען צו קבורה; אָפּגעבראָטן עס און געשטילט דערמיט די גרויסע תאווה וואָס האָט אין אים געברענט — צו עסן מענטשנפלייש. וואָרן אַז מע פאַרזוכט נאָר איין מאָל דעם טעם דערפון, קאָן מען זיך שוין מער נישט באַגיין אָן דעם. פון אונטער דער ערד וועט יענער שוין זען צו קריגן פאַר זיך פלייש פון אַ מענטש. און קיין שום אַנדער פלייש וועט אים מער נישט שמעקן, ער וועט עס נישט קאָנען נעמען מער אין מויל אַרײַן. ס׳וועט אים ציִען צום מענטשנפלייש ווי אַ שיכור צום פלעשל — אויף קיין מאָל זיך נישט אָפּצוגעוויינען דערפון.

דאָס ווײַב זײַנס איז געוואָרן אויפפאַלנדיק אויף זײַן משונהדיק פירעכץ. זי האָט זיך איין מאָל אין אַ נאַכט געמאַכט שלאָפן, און ווען דער מאַן איז אַרויס מיט דער לאָפּעטע פון שטוב איז זי אים נאָכגעגאַנגען ביז אויפן בית־עולם אַרויס. זי האָט זיך פאַרשטעקט צווישן די מצבות און אַ דערשטוינטע האָט זי געזען ווי דער מאַן האָט אויפגעגראָבן אַ פריש אָנגעבערגלט קבר און שפּעטער צעלייגט אַ פײַער, אָנגעבראָטן דאָס פלייש פונעם מת און געהאַקט אַ סעודה.

אַן אויפגעטרייסלטע איז זי ווי צעדולט געלאָפן אַהיים און געוואַרט ביז דער מאַן איז געקומען פון בית־עולם. ווען ער איז אַרײַן אין שטוב האָט זי אים אָפּגעגאָסן מיט אַ פּליסיקייט, וואָס זי האָט געהאַט שטיין באַהאַלטן אין אַ פּלעשעלע, און אין זעלבן אויגנבליק איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשטאַלט פון אַ קו. זי האָט געכאַפּט אַ שטעקן און אים אַרויסגעטריבן אין פעלד, ווו ער איז פאַרמישפּט געוועזן זיך אַרומצודרייען ווי אַ בהמה, קייען גראָז אָפּקומען זײַן שטראָף דורך גילגול־הנפש און מער נישט קיין הנאה האָבן פון זײַן לעבן.

משה מעט האָט פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף די בעל־חי. אין יעדער אָנבאַגעגנטער בהמה און חיה האָט ער געזען אַ גילגול פון אַ מענטש, אַ פאַרוואָגלטע נשמה פון אַ בן־אדם, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט בײַם לעבן און קומט אָפּ די רעשט יאָרן זײַנע אויף דער וועלט ווי אַ שטום באַשעפעניש מיט באַגרענעצטע חושים און פאַרלאַנגען; אַ נידעריקע בריאה, וואָס גייט אויף אַלע פיר און פירט אַ גראָזיק לעבן פון קײַ און שפּײַ.

יעדעס מאָל, ווען משה מעט לאָזט זיך גיין צום הינטישן מיטאָג זײַנעם,

דאַכט זיך אים אַז דאָס גייט ער, ווי יענערס מאַן, אַרײַנגעסן אין זיך דאָס מתים־פלייש, און ער האָט אַפילו נישט ווער ס׳זאָל אים באַשטראָפן; וואָס זאָל אים מאַכן פאַר אויס מענטש; אים אויסלייזן פונעם מענטשישן פורעם און געשטאַלט. וואָרן ער איז שוין מער נישט בכוח צו טראָגן די מאַסקע פון אַ מענטשלעך פנים אין דער צײַט וועו ער פירט זיך אויף ערגער ווי דאָס נידעריקסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט, ערגער פון אַ שאַקאַל אין מידבר.

אַ פאַרזונקענער אינעם לאַבירינט פון די מחשבות האָט ער זיך געשלעפּט אין דער געדיכטעניש פון דער ייִדישער געגנט. די אַלע קלאַנגען פון אַרום האָבן זיך אין אים אַנגעשלאָגן ווי אָן אַ טויבער וואַנט. ער האָט זיך כסדר אַרומגעקוקט אויף הינטנאַרום, ווי ס׳וואָלט זיך אים נאָר געדאַכט אַז דאָס גייט אים נאָך דער ברוינער הונט. אָט וועט ער זיך גלײַך אָנטרעפן מיט אַ פּאָר בעטנדיקע שליפּיעס פול מיט גרענעצלאָזן טרויער. ער האָט פּלוצים אויפגעשוידערט. עפּעס האָט ער דערפילט ווייכס אין דער האַנט, ווי דער צוריר פון אַ הינטישער צונג. ער האָט זיך געכאַפּט אַז דאָס האָט מען אים אַרײַנגעשטופּט אַ פּאַפּירל אין האַנט. ער האָט געטון אַ קוק און עס געוואָלט אַוועקוואַרפן. וואָס מע זאָל אים דאַרט נישט פאַרלייגן דאַרף מען דערצו האָבן געלט און ער איז אַ גאַלענער.

משה מעט האָט אויפגעעפנט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירל און אין די צע־גלאָצטע אויגן זײַנע האָט אויפגעלויכטן אַ פײַערל. ער וועט מער נישט גיין אַזוי ציללאָז ווי ביז איצט איבער די גאַסן — אַ בלאָנדזשענדיקער, נישט צו וויסן וווּ־אײַן וווּ־אויס. ער האָט איצט אַ ציל. די טריט זײַנע וועלן אים איצט ערגעץ ווּ אַוועקפירן.

די אַוונטיקע לעמפּעלעך האָבן אים געגומען אַוועקטאַנצן, זיך דערנענטערט און דערווײַטערט פון אים. ער האָט זיי געגומען אַקעגנגיין. ער ווייסט אַז קיין אויסוועג איז עס נישט. אָבער ס׳איז שוין דאָ ווו צו אַנטלויפן פאַר די בילדער וואָס הערן אים נישט אויף צו פאַרפאָלגן און ברענען זײַנע טריט. ס׳איז דאָ ערגעץ אַ טיר וואָס וועט זיך פאַר אים עפענען ווי פון זיך אַליין.

ער איז איצט געגאַנגען איבער די גאַסן אַ גרינגער ווי געטראָגן אויף פליגל. ער האָט נישט געפילט דעם ווינט, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט און געצויגן אויף צוריק, אים געשלעפּט פאַר די פּאָלעס פון שינעל. ער האָט זיך געריסן פאַרויס פאַר זיך. פאַר די אויגן איז אויפגעגאַנגען אַ בורשטין־לויטער שפּיגלדיק גלאָז טיי מיט אַ טעצעלע מיט קיכעלעך, וואָס ווערט אים צוגעטראָגן צום טיש מיט אַזוי פיל מענטשלעכקייט און ווירדע, וואָס ער האָט געחלומט וועגן דעם אַזוי לאַנג ווי ער איז אַראָפּ פון דער באַן אויפן גדאַנסקער וואָקזאַל.

# ק אַ פּ י ט ל  ז ע ק ס

# בײַ די מיסיאָנערן אויף סעווערינזוו

די אָוונטיקע ייִדישע געגנט מיטן ראַשיקן געפּײַל און האַרמידער פֿון די פֿאַריאָגטע באַשעפּטיקטע ייִדן אין די לאַנגע פּאַלטנס און שוואַרצע טוכענע היטעלעך מיט די פֿלאַכע דענקעס און קורצע דאַשיקלעך; מיט דער געדיכטער דריקנדיקער טונקלקייט; מיט די פֿאַרוואָרלאָזטע וויסטאַוועס, פֿול מיט שטויב, אין אײביקער אומאָרדענונג; מיטן ברעגלאָזן אומעט, וואָס ווייעט פֿון די גראָשנדיקע געוועלבלעך, — דער גאַנצער שאָטנדיק־צעפּיבערטער ייִדישער יאַריד איז שוין לאַנג געווען ווײַט הינטער משה מעטן, טיף פֿאַרדושעט אין אַ קנוילקער פֿאַרזונקענקייט.

פֿאַר זײַן אויג האָבן זיך איצט אַנטקעגנגערוקט העלבאַלויכטענע טראָטואַרן, פֿאַרגאָסענע מיטן ראָז־פּיאָלעטן שײַן פֿון די הויך־אַריבערגעבויגענע פֿאָנאַרן מיט די קײַלעכיקע מילכקלאָשן ווי פֿולע לבנות. עלעגאַנטע פּוילישע מענער אין פּילצענע הוטן און לעדערנע הענטשקעס, מיט אַ שטעקעלע אונטערן אָרעם, זענען אַנטקעגנגעקומען מיט געמיטלעכע טריטעלעך ,אָן איבעריקן געפּײַל, מעשה באַלעבאָס פֿון אָט דער ערד, אויף וועלכער זיי טרעטן; קיינער וועט זי איצט בײַ זיי שוין נישט קאָנען מער צונעמען. שלאַנקע דאַמען אין האַרבסטמאַנטלען מיט אײַנגעצויגענע טאַליעס, פֿול מיט שיק און רייץ, האָבן אין זייער שטאָלצפּאַרריסענעם צעוויגטן גענגל ווי אונטערגעשטראָכן אַז זיי זענען נישט צוגענגלעך פֿאַר בילע־ווּעמען, נישט צום באַזיצן פֿאַר קיין ביליקן פּרײַז.

פֿון משה מעטס שוואַרצבאַוואַקסן פּנים האָבן פֿון אונטערן שטערן אַפּער אַרויסגעגאַפּט אַ פּאָר צעפּלאַמטע בליקן וואָס האָבן אַרויסגערופֿן אַן אומבאַוווּסטע שרעק און צעטומלונג בײַם צופֿעליקן אָנבאַגעגענען זיך מיט זיי. ער האָט זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן מיטן לוקסוס און פֿאַרשווענדערישן פּוץ פֿון די פּוילישע קאָקעטישע דאַמען וואָס זוכן צו מאַכן אַ לײַכט לעבן כל־זמן די הפקר־ווינטעלעך פֿון די ערשטע נאָך־מלחמה־טעג בלאָזן נאָך פֿון אַלע זײַטן — פֿראַנק און פֿרײַ, נישט געשטערט דורך קיינעם.

אויף די טראָטואַר־פּליטעס האָבן זיך פּאַר זײַנע טריט געצונדן פאַרביקע רעקלאַמעס מיט צעפּיבערטער לויפיקער שריפט, זיך געלאָשן און ווידער גע־צונדן. אין די געשעפטן פון קירכלעכע פאַרביקע צאַצקעס און שמאָכטעס זענען די וויטרינעס געווען באַלייגט און באַהאָנגען מיט הייליקע בילדער, ביינערנע יויזלעך; בלאָגעפאַרבטע מאַטקע־באָסקעס מיט פּרומפאַרגלאָצטע אויגן; רויטע און גרינע באַקאַלן; שוואַרצלאַקירטע געבעטביכלעך, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט און גישטרעאַלע פראַפאַרצן די הייליקע פיגורלעך, צלמים און זילבערנע בעכערס.

די בונטע פאַרביקע חפצים האָבן, האַלבשפּאַס־האַלבערנסט, געוווּנקען צו משה מעטן, גערופן און געקראַכן חוצפּהדיק אין די אויגן אַרײַן:

— וואָס דרייסטו אַזוי שיין אַוועק דעם קאָפּ פון אונדז? קוק אים אָן מיטן פּרומען פּנימל. מע קאָן נאָך טאַקע מיינען אַז ס׳איז גאָלע צניעות. דו גייסט דאָך איצט אַליין אַנטקעגן דעם צלם, דעם זעלבן צלם... מעג ער זײַן פאַרשטעקט אונ־טער דער פאָלע. ס׳איז דער זעלבער קרייץ מיטן זעלבן קריסטוס. אונדז וועסטו דאָך נישט דערציילן קיין מעשות אַז דו גייסט זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ גלאָז טיי מיט קיכעלעך. מיר קענען זיך אויף די שטיק... צום צלם קריכסטו, אַט וווהין...

משה מעט האָט זיך האַסטיק אָפּגעקערט פונעם אויסשטעל־פענצטער מיט די הייליקייטן. ער האָט קוים באַוויזן אָפּצוגיין אַ שטיקל וועגס מיט דער ברייטער קראָקעווער פאָרשטאָט, וואָס שאָטנט זיך פאַרטוליעט מיט סקווערלעך און דענק־מעלער, ווי פאַר זײַנע אויגן האָט שטיינערדיק שווער און מאַסיוו אַ שניט געטון אַ קרומער ריזיקער קרייץ, וואָס האָט לאַסטיק געדריקט אויפן אַקסל פון אַ האַלב־געבויגענער פיגור מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, געריכט מיטן ווײַזפינגער צו דער אַנטקעגנדיקער מויער מיט דער רעקלאַמע־שריפט איבער דער גאַנצער לענג: „רוימישע באָד״, ווי איינער זאָגט: אַהין גייט זיך רייניקן...

— דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן אויף מיר — האָט משה מעט גערעדט צו זיך אַליין אויפן קול — דאָס מיינט ער מײַן כבוד, דער קרייצטראָגער, נישט קיין אַנדערנס. כ׳וואָלט איצט באַדאַרפט האָבן ווי ס׳לעבן אַזאַ רייניקונג, ס׳וואָלט מיר מכפּר געווען אַלע מײַנע זינד.

אויף משה מעטס פּנים האָט זיך צעלייגט אַ ברייטער שמייכל אַרום די אויגן און אויפגעריסענעם מויל. ס׳איז גיכער ענלעך געווען צו אַ ווייטיקדיקן גרימאַס. ער האָט שוין כמעט ווי פאַרגעסן וואָס ס׳הייסט אַזוינס שמייכלען, געבן פרײַ אַ שמייכל ווי אַ לעבעדיקער מענטש.

ער האָט אויסגעמיטן דעם צלם פון דער זײַט און די באָד פון דער אַנדערער און זיך געלאָזט גיין ווײַטער אַרויף מיט דער ברייטער קראָקאָווער־פאָרשטאָט.

פאַרבײַגעגאַנגען דעם אוניווערזיטעט מיטן שלאָפנדיקן הויף הינטערן שטאַ־כעטן־טויער, זיך אַרײַנגעדרייט אין אַ שמאָל פּוסט געסל און אַרויסגעקומען אויף אַ שיפּער גאַס וואָס איז געלאָפן באַרגאַראָפּ. ער איז פאַרבײַ אַ הינטערשטער זײַט מויער פון אַ נײַעם ווינבלאַק אין ענגלישן סטיל, אַרומבאַזיימט מיט גרינ־גאָלד׳קע סאָסנע־קוסטלעך, און זיך פאַרנומען מיטן זײַטיקן פוסטן טראָטואַר גאַס־אַראָפּ. געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען דאָס שטיקל גאַס. ער האָט גע־פרווט אײַנהאַלטן די טריט, זיי זאָלן אַזוי נישט הילכן איבערן געסל, גלײַך ווי ער וואָלט מורא געהאַט די ריי סודותפול־שווײַגנדיקע מויערן אויף דער אַנדערער זײַט טראָטואַר זאָלן זיך נישט געבן אַ כאַפּ אויף, צעעפענען פענצטער און טײַט־לען אויף אים מיט די פינגער אַז דאָס גייט ער זיך איצט פאַרקויפן, זײַן גוף און נשמה פאַר אַ נישטיקן פרײַז, צומאָל נישט פאַר קיין טאָפּ לינדזן... פאַר עפּעס דאַרט אַ גלאָז טיי מיט אַ פּאָר פאַרדאַרטע קיכלעך.

דאָס שיפּע רײַכע געסל האָט זיך נישט געמאַכט וויסן וועהין דאָס טראָ־טואַר׳ל דאָ פירט. ס׳איז געשטאַנען פאַרהעמערט מיט טויבע געשלאָסענע אײַ־זערנע טויערן. די גלאַנצנדיקע שויבן אויף די אויבערשטע שטאָקן זענען געווען געדיכט פאַרהאַנגען מיט שווערע גאַרדינען, זיי זאָלן נישט זען די פאַרלוירענע נשמות, וואָס פאַרבלאָנדזשען דאָ אַהער, בכדי זיי צו פאַרשפּאָרן וואָרענען און ראַטעווען. זאָלן זיי בלײַבן אויף אייגענעם באַראַט.

נאָכן אָפּגיין די ערשטע פּאָר טריט אין געסל האָט משה מעט אויפגעשווי־דערט. ס׳האָט זיך אים געדאַכט אַז ער הערט אַ טומל פון קולות: אַ סך שטימען טראָגן זיך פון גאָר נאָענט. די אָפּגעריסענע געשרייען האָבן חוצפּהדיק אויפגע־בראָכן די געסלדיקע גליווערנדיקע שטומקייט. קיין מענטש אַרום איז נישט גע־ווען צו זען. אַרויפצו איז דאָס געסל געווען ליידיק. די קולות זענען געוואָרן וואָס אַמאָל דייטלעכער און שאַרפער. פול מיט אויפגערודער און רוגזה.

מיט אײַנגעהאַלטענע טריט האָט זיך משה מעט גערוקט נענטער צום ראָג, וווּ דאָס געסל דרייט זיך אַרײַן, און געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צום אָרט — צונויפגעגאָסן מיט דער שאָטנדיקער מויער. פאַר זײַנע אויגן האָט זיך אַ שוואַרץ־געטון אַ געזעמל מענטשן.

יונגעלײַט אין לאַנגע קאַפּעטעס און שוואַרצע טוכענע היטעלעך מיט נידער־ריקע דענקעס, און קורצגעקלייטע, אין קאַפּעלושן — אַלע זיי האָבן זיך גע־שפּאַרט צו אַ טויער, געקלאַפּט מיט די פויסטן אויפן שוואַרצן אײַזערנעם טויער־געפלעכט פאַרנט פאַר די געגלאָזטע טירן. די יונגע בחורים האָבן העזהדיק גע־גוואַלדעוועט אָן מינדסטן דרך־ארץ פאַר די מאַרמאָרנע ווענט מיטן טעמפּלדיק־פּאַלאַצישן האָל אין רויטגעדעמפּטן פּײַערלעכן שײַן. אויף זייערע פּנימער האָבן זיך די מײַלער און אויגן געקרימט אין העוויות פון ווילדן האַס און גרענעצלאָזער

פאַראַכטונג. זייערע געשרייען און פאַרהויבענע קולאַקעס, וואָס האָבן זיך אײַנ־געשניטן אין לופטן, זענען געווען געווענדט צו די צווי הויכע און דאַרע פאַר־שוינען, ווי די דרענגער, אויף יענער זײַט טויער — איינער בלייך ווי די וואַנט מיט באַזילבערטע שלייפן, און דער צווייטער רויט ווי אַ טשוויק מיט אַ יונג אײדל פּנימל ווי בײַ אַ גוטן מלאך. איבער זייערע קעפּ האָבן זיך געגאָסן מוטנע בוואָליעס פון באַליידיקונגען און זידלערײַען, וואָס זיי האָבן איבערגעטראָגן מיט אַנגעבויגענע קעפּ, אָן צוריק צו ענטפערן אַ וואָרט.

אינעם מבול פון די געשרייען האָט זיך געהערט אַ קוויטשיק קולכל, ווי פון אַ יונג הענדעלע, וואָס איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון די איבעריקע העכער און גרעבער.

— אַפּעריסטן!
— שווינדלער!
— נשמה־כאַפּערס! אַריכן ענקער מאַמען אַראָן!
— טרייפעניאַקעס!
— האָטס ענק אַכציק שוואַרץ יואַ, שמדניקעס!
— אַ בראַנדפײַער זאָל ענק אַרימכאַפּן!
— שבתי־צביניקעס!
— מ׳עט אַך אַלעמען די ביינאַ צעבראַכן!
— ימח־שמוניקעס!
— הינטישע זין!
— ס׳גיהנום איז פאַר ענק ווייניק!
— מע דאַרף פון אײַך שינדן די פעל!
— צ׳זענט דאָך אַרגאַ פון די גויים!
— קאַליע געמאַכטע נשמות וואָס עטץ זענט!
— צ׳זאָלט נישט האָבן די וועלט און נישט יענע וועלט!
— ס׳זאָלן אײַך פרעסן די וועלף!
— די ערד זאָל ענק אַראָסוואַרפן!
— פושעי־ישמעאלים!

עפּעס האַרטס האָט אַ זעץ געגעבן אין די טויער־אײַזנס און ס׳האָט אַ בראַזג געטון מיט צעבראָכן גלאָז וואָס איז געפאַלן מיט אַ הילכיק געקלונגערײַ איבער די שטיינער. אינעם מאַט־רויטלעכן שײַן, וואָס איז געפאַלן פונעם טויער מיט די צעבראָכענע שויבן, האָט זיך דאָס אַריסטאָקראַטישע געסל געשטיקט מיט די צעיאָכמעטע און צעכראַסטעטע געשרייען און ליאַרמען פונעם פּרומפּאַנאַטישן יונגוואַרג, זיך געקאָרטשעט און געצאַפּלט ווי אין קאָנוווּלסיע.

משה מעט האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטון פון אָרט, זיך אָפּגעטיילט פון דער

מויער וואָס האָט אים געהאַלטן אין שאָטן. ער האָט שוין לאַנג געבענקט נאָך אַ
מאָמענט צו קאָנען ווײַזן דעם כּוח און מאַכט פון זײַן מיליטערישן מונדיר. ער
האָט איצט דערזען פאַר זיך אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט אויסצופּרוּוון, ווי שמשון
מיט די זיילן, זײַנע פאַרדרעמלטע כּוחות — אפשר אויף אַ לעצט מאָל, און מעג־
לעך אויף אַן ערשט מאָל, אויף אַ פרישן אָנהייב.

ווי פון אונטער דער ערד איז ער אויסגעוואַקסן פאַר די צעווילדעוועטע
בחורים. אין מיטן שוואַרץ־שבת פּונעם חסידישן געזעמל האָט ער זיך פּלוצים
געגעבן אַ רײַס אַרײַן אַ ווילדבאַוואַקסענער און אָפּגעריסענער, אינעם צעפּאָרע־
נעם שינעל, וואָס האָט אַרויסגערופן שרעק און אָפּשיי צוזאַמען. מיט צענומענע
הענט און צעטראָגן־גלי̈ענדיקע אויגן האָט ער זיך געעפנט אַ וועג דורך דער ענג־
צונויפגעדריקטער צעיושעטער מאַסע און אַן אויסגעגלײַכטער זיך געלאָזט גיין
ווי אַן אַפּאָסטאָל צום טויער.

די טומלדיקע געשרייען און זידלערײַען פון די סקאַנדאַלן־מאַכערס זענען
ווי אָפּגעהאַקט געבליבן שטעקן אין קעל. ווי אַ צעפּלאָשעטע טשאַטע פייגל האָט
זיך דאָס געזעמל געגעבן אַ צעפּאַל אין אַלע זײַטן — איבערגעשראָקן אויף טויט
פון דער אומהיימלעכער באַוואַקסענער געשטאַלט וואָס האָט זיך דערנומען אַהער
ווי פון יענער וועלט — נישט צו וויסן ווי אַ נאָך און אויף וואָסער אופן.

מיט אַ גלייכגעשטרעקטער פיגור האָט זיך משה מעט אַ שטעל געטון פאַרן
פאַרשלאָסענעם טויער. דער ייִנגערער פון יענער זײַט שטאַכעטן, מיטן צעפלאַמטן
פּנים, ווי איין שטיק פײַער, האָט גיך איבערגעדרייט דעם שליסל און געעפנט די
נידעריקע האַלבע טיר, אַרײַנגעלאָזט דעם אומגעריכטן גאַסט און פאַרהאַקט נאָך
אים דאָס טויער צוריק אויפן שלאָס.

דער עלטערער ביינערדיק־דאַרער מאַן מיט די זילבערשלייפן האָט ווי פאַר־
לוירן דאָס לשון אינעם אָנבליק פונעם אויסטערלישן פּאַרשוין. מיט לאָקייִשע
דרך־ארצדיקע טריטעלעך האָט ער אין גאַנצן אַ ציטערדיקער אים געוויזן, מיט אַ
טרייסלענדיקער האַנט פאַר זיך, צום הויז־אַרײַנגאַנג, ער זאָל זיך מטריח זײַן
גיין ווײַטער, דער הויכער גאַסט, וואָס איז דאָ אַראָפּגעפאַלן ווי פון הימל אַראָפּ.
אָט ווי אַ גוטער מלאך — צו ראַטעווען זייער פּרעסטיזש, צוריקשטעלן זייער
ווערדע, וואָס איז נאָר וואָס געוואָרן אויסגעשמירט מיט בלאָטע און קויט.

העכער אַרויפצו אינעם רויטלעך־באַלויכטענעם טויער האָט זיך געפינען
דער אַרײַנגאַנג מיט די פאַרמאַכטע גלעזערנע טירן. דער עלטערער מאַן איז אים
פאַרלאָפן דעם וועג און געעפנט די טיר. משה מעט איז אַריבערגעטרעטן די שוועל
און גלײַך געוואָרן אַרומגענומען פון אַ דומפּער וואַרעמקייט ווי אין אַ באָד. די
ווענט אַרום זענען געווען געבעט מיט אַ ברוין האָלץ שפּיגלדיק צעגלאַנצט. פאַרנט
פאַרן אַרויפגאַנג איז אויף אַ סטאָיאַק געשטאַנען אַן אײַזערן־שוואַרצע קלויסטער־

לאָמפּ מיט קאָלירטע שײַבלעך. אַ זיכערער און גלײַכער האָט משה מעט געשטעלט די שווערע טריט וואָס זענען געזונקען ווייך אינעם רויטן פּלושענעם כּאָדניק אויסגעשפּרייט אויף די טרעפּ.

הינטער אים איז יראת־הכבודיק נאָכגעגאַנגען פּוסטריט דער גראָלעכער מיט די זילבערנע שלייפן און לענגלעכן אויסגעצויגענעם פּנים. ער האָט אים כּסדר געהייסן גיין העכער, נאָך העכער.

וואָס העכער משה מעט האָט זיך געהויבן אויף די שטיגן אַלץ העכער זענען אין דער אַרומיקער צוגעדושעטער שטילקייט צוריק אָנגעלאָפן צו זײַן געהער די ברײַענדיקע קראָפּיווע־רייד און זידלערײַען־קאָלטונס פון די פאַנאַטישע חסידישע יינגלעך. די קולות און גוואַלדן האָבן איצט געהאַמערט הויך איבער זײַן קאָפּ אין דער טויבער צוגעלעגענער שטומשווײַגעניש פון די הויזוועגט.

משה מעט איז קוים דערגאַנגען צום אייבערשטן גאָרן. פון אַלע זײַטן זענען אין דער הייך געוועזן טירן, ברוינע, הויכע, מאַסיווע, ווי די קלויסטער־טירן. דער דאָרער פלאָקן איז מיט עטלעכע גיכע וויכפאַרזונקענע טריטעלעך אויסגעקומען פאַר משה מעטן. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער מיטלסטער טיר און פאָרזיכ־טיק, נישט קיין סקריפּ צו געבן, זי ברייט געעפנט.

כּאַר משה מעטן האָט זיך מיט אַמאָל אַנטפּלעקט אַן אויסטערליש בילד. ער איז געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צום אָרט — נישט אַריבערצוטרעטן די שוועל, און נישט צו שטעלן קיין טראָט אויף צוריק.

ק אַ פּ י ט ל  ז י ב ן

# פֿאַרשטעלטער חסיד דרשנט אַפּיקורסות

משה מעט איז אַ לענגערע ווײַלע געשטאַנען אַן איבערגעראַשטער אויף דער שוועל. ער האָט נישט געפֿילט ווי הינטער זײַן פּלייצע איז צוגעשפּאַרט געוואָרן די טיר. עמעץ הינטער אים האָט זי שאַרכלאָז פֿאַרמאַכט אויפֿן קלאַמקע־שלאָס. ער האָט זיך געפֿונען אין אַ יום־טובדיק־פֿײַערלעכן זאַל מיט אָנגעצונדענע מילכלאָמפּן פֿון אַלע פֿיר זײַטן האַרט אונטערן סופֿיט. די ווענט אַרום זענען געווען באַשטעלט מיט שאַפֿעס. די ביכער האָבן גערוט אין שלווהדיקן שלומער הינטער די געגלאָזטע טירלעך. אין דער געדיכטער לופֿט האָט זיך געפֿילט אַ ריח פֿון לאַנג נישט־געלופֿטערטע צימערן. צוזאַמען מיט דער געמיטלעכער וואַרעמקייט האָט אים אויך אַרומגענומען די אײַנגעהאַלטענע שפּאַנונג וואָס האָט זיך דאָ געפֿילט ווי פֿאַר אַן אויסברוך פֿון אַ שטורעם. כאָטש פֿונעם דרויסנדיקן טומל אַרום טויער איז נישט דערגאַנגען אַהער דער מינדסטער שאָרך, האָט דאָ געיערט אַ שווערע אָנגעשטרענגטקייט, וואָס קאָן אַ ליאַדע מינוט אויפֿפּלאַצן ווי אַן אָנגעצויגענע מכה.

אויבן אָן בײַם לאַנגן טיש האָט זיך התלהבותדיק געוויגט אַ ייִד מיט אַ ווײַסער באָרד און פּיאות, אין אַ לאַנגער קאַפּעטע און אין בלויזן קאָפּ. ער האָט געזאָגט „תורה" אויף אַ חסידיש־רבישן אופֿן. גערעדט האַסטיק און געשווינד. פֿאַרשלונגען האַלבע ווערטער, זיך אַרויסגעהאָלפֿן ייִדישלעך, מיט די הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט וואָס גיכער אַרײַנכאַפּן אַלץ, וואָס ער האָט צו זאָגן, כּל־זמן קיינער שטערט אים נישט, איידער מע נעמט זיך בונטעווען.

די גאַנצע אוידיטאָריע אַרום, בראָש מיטן עקזאַלטירטן בעל־דרשן, האָט דערמאָנט מיט זיך אַ געהיימען צונויפֿקום פֿון אַנוסים אין שפּאַניע. אויך די פֿאַרזאַמלטע דאָ מיט די מאָדנע פּנימער האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיק אַריבערגעטראָגן פֿון די צײַטן פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אָט קאָנען זיך אַרײַנרײַסן באַוואָפֿנטע וואַכלײַט און זיי אַלע אַוועקפֿירן אין די פּײַניקונג־קעלערן, אויף די שײַטערהויפֿנס.

אָפּגערוקט פֿון טיש זענען אויף ווייכגעבעטע שטולן, אויסגעשטעלט אין אַ ריי בײַ דער וואַנט, געזעסן ברייט צעלייגט, מעשה אייגענע, היימישע, זיבן גרײַזגראָע זקנים, טייל מיט פֿולע פּיסקעס און טאָפּלטע גוידערס, בײַכלדיק רונדע, זאַט־אָנגעגעסענע, אויסגעכאָליעטע, און טייל מיט קנאָכיקע נזירישע פּנימער מיט פֿאַרשפּיצטע נעז און לאַנגע גאָמבעס. איינער מיט אַ צוגעפּלאַטשטער נאָז און נידעריקן שטערן, האָט אויסגעזען ווי אַ באָקסער. ער האָט גע־

האַלטן אַ פּאָר גאָלדענע פּענסנע נאָענט צו די קורצזיכטיקע אויגן אָנגעשטעלט אויפן בעל־דרשן. אַ צװייטער אין אַ װײַסן גאַרס מיט אַ גאָלדענער קײט האָט זיך כסדר אַרויפגערוקט די בלאָע ברילן אויפן שטערן און מיט אַ שפּיץ טיכעלע זיך געהאַלטן אין איין װישן די טראַכאָמע־צעפּײַערטע אויגן־װינקלען, געפּינטלט מיט די פּאַרטריפטע לויזע אַפּלען אין רויען פלייש פון די אַרונטערגעלאָזטע אויגן־לעדלעך און צוריק זיי פאַרשטעלט מיט די בלאָע ברילן.

אַרום טיש איז געזעסן אַ מאָדנער עולם, אַ געמיש פון גאָר יונגע בחורים־לעך און עטלעכע דערװאַקסענע מענטשן. קורצגעקליידטע יונגעלײַט מיט אויסגע־בלייכטע פּנימער, װי זיי װאָלטן נאָר װאָס פאַרלאָזט די ישיבה־באַנק, אָדער דאָס שפּיטאָל, אַראָפּגעװאָרפן פון זיך די ייִדישע כאַלאַטלעך און אַרײַנגעקראָכן אינעם ענגגעפּאַסטן מאַרינאַרקעלע מיט די שמאָלע אַרבעלעך װי אין אַן אומבאַקװעמען פרעמדן בגד. זייערע אײַנגעפאַלענע באַקן מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע קינעך און אַרויסגעשלאָגענע ראָזע פלעקן האָבן דערציילט פון הונגעריקע טעג אין דער פרעמד, פון נישט האָבן זיך װוּ אַהינצוטון אין די נעכט אין דער גרויסער שטאָט.

דער פאַרשטעלטער חסיד איז ביסלעכװײַז אַרײַן אין טראַנס. אַ צװויגטער, װי בײַם יום־כיפורדיקן דאַװענען, האָט ער זיך געגעבן אַ נעם אָן פאַר דער װײַ־סער באָרד און מיט האַלבגעשלאָסענע אויגן, פול מיט דבקות און התלהבות גע־נומען קלעטערן אויפן לייטער פון פילפּול און דרוש:

— לויט דער הייליקער מסורה, פאַרשטייט איר מיך אָט אַזוי אַ, קומט די נשמה צום ערשט אין גיהנום אַרײַן אָפּצוקומען פאַר אירע זינד אויף ד ע ר װעלט. נאָר דורכן געבן צדקה און צינדן ליכט אין דער יאָרצײַט קריגט די נשמה אַן עליה און גייט אין גן־עדן אַרײַן. דערפון איז געדרונגען, פאַרשטייט איר מיך אַזוי־אַ, אַז מע דאַרף נישט זאָגן קיין קדיש נאָכן טויטן, װײַל ס׳װעט אים העלפן װי אַ טויטן באַנקעס. װאָרן אין דער תורה הקדושה װערט געברענגט, אַז יום המיתה מכפּר על כל עװונות. איז ממה־נפשך, אויב װידער די חבלי־מיתה זענען מכפּר דעם מענטשנס זינד, טאָ װי אַזוי קומט די נשמה אין גיהנום אַרײַן? אלא, מוזן מיר זאָגן, אַז זי קומט נישט — נאָר פאַרקערט, זי גייט גלײַך אין גן־עדן, איז דאָך דאָס קדיש־זאָגן אַ חילול־השם, אַן אָפּלייקענונג פון דעם װאָס די תורה זאָגט. װאָרן כ׳געב טויזנט זלאָטעס ס׳זאָל מיר איינער װײַזן װוּ ס׳װערט גע־ברענגט אין תנך אַז מע דאַרף נאָך אַ מת זאָגן קדיש. אין ערגעץ אין דער ביבל װעט איר עס נישט געפינען, אפילו נישט קיין אָנטײַט דערויף. דער מענטש אַליין דאַרף בײַם לעבן מתקן זײַן פאַר זײַן נשמה און זי אויסלייזן פון די הענט פון די מלאכי־חבלה, אַז זיי זאָלן נישט האָבן איבער איר קיין שליטה אויף יענער װעלט און דער מענטש אַליין זאָל האָבן מנוחה אויף דער װעלט, װעט אים װויל און ליכטיק זײַןביידע װעלטן.

די אויסגעדארטע יונגע צוהערער־תלמידים האבן נישט געקאנט קוקן דעם „רבין" גלייך אין די אויגן אריין. זיי האבן זיך געשעמט פאר זיין ווייסער בארד און פיאות. זיי האבן נעבלאנדזשעט מיטן בליק אויפן סופיט, איבער די שענק מיט ספרים, און אים געזונקען אראפ צו דער ערד, ווי זיי וואלטן אפגעטון דאס גרעסטע פארברעכן און דערוועגן נישט אנצובאגעגענען זיך איינער מיטן צווייטן מיט די בליקן.

א ביסל אן א זייט פון טיש, ארויפצו נענטער צום רעדנער איז געזעסן א פעסטגעבויטער יונג, מיט פולע תאווהדיקע ליפן, מיט א נאקעטן שארבן און געגאלטער מארדע, ווילעריש פארלייגט א פוס אויף א פוס. די צוויי שפיציקע ממזרישע אייגעלעך זענען ווי די מייזלעך זייטיק אומגעלאפן איבער די טישזיצער און פארשעריש נאכגעשפירט נאך יעדן איינעמס באוועג, זיך נישט געמאכט זען גארנישט און אלץ געהאט אויפן אויג.

דער זיצנדיקער שומר האט אויסגעזען צו זיין שטארק פארנודעט, ווי דאס אלץ דא, די אלע רייד פונעם פרעדיקער וואלטן אים אנגעגאנגען ווי דער פארײאריקער שניי. ער האט שוין אויסגעקוקט די מינוט ס׳זאלן זיך דערהערן צווישנרופן, מע זאל זיך נעמען הייבן פון די בענקלעך, ס׳זאל ווערן הייס, ווי ס׳טרעפט זיך דא זייער אפט — ער זאל קאנען לאזן די ידים אין גאנג איבער די היציקע קעפ, ווייזן די בריהשקייט זיינע פון א שלעגער, א ספארטמאן, און שפעטער זיך רימען מיט זיין שלעגערישן כוח פאר דער נייער קעכין, דער יונגער דארפישער שיקסע מיטן פולן בוזעם אין איר זייטיקן דינסטצימערל לעבן דער קיך.

דאס פלוצימדיקע באווייזן זיך פונעם באוואקסענעם פארשוין אינעם משונהדיקן הולך מיט דער סמאלע־שווארצער בארד־ראם און פייערדיק־צעגלאנצטע אויגן האט אומרויק אויפגערודערט דעם גאנצן זאל. אלעמענס בליקן האבן זיך מיט אמאל געווענדט צו דער רעטעניששפולער פיגור וואס איז געבליבן שטיין אפהענטיק ביי דער טיר. דער דרשה־האלטער האט זיך אזש פארקייכט מיט די רייד. זיין ווייסע בארד האט לייכט אונטערגעציטערט. ס׳האט אויסגעזען ווי איינער פון די אפאסטאלן וואלט זיך דא באוויזן א תחית־המתים־אויפגעשטאנענער, א פארשטויבטער און פארשימלטער ווי נאר וואס פון קבר ארויס. און די פאלשע רייד זענען ווי פארשטיקט געווארן אין א קנויל אין סאמע קעל.

די זקנים האבן זיך, צעפלאשעטע ווי איבערגעשראקענע קוואקעס, באוועגט אויף די ערטער. זיי האבן נישט געוווסט צי אויפשטיין אין יראת־הכבוד און זיך בוקן פאר אים, ווי פאר א יונגן נביא, צי בלייבן זיצן ווי קיין מאל גארנישט, נישטא פון וואס נתפעל צו ווערן, עפעס דארט א לאטיק, א שלעפער.

דער גנבישער חסיד מיט דער ווייסער בארד האט אויפגעכאפט דעם דורכדרינגענדיקן בליק פון שומר און גלייך געקומען צו זיך, ווי אויסגעטשוכעט פון א

פאַלשער זעונג, און אַ באַהערשטער גענומען ווײַטער רעדן אין עקסטאַז מיט אַ געהעכערטער שטים:

— נעם אַראָפּ די שיך פון דײַנע פיס — האָט דער פּרעדיקער געוואָרפן אַ בליק אין משה מעטס זײַט — ווײַל דאָס אָרט וווּ דו שטייסט איז הייליק...

משה מעט האָט צעטומלטער אַ קוק געגעבן אין גרויס פאַרלעגנהייט אויף זײַנע זעלנערשע קאַמאַשן. ער האָט געמיינט אַז די רייד זענען געווענדט צו אים. ווי אַזוי וועט ער אַראָפּנעמען די שיך פון די פיס? זיי ווערן גאַרנישט אַראָפּגיין. ער האָט זיי שוין נישט אויסגעטון פון ווי לאַנג... איינער פון די יונגעלײַט בײַם טיש האָט זיך צעשמייכלט און זיך פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל, ער זאָל נישט אויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער. ער האָט, זעט אויס, געלייענט די געדאַנקען פון פּנים אַראָפּ פונעם אומגעלומפּערטן פאַרשוין בײַ דער טיר און זיך געשטיקט אַ פאַררויטלטער פון קײַכנדיקן לאַכן.

דער זקן מיט די קאַליע־אויגן אין די בלאָע ברילן האָט משה מעטן אָנגעוויזן אויף אַ ליידיקער שטול, וואָס איז געשטאַנען די ערשטע לעבן „רבין", ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אים, דעם לעצט־אַרײַנגעקומענעם. באַגלייט פון אַזוי פיל אָנגע־האַנגענע בליקן אויף זיך האָט משה מעט געשטעלט אומגעלומפּערט־שרײַיקע טריט שווער נישט פאַלנדיק איבער זיי, אָנגעמאַכט אַ רעש מיטן רוקן די שטול און זיך אָנידערגעזעצט אַ באַגאָסענער מיט שווייס.

אין קאָפּ האָט געגומען אַ פּלייץ טון מיט קשיות וואָס האָבן זיך איינע די אַנדערע אַריבערגעיאָגט:

— ווו איז ער דאָ אַרײַן? ווער זענען די דאָזיקע זקנים מיט די גראָע קעפּ וואָס זעען אויס ווי די לאָרדן? פון וואַנען האָט זיך דאָ דערנומען אַ ייִד אַ חסיד? וואָס טוט דאָ דאָס מענטשל בײַ דער זײַט? און ווער איז דאָס יונגוואַרג? עפּעס זעען זיי אַלע אויס ווי פאַרשטעלטע, מאַזשגאַרן. ווער פון זיי זענען די פירער און ווער די פאַרפירטע? צי איז ער אַליין אויך נישט אַמאָל אַזאַ געפאַנגענער, אַ פאַרפירטער ווי זיי אַלע דאָ, וואָס מע וועט אים מער נישט אַרויסלאָזן פון דאַנען און אים צווינגען צו שפּילן די קאָמעדיע, אָט ווי דער דאָזיקער פאַרפירטער, דער ייִד מיט די באָרד און פּיאות, וואָס מע הייסט אים רעדן על ה' ועל משיחו. וואָס איז עס דאָ פאַר אַ הויז און וווהין פירן די אַלע געהיימעניש־פולע טירן וואָס שווײַגן מיט סוד? פון ווענען ווערט עס אויסגעהאַלטן און ווער זענען די באַלעבאַטים? ווער ווענען איז דאָ אונטערגעוואָרפן. דער פּיפּיקער פאַרשוין מיטן גאָלן שאַרבן זעט אויס צו זײַן אַ הפקר־יונג. ער קאָן דערלאַנגען מיט אַ מעסער אין דער זײַט און לאָזן קאַלט. ס'איז בעסער נישט צו קוקן אין זײַן זײַט. די אַלטע לײַט זעען אויך אויס ווי איבערגעטוענע, קאָמעדיאַנטן. זענען טאַקע די אַלע געקומען מיט די זעלבע כוונות וואָס ער — זיך מחיה זײַן מיט אַ גלאָז טיי מיט קיכלעך, זיך גע־

לאזט אַרײַנגנאַרן ווי ער און צוליב גאָרנישט פאַרשפּילן אַ לעבן? דאָס אַלטוואַרג זעט נישט אויס צו האָבן צוליב דעם אַרויפגעקומען אַהער. זיי זעען אויס ווי אַדל־לײַט. ווי האָבן זיי זיך בכלל געקאָנט דורכקריגן דורך דער גראַטשקע אונטן פאַרן טויער? זיי דאַרפן זײַן דאָ אייגענע אַוודאי. זיי מוזן דאָ וווינען אין דעם הויז און זיי זענען עס טאַקע די וואָס פירן דאָ אָן מיטן רעדל. אַפילו דאָס גאַלע קאָפּל ציטערט פאַר זייער בליק.

דער מבול פראַגן האָט זיך ביסלעכווײַז געוומען אָפּזעצן אומפאַרענטפערט, ווי זאַמד אין אַ גלאָז וואַסער אויפן דנאָ. פון אַלע זײַטן האָט ווי אין אַ געלעכערטער שיף אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען דער שטראָם מוטנע רייד פונעם צעפּלאָמטן רעדנער וועגן אמונה, געטלעכקייט, מענטשנזון, ווידערגעבורט פון משיח און פאַרפירטע הערצער. ער האָט פאַרמישט פּסוקים פון תהילים און חומש מיטן נייעם טעסטאַמענט. גערעדט וועגן אייביקן לעבן און וועגן פאַרבלאָנדזשעטע שאָף וואָס ווילן זיך נישט אומקערן צום פּאַסטעך. איבערגעחזרט וואָס ד ע ר נביא האָט געזאָגט און וואָס יענער נביא האָט געפּרעדיקט, זיך פאַררופן אויף ישעיה און פּעטרוס, ירמיה און לוקאַס, און ווען ער האָט אַן עקזאַלטירטער אויסגערופן: —
ווער ס'איז הונגעריק און דאָרשטיק זאָל קומען צו מיר, דער וואָס קומט צו מיר וועט קיין מאָל הונגעריק נישט ווערן און דאָרשטיק נישט ווערן — האָבן זיך די בלייכע בחורים ווי אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן חלום און מיט אַמאָל וואַך געוואָרן. זיי האָבן צוריק דערפילט דעם נאַגנדיקן הונגער, וואָס האָט געדרעמלט אין זיי פאַרוויגט פון די רייד, און שוין געמיינט אַז אַט ברענגט מען אַריין פאַר זיי דעם כיבוד. נאָר די טיי מיט די קיכלעך האָט מען אַלץ נישט געזען אויפן טיש. און באַלד האָט דער שיינער דרשענער ווידער אויסגערופן פּאַטעטיש מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט איבערן טיש:

— קומט צו מיר אַלע אָנגעהאָרעוועטע און שווער באַלאָדענע. איך וועל אייך געבן רו און הילף.

משה מעט האָט געקוקט צו די טירן. געוואָלט טרעפן דורך וועלכע טיר ס'קאָן קומען די הילף — די טאָץ טיי מיט די קיכלעך. קיין אַנדערע הילף דאַרף ער נישט דערווײַל. ער איז זיי מוחל די אַלע שיינע רייד. נאָר זאָל מען שוין עפּעס זען פאַר די אויגן. זיי קריכן שוין פון די לעכער אַרויס און מע קאָן זיך עס גאָרנישט דערוואַרטן אויפן גלאָז פּישעכץ, מישטיינס געזאָגט. מע זאָל הונגעריקע מענטשן אַזוי אויסציִען די נשמה. אין קאָפּ האָבן גערוישט די קוויטשיקע קולות פון די סקאַנדאַלן־מאַכערס אונטן בײַם טויער. זייערע שטעכיקע טומלרייד האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין אַ דראָט־פאַרצוימונג און זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ באַריער אַקעגן די עקזאַלטירטע רייד פונעם פאַרפירטן און פאַנאַטישן ייִד מיט דער צעפלויגענער באָרד וואָס האָט גערעדט ווי פון היץ.

וואָס גייט עס אים אָן איצט, משה מעטן, די גאַנצע מעשה פון ששת ימי בראשית, פון קין און הבל, גאָטס ליבשאַפט און דערבאַרעמדיקן חסד צו די זיב־דיקע, דאָס בלוט וואָס רעדט פון גייסטיקן ווידערגעבורט פון מענטש. ער איז אַזוי ווײַט דערפון און גלײַכגילטיק צו דעם אַלעם. אונטער די אַלע שיינע רייד פון פאַרגעבונג, דערלייזונג פון דער מענטשהייט, זעט ער אויפגיין פײַערן פון אוי־טאָדאַפעס, פײַניקונג־קעלערן פון יעזויטישע אָרדנס און קרייצצוגן פון מיטלאַל־טערלעכע ריטער, נאַגײַקעס־געפּאַך פון קאָזאַקן־האָרדעס און צעיושעטן אויפ־מאַרש פון ווילעס, קאָסעס און העק, וואָס רײַסן זיך אין פאַרהויבענע הענט פון פאַנאַטישע פויערן־באַנדעס, גיריקע צום בלוטפאַרגאָס ווי צו אַ שימחה, אַ הור־ליאַנקע; מילחמה־געשאַל און שווערדנגעפּעכט; האַרמאַטנגעקנאַל און באַגנעטן־געשטעך... וואָס מיר ליבע, ווען מיר גערעכטיקייט. פוסטע ווערטער, ווי ליידיקע ניס. הוילער קלאַנג פון פאַלשע מטבעות. טײַכן ייִדיש בלוט שטראָמען דורך יאָר־הונדערטער. ווער נעמט פאַר זיי נקמה, ווער מישפּט די זינדיקע, ווער באַשטראָפט פאַר די מערדערײַען פון פעלקער איבער פעלקער? די שלאַכטפעלדער זענען פול מיט הרוגים און ס'איז נישטאָ וועמען צו זעצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. אַ מאָדנע זאַך מיט די פאַלשע נביאים. זיי פאַרזייען ליבע און ס'וואַקסט אַרויס שינאה, די צאַרטע בלימעלעך ווערן אין זייערע הענט פאַרוואַנדלט אין שטעכיקע דערנער. זיי פּרעדיקן שלום על ישראל און ס'קומט אַרויס מחלוקת, מאָרדלוסט, קריג. מיט גאָטס וואָרט אויף די ליפּן שעכט מען זיך קעגנזײַטיק אויס. מע רעדט פון חסד און ליבשאַפט און מע ברעכט די ביינער, מע האַקט קעפּ, און בלוט גיסט זיך ווי וואַסער. וועמען גייען זיי נעמען אויפן זיכער?

אָט דאָס וועט ער זיי טאָקע זאָגן, משה מעט. ער האָט רעכט דערויף. ער קומט אַליין פון שלאַכטפעלד. מיט די אייגענע אויגן געזען מענטשלעכע גע־פאַלנקייט, ווילדע רציחה איבער אומשולדיקע לעבנס. אין נאָמען פון גאָט און פאָטערלאַנד האָט מען זיך איינס דאָס צווייטע געקוילעט. זאָל ער נאָר אײַננעמען דאָס שטומעניש, דער פאַרשטעלטער חסיד, וועט ער אים ווײַזן.

ווען דאָס חסידישע ייִדל האָט געענדיקט דרשנען האָט ער געמאָלדן שוין מיט אַ מאַטער טרוקענער שטימע, אַז ער וועט קומעדיקן שבת־נאָכמיטאָג רעדן וועגן דעם „בן־אדם און ישראלס האָפענונג". ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ דערשוויצטער ווי נאָך אַ שווער שטיקל אַרבעט, זיך געווישט דאָס פּנים און דעם שטערן מיט דער רויטער פאַטשיילע, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון דער הינ־טערשטער קעשענע פון דער געהאַקטער קאַפּעטע מיטן שפּאַלט, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט ווײַזן די באַלעבאַטים, זײַנע פּרנסה־געבערס, אַז ער האָט זיך כשר פאַרדינט זײַן שטיקל ברויט.

נאָכן אָפּכאַפּן דעם אָטעם האָט ער אַרויסגעלייגט ביידע הענט אויפן טיש

און מ׳ט אן אַנגעבויגענעם קאָפּ אָן אַ זײַט, נישט קוקנדיק קיינעם אין פּנים, צו־געוואָרפן די טישזיצערס, ווי מע וואַרפט אַ ביינדל אַ הונגעריקן הונט — זײַטיק און גיך, ער זאָל זיך נישט באַוויַזן אַ וואָרף צו טון דערויף און אַליין עס אַרויס־רײַסן פון דער האַנט:

— ווער ס׳האָט עפּעס פראַגן זאָל פרעגן... ווּעמען ס׳איז עפּעס קשה, נאָך נישט געווען קלאָר, זאָל זיך נישט שעמען און זאָגן... כ׳וועל אויף אַלעם געבן אַן ענטפער, אויף וויפל די כוחות וועלן קלעקן... שעמט אײַך נישט, פרעגט, ווײַל לא הבישן למד, דער וואָס שעמט זיך צו פרעגן וועט קיין מאָל נישט וויסן און בלײַבן אַן עם־הארץ... און אַז אַ מענטש ווייסט, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוווּסט, ווערט אים גרינגער אויף דער נשמה.

דער עולם אַרום האָט געשוויגן פאַרביסן. אַן אומבאַקוועמע שטילקייט איז אַרײַנגעטרעטן בײַם טיש. איינער האָט נישט געוואַגט צו קוקן אויפן אַנדערן. די סתירה צווישן דעם אונטערגעשטעלטן חסידישן ייִד און דער אַרומיקער נישט־ייִדישער סאַלאָן־אַטמאָספער איז געווען צו־בולט אַז מע זאָל אַננעמען די אַלע דריידלדיקע חקירה־רייד פאַר אַ גוטער מטבע. די פאַלשקייט פון די צוגעשפּיצטע אויסטײַטשן איז געלעגן אָפן ווי אויף דער האַנט.

משה מעט האָט זיך פּלוצים געגעבן אַ הייב און אַ דריי אויפן בענקל. ער איז שווער אויפגעשטאַנען אין גאַנצן אַ צעפּיבערטער און פאַרביטערטער פון די אַלע רייד, וואָס ער האָט דאָ אומזיסט געמוזט אויסהערן מיט אַ ליידיקן מאָגן. מ׳האָט אַפילו נישט באַוויליקט צו געבן דאָס צוגעזאָגטע גלאָז טיי מיט די קיכ־לעך. ער האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט אַז ער וויל עפּעס זאָגן.

די גאַנצע אודיטאָריע האָט מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם געקוקט פאַרגאַפט אויפן אָפּגעצערטן לײַדנפולן פּנים, וואָס האָט מיטן ענדלאָזן צער געכאַפּט דעם אַנבליק פון אַ הייליקן, אַ מאַרטירער, וואָס איז געקומען זאָגן מוסר די זינדיקע זײַענדיק אויסגעשטעלט באַוואָרפן צו ווערן מיט זידלרייד, מיט שטיינער און פוי־לע אייער פאַר זײַן זאָגן דעם אמת אין די אויגן אַרײַן.

די שפּאַנונג האָט אַלעמען געבונדן הענט און פיס און געליימט די צונג אין מויל. די צעפּיבערטע יונגעלײַט זענען געזעסן ווי אויף הייסע קוילן, פול מיט דערוואַרטונג אַז דער אומבאַקאַנטער פאַרשוין, וואָס מע זעט אים דאָ צום ערשטן מאָל, זאָל זיי אויסלייזן מיט זײַן וואָרט פון דער פאַרפּלאָנטערטער נעץ פול מיט שקר און בגידה. מעגן אַפילו זײַנע רייד אַרויסרופן צום לעבן אַלע בייזע רוחות, אַלע פאַרבאָרגענע פינצטערע כוחות, די סטרא־אחרא אַליין. אָט דער אין שינעל, זעט מען, וועט זיך נישט אָפּשרעקן פאַר זיי. ער געהערט זיכער צו די וואָס זענען גרייט צו גיין אין פײַער אַרײַן פאַרן אמת. זײַן שאַרף און מוטיק וואָרט וועט אויפשטעכן דעם בלאָטער, און דער שווינדל וועט פּלאַצן ווי אַ זייפנבלאָז.

## קאַפּיטל אכט

# נישט־צושטאַנדגעקומענער וויכוח

אינעם געדעמפּט־באַלויכטענעם זאַל מיטן לאַנגן פּולבאַזעצטן טיש האָט אָנגעהאַלטן די געשפּאַנטע פּײַנלעכע שטילקייט. דאָס שווערע קורצע אָטעמען פון די אַלטע לײַט, אַרומבאַזעצטע בײַ דער וואַנט מיט פאַרהאָנגענע פענצטער, האָט געמאַכט נאָך אָנגעשטרענגטער די געדיכטע אַטמאָספער.

אַ צוויי צענדלינג פּאָר אויגן האָבן — אין דערוואַרטונג פון עפּעס אומגעריכטס און וויכטיקס — זיך אײַנגעשטאָכן אינעם שוואַרצבאַבערדלטן אָפּגעריסענעם יונג אויבן אָן בײַם טיש לעבן דעם פאַרנאַרטן ייִד מיט דער לאַנגער גראָער באָרד און בלויזן קאָפּ, דעם שטיק חסר־דעה וואָס רעדט פון וועג.

אינעם צעקנאָדערטן מיליטערישן שינעל, וואָס האָט אויסגעזען ווי נאָר וואָס אַרויסגעצויגן פון דער דעזינפעקציע און געוועזן אין שרײַענדיקער סתירה צום שניאַדן, אָוואַל־געפּאָרעמטן פּנים מיט די טיפגליִענדיקע אויגן און עקשנותדיקאַראָפּגעלאָזטער אונטערשטער ליפּ — האָט דער פרעמדלעכער, אַ ביסל צעטראָגענער יונגערמאַן אין דער נאָכלעסיק־פאַרוואַקסענער באָרד־ראָם אויסגעזען ווי אַ פאַרטריבענער פּרינץ נאָכן אָפּקומען די שטראָף. אין דאָזיקן הולך האָט ער זיך אַצינד אומגעקערט פון זײַן אַוואַנטוריסטישן אַרומוואַלגערן זיך אין דער פרעמד. די טראַנטעס, וואָס ער טראָגט אויף זיך, זענען דער אייניציק־פאַרבליבענער לעבעדיקער סימן פונעם קאַלטס און וואַרעמס וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין זײַן נע־ונד. ער דאַרף נאָר בלויז אַראָפּוואַרפן פון זיך די הכנעהדיקע היניטישע דערשלאָגנקייט פון די שלעפּערשע קליידער, וואָס האַלטן אים ווי אין אַ קלעם, און ס׳וועט שטוינענדיק געבן אַ שײַן־אויף דער שטאָלצער ריטער — צוריק אין זײַן הויט, אין זײַן אייגנטלעכער ראָל פון אַ זעלבסטזיכערן דעה־זאָגער, אַ געביטער און באַפעלער.

מיט דער האַנט אָנגעשפּאַרט אויפן אָנלען האָט משה מעט אָפּגערוקט אַ ביסל די שטול אויף אַהינטער און זיך אויסגעגלײַכט מיט אַ דרײַסטער אַנטשלאָסנקייט, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן נישט אָפּצווועגדן, נישט צום איבערשפּאַרן.

די געשפּאַנטקייט אַרום טיש איז געוואָרן אָנגעצויגן ווי סטרונעס אויף אַ גוטגעסטראָיעטער פידל. באַלד איז געוואָרן אַ גערוקערײַ מיט די שטולן. עמעץ

האָט געשנײַצט די נאָז. ס'האָט זיך געהערט אַ כראָקען און הויך אונטערהוסטלען, וואָס איז געווען מער ווי גערעדט, אַזוי ווי אין האַלב־דרך־ארצדיקן צו להכעיס, פון איין זײַט, און פון דער צווייטער, נישט צופיל צו שפּרינגען די „ברידער" אין די אויגן, מע זאָל נישט פאַרשפּאָרן צוליב דעם פאַרלירן דאָס גלעזל טיי מיט די קיכעלעך וואָס דאָס יונגע שיקסל מיטן פולן בוזעם דאַרף אַ ליאַדע מינוט אַרײַנ־ברענגען פון קיך.

דאָס מיסיאָנערישע ייִדל האָט צופרידן אַרײַנגענומען זײַן לאַנגע באָרד אין ביידע הענט אַרײַן. איצט אַרט עס אים שוין נישט. ס'גייט אים אָן ווי ־ער פּאַראַ־יאַריקער שניי. מע קאָן שוין דאָ פאַר זײַנעטוועגן איבערדרייען דאָס גאַנצע הויז, גיט עס אים נישט קיין טשעפּ. אַבי ער האָט זײַנס דערגרייכט, אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ און זײַנע רייד זענען אויסגעהערט געוואָרן ביזן סוף אָן איבער־שלאָגן, אָן באַליידיקונג און זידלווערטער, אַפילו קיין איין צווישנרוף איז דאָס מאָל נישט געווען.

די „ברידער" יאָז און סאָרנע אונטן בײַם טויער — איז אים געקומען אויפן געדאַנק — האָבן אָן אויג. זיי דערקענען שוין די שטערער און לאָזן זיי מער נישט אַריבער איבער דער שוועל, טרײַבן זיי ווי די הינט. ס'זאָל ווײַטער אַזוי גיין וואָלט שוין געווען נישט שלעכט. די לאָבוז־יונגען זענען אָבער געגנוג פּיפּיק, קלוג ווי די פּיקסן, קריגן זיך דאָ אַרײַן מיט כלערליי כיטרע שטיק און המצאות, מאַכן וויסטע סקאַנדאַלן, אַוואַנטורעווען, צאַפּן דאָס בלוט ווי וואַסער אַז ס'איז נישט אויסצוהאַלטן פון זיי. אַ פאַרשאָלטענע פּרנסה דאָס איז, צו זײַן אַ פּרעדיקער פון נישט־געשטויגן נישט־געפלויגן. ס'איז אָבער אַלץ בעסער ווי פּטרן די צײַט אינעם פאַר־עיפּושטן שפּײַזקרעמל מיט די פאַראייליצטע הערינג, מיטן וועגן צימערינג און פּעפּער אויפן לויט, פאַרשטעקט אינעם פינצטערן הייפל דאָרט אין ־ער האָפע־נונגלאָזער ייִדישער געגנט, און רעכט נישט זען די ליכטיקע שײַן — פאַרוועבט און פאַרשפּינען אין דער לעבנסנעץ מיט אַזוי פיל דינע פּעדעמלעך, נאָר געדיכט, געדיכט, נישט אַרויסצורײַסן זיך מער פון דאָרט. ס'איז ממש געווען אַ ישועה פאַר אים דאָס אַרײַנקריגן זיך אין דאָזיקן הויז. מע זידלט אים, מע שעלט אים, מע מאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלײַך; ער מוז זיך נאַכט בײַ נאַכט טובלען אין די שמוציקע וואַסערן פון זילזולים, חרמות און קללות אויפן אומהיימלעכן ספּעק־טאַקל, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין די דאָזיקע פיר ווענט; לאָזן גיסן אויף זיך דאָס פּאַמאָיעס אויפן קאָפּ, ווערן דערנידעריקט און פאַרשפּיגן אַז ער אַליין מיאוסט זיך טייל מאָל פון זיך אַליין, ווי ער וואָלט טאַקע געווען נישט מער ווי אַ וואָ־רעם, אַ קריכנדיקער שרץ וואָס מע צעטרעט מיטן פוס.

פון דער אַנדערער זײַט אָבער — האָט דער געדאַנק אין אים געאַרבעט — האָט ער דאָך דאָ אַ סך דערגרייכט, געקריגן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוווײַזן זײַנע

קענטעניש אין לערנען, זײַן חכמה און בקיאות. ס׳איז אויך נישט קיין קליינער כבוד צו פאַרנעמען דאָ דעם אויבנאָן בײַם טיש און זאָגן פאַר אַלע „תורה״. דאָס ווײַב זײַנס, וואָס איז אַליין אַ „טשאַפּע־גראַך״, אַ טשאַפּעוואַטע ייִדענע, האָט אים אַ גאַנץ לעבן גערופן „שלימזל״. ער האָט קיין וואָרט נישט געטאָרט רעדן מיט קיין מענטש. „שלימזל מיינער, האָסט שוין הײַנט פאַרדינט וואָסער אויף קאַשע? — ווי האָט דיך דער שוואַרציאָר פאַרטראָגן, שלימזל, וואָס דו ביסט, טויגעניכטס איינס!״. די חסידים אין שטיבל, ווו ר׳איז געקומען אָפּכאַפּן אַ מנחה־מעריב, זענען אים יעדעס מאָל דערגאַנגען די יאָרן בײַם דאַווענען, געלאַכט פון אים, גערופן „שטופּשטויס״ — פאַר זײַן שטענדיקער פאַרטראַכטקייט, פאַרן אַרײַנמישן זיך אין זייערס אַ שמועס. זיי זענען דאָך עפּעס רײַכע באַלעבאַטים, שיינע ייִדן! ווי שטייט עס זיי אָן אויסצוהערן, וואָס אַזאַ ייִדלטשינע, אַ געוועל־ביאַזש, ווי ער, האָט צו זאָגן... אַז ס׳אייגן ווײַב זײַנס זאָגט אויף אים אַז ער איז אַ לאַ־יצלח, טאָ וואָס זאָלן שוין אַנדערע זאָגן?

ווי לאַנג איז עס דען ווי די ישיבה־בחורים האָבן אים געפּלעגט כאַפּן אויפן שולחן אַרויף און אים מאַכן אַ משכנתה, אַרײַנצימבלען וויפל ס׳איז אַרײַן און באַלד האָט די גאַנצע „יסודי־תורה״ געוווּסט, אַז מ׳האָט דעם „צעטראַגענעם פּי־לאָזאָף״, דעם „קאָפּמענטש״ שוין ווידער אַרײַנגעפּיצקעט „מלקות״.

אַוודאי האָט ער געוואָלט דערגיין דעם אמת, זיך דערגרונטעווען צום שורש, זיך דערשלאָגן צום עיקר. ער איז געוואָרן אַ גריבלער, אַ בטלן, געזוכט און גע־נישטערט אין ספרים־חיצונים, זיך פאַרטיפט אין רמב״ם, געלערנט זוהר. די קבלה האָט אים אין גאַנצן פאַרכאַפּט; ער האָט אַרײַנגעקוקט אין שפּינאָזעס „עטיק״, זיך דורכגעזאָפּט מיט שאָפּענהויערס פּעסימיזם, אָנגעשפּאַרט צו ניטשעס קאָפּשווינדלדיקן „עקצע האָמאָ״ און אויפרודערנדיקן „זאַראַטוסטראַ״, צוריקגע־קומען צום היכל פון תנך און אים פאַרטוישט אויפן ברית־חדשה, זיך פאַרטיפט אין נײַעם טעסטאַמענט און פאַרקראָכן אַהער צווישן די ווענט פון דער עוואַנגע־ליע, ווו ער האָט געהאָפט צו דערגיין צום אמת, צו געפינען רו און לײַטזעליקייט אינעם הייליקן שײַן פון אייביקער ליבע.

ער איז געקומען אַהער נאָך התגלות, דערגיין צום תוך פון אמת, קריגן דאָ הרחבות־הדעת, האָבן התרוממות־הנפש, און צום סוף גאָר געטראָפן אַ זומפּ פון רכילות און שווינדל, פאַראַכטונג צום מענטש און פאַרלעצונג פון זײַנע געפילן; אַן אָפּגרונט פון אויסגעלאַסנקייט, צביעות און שינאה. קעגן זײַן ווילן איז ער שוין געצוווּנגען מיטצומאַכן די שפּיל פון אַ „גלויביקן״, פירן אַ פאַרשטעלט לעבן אָן אַן אויסוועג, אָן אַ צוריקגאַנג. הינטער אים זענען אַלע בריקן פאַרברענט און צעריסן. די איינזאַמקייט פרעסט אים לעבעדיקערהייט. און איצט האָט ער פאַר זיך אַ מענטש, אָט דעם אין זעלנערישן שינעל דאָ, וואָס נעמט דאָס אַלץ אָן פאַר

אַ גוטער מטבע, מיטן גאַנצן ערנסט, אַ נאַרעלע אַזאַ! יענער האָט אים אַזוי געקוקט גלײַך אין מויל אַרײַן און געשלונגען יעדעס וואָרט ווי ס'וואָלט געווען תורת־לאַקשן. פאַרוואָס זשע זאָל ער בײַ אים צונעמען די דאָזיקע אילוזיע פון אויסטענהן זיך מיט אַ „קעגנער" ווי ער איז, וואָס איז מכלומרשט גרייט צו גיין אין פײַער אַרײַן פאַרן נײַעם „אמת".

דער חסידישער מיסיאָנער האָט זיך איצט בנעימות אַראָפּגעגלעט די לאַנגע גראָע באָרד און די שפּיצן אירע געריבן צווישן די צוויי צונויפגעגאַנגענע טרוקענע האַנטפלאַכן ווי צווישן צוויי דינע ברעטלעך. אַ האָפּערדיקער האָט ער געגעבן אַ הייב די אַקסלען צו ווײַזן דערמיט אַז ער איז מוכן־ומזומן אויפצונעמען דעם שטרייט מיטן גאַנצן זיכער פון אַן אָפּגענעם קאָפּ, אַ חריף און אַ בקי אין ברית־חדשה מיט זײַנע „מפורשים" מיט די טרייפענע נעמען, און אַז אינעם וויכוח מיטן קעגנער מוז ער שטענדיק — ווי אַן אַדורכגעטריבענער געניטער פּשטל־מאַכער וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען געגנוג קרייצפאַרהערן — אַרויסגיין דער געווינער, דער זיגער.

משה מעט האָט זיך געפּילט אומבאַקוועם, וואָס ער שטייט מיט דער פּלייצע צו די זקנים. אין זײַנע אויגן האָבן זיי אויסגעזען ווי ענגלישע לאָרדן און אַרויסגערופן דרך־ארץ צו זיך, מער ווי דער הדרת־פּנים פונעם בעל־דרשן, דעם מיסיאָנערישן גרעפּסער. ער האָט זיך גענומען דרייען אין אַלע זײַטן און אויסגעקומען מיטן הינטן צום הפקר־יונג, מיטן גאַלן שאַרבן וואָס האָט זיך שוין אַן אומגעדולדיקער געהויבן אויף דער שטול; אַזוי איז נאָך ערגער — איז משה מעטן דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — יענער קאָן אים נאָך אומגעריכט אָנכאַפּן פאַרן קאַרק, ער זאָל זיך אַפילו נישט קאָנען ווערן קעגן דעם אָנפאַלער. ער האָט זיך צוריק אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום עלעגאַנטן אַלטוואַרג אויף די ווייכע פאָטעלן און אָפּגעצויגן דעם שינעל אין אַלע זײַטן, ווי ער האָט עס געפּלעגט טון אין מיליטער יעדעס מאָל בײַם ראַפּאָרטירן פאַרן פּאַרוטשניק נישט־וויסנדיק בעת־מעשה ווי אַהינצוטון די אויגן.

זעענדיק ווי ער פאַרלירט אַ ביסל פונעם קוראַזש האָבן די יונגע טישזיצערס אים גענומען צוגעבן חשק, אַרײַנשלאָגן אין דער אַמביציע, ער זאָל זיך נישט שרעקן, מ'עט אונטערשטעלן אַ פּלייצע און גענומען שעפּטשען צווישן זיך, אַז ער זאָל אויך הערן:

— נו, לאָמיר שוין הערן אַ וואָרט.
— וואָס קוועטשט ער זאַך.
— זאָל ער אַרויס מיט לשון.
— אויף וואָס וואַרט ער, דער פלאָקנשיסער, אויף משיחן?
— אַ יאָר זאָל עס דויערן און אַז עק זאָל עס נעמען.

— זאָל ער אַרײַנזאָגן אַז ער האָט פּאַרע.
— זײַטס שטילער וועט ער... אויך זײַן שטיל.

משה מעטן זענען ווי אויף צו להכעיס אַלע רייד אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ. ווי אַ טרינקענדיקער, וואָס זוכט זיך אין וואָס אָנצוכאַפּן, האָט ער געגנישטערט אינעם פאַרנעפּלטן כאַאָס אין מוח און געוואָלט פאַרהאַטשען דאָס ערשטע וואָרט, וואָס וועט שוין ציִען נאָך זיך די אַנדערע און ס׳וועט שוין אַליין גיין ווײַטער. די ווערטער אָבער האָבן זיך ווי קליינע פישעלעך — אָט דערנענטערט און אָט אָפּגעגלימשט זיך פון אונטער דער נעץ אַפּער. דאָס גאַנצע פּנים זײַנס איז געווען איין שטיק צונטער. ער האָט געמיינט אַז ער זינקט אײַן אויפן אָרט. גרויסע טראָפּנס שווייס זענען אים אַרויסגעטרעטן אויפן פאַרשוויצטן שטערן. ער האָט געפילט ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ תהום, איין רגע און ער וועט געבן אַ גיי אין אַן אָפּגרונטיקער פינצטערניש אַראָפּ אָן אַן אָפּהאַלט... מיט אַמאָל האָט אַ לייכט געגעבן אַ העל פינטעלע. ער האָט זיך דערמאָנט נאָך וואָס ער איז געקומען אהער און אַרויסגעפּלאַצט:

— איך וויל... יאָך וויל וויסן... איין זאַך: ווו זענען די טיי מיט די קיכלעך, וויל איך וויסן?

דער עולם האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הילכיק געלעכטער. דאָס לאַכן זייערס איז געפאַלן אויף משה מעטס קאָפּ ווי אַ האָגל פון שטיינער. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך אין יענעם זײַט ווינקל געגעבן אַן עפן־אויף די טיר. דאָס געלעכטער איז מיט אַמאָל פאַרשטומט געוואָרן. אין דער ברוינער ראַם פון דער טיר האָט זיך באַוויזן די שטאַלטנע פיגור פונעם עוואַנגעלישן פּאַסטאָר. די חוזק־קנייטשעלעך אויף די צעשמייכלטע פּנימער זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ פאַרקרומטן לצאָנישן גרימאַס.

דער פּאַסטאָר מיטן פולן פּנים און גלאַטפאַרקעמטן גראָען קאָפּ, אין שוואַרצן סורדוט, מיטן ברית־חדשה, געבונדן אין שוואַרצן לעדער, אונטערן אָרעם האָט באַטראַכט דעם עולם מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק און זיך לאַנגזאַם, מיט ווייכע טריט, געלאָזט גיין צום אויבנאָן בײַם לאַנגן אָרומבאַזעצטן טיש...

## קאַפּיטל נײַן

# דער פּאַסטאָר מיט די „ברידער"

דער פּאַסטאָר מאָריסאָן איז נישט לאַנג געקומען פון לאָנדאָן. ער האָט געשטאַמט פון דער ליטע. גערעדט מיט אַ סין און האַרטן למד, ווי ער וואָלט גע־האַט אַ קליסקע אין מויל. ער איז געשיקט געוואָרן פון דער הויפּט־צענטראַלע פון לאָנדאָן ווי אַ פאַרטרויונג־מענטש צו נעמען אַלץ אין די הענט אַרײַן און אײַנ־פירן אַ שטיקל אָרדענונג. עס זענען דערגאַנגען אַהין קלאַנגען, אַז ס׳האָבן זיך אַרײַנגעקריגן „אומגעוווּנטשענע עלעמענטן", וואָס נוצן אויס די מיסיאָן און אירע אײַנפלוסן פאַר אייגענע פּריוואַטע צילן; פירן טונקעלע געשעפטן אומגע־שטערט און שעדיקן דעם גוטן נאָמען און אַנזען פונעם עוואַנגעלישן אָרדן.

די מיסיאָן גופא מיט אירע „ברידער" זענען אים שטאַרק אויסגעלויבט גע־וואָרן. זייער טיכטיקייט און טעטיקייט באַלד נאָכן וועלטקריג האָט גיך געקריגן אַ שם. ס׳האָבן אָפּט אָנגעהויבן אָנקומען קיין לאָנדאָן פּאַקעטן מיט מאַטעריאַלן פון פרישע „איבערגעצײַגטע גלויביקע", פאַרבלאַנדזשעטע שעפעלעך, וואָס האָבן געעפנט די אויגן און אַרויף אויפן „דרך־הישר"; געקומען זיך טוליען צום פּאַס־טעך, געפינען דעם וועג צו גאָט און זײַן זון דעם דערלייזער פון דער מענטשהייט.

אין יעדן אַזאַ פּאַקעט, וואָס איז אַוועק קיין לאָנדאָן, באַלייגט מיט זיגעלעך און שטעמפּלען, האָט זיך געפונען אַן אויסגעפילטער פרעגבויגן מיט ענטפערס אויף 88 פּונקטן, אונטערגעשריבן אייגנהענטיק פונעם אויספילער. די כלערליי פראַגעס האָבן אַרומגענומען דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטש מיט אַלע זײַנע אינד טימקייטן, זײַן אָפּשטאַם, מאָראַל, שטאַנד, סביבה, אויפפירונג און פאַרגאַנגנ־הייט. צו יעדן בויגן איז געווען בײַגעלייגט די פאָטאָגראַפיע פונעם בעל־דבר. אַמאָל איז עס געווען אַ קורצגעקליידטער נאָיִווער פּראָווינצער יונגערמאַן אין אַ קאַשקעטל מיט אַ פּאָר איבערגעשראָקענע קעלבערנע אויגן, גלײַך ווי מע וואָלט אים געגאַנגען פירן צו דער שחיטה; אַמאָל אַ גולמעוואַט פּנים פון איינעם וואָס ווייסט נישט וואָס מע וויל פון אים האָבן. זייער אָפּט פון אַ געביפטן אַפּיקורס, מיט אַ ציניש שמייכעלע פון אַ הפקר־מענטש, וואָס האָט צוגעזאָגט צו ווערן גוט און פרום, אַ חוזר־בתשובה. ער פאַרלאַנגט גאָרנישט פון דער מיסיאָן. ער האָט בלויז אַ קליינע בקשה, מע זאָל אים געבן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן אַ רייזע איבער דער וועלט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס אַז ער דאַרף עוקר זײַן פון לאַנד, ווײַל די ערד ברענט אונטער זײַנע טריט. נישט זעלטן איז אויף דער פאָטאָגראַפיע געשטאַנען אַ ייִד מיט באָרד און פּאות, אַ באַשטרײַמלט יונג רבל וואָס איז

„אליין געקומען צום שכל"; צו דער מיסיאָן האָט ער זיך געווענדט נאָך שוין און הילף קעגן די פאַרפאָלגונגען וואָס ער האָט אויסצושטיין דערפאַר פון זײַנע פאַנאַטישע ברידער.

שפּעטער־צו האָבן שוין צופיל אָנגעהויבן אָנקומען בילדער פון אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעזען צו קומען פון „אונטערן פינצטערן שטערן" און אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט פון פאַבריקאַציע. ס'האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ס'וואָלט אַנגעגאַנגען אַ געיעג צו כאַפּן „קעפּלעך" פאַר יעדן פּרײַז, צו ווײַזן אַז אַלץ „קלאַפּט". די אומשולדיקע ענטפּערס ווי פון הוילע צדיקים האָבן עפּעס נישט געשטימט מיט די אָפּשטויסנדיקע פּרצופים וואָס מ'האָט געזען אויף די בילדלעך. די פּנימער — צעאַקערטע מיט שראַמען און העפּטן — האָבן גיכער דערמאָנט אין אַנטלאָפענע פון קרימינאַל, דעזערטירן און אַפעריסטן, וואָס זוכן אַ באַהעלטעניש, אָן אַנטרינונג. ווי אַזעלכע וואָס זוכן גאָטס וואָרט, דעם „ריינעם אמת".

ווי אַן ענגלישער דזשענטלמאַן האָט דער פּאַסטאָר מאָריסאָן מיט זײַן סאָלידן אויסזען, וואָס רופט אַרויס צו זיך דרך־ארץ, געהאָפט אַז ס'וועט זיך אים לײַכט אײַנגעבן צו פאַרלעשן די שריפה און באַהערשן די אומנאָרמאַלע לאַגע. לויטן אײַנקלאַנג פון דער אײַנגעשטעלטער מיסיאָנערישער מאָראַל פון מודה זײַן זיך אויפריכטיק און ערלעך אין אַלע באַגאַנגענע זינד, ווי עס זאָגן די פּונקטן אײַנעם פּרעגבויגן, וואָס זענען דער יסוד פונעם „ברידער־אָרדן", איז ער געווען זיכער אַז גלײַך נאָכן ערשטן פּרעדיק זײַנעם וועלן זיך נעמען שיטן מסירות פון איינעם קעגן צווייטן און די שולדיקע וועלן זיך שלאָגן על חטא, זיך מתוודה זײַן און בעטן סליחה־ומחילה און ס'וועט צוריק הערשן רו און פרידן אין גאָטס הויז.

פון אונטער די גאָלדענע בינאָקלען אָפּער האָט דער פּאַסטאָר באַמערקט די צערוז'ערונג פון די עלטערע „ברידער", בעת ער האָט געהאַלטן זײַן רעדע, געווענדט צו זייער געוויסן און מיסיאָנערישן יושר. ער האָט אויך אויפגעכאַפּט דעם אומפאַרשעמטן שטעכיקן בליק פונעם יינגערן „ברודער" סאָלאָ מיטן אויסגעגאָלטן קאָפּ און פולע תאוותדיקע ליפּן. ווי אין היפּנאָז האָבן זיך די אַלטע לײַט דורכגענומען מיטן „ברודער" סאָלאָס דורכדרינגענדיקן בליק, זיך אָנגעהויבן צוריק אײַנשטילן אויף די ערטער, זיך אײַנגעצויגן אין דער טיף פון די ווייכגעבעטע פּאַטעלן. זייערע פּנימער זענען געבליבן ווי פאַרגליווערט און די קנייטשעלעך אויף די הויכע פאַרמעטענע שטערנס האָבן זיך צוריק אויסגעגלײַכט, ווי אַ שטייעדיק וואַסער נאָכן פאַרבײַלויף פון אַ ווינטל איבער זײַן אויבערפלאַך.

דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן האָט זיך אים געטראָפן, דעם פּאַסטאָר מאָריסאָן, אַז זײַנע דורכגעטראַכטע, געלאַסענע און צילגעווענדטע רייד, וואָס פאַלן ווי אַ שניי — לאַנגזאַם און געדיכט, כאָטש אַרומפלאַטערנדיק אין דער לופטן, וועלן זיי זיך סוף־כל־סוף אַראָפּזעצן און פאַרדעקן מיט זיך אַלע פלעקן און

שפּאַלטן; אויסוואַשן אַלץ מיט אַ הייליקער ריינקייט — איז דאָס ערשטע מאָל דאָ אַז אַט די רייד זײַנע זאָלן זיך אָנשלאָגן אָן אַ טויבער וואַנט. זיך צעפּראָשען אין דער לופט ווי אַ שטויב. קיינער פון די אַרומזיצנדיקע האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. דאָס עובר־בטולדיקע אַלטוואַרג האָט זיך זײַטיק איבערגעקוקט מיט די אויגן, זיך געצאַפּלט צום ערשט אומבאַהאָלפענע ווי פליגן אין שפּינגעוועב, און געבליבן זיצן שטומע, פאַרזונקענע אין שווערן פײַנלעכן שווײַגן, מיט געשלאָסענע ליפּן. זיי זענען שוין געווען צופרידן ווען דער פּאַסטאָר האָט פאַרמאַכט דאָס ספרל זײַנס, מיט וועלכן ער שיידט זיך קיין מאָל נישט, גלײַך ווי דער גאַנצער כוח זײַנער וואָלט געלעגן דערין. און מיט שטילע ברוגזע טריט פון אַן אומגליקלעך־פאַרמישפּטן פאַרלאָזט דעם אומהיימלעכן העל־לײַכטנדיקן זאַל.

כ'האָט קיין סך צײַט נישט געדויערט און אויך דער פּאַסטאָר אַליין, נאָך אַפילו נישט־אָנענדיק דערפון, האָט זיך שוין געפונען אַ פאַרפּלאָנטערטער אין דער אויסגעשפּרייטער אינטריגאַנטישער נעץ פון דער קליקע.

דער „ברודער״ סאַלאַ איז געווען געגנוג פעיִק און אינטעליגענט צו קענען געשיקט פאַרמאַסקירן זײַנע כיטרע גענג, אײַנהילן זײַנע שמד־שטיק אין אַ צניעותדיק מענטעלע, מע זאָל מיינען אַז מ'האָט פאַר זיך די ערלעכקייט אַליין. מיט אַ פרום פּנימל פון אַן איש־תמים האָט ער געקאָנט אַפּטון דאָס ערגסטע און אַרויסגיין שטענדיק פון פײַער, וואָס ער האָט אָנגעצונדן, אַ געטובלטער, אַ ריינער, אָן אַ פּגם; ס'זאָל קיינעם צומאָל נישט אײַנפאַלן אַז ס'האָט אויך מיט אים, מיטן אונטערצינדער, עפּעס אַ שייכות. ווענן דעם, אַז ס'זאָל שטאַמען פון זײַן קאָפּ, האָט קיינעם אַפילו נישט געקאָנט קומען אויפן געדאַנק.

ווען נישט זײַנע שלעכטע מידות און אומגעהעמטע מיאוסע רגילותן און נייגונגען, וואָלט ער געקאָנט ווײַט דערגיין און גרייכן אַפילו צו די שפּיצן, ווי ס'איז געווען זײַן אַמביציע און ווי ער אַליין האָט זיך עס אײַנגערעדט אַז דאָס איז ער נאָר ראוי צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן נישט בלויז דאָ אין דער מיסיאָן, נאָר אויך אין דער ברייטער עוואַנגעלישער וועלט זאָל מען קענען זײַן באַמען. זאָל ער וויסן, דער בטלנישער כניאָק, דער ביאַליסטאָקער פּאַסטאָר גאַראַדיטש, וואָס האָט אים געוויזן די טיר פון דער אַנדערער זײַט, ווענען אַזעלכן ער האָט געהייסן נעמען דעם דרך! אים, סאַלאַ, וואָס קאָן צונויפפּירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, איז נישט פון די גרינגע זאַכן צו באַזיגן. מ'האָט אים נישט געלאָזט וואַקסן אין ביאַליסטאָק איז ער געשטיגן און גרויס געוואָרן אין סאַמע צענטער, אין וואַרשע, און גרייכט שוין איצט די שפּיצן פון דער מיסיאָנערישער יעראַרכיע. וויפל מאָל ער האָט געזאָגט דעם גאַראַדיטש אַז ער וועט אים מאַכן גרויס, ער זאָל זיך נאָר לאָזן זאָגן, אָוועקקוקן און אים געבן פרײַע הענט צו האַנדלען אַזוי ווי ער פאַרשטייט, און די ביאַליסטאָקער מיסיאָן וועט ווערן אַ שם־דבר... נו איז ער דאָך

אַן אידיאָט, אַן איגנאָראַנט, דער גאָראָדיטש. ער האָט עס דאָך געמומען ערנסט. דער שוטה האָט טאַקע זיך פאַרגענומען איבערצוקערן צום קריסטנטום אַזעלכע שלעפּערס ווי דער דאָ אינעם זעלנערישן שינעל, די לאַכודרעס און מדינה־גייערס. ווער דאַרף זיי, די אויסגעהונגערטע צירקאָוועצעס? ער וואָלט זיי געטריבן, ווי די הינט, די וואַגאַבונדן, די בראָדיאַגעס.

ער איז פּאַקטיש געווען אַ מענטש מיט אַ סך מעלות, סאָלאָ. ער האָט געהאַט אַ מויל אויף שרויפן, געקענט גוט לערנען, געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַלץ געהאַט אויף זײַן קאָפּ. אַ צווייטן וואָלט עס געגונגט צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן אומעטום, אין יעדן קרײַז, ווו אַזאַ איינעם קומט אויס צו ווירקן, און מע זאָל זיך צוהערן צו זײַן וואָרט און ראָט.

וואָס קומט אָבער דערפון אַרויס אַז דער „ברודער" סאָלאָ האָט די אַלע מעלות־טובות זײַנע געשטעלט צו דינסט פון דער סיטרא־אחרא. פּונקט ווי דער קאַסע־ברעכער שפּיצברודקע, וואָס איז געווען איינער פון די פעיִקסטע אינזשי־ניערן און געקאָנט מאַכן אַ לײַטישע קאַריערע אין לעבן, האָט אַלע זײַנע קענטע־נישן און המצאות אָוועקגעגעבן אויף אויסגעפינען אַ מיטל ווי אַזוי צו עפענען קאַסעס מיט די בלויזע הענט, אָן מכשירים, נישט צו קומען דערבײַ אין קאָנטאַקט מיט די אַלאַרם־גלעקלעך, וואָס זענען קאָנסטרויִרט אין די באַנקקאַסעס און פאַר־בונדן מיט די שלעסער. ער האָט אַזוי אַרום אָפּגעטון די פאַרברעכערישע אַרבעט אומגעשטערט. אויף אַזאַ אינזשיניערישן אופן האָט אויך „געאַרבעט" דער „ברו־דער" סאָלאָ, שטענדיק מיט דער אויסרעכענונג אַז וואָס ער זאָל נישט אָפּטון פאַר אַ זאַך זאָל דער אַרום מוזן קוקן און דריקן, צוזען, שווײַגן און זיך נישט מישן אין זײַנע טונקעלע עסקים, וואָס ער האָט געפירט הינטער די פּלייצעס פון דער מיסיאָן.

ער איז אַלע מאָל אויסגעוואַקסן מיט זײַן גוטסקייט און הילפגרייטקייט און אַרויסגעקומען איז דערפון אַן אונטערשטעלן אַ פּיסל אַז יענער זאָל ברעכן האַלדז און נאַקן. ער איז אָבער כמעט שטענדיק אַליין געווען דער גורם פון זײַנע נישט זעלטענע דורכפאַלן. אַן אַנדערן אויף זײַן אָרט וואָלט עס אָוועקגעלייגט אויף ביי־דע לאָפּאַטקעס. נאָר נישט סאָלאָ. ווי אַ ספּרונזשינע, אַ שפּרינגלאַלקעלע האָט ער גלײַך געקאָנט צוריק אויפשפּרינגען און בלײַבן שטיין אויף ביידע פ״ס. ווי קיין מאָל גאָרנישט. נאָך יעדן אַזאַ צוריקשטויס אויפן אונטערשטן שטאַפּל אַראָפּ, האָט ער עס אַליין געפּלעגט מבטל מאַכן, און אויך זיך אַליין געמאַכט צו קליינ־געלט, אַז אַנדערע זאָלן עס נישט באַווײַזן צו טון אויף זײַן חשבון, אַרויסנעמען די געלעגנהייט אים צו דערנידעריקן פון יענעמס הענט אַרויס:

— וואָס ווילט איר פון מיר — האָט ער זיך געמאַכט פאַר אַ כומיקל, גע־האַלטן בעת־מעשה די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, און פאַרשנאָפּלט די ליפּע־

לעך זײַנע — האָט אַ טענה צו דער פּירערשאַפט, צו דער יעראַרכיע, נישט צו מיר. ווער בין איך דען דאָ? אַ בלויזער שאָפער נישט מער. אַ קליין שרײַפּעלע, אַן אינטענדענט. גייט צו די קאַרפּנקעפּ, זיי האָבן פאַרקאָכט די קאַשע, זאָלן זיי אײַך אַרויסנעמען פון דער בלאָטע.

די גרויסע האָפענונגען וואָס ס׳האָט געלייגט אויף אים דער פּאַסטאָר גאַראַדיטש אין דער ביאַליסטאָקער מיסיאָן, זענען גיך צערינען געוואָרן ווי אַ זייפנבלאָז. דאָס טײַבעלע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּשוטע שלאַנג. און ווי קאָן מען פאַרלאַנגען פון אַ קריכנדיק באַשעפעניש אַז ס׳זאָל קאָנען פליִען? דער פּאַסטאָר גאַראַדיטש האָט דעריבער געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי אים פּטור צו ווערן פאַר יעדן פּרײַז. און בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אים רעקאָמענדירט אין דער וואַרשעווער צענטראַלע. דאָרט וועט מען זיך גיכער מיט אים אַן עצה געבן. מע וועט זיך דאָרט גלײַך דערקענען אויף אים, סאַראַ תכשיט דאָס איז, און מע וועט אים משלח זײַן אויף אַ גוטן אופן, אָן סקאַנדאַלן, ס׳זאָל זײַן שאַ־שטיל.

ערשט דאָ אָבער האָבן די „ברידער״ געהאַט פון אים צו זינגען און צו זאָגן. ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ווייכן באָדן און געקריגן אַלע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זײַנע גרויסע מעלות, וואָס זענען געגאַנגען געפּאָרט מיט די פּילפּאַכיקגרעסערע חסרונות. ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט און זיי געמוזט היטן, ווײַל זיי זענען דאָך מיט גאָלד צוגלײַך. און אַזוי ווי ער האָט ליב געהאַט צו שאַרן פײַער האָט ער עס געשאַרט מיט פרעמדע הענט. זיך אונטערגעלעקט וועמען מע האָט באַדאַרפט, אַנטקעגן געקומען מיט אַלץ צו געווינען יענעמס צוטרוי צו זיך. ער האָט פון יענעם גאַרנישט פאַרלאַנגט. געוואָלט בלויז אַז יענער זאָל שווײַגן און אים לאָזן טון וואָס ער וויל.

ער איז אָנגעקומען אַהער אין מיסיאָנערן־הויז ווי אַ שאָפער, באַלד געוואָרן אינטענדענט און זיך געריסן צום אַמט פון דירעקטאָר וואָס ס׳האָט פאַרנומען דער „ברודער״ יאַז. ער איז געווען אַן אַרבעטזאַמער און נייטיקע „האַנט״. אַלע „ברידער״ האָבן זיך מיט אים אַרויסגעהאָלפן. יעדער פון זיי האָט געהאַלטן אַז ער דינט אים, אַז ער איז זײַן משרת. צום סוף האָבן זיי אָבער, צו זייער גרויס ערגערניש, אײַנגעזען אַז נישט זיי זענען זײַנע באַפעלער, נאָר פאַרקערט, זיי אַלע זענען גאָר צו זײַן דינסט און אַז דאָס פירט ער מיט זיי דאָס רעדל און מאַכט מיט זיי וואָס ער וויל. זיי זענען בײַ אים נישט מער ווי אַ שמאַטע צו דער פּאָדלאָגע. זאָלן זיי רעדן איין וואָרט וועט מען זען וואָס סאַלאָ קאָן. בײַ אים שפּילט נישט קיין ראָלע אויסצוזאָגן די סודות פון חדר אַז זיי פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, אײַנגעשלאָסן אין זייערע דלת־אמות; ווילן קיינעם נישט צולאָזן צו דער שיסל; זיצן אויף די פעטע געהאַלטן פון לאָנדאָן און האָבן אַפילו נישט בדעה מיט קיינעם זיך צו טיילן.

אין דער אמתן גייט זיי גאָרנישט אין לעבן איבערצוצײַגן ווען אין אמת, זיי ווילן גאָר קיינעם נישט אַריבערציִען אויף זייער זײַט. אויב זיי זוכן עמעצן צוצוציִען צום „נײַעם גלויבן״ איז עס נאָר אַזאַ ווי דאָס יִידל, דער גנבישער חסיד, וואָס האָט זיך דאָ אַרײַנגעקריגן, און איז אים, סאַלאָן, ווי אַ דאָרן אין אויג. זיי דאַרפן נישט מער קיין אומזיסטע פּרעסערס. וויפל עס גייען עסן צום טיש איז פּאַר זיי גענוג. און וועגן גאָטס זון און זײַן גרויס ליכט, וואָס דאַרף זיך אויס־שפּרייטן וואָס אַמאָל מער, זאָלן זיך זאָרגן די דזשענטללײַט פון דער הויפּט־צענ־טראַלע אין לאָנדאָן. זיי האָבן גרינגע קעפּ די אַלטע בעלי־עבירהניקעס, די ענגלי־שע לאָרדן. די ליידיקגייערס דאַרט האָבן אַ סך געלט, איז דאָס געלט שיקט, איר וועט נישט אָרעמער ווערן, און מיר, פון אונדזער זײַט, וועלן אײַך נישט זשאַלע־ווען קיין פאָטאָגראַפּיעס. מיר וועלן זיי אייך שיקן וויפל איר ווילט. בילדלעך פעלן אונדז נישט און אונטערשריפטן אַוודאי נישט — סאַלאָ האָט אַ קאַליגראַ־פישע האַנטשריפט, אַ האַנט פון אַ קינסטלער. ער קאָן ענדערן דעם כאַראַקטער פון די אונטערשריפטן אַז איינע זאָל נישט זײַן ענלעך צו דער אַנדערער. פאַר יעדן „קעפּל״ זײַט מוחל קומט באַזונדער פון אײַך כּך־וכך פונטן. ווער וועט זיי גיין קאָנטראָלירן, צי די יונגעלײַט זענען לעבעדיקע מענטשן, צי בלויז נעמען־פאָזיציִעס אין די ביכער.

ווען די אַלע וואָלטן טאַקע געווען זײַן לעבעדיקע און נישט קיין פיקטיווע, וואָלט די מיסיאָן שוין לאַנג געווען אונטערגעגאַנגען און נישט געהאַט מער וואָס צו טון. ס׳וואָלט שוין באַלד נישט געווען וועמען צו באַשווענצלען מיטן הייליקן וואַסער. איבעריקנס, ווער וואָלט זיך דאָ געקאָנט אַן עצה געבן מיט אַזוי פיל „גלויביקע פרעסערס״. ס׳וואָלט דאָך שוין באַלד געווען אַ גאַנצע אַרמיי. ווי וואָלט מען זיך אַהינגעטון מיט זיי. גאַנצע קאַזאַרמעס וואָלט מען באַדאַרפט האָבן פאַר די לאַפּיטוטנס. אַזוי אָבער, אַז מע לאָזט קיינעם נישט צו — לעבן זיי דאָ אַלע ווי די פּריצים — רויִק, געמיטלעך און אין אמתן וווילטאָג, ממש ווי אין אַ גן־עדן.

ער אַליין, דער „ברודער״ סאַלאָ, האָט אויך דאָ נישט צו פאַרזינדיקן, טאַקע אַזוי ווי גאָט אין אָדעס. איינעם בלויז וואָס ער קאָן נישט אײַנבײַסן און שטערט אים אין אַלע זײַנע פּלענער, איז דער דאָקטאָר משה ענגלשטערן דער ווילנער כּל־בוניק, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן צופיל צו מישן און קוקן אין טאָפּ אַרײַן. אָבער אַז ער האָט נאָר דעם פּאָסטאָר אויף זײַן זײַט וועט ער זיך שוין מיטן „דאָק־טאָרעק״ אויך אַן עצה געבן אַז יענער זאָל זײַן געצוווּנגען זיך אַליין אָפּצוטראָגן פון דאַנען מיט גוטן. סאַלאָ זאָל נישט דאַרפן צופיל פאַרניצן פון זײַן גיפט וואָס שטעקט אין זײַן שלאַנגיק צינגעלע. דעמאָלט וועט פאַר אים שטיין אָפן די טיר, וואָס פירט צו אַלע טירן ביז צו דער טיר פון דער לאָנדאָנער צענטראַלע.

## קאַפּיטל צען

# ווער איז דאָקטאָר משה ענגלשטערן?

בײַם אומגעריכטן באַווײַזן זיך פונעם פּאַסטאָר איז דער גאַנצער זאַל געבליבן ווי פאַרגליווערט. דאָס ייִדל מיט דער לאַנגער באָרד האָט געגעבן אַ פאַרהייב די ברעמען, פאַרמרוזשעט דאָס רעכטע אויג און מיטן לינקן געכאַפּט אַ קוק אַרויפצו. גלײַך נאָך אים האָבן זיך אַלעמענס פּנימער אָפּגעקערט פון משה מעטן און זיך געווענדט אַרויף צו דער פולער ברייטלעכער פיגור אין דער אָפענער טיר.

דאָס פולע רונדע פּנים פונעם פּאַסטאָר איז געווען פריש און לויכטנדיק, מיט אַ בלאַסער מאַטקייט פאַרצויגן אונטער די טיפע גראָע אויגן, ווי פון אויפזײַן אין די נעכט. דער הויכער ברייטער שטערן מיט די קאַנטיקע ווינקלען און זילבערנע שלייפן האָבן געוויזן אויף אַ מענטש פון גײַסט, אויסגעטון פון זינדיקער ערדישקייט. ער האָט געטראָגן אַ גרינלעך־שוואַרצן בגד מיט גלאַנציקע זײַדענע קלאַפּעס, האַלב סורדוט, האַלב פראַק. מיט זײַן קלאָרן מילדן בליק האָט ער דורך די בינאָקלעך אָפּער אַרומגענומען מיט איין מאָל דעם גאַנצן זאַל, צו זען וואָס פאַר אַן עולם ער האָט הײַנט פאַר זיך — כשרע לעמעלעך, צי וועלף פון וואַלד — גרייטע צו פאַרצוקן.

דער פּאַסטאָר מאָריסאָן האָט געשטעלט אַ לאַנגזאַמען באַדאַכטן טראָט, אויסגעמיטן צו קוקן רעכטס, ווו די עלטערע „ברידער" זענען געזעסן אין דער ריי ווייכע פאָטעלן, ווי אויף אַ ספּעקטאַקל אין טעאַטער. זײַן בליק האָט זיך אַ גליטש געטון איבערן ראָזן, גאָלן שאַרבן: דער שאָפער איז שוין ווידער דאָ! און גלײַך זיך אָפּגעקערט צום אויפפאַלנדיקן פרעמדן יונגנמאַן אינעם זעלנערישן הולך, וואָס שטייט אויבן אָן ווי ער וואָלט געהאַלטן אין מיטן רעדן. זיכער סאַלאָס אַ פרישער קרבן. אינסטינקטיוו האָט ער פעסטער אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם, ווי עס וואָלט געהאַלטן בײַם אַרויספאַלן, דאָס ספרל זײַנס אינעם שוואַרצן אײַנבאַנד, ווי אַ קמע, אַ שם־המפורש וואָס דאַרף אים אויסהיטן פון בייז און שלעכטס.

הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען, ווי אַ שמש, אַ נושא־כלים, אַן אויסגעפוצטער יונגערמאַן מיט שאַטינע נאַסע האָר, גלאַט פאַרקעמט אויף אַרויף. דאָס עלעגאַנטע, טונקל־גראַנאַטענע, אויסגעוואַקסענע אָנצוג — עטוואָס שמאָל בײַ די

אַקסלען און קורץ בײַ די אַרבל — האָט אויסגעזען צו שטאַמען פון אַ לײַטישער היים. אָדער פון דער אַלטער וואָלעווע, וווּ מ׳האָט אין אַ בויד פון אָפגענוצטע מלבושים געקאָנט קריגן פאַר אַ שיבוש אפילו אַ באַלסמאָקינג מיט זײַדענע קלאַפּעס.

דאָס צעפּלאַמטע, לענגלעכע פּנים, ווי פאַרויטלט פון אַן אייביקער בושה, איז געווען אין פולן קאָנטראַסט צו דער פּנים־בלייכקייט פונעם פּאַסטאָר. ער האָט אויסגעזען ווי אַ יונגער נביא, וואָס מ׳האָט אים נאָר וואָס געזאַלבט, אָדער אַ גנב, וועמען מ׳האָט געכאַפּט בײַ דער האַנט.

לעבן אים איז געגאַנגען דער הויכער דראָנג, דער לאַנגנאָזיקער דירעקטאָר מיטן גראָען קאָפּ געקרײַזלטע האָר און לאַנגע הענט ווי די שטשאַפּעס האָלץ. ביידע זענען זיי פרי׳ער געשטאַנען אונטן בײַם טויער און אַרײַנגעכאַפּט די פּאָר־ציעס זידלערײַען און קלות וואָס האָבן זיך גישט אויפגעהערט שיטן אויף זייערע קעפּ.

נאָך זיי האָט זיך געצייכנט די מיטלוויקסיקע קרעמפּע פיגור פון אַ באַ־בערדלטן מיטליעריקן מאַן מיט אַ קאָפּ לאַנגע האָר ווי קאָפּערניק. דאָס פּנים מיטן שטערן, ווי אָפּגעברענט פון דער זון, האָבן טונקל געלויכטן מיטן אָפּשײַן פון גלאַנציקן קופּער, און די אויגן בײַ אים, ווי צוויי פײַערדיקע שטיקער קויל, האָבן אומהיימלעך דורכגענומען ביז שוידער — אַזעלכע דורכדרינגענדיקע, גע־דאַנקען־לייענדיקע, אָפּשרעקנדיקע. ער האָט געטראָגן אַ לײַכטע גאַרבאַרדינענע יעשאָנקע פון אַן אָפּגעשאָסענעם גרינעם קאָליר. זי האָט אויסגעזען נעבעכדיק אַקעגן דעם מעכטיקן בראָנדזענעם פּנים, ווי אַ קעניג אין אַ לאַכמאַן. פון אונטערן מענטעלע אַפּער האָט אַרויסגעקוקט אַ ריין ווײַס העמדל מיט אַן אויסגעלייגטן סלאָוואַצקע־קאָלנער מיט אַן אָפן אַרויסקוקנדיקער שוואַרצבאַוואָקסנקייט גלײַך ווי אין דרויסן וואָלט איצט געווען אין מיטן זומער. זײַן טראָט אין גומענע ספּאָרטלעטשלעך איז געווען אַ ווייכער און פאַרזונקען געוואָרן שאָרכלאָז. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אים געמאַכט אי קאָמיש־לעכערלעך אי אויסטערליש, דאָך האָט עס נישט געקאָנט צונעמען פון אים די קראַפטפולקייט און טיפן ערנסט, דאָס אויסשטראַלנדיקע ליכט פון אַ מענטש וואָס איז פון קאָפּ ביז פיס אַרײַנגעטון אין ענינים פון גײַסט.

דאָס ייִדל מיט דער לאַנגער באָרד האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער פּאַטשיילע צו משה מעטן, ער זאָל מוחל זײַן זיך צוריק אַוועקזעצן, ער וועט שוין אַ צווייט מאָל פרעגן און אַליין אונטערטענצלדיק דרך־ארצדיק, פול מיט אונטערטעניקייט און שיפלות אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ פאַרן פּאַסטאָר.

אַין זאַל איז אַרײַנגעטרעטן אַ פײַערלעכע שטילקייט. דער פּאַסטאָר האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, געעפנט דאָס ספרל זײַנס, אויפגעמישט דאָס אָרט, ווו

עס איז געווען פאַרלייגט דאָס רויטע בענדעלע. פון איבערן ברית־חדשה אָפּער האָט ער, שטייענדיק האַרט בײַם טיש, נאָך אַמאָל געכאַפּט אַ מבינותדיקן קוק אויף די אַרומזיצנדיקע און מיט אַ ווייך, געלײַטערט קול אָנגעהויבן מסביר זײַן שורה בײַ שורה, געקליבן אַ וואָרט צו אַ וואָרט, דורכגעטראַכט, פּאַמעלעך, נישטאָ זיך וואָס צו אײַלן, פאַרגלייבט אין יעדן וואָרט זײַנעם ווי אין זיך אַליין, אין זײַן הייליקער מיסיע.

ער האָט צום ערשט אָנגעהויבן מיט אַ פּסוק פון דער תורה און באַלד אים פאַרקײַטלט מיט אַ פּסוק פון דער עוואַנגעליע און אים פאַרבונדן מיט די רייד פון ברית־חדשה. זיך פאַררופן אויף משה, געגומען צוהילף די נביאים ירמיהו און עמוס און אַרויסגעקומען אויף ישו. מיט איבערגענומענקייט האָט ער געגומען דערציילן די מעשה מיט דער אויסגעלאַסענער מויד, וואָס מ'האָט איר נאָכגע־וואָרפן שטיינער און ישו האָט זיך פאַר איר אײַנגעשטעלט און זי גענומען אונ־טער זײַן שוץ און זיך אָנגערופן צו די פאַרפאָלגערס אירע: — ווער ס'איז פרײַ פון זינד זאָל אויפהייבן אַ סטיין און אים וואַרפן אין מיר! — און קיין האָנט האָט זיך מער נישט אויפגעהויבן.

דער פּאַסטאָר האָט גערעדט ווי פון אויסנווייניק, אויף זײַן ליטווישן אַק־צענט, מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן. די מעשות זענען שוין בײַ אים געגאַנגען ווי אַ מיזמור. ער האָט גערעדט איינס און געטראַכט פון טויזנט אַנדערע זאַכן. און אַז ער האָט פאַרלוירן דעם פאָדעם, האָט ער געכאַפּט אַ בליק אין ספרל אַרײַן וואָס ער האָט געהאַלטן אָפן פאַר זיך איןביידע הענט. ער האָט איבערגעלאָזט איין מעשה נישט פאַרענדיקט און אָנגעהויבן אַ צווייטע. גערעדט מיט פּאַטאָס וועגן דער זינד, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן גאָט און דער מענטשהייט, און איצט, האָט גאָט געזאָגט, קומען טעג און איך וועל שליסן אַ נײַעם בונד מיטן הויזגעזינד פון ישראל. און רעדנדיק וועגן דער ליבשאַפט און לײַטזעליקייט, וואָס דאַרף הערשן אין גאָטס געצעלט, האָט ער בעת־מעשה געטראַכט וועגן דעם מנובל, דעם „ברודער" סאַלאַ, וועמען ער האָט פײַנט ווי אַ שפּין. ער האָט זיך שוין ווידער הײַנט צוגעזעצט צום טיש, דער שאָפער־יונג. אַ פּגע־רע דאָס איז. ער וואַרפט אָן אַ שרעק אויף די באַזוכער. מיטן נאַקעטן שאַרבן זײַנעם און מוט־נע אייגעלעך מיט די פולע ליפּן ווי די וורשטלעך דערמאָנט ער אַ פּאַראַזיט, אַ ציניקער. יעדער ניצוץ פון קדושה ווערט דאָ אויסגעוועפּט און פאַרשוועכט אין זײַן אָנוועזנהייט. גאָטס וואָרט בלײַבט הענגען אין דער לופטן. עס טרעפט נישט אַרײַן אין די הערצער. ער אַליין, דער פּאַסטאָר מאָריסאָן, צעטומלט זיך שטענ־דיק ווען דער סוואָלאָטש זעצט זיך צו צום טיש. ער פילט באַשײַנפערלעך, ווי ער פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט די תלמידים־צוהערער אַרום זיך.

זײַן געדאַנק גיט זיך אַ טראָג איבער צו יענעם דאָרט אין ווינקל, צו דעם

רעטעניִשפולן פאַרשוין, עפּער טאַקע אַן אויסערגעוויינטלעך מענטשל, דער דאָק־טאָר ענגלשטערן. ער קען אים נישט תופס זײַן, צעקײַען. ער האָט הײַנט געגעבן לשון, דער דאָקטאָר, גערעדט אַנדערש ווי אַלע מאָל, מער אויפריכטיקער, זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ, אַלץ וואָס ס'האָט אים געקוועלט. אַ גײַסטרײַכער מענטש דער ווילנער דאָקטאָר, אַ ביז גאָר טשעקאַווער טיפּ. דער הײַנטיקער געשפּרעך מיט אים, מיטן דאָקטאָר משה ענגלשטערן, איז פון אַ גאָר גרויסן באַטײַט. ער זאָל נאָר האָבן אַלץ פאַרשריבן סאַרנע. נישט בלויז וואָס ער, דער פּאַסטאָר, האָט געזאָגט, נאָר אויך יענעמס געדאַנקען זענען וויכטיק. אַ מאָדנער בחור דער סאַר־נע. יענעמס רייד איז ער אין גאַנצן מבטל, און צו מיינסטנס פאַרצייכנט ער נאָר וואָס ער, דער פּאַסטאָר ברענגט פאַרן מויל.

אַ סך זאַכן זענען אים אין הײַנטיקן טעאָלאָגישן שמועס, וואָס ער האָט גע־פירט מיט דעם ענגלשטערן, קלאָר געוואָרן. ער קען גוט די געשיכטע פון דער רעפאָרמאַציע, איז אויסגעבונדן מיט אַלע הונדערטער סעקטעס און שיטות מיט אַלע זייערע ניואַנסן און אונטערשידן. ער אָריענטירט זיך אויסגעצייכנט אין אַלע פּרטים וואָס פאַראייניקט זיי און וואָס טיילט זיי פונאַנדער. אין דער זעלבער צײַט איז די פּערזאָן אַליין, דער דאָקטאָר משה ענגלשטערן, אַרויסגעקומען פאַר אים נאָך מער פאַרנעפּלט, נאָך מער סודותפול. אָט רעדט ער ווי אַ פרומער ייִד, ווײַזט אָן אויף דער מאַראַל און גרויסקייט פון תורת־משה, און שיט פעך און שוועבל אויף דער קירכע, אויפן פּויפּסט, מיט די יעזויִטישע אָרדנס, ווײַזט אויף באותות־ומופתים, אַז זיי זענען פון גרונט אויס די פאַרלייקענער, די קאַפּויער־טוער פון אַלץ, וואָס ישו האָט געפּרעדיקט, און ס'זעט זיך אויס, אַז ער איז פול־שטענדיק געדעכט, אַזעלכע איבערצײַגנדיקע אַרגומענטן ברענגט ער, בליצט דורך מיטן געדאַנק די טונקלענישן פונעם טיפן מיטלאַלטער, וואַרפט אַ סנאָפּ שײַן אויף די אַרגיעס און וואַקכאַנאַליעס פון די קאַרדינאַלן און בישאָפן, וואָס האָבן נישט געזען קיין אַנדער לעבן אַ חוץ אויף דער וועלט. און שוין איז ער צוריק בײַ זיך אין דער היים און לויבט די גרויסקייט און שיינקייט פון דער ייִדישער רעליגיע, וואָס געפינט זיך אויף איין זײַט ברעג אַקעגן אַלע אַנדערע רעליגיעס צוזאַמענגע־נומען, וואָס געפינען זיך אויפן אַנדערן ברעג פונעם אמת. נאָר באַלד גיט ער זיך אַ וואָרף איבער אויף דער פּראָטעסטאַנטישער ווענדונג און זוכט אויך דאָרט אַ לאָך אינעם גאַנצן, כאָטש מיט די גרונטפּרינציפּן, איז ער זיך מודה, גייט ער זיך צונויף מיט לוטערן, נאָר מיטן אויספירן זיך ציט ער מער צו די באַפּטיסטן. ער פילט זיך אָבער היימיש מיט דער וואַנגעלישער מיסיאָן איבערהויפּט מיט דער סעקטע, וואָס האַלט זיך פאַר די ריכטיקע אורשפּרינגלעכע ייִדן, וועמען ישו איז נאָך געווען אײַנגעגלידערט אין ייִדישן פאָלק, און דערהאַלטן דעם ריינעם גלויבן פונעם קריסטנטום נישט אָפּגעריסן פונעם ייִדישן דרך. טאָ ווו געהערט דער דאָקטער ענגלשטערן גופא?

דער פּאַסטאָר מאָריסאָן האָט אויפמערקזאַם זיך באַקענט מיטן דאָקטאָר ענגלשטערנס בראַשור אין רוסיש „אין וואָס איז מײַן גלויבן?” און געהאַפּט פון דאָרט וועט ער אפשר עפּעס אויסשיילן וועגן דער ריכטונג פון דאָזיקן מערקווירדיקן טיפּ, וואָס שווימט אויף די קנוילן פון רעליגיעס ווי אויף אומענדלעכע וואַלקנס, פון איין וואָלקן אַראָפּ און אויפן צווייטן אַרויף. אָבער וועלכער וואָלקן ס'איז זײַנער, אויף וועלכן זיצט ער אַליין האָט ער פון דאָרט אויך גאָרנישט געקענט דערגיין. דער זעלבער פּלאָנטער פון אַ זוכנדיקן מענטש, נאָר נאָך מער אײַנגעהילט אין אַ מיסטישן שלײַער, גלײַך ווי דער דאָזיקער מענטש וואָלט זיך געהאַלטן פאַרשטעקט אין שאָטן פון עפּעס אַ סוד, און האָט מורא אַרויסצוטרעטן אָפן, בפני כל עם ועדה, זיך ווײַזן אין דער גאַנצער גרויס אַקעגן העלן שײַן פון נעם טאָגליכט.

אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש און טייל מאָל אַפילו דאָס אויך נישט. דאַרף מען אים אַוודאי מוחל זײַן זײַנע שוואַכקייטן אַפילו ווען זיי כאַפּן דעם אַנבליק פון חסרונות. וואָרן וועלכער מענטש איז עס פרײַ פון פעלערן? נאָר אַ יעזויט און אַ קאַט, אַ געוויסנלאָזע בריאה קאָן זאָגן אויף זיך אַז ער איז אָן אַ פעלער. אַנישט וואָלט ער זיך דאָך נישט גענומען דאָס רעכט און דעם טרויעריקן מוט צו באַשטראָפן און פּײַניקן אומשולדיקע נפשות. שוין דערמיט אַליין ליגט דער אונטער דאָס געזעץ געמישפּט צו ווערן דורך דער גערעכטיקייט. די יוסטיץ איז אומדערבאַרעמדיק לגבי דעם שולדיקן. זי איז אָבער פול מיט אײַנזען און פאַרשטענדעניש ביז מיטלײַד צום אומשולדיקן, צום קרבן, — אויב דער יושר שטייט־אײַן אין געהעריקע, ריכטיקע, נישט־יעזויטישע הענט.

אויף וועמענס צד אָבער געפינט ער זיך אַליין און אין וואָס טאַקע איז זײַן גלויבן; ווהין ציט ער און וואָס וויל ער דערגרייכן אין לעבן? — אָט דאָס אַלץ איז ווײַטער געבליבן אין נעפּל, הינטער זיבן שלײַערן, נישט צו דערגיין קיין טאָלק.

עס קומט אויס נישט אַנדערש, נאָר דער מענטש טרעט איבער די רעליגיעס ווי איבער חורבות, שפּרינגט פון איין בראָכשטיק אויפן אַנדערן, אָן אַ פעסטן יסוד אונטער די פיס.

פון די וויכוחים און פּילפּולים, וואָס ער, דער פּאַסטאָר מאָריסאָן האָט מיט אים געפירט, איז ער געקומען צו מאָדנע אויספירן. כאָטש יענער האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע האָט מען דאָך געקאָנט דרינגען אַז דער ענגלשטערן געפינט זיך אויפן שאַרף פון גלויבן און אומגלויבן. ווי פּאַראַדאָקסאַל ס'זאָל נישט אויסזען, און ווי איינס זאָל נישט סותר זײַן דאָס צווייטע האָבן זיי דאָך ביידע געפינען אַ שוץ און אַ דאַך אין זײַן זיגזאַגיקן געדאַנקענגאַנג; אין אַ מין באַחרית־הימימדיק געצעלט, ווו ס'לעבן צווישן זיך בשלום דער וואָלף פון אַפּיקורסות מיטן שעפּעלע פונעם תמימותדיקן גלויבן.

אַט רעדט ער, ענגלשטערן, מיט דער זיכערקייט און פאַרגלייבטקייט אין דער גאָטהייט, ווי אַן אומאָפּווענדבאַרער אמת; מיט דער זעלבסטפאַרשטענד־לעכקייט פון איינעם וואָס רעדט טאַקע דרײַ מאָל אַ טאָג מיט גאָט. און אַט פאַלט ער אַרײַן אין אַ תהום פון ספקות, גיט זיך אַזוי אומבאַמערקט אַ קייקל אַרונטער אין גריבלענישן און צווייפל אין דער עצם־עקזיסטענץ פון יהוה, משה און ישו, ווי איינער וואָס דרייט איבער די אינעווייניקסטע זײַט פון דער קעשענע און ווײַזט אַז ס׳איז דאָרט גאָרנישטאָ. און שוין, טאַקע דאָ באַלד אויפן אָרט, איז ער זיך גרייט מוסר־נפש זײַן פאַר יעדער וואָרט אין דער עוואַנגעליע, וואָס כאָטש זי איז נישט מער, לויט אים, ווי אַ שיין מעשהלע, דאַרף זי דאָך ווערן אײַנגעבאַקן, האַלט ער, אין האַרץ פון דער מענטשהייט. אָבער נישט אין גאַנצן. נאָר די טיילן וואָס רעדן וועגן ליבע, גוטסקייט, יושר און אמת. אַל דאָס איבעריקע, וואָס מאָנט נקמה און איז בלוטדאָרשטיק, גיריק נאָך בלוטפאַרגאָס, כלומרשט אין נאָמען פון גערעכטיקייט און פרומקייט, — אַלע סמיקע שטראָפרייד און דאָס גאַנצע גיפ־טיקע מוסר־זאָגערײַ דאַרף מען אויסשנײַדן פון דער עוואַנגעליע ווי ווילדפלייש און וואַרפן אין טײַך אַרײַן.

דערווײַל זעט ער נישט אין ערגעץ, דער דאָקטאָר משה ענגלשטערן, די דאָ־זיקע פיר זײַלן פון דער גערעכטער וועלט, וואָס סימבאָליזירן מיט זיך משיחן, זאָלן האָבן אַ ווינקל וווּ צו קענען לײַכטן; אַן אָרט אויף דער הײַנטיקער וועלט, נישט אין ערגעץ און אַפילו נישט דאָ אין גאָטס הויז, ווו זיי ווערן צו מיינסטן געפּרעדיקט. ווי ריכטיק ער האָט עס אַרײַנגעטראָפן! ער האָט שוין, זעט אויס, געזען אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר אין דאָזיקן הויז. מע דאַרף זיך פאַר אים היטן ווי פאַר פײַער. ער ריכט זיך לויט פעסטע פּרינציפּן פון יושר, מעסט זיך אָן די העכסטע מאָס פון מאָראַל און קאָן פונקט אַזוי זײַן הפקר און געוויסנלאָז, ווי אַט דער ברודיקער נפש, דער סאַלאָ. אָבער וואָס מע זאָל נישט זאָגן אויף דעם סאַלאָ, נאָר איינס מוז מען מודה זײַן: אינעם פאַל ענגלשטערן איז ער פולשטענדיק גע־רעכט. ער איז טאַקע אַן אינטערעסאַנטע פּערזאָן, אַן אײַנפּלוספולע, קאָן איבער־צײַגן אַפילו אַ שטיין, נאָר וועגן צוציִען אים צו דער מיסיאָן קאָן נישט זײַן קיין רייד. ער קאָן ווערן מער געפערלעך און שאָדנדיק ווי ברענגען נוצן. בײַ דעם אַלעם איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז ער זאָל נישט זײַן געשיקט אַהער פון אַ ספּע־ציעלער אָפּטיילונג פון דער הויפּט־צענטראַלע אין לאָנדאָן צו כאַפּן אים אַליין, דעם פּאַסטאָר מאָריסאָן, בײַ דער האַנט. און נישט סאַלאָ, דער גראָבער נפש, וועט קריגן די גאָב, נאָר מאָריסאָן, און ער איז דאָך גאָט די נשמה שולדיק. ער מישט זיך דאָך נישט אין די אַלע טונקעלע מאַכינאַציעס פונעם שמוציקן פאַר־שוין, דעם סאַלאָ. ווען ער באַמיט זיך נישט, מאָריסאָן, צו קוקן דורך די פינגער, וואָלט ער זיך שוין לאַנג דאָ נישט געוועזן געפונען. מע וואָלט אים גלײַך געוויזן

די טיר פון דער אַנדערער זײַט. קיין איין טאָג וואָלט ער דאָ נישט געקאָנט אויס־קומען אין דעם גיהנום. אַ נס כאָטש, וואָס דער אַנדערער יונגער „ברודער", דער סאַרנע, די צאַרטע פּאָעטישע נשמה, איז מיט אים, אויף זײַן זײַט, און איז גרייט צו גיין אין פֿײַער אַרײַן, ער זאָל אים נאָר הייסן, זײַן געטרײַער תלמיד, וואָס פֿאַרשרײַבט יעדער וואָרט און געדאַנק, וואָס ער זאָגט אַרויס, מאָריסאָן. ער פֿירט זיך אויף, דער סאַרנע, ווי אַן אמתער יונגער פּריסטער דאַרף זיך פֿירן.

דער פּאַסטאָר מאָריסאָן האָט אין זיך אַ שמייכל געטון: שיין וואָלט ער אויסגעזען, ווען יענער פֿאַרשרײַבט טאַקע אַלץ, וואָס ער, מאָריסאָן, טראַכט; זײַנע אַלע פֿאַרבאָרגענע געדאַנקען וואָס פּלאָנטערן זיך אים אין קאָפּ. אַפֿילו איצט דאָ, בײַם מסביר זײַן דאָס קאַפּיטל פון ברית־חדשה, ווילן זיי נישט אָפּטרעטן פון אים. ס׳איז אים הײַנט עפּעס אַזוי שווער זיך מצרף צו זײַן מיט דעם וואָס ער זאָגט ווי נאָך קיין מאָל נישט. זאָל עס זײַן ענגלשטערנס רייד זאָלן אים האָבן אַזוי צערודערט? ניין. גיכער איז אין דעם אַלעם שולדיק דער אויסוווּרף, דער „ברודער" סאַלאָ. ער מוז איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף דערצו. ער מוז שטרענג פֿאַרזאָגן דעם דירעקטאָר, דעם „ברודער" יאַז, אויך אַ וואַזשנער תכשיט, אַז דער דאָזיקער פֿאַרשוין זאָל זיך אים מער נישט ווײַזן אויף די אויגן אין זאָל בעת ער קומט פּרעדיקן.

און נישט פֿאַרענדיקנדיק דעם געדאַנק וועגן דעם זין פונעם ברויט מיט ווײַן, וואָס ישו האָט פֿאַרן טויט געהייסן צוגרייטן זײַנע תלמידים אויף דער הייליקער סעודה, ווי אַ סימבאָל פון זײַן אייגן בלוט און פֿלייש, האָט דער פּאַסטאָר מאָריסאָן איבערגעלייגט מיט אַ ציטערדיקער האַנט דאָס רויטע בענדעלע אויפֿן דאָזיקן זײַטל און מיט ביידע הענט פֿאַרמאַכט דאָס שוואַרצע ספרל זײַנס. מיט אויגן פֿאַרטראָגענע ערגעץ אין אַנדערע וועלטן האָט ער קוים צו הערן אַ שעפּ־טשע געטון „אַ גוטע נאַכט" און פֿאַרגעסנדיק אַנצוזאָגן וועגן וואָס ער וועט רעדן מאָרגן אָוונט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר אַן אויסגעגלײַכטער און שטאָלצער מיטן בליק געווענדט פֿאַרויס פֿאַר זיך.

•

קאפיטל עלף

# יאָסעלע ראָזנבלאַט זינגט „מפני חטאינו"...

ווען דער פּאַסטאָר מאָריסאָן האָט אין דער באַגלייטונג פונעם ייִדל מיט דער לאַנגער באָרד פּאַרלאָזט דעם זאַל, איז אַנטשטאַנען אַן אָנטשפּאַנונג צווישן עולם. די שטייפע אָנגעשטרענגטקייט, וואָס ער האָט מיט זיך אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען און געווען אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן, האָט גלייך נאָכגעלאָזן מיט זיין פאַרשווינדן.

אפילו די „ברידער" אַליין האָבן עפּעס פרייער אָפּגעאָטעמט, ווי זיי וואָלטן נאָכגעקראָכן מיטן געדאַנק איבער די אַלע געהיימע סטעזשקעס פונעם פּאַסטאָר מאָריסאָנס אומהיימלעכע מחשבותן. זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט אַ ביסל פון זייער איינגעצויגנקייט און ווי אויפגעטייעטע זיך צוריק איינגעזעצט געמיטלעך אין די ווייכע פאָטעלן. איינער פון זיי, אַ בייכלדיקער, מיט אַ שווערער גאָלדענער קייט איבער דער געמיטלעכער וועסט, האָט זיך גענומען שפּילן מיטן זילבערנעם מעדאַלכל, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו דער קייט, געקוקט דערויף און געבאַמבלט עס אין דער האַנט. אַ צווייטער מיט אַ פולן גוידער און שמאַלציקע איי־געלעך האָט זיך געווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן, באַטראַכט דערנאָך דאָס ווייסע טיכעלע און עס צוריק פאַרשטעקט אינעם אויבערשטן טעשל פונעם ציגל־ברוינעם אַנצוג.

דער „ברודער" יאַז, דער דירעקטאָר פונעם מיסיאָנהויז, האָט זיך מיט אַ פינגער געקרייזלט די האָר אונטערן רעכטן אויער, ווי זיין טבע איז געווען, ווען ער איז געוואָרן אומגעדולדיק. ס'האָט אים גענומען הייבן פון אָרט. ער האָט שוין געוואָלט זיין אויף יענער זייט פונעם טויער. ער דאַרף נאָך נעמען דעם צוג קיין יואַלאָמין. ער איז פאַרמאַטערט. אַ שווערן טאָג היינט געהאַט. די סקאַנדאַלן אין טויער לייגן אים די רעשט אַוועק. דער הינטערשטאַטישער צוג גייט שטענ־דיק אין דער צווייט האַלב־ליידיק, באַלויכטן שוואַך מיט אַן איינשלעפערנדיק גאַ־געלע. ער קאָן כאַפּן אַ דרעמל און פאַרשלאָפן די סטאַציע. זיך אויפכאַפּן אויף דער ענדסטאַנציע ערגעץ הינטער די הרי־חושך און דאַרפן איבערזיצן אַ גאַנצע נאַכט אין אַ פּוסטן קאַלטן וואָקזאַל ביזן ערשטן צוג וואָס גייט אָפּ פאַרטאָג צוריק אויף וואַלאָמין. ער וויל שוין וואָס גיכער זיין אין דער היים, ביים ווייב. זי האָט בישט דאָרט קיינעם מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן. ער וווינט בשכנות מיטן

וואָלאָמינער רב, אין איין הויז. אַ באַלקאָן לעבן אַ באַלקאָן. נישט דער רב, נישט די רביצין זאָגט זיי אַפילו נישט קיין „גוטמאָרגן". דעם סטרוזש, דעם גוי טראָגט מען אָנטקעגן דעם „דזשען דאָברי", נאָר אים נישט. און וואָס מע ווינטשט אים צו, מעג אויך אַרײַן אין אַ משוגענעם הונט אַרײַן.

אויך דער זקן מיט די בלאָע ברילן, דער „ברודער" גיטלין, האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן די פּאַרראָפּעטע ווינקלען פון די טראַכאָמע־אויגן זײַנע. ער איז באַלד נישט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פונעם נײַעם פּאַסטאָר מיט די ענג־לישע מאַניערן. ס'איז אים נישט געפעלן יענעמס פאַרריסנקייט, זײַן מאַכן זיך וואַזשנע. ער וויל דאָ ווערן דער גאַנצער דעה־זאָגער. גרויסהאַלטערײַ איז נישט קיין מידה פון אַן אָרנטלעכן „גלויביקן", נאָך אַ פּרעדיקער דערצו. נישטאָ בײַ אים קיין עניוות פאַר קיין צען גראָשן. אַזוי איז ער אַ גאַנץ איידעלער מענטש, מאָריסאָן, פאַרקוקט אַ סך זאַכן, אַפילו אַזעלכע וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. ער באַליידיקט נישט קיינעם. דאָס בלאָזן זיך זײַנס פון די ערשטע טעג איז באַלד פאַרשווונדן. ער קאָן זיך צופּאַסן צו יעדער פאַרהעלטעניש. נאָר די אַפּאָסטאָלי־שע שטײַפקייט קליידט אים נישט איבעריק צום גוטמוטיקן פנים. זי איז אַ פאַל־שע אַן אַרויפגעצויגענע, אַ מאַסקע וואָס טראָגט אויף זיך יעדער יעזויִט. דערמיט וועט ער קיין הערצער נישט געווינען, און קיין יונגע אַוודאי נישט. דאָס אונטער־שטרײַכן די אייגענע העכערקייט און דערוויילטקייט און דאָס אויסבעסערן יעדעס מאָל, ווען עמעץ ווענדט זיך צו אים, פון „ברודער מאָריסאָן" אויף „פּאַסטאָר מאָריסאָן" שמעקט שוין גאָר מיט גאווה און קאַריעריזם.

איז שוין זײַן טאַקטיק, גיטלינס, געווען אַ בעסערע. ער האָט אויך דעם טיטל פּאַסטאָר באַקומען אין לאָנדאָן און זיך זעלטן מיט אים באַנוצט. ווען ער האָט אָנגעפירט מיטן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ראַדאָשטש, דאָרט הינטער וואַר־שע, ווו ער איז געווען פּרעדיקער, האָט ער זיך געהייסן רופן ראש־ישיבה און נישט פּאַסטאָר, און דער סעמינאַר איז בײַ אים געווען אַ ישיבה. דאָס איז נישט אַזוי אָפּשרעקנדיק פאַר די יידישע יונגעלײַט און נענטער צו זייער באַגעמונג. מע דאַרף קאָנען קוקן אויף זאַכן מיט יענעמס אויגן און נישט באַגרענעצט בלויז פון אייגענעם קוקווינקל. זײַנע פּרעדיקן האָט ער שטענדיק דורכגעפלאָכטן מיט די געדאַנקען פון די הײַנטצײַטיקע יידישע שרײַבער און דענקער. ער האָט נישט געברענגט קיין ראיות פון די אַפּאָסטאָלן, וואָס דאַרפן באַשטעטיקן דעם אמת פון דער עוואַנגעליע, וואָס ביידע זענען זיי ווײַט דעם אויפגעקלערטן יידישן מענטש. ער האָט געזוכט באַווײַזן אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ער האָט גע־קענט די יידישע שרײַבער. אַ סך זיי געלייענט. מיט טייל זיך אַפילו דורכגע־שריבן. געהאַט אַ גאַנצע קאָלעקציע בריוו פון פּרצן. מ'האָט זיי בײַ אים אויסגע־נאַרט. אַ יידישער יונגערמאַן מיט אַ שוואַרצן קאַפּעלוש. אַ שטיקל ליטעראַט. ער

האָט געפּלעגט אַרויפקומען נאַכט ביי נאַכט, אים אויפגעזוכט און אַזוי לאַנג אין אים אַריינגערעדט ביז ער האָט מסכים געווען אים צו געבן אָפּצוקאָפּירן די בריוו, און ווי נאָר ער האָט זיי געקריגן אין זיינע הענט אַריין, דער פאַרשוין, איז ער פאַרשוווּנדן ווי אין וואַסער אַריין, זיך שוין מער נישט געוויזן אויף די אויגן. ער האָט געמיינט אַז דערמיט וועט ער אים נעמען, האָט זיך אים דאָס מאָל נישט איינגעגעבן. יענער האָט זיך ווי אַ שלייען אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט. צו מיינסט אָבער האָט זיין טאַקטיק יאָ געהאַט אַ גוטע ווירקונג.

זיינע שבתדיקע פּרעדיקן אין ראַדאָשטש האָבן שטענדיק געצויגן אַ היפּשן עולם צוהערער. מ׳איז טאַקע געקומען זיך אָנעסן אויך. אָבער מ׳האָט אים גע־הערט מיט איגטערעס. ער האָט ציטירט און אויסגעטייטשט אויף זיין אופן פּרצן, אַשן, פּינסקין, נאָמבערגן. זיך פאַררופן אויף צייטלינען, אויפן בראַסלאַווער, אויפן פּראָפעסאָר קלויזנער. דאָס איז, לויט אים, געווען אַ סך איבערצייגנדיקער ווי די רייד פון שמעון פּעטרוס און לוקאַס. די רעזולטאַטן זענען געווען אויסגעצייכנטע. ס׳האָט גיכער געקענט אַריינדרינגען אינעם מהות פון די היינטיקע אויפגעקלער־טע יונגעלייט, און געווען בכוח זיי לייכט אַריינצוציען אין פאַרכישופטן קרייז פון די משיח־פאַראינטערעסירונגען אויף נישט אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון זיי. אַ סך פון זיי זענען שוין שפּעטער אַליין געקומען אין שטיבל אַריין. זיך געהייסן געבן דעם ברית־חדשה. און דאָס איז גענוג. זיי וועלן זיך שוין פון דער נעץ נישט אַרויסדרייען. ס׳וועט זיי שוין ציען אַהער. זיי וועלן קומען אין דער „ישיבה" עסן און טרינקען, אויסהערן אַ „שיעור", דורכמאַכן דעם צוגרייטונג־קורס און מיט דער צייט וועלן זיי ווערן קאַנדידאַטן צו פאָרן קיין לאָנדאָן. פון דאָרט וועט מען זיי שוין שיקן אויף „אַרבעט" אין די עקזאָטישע לענדער וואָס לאָקן יעדן יונגן מענטש. מ׳וועט זיי שיקן קיין כינע, יאַפּאַן, אינדיע, עטיאָפּיע. זיי וועלן זיך אויסוואַלגערן אויף די אָפּגעלעגענע פאַרוואָרפענע ווענגן פון די ווייטע ענגלי־שע קאָלאָניעס מיט די ספּרימלעך אין רענצל, און נישט איינער פון זיי וועט שפּעטער געלינטשט ווערן דורך אַ ווילדן שבט, אָדער חתונה־האָבן מיט אַ שוואַר־צע און אויסגיין פון גריזאָטע און בענקעניש נאָך דער ליכטיקער היים אין איר שוואַרצער שויס.

דער יינגערער „ברודער" סאַרנע מיט די גלאַט־אַרויפגעקעמטע האָר און קורצע אויסגעוואַקסענע אַרבעלעך האָט זיך דערווייל עפּעס געפּאַרעט ביים זיי־טיקן שענקל אין ווינקל. אויפן קליינעם שטענדערל איז אויסגעוואַקסן אַ שוואַרץ קעסטעלע מיט אַ קאָרבע. ער האָט געעפנט דאָס דעקל מיט אַ שליסעלע און אַרויפגעלייגט אויפן פלאַכן טעלער מיטן איבערגעצויגענעם טוך אַ גראַמאָפאָן־פּליטע, און פאָרזיכטיק אָנגעשטעלט דאָס הילכער־אַפּאַראַטל מיט דער נאָדל אויפן סאַמע ראַנד פון דער פּליטע.

דער עולם בײַם טיש האָט אויפגעלעבט. ס'האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ היימיש זיס קול, אַ בעל־תפילהדיקס, אַ תחנונימדיקס, ווי ס'וואָלט געקומען פון ווײַט, ווי אַן עכאָ וואָס קלינגט אָפּ אין די בערג — לויטער און קלאָר און נישט דערגרייכבאַר. אַן עכט ייִדיש קול־נגינה מיט אַ וואַרעם ייִדיש געפיל האָט אַ הילך געטון ביז אַרויף צום בעליק, און האָט פאַרפולט מיט זיך דעם גאַנצן זאַל. עפּעס גאָר אַ באַקאַנטע שטים. זי האָט מיט אַמאָל געגעבן אַ רודער־אויף די נשמה. יאָ, ס'איז יאָסעלע ראָזנבלאַט. זײַן קול. ווי קומט דאָ אַהער אַ ייִדישער חזן, אַ בעל־תפילה? זײַן שטים איז אַזאַ מתיקותדיקע, ער זינגט אַזוי ייִדישלעך־דורכנעמענדיק. ס'פאַרשמעקט מיט יום־טוב, מיט ימים־נוראים. אינעם אײַנגעהאַלטענעם שווײַגן פונעם גאַנצן אַרום, אינעם אויסטערליש־פרעמדן זאַל האָט עס געגעבן אַ קלינג־אויף מיט ציטער און דביקות אַזוי ייִדישלעך־פײַערלעך:

— ומפני חט־אי־נווו ג־לייי־נו מאר־צ־נו... ומ־פ־ני ח־ט־אי־נווו ג־לי־נו ג־לייי־נוו מ־אר־צ־נוו...

משה מעט האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לאַנגן שלאָף וואָס האָט געדויערט ווער ווייס וויפל יאָר. ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז אַלץ אַרום קערט זיך איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. צי חלומט ער עס איצט, אָדער ס'איז גאָר אַן אויסדאַכטעניש? ס'האָט אים געגעבן אַ טראָג ווי אויף פליגל. פאַר זײַנע אויגן האָבן אַ פלאַטער געטון ייִדן אין טליתים. אַ פול געפּאַקט חסידים־שטיבל מיט ייִדן בײַם דאַווענען. עס דערטראָגט זיך צו אים דער היימישער רעש און געברום פון דאַוונענדיקע ייִדן. ער הערט זייערע תפילות און געבעטן, וואָס גייען אויף מיט שטיקער האַרץ און נשמה, דורכגעווייקט פון צער און טרערן. צעוויגטע אין התלהבות, מיט התרוממות־הנפש שטרעקן זיי זייערע הענט פון די טליתים אַפּער אַרויף צום אָפענעם אָרון־קודש, צום בורא־עולם, זייערע תפילות זאָלן האָבן אַן עליה, זיי זאָלן דערהערט ווערן אין די הימלען. וואָס וויל מען פון די דאָזיקע תמימותדיקע ייִדן און וואָס האָט מען צו זיי? אַזעלכע זענען זיי, גרייט זיך מוסר־נפש־זײַן פאַר זייער ייִדישקייט. זיי וועלן שוין אַנדערש נישט ווערן, נישט זיי און נישט זייערע קינדער. זיי וועלן שוין אייביק אַזוי בלײַבן אַן עם־קשי־עורף. נישטאָ אַזאַ כוח אין דער וועלט וואָס זאָל זיי קאָנען איבעראַנדערשן אין פײַער אַרײַן וועלן זיי גיין פאַר זייער אמונה, אויף די שײַטערפלאַמען פון קידוש־השם און נישט אָפּטרעטן פון ייִדישן דת. איר קענט אײַנפּאַקן דאָס גאַנצע קרעמל דאָ. ס'וועט אײַך העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. יענע ייִדן געהערט ער, משה מעט. ער איז בלוט און פלייש פון זיי. פון זייער דיך קומט ער אַרויס און צו זיי געהערט ער. צי ער וויל, צי נישט, געפינט ער זיך מיט לײַב און לעבן אין יענעם לאַגער.

ער האָט זיך מיט אַמאָל דערזען אין דער היים, משה מעט. ס'איז ערב ראש־השנה. אין שטוב איז ליכטיק און פײַערלעך, יום־טובדיק. עס ברענען די ליכט

אויפן טיש. ער גייט אַנגעטון אַ נײַ אַלפּאַגן כאַלאַטל און אַ פּאָר גלאַנציקע שטי־וועלעך, באַנײַט לכבוד יום־טוב. די זעלבע שטיוועלעך וואָס מ׳האָט אים צומאָרגנס נאָך ראש־השנה אויסגענאַרט מיט אַ קונץ. אַ הויכער יונג איז עס געווען, הויך און דאַר. ער האָט געהאַט אַ רויט פּנים מיט פּײַכטע גלאַנציקע האָר, פּאַרקעמט אויף אַרויף. ער האָט אויסגעזען ווי אַ גוי און גערעדט יידיש. אין גאַנצן ענלעך צו דעם דאָ וואָס פּאַרעט זיך בײַם פּאַטעפּאָן. יענער האָט אים מיט אַ ווונק אַרײַנ־גערופן אין אַ טויער אויף נאַוואַליאַרסקע־גאַס, זיך אַריבערגעבויגן איבער אים און אײַנגערוימט אַ סוד. ער האָט אים געפרעגט צי ער וויל גיין אויף אַ קרישמע־לייענען בײַ אַ קימפּעטאָרין. דער יונג האָט אים גלײַך אָנגענומען בײַ דער האַנט און אַרויפגעפירט אויף אַ האַלבן שטאָק שטיגן. עס זענען געווען ברייטע שטיגן. ער האָט אים געוויזן מיט דער האַנט צו דער טיר אויבן, אויפן אַנדערן האַלבן שטאָק — דאָ איז עס. און אים געהייסן אויסטון די שטיוועלעך. אין דרויסן איז אַ בלאָטע, און מיט נאַסע שטיוול וועט מען אים נישט לאָזן אײַנטרעטן די פּאָד־לאָגע. ער קאָן זי נאָך אײַנריכטן. ס׳זענען דאָרט געוואַשענע פּאָדלאָגעס. זאָל ער זיי דאָ אויסטון, וועט ער זיי האַלטן ביז ער וועט צוריק אַראָפּקומען. ער וועט וואַרטן אויף אים.

אין דער אַנדערער שטוב איז טאַקע געלעגן אַ קימפּעטאָרין. אויף אַלע ווענט זענען געהאָנגען שיר־המעלותן. ס׳איז געווען אַ פולע שטוב מיט קינדער. פּרעמדע, נישט פון זײַן חדר. מ׳האָט געטיילט פולע שקאַרמיצלעך מיט צוקערלעך און ניס־לעך. ער האָט זיך דערמאָנט אין די שטיוועלעך און דער ערשטער זיך געלאָזט צו דער טיר. ער איז אַראָפּ פון אַלע שטיגן, געזוכט אין טויער, אין אַלע ווינקעלעך. דער יונג איז נישט געווען. אויסגערונען געוואָרן צוזאַמען מיט די נײַע שטיוול, וואָס דער טאַטע האָט אים געקויפט אויף יום־טוב. אַ באָרוועסער אין די בלויזע זאָקן איז ער געלאָפן איבער דער געדיכטער בלאָטע אויפן טראָטואַר. געקומען אַהיימצולויפן מיט אַ געוויין: — אַ גנב האָט בײַ אים אויסגענאַרט די שטיוול.

ער האָט זיך איצט גוט אײַנגעקוקט, משה מעט, אין דעם יונג בײַ דער „קאָ־טערינקע״, אויף יענעמס צעפלאַמטן פּנים מיט די לויפנדיקע אייגעלעך, ווי די מײַזעלעך, און איין מורא נישט געכאַפּט צו ווערן... ער וואָלט געשוואוירן, ס׳איז דער זעלבער, וואָס האָט בײַ אים צוגעגנבעט די שטיוול. ער האָט אים שפּעטער אַ סך מאָל געזען זיך אַרומשלעפּן איבער די באַזאַרן, געבעטלט בײַ די מאַרק־שטייע־רינס אַ פאַרפוילט עפּעלע, אַ יענגאַלקע און מיט אַן אייגל געכאַפּט אַ קוק צו די מאַדאַמען אין בײַטל אַרײַן, צי ס׳לויגט זיך זיי נאָכצוגיין...

יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים געזען, דעם לאַטיק, איז ער אים פאַרלאָפן דעם וועג און ביסטרע געגעבן אַ קוק אַרײַן אין זײַנע טרייפענע שליפיעס אַרײַן. יענער האָט זיך אַרומגעקוקט, די אייגעלעך זענען בײַ אים געלאָפן אין אַלע זײַטן,

און זיך גלייך געגעבן א טראג אפ, געמאכט פיס. דער דא פינטלט אויך אזוי מיט די אויגן פונקט ווי יענער. א גאנצער מאכער איז ער דא געווארן, זיך ארויפגע־ארבעט, זעט אויס, פאר דער צייט, געווארן א לייט. וואס פעלט אים דען דא אין דאזיקן הויז. פון אלעמדיגג קריגט ער דא. צו עסן האט ער און טאשנגעלט קריגט ער מיסתמא אויך און א ריין העמד צום איבערטון יעדע וואך. וואס נאך דארף אזא איינער? ווען ער פארקויפט זיך נישט צו די מיסיאנערן וואלט ער זיכער פארפוילט געווארן אין א תפיסה.

פאר קיין שום געלט אין דער וועלט, וואלט ער עס נישט געטון, משה מעט. אפילו ווען דער חלף וואלט אים געלעגן אויפן האלדז. אזא איינער איז נאך ער־גער פון א גאסנפרוי. זי פארקויפט בלויז איר קערפער. ער — דעם גוף מיט דער נשמה. ער טראגט אוודאי אן אויסגעברענטן צלם אויפן ארעם, ווי יעדער משומד. א גאנץ לעבן וועט דער צייכן אזוי גליען אויף זיין לייב, אים אויסברענען די גע־הירן. די רויטקייט אויפן פנים זאגט עדות פונעם ברענענדיקן פלאם. ער איז שוין דא צ׳געבונדן ווי א הונט אויף דער קייט. זיך נישט אפצורייסן, נישט אוועקצו־גיין מער פון דאנען. די וועלט ארום איז גרויס און פריי. נאר נישט פאר אים. ער האט נישט מער ווי די דאזיקע בודע. די גרויסע ברייטע וועלט האט מער נישט קיין שייכות מיט אים. ער געפינט זיך אין דאזיקן פייערדיקן עיגול, אויסגע־שלאסן פון טאטע־מאמע, פון גאנץ קהל, פון דער וועלט און יענער וועלט.

דאס תפילהדיקע געזאנג האט נאר וואס אויפגעהערט. יאסעלע ראזנבלאט איז אנטשוויגן געווארן. די הארציקע טענער פונעם טיפיידישן ניגון, וואס די מיסיאנערן האבן צוגעלקחנט ביים יידישן חזן, האבן געדינט נישט זיי, נאר די אלע דא וואס האבן פארבלאנדזשעט אהער. דער יידישער ניגון האט זיי צוריק דערמאנט פון וואנען זיי קומען און וווהין זיי גייען.

דאס טרייפענע נעדעלע פונעם מיסיאנערישן פאטעפאן האט שוין איצט גע־ראצט און געריבן די ליידיקע פליטן־ליניעס אויפן פאטעפאן. אלע ביים טיש האבן זיך נאך אלץ מיטגעוויגט אויף די כוואליעס פונעם אויפרודערנדיקן יידישן ניגון, וואס האט נאך דא וויברירט און געציטערט אין דער לופטן, און אויפגע־וועקט אין אלעמענס הערצער א גרויסע אומגעשטילטע בענקשאפט נאך עפעס טייערס און פארלוירנס, וואס וועט זיך שוין מער קיין מאל נישט אומקערן צו זיי צוריק.

## קאפיטל צוועלף

# אין די אָפּגעשלאָסענע פיר ווענט

אומגעריכט האָט אינעם געדעמפּט־באַלויכטענעם זאַל אַ ריס געטון אַ ליכטיקייט, ווי אַ זון אַ גאַנצע, אַ העליש פײַער וואָלט זיך אַרײַנגעריאָוועט אַהער פון אַ הייסן גאָלדענעם זומערטאָג. אין די אָפּגעשלאָסענע פיר ווענט, וווּ גאָטס גײַסט האָט נאָר וואָס נאָך אַרומגעשוועבט אינעם חלל איבער די קעפּ פון די צוגעזעסענע מאַנצפּאַרשוינען, האָט פּלוצים העל און פאַרשײַט אַ בלענד געטון מיט ווײַב. נישט מיט דער צאַרטער יונגפרוילעכקייט פונעם נײַעם טעסטאַמענט האָט עס אַ ווייע געטון אויף די מענער, נאָר מיט פּשוטער, וואָכעדיקער רויער דינסטמוידישקייט וואָס צעקאָכט און צערודערט דאָס בלוט.

אין דער טוכלער לופט דאָ האָט אַ פאַרשמעק געגעבן מיט וואַרעמען קיך־ריח פון געפּרעגלעכץ און זיסלעך־זויערלעכע אָפּגעשטאַנענע עסנס וואָס איז פאַר־גאַנגען אין נאָז און געמאַכט וואַסערן אין מויל.

די מיסיאָנערישע שיקסע, מאַרישע, איז אַרײַנגעקומען פון קיך מיט אַ טאַץ טיי מיט קיכעלעך. פון די מענערישע אויסגעבאַלושעטע אויגן איז שווער געווען צו דערגיין אויף וואָס מ'האָט דאָ מער געוואַרט: אויף דער חנוודיקער שיקסע צי אויפן גלעזל טיי.

דער ברודער סאַלאָ האָט זי נישט לאַנג צוריק געבראַכט פון דאָרף. ער איז געפאָרן מיטן אויטאָ ברענגען פּראָדוקטן, אויבסטן און געוואָרפן אַן אויג אויף דער מויד, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס אינעם רייפן ווײַ־ניקן סאָד אַ היכע, אַ פולע, אַן אויסגערייפטע און צעוואַקסענע, און פאַרפולט מיט זיך דעם גאַנצן סאָד. זי איז נאָך קיין זיבעצן יאָר נישט אַלט געווען און אויסגעזעהן אויף צוואַנציק. דער פולער בוזעם אירער מיט די אויסגעפּילטע היפּטן האָט אַלעמען גערייצט און געלאָקט. די דאָרפישע יונגען האָבן געקלעפּט צו איר, אַזוי ווי צו אַ ווינטערדיק־אײַנגעהייצטן אויוון, זיך נישט אָפּצורײַסן.

ליין מאַמע האָט זי נישט געהאַט. זי איז געווען אַ יתומה, די מאַרישע. דער טאַטע אירער, דער וועכטער אינעם סאָד, האָט זינט דעם ווײַבס טויט אָנגעהויבן טרינקען, און די מויד איז געבליבן אויף גאָטס באַראָט. זי איז געוואַקסן אַ ווילדע קאָזע, אַן אומגעצוימטע, אַרומגעלאָפן מיט יונגען טאָג און נאַכט. צעבאַלעוועט

געוואָרן. הײַנט מיט דעם, מאָרגן מיט יענעם. ביז דעם וויטס זינדל האָט זיך אויף איר מרחם געווען.

דאָס ווארשעווער סטודענטל מיטן פירשפּיציקן ווײַסן היטעלע און אַמאַ־ראַנט־רויטן לאַמפּאַס „נאַ באַקער”, אין אַ זײַט, האָט זיך זומערצײַט אַראָפּגע־כאַפּט אויף וואַקאַציעס און זיך פאַרליאַפּטשעט אין איר ביז איבער די אויערן. ער האָט איר צוגעזאָגט זי צו נעמען קיין ווארשע און זי אויסשטעלן פאַר אַ לײַט און דערווײַל זי געמאַכט פאַר אויס קאַפּעלוש־מאַכער. נאָך דעם זיך צעווערטלט מיט איר, געוואָרן ברוגז און, ווי דער שטייגער, זי געלאָזט שטיין, אַוועק אַן אַ זײַ־געזונט צוריק קיין ווארשע, צוריק אַ פרײַ פלי־פייגעלע.

זי האָט עס אים נישט געקאָנט מוחל זײַן. זי האָט געוואַרט און געזוכט אַ געלעגנהייט צו קאָנען קומען קיין ווארשע, אים אויפזוכן און אָנרײַבן אַ מאָרדע, אַז ער זאָל האָבן צו געדענקען. און בײַ דער ערשטער געלעגנהייט וואָ ס׳האָט זיך געמאַכט — ס׳איז אונטערגעקומען סאַלאַ מיטן אויטאָ — האָט זי גלײַך מסכים געווען.

די דאָרפישע שיקסע האָט אָבער נישט געוווּסט אין וואָסערע הענט זי איז אַרײַנגעפאַלן; אַז פונעם ברודער סאַלאַ קאָן מען זיך אַזוי לײַכט נישט אַרויס־דרייען. זי לעבט דאָ ווי אין אַ תפיסה און זעט רעכט נישט די ליכטיקע שײַן. צו ביסלעך האָט זי זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום דאָזיקן געהעמטן טריב לעבן, וואָס ווערט דאָ געפירט אין דער דאָזיקער אָפּגעשלאָסענער מויער מיטן מאָדנעם געזינדל, וואָס רירט זיך נישט פון דאַנען ביז אַהער אָן כריסטוסן, און אַזוי שוין שלום געמאַכט מיט איר גורל צו קאָכן, צו וואַשן און רוימען און אין די אָוונטן אַרײַנדערלאַנגען טיי פאַר די צוהערער פון גאָטס וואָרט, פאַר די בלינדע און פאַרפירטע, וואָס מע דאַרף זיי זעעוודיק מאַכן, כדי דאָס גרויסע ליכט זאָל אויף פאַר זיי קאָנען לײַכטן און שײַנען.

ווי אַ צירק־חיה, וואָס ווערט אומרויִק פאַרן אַרויסטריט, אַזוי איז זי אומ־געדולדיק געוואָרן אין די פאַרנאַכטן און אַ פיבערדיקע שוין געוואַרט אויפן אָנ־קום פונעם אָוונט צו קאָנען אַרײַנדערלאַנגען די טיי און בעת־מעשה הנאה האָבן פון די מענערישע בליקן, וואָס ס׳שרײַט פון זיי אַרויס דער הונגער נאָך פרוי. פונקט ווי אויפן דאָרף האָט זי זיך פאַר יעדן מאָל אַרײַנדערלאַנגען די טיי גע־פוצט און געמאָלעוועט ווי אַ געבוירן קאָקעטקעלע, כסדר געכאַפּט אַ בליק צום שפּיגעלע, זיך פאַפּראַוועט די פושיסטע האָר, אַ פיר געטון מיטן שפּיץ צינגל אי־בער די געשמינקטע ליפּן, מיט ביידע הענט זיך אַ גלעט געטון איבער דער ברוסט־רונדיקייט און איבערגעטון יעדעס מאָל אַן אַנדער דאָרפיש קליידל צו געפעלן ווערן אַלעמען. אַפילו בײַ די אַלטע, וואָס טויגן שוין צו גאָרנישט, האָט זי גע־וואָלט האָבן דערפאָלג.

ס׳איז איר אַזוי נישט געגאַנגען אינעם דערפֿאָלג, ווי אויסצונעמען בײַ וועמען וואָס זאָל זיך אײַנשטעלן פֿאַר איר און זי אויסלייזן פֿון דאַנען. זי אַרויסנעמען פֿון דאָזיקן הויז. דורכן וואָרעמען העלראָזע בלוזקעלע מיטן אויפֿגעלייגטן קעלנערל האָבן זיך געצייכנט צוויי אָפּשטייענדיקע, קערנדיק־רייפֿע מיידלשע בריסטן. פֿון אונטערן לופֿטיקן געבל־מטן ספּודניטשקעלע אָפּער האָבן רייצנדיק אָפּערגעקוקט אַ פּאָר מאָסיווע רויטע נאַקעטע פֿיס אין שטובלעטשלעך.

די יונגע מענער בײַם טיש און די אַלטע אין די פֿאָטעלן האָבן זי געגעסן מיט די אויגן. זיי האָבן דעם גיריקן בליק פֿון אונטערן שטערן אָפּער געפֿירט איבער אירע מעכטיק געפֿאָרעמטע פּרוייִשע גלידער, איבער די רונדיקע אַקסלען, די פֿאַרשפּיצטע בריסטן, די ברייטע קײַלעכיקע היפֿטן. זיי האָבן זי אין גאַנצן אויסגעטון נאַקעט אין געדאַנק. דאָס לײַב אירס מוז האָבן אַזאַ רויטקייט ווי די פֿיס, אַזאַ טיפֿע פּרוייִשע ראָזלעכקייט, ווי ס׳וואָלט זיך געזען דאָדורך דאָס זידן פֿונעם יונגן גלוטיקן בלוט אירס וואָס מוז זי אַוודאי נישט לאָזן שלאָפֿן אין די נעכט.

פֿון דער גאַנצער מעכטיקער פֿיגור אירער האָט געפֿראַלט מיט אַזאַ פֿולבלוטיקער געזונטקייט און געצוימטער אָנגעשפּאַנטער הפֿקרדיקייט, וואָס וואָלט נאָר ווי געוואַרט אויפֿן שפּרונג צו קאָנען געבן אַ ברעך אויס אין אַ שטורעם — אָן אַן אָפּהאַלט, נישט צום צוימען, זיך נישט אָנצוזעטיקן.

די מוטנע בלאָע אויגן אירע זענען געווען ווי פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל נישט אַרײַנצוקוקן אין זיי צו טיף, ס׳קאָן אַ שווינדל טון אין קאָפּ, ווי בעת מע קוקט אין אַ תהום אַרײַן.

די יונגעלײַט בײַם טיש האָבן זיך איצט גיריק געשטרעקט צו איר, נישט אַזוי ווײַט שוין נאָכן גלאָז טיי, ווי צו באַרירן זיך אָן איר קלייד, אָן איר אַרבל, צו דערפֿילן די נאָענטקייט פֿון אירע יונגפֿרוייִשע גלידער, וואָס האָבן אָפֿן פֿאַר אַלעמען אויסגעזאָגט, אַז זיי זענען פֿול מיט זינדיקע באַגערן. קיינער האָט אָבער פֿון איר מער ווי דאָס גלעזל טיי מיט די פּאָר פֿאַרדאַרטע קיכלעך גאָרנישט געקאָנט באַקומען, נישט קיין קוק מיטן אויג און אַפֿילו נישט קיין שאָטן פֿון קיין שמייכל.

איר פּנים איז געווען ערנסט, פֿאַרגליווערט. די ליפּן פֿאַרביסן. די שאַרפֿע אויגנשניטן פֿאַרצויגן מיט די לאַנגע ווײַעס. דער שמייכל, וואָס זי האָט געהאַט גרייט הינטער דער טיר, איז גלײַך נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל פֿאַרשווינדן אָן שפּור. זי האָט צו יעדן צוגענענט מיט שטילע טריט, ווי אַ נאָענע צום געבעט, און אַוועקגעשטעלט דאָס הייסע פֿינקלדיקע גלאָז טיי. אַ פֿראַל געטון אויף יענעם מיט דער הײציקייט פֿון איר לײַב. ווי אַ הײסער מידבר־ווינט וואָלט זיך דורכגעטראָגן און פֿאַרהאַקט דעם אָטעם, אַ יאָג געטון אַ כוואַליע היץ און אַוועק ווײַטער.

בלויז איין סאַלאָ איז געבליבן ז׳צן אויף זײַן פּלאַץ אין דער זעלבער פּויזע וואָס פריִער — אַ סטאָ׳יש־קאַלטער, אַ גלײַכגילטיקער. אין זײַנע האַלבפאַרמאַכטע אויגן־שפּעלטלעך, ווי אין דרעמל, האָט מען געקאָנט זען, אַז ס׳טוט אים הנאה וואָס אַלע שלינגען זי מיט די אויגן. זאָלן אַלע קוקן און דריקן. אַ פײַג וועלן זיי האָבן פון איר. קיינער קאָן איבער איר נישט האָבן קיין שליטה. אַפילו נישט דאָס סאַרנעלע, די פרומע קאַץ, וואָס קריכט דעם פּאַסטאַר אונטער די נעגל.

ער ווערט אין גאַנצן אַ צעציטעז־טער, דער סאַרנע, ווען ער דערזעט זי. ער נעמט פינטלען מיט די אייגעלעך זײַנע, די גנבישע, צי קיינער כאַפּט נישט אי־בער זײַן הייסן דורכשפּיזנדיקן בליק. זי וואַרפט אויך אויף אים אַן אייגל, די בעסט־ע. ער געפעלט איר, דער סאַרנע. זי וועט לאַנג מעגן וואַרטן. ער פאַרלירט זיך פאַר איר, ווי אַ חדר־ייִנגל. זאָל ער זיך באַלעקן מיט דער צונג. זאָלן זיך אַלע באַלעקן. מיט די אויגן — וויפל יעדער גלוסט. אָבער מיט די הענט — וואַ־ראַ! לאַ מיט אַן אַלף! נישט פאַר אײַך געדאַכט! זאָל נאָר ווער זיך פּרוּוון צורירן צו איר, גייט ער נישט אַרויס פון אים קיין לעבעדיקער. אַלע וויסן עס. זייער גוט אַזוי. זאָלן זיי עס וויסן. אין דעם הויז האָט קיינער נישט צו זאָגן איבער איר נאָר ער אַליין. ער איז דאָ באַלעבאָס. ער קאָן זיך איצט פאַרגינען צו זײַן מיט אַ קאַלטן לונג־און לעבער. צוקוקן צו די צעפּיבערטע בליקן פון די אַלע יונגעלײַט־לעך פול מיט גליסטונג צו איר רייצנדיק לײַב. דער חשק זײַנער צו איר וועט בײַנאַכט זײַן אַ טאָפּלטער און די לײַדנשאַפט פײַערדיקער, צעשפּילטער. ווי אַ קעצל וועט ער זיך אַרײַנשאַרן צו איר אין ענגן קעמערל. זי וועט ליגן אַ צעהיצטע אויפן בעטל. צעגליט ווי אַ שטיק פלאַם. ער וועט פאַרנורען דעם קאָפּ זײַנעם אין איר צעפּײַערט לײַב. זי וועט זיך נישט לאָזן, זיך ווערן, זוכן שוץ פאַר איר פּו־לער לײַביקייט אינעם לײַכטן העמדל, זיך טוליען דערין און עס צוהאַלטן פון אַלע זײַטן, נישט לאָזן אָפּדעקן ס׳לײַב. פאַרוואָס שטעלט זי זיך אים אַזוי אַקעגן? זי ברענט פון לײַדנשאַפט און לאָזט אים צו זיך נישט צו, אַ מאָדנע אַזאַ די קלאַפּטע. ווי אַלע דאָרפישע שיקסעס. נאָך פון דר׳ערד נישט אויפגעוואַקסן, זיי־בעצן יאָר קוים און ס׳האָט שוין שכל, ווי אַזוי צו שפּילן די קאָמעדיאַנטישע שטיק פאַר אַ מאַן. דאָס פירט זיך שוין ווי אַ דערוואַקסענע, אַ דערפאַרענע. זי וועט זיך אויף קיין פאַל נישט לאָזן פון אים מיט גוטנס. מיט אַלע כוחות וועט זי אים אָפּשטופּן פון זיך. זי האָט אַן אײַזערנע גבורה אין אירע הענט. דערצו איז זי אײַנגעשפּאַרט ווי אַן אייזל, נישט צו רירן פון אָרט. זי וועט זיך אַזוי אײַנ־קאָרטשען אין דרײַען מיט צונויפגעדריקטע פיס ווי אַ מויער. זיי וועלן זיך ראַנג־לען שטום, פאַרביסן, מיט קראַפט, ברוטאַל און צעפלאַמט. זי וועט זיך אײַנבײַסן אין אים ביזן ביין. נאָר ער וועט נישט אָפּטרעטן, נישט נאָכגעבן, ביז ער וועט זי נישט מיד מאַכן... שוואַר־סאַפּנדיקע, צעהיצטע פון די אַמפּערײַען וועלן זיי

ליידנשאַפּטלעך־צעקאָכטע פאַרזינקען אין די כוואַליעס פון זיסער פאַרגעסונג, פון אומגעשטילטן תענוג. זי וועט אים דעמאָלט קושן, רײַסן פון אים שטיקער. אָט אַזאַ מאָדנע באַשעפעניש איז דאָס.

ווען זי האָט אים דערלאַנגט דאָס גלאָז טיי, האָט ער זיך נישט געמאַכט קוקן אין איר זײַט, ווי ער וואָלט זי נישט געווען געקענט, ווי זי וואָלט אים אין גאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט אָבער אָפּגעפילט איר לײַכטן אויפשווידער מיט די אַקסלען, זיכער פון דערמאָנען זיך אינעם מאָמענט פון עקסטאַז נעכטן. מעגלעך אויך פון עקל, פון עקל צו אים. אַ מויד אַ שלאַנג. און אויב יאָ איז וואָס. ער דאַרף נישט איר ליבע. בעסער אַזוי. איז ער זיכער, אַז זי וועט זיך שפּעטער נישט אײַנבאָדן אין אים, נישט צושטיין, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן, ווי די פּריזערדיקע, די געלע זאָכע. און ער וועט פאַרשפּאָרן צו האָבן נאָכווייען. קוים וואָס... ס'וועט ווערן צופיל קענטיק, שיקט ער זי גלײַך לאָנדו — צוריק אַהיים אין כליעוו אַרײַן צו די חזירים.

מיט דער זעלבער שטומער פאַרביסנקייט און פאַרנעפּלטן בליק, ווי זי איז פריִער אַרײַן אין זאַל מיט דער טאַץ טיי, איז זי איצט צוריק אַרויס מיטן ליידיקן טעצל. ס'איז פאַר איר הײַנט געווען אַן אָפּקומעניש, דאָס באַווײַזן זיך פאַר אַזוי פיל מענערשע אויגן מיט אַמאָל אין זײַן קעגנוואַרט... ס'האָט זי אי געבריט אי הנאה געטון וואָס זי קאָן געפעלן יעדן אײנעם, אַלע אָן אויסנאַם. זי איז פאַר אַ סך מיסתמא דאָ אַ צוציִונג־מיטל. זיי קומען אַרויף נישט אַזוי צוליב די לעקציעס, וואָס דער פאַסטאָר האַלט פאַר זיי, נישט צוליב זײַנע שיינע ריידעלעך און נישט צוליבן גלאָז טיי, ווי צוליב זער איינער מינוט, ווען זיי וועלן דערפילן לעבן זיך דעם אָטעם פון אַ פרוי, אַ פּרויענלײַב. טייל באַרירן זיך מיט איר קלייד, ווי אומגערן, רירן זיך צו מיט אַ קני, לײַכט, קוים צו פילן. הײַנט איז געווען אַ פרישער בײַם טיש, אין אַ מונדיר פון אַ פּוילישן זעלנער. אַ צוריקגעקומענער פון פראָנט זעט ער אויס צו זײַן. ער האָט זיך נישט ווי אַהינצוטון, קומט ער אַהער. זי האָט עקסטרע פאַרטווישט די טעלערלעך. אים געגעבן דעם אינטענדענטס טעלערל מיט די בעסערע קיכעלעך, די געפילטע. ער וועט האָבן אַ טענה. זאָל ער... אַ פּוילישער זעלנער איז בילכער. ווען ער זאָל האָבן שכל און זיך ווײַזן אין קיך, וואָלט זי אים געגעבן עפעס אָפּצועסן, ווי דעם דאָקטאָר ענגלשטערן. אַ געריבענער יונג. ער ווייסט אויפצופּאַסן דעם מאָמענט, ווען זיך אַרײַנצוכאַפּן אין קיך אַרײַן אַז דער אינטענדענט זאָל נישט זען. איר וואָלט ער גאָרנישט געזאָגט. וואָס קאָן ער איר טון? נישט קריכן צו איר בײַנאַכט אין בעט אַרײַן מיט דער גאָלער טשאַשקע. אים אָבער, דעם דאָקטאָר ענגלשטערן, וואָלט ער באַליידיקט, דער גרוביאַן. ווי ער האָט עס אַנומלט דעם סאַרנען דערלאַנגט אין טאַטן אַרײַן. יענער האָט אים גאָרנישט געענטפערט. אַ שטילער, אַן איידעלער. ער איז אַוועק אַ

פאַררויטלטער. ס׳גאַנצע פּנים האָט אים געפלאַמט. אַ שלימזלע, טויג זיך נישט אויס צו די זאַכן. ער איז געקומען אין קיך אַרײַן איר איבערלייענען אַ ליד וואָס ער האָט געשריבן צו איר, אַ הימן צו איר געטלעכער שיינקייט און אומשולדי־קייט. ער האָט געקריגן דערבײַ אַלע קאָלירן און אַ שווייס איז אים אַרויסגע־טרעטן אויפן שטערן ווען ער האָט עס איר געלייענט מיט אַ צוגעדושעטער שטים ווי ער וואָלט איר אויסגעזאָגט אַ סוד פון זײַן האַרץ. נאָך דעם האָט ער איר גע־לייענט אַ צווייט ליד וועגן אַ צווייטער ליבע, וועגן דער ליבע צו יעזוסן וואָס שטראַלט מיט אַזאַ היילנדיק ליכט און וויפל מע זאָל נישט טרינקען פון זײַן קוואַל בלײַבט מען אַלץ דאַרשטיק, אומגעזעטיקט. דאָס האָט ער געטרונקען, האָט זי געפילט, מער צו איר ווי צום האַר יעזוס, וועמען ער פאַרגעטערט אַזוי פּונקט ווי איר לויטערריין לײַב אינעם ליד צו איר אומשולד.

זי רוקט אים יעדעס מאָל עפּעס אונטער. אַז זי וועט פאַרבײַגיין רופט זי אים אַליין צו און שטופּט אים אונטער עפּעס אַ נאַש, אַ פּאָר קיכלעך, אַן עפּעלע. אַליין וועט ער מער נישט קריכן צו איר אין קיך אַרײַן.

זי האָט זיך שפּעטער נאָך איין מאָל באַוויזן אין גרויסן זאַל, ווען אַלע האָבן זיך שוין אויפגעהויבן פון די ערטער צום אַוועקגיין. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט זי צונויפגענומען די ליידיקע גלעזער מיט די טעלערלעך אויף דער טאַץ אַרויף. זי האָט קיינעם נישט געזען, קיינער איז איר נישט אָנגעגאַנגען, בלויז אויבן אָן האָט זי פאַרהויבן איר בליק, אַזאַ סאַמעטיקן און הייסן, אויפן יונגן מענטש מיטן שוואַרצן „זאַראַסט״,[1] דעם פּוילישן זעלנער, וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט דער לעצטער פון טיש. זי האָט אַ שפּיל געטון מיטן דורכנעמענדיקן כישוף פון אירע אויגן.

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט אויף אַן אויגנבליק און דאָס איז געווען גענוג אַז ס׳זאָל אין אים אויפשטײַגן אַ היציקע כוואַליע ווי אויף אַ צעוויגטן ים. ער האָט נאָכבאַגלייט מיטן בליק אירע נאַכלעסיקע טריט ביז צו דער טיר.

מיט אײַנגעהאַלטענעם טומל האָט זיך דער טיש־עולם אָנגעהויבן אַרויס־שאַרן פון זאַל און גענומען אַראָפּגיין פון די שטיגן, וואָס זענען געווען רויטלעך באַלויכטן מיט אַ זשאַריק לעמפּל. אונטן איז ס׳טויער געווען געשלאָסן. ס׳האָט אַרומגענומען אַ שטעכיקע קעלט. די יונגעלײַטלעך אין די לײַכטע מענטעלעך האָבן זיך אײַפגעשטעלט די קעלנער, זיך אײַנגעבאַברעט אין פאַלטן און אײַנציקווײַז זיך אַרויסגעשאַרט דורכן טויער, וואָס דער מיטן רויטן פּנים האָט געעפנט און פאַרשלאָסן נאָך יעדן אַרויסגייענדיקן אין ווינטיקן דרויסן אַרויס.

---

[1] באָרד־אויסשפּראָץ

## קאַפּיטל דרייצן

# דער נאַקעטער אמת

פון דער גרויסער אודיטאָריע אין זאַל איז שוין באַלד קיינער נישט געבליבן. די שטולן זענען געווען אַרויסגערוקט אין אומאָרדענונג. דער טיש איז געבליבן אַ נאַקעטער. די ביכלעך מיט די בראָשורקעס אַראָפּגערוימט. איינער פון די עלטערע ברידער האָט זיך צעגעגעצט און נאָך אים נאָך אַנדערע צוויי. זיי זענען נישט געוווינט געווען צו אַזאַ אידיליע פון אַן אָוונט. די פּאָרציעס זידלרייד האָט זיי געפעלט צום טעם, ווי אַ ריישעכץ צו אַן עסן. נישט איינער פון זיי האָט גע־כאַפּט אַ דרעמל בעתן פרעדיק פונעם פּאַסטאָר. עפּעס האָט זיך דאָס מאָל זיין רעדע נישט שטאַרק געקלעפּט. ער האָט היינט גאָרנישט מחדש געווען. נישט אַרויסגעבראַכט קיין איין אינטערעסאַנטן געדאַנק. זיי האָבן שוין ווי אויסגע־קוקט אַן אַוואַנטורעלע, אַ שטיקל סענסאַציע, אַ ספּעקטאַקל. ס'זאָל שפּעטער זיין וואָס צו קאָמענטירן און איבער וואָס זיך צו אַמפּערן, צי דער ברודער סאַלאָ האָט ריכטיק געהאַנדלט, אָדער ער האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס, געווען צו ברוטאַל צו די שטערער, די סקאַנדאַלן־מאַכער און טומלער.

עטלעכע יונגעלייט האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט אין זאַל. ס'איז זיי געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן די מנוחהדיקע וואַרעמקייט דאָ. זיי האָבן זיך אַוודאי נישט געהאַט ווו אַהינצוטון אין די לאַנגע האַרבסטיקע נעכט. און געוווּסט: אַז נאָכן פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע ליכטיקע הויז, וועט אויף זיי וואַרטן אַ פינצטער לאָך, אַ נאָרע ערגעץ אין אַ קעלער מיט אַ צעלאָמעט בעטל און אַ קויטיקע וואַטענע קאָל־דרע צעפליקט אויף סטושעמפּעס. דאָ איז אַזוי געמיטלעך, אָנגענעם, אַ ליבע וואַרעמקייט מיט אַזאַ העל ליכט. ווי קאָן זיך גלוסטן פון דאַנען אַוועקצוגיין.

די יונגעלייטלעך מיט די אויסגעריבענע קעלנערלעך האָבן זיך נאָך אַלץ גע־קווענקלט, געשטאַנען ביי די הויכע שענק מיט די געגלאָזטע טירן ביז אַרויף און זיך געמאַכט קוקן אויף די יחוסדיקע ספרים מיט די גאָלדגעליישטע רוקנס, ווי ס'וואָלט זיי באמת געווען אָנגעגאַנגען די טעאָלאָגישע ליטעראַטור. די אַלע ווייסנ־

שאפטלעכע, רעליגיעזע און פילאזאפישע ווערק, וואס זעלטן ווער ס'רירט זיך צו זיי אמאל צו. זיי זענען דא ארײַנגעשטעלט געוואָרן בלויז צו פארמאלעווען די אויגן, אויף ארויסצורופן דרך־ארץ צו זייערע באלעבאטים און צו באשײַנען דעם זאל, ס'זאל אים צוגעבן א גלאנץ פון רײַכקייט, אן אויסזען פון א טעמפל, א היכל פון גײַסט.

דער מאדנער באבערדלטער פארשוין מיטן פנים ווי געגאסן פון בראנדז, מיט דער לאנגער פאלקע האר, ווי אן ארכאנגעלסקער פאפ, און אויפגעלייגטן סלאוואצקע־קאלנער מיט דער געדיכט־באוואקסענער ברוסט איז די גאנצע צײַט געזעסן אויף דער שטול ווי אויף שפילקעס. ער האט זיך כסדר געהויבן פון ארט, ווי ס'וואלט אים דארט געווען געבריט, זיך אויפגעהויבן און צוריקגעזעצט. זיך קענטיק נישט געקאנט דעצידירן. דאס אפלאכערישע שמייכעלע ארום די פײַער־דיקע באצווינגענדיקע אויגן איז געווען ארויסרופעריש געוועגדט אין דער זײַט פון די ברידער וואס זענען געזעסן צעלייגט אין די פאטעלן מעשה גאנצע יאטע־בעדאמס.

ווען ער האט געזען, אז אויך די איבערגעבליבענע גרייטן זיך שוין צו נעמען דעם דרך פון דאנען און אויך דער זעלנער פארקנעפלט זיך שוין דעם מונדיר צום גיין, האט ער זיך האסטיק געגעבן א שטעל אויף, אויפגעשפרונגען ווי א חיה צום רויבפאנג און מיט עטלעכע פלינקע דראבנע שפרײַז זיך שוין געפינען בײַם טיש אנטקעגן די באזעצטע פאטעלן. מיט די גרינע פײַערלעך פון זײַן דורכנעמענדיקן פארצוקנדיקן בליק האט ער ווי אפגעטויט אין די אנטקעגנזיצנדיקע יעדן ווילן צו ווערן זיך קעגן זײַן פארלאנג. מיטן אויסגעשטרעקטן ווײַזפינגער האט ער געפירט איבער דער ריי גראע קעפ הין און צוריק און מיט א געפרעסטער שטים ווי הייזעריק אויסגעסיטשעט, ווי ער וואלט געווען געשפיגן אויף זיי מיט פייער און גיפט:

— איר, שיינע ברידער מײַנע, זיצט דא אין די ווייכע פאטעלן א גאנץ לעבן און איר ווילט ברענגען משיח? איר ווירט זיך נישט ארויס פון דאנען אויף קיין טראט, איר היט זיך די הינטנס, איר פוילט דא לעבעדיקערהייט און איר ווילט זײַן מײַנע דערלייזער? איר ווילט ברענגען די דערלייזונג פאר דער וועלט? איר דארפט עס זײַן די וואס דורך אײַער מויל רעדט גאט, ישו, משיח? איר דארפט עס זײַן די רעטער פון דער גאנצער לײַדנדיקער מענטשהייט? איר ווילט עס צו־ריקברענגען די פארבלאנדזשעטע שעפעלעך צום פאסטעך? און אויף אײַך האב איך זיך עס צו פארלאזן? ס'איז דא נישטא ווער ס'זאל לאכן. פון וועמען מאכט איר חוזק? איר שטעלט זיך דאך אליין אויס צום נאר. ווער זענט איר ווער? וואס האט איר דא צו טון? אין א מושב־זקנים גייט, און לאזט דעם פלאץ פאר אנ־דערע. איר וועט שוין די ישועה נישט ברענגען. א י ך ברענג דערלייזונג. א י ך

טראָג גאָטס וואָרט צום אָרעמען און ליַידנדיקן. א י ך ברענג זיי טרייסט אין זייער שטוב אַריַין. א י ך בין זייער גואל, זייער דערלייזער, דער לעבעדיקער משיח. פון דאָרף צו דאָרף גיי איך און היייל די קראַנקע, ברענג הילף די פּאַראַ־ליזירטע. אַז מע רופט מיך צו אַ קראַנקן און איך האָב נישט אויף קיין באַנבילעט פאָר איך אָן אַ בילעט. אַז דער קאָנדוקטאָר כאַפּט מיך און וואַרפט מיך אַרויס פון צוג, גיי איך צופוס צום קראַנקן. קיין גראָשן געלט נעם איך נישט פאַר מיין טרחה. פאַר היילן אַ מענטש טאָר מען נישט נעמען קיין געצאָלט, פּונקט ווי פאַר לערנען יענעם טאָר מען נישט נעמען קיין געלט. אומזיסט ברענג איך זיי די הילף. איר אַלע זענט פאַלשע משיחים, אָפּנאַרערס. גאָטס גייַסט איז נישט מיט אייַך. איר לעבט אַ גוטן טאָג אויף מיַין חשבון. אייַך גיט מען געלט און איך ברענג די ישועה. אַז אַ געליימטער ווערט צוריק געזונט איז עס די ישועה. אַז איך היייל אויס אַ קראַנקן, וואָס די דאָקטוירים האָבן אים פאַרזאָגט דאָס לעבן, הייסט עס געברענגט די דערלייזונג. און ווער זענט איר? מיט וואָס פאַרדינט איר זיך אָנ־גערופן צו ווערן גאָטס דינער? אַ באַנדע שווינדלערס זענט איר!

ער האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ דריי אויס מיטן קופּערגלאַנציקן צעפּלאָמטן פּנים פון אַן עקזאַלטירטן פאַנאַטיקער צו די אַרומשטייענדיקע יונגעלײַט און ווײַזנדיק מיט דער האַנט אויף די ברידער, וואָס זענען געזעסן ווילנאָז, אומבאַ־וועגלעך, ווי פאַרהיפּנאָטיזירט, האָט ער אויסגערופן מיט גאַל און עקל:

— קוקט זיי אָן! קוקט אויף זייערע שאַרבנס! אָט אַזוי זעען אויס פּאַראַזיטן! גלייבט זיי נישט קיין וואָרט! הערט נישט וואָס זיי זאָגן. דאָ אין דעם הויז הערשט ליגן און שווינדל. דאָ איז אַ מקום־טומאה. קיין אָרנטלעכער מענטש טאָר דאָ נישט אַריבערטרעטן די שוועל. ווער ס'זוכט אַ וועג צו גאָט זאָל גיין מיט מיר! דאָ וועט ער גאָט נישט געפינען. דאָ הערשט דער טײַוול. דאָ באַלעבאָטעוועט מעפיסטאָ, דער שטן, נישט גאָט. דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב אייַך צו זאָגן, דער ריינער אמת און צו באַווײַזן דעם אמת וועל איך גיין אין פײַער אַרײַן. אַלע דאַרפן וויסן דעם דאָזיקן אמת. איך וועל פון אײַך אַראָפּנעמען די קרוינען וואָס איר האָט זיך אַליין אָנגעטון אויף אייערע נאַקעטע שאַרבנס. קיינער נישט נאָר איך, משה ענגלשטערן, וועל פון אײַך אַראָפּרײַסן דעם אָרעאָל. איך וועל אײַך מאַכן פאַר אויס הייליקע, אויס כוהנים, אויס מאַרטירערס! אויס אַפּאָסטאָלן! אַפּאָסטאָלן? קאַקערס זענט איר! גאַרנישטן! אָט וואָס איר זענט — אויסגעהוילט פון גייסט זענט איר, ווי אַן אויסגענאַגטער ביין — אָט דאָס זענט איר דאָ אַלע — צו וואַרפן פאַר די הינט!

אין די מוילווינקלען האָט זיך בײַ אים געפינעט אַ שוים. די נאָזפליגלען זע־נען געוועזן צעפּאַכעט, די אויגן האָבן געשפּריצט מיט פײַער און די ברוסט האָט זיך בײַ אים געהויבן אויף און אָפּ, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט פרישן כוח

און אָטעם. און װי זיך אַלײן צו באַהערשן האָט ער זיך אַרױפגעלײגט בײדע הענט אױף דער ברוסט, דער אימפּעט פון די רײד זאָל נישט זײן אַזױ צעברױזט, די שליוזן זאָלן נישט װערן פונאַנדערגעלאָזט אַזױ אומברחמנותדיק פרײַ.

דער ברודער סאַלאָ איז געבליבן זיצן װי אַ געפּלעפּטער, זיך נישט צוגלײבנדיק די אײגענע אױערן, אַז דאָס זאָל קומען פונעם מויל פון דאָקטאָר משה ענגל־שטערן, װאָס איז אַזױ געשעצט אין אַלע פּראָטעסטאַנטישע סעקטעס, בײַ די לו־טעראַנער װי בײַ די עװאַנגעליקער, בײַ די אַדװענטיסטן װי בײַ די באַפּטיסטן. ער האָט זיך נישט געװאָגט צו רירן פון אָרט. ס׳האָט אים אַלײן אױך הנאה געטון װאָס ער װאַרפט זײ דעם נאַקעטן אמת אין פּנים אַרײַן: זאָלן זײ נישט זײַן אַזױ פּאַרריסן בײַ זיך. ער האָט אים טאַקע אױך פאַרטשעפּעט, אים אַנגערופן טײַװל, מעפיסטאָ, אים דורכגעבריט מיטן בליק אַז אַ שװײס איז אים אַרױסגעטרעטן אױפן שטערן. אָבער זײ האָט ער מער אַרײַנגעזאָגט, געריסן פון זײ לעבעדיקע פּאַסן. ער האָט אָבער אים אױך פּונקט אַזױ נישט געשאַנעװעט. דער ברודער סאַלאָ האָט זיך אַזש געגומען װיגן אױף דער שטול. געפילט װי ס׳גאַנצע בלוט קומט אים אין קאָפּ אַרײַן, װאָס ער מוז זיך באַהערשן, װאָס ער קאָן נישט פונאַנ־דערלאָזן זײַן סטיכיע, זײַן פּאַסיע. מיט ענגלשטערנען טאָר מען זיך צופיל נישט אײַנרײַסן. ער קאָן װערן געפּערלעך, ער קאָן ברענען די טריט, ס׳זאָל נישט זײַן קײן אַנטרינונג פון אים, ער קאָן רודפן אײנעם עד־חרמה, ביז אין גרוב אַרײַן.

אױף די פּאַטעלן איז געװאָרן אַ שטיקל באַװעג, װי יענעמס שליטה װאָלט זיך אין דער רגע געװען אָפּגעטון פון די אַרומזיצנדיקע. אײנער האָט עפּעס גענו־מען כודען דעם צװײטן אין אױער אַרײַן. אַן אַנדערער האָט זיך גענומען רײַסן פון בענקל, נאָר צװײ פּאָר הענט פון בײדע זײַטן האָבן אים אָפּגעהאַלטן, און אין דער זעלבער צײַט האָבן די צװײ זקנים געװוּנקען צום גאַלן שאַרבן, ער זאָל זיך נעמען צו דער „אַרבעט“, אױף װאָס װאַרט ער נאָך, דער אידיאָט.

די איבערגעשראָקענע צעטומלטע יונגעלײַטלעך האָבן געזען אױף װאָס דאָ פאַרנעמט זיך און זיך פּאַמעלעך גענומען שאַרן צו דער טיר, זי געגעבן גיך אַן עפן און געשװינד זיך געלאָזט לױפן איבער די שטיגן װי פון אַ שריפה.

משה מעט האָט זיך דערפילט אומבאַקװעם, װאָס ער האָט דאָ באַדאַרפט זײַן אַן עדות און צוזען אַזאַ פּײַנלעכע סצענע װי עלטערע מענטשן װערן אַזױ פאַרשעמט. דאָס איז דאָך אמתער שפיכת־דמים. לױטן ייִדישן דין איז מען חייב מיתה דערפאַר. פון דער צװײטער זײַט אָבער איז ער דאָך גערעכט. אַ מוטיקער מענטש, אַן מורא. זײַן דרײסט װאַרפן דעם אמת אין פּנים אַרײַן דערמאָנט אין דער שרעקלאַזיקײט און בונטאַרישקײט פון די פאַרצײַטיקע נביאים. ער האָט זײ מיט אײן זאַג אָפּגעדעקט זײער גאַנצע מיאוסע נאַקעטקײט, געשלײַדערט זײ דעם ביטע׳ן אמת אין די אױגן אַרײַן. ער איז זיכער, משה מעט, אַז װען ער זאָל אים

דאָ איצט איבערלאָזן אַליין מיט זיי אונטער פיר אויגן, וועלן זיי פון אים מאַכן קרעפּלפליייש. ער האָט אָבער נישט געוואָלט זײַן דערבײַ ווי מע וועט זיך דאָ מיט יענעם אָפּרעכענען. ער איז אַרויס אין קאָרידאָר און געבליבן שטיין אַנטקעגן דער אָפענער טיר אָנגעשפּאַרט אָן פּאָרענטש. די עלטערע ברידער האָבן איצט גענו־מען טומלען, געשריגן צום ברודער סאָלאָ, ער זאָל אים אַרויסוואַרפן דעם שאַנ־טאַזשיסט, דעם אויספּרעסער.

— מיך דאַרף מען נישט אַרויסוואַרפן — האָט יענער אַ דונער געטון מיט זײַן שטים — איך גיי אַליין אַוועק פון דאַנען... אַזאַ איינער ווי איך האָב דאָ ריכטיק גאָרנישט וואָס צו טון... מיך קאָן מען נישט אָפּקויפן. אייער געלט דאַרף איך אויף תשעה־בײַנציק כפרות. איר האָט צו ווייניק געלט אויף אונטערצוקויפן משה ענגלשטערנען. ענגלשטערנס געוויסן קעיפט מען נישט פאַר קיין געלט! איר ווייסט נאָך נישט ווער משה ענגלשטערן איז! איר וועט אים ערשט דערקענען!

דאָס שאַרפע קול פונעם סקאַנדאַלן־מאַכער איז שטיל געבליבן. אין דער אָפענער טיר האָט משה מעט געזען ווי די מיטלוווקסיקע פיגור מיט דער קרוק־שוואַרצער פּאָלקע האָר האָט אַ שווינדל געטון פאַרבײַ צום אַנדערן עק זאַל.

משה מעט האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט פאַר זיך, ווי איינער זאָגט, זיי וועלן זיך איינס דאָס צווייטע נישט טון קיין שלעכטס. איין קראָ וועט דער צווייטער נישט אויסדזשאָבען קיין אויג. און מיט גיכע טריט אַראָפּ אין טויער אַרײַן, זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג.

## קאַפּיטל פּערצן

# די אומגעריכטע באַקאַנטשאַפט

דאָס שטילע אָפּגעלעגענע אַריסטאָקראַטישע געסל, וואָס איז אין פאַרנאַכט שוואַרץ געוועזן פון מענטשן־געטומל און צעכראַסטעטע געשרייען, האָט איצט געשטאַרט אין נאַכטלעכער קלעפּיקער פינצטערניש אָן איינגעשטילטס, אָ באַרויקטס, געגלאָצט שווייגנדיק מיט די שויבן־אָפּלען אין דער בלינדער נאַכט אַריין און געדולדיק געלאָזט אַרומלויפן איבער זיך די צעכוואַליעטע הפקרע ווינטן פונעם שפּעטן האַרבסט.

ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק האָט דאָס איינגעשרומפּענע געסל געקרומט מיט דער נאָז, נישט געקאָנט מוחל זיין די קולות און גוואַלדן פונעם בייזן אַנגעלויף פונעם פרומען יונגוואַרג. איצט אַז מע קוקט עס אָן איז עס די מילדקייט אַליין. ווי אַ גוטער זיידעשי, וואָס לאָזט זיך פון זיינע אייניקלעך, די שטיפערס, אַלץ מיט זיך מאַכן, רייסן ביי דער באָרד, צופּן די וואָנסעס, קריכן צו די ברילן, אַראָפּשלעפּן דאָס היטל פון קאָפּ, — אַזוי האָט איצט דאָס געסל געלאָזט איבער זיך פריי אַרומהוליען די שקאָצעוואַטע ווינטן. זיי האָבן געפּייפּט אין די אויערן אַריין, געקראַכן אויף די גלייכע ווענט, געריסן די לויזע רינוועס, געקלאַפּט מיט אַ שטיל נאַכהענגענדיק בלעך איבער אַ ברעג דאַך. זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טון אין דער דאַזיקער שפּעטער שעה פון נאָך האַלבער נאַכט.

אַרום איז נישט געוועזן צו זען קיין לעבעדיקער נפש, בלויז דער שיקלדיקער גאַזלאַמטערן אויפן געסל־אויסבייג, וואָס האָט געוואָרפן זיין שווינדזוכטיקן שיטערן שיין אויף רעכטס פון זיך אין איין געסל אַריין און אויף לינקס אין אַנדערן — ער איינער בלויז איז געוועזן דער לעבעדיקער שטומער עדות פון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט אַרום דער סודותפולער צווייטשטאַקיקער געביידע מיטן שטענדיק־געשלאָסענעם טויער.

די יונגעלײַטלעך מיט די אויפגעשטעלטע קעלנערלעך, וואָס זענען איינציק־ווײַז אַרויסגעקומען אין דרויסן אַרויס, האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס זיי געפינען זיך שוין אויף דער זײַט טויער. זיי האָבן זיך איצט זײַטיק געשאַרט בײַ די ווענט, זיך גענומען גיך דערווײַטערן פון דאָזיקן ווינקל, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן פול מיט לויערנדיקער סכנה. ווי אַ פאַרברעכער, וואָס אײַלט אַוועק פונעם אָרט פון פאַרברעכן, אַן אומבאַמערקטער און פינצטערער ווי אַ שאָטן, אַזוי האָט זיך יעדער איצט וואָס ווײַטער געוואָלט גײַפינען פון דאָזיקן געסל, ווי נישט צו וועלן מער האָבן דערמיט קיין שום מגע־ומשא. דער זעלבער כוח וואָס האָט זיי געלאָקט און געצויגן אַהער פולע מיט נייגער. האָט זיי איצט געטריבן פון דאַנען פולע מיט אַנטוישונג. נישט דאָ איז זייער אָרט און נישט דאָ געפינט זיך דער אמת וואָס זיי זוכן, דער באַשייד פון זייערע ספקות, פון זייער אומרו. דער משונה־דיקער פאַרשווין אין די קאָמישע קליידער האָט מיט איין וואָרט אַלץ קלאָר גע־מאַכט פאַר זיי, אויפגעדעקט פאַר זיי דעם גאַנצן שווינדל. אונטער דער אַראָפּ־געריסענער מאַסקע פון קדושה האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ שפּלע פּנימלאָזע קרעאַטור.

ווען משה מעט איז אַרויסגעקומען אויף דער גאַס האָט ער שוין אַרום זיך קיינעם פון די דאָזיקע בחורים נישט געטראָפן. אין געלן לאַמטערן־שײַן האָט זיך זײַן שאָטן אויף דער וואַנט אויסגעצויגן צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער איז. אַן אײַנגעטוליעטער אין שינעל מיט די הענט פאַרשטעקט אין די ברייטע אַרבל האָט ער געשטעלט שווערע געמאָסטענע טריט און די מיליטערישע געקאָוועטע שיך, וואָס האָבן אָפּגעהילכט הויל פון איין עק געסל ביזן אַנדערן און אויפגע־וועקט די מויערן פון זייער פאַרשטאַרטקייט.

ער איז נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען צום ראָג, ווי ס׳האָט אים פון הינטן אָנגעיאָגט מיט דראָבנע ווייכע גומענע טריטעלעך דאָס זשוואַווע מענטשל מיטן ייִנגלערישן פיגורל און אַלטן קאָפּ מיט דער פאָלקע האָר און בערדל פון אַ היי־ליקן. אין די הויכע גימנאַסטיק־לעטשלעך, וואָס האָבן נישט אַרויסגעלאָזן פון זיך קיין שאָרך אין גיין, איז ער אומגעריכט געגעבן אַ וואָקס אויס פאַר משה מעטן אַן אָפּשרעקנדיקער ווי אַ געשפּענסט.

בײַ אַ לײַכטן אויפצאַפּל האָט משה מעט דערזען בײַ זײַן זײַט דעם מיטל־ווּקסיקן מאַן מיטן יעזוס־פּנים אינעם קאָמישן זומערדיקן הילוך אינעם לײַכטן לויזן מענטעלע און קינדערשע לעטשלעך מיטן אויפגעלייגטן קאָלנער פון העמד מיט דער אָפענער האָריקער ברוסט, גלײַך ווי די שאַרפע קאַלטע ווינטן וואָלטן נישט געהאַט איבער אים קיין שליטה.

זיי זענען אָפּגעגאַנגען דאָס שטיקל גאַס שווײַגנדיקע איינער לעבן צווייטן, נישט אַרויסרעדנדיק צו זיך קיין וואָרט, פאַרנומען יעדערער מיט זײַנע אייגענע

מחשבות. משה מעטן האָט זיך עפּעס מאָדנע אויסגעוויזן ווי דער באַגלייטער זײַנער וואָלט געגאַנגען באָרוועס. ס׳איז פאַר אים פּלוצים אויפגעגאַנגען יענער האַרבסטיקער פאַרנאַכט אויף נאָוויניאַרסקע גאַס, ווען ער איז אַהיימגעלאָפן אַ באָרוועסער אָן די שטיוועלעך, און געטשלאָפּעט אין די הוילע זאָקן אין דער געדיכטער בלאָטע. ער האָט כסדר געלאָזט פאַלן דעם בליק זײַנעם צו יענעמס פיס, צו זען צי ער טראָגט טאַקע גאָרנישט אויף זיך. כאָטש ער האָט שוין גע־ווּסט, אַז יענעמס פיס זענען פאַרשטעקט אין אַ פּאָר ספּאָרטלעטשלעך, האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום ווידער געכאַפּט אַ בליק צו די שטומע טריט גלײַך ווי דער מענטש לעבן אים וואָלט נישט געווען געגאַנגען נאָר געשוועבט אַ טריטלאָזער.

פונקט ווי משה מעטס טריט זענען געווען שווערע, האַרטע, אָנדריקנדיקע מיטן גאַנצן גוף, אַזוי איז יענער געגאַנגען אונטערטענצלדיק, גרינג, ווי דער קערפּער זײַנער וואָלט געהאַט די וואָג פון אַ פעדערל, ווי ער וואָלט געווען פון בלויז גײַסט אָן אַ ברעקל גוף.

זיי האָבן זיך ביידע פאַרהאַלטן אויפן ראָג אַנטקעגן דעם גרויסן פּלאַץ מיט די שיפּע אָפּלויפנדיקע ברייטע גאַסן אין אַלע זײַטן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען איינצלנע, פאַרשפּעטיקטע פאַרבײַגייער וואָס האָבן געאײַלט אַהיים; פאַר־בײַגליטשנדיקע אויטאָס, וואָס האָבן אָט געגעבן אַ בלענד מיט די צוויי פאַרנ־טיקע לאָמפּן און אָט זיך אויסגעלאָשן פינצטער. אַ דראָשקע מיט אָן אויפגע־שטעלטער בויד איז געפאָרן אין דער ריכטונג צו דער פּראַגער בריק מיטן אונ־טערשפּרינגענדיקן פערדל אין לויזן דראָשקאָרסקן געשפּאַן. אַ הויל געקלינגערײַ האָט זיך אַ צעשאָט געטון איבער דער גאַס. אַ לעצטער האַלב־ליידיקער טראַמוויי האָט זיך מיט שנײַדיקן שאַרפן סקריפּ אַרײַנגעדרייט אין דער אַנדערער גאַס אַרײַן. צוויי פרויען אין קורצע קליידלעך מיט דרײַפּערטלדיקע זשאַקעטלעך האָבן זיך געוויגט אויף די פולע באַקעס אַנטקעגן אויף יענער זײַט טראָטואַר, און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון די צוויי מענער, וואָס זענען געבליבן שטיין אומ־דעצידירטע אויפן ראָג.

נישט אומזיסט האָבן די ווינטן אַזוי אַרומגעאַרבעט מעשים אין דאָזיקן אויפדערנאַכט אָנגעמאַכט אַרום זיך אַ טאַראַראַם מיט אַ געפּילדער. דאָס האָבן זיי עס אָפּגערייביקט דעם וועג פאַר אַ שיינעם אָנגעלייגטן גאַסט — דער ערשטער שניי, וואָס האָט זיך אַרויסגעקליבן אין וועג אַרײַן און געפינט זיך שוין נישט ווײַט אויף יענער זייט מויערן, ווו ס׳שפּרייטן זיך די אָפּענע בײַנאַכטיקע פעל־דער. ער וויגט זיך דאָרט אָן אָנגעפּעלצטער מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד אין אַ פויערישן שליטן געשפּאַנט מיט צוויי ווײַסע פערדלעך מיט גלעקלעך צעיאָגט איבער די שטומע דאָרפישע וועגן אַלץ נענטער און נענטער אַהערצו, צו דער הויפּטשטאָט.

ער ווייסט, דער גרײַזגראָער גאַסט אַז מע קוקט אים שוין אויס מיט גרויס אומגעדולד, האָט ער דערווײַל אַרויסגעשיקט אויף פאָרויס אַ דראָבנע דין שנייעלע, ווי די פעדערלעך פון אַ הינדעלע וואָס איז נישט לאַנג אַרויס פון דער אייערשאָל. זאָל עס מיט זיך ברענגען די גוטע בשורה אַז באַלד נאָך אים קומט דער אמתער ריכטיקער שניי, וואָס וועט אויסשפּרייטן זײַן ליכטיק מלכות איבער דער שטאָט, איבער די גאַסן און דעכער, איבער אַלץ און אַלעמען; באַהערשן די וועלט מיט פּײַערלעכער שניישטילקייט, אָנקליידן די ערד אין בלענדיק ווײַסע קליידער און וואַלאָנען באַזעצטע מיט דימענטן און בריליאַנטן וואָס וועלן פאַרמיניען דאָס אויג מיט זייערע רעגנבויגנדיקע גלאַנצן און בלישטשן.

נאָר ביז וואָס ווען — ווער ס'איז אומגעדולדיק און האָט נישט קיין צײַט צו וואַרטן — קאָן ער זיך שוין דערווײַל פרייען מיט אים, מיטן ערשטן נאַסן שנייעלע.

מע האָט זיך רעכט נישט באַוויזן אַרומצוקוקן איז שוין דער גאַנצער פּלאַץ פאַרפולט געוואָרן מיט די דינע זילבערנע פליטערלעך, וואָס האָבן זיך ווי צעפלאַטערטע פליגעלעך געראַיעט אַרום די הויכע מילכלאָמפּן און צוזאַמען מיטן לילע־ראָזן שײַן געפאַלן געדיכט אַראָפּ אין זילבערנע צעפליטערטע שטראָמען.

משה מעט האָט נאָך מער אײַנגעצויגן דעם קאָפּ אינעם אויפגעשטעלטן קאָלנער אַרײַן און שטוינענדיק געזען ווי דער מיטגייער זײַנער בײַ זײַן זײַט האָט זיך מיטן גאַנצן גוף ווי אויסגעגלײַכט געשטרעקט אין דער טריבער נאַסקייט, זיך אין גאַנצן נישט געמאַכט דערפון, וואָס דאָס נאַסע שנייעלע שפּיזלט און שטעכט אין פּנים אַרײַן און פאַלט אַלץ גיכער און געדיכטער פאַר זייערע טריט אויפן צעגלאַנצטן טראָטואַר.

אינעם מאָמענט, ווען משה מעט האָט אַ קוק געטון צום אַנדערן טראָטואַר אַנטקעגן, ווו די צוויי מיידלעך האָבן זיך געדרייט אויפן ראָג, האָט דער באָרדיקער פאַרשוין אַ ווענד געטון אין זײַן זײַט דאָס בראָנדזענע הייליקע פּנים זײַנס און אַ שנײַדיקן בליק־געטון אויף אים מיט אַ פּאָר שאַרפע מאַגנעטישע קוקערס, וואָס האָבן אים דורכגענומען, משה מעטן, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט זיך אָפּגערופן דער ערשטער:

— אין וועלכער זײַט גייט איר, יונגערמאַן, וועל איך אײַך צובאַגלייטן.

משה מעט האָט זיך נישט אויפגעהערט אָפּוווּנדערן פון יענעמס אויסטערלישן צוזאַמענשטעל, וואָס ציט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט אויף זיך. און געטראַכט, אַז דאָס הייליקע פּנים איז אין אַזאַ שרײַענדיקער סתירה צו די טיפע קנייטשן אַרום די אויגנשניטן, וואָס דערמאָנען אַן אַלטן רויבפויגל:

— אין וועלכער זײַט, פרעגט איר? — האָט זיך משה מעט געכאַפּט אַז

די פראַגע איז געװען געװענדט צו אים — ס׳איז מיר נישט קיין חילוק, איך קאָן גיין אין יעדער זײַט.

— דאָס האָב איך פאַרשטאַנען פון דער ערשטער מינוט, װען איך האָב אַ קוק געגעבן אויף אײַך, נאָך אויבן אין דער הייך. אויב אַזוי איז גוט. קומט זשע מיט מיר אין מײַן זײַט. איך גיי קיין פראַגע. װעלן מיר כאַפּן אַ שטיקל שמועס אויפן װעג.

משה מעט האָט אים נאָך אַמאָל אָפּגעמאָסטן מיטן בליק. װען ס׳איז בײַטאָג װאָלט ער מיט אים קיין טראָט נישט געשטעלט צוזאַמען. מע װאָלט זיי נאָכגע־קוקט װי צװיי משוגעים. אַפילו איצט װאָלט ער אויך זיך גערן אָװעקגעדרייט פון אים. װי װעט ער זיך איצט שלעפּן קיין פראַגע איבער דער אָפענער בריק, נאָר אַז ער האָט שוין מסכים געװען, װעט ער גיין מיט אים. װאָס האָט ער זיך פאַר װעמען צו קרעמפּירן. סוף־כּל־סוף זעט ער אויס צו זײַן אַ טשעקאָװער טיפּ. ס׳איז אים געלעגן אויף דער צונג, משה מעטן, צו פרעגן אים װער איז ער פאַר איינער? פון װאַנען האָט ער זיך דערנומען אַהער? ער זעט אים דאָס ערשטע מאָל דאָ אין װאַרשע. ער האָט אים נאָך קיין מאָל דאָ נישט אָנבאַגעגנט ערגעץ. ער װאָלט אויך שוין געװאָלט װיסן, משה מעט, װי האָט ער עס נישט קיין מורא געהאַט זיי אַזוי אַרײַנצוזאָגן. אפשר איז עס בלויז געװען אַן אָנשטעל, אַ קאָ־מעדיע, אַ שפּיל אַזאַ. מעגלעך אַז דער דאָזיקער דאָ איז טאַקע עפּעס אַ גרויסער צעלייגער, אַ גאַנצער מאַכער אין דער מיסיאָנערישער װעלט. ער האָט די אַלע פראַגעס אַראָפּגעשלונגען, משה מעט, אים גאָרנישט געפרעגט און אַן אַ װאָרט זיך געלאָזט גיין מיט אים מיט דער גאַס אַראָפּ אין דער ריכטונג פון דער פּראַ־גער בריק, װאָס ליגט דאָרט אונטן אַ טונקעלע מיטן מעכטיקן סקעלעט פון אַ ריזיקער פאַרצײַטיקער חיה.

## קאַפּיטל פופצן

# נאַכטשפּאַציר אויף קראָקעווער פּאַרשטאָט

דאָס נאָסע שנייעלע האָט שטיפעריש אַרומגעיאָגט אין דער קילער נאַכט, זיך געדרייט אַ צעפּלאָטערטס, אַ צעווירבלטס, זיך געקלעפּט צו די ליכט־פּאַנאַרן, צו די פאַראַפעטן פון די פענצטער. זיך געראַנגלט, מיט אַלע כוחות, זיך געוואָלט דערהאַלטן אין דער לופטן. זיך פאַרלענגערן דאָס פיצינקע לעבן, דאָס שנייענע לעבנדל, און געפאַלן מיד און ווייך אויפן שטיינערנעם ברוק און צע־גאַנגען געוואָרן אויפן אָרט. זיך אָפּגעלייגט אויף די טראָטואַרן ביי די ווענט און אויף די קליידער פון די צוויי נאַכטפייגל, די משונהדיקע טיפּן, וואָס האָבן — איינער מיט הילכיקע און דער צווייטער מיט שטומע טריט — דורכגעשניטן אין דער קרום דעם גרויסן העלבאַלויכטענעם פוסטן פּלאַץ. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיטן טראָטואַר אויף יענער זייט אַרויפצו צו דער ברייטצעלייגטער קראָקעווער פאַרשטאָט מיט די שטאַרצנדיקע דענקמעלער־סטאַטוען אין די איינגעשלאָפענע סקווערלעך הינטער די אייזנגעפלאָכטענע שטאַכעטלעך, וואָס ס'האָט דערמאָנט אַן קליינע פאַרלאָזענע פּריצישע צווינטערס.

די צוויי גאַסנמיידלעך האָבן זיך געמאַכט אַוועקגיין פון ראָג. זיי האָבן געשטעלט קורצע איינגעהאַלטענע טריטלעך און ווי אומגערן זיך אויסגעגלייכט מיט די צוויי מענער, זיך אַנגערירט אַרבל אָן אַרבל — איינע פון דעמס זייט און די אַנדערע פון יענעמס זייט:

— קומטס, פּאַנאָוויע, מיר וועלן זיך אַ ביסל דערוואַרעמען. איר האָט חשק, וועלן מיר אויסטרינקען אויך. איר זענט דאָך אויסגעפרוירן. אַ פּאַסקודנע ווע־טער. קיין לעבעדיקן הונט זעט מען נישט. אַ פוילע וועלט. ליגן אין בעטן און גנ:יען, פוילן אויף די גזשענדעס. און פאַרגעסן אַז ס'איז דאָ ליבע אויף דער וועלט... ליבע און שיינע פרויען.

משה מעט האָט זיך פונעם צוריר צו אים פאַרלוירן אַן אומבאַהאָלפענער. אַ שוויס איז אים אַרויסגעטרעטן אויפן שטערן. ער האָט געוואָרפן אַ זייטיקן

בליק אויף ביידע מיידלעך, פון אונטערן שטערן אַפּער. איינע איז געווען אַ געלע. פון אונטערן בערעטל האָט מען אַפּערגעזען אַ פּאַסמע קאַשטאַנהאָר. זי האָט געהאַט אַ בלייך פּנים מיט גרינע אויגן און שיינע נאָר אײַנגעקנייטשטע ליפּלעך געמאָלעוועט אויף העל ווײַנרויט. די וואָס האָט זיך צוגערוקט צו אים אין זײַן זײַט האָט געהאַט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר געשוירן אַלאַ־גאַרסאָן מיט פולע פּליי־שיקע ליפּן ווי אַ רינג, געשמירט מיט אַ בלוטרויטן פעטן שטיפט, און קײַלעכיקע אויגן, ווי בײַ אַ סאָווע, וואָס האָבן אַפּגעלויכטן מיט פולצוזאָגנדיקן גלאַנץ.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט זיי דורכגענומען מיט זײַנע צוויי ברענענ־דיקע קוקערס און זיך באַמיט צו רעדן מיט אַ גלײַכגילטיקער שטים:

— אַ שאָד אײַער מי, קינדער. איר האָט נישט געטראָפן דעם ריכטיקן אַד־רעס. פאַר אַזעלכע זאַכן צאָל איך נישט קיין געלט און מע טאָר דערפאַר קיין געלט נישט נעמען. ליבע איז אַ הייליקע זאַך, נישטאָ קיין שענערס און הייליִ־קערס, ווי הייליק ס׳איז גאָטס מוטער. אויך די פרײַע ליבע דאַרף זײַן הייליק און אומפאַראינטערעסירט. נישט כדי צו ציִען דערפון פּראָפיטן. איך האָב נאָך קיין מאָל דערפאַר נישט געצאָלט קיין געלט.

— און פון וואַנען וועלן מיר נעמען אויף זײַדענע אונטערוועש? די מענער ווילן נישט אַנדערש, נאָר זײַדענע העמדער טראָג זיי און דורכזיכטיקע זעקעלעך אויף די פּיסלעך, דאָס ציט זיי צו. אויפן פּנים קוקן זיי אַפילו נישט.

— פאַרקערט — האָט זיך אַרײַנגעמישט די שוואַרצע מיט די פולע ליידנ־שאַפטלעכע ליפּן ווי בײַ אַ נעגער — זיי לויפן גיכער צו די מיאוסע מאָזעפּעס, צו לאָמע און געשטופלטע.

— זיי גייען דאָך נישט חתונה האָבן מיט אונדז — האָט די געלע גענומען ענגלשטערנען אונטערן אָרעם — זיי ווילן זיך בלויז איבערשלאָפן אַ נאַכט, וואָס דאַרפן זיי זוכן שיינקייטן, זיי דאַרפן זיך מיט איר פאַרשטעלן אין געזעלשאַפט? אַ וועלט אָן ליבע הײַנט. דער זעלבער האַנדל אומעטום. און וואָס איז אַ שידוך נישט קיין מיסחר. וואָס זאָלן מיר טון? מיר זענען שקאָלע־מיידלעך, נישט גע־ענדיקטע, פון אָרנטלעכע היימען. קאָלעזשאַנקעס פון קינדווײַז אויף, געחלומט אַמאָל צו ווערן געליבט. פוסטע זאַכן. אין שטוב איז קאַלט, נישטאָ מיט וואָס פײַער צו מאַכן, עפּעס אָפּצוקאָכן. דער אַלטער טאַטע זדעכליעט, אַן אַסטמאַטיקער און נישטאָ פאַר אים דאָס גלאָז מילך. פון וואַנען זאָל איך נעמען אויף לעבן? גיין אַרבעטן אין פאַבריק ווילט זיך נישט. שוין געזען וואָס פון טאַטן איז גע־וואָרן... מע שפּײַט אויס די לונגען און שפּעטער וואַרפט מען אַרויס אויף דער גאַס, גייט עס צום טײַוול.

די בלאָנדע האָט אים אַפּגעלאָזט, דעם דאָקטאָר ענגלשטערן, אַפּערגעצויגן די האַנט פון אונטער זײַן אָרעם און אויסגעשפּיגן ווײַט פאַר זיך.

— און מײַן מאַמע ליגט שוין אַ האַלב יאָר פּאַראַליזירט — האָט נאָך אַ ווײַל זיך אָפּגערופן די צווייטע מיטן יינגלשן קאָפּ האָר וואָס איז געגאַנגען לעבן משה מעטן. זי פּוילט לעבעדיקערהייט, ליגט מיט צוויי געליימטע פיס ווי די קלעצער. איך מוז אַלץ טון אין שטוב. כ׳קאָן נישט גיין אַרבעטן. כ׳האָב זי נישט בײַ וועמען איבערצולאָזן. איך וואָלט יאָ געגאַנגען אין אַ פאַבריק אַרײַן. אָבער איך קאָן נישט לאָזן די מאַמע אַליין אויף אַ גאַנצן טאָג. און פון וואַנען זאָל איך נעמען פאַר איר? פון וואַנען זאָל איך צאָלן דירה־געלט? איך כאַפּ זיך אַרײַן צו אַ שכנטע, אַ ייִדישקע. כ׳העלף איר באָדן דאָס קינד. זי איז אַ יונגע מאַמע און קאָן זיך נישט אומגיין מיטן פיצעלע. איך לייג עס איבער, אַזאַ קאָכאַנע־דיקס, מיט גרויסע שליפּיעס. איך נעם עס אויף די הענט, קאָרמע עס אָן, וואַש די ווינדעלעך. צאָלט זי מיר דערפאַר, די יונגע מאַדאַם, וואָכנגעלט. אָבער ס׳איז ווייניק. אַפילו נישט אויף צו באַצאָלן קאַמאָרנע. טאָ פון וואַנען זאָל איך האָבן אויסצוקומען? אפשר גיין גנבענען?

— קיינער ווייסט נישט, אַז מיר לעבן דערפון... — האָט זיך די בלאָנדע פאַרריכט דעם לאָק — גאָט באַהיט! אין אַ שיין וועטער גייען מיר נישט אַרויס אין גאַס ווי איצט, מע זאָל אונדז נישט דערקענען. דעמאָלט שטייען מיר פאַר אַ קינאָ. מע מאַכט זיך קוקן אויף די בילדער. אַז ס׳קומט צו אַ יינגל, כאַפּט מען אים אונטער מיט אַן אייגל. הײַנט בלויז, אין אַזאַ וועטער, ווען מע זעט ווייניק מענטשן אין גאַס, געציילטע, האָבן מיר זיך געלאָזט אויף אַ בײַנאַכטיקן שפּאַ־ציר, פּרוּוון מזל. זעט איר דאָך ס׳אַראַ מזל מיר האָבן. האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף גאָלענע. כאַטש צאָל זיי צו.

— כאַדזש יוזש, קום שוין — האָט די שוואַרצע זי געגעבן אַ נעם אונטערן אָרעם — וואָס קלאַפּסטו אַזוי פיל, זיך צערעדט הײַנט אַ ביסל. פאַר פײַער און פאַר וואַסער. זעסט דאָך אַז דו האָסט צו טון מיט ניעבאָשטשיקעס, מיט צוויי מתים.

די מיידלעך האָבן זיך אָן אַ גוטע־נאַכט אָפּגעקערט פון זיי. זיי זענען אַוועק לאַכנדיק, הויל, שיטערלעך, ווי אָפּגעריסענע ספּאַזמעס. דאָס ביטערע געלעכטער האָט לאַנג אָפּגעקלונגען משה מעטן אין די אויערן מיט ווייטיקדיקן חוזק איבער זײַן גאַנץ לײַב און לעבן.

דאָקטאָר ענגלשטערן איז איצט געגאַנגען מיט פאַרביסענע ליפּן און גע־קנייטשטן שטערן. ער האָט אונטערגעאײַלט דעם טראָט, ווי צו זײַן ווײַטער פונעם פאַרשײַטן מיידלשן געלעכטער, פון די מיידלעך און אפשר אויך פון זיך אַליין.

זיי זענען פאַרבײַגעגאַנגען דאָס אָפענע הוווער־גערטל. די נידעריקע שטיי־נערנע בענק האָבן געפּוסטעוועט אונטער די צעקרומטע ביימער מיט די אויסגע־

שפרייטע דאַרע צווײַגן ווי קנאָכיקע הענט פון געשפּענסטיקע געשטאַלטן. פאַרגליווערטע אין די אויסגעקרומטע פּאָזעס האָבן זיי אַזוי געלאָזט פאַלן אויף זיך די פּריילעכע שניי־פּליטערלעך, וואָס האָבן זאַרגלאָז אַרומגעטאַנצט אינעם פּוסטן שטומען סקווערל דאָ אויף דער קראָקעווער פּאָרשטאָט נישט ווײַט פונעם „זאַמעק“, דעם קעניגלעכן שלאָס אַנטקעגן דער פּראַגער בריק.

אין דער פײַערלעכער נאַכטשטילקייט מיטן שטומפּאַלנדיקן שניי איז פאַר משה מעטן געגעבן אַ גיי אויף דאָס זעלבע סקווערל פון די הייסע זומערנעכט. אַן אַנדער גערטל איז עס דעמאָלט געווען אינעם לעצטן זומער פאַרן גיין אויפן פראָנט. אין דער ראָמאַנטישער טונקלקייט האָט דאָ געראָיעט ווי אין אַ בינשטאָק. די געדיכט־באַבלעטערטע צווײַגן האָבן נישט דורכגעלאָזט דאָס בלענדיקע עלעקטרישע ליכט פון די דרויסנדיקע גאַזלאָמפּן. פון דער ווײַטנס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן אַז ס'איז אינעווייניק קיינער נישטאָ. אָבער אַז מ'איז אַרײַנגעקומען אין סקווערל האָט מען געקאָנט זען אַ פאַרשידנאַרטיקן קאָנטראַסטיקן עולם. אויף די בענק האָט מען געטראָפן זיצן לעבן אַנאַנדער סטודענטן און פּראָסטיטוטקעס, שלעפּערס און עלעגאַנטע הערן מיט סיגנעטן אויף די פינגער. דינסטמיידלעך און רײַכע מאַדאַמען. גאַסן־לאָבוסעס און אַריסטאָקראַטישע פּאַניענקעס מיט ביכלעך אונטערן אָרעם.

אינעם סאַמע געקאָך פון דער ראַשיק־באַלעבטער פּרומקאַטוילישער גאַס — אַ פאַרפולטע מיט שפּאַצירנדיקע אויף ביידע טראָטואַרן, מיט צעקלונגענע טראַמווייען, מיט אויטאָס און דראָשקעס, מיט גערייד און גערויש — איז מען זיך דאָ, אינעם סקווערל, געזעסן אין די אָוונטן ראָמאַנטיש־פאַרליבטע, פאַרטוליעטע, צוגעדריקטע, אַרומגענומענע, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ אויף העלדזער, אויף שויסן. די באַקאַנטשאַפטן זענען דאָ פאָרגעקומען שנעל און לײַכט. אַ בליק, אַ שמייכל, אַ וואָרט, און שוין נעמט מען פלירטעווען, מע ווערט באַלד אינטים צווישן זיך, ווי מע וואָלט זיך שוין געקענט פון לאַנג. אַ האַנט געפינט אַ האַנט, ליפּן ציִען צו ליפּן, צו די אויגן, צו די נאָזווינקעלעך און שוין שעפּטשעט מען זיך עפּעס זיס אין אויער אַרײַן, מע קושט זיך פראַנק און פרײַ. מיידלעך קיצלדיקע באַצן אַרויס מיט הילכיקע געלעכטערס. מענערשע הענט קריכן אונטער די מיידלשע זומערדיקע בלוזקעלעך, אונטער די קורצע קליידלעך. נישטאָ זיך דאָ פאַר וועמען צו קרעמפּירן. דאָ זענען נישט גילטיק די מאָראַל־פאָרשריפטן פון די שטאָטישע גערטנער און פּאַרקן. קיינער האַלט נישט דאָ קיין אויג אויף די בענק מיט די פּאָרלעך. קיין פּאָליציאַנט איז נישט צו זען אויף די אויגן. לאָזט מען זיך ווילגיין אויף וואָס די וועלט שטייט.

איצט ליגט דאָס סקווערל אַן אויסגעקראָכנס, אַן אײַנגעשרומפּנס, אַ פאַרלאָזנס און טריבס. די שנייעלעך שיטן זיך דערויף כסדר, ענדלאָז און מאַכן עס

נאָך נעבעכדיקער, אָרעמער און אומעטיקער. אָט ווי ער אַליין, משה מעט, זעט איצט אויס. זיי האָבן ביידע איין פּנים, אַ וויסטס, אַ קלאָגעדיקס.

ווי אין אַ נעפּל האָבן זיך איצט די צוויי מענער אַריַינגעשניטן אינעם שניי־שיטעניש. שוויַיגנדיקע, יעדער מיט זיַין וועלט, האָבן זיי געטרעטן איבער דער ווייכקייט פונעם אָנגעפּאַלענעם שניי, וואָס איז געוואָרן אַלץ צודרינגלעכער, גע־קראָכן אין פּנים, אויף די אויגן און מויל, זיך פאַרשטעקט אין בערדל, אונטערן קאָלנער אַרונטער און זיך געלייגט צו די טריט, רעזיגנירטע, מאַכטלאָזע.

ווי אַן איידעלער האָפט איז דער שניי געוועזן איַינגעוועבט אין דער לופטן און זיך פאַרצויגן פאַר די אויגן ווי אַ געדיכטע שאַטקע. ס׳האָט געהאַלטן אין איין שיטן, נאָכאַנאַנד, אָן אויפהער. די ליכטיקע פליטערלעך זענען געפאַלן איבער די שלאָפנדיקע וואַרשעווער ראַנדגאַסן וואָס אַמאָל מער, וואָס אַמאָל שנעלער און געדיכטער. איבער נאָכט דאַרף די שטאָט ווערן אויסגעוועבט מיט דער קילער ווייכער וויַיסקייט. די שנייעלעך דאַרפן מיט זיך שאַפן דאָס ערשטע ווינטערדיקע היַיטל, די שאָלעכץ וואָס דאַרף איַינהילן די גאַנצע ערד איבערן לאַנגן ווינטער.

פונקט ווי דער שניי איז געפאַלן אַ האַסטיקער, אַ שוויַיגנדיקער און גע־שווינדער, אַזוי האָבן ביידע מענער געשפּאַנט מיט דער גאַס אַראָפּ צו דער קער־בעדזש־בריק גיכע און פאַרשטומטע, פאַרהילטע אינעם געדיכטן שניישלייַער און אין אַ קנויל מחשבות וואָס טיילט נאָך מער אָפּ איינעם פונעם צווייטן, ווי ווילדפרעמדע, און די בלאַסע אַנונגען דערפון וואָס וועט זיי דאַרפן מאָרגן פאַר־בינדן, פאַרקניפּן איינעם מיטן אַנדערן זענען די לויזע פעדעם, וואָס האַלטן זיי איצט צוזאַמען — זיך אַרומשלעפנדיקע אין דער דאָזיקער באַנגלעך־טריבער נאַכט — פאַרזונקענע אין ענדלאָזן שנייפאַל און ברעגלאָזן עלנט.

ק א פ י ט ל  ז ע כ צ ן

# ווידוי־רייד פון אַן עלנטן מענטש

נישט ווײַט פונעם ווײַסלבערג האָבן די שאַרפע ווינטן אַ פּאַטש געטון ווי אַ טשאַטע פייגל מיט די צעפּאַכעטע פליגל בײַם אויפהייבן זיך צום פלי איבער דער הימלישער רחבות. זיי האָבן זיך צעהוליעטע אַ יאָג געטון איבער מאַרינשטאַט מיטן פוסטן מאַרקל אונטן מיט די שטאַרנדיקע נאַקעטע טישגע־שטעלן. מיט איין צי האָבן זיך די ווינטן אַ הייב געטון, ווי צירק־אַקראַבאַטן, איבער דער פּאַדערבריק, זיך געגעבן אַ טראָג און אַ פאַל האַרט פאַר די פיס פון די צוויי שפּעטע נאַכטגייערס און זיי שיִער נישט אומגעוואָרפן אויפן שיפן גליטשיקן טראָטואַר.

משה מעט האָט קוים געקאָנט מיטהאַלטן מיט דאָקטאָר ענגלשטערנס טריט. ער איז כסדר געבליבן הינטערשטעליק, זיך אויסגעגלײַכט און באַלד ווידער גע־מוזט אונטערלויפן אַ פּאָר טריט ווי אַ חדר־יִינגל נאָכן בעלפער וואָס פירט אים אין חדר אַרײַן.

משה מעטן דאַכט זיך נאָר אַז דאָס פּלאָנטערט אים אַזוי דער שניי זײַנע שווערע אומגעלומפּערטע טריט. ער פילט ווי די קניִען וואָלטן זיך אים געבראָכן. ווער וואָלט עס איצט געגלייבט אויף אים אַז ער איז געווען אַמאָל דער בעסטער לויפער פון דער גאַנצער גאַס יִינגלעך! אַפילו אויפן שלאַכטפעלד, ווען ס׳איז אויסגעקומען אַריבערצולויפן פון איין פּאָזיציע צו דער אַנדערער, איז ער אויך שטענדיק געווען פון די ערשטע. אין דעצידירנדיקע מאָמענטן, בײַ אַ „ביעגאָם מאַרש!״ איז ער ווי אַ פײַל פון בויגן דורכגעלאָפן דאָס שטיקל פעלד אונטערן געסווישטש פון פאַרבײַפליִענדיקע קוילן, דערגרייכט דעם שונאס שוצגראָבנס און פון די ערשטע אַרײַנגעשפּרונגען אין די אָקאָפּעס, פאַרכאַפּט אַ לעבעדיקן

דעם כאַכלאַק אינעם שמאַטעוואַטן אַנטועכץ, אַ זעלנער אין הוילע טראַנטעס, אַן מיליטערישער מונדוראַוואַניע; אין אַ צעפליקטן וואַטענעם שפּענצער, פאַרוויקל־טע פיס אין שטיקער זעק, אַרומגעבינדן מיט שטריק.

נישט אַנדערש נאָר דאָס מענטשל, וואָס גייט לעבן אים, מוז וועגן אַ לויט. אַזאַ לײַכט געגנגעלע דאָס האָט! אַט גלײַכט זיך יענער אויס מיט אים אין גייט און אַט איז ער שוין ווידער אַ שטיק אויף פאָרויס. ער האָט ערשט באַמערקט, משה מעט, אַז דאָס ענערגישע פאַרשוינדל טראָגט בײַם זײַט אַ פולגעפּאַקטן פּאַרטפּעל אין זײַן לינקער האַנט. די פולע טעקע זײַנע האַלט ער מיט אַזאַ לײַכט־קייט, ווי זי וואָלט געווען אָנגעשטאָפּט מיט וואַטע.

נאָכן אָפּגיין אַ שפּאָר שטיקל וועגס אין שווײַגן האָט דאָס מענטשל מיטן יינגלשן פיגורל און גרויסן קאָפּ פון אַ דערוואַקסענעם זיך פּלוצים פאַרהאַלטן אַ רגע אַן אָפּגערוקטער פון ווײַטנס אויף עטלעכע שפּאַן און גלײַך צוריקגעטראָטן נאָענט צו משה מעטן ווי צו פאַרשטעלן מיט זיך אַליין דעם וועג:

— באַדאַרפט בעטן דעם אַדרעס פונעם מיידל.

— פון וועלכן מיידל?

— די וואָס די מאַמע אירע איז קראַנק.

— די פאַראַליזירטע?

— יאָ, אַ גרויסער שאָד, ווי וואָלט מען זיי אַ שטייגער געקאָנט טרעפן, בין איך צעקאָווע צו וויסן?

— נאָך וואָס דאַרפט איר זייערע אַדרעסן? ווייניק מיידלעך דרייען זיך אַרום אין גאַס?

— זי האָט דאָך אַ קראַנקע מאַמע, אַ געליימטע, און איך וואָלט זיך אונ־טערגענומען אויסצוהיילן זי. דעמאָלט ווען די דאָקטוירים רעזיגנירן, הייבט זיך אָן מײַן מיסיע. ווען אַלץ אַרום זאָגט אַז ס'איז שוין פאַרלוירן יעדע האָפענונג, אַז ס'איז שוין פאַרפאַלן, גאָרנישט צו מאַכן — ווײַז איך וואָס איך קען.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַהינטער גלײַך ווי ער וואָלט נאָך געהאָפט זיי צו טרעפן גיין דאָ מיטן זעלבן טראָטואַר הינטער זייערע ביידנס פּלייצעס. אין אַ ווײַל אַרום איז ער געגעבן אַ שפּרונג איבער מיטן געדאַנק איבער זײַנע דאָקטאָרישע מופתים, און זיך צוגערירט האַרט צו משה מעטן:

— וואָס זאָגט איר נישט צו די דאָזיקע באַנדע גאָרנישטן — האָט ער זיך אָנגערופן צו אים מיט זײַן טיפליטווישן אַקצענט — ריכטיק אַ כאַפּטע ליידיק־גייערס. איר האָט דאָך געזען ווי איך האָב די אַלטע עובר־בטלס דערלאַנגט אַ גאָב. זיי האָבן עס ריכטיק גענומען גאָט אין אַרענדע. געזען אַ מעשה. פּשוטע סווינדלערס, אַפּנאַרערס, ריכטיק אַן אַפּיאַרע. איר קומט שוין לאַנג אַרויף צו זיי?

— איך? איך, ניין, צופעליק. אויס נייגער. ס׳ערשטע מאָל געווען אין דער הייך.

— ס׳ערשטע מאָל, זאָגט איר. זייער אינטערעסאַנט. עס פּײַניקט אײַך, הייסט עס, די רעליגיאָזנע פּראָבלעמע. ס׳טאָטשעט דער וואָרעם. ספקות. איר ווילט דערגיין דעם תוך. דעם אמת. איר האָט אַ נייגונג צו פילאָזאָפיע, צו די גײַסטיקע עלעמענטן פון יענעם זײַט לעבן. איר האָט שוין אַוודאי געלייענט שאָפּענהויערן, קאַנטן, ניטשען; זיך פאַרטיפט, ווי דער שטייגער, אין רמב״ם, אויפגעזעסן נעכט בײַ שפּינאָזען. נו, יאָ, אַ פאַרשטענדלעכע זאַך. אין אײַערע יאָרן הייבט מען אָן עפּענען טירן. וואָס מער מע עפנט זיי אַלץ מער ווײַזן זיי זיך אינעם לאַבירינט פון מענטשלעכן דענקען. צו מייניסטנס פאַרכאַפּט אײַך דער טעאָזאָפישער געדאַנק. דאָס איז ריכטיק. אַז ס׳נעמען מאַטערן די סעקסועלע פראַגעס כאַפּט מען זיך צו צו אויגוסט פאָרעל, צו סטרינדבערגן און מע לויפט זוכן באַשייד אין די בורדעלן. און אַז ס׳פאַרפּאָלגן די רעליגיעזע צווייפלען פאַרטיפט מען זיך צום סוף אין ברית־חדשה און מע נעמט לויפן אויף סעווערינאָוו [3] הערן פּרעדיקן די שאַרלאַטאַנען. וואָס האָבן זיי צו טון מיט גאָט, די זאַטע אָנגעפרעסענע מענטשעלעך? די געטלעכע הייליקייטן זענען בײַ זיי אַ שמעלצעכץ צו דער גריץ. ווי קומען זיי צו ישוס לײַדנסוועג, צו זײַן געטלעכע נבואה? ישו איז פאַר זיי ריכטיק נישט מער ווי אַ שילד, אַ רעקלאַמע, אַ מיטל צו פירן אַ באַקוועמען לעבן. זיי דרייען זיך דאָרט אַרום ווי פוילע קעץ, האָבן מער נישט אין זינען נאָר דעם פרעס, קיצלען די שיקסע אונטער דער פאַכווע, ווען קיינער זעט נישט. היטן זיך איינער פאַרן צווייטן ווי די גנבים. אַ מיאוסע באַנדע. נישטיקע מענטשעלעך. קליינע און שוואַכע ברואים וואָס קאָנען זיך נישט האַלטן אויף די אייגענע פיס; פאַרמאָגן אַליין גאָרנישט, זענען אויסגעהוילט ווי אַ ליידיקע פאַס.

— אָט אַזעלכע נעבעכלעך מוזן שטענדיק האָבן בײַ עפּעס וואָס זיך צו וואַרעמען; אָט די דאַרפן שטענדיק ס׳זאָל זיי ווער אונטערהאַלטן, אַראָפּהאַלטן... און אַז זיי האָבן נישט דעם שטאַרקן, דעם אונטערשפּאַרער זייערן, האַלטן זיי זיך איינס דאָס צווייטע אונטער. אַזעלכע טעלערלעקער און אונטערלעקער קריגן זיך דורך דורך אַלע ענגע לעכער, אַפילו דורך אַ שליסללאָך. אומעטום איז מיט זיי פול, נישט בלויז אין דער הייך, אין דער מיסיאָן. איר וועט זיי טרעפן וווּ איר וועט נאָר וואַרפן אַן אויג. פון די העכסטע ספערן ביז צום אָפּפאַל. מיקראָבן אַזעלכע זענען עס, וואָס טראָגן פונאַנדער אַלערליי קרענק אינעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, פּאַראַזיטעווען אויפן חשבון פון אײַך, אויף מײַן חשבון. סקאָמלען ווי אַ הינטל, קוקן מיט הכנעהדיקע אויגן, דרייען מיטן עק, שפּרינגען ווי די פליי פון אומגעדולד; כאַפּן מיט גיריקייט דאָס וואָס מע וואַרפט זיי צו, גלײַך ווי ס׳וואָלט געווען מי־יודע וואָס פאַר אַן אוצר, און ס׳האָט ריכטיק די

ווערט ניט מער ווי אַ שמעק טאַבאַק. אַלץ איז ביי זיי אַ קרן, אַבי ס׳זאָל צום צווייטן נישט אָנקומען. זאָל זיך אַ צווייטער פּרווון דערנענטערן צו זיי דעמאָלט — גיבן זיי אַ שטשירע אויס זייערע ציינדלעך אויף איינצובייסן זיך אין יענעמס האַלדז און אים ניט אָפּלאָזן פריער ביז יענער וועט ניט אָפּגיין אין בלוט. וואָס גייט זיי אָן אידעאָלאָגיע, געטלעכקייט, פּרינציפּן, מאָראַל. זיי זענען אויסגע־הוילט פון יעדן טראָפּן גייסט, פון יעדן גלויבן. אויסגעסאָכניעט, טרוקן ווי אַ ביין. הוילע ציניקער וואָס גלייבן אין גאָרנישט. און די אויבן אין דער הייך, דער סאַלאָ, דער סאַרנע, דער יאַז — נידעריקע ברואים. שמוציקע הינט. ס׳קומען דאָך דאָרט פאָר אָרגיעס אין די נעכט. וואָס ווייסט איר. קרענקלעכע עראָטיקער דרייען זיך דאָרט אַרום. סאַדיסטן. זיי האָבן די חוצפה מיר אין די אויגן עס אַנצורופן גאָטס הויז. טעמפּל רופן זיי עס. אַ זינדיק הויז איז עס. פול מיט אינטריגעס און רכילות. איינער שפּיאָנירט דעם צווייטן. מע פאַרמסרט זיך קעגנ־זייטיק. איך וועל זיי אַלע דעמאַסקירן: איך וועל אויפדעקן דעם גאַנצן שווינדל, אַראָפּרייסן פון זיי די מאַסקע צוזאַמען מיטן אָרעאָל. ביז לאָנדאָן וועל איך אָנ־שפּאַרן. איך קלייב איצט מאַטעריאַל. אַ באַרג האָב איך שוין אָנגעקליבן. די באַשולדיקונג וועט זיין אַ רעוועלאַציע נישט בלויז אין זייערע קרייזן, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט... זיי שמדן דאָך גויים. אָט דאָס וואָס איר הערט! איר זענט שוין געווען ביי זיי אין ראַדאָשטש? ניין? איר ווייסט נישט וואָס אַזוינס דאָרט איז? איר וועט פאָרן מיט מיר. איך האָב געזוכט אַזעלכן אַזעלכן ווי איר זייט. איך האָב אַן אויג. איר זייט די ריכטיקע פּערזאָן. אַזעלכע ווי איר לאָזן זיך נישט איבער־קויפן. איך וועל אַרויסקריגן פאַר אייך אַ דערלויבעניש. מיר וועלן דאָרט אָפּזיין עטלעכע טעג. וועט איר זען וואָס דאָרט קומט פאָר. רוסישע און אוקראַינישע יונגעלייט, דעניקינשטשיקעס און פּעטלוראָווצעס, פּראַוואָסלאַוונע צי גאָט־לאָזע, — דער טייוול ווייסט זיי, — אַנטלאָפענע פון די באָלשעוויקעס, געווע־זענע רויטאַרמייער, ווייסגוואַרדייער און שפּיאָנען. זיי גייט מען מאַכן פאַר קריסטן, פאַר גלייביקע, פאַר מיסיאָנערן און גייסטלעכע, פאַר גייסטיקע פירער. פאַר זיי האָט מען עס געעפנט טיר און טויער. מע גיט זיי צו פרעסן און צו זויפן. מע פאַשעט זיי ווי די ביקעס. גייען אַרום מיט געזונטע פּיסקעס. און וואַקסן אַנאַגיסטן, פּעדעראַסטן, דעגענעראַטן, האָמאָסעקסואַליסטן. מיר וועלן אַראָפּפאָרן וועט איר זיך אַליין איבערצייגן. ריכטיק מענטשלעכע געפאַלנקייט. קעגן יעדער מאָראַל. קעגן די עלעמענטאַרע פּרינציפּן פון עטיק, פון געוויסן. אַזאַ זאַך איז נישט געהערט געוואָרן. און דאָס אַלץ ווערט געטון אונטערן מאַנטל פון קדושה, מיט ישוס רייד אין זייערע זינדיקע מיילער. נישט דער צופאַל האָט מיר אייך צוגעשיקט, נאָר די באַשערטקייט אַליין. צוזאַמען וועלן מיר אָנהייבן דעם קאַמף. יעדער איינער, אַפילו אַ קעניג, אַ נביא, אַ געזאַלבטער — קוים איז ער אַליין

און האָט נישט עמעצן אַ נאָענטן לעבן זיך, אַ חבר — איז ער אַן עלנטער מענטש. קוים האָט נישט ווער פאַר ווערמען זיך אַראָפּצורײידן ס׳האַרץ אין שווערע מינוטן, קאָן ער אָפּטון דאָס גרעסטע נאַרישקייט, קאָן ער אונטערגיין. אַז איר וועט זיך געפינען בײַ מײַן זײַט וועט אונדז קיין שום שטורעם נישט קאָנען בײַקומען. מיר וועלן בכוח זײַן אויסצוהאַלטן יעדן אָנגריף. ווי אַ שפּענדל וועלן מיר צוריק־וואַרפן יעדן פּרווו אונדז עוקר צו זײַן. איר קענט זיי נאָך נישט. איר ווייסט נישט ווער זיי זענען, אויף וואָס די חברה איז פעיִק. מיר לאָכן אויס זייער באָבען. איך זע אָן אײַך אַז איר זײַט נישט פון די שרעקעוודיקע. איך לייען אײַערע געדאַנקען ווי פון אַ בוך אַרויס. פון מיר קאָן מען גאָרנישט אויסבאַהאַלטן. און איר וועט זיך נישט דאַרפן היטן פאַר מיר. איר דאַרפט נאָר נישט צופיל פרעגן. איר טאָרט בכלל גאָרנישט פרעגן, מעג עס אײַך זײַן ווי אומפאַרשטענדלעך די האַנדלונג פון משה ענגלשטערן, דאַרפט איר עס אָננעמען פאַר גוט געלט. דאָס איז דער איינציקער באַדינג וואָס איך שטעל אײַך: קוקן, פאָלגן און נישט פרעגן. אויב איר זײַט מסכים דערמיט, וועלן מיר פאָרן קיין ראַדאָשטש. איז אָפּגערעדט?

אין דער שנײַדיקער זאַווערוכע פון נאָך האַלבער נאַכט האָבן זיך אין מיטן גאַס צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן דערלאַנגט די הענט. דער גורל האָט זיי צונויפ־געבראַכט ערגעץ אונטער אַ פרעמדן דאַך, דאָרט בײַ די מיסיאָנערן און זיי פאַר־היימישט ווי אייגענע, ווי ברידער.

זיי האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַ ברידערלעכן בונד, נישט וויסנדיק צומאָל ווער דער צווייטער איז; וואָס דער אַנדערער שטעלט מיט זיך פאָר; גײַסטיק און מענטאַל ווײַט איינער פונעם אַנדערן ווי מיזרח פון מערב. בלויז דער מענטש־לעכער עלנט אַליין איז עס געווען בכוח זיי צונויפצופירן און פאַרקניפּן, און נאָכן אָפּטון דאָס זײַניקע האָט ער זיך אָפּגעטון פון זיי ווי אַ שאָטן, זיך געשטעלט אין אַ זײַט און זיי שוין געלאָזט גיין אַליין אינעם שנייווירבל — קעגן אָפּענעם שטורעם.

ק אַ פּ י ט ל   ז י ב ע צ ן

# „אין וואָס איז מײַן גלויבן?“

ס׳איז נישט געווען צו פֿאַרשטיין, ווי גיך די צוויי מענטשן, וואָס זענען זיך דאָ ערשט געווען ווילד־פֿרעמד, האָבן געפֿינען צווישן זיך אַ שפּראַך, וואָס זאָל זיי פֿאַרהיימישן אויף אַזוי פֿיל, אַז ס׳זאָל זיך יעדן פֿון זיי אויסווײַזן, אַז זיי קענען זיך שוין מי־יודע ווי לאַנג, און דער איצטיקער צונויפֿטרעף זייער־רער אין דאָזיקן שנייִיקן אויפֿדערנאַכט איז בלויז אַ ווידער־באַגעגעניש פֿון צוויי אַלטע באַקאַנטע נאָך אַ לענגערער צעשיידונג.

אומבאַמערקט, ווי פֿון זיך אַליין, האָט די מחיצה־וואַנט, וואָס טיילט אָפּ מענטש פֿון מענטש — און איז אויך צווישן זיי אויסגעוואַקסן אינעם לאַנגן שווײַגעניש בײַם שטעלן די ערשטע טריט זייערע זײַט בײַ זײַט — גענומען אײַנ־שרומפּן, געוואָרן דינער און דינער און אײַנגעפֿאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל.

צום ערשט, ווען ער האָט יענעם דערזען לעבן זיך אויפֿן ראָג געסל, האָט זיך משה מעטן געדאַכט אַז נישט קיין וואַנט טיילט אים אָפּ פֿון דעם פֿאַרשוין, נאָר אַ באַרג אַ גאַנצער. ווי קומט ער צו יענעם? וואָס אַזוינס האָט יענער אין אים דערזען וואָס ער קלעפּט אַזוי צו אים? ווער איז ער עס, משה מעט, און וואָס שטעלט ער מיט זיך פֿאָר? עפּעס אַן אָפּגעריסענער, פֿאַרוואָקסענער יונג, אַ לאַ־זשיק, אַ זעלנערוק, וואָס מע לאָזט אים איבער קיין שוועל נישט אַריבער. און דער צאַצקעט זיך מיט אים ווי מיט זײַנס גלײַכן. ער זעט דאָך אויס ווי אַ פּראָ־פֿעסאָר, אַ פֿאַרצײַטישער פֿילאָזאָף מיטן קריסטוס־בערדל און מיט דער פֿאָלקע האָר. דער משונהדיקער צוזאַמענשטעל זײַנער מאַכט אים בלויז אַ ביסל קאָמיש. אַ ביסל? מער ווי אַ ביסל. אַן אײַנפֿאַל פֿון אַ מענטש אַרומצוגיין אין אַזאַ אויסטערלישן סטראָי. צי זעט ער נישט אַליין אַז ס׳מאַכט אים לעכערלעך? אַז אינעם האַרבסטמאַנטל מיט די לײַכטע זומער־לעטשלעך און אָפֿן־צעכראַסטעטער ברוסט זעט ער אויס מער ענלעך אויף אַ צירק־קלאָון ווי אויף אַ פּראָפֿעט. ס׳פֿעלט אים בלויז אַ מיצל מיט גלעקלעך, מע זאָל אים אַרויפֿלאָזן אויף אַ

צירק־אַרענע — דאָס איינציקע אָרט, ווו ער קאָן זײַן געזיכערט מיט דערפאָלג אין דאָזיקן הולך, אָבער נישט אין גאַס, צווישן מענטשן.

די שטוינונג, וואָס זײַן באַווײַזן זיך רופט אַרויס, דאָס געבן אַ שטעל אויס אַ פּאָר אויגן, ווערט באַלד באַגלייט מיט אַן איראָניש שמייכעלע, וואָס גיט זיך אַ קרום אויס אינעם מוילווינקל פול מיט חוזק און ביטול. דער גראָער מענטש אין גאַס האָט פײַנד די אויסגעטיילטקייט פון אַ יחיד. ער ווערט זיך מיט אַלע מיטלען קעגן דער נישט־דורכשניטלעכקייט, וואָס פּרוווט שטײַגן העכער פון זײַן אַקסל. ער באַדויערט דעם געפאַלענעם און אומבאַהאָלפענעם און פאַראורטיילט אים גלײַכצײַטיק מיט „אַ שיינע ריינע כפּרה אויף אים". ער קאָן זײַן אַנטציקט, פול מיט באַוווּנדערונג און אין דער זעלבער צײַט גרייט, בײַ אַן ערשטער געלעגנהייט, צונישט צו מאַכן די העכערקייט, אַלץ וואָס שטײַגט איבער זײַן מענטאַלקייט, זײַן באַגרענעצטע אויפנעמיקע ראַם, זײַנע דורכשניטלעכע השגות. זעלטן אָבער וועט ער זיך פּרוּוון געבן די מי אַרײַנצודרינגען אין דער פּסיכיק פון אַט דער פאַרהוילענער וועלט פון אַזאַ אַנדערשטיקן אינדיווידוּום.

די גאַנצע אויסערלעכקייט און האַלטונג פונעם דאָקטאָר ענגלשטערן — האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, משה מעט — מאַכן דעם אײַנדרוק פון אַן אומגעזעענער צוים פון שטעכלדראָט, אויפגעשטעלט אַרום זיך ווי אַ שוצוואַל קעגן דער אַלטעגלעכקייט, דעם באַנאַלן אַרום; אַן עיגול אַזאַ, אַז די צעטרענצלענדיקע פאַרגאַנגלעכקייט פון דער טײַערער לעבנסצײַט, וואָס ווערט אויף אַ הפקרדיקן אופן צעפּטרט דורכן קליינעם מענטשעלע, זאָל נישט האָבן איבער אים קיין שליטה; זאָל אים נישט קאָנען דערגרייכן, אים אַראָפּציִען צו זיך און צעדרויבלען.

ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, משה מעטן, אַז גלײַך בײַם שליסן די קאָנטשאַפט מיטן דאָזיקן אומגעוויינטלעכן טיפּ איז אָט דער גדר אַוועקגעקומען. ווי אַן איבעריקע, נישט נייטיקע דעקאָראַציע. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז אין יעדן איינעם פון זיי איז אַקומולירט אַ ריזיקע ענערגיע, וואָס הויערט אין זייער ביידנס אָפּגעזונדערטקייט, ווי פון געפּענטעטע סטעפּפערד, ווי דער אומגעהעמטער כוח פון ווילדע בופלאָקסן מיט פאַרוואָרפענע שטריק אויף די הערנער. כאָטש יענער, דער דאָקטאָר ענגלשטערן, זעט אויס עלטער פון אים אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר, צי מער, אייניקט זיי אָבער עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז נישט בלויז נישט קיין דיסאָנאַנס, קיין שטערונג. נאָר פאַרקערט — אַ שלימותדיקע דערגאַנצונג פון דערפאַרנקייט פּלוס יונגקייט. ערשט צוזאַמען קאָנען זיי אויפוועקן די נישט־אויסגענוצטע כוחות זייערע, אַרויסרופן זיי צום לעבן, צו גרויסע מעשים, וואָס זאָלן מאַכן שטוינען אַ וועלט, אָט ווי דאָס לאָזן אין גאַנג פון גיגאַנטן־מאַשינען, וואָס דרעמלען מיט זייערע שטאָלענע קרעפטן אין דער אָנגעשפּאַנטער דערוואַרטונג באַפרײַט צו ווערן פון זייער גולמדיקייט, פון זייער פּוסטן שטאַרן

מיט די מאַסיווע גלידער אינעם חלל, און זיך אַ לאָז טון אין גאַלאָפּ, אַז די ערד די גאַנצע זאָל אויפציטערן אונטער זייערע טריט.

ער קאָן זיך עס גאָרנישט פאָרשטעלן, משה מעט, ווי נאָך ער וואָלט אין זײַן אַליינקייט איבערגעקומען די דאָזיקע נאַכט אין דער צעטראָגעניש פון די ווירבלווינטן און אָן אויפהער־פּאַלנדיקן נאַסן שניי, וואָס קאָן אַ דאַכלאָזן, איינעם וואָס נעכטיקט אונטערן בריק, אַרײַנוואַרפן אין ווײַסער היץ. די נאַכט־שעהען וואָלטן זיך געצויגן פאַר אים ענדלאָזע, ווי אַן אייביקייט. נישט אַרויסצוקריכן פון זיי ווי פון אַ טיפן זומפּ אַרויס.

איצט, אין דער נאָענטקייט פון נאָך אַ מענטש — זאָל זײַן אפשר אַ מער־געשלאָגענעם מיט עלנט ווי ער אַליין איז, משה מעט, — איצט האָט דאָס אַלץ אַ זין, אַפילו אַ פײַערלעכע דערהויבנקייט אַזאַ גייט אויף צו אים פון די פּוסטע נאַכטיקע גאַסן, פון דער גאַנצער שלאָפנדיקער שטאָט מיט די צוויי נאַכטפייגל אין מיט.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ העל באַלויכטן אויסשטעל־פענצטער מיט מענער־מאַנטלען אַרויפגעצויגן אויף שטײַפע מאַנעקינען. דער נאַסער שניי האָט נישט אויפגעהערט צו פרישטשען, זיך געשיט אויפן קאָפּ, אויף די אַקסלען, אויפן פּנים, אויף די וויִעס.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט דעם שניי ווי נישט געפילט אויף זיך, ווי ער וואָלט גישט פאַר אים עקזיסטירט אַצינד. ער האָט זיך באַוועגט אַזוי פרײַ גלײַך ווי ער וואָלט זיך געווען געפינען אין אַ שטוב, אונטער אַ דאַך. ער האָט אָנגעשפאַרט דעם פוס אינעם לײַכטן לעטשעלע אויף דער הויכער שוועל פונעם געשעפט, געכאַפּט דעם פאָרטפעל אויף דער דאַרער קני, געזוכט לאַנג, גענישטערט צווישן די פּאַפּירן און אַרויסגעצויגן אַ מאָגער העפטל מיט גראָע טעוועלעך, וואָס איז גלײַך, ווי נאָר ס'איז אַרויס פון דער טעקע, באַפאַלן געוואָרן פון די נאַסע שניי־פליטערלעך, ווי פון אַ מחנה היישעריקן. פון אויבן איז געווען אָפּגעדרוקט אַ בילד ענלעך צו דעם וואָס איז דאָ געשטאַנען פאַר משה מעטן, אויך מיט אַזאַ שאַרפן באַצווינגענדיקן בליק, נאָר אַ געדיכטערע פאַלקע האָר און דאָס לאָפּעטע־בערדל לענגער און ברייטער. איבערן בילדל איז געווען אַן אויפשריפט אין רוסיש: „דאָקטאָר מאָיסעי ענגלשטערן וו'טשאָם מאָיאַ וויעראַ?“

— נאַט אײַך, לייענט, איר קענט דאָך אַוודאי רוסיש, וועט איר זען וואָס מיר ווילן. דאָס וועט פאַר אײַך זײַן אַ שליסל צום גאַנצן טעאָזאָפישן פּראָבלעם. עס וועט אײַך עפענען די אויגן. איר וועט אין גאַנצן אַנדערש אָנהייבן זען די דערשײַנונג פון דעם פענאָמען וואָס געפינט זיך אויסער צײַט און רוים. אַלע פאַרלוירענע ווילן זיך אין אים אָנהאַלטן, זיך אָנכאַפּן ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי, און מיט געשטרעקטע פאַרצווייפלטע הענט גייען זיי ריכטיק צום גרונט.

איך בין נישט קיין פאַרלייקענער פון לעבן. פאַרקערט, מיט מײַן גאַנצן וועזן בין איך אַן ענטוזיאַסטישער מאמין, אַ מאמין אין דער שליחות פונעם מענטש אויף דער ערד, ווי איר באַלעבאָס און רעגירער. איך ווייס אַז ס'איז נישטאָ קיין שום צופעליקייטן און קאַפּריזן אין דער נאַטור. אַלץ איז געפירט און געאָרדנט ריכ־טיק דורך אַ האַנט פון אַ געניאַלן מײַסטער. איר קענט אים רופן מענטשהייט, גאָטהייט, נישט קיין חילוק. די מענטשהייט איז באַשאַנקען מיט געטלעכקייט. זי קאָן פונקט אַזוי בריהש באַשאַפן ווי צעשטערן וועלטן. און די געטלעכקייט ליגט אין יעדן איינעם פון אונדז, אין אַלע אונדזערע מחשבות און מעשים. איך גלייב פאַנאַטיש אין דער גוטסקייט פון מענטש. נאָר דורך איר קאָן ער האָבן אַ קיום, קאָן די וועלט עקזיסטירן. און פאַרן ערשטן געבאָט האַלט איך די הילפּ־גרייטקייט פון איינעם צום צווייטן. דער גורל פונעם מענטש, ווי דער גורל פון זײַנע מיטברידער, ליגט אין זײַנע אייגענע הענט. איך טראָג מײַן הילף צו די מענטשן אומזיסט. איך הייל זיי אָן אַ פּרוטה און דער עיקר מיט נאַטירלעכע רפואות. איך רעכן זיך נישט מיט די אַלע רעצעפּטן וואָס די דאָקטוירים פאַר־שרײַבן. דאָס זענען אַלע פונקט אַזעלכע שאַרלאַטאַנען ווי די מיסיאָנערן דאָרט. אויך די דאָקטוירים וועל איך דעמאַסקירן. איך שרײַב איצט אַ ווערק וועגן זיי. איך ווײַז־אויף אַז זיי זענען אַלע פּיאַוועס, בלוטזויגערס. זעצן זיך אָן אויפן קראַנקן ווי אַ געשוויר. ציִען אים אַרויס דעם קליי פון די ביינער. זיי זענען נישט אויסן דעם חולה ווי זייער אייגענע קעשענע. זיי האָבן זיך איינגענעסטיקט אין די שפּיטאָלן און עקספּערימענטירן אויפן קראַנקן, פירן דורך איבער אים אַלערליי טעסטן, נישט אויף צום היילן אים, נאָר אויף צו דערגיין זייערע אײַנ־פאַלן, נישט איינעם דערהרגענען זיי צו קאָנען מאַכן איבער אים די סעקציע און זעען די ווירקונג פון זייערע מעדיקאַמענטן. אויף זייערע רפואות איז זיך נישטאָ וואָס צו שטיצן, מע טאָר זיי נישט באַנוצן. די זעלבע רפואה וואָס היילט איין אָרגאַן גרייפט באַלד אָן אַ צווייטן. אַלע זייערע רעצעפּטן זענען פאַרן מענטשן סם־המוות. דאָס איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער שווינדל, אין וועלטמאַס־שטאַב. אַ ספּעציעל קאַפּיטל ווידמע איך דער שעדלעכער ווירקונג פון די קינסט־לעכע היילמיטלען אויפן מענטשלעכן אָרגאַניזם. איך וועל אַראָפּרײַסן פון זיי די מאַסקע פון זייער כלומרשטער צידקות. איך וועל זיי אַוועקשטעלן אין זייער ריכטיקן ליכט.

משה מעט האָט נישט באַמערקט ווען זיי זענען אַריבער די בריק. ער האָט זיך ערשט איצט געכאַפּט, אַז די פּראַגער בריק איז שוין ווײַט הינטער אים. ער איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן ווי אין אַ היפּנאָז, וואָס האָט אים אַוועקגעפירט אויף עפּעס געהיימענישפולע, פאַרבאָרגענע שטעגלעך פון מענטשלעכן לעבן, פול מיט לויערנדיקע סכנות, ממש תהומען פוןביידע זײַטן שמאָלן שטעגל. געגוג איין

אומבאַרעכנטן שריט, אַן אומפּאַרזיכטיקן שפּאַן און די תהומען גיבן אַ צעעפן זייערע פינצטערע אָפּגרונטיקע מײַלער. דער מענטש נעמט פאַלן אָן אָפּהאַלט, ענדלאָז אין די פאַרפאַלענישן פון יענער זײַט לעבן.

ער האָט דערפילט, משה מעט, אַז ס'גייט לעבן אים אַ מענטש מיט אַ טײַוואָלאָנישן כוח, וואָס קאָן וועלטן איבערקערן. אַ וווּנדער וואָס ער האָט זיי נאָך ביז איצט נישט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. זיי זענען איצט געגאַנגען איבער די קרומגעדרייטע פינצטערלעכע פאָרשטאָט־געס־לעך אויף דער פּראַגער זײַט. ער האָט נאָך אַלץ פאַרנומען די קאָפּשווינדלדיקע קאָנוווּלסיווע רייד פונעם עקזאַלטירטן געהיימענישפולן דאָקטאָר, וואָס היילט האָפענונגלאָז־קראַנקע מענטשן מיט עפּעס אַזעלכע קרײַטעכער און גראָזן, מיט אַנגעגליטע שטיינער און געוויקסן; איז מחיה־מתים מיט אַ בלויזן ווונק. איין באַצווינגענדיקער דורכנעמענדיקער קוק פון זײַנע ברענענדיקע היפּנאָטישע אויגן איז בכוח אַרײַנצוגעבן לעבן אין אָפּגעשטאָרבענע מענטשלעכע אברים. ער מאַכט פון טויט לעבעדיק מיט די הוילע הענט, וואָס האָבן אין זיך פונקט אַזאַ קראַפט ווי די אויגן פונעם דאָזיקן אויסטערלישן מענטש.

זיי זענען אַרויסגעקומען אויף אַ פּוסט, טויב געסל מיט האַלב־אײַנגעזונ־קענע שטיבלעך. זיי האָבן געטרעטן אויף אַ ווייך־ערדיקן טראָטואַר, וואָס האָט פאַרשלונגען משה מעטס האַרטע באַטשוועקעטע טריט. פון ווײַטן האָט זיך גע־הערט אַ לאַנג־אויסגעצויגענער פײַף פון אַ באַן, וואָס איז ערגעץ ווו פאַרפאַלן געוואָרן אין דער שפּעטער נאַכט. זיי זענען געבליבן שטיין פאַר אַ נידעריקן פאַרקאָן מיט אַ שטיבל אין דער טיף פון הויף. די פענצטער זענען געווען פאַר־לייגט מיט לאָדנס. דער פּאַפּע־דאַך איז געווען אַראָפּגערוקט שיף ווי בײַ אַ פויערישער כאַטע.

— אָט דאָ האַלט איך זיך אויף. אָרעמע מענטשן. וואָס שטייט איר, איר וועט דאָ בלײַבן נעכטיקן צוזאַמען מיט מיר. ס'זענען נאָך דאָ גוטע מענטשן אויף דער וועלט, קומט.

קאַפּיטל אַכצן

# אין אַ באַפּטיסטישער שטוב

די נידעריקע האַלב־אײַנגעזונקענע כאַטע, אַרומגענומען מיט אַ צעהודערט פּאַרקאַנדל, ווי אַ צעריסענע ציהאַרמאָניע, איז געשטאַנען טיף אַרײַנגערוקט אינעם געסל — אַ צעלאָמטע, אַ בײַכיק־צעקרומטע מיט אַ הינטערשטער וואַנט געווענדט צו אומעטיק אויסגעשפּרייטע בײַנאַכטיקע פעלדער, וואָס האָבן זיך איצט געזילבערט אין גלאַנציקן פריר פונעם ווײַס־אָנגעפּאַלענעם שניי, באַוואָרפן דאָ און דאָרט מיט רויטע און בלאָע פּײַערלעך פון אַ באַנליניע און שטאַרנדיקע איינאָויגיקע סעמאַפאָרן.

אינעם פינצטערן הויף מיט די הילצערנע קעמערלעך בײַ די זײַטן איז נישט געווען קענטיק קיין סימן פון עפּעס אַ לעבן. דאָס אַראָפּגעזעצטע כאַטקעלע אַרויפצו האָט זיך געשוואַרצט אַ פאַרהעמערטס ווי אַ פאַרגעסענע מצבה אויף אַ ליידיק פעלד.

די צוויי פּאָר טריט פון די שפּעטע בײַנאַכטיקע געסט האָבן אויסגעטרעטן אין פרישן שניי אַ שמאָל שטעגל וואָס האָט געפירט פון דער גאַספּורטקע גלײַך אַרויף צו דער פרעמדער טונקעלער טיר אין דער טיף פון הויף.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז געבליבן שטיין האַרט פאַר דער הויכער שוועל און אָפּגעוואַרט אַ ווײַל מיטן אָננעמען דאָס פאַרזשאַווערטע טירהענטל און אָנגעשפּיצטער מיטן גאַנצן געהער, ווי ס׳וואָלט אים געגאַנגען אין לעבן אויפצוכאַפּן עפּעס אַ שאָרך פון יענער זײַט טיר, עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן דעצידירן וועגן גורל פון אַ מענטש.

דאָס גאַנצע אויפפירן זיך פונעם דאָזיקן טיפּ, וואָס באַטיטלט זיך אַליין דאָקטאָר און מאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ שלעפּער, אַ מדינה־גייער, איז משה מעטן

פאַרגעקומען מאָדנע אויפפאַלנדיק ביז אויסטערלישן חשד, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אַרײַנגנבענען, זיך פאַרפעדעמען אין זײַנע טראַכטענישן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זעט ער פאַר זיך אַזאַ מענטשלעכן עקזעמפּלאַר און פון אַזוי נאָענט. פון הוילן נייגער האָט ער זיך אײַנגעהערט אין יענעמס רייד און נישט געפילט ווי ער ווערט ביסלעכווײַז אַרונטערגענומען אונטער יענעמס השפעה. אַלץ אין אים האָט זיך געבונטעוועט קעגן די צוגעשפּיצטע טעאָריעס און פאַלשע אויספירן. יעדע זאַך קאָן מען אַזוי דערפירן ביז אומזין, ווען מע גיט איר צו אַ שווערדיקע צווייישאַרפיקייט. ס׳איז לויט אים אַ דראַפּען זיך אויף די גלײַכע ווענט. כאָטש די אומלאָגישקייט זעט אויס צו זײַן אַזוי אויבנאויף, נאָר אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט, איבט עס פונדעסטוועגן אויס אַן איינפלוס און הייבט אָן ווירקן ערשט שפּעטער, ווי אַן איינשפּריצונג, וואָס צעגייט זיך אינעם בלוט אַזוי כלא־יודעדיק, און נאָך דעם ערשט נעמט זי ווײַזן וואָס זי קאָן. איבעריקנס ליגט עס אים אין דער לינקער פּיאַטע, דער גאַנצער עסק מיט די דאָקטוירים. נישט ער דאַרף זיך גיין צו זיי היילן און נישט ער איז אַזוי לײַכטגלייביק אויף מופתים. אַ דאָק־טאָר איז טאַקע אַ דאָקטאָר און אַ רעצעפּט איז אַ רעצעפּט, און מענטשן ווערן דורך זיי אויסגעהיילט. דער בעסטער סימן, מע פירט זיי אַרײַן אין שפּיטאָל, ווי אַ פּלאַץ, אײַנגעלייגט, און אַרויסגיין גייען זיי אַרויס פון דאָרט געזונטע, אויסגעהיילטע — נײַגעבוירענע. ווען ס׳איז חלילה באַשערט עפּעס אַנדערש, איז דאָס דאָזיקע פאַרהיט־מיטל קעגן טויט נאָך נישט באַשאַפן געוואָרן. אויב אַפילו ס׳וועט שוין יאָ אַנטדעקט ווערן, וועט עס אויך זײַן אומבאַהאָלפן קעגן אַ ציגל וואָס פאַלט עמעצן אין קאָפּ אַרײַן בײַ אַ צופעליקן פאַרבײַגיין אַ גאַס. נישטאָ קיין שום באַוואָרעניש קעגן טויט.

אויפן גאַנצן וועג האָט ער אים געוואָלט זאָגן, דעם דאָקטאָר ענגלשטערן, אַז ער וויל קיינעם נישט זײַן צו לאַסט. ער וועט שוין ווי ס׳איז אַזוי איבערקומען די נאַכט. ס׳איז מסתמא נישט פון די גאָר באַקוועמע זאַכן אַרײַנצופאַלן צו יענעם מיט אַן אומגעבעטענעם גאַסט, נאָך דערצו אין אַזאַ מעמד ווי ער, משה מעט, געפינט זיך. ער וויל אים דעריבער נישט פאַרשאַפן מיט זיך קיין אומזיסטע קלאָפּאָטן.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט אָבער נישט געלאָזט צו זיך רעדן. באַלד בײַם ערשטן וואָרט, ווי נאָר משה מעט האָט געעפנט ס׳מויל, האָט ער אים, משה מעטן, גלײַך אָפּגעווישט די נאָז:

— לאָזט אָפּ מיט די קאָנווענציאָנעלע שטיק, נאַרישקייטן — האָט דער דאָקטאָר געגעבן אַ שטעל אויס די רעכטע האַנט ווי אַ כהן צום דוכענען און עקשנותדיק אָנגעבויגן דעם קאָפּ אָן אַ זײַט אויף נישט איבערצושפּאַרן — רעדט

נישט וועגן דעם וואָרן כ'וויל אַפילו נישט הערן דערפון. ס'פּאַסט פאַר אַ יידענע און נישט פאַר קיין מאַנצפּאַרשוין.

אָבער וווהין פירט ער אים דאָ פאַרט? — איז משה מעטן שווער געוועזן אײַנצובײַסן דעם דאָזיקן האַרטן נוס. נישט אַנדערש נאָר דער מענטש גייט אים דאָ פאַרנאַרן אין אַ זאַק אַרײַן, משה מעטן. און ער, דער נאַר, גייט אים אַזוי נאָך ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַרײַן. אויף עלנטע מענטשן לויערן שטענדיק מער סכנות און שלעק, ווי אויף אַזעלכע וואָס האָבן אַן אייגן ווינקל, אַ היים, און קומען ווינציקער, צי כמעט אין גאַנצן נישט, אין באַרירונג מיט די כלערליי פאַרדעכטיקע פאַרשוינען וואָס ווידמענען זיך אין די נאַרעס און לעכער און מיטן אַנקום פון דער נאַכט קריכן זיי אַרויס ווי די מײַז און שטשורעס פון די ענגע פעריפעריע־געסלעך און פאַרשפּרייטן זיך איבער דער שטאָט ווי אַ פּעסט. ווער ווייס אים וואָס אונטערן מות־שיידל פון אַזאַ איינעם טוט זיך. אפשר וויל ער גאָר, דער דאָזיקער פויגל דורכפירן איבער אים מעדיציניש, צי זנאַכאַרישע עקספּערימענטן, אים אײַנשלעפּן און טוען מיט אים וואָס ס'וועט זיך אים נאָר פאַרגלוסטן. מע קאָן דאָ עמעצן מאַכן מיט אַ קאָפּ נידעריקער אויך, אין אַזאַ פינצטערער כאַטע, ס'זאָל זיך קיינער דערפון קיין מאָל נישט דערוויסן. און אַז מע וועט שוין יאָ וויסן, וועט עס אים, דעם געקוילעטן, עפּעס העלפן? וועט אים דען ווערן אויף אַ האָר לײַכטער אחר־המעשה?

— איר וועט מיר מוחל זײַן, — האָט משה מעט אַ שעפּטשע געטון צום דאָקטאָר און געטון אַ שטעל אַ טראָט אויף הינטערווײַלעכץ. — איך גיי. מ'עט זיך שוין זען אַ צווייט מאָל. איר דאַרפט זיך נישט קרעמפּירן. איר האָט ווו אַרײַנצוגיין — גייט אַרײַן. שטערט אײַך נישט. איך וועל שוין ווי ס'איז...

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו משה מעטן מיט אַ פּאָר שאַרפע אויגן־פײַערן, ווי די לאַמטערנס, אַז משה מעט האָט גלײַך חרטה געקריגן פאַר די יינגלשע רייד זײַנע. נישט רירנדיק זיך פון אָרט האָט דער דאָקטאָר לײַכט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר מיט אַן אויסגעבויגענעם פינגער, איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו משה מעטן:

— מענטש איינער וואָס איר זענט — האָט ער קוים צו הערן אַ סיטשע געטון צווישן די ציין — ווו וועט איר זיך אַהינטון אין אַזאַ נאַכט? שאַ, מע גייט שוין...

ס'האָט זיך דערהערט אַ גראַבלען בײַם שלאָס און אַן איבערדרייען דעם שליסל אין דער טיר, וואָס האָט זיך געעפנט מיט אַ שרײַענדיקן סקריפּ. די אַרויסגעזעצטע שטוב־וואַרעמקייט האָט אַ צי געגעבן צו זיך ווי מיט צוואַנגען.

בײַם אַריבערטרעטן די שוועל פונעם שוואַכבאַלויכטענעם קעכל מיטן נידע־ריקן פולאָפּ האָט פאַר משה מעטן פלוצים אַ שוועב געטון אַ בלאַנקעדיק ווײַס

נאַכטהעמד מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ גאָלדענע האָר. דאָס יונגע העלע מיידל, וואָס האָט זיי געעפנט די טיר, איז שנעל צוריקגעלאָפן מיט באָרוועסע ראָזע טריט אַרויפצו צום אַנדערן ווינקל אויף רעכטס. זי איז געבליבן שטיין אַ ווײַל אין יענער טיר זען ווער ס׳איז נאָך מיטגעקומען מיטן פאַן דאָקטאָר.

גיי ווייס — איז משה מעטן אַדורך אַ געדאַנק — אַז אין אַזאַ פינצטערן העק, וואָס איז מער גרוב ווי שטוב, זאָל זיך פאַרוואַלגערן אַזאַ ליכטיק שטיק זון.

די שלאַנקע מיידל־פיגור אינעם לאַנגן נאַכטהעמד מיטן העלן פּנים אָרומ־גערעמט מיט פונאַנדערגעלאָזטע גאָלדענע קרויזן האָט אַ באַלײַכט געגעבן דאָס גאַנצע לענגלעכע קעכל דאָ מיטן בלענדיקן ליכטשײַן פון אַ בליק, וואָס לעשט זיך גלײַך מיטן אויפּלויכט, נאָך איידער מע באַווײַזט אים רעכט אויפצונעמען אין דער זע־ראָם פון אויג.

ווי נאָר דאָס מיידל איז פאַרשווינדן אין אַנדערן צימער איז דאָ צוריק אַרײַנגעטרעטן די בלינדלעכע שײַן פונעם פאַרקאָפּטשעטן נאַפטלעמפּל, וואָס האָט זיך געטוקט אויפן נאַכט־שענקעלע לעבן בעט מיטן עלטער פאַרפאַלק.

ביידע, דער מאַן מיטן ווײַב, זענען געווען אויפגעזעצט אין נידעריקן בעט מיט די אַראָפּגעלאָזטע פיס צו דער ערד. איבערן שמאָלן אײַנגעשרומפּענעם גופל פון דער אַלטיטשקער האָט זיך שאָטנדיק געהויבן אַ ברייטע פּלייצע מיט אַ פעסטן צעאַקערטן קאַרק פון אַ קרעמפּן זקן. די אַלטע האָט מיט איין האַנט געקראַצט דעם מאַן אין קאָפּ און מיט דער צווייטער געזוכט אונטער זײַן העמד די סיבות פונעם בײַסעניש, וואָס ס׳האָט אים געמאַכט שיברען און צוקן מיט ביידע אַקסלען אונטער דער אונטערוועש.

דער צוקנדיקער פלעמלשײַן האָט זיך רויטלעך אָפּגעשלאָגן אויפן שאַרפן פּראָפיל פון דער עלטערער פרוי און איר פאַרהויבענער בײַנערדיק־געלער האַנט, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט מיט די פינגער אינעם גראָען קאָפּ האָר פונעם אַלטן. אַנטקעגן איבער דער טיר, וואָס האָט געפירט אין אַנדערן צימער אַרײַן, האָבן זיך איבערן בײַשטידל געגאָלדיקט פעטע אויסגעהאָפטענע רוימישע בוכשטאַבן אויף אַ פּײַעררויטער פּלושענער טאַשמע: „זיי געבענטשט מיט דײַן קומען און אַוועקגיין״, וואָס מ׳האָט געקאָנט פאַרשטיין אין געווײַנטלעכן זין, און אויך אינעם טיפערן מיט אַן אַנטײַט אויפן גורל פונעם מענטש.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט משה מעטן צוגעוואָרפן אַ שטילן „איר וועט צווואַרטן אַ רגע״. און אים געלאָזט אַזוי שטיין בײַ דער טיר. מיט לײַכטע שוועבנדיקע טריט איז ער פאַרבײַ דאָס בעט מיט די צוויי אַלטיטשקעס. זיך באַגריסט מיט אַ טיפן בייג אײַן דעם קאָפּ, און אַ ווייספער געגעבן פרום מיט די ליפּן עפּעס אַ פּסוק פון דער עוואַנגעליע. מיט אַ הכנאהדיק אַנגעבויגענעם

קאָפּ, ווי די טיר וואָלט געווען אַ נידעריקע, איז דער דאָקטאָר אַרײַן אינעם צימער פונעם מיידל.

די עלטערע פרוי האָט אויסגעדרייט צו משה מעטן אַ האַלב־פאַרשאָטנט פּנים און אָנגעוויזן מיטן בליק אויפן שווערן סונדוק צווישן אים און דעם בעט:

— זיצט אַ ווײַל, זאָל דער פּאַן זיך צוזעצן. אָט אַ געטלעכער מענטש, דער פּאַן דאָקטאָר, אַ הייליקער. אמתע נסים באַווײַזט ער. וואָס ווייסט איר, פּאַניע, אַן עכטער בעל־מופת. אָט דער מענטש האָט מײַן מאַן געראַטעוועט דאָס לעבן. מײַן מאַן איז געווען געליימט אויף דער רעכטער זײַט. געקריגן אַ פּאַראַליזש אויף דער האַנט מיטן פוס. נישט געקאָנט רירן מיט זיי, ווי אַ שטיק שטיין. ער איז שוין געווען מער אויף יענער וועלט ווי אויף דער וועלט. דאָס יונגע דאָקטערל פון דער קראַנקנקאַסע האָט שוין נישט געוואָלט גיין. ער האָט געזאָגט אַז ער האָט שוין נישט נאָך וואָס צו קומען. דער קראַנקער, זאָגט ער, קאָן אָנטרײַבן נאָך אַ טאָג צוויי, הויך אַ וואָך. אַזוי שמאָל האָט עס שוין געהאַלטן מיט אים. און איצט גיט אַ קוק אַליין. ער באַוועגט מיטביידע הענט. שטעלט אַליין אַראָפּ די פיס פון געלעגער. גייט אַרום איבער דער שטוב אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן... אַז ער קומט אַרײַן, דער פּאַן דאָקטאָר, ווערט ליכטיק אין מײַן שטוב. דאָס איז אַ מלאך פון הימל: אַ הייליקער. אַ דערלייזער. דער פּאַן דאָקטאָר רוט נישט אײַן אויף אַן אָרט. ער פּאָרט איבער די דערפער. ער היילט קראַנקע און נעמט נישט קיין גראָשן דערפאַר. בײַ אונדז האָט ער אויך נישט געוואָלט נעמען קיין געלט. נישט אומזיסט זענט איר גאָטס ליבסטע קינדער. דאָס אויסדערוויילטע פאָלק זײַנס. דאָס ייִדישע פאָלק איז אומשטערבלעך, אייביק. נישט אומזיסט זוכט מען אײַך שלעכטס צו טון, ווייל איר דערלאָזט נישט אַז דאָס שלעכטס זאָל גע־וועלטיקן אויף דער ערד. דערפאַר האָט מען אײַך פײַנט. גאָט האָט אײַך אויס־געקליבן, איר זאָלט אָפּרייניקן די וועלט פון שלעכטס, פון פּסולת און ברענגען די דערלייזונג פאַרן גאַנצן מין מענטש. דער פּאַן דאָקטאָר פאַרקערפּערט מיט זיך די דאָזיקע הייליקע מיסיע. אומעטום נעמט מען אים אויף אַזוי ווי משיחן, אָט ווי דער הייליקער אַליין וואָלט אַראָפּ פונעם קרייץ און גייט דאָ אום צווישן אונדז אַ לעבעדיקער, ווי אין די ביבלישע צײַטן... מיר זענען אָרעמע מענטשן, באַפּ־טיסטן. מיר וואָלטן דאָ אויסגעגאַנגען, ווען נישט דער פּאַן דאָקטאָר. מײַן אַל־טער איז געווען אַ „קאַלעקאַזש״. אַ גאַנץ לעבן אָפּגעקומען מיטן פאָרן אויף די באַנען, אָט ווי יעדער באַן־קאָנדוקטאָר. אַ באַן אַהין, אַ באַן צוריק. נישט קיין טאָג נישט קיין נאַכט. שטענדיק מיטן באַנלעמפּל אין האַנט. ווען האָב איך אים געהאַט אין שטוב אַזוי ווי הײַנט? ס'איז טאַקע געווען בעסער. ס'האָט פון גאָר נישט געפעלט. אָבער אויף צו שפּאָרן איז נישט געווען פון וואָס. אַ שטוב קאָסט, די צוויי מיידלעך קאָסטן. מוז מען הײַנט אויסקומען מיט דעם וואָס די באַן־די־

רעקציע טיילט צו און וויפל זי גיט מוז גענוג זײַן. פאַרפאַלן. אַזוי איז דאָס לעבן. אָפּגעהאָרעוועט און וואָס?...

אין דער אָפּגעלענטער טיר האָט זיך באַוויזן דער דאָקטאָר ענגלשטערן אַן אַרומגעוואַשענער. די לאַנגע פאָלקע האָר מיטן שוואַרצצעגלאַנצטן בערדל פאַר־גלעט, צוגעקעמט. אין אַ ריין העמד. דאָס ווײַסע קעלנערל אויפגעלייגט. די האָריקע ברוסט האָט אַרויסגעקוקט ווי בײַ אַן אַטלעט. ס׳האָט אים צוגעגעבן קראַפט, מענערישקייט. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער פרינץ, אַ האַר, און געכאַפּט דעם אָנבליק פון יעזוס, נאָר אָן דער הייליקער לײַדנדיקייט. ער איז צוגעגאַנגען צו משה מעטן מיטן לײַכטן ייִנגלשן גענגעלע און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זײַן אַקסל:

— קומט אַרײַן, יונגערמאַן, איר וועט זיך אַ ביסל אַרומוואַשן. ס׳שטייט שוין גרייט פאַר אײַך אַ שיסל וואַסער. כ׳האָב אײַך געזאָגט, איר זאָלט נישט זײַן קיין נאַר. דאָקטאָר ענגלשטערן ווייסט וואָס ער טוט. און איבעריקע קשיות איז נישטאָ וואָס צו פרעגן.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט משה מעטן אַרומגענומען ווי אַ פאַרזינדיקט קינד, וואָס האָט זיך אַליין אומגעקערט צוריק אין שטוב אַרײַן פול מיט חרטה אויף די באַגאַנגענע פעלערן. און אַזוי אַרומגענומענערהייט האָט ער אים אַרײַנ־געפירט אין אַנדערן צימער אַרײַן.

## קאַפּיטל ניינצן

# אויף אַ פרעמדן געלעגער

בײַם אַרײַנקומען פונעם דאָקטאָר ענגלשטערן מיטן יונגן זעלנער אינעם גרויסן געררוימען אָפּגעלאָזענעם צימער איז דאָס בלאָנדע מיידל, וואָס האָט זיך אומזשעניִרט אַרומגעדרייט אין בלויזן נאַכטהעמד, אַרײַנגעשפּרונגען אינעם בעטל לינקס בײַ דער וואַנט מיטן צוקאָפּנס צום נידעריקן קאַכלענעם אויוון.

אויף דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר איז מיטן צופוסנס צו דער אַנדערער זײַט אויוון געווען אויפגעשטעלט אַ צולייגבעטל וואָס איז איצט געשטאַנען ליידיק. אַוודאי אַ צוגעגרייט געלעגער פאַרן דאָקטאָר.

אין דריטן בעט, לענג אויס דער וואַנט נאָך דער טיר, איז געלעגן אַ טונקעלע שאַטינקע מיט צוויי פאַרפלאָכטענע דיקע צעפּ — די שוועסטער פונעם בלאָנדן מיידל. זי איז געווען די עלטערע. זי האָט געהאַט אַ ברייט נעזל אַ פאַרריסנס מיט אַ פּאָר גרויסע גרינלעך־גראָע קעצענע אויגן מיט אַ שטאָלענעם אָפּגלאַנץ, אַז ס'איז געווען אַ מורא אַ קוק צו געבן אין זיי. אַזעלכע אויגן לאָזן זיך נישט באַצווינגען. פאַרקערט, זיי זענען גיכער גענייגט צו מאַכן אונטערטעניק אַנדערע. איז בעסער מיט אַזאַ שטייגער טיפּ באַלד נישט אָנצוהייבן.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט מיטן גרינגן טראָטעלע צוגעפירט משה מעטן צו איר בעטל:

— זײַט באַקאַנט.

דאָס טונקלהאָריקע מיידל מיטן בלייכן ברייטן פּנים האָט פון אונטער דער וואַטענער קאָלדרע אַפּער אַרויסגעצויגן אַ צאַרט אויסגעוואָרעמט פרויענהענטל מיט לענגלעכע פולכנע פינגער ווי אויפגעלאָפענע קישעלעך. מיט אַ פאַרהויבענעם בליק האָט זי מיט פרויִישער מבינות באַטראַכט דאָס ליידנדיקע שטאָלצע פּנים פונעם יונגנמאַנטשיק אינעם שוואַרצבאַוואָקסענעם באָרד־ראָם, וואָס האָט זיך אַזוי נישט געפּאַסט מיט דער אויסגעדינטער סאָלדאַטישער קליידונג, דערמאָנענדיק מיט זיך אַ געפאַנגענעם דעגראַדירטן מיליטער־מאַן, אַ צוריקגעקומע־

נעם פון פּלען. זי האָט אים פּעסט אַ דריק געטון די האַנט און נישט גלײַך אַרויס־געלאָזט פון אירער. אויף איר פּנים האָט זיך געלייגט אַ זינלעך שמייכעלע פון אַ נישט־געזעטיקטער ליידנשאַפטלעך־געררייצטער פרוי:

— זאָפיע הייס איך, זאָשע, און זי — האָט זי געוויזן מיטן הענטל, וואָס זי האָט ערשט אַרויסגענומען פון דער מאַנצבילשער געפרווירענער האַנט — זי איז מײַן שוועסטער, די ייִנגערע פון מיר.

משה מעט איז שוין איצט אַליין צוגעגאַנגען צום אַנדערן בעטל און דער־לאַנגט די האַנט מיט אַ פּעסטן מענערשן דריק. דאָס בלאָנדע מיידל האָט ווי־צוריקגעכאַפּט איר האַנט און קאַלט צוריקגעגריסט מיט אַ גלײַכגילטיקן זאָג:

— וואַנדאַ.

ווי צו ווײַזן אַז זי פילט נישט צום דאָזיקן ייִנגל קיין „מיענטע", קיין שום אינטערעס, האָט זי זיך פאַרקוקט אין אַ פונקט אויפן סופיט, דער דאָקטאָר זאָל זען, אַז דער בחור גייט זי אין גאַנצן נישט אָן.

משה מעט, וואָס האָט פון דער ערשטער מינוט געפילט, אַז זי נעמט נישט אַראָפּ פון אים קיין אויג, איז פון איר אומגעריכטן אָפּקער געבליבן שטיין מער פאַרשעמט ווי באַליידיקט. אָט אַ נאַריש מיידל. אַ יונגע קאָזע. ווער האָט זי דען אין זינען. ער האָט דערפילט אויף זיך דעם דאָקטאָר ענגלשטערנס האַנט:

— איר דאַרפט נישט צופיל אַרײַנקלערן. איר געפינט זיך דאָ ריכטיק ווי בײַ זיך אין דער היים, — האָט דער דאָקטאָר אַ צופרידענער אַנגעוויזן אויף דער שיסל וואַסער וואָס איז געשטאַנען אין אַנדערן ווינקל אויף דער באַנק לעבן פענצטער, — טוט זיך אויס און וואַשט זיך אָרום וועט מען גיין עסן. קיינער וועט נישט קוקן אויב איר פילט זיך אומבאַקוועם. אין דער שטוב ווייסט מען נישט פון אַזעלכע זאַכן. דאָ שעמט מען זיך נישט איינער פאַרן צווייטן. דאָס זענען אַלץ מענטשלעכע זאַכן, און מיט זעלבסטפאַרשטענדלעכקייטן איז זיך נישטאָ וואָס צו שעמען. די מענטשן דאָ לעבן פרײַ, ריכטיק ווי די נאַטור האָט געבאָטן. נו, וואָס שטייט איר, טוט זיך אויס. לייגט דאָס אַנטועכץ אַנידער דאָ אויף דער שטול. אָט אַזוי. דאָ ווייסט מען נישט פון קיין פאַלשער בושה; פון די אַלע קרענקלעכע מאַניערן, די שלעכטע געוווינהייטן מיט דער ראַפינירטער אויס־סערלעכער צניעות און אינערלעכער תאוהדיקער צעברענטער זינדיקייט, צביות־דיקער זיטלעכקייט, וואָס איז דורך און דורך מאָראַליש און סעקסועל צעפוילט און פאַרדאָרבן, דעגענערירט. דאָ האָט איר אַ האַנטעך און דאָ איז פאַר אײַך צוגעגרייט אַ ריין פאָרל וועש. נו, וואָס קלערט איר, וואַרפט אַראָפּ די שיך, אָט אַזוי. שעמט אײַך נישט, טוט אויס די גאַטקעס. איר וועט איבערלאָזן די ברודיקע וועש, וועט מען זיי אײַך אויסוואַשן, וועט איר האָבן צו טוישן. דאָ לעבט מען זיך אויס אויף אַן אידעאַלן געזונטן שטייגער, פאַרשטייט זיך, לויט מײַנע אַנ־

ווײַזונגען. איך וועל אײַך בײַ אַ געלעגנהייט באַקענען מיט מײַן אַרבעט וועגן ספּאָרט און פיזישער דערציִונג — דער סוד פון אייביקער יונגקייט. דאָס איינציקע ביכל פון דעם מין בײַ ייִדן בײַם הײַנטיקן טאָג. אַלע שולן באַנוצן זיך דערמיט. ס׳איז באַשטעטיקט דורכן בילדונג־מיניסטעריום. איך פּראַצעסיר זיך איצט מיטן פאַרלעגער, מיט גיטלינען פון נאַלעווקעס 3. דער בוכהענדלער האָט גענומען און אָפּגעדרוקט אָן מײַן וויסן און הסכמה אַ צווייטע אויפלאַגע. כ׳האָב אים ריכטיק באַשריבן אין מײַן זשורנאַל, וואָס איך גיב אַרויס אין ווילנע. איך רעדאַגיר אים אַליין, זעץ אים אַליין און פאַרשפּרייט אים אַליין. איך בין פון פאַך אַ זעצער. דערפון לעב איך. איצט האָב איך אים, דעם גיטלינען, אָנגעקלאָגט אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13, צום ערן־געריכט. ער וועט מיר מוזן באַצאָלן ווי אַ טאַטע ביז איין גראָשן. איך דאַרף טאַקע זײַן אין דער הייך בײַם סעקרעטאַר, געוואָר ווערן ווי ס׳האַלט. ס׳שלעפּט זיך שוין אַ ביסל צו לאַנג. עפּעס זעט עס מיר אויס זיי זאָלן זײַן אויף זײַן זײַט. אַזאַ פאַרדאַכט האָב איך. כ׳וועל זיי אויך דערלאַנגען אַ גאָב. נו, איר זענט פאַרטיק? קומט צו צום טיש.

דער טיש איז געווען געגרייט פאַר צוויי פּערזאָן. דאָס געדעמפּטע ליכט פונעם נאַפּטענעם שטיילאָמפּ אונטערן העלגרינעם גלעזערנעם אַבאַזשור האָט געצייכנט אַ העלן קרײַז שײַן אויפן אָרעמען טיש. אויפן טעלערל פאַר יעדן איז געלעגן עטלעכע דינע פּענעצלעך ברויט מיט אַ פּאָר דאַרע הערינגלעך. און אַ סלאָיקל מיט פּאָווידלע איז געשטאַנען אין אַ זײַט.

די מיידלעך אין די בעטן זענען געלעגן מיטן פּנים צו דער שטוב אַרויס. זיי האָבן נייגעריק געקוקט אויף די צוויי מענער בײַם טיש, וואָס האָבן געכאַפּט עפּעס אַן ענלעכקייט צו זיך אינעם אָנבליק. משה מעט האָט איצט אויסגעזען ווי אַ יונגער הערשט. די נאַכלעסיקע צעשויבערטקייט פונעם גלאַנציקן פאַרשוואַרצטן קאָפּ האָר און ווילדבאַוואָקסנקייט פון דער יונגער באָרד האָט אים צוגעגעבן אַ באַזונדערן רייץ פון אַ וואַלד־שר, וואָס איז דאָ צום ערשטן מאָל געבראַכט געוואָרן אין אַ מענטשלעך געצעלט. אַלץ זעט פאַר אים אויס נײַ, מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך. ווי קאָן מען עפּעס אַזוי לעבן אין אַזאַ ענגשאַפּט און פאַרדרענגטקייט? ס׳איז זיך דאָך נישטאָ ווו אויסצודרייען, צו געבן אַ לויף און אַ שפּאַן. כאַטש דער דרויסן רופט, די ווילדערניש ציט און די ענגשאַפּט דריקט ווי אַ רייף איז פון דעסטוועגן דאָ גוט אַזוי צו זיצן אין אָט דעם אויסטערלישן אָרום, בײַם בידנעם טיש און האַלטן אָראָפּגעלאָזט די אויגן, וואָס קאָנען נישט אויסהאַלטן די דרייסטע אָפנקייט פון די צוויי מיידלשע בליקן. זיי האָבן אַוודאי געזען ווי ער האָט זיך געוואַשן אַ נאַקעטער צום ערשט דעם אויבערשטן טייל קערפּער נאָכער דעם אַנדערן האַלבן. אַזויפיל ברוד איז פון אים אַראָפּ, אַז ער שעמט זיך זיי צו קוקן אין די אויגן אַרײַן. ער פילט זיך איצט אַ נײַער מענטש.

און טראָגט אין האַרצן אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו די אַלע דאָ אין דער שטוב פאַר זייער עכטמענטשלעכן באַנעמען זיך מיט אים ווי מיט עפּעס רעכטס.

אַז זיי האָבן שוין געהאַט אויפגעגעסן דאָס האַרטע ברויט מיט די פאַר־טרוקנטע הערינגלעך האָט די בלאָנדע וואַנדע זיך אָנגערופן שטיל צום דאָקטאָר ענגלשטערן:

— פּאַניע דאָקטאָזשע, דער טשײַניק וואַסער שטייט אין אויוון. זאָל דער פּאַן דאָקטור נישט פאַרגעסן גוט צו פאַרמאַכן דאָס טירל. דער פּאַן דאָקטור וועט נעמען ז י ך אַ גלאָז און דעם יונגן פּאַן אָנגיסן אין טעפּל, דאָרט שטייט עס, אין קרעדענצל. איר קענט זיך נעמען וויפל איר ווילט. ס׳איז דאָ אַ פול טשײַניקל. קיין צוקער איז נאָר נישטאָ אין שטוב. דער סענץ איז אויך נישט קיין וואַזשנער. עפּעס וועט ער נאָך אָנציִען. דאָ אויפן טיש אין דער זײַט שטייט די פּאָווידלע. ס׳איז בעסער נאָך פון צוקער. כאָטש ס׳איז געמאַכט אויף סאַכאַרין. מע פילט רעכט נישט קיין אונטערשיד. פאַרזוכט וועט איר זען.

דער יונגער גאַסט האָט זיך געפילט קרעמפּירט ווי איינער מיט געבונדענע הענט און פיס. ער האָט לאַנג געקײַט דאָס ברויט, כאָטש דער אַפּעטיט איז בײַ אים געווען ווי בײַ אַן אויסגעהונגערטן וואָלף. ער האָט נישט געקאָנט אַראָפּ־שלינגען דעם ביסן. ס׳האָט אים ווי געשטיקט אין קעל. ער האָט זיך גענומען אַ האַלב לעפעלע מיטן אײַנגעמאַכטס אויפן טעלערל אַרויף. ער וואָלט געקאָנט אַרײַנהאַקן דאָס גאַנצע בײַנקעלע, ווען מע לאָזט אים; ווען ס׳וואָלט דאָ קיינער נישט געווען אין דער שטוב.

— זאָל דער פּאַן מלאַדי [1] זיך פאַרגינען צו נעמען נאָך אַ ביסל — האָט זיך אָנגערופן די שאַטינקע פון בעט אַרויס — מע דאַרף זיך נישט זשאַלעווען. דאָס האָבן מיר אַ סך אין קעלער, פולע ערדענע טעפּ. ס׳וועט סטאַרטשען אויף נאָך אַ מילחמה.

דאָקטאָר ענגלשטערן האָט אויפגעכאַפּט דעם בלאָנדן מיידלס בליק, וואָס איז געווען געווענדט אין משה מעטס זײַט און אַן אומגעדולדיקער אַרײַנגעוואָרפן:

— ווי וועט זײַן מיטן שלאָפן, קינדער? — און נישט געקוקט אין די מייד־לעכס זײַט, ווי די פראַגע וואָלט געווען געפאַלן סתם אַזוי צו דער שטוב און נישט צו זיי.

— גאַנץ געוויינטלעך — האָט זיך די ייִנגערע שוועסטער די בלאָנדע גע־געבן אַ זעץ אויף — איך וועל אַרײַנגיין צו זאָשען אין בעט און דער פּאַן דאָקטור וועט זיך לייגן אין מײַן בעט. און דאָס פעלדבעטל וועט זײַן פאַרן פּאַן זשאַל־ניעזש,[1] פאַר אײַער גאַסט, דאָקטאָר.

---

[1] יונגערמאַן

[1] זעלנער

איצט האָט זיך שוין דאָס בלאָנדע מיידל, די וואָנדע אין גאַנצן נישט זשע־נירט נישט פאַרן דאָקטאָר ענגלשטערן און נישט פאַר משה מעטן דעם זעלנער. זי האָט אַוועקגענומען פון זיך דאָס לײַבטע קאָלדריקל. דאָס העמד איז איר געווען פאַרשאַרצט ביז איבער די העלדאָזע שיינגעפאָרעמטע רונדע קניִען. זי האָט אַראָפּגעשטעלט די באָרוועסע פיס אויפן הוילן דיל און אַריבערגעגאַנגען צו דער שוועסטער אין בעט אַרײַן. דורכן העמד, וואָס איז געווען פאַרבונדן אונטערן האַלדז מיט אַ בענדל, האָט זיך לײַכט געצייכנט די שטײַפע רונדיקייט פון די פאַרשפּיצטע יונגע בריסטלעך. אויף איר פּנים איז נישט געווען קענטיק דעם מינדסטן אָנטײַט פון דער רייציקייט זייערער. זי האָט זיי געטראָגן מיט אַזאַ גלײַכגילטיקייט ווי זיי וואָלטן געווען נישט אירע.

— רוק זיך אַ ביסל, זאָשקע, כ׳קאָן דאָך נישט אַרײַנגיין.

— ווו זאָל איך זיך רוקן, אויף דער וואַנט אַרויף? כ׳האָב דאָך שוין נישט ווו...

— אַ קליין ביסעלע, אָט אַזוי.

דער פרעמדער גאַסט האָט נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטון. זיי האָבן געחלשט קוקן. ער האָט שוין אַזוי לאַנג נישט געזען קיין אַפּגעדעקט פרויענלײַב, שוין אַפילו פאַרגעסן ווען ער זאָל האָבן געווען בײַ אַ פרוי. ער האָט אָבער נישט געוואָגט אויפצוהייבן דעם בליק זײַנעם פון טיש. פון אונטערן שטערן אַפּער האָבן אים פאַר די אויגן אַ בלענד געטון די פאַררײַסנדיקע ליכטיקייט פון די שיינע זגראַבנע פיסלעך, ווי זיי האָבן אַ שוועב געטון צום אַנדערן בעט און זיך אַרײַנגעשאַרט אונטער דער אָפּגעבויגענער קאָלדרע.

אין זעלבן מאָמענט האָט דער דאָקטאָר ענגלשטערן אַרײַנגעדרייט דעם לאָמפּ אויף אַ קליין פײַערל:

— שוין גוט שפּעט. כ׳דאַרף מאָרגן אויפשטיין באַגינען. כ׳פאָר גאַנץ פרי אין אַ דאָרף אַרײַן. כ׳מוז ריכטיק זײַן בײַ אַ קראַנקן. אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך קומען צוריק. וועלן מיר אַריבערפאָרן קיין ראַדאָשטש, אַ קוק געבן. ס׳וועט זיך זיכער לוינען. דערווײַל וועט איר דאָ זײַן ביז איך וועל צוריקקומען. איך האָב שוין איבערגערעדט. אויף מײַן חשבון. איר וועט גאָרנישט דאַרפן צאָלן. ס׳וועט אײַך נישט געשען קיין עוולה. מע וועט זיך דאָ ריכטיק טיילן מיט אײַך מיטן ביסן. איר וועט דערפילן, אויב איר האָט עס נאָך ביז איצט נישט געפילט, דעם זיסן טעם, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אונטער דער זיבעטער שאָל פון דער ביטער־ביש פון שלאָפן אויף אַ פרעמד געלעגער.

## ק אַ פּ י ט ל   צ וו אַ נ צ י ק

# אין חלום צי אויף דער וואָר?

דער גרינלעכער חלום־שײַן האָט זיך שוואַך און בלייך געשפּרייט איבער דער שטוב אַ ציטערדיקער און צעוויגטער פֿונעם קליינעם פֿײַער־צינגעלע, וואָס האָט זיך געטוקט אין דער אײַנגעדרייטער שטיילאָמפּ מיטן גרינגלעזערנעם שײַנדל אויפֿן מיטן טיש. אויף דער וואַנט איבערן בעט, וווּ די צוויי שוועסטערן זענען געשלאָפֿן אַרומגענומענע, איז זיך צעוואַקסן דער קרומפֿאַרצויגענער שאָטן פֿונעם דאָקטאָר ענגלשטערן, וואָס האָט געגרייכט מיטן אויפֿגעלאָפֿענעם קאָפּ מיט דער פֿאָלקע, ווי אַן אָנגעבלאָזענער פּענכער, ביז אַ שטיק אויפֿן סופֿיט אַרויף.

דאָס קאָמישע צעצויגענע פֿיגורל פֿונעם דאָקטאָר מיטן קינדערשן געשטעל און ברוסטקאַסטן פֿון אַ לייב האָט זיך לאַנג געפּאָרעט איבער דער פּולער לעדערנער טעקע. אַן אַריבערגעבויגענער האָט ער געדרייט און איבערגעלייגט פֿאַרשידענע פּאַפּירן און כּתבֿ־ידן. געגעבן אַ צעעפֿן אַ פֿאַרביקן פּלאַקאַט ווי אַ מגילה, אַ פֿיר געטון מיטן בליק איבער זײַן נאָמען, וואָס איז געווען געדרוקט מיט גרויסע פֿעטע אותיות: „ד אָ ק ט אָ ר   מ ש ה   ע נ ג ל ש ט ע ר ן", און אים צוריק צונויפֿגעלייגט, פֿאַרשטופּט צווישן דעם באַרג פּאַפּירן אינעם רײַזעטאַש.

נאָכן ברענגען אין אָרדענונג די פּאַפּירלעך זײַנע האָט ער אַרויסגענומען פֿון דאָרט צוויי צעקנאָדערטע העמדלעך מיט פֿאַרפּעצטע קעלנער, אַ פּאָר געטראָגענע אײַנגעשרומפּענע שקאַרפּעטן און אַ ברודיק נאָזטיכל. געמאַכט דערפֿון אַ קנויל און עס אַ וואָרף געטון אין ווינקל אונטער דער באַנק בײַם פֿענצטער. ווידער געבישטערט אַ ווײַל און מיט ווייכע לײַוונטענע טריטעלעך צוגעגאַנגען צום קאָמאָד צווישן ביידע פֿענצטער, אַרויסגערוקט דאָס אונטערשטע שופֿלאָד, אַרויסגעקריגן פֿון דאָרט אַ פֿריש פּאָרל וועש אין וועג אַרײַן, און זיך צוריק אומגעקערט צו דער אָפֿענער טעקע.

ער האָט געקוקט אַ ווײַל צו די צוויי מיידלעך אין בעט, וואָס זענען געלעגן צוגעטוליעט קאָפּ צו קאָפּ, און זיך אומדרייענדיק געכאַפּט אַ בליק צום צולייגבעטל, וווּ משה מעט איז געלעגן אַן אויסגעטוענער ווי אַ פֿריץ, איבערגעצויגן

מיטן לײַכטן קאַצל איבערן קאָפּ. ס׳האָט זיך בלויז אַרויסגעזען דער שוואַרצער שויבער פונעם שלאָפּנדיקן. ווער ווייס ווי לאַנג דער דאָזיקער שוואַרצער בחור, וואָס ליגט איצט דאָ אויף אַ ריין מענטשלעך געלעגער, האָט זיך שוין נישט געהאַט אויסגעטון. ס׳האָט דאָך אַלץ געקלעפּט אויף אים. ער וועט איצט שלאָפן די נאַכט ווי נאָך אַ גוטן שוויצבאָד.

אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אַלץ צוגעגרייט אַזוי ווי צום גיין האָט דער דאָקטאָר ענגלשטערן זיך גענומען אויסטון. איינס און צוויי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס לײַכטע צײַגענע רעקל מיט די שמאָלע אויסגעוואַקסענע הויזן. אויסגע־טון דאָס העמדל איבערן קאָפּ אַריבער און געבליבן שטיין — אַ ברייטפּלייציקער מיט פעסטע ריפּנביינער — אין אַ פּאָר קינדערשע גראַנאַטענע ספּאָרטהייזלעך מיט האָריקע הענט און פיס, מיט אַ געדיכטער באַוואָקסנקייט איבער דער ברוסט ביז אַריבער די אַקסלען. ער האָט געמאַכט עטלעכע קורצע איבונגען. פאַרהויבן די הענט, זיי צענומען און אַראָפּגעלאָזט; זיך איבערגעבויגן מיטן קאָפּ אַראָפּ איין מאָל פאַר זיך און איין מאָל הינטער זיך; צוגעפּירט די שפּיץ פינגער פון דער האַנט צו די פינגערשפּיצן פון די פיס; אונטערגעשפּרונגען עטלעכע מאָל פון איין פוס אויפן אַנדערן מיט אַן ערנסט און פײַערלעכקייט, ווי ס׳וואָלט געווען אַ מין רעליגיעזער ריטואַל. נאָך אַמאָל האָט ער געגעבן אַ כאַפּ אַ בליק אין משה מעטס זײַט, ווי זיך איבערצוצײַגן, צי יענער שלאָפט שוין טאַקע, געטון אַ פאַרלעש די לאָמפּ מיט אַ בלאָז און אַ סאָפּנדיקער זיך אַרײַנגעלייגט אינעם ליידיקן מיידלשן בעט אַרײַן.

משה מעט האָט אַן איבערגעדעקטער געפילט אַז דאָס אַלץ געשעט אַזוי. ערשט איצט, ווען דאָס בעטל דאָרט האָט געגעבן נאָכגיביק אַ סקריפּ, האָט ער עטוואָס זיך אָפּגעדעקט דעם קאָפּ — אַן אָפּגעווווינטער פון שטוביקער וואַרעמ־קייט, וואָס האָט אים ווי געדושעט אין האַלדז. ער האָט געקוקט מיט שטאַרע אויגן אין דער פינצטערניש, ווו אַלץ איז זיך צו ערשט צונויפגעגאַנגען אין איין שוואַרצער מאַשטש, און ביסלעכווײַז האָט זיך צוריק גענומען אויסשיילן אין שוואַרצלעכע קאַנטורן — אַ קעגנשטאַנד נאָך אַ קעגנשטאַנד; די קאַנטן פונעם טיש, פון דער קאָמאָד, פון די בעטלעך פוןביידע זײַטן ווענט, וואָס האָבן זיך לענגלעך שוואַרץ געפלעקט אין דער נאַכט־טונקלעניש פונעם געראַומען צימער, און פונעם הויכן קאַכלענעם אויוון.

נישט בלויז וואָס דער שלאָף איז נישט צו אים געקומען, נאָר פאַרקערט, ער איז געלעגן אַ וואַכער מיט אַלע חושים און שאַרף־פאַרשפּיצטן געהער וואָס האָט אויפגעכאַפּט יעדן שאָרך. ער האָט געפילט ווי ער וואָלט אײַנגעאָטעמט אין זיך די הייסע אָטעמס פון די צוויי מיידלעך צוזאַמען מיטן סאָפּען פונעם ספּאָרט־מאַן, דעם דאָקטאָר, דעם רעדאַקטאָר און שריפטזעצער, וואָס זעצט אַליין, שרײַבט

אַליין און פאַרשפּרייט אַליין זײַן זשורנאַל, וואָס ער גיט דאָרט אַרויס אין ווילנע. ער וואָלט שוין אַ בעלן געווען צו זען דאָס בלעטל. וואָס אַזוינס קאָן ער דאָרט שרײַבן? זיכער פּאַמפלעטן — קעגן דאָקטוירים, מיסיאָנערן, תקיפים, ליטעראַ־רישע שאַרלאַטאַנען. און וואָס איז עס דאָס פּאָר אַ ביכל וועגן ספּאָרט און דער־ציִונג, וואָס דער דאָזיקער מדינה־גייער, מיטן שוואַרצן לאַפּעטע־בערדל, זאָל עס זײַן דער מחבר דערפון?

עפּעס איז אים מיט אַמאָל אַלץ אויסגעקומען מאָדנע דאָ, משה מעטן. ווי קומט ספּאָרטלערײַ צו מעדיציך, צו זנאַכאַרישע קרײַטעכצער און היילגראָזן? וואָס איז עס פּאָר אַ שטיבל, ווו ער געפינט זיך — אַ פּאַרוואָרפנס אינעם פּוסטן געסל אויפן סאַמע ראַנד שטאָט? און וואָר זענען עס די אַלטע לײַט דאָרט אין יענעם פּאָדערשטן לאַנגן קיכצימערל? ס׳ווײַזט זיך אים אויס, אַז זיי מוזן שוין זײַן לאַנג־געשטאָרבענע, וואָס האָבן מער נישט קיין שײַכות מיט דער לעבעדיקער וועלט; צוריקגעקומענע פון די קברים אַהער אויף איבער נאַכט. די מיידלעך האָבן דעם גאַנצן אויפדערנאַכט נישט גערעדט וועגן זיי אינעווייניק אין דער קיך, ווי זיי וואָלטן, יענע דאָרט, נישט געווען עקזיסטירט אויף דער וועלט. און וואָס זענען עס פּאַרע מיידלעך, וואָס שעמען זיך גאָר נישט פּאַר קיין מאַנצפּאַרשוינען, דרייען זיך אַרום אין הוילן העמד, ווײַזן נאַקעטע לילית־פּיסלעך און קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן מיט אַזוי פיל תאווה אין בליק, אַז ס׳בלוט גיט אַזש אַ שלאָג צום קאָפּ...

באַלד האָט אַ צווייטע היצכוואַליע אַ יאָג געטון איבער זײַן לײַב. ווי ווערט ער דאָ קאָנען זײַן אין דער שטוב? ער איז דאָך שוין אין גאַנצן אַ פּאַרווילדע־וועטער. ער קאָן שוין רעכט נישט רעדן מיט קיין פרוי. אין זייער אָנוועזנהייט פילט ער זיך אומגעלומפּערט מיט זײַן יעדן באַוועג; ס׳נעמט אים שפּאַרן צו דער קעל, נאָר אויפצופלאַצן, צו ווערן פונאַנדערגעזעצט ווי אַ צעבראָכענער פּאָס ווען ס׳פאַלן פון אים אַראָפּ די רייפן. ער האָט פּאַרלוירן די עלאַסטישקייט פון באַ־נעמען זיך מיט אַ מענטש, דאָס מענטשלעכע גלײַכגעוויכט. ער וואָלט זיך איצט נאָר געקאָנט וואַרפן אויף אַ פרוי, מיט דער שווערקייט און צודרינגלעכקייט פון אַ חיה, מיט בהמהשער ריקזיכטלאָזיקייט, וואָס איז נישט אײַנצוהאַלטן. ער וועט צוזאַמען מיטן דאָקטאָר פּאַרלאָזן דאָס צימער, גלײַך פּאַרטאָגס. ער וועט דאָ קיין איין שעה נישט בלײַבן אַליין מיט די מיידלעך אויג אויף אויג. פּאַרוואָס וויל ער אים אויסשטעלן אויף אַזאַ שווערן ניסיון, דער דאָקטאָר? ער איז דאָך אַ מענטשנקענער! צי דערקענט ער נישט אין זײַנע אויגן די נישט־געהעמטקייט זײַנע, די אומהיימלעכע צעטראָגנקייט פון זײַן בליק? ווי האָט ער עס ריזיקירט, דער ענגלשטערן, אים אַרײַנצופירן אַהער — אַ פרעמדן, אַן אומבאַקאַנטן, אַ מענטשן פון דער גאַס אַראָפּ?

וואָס וואָלט געוועןֿ, — גייט אים דורך אַ שוידער פונעם בלויזן געדאַנק, — ווען דער דאָקטאָר ענגלשטערן טרעפט אַזוי אָן אויף אַ הפקר־יונג, — נישט אויף אים, — אויף אַ געוויסנלאָזע בריאה, וואָס קוקט נאָר אויס אויף אַזאַ געלעגנ־הייט זיך אַרײַנצוקריגן אין אַ באַלעבאַטישער שטוב אַרײַן, — ער וואָלט דאָך אַלע געקאָנט אויסקוילענען ווי די שאָף! אין יעדער שטוב געפינט זיך שוין וואָס צו נעמען. פאַר אַזעלכע, וואָס פאַרמאָגן גאָרנישט, איז יעדע מינדערווערטיקע זאַך, יעדע מינדסטע קלייניקייט אַ גאַנצער קערן. מיט וואָס האָט ער זיך עס פאַר־דינט בײַ אים אַזאַ אומבאַגרענעצטן צוטרוי, וואָס ער טיילט זיך מיט אים אַפילו מיט אַ געלעגער, ווו ער אַליין איז אַן אורח, אַן אײַנגעבעטענער גאַסט

דאָס דאָקטאָרל זעט אויס צו זײַן אַ געהיטער און דערפאַרענער און דאָך פירט ער זיך אויף אַזוי לײַכטזיניק, ווי אַ ייִנגל. אָט נעמט ער און פאָרט אַוועק און לאָזט אים דאָ איבער מיט די צוויי מיידלעך. ער האָט טאַקע נישט דעם קאָפּ צו זיי, משה מעט, זיי גייען אים נישט אָן. וועגן דער עלטערער קאָן קיין רייד נישט זײַן. זי איז נישט פאַר זײַנעטוועגן. זי האָט שיינע גראָע אויגן, נאָר אָפּ־שרעקנדיקע. דאָס גאַנצע פּנים אירס דערמאָנט אין אַ קאַץ. און אַ קאַץ — אַפילו די שענסטע — קאָן מען נישט געטרויען. אָט טוליעט זי זיך צו מיט קעצישער ווייכקייט, און אָט קאָן זי געבן אַ שפּרונג און אויסדראַפּען די אויגן. די אַנדערע, די בלאָנדע, זי איז שוין עפּעס אַנדערש. אַן אמתע שיינקייט! אַזאַ ליכטיקע און רייצנדיקע. זי האָט געקוקט אויף אים, נישט אַראָפּגענומען קיין אויג. זי איז נאָך אָבער אַ ייִנגיטשקע, אַ קאָזעלע. ווי האָט זי אים אין זינען. זי איז מיסתמא אַרומ־גערינגלט מיט ייִנגלעך פון אַלע זײַטן, ווי יעדעס שיינע מיידל. זי האָט שוין נישט מער וואָס צו טון, נאָר זוכן זײַן קאַנטשאַפּט. זי איז אַליין אַן אָרעמע דאַרף זי נאָך האָבן אַזאַ פענטאַק צו די צרות. קלאָר אַז ער האָט נישט דאָ קיין שום געמיינזאַמס מיט דער שטוב. ער מוז זיך פון דאַנען אָפּטראָגן באַלד אין דער פרי, ווי נאָר ס׳וועט נעמען גראָען.

פון ערגעץ ווײַט, אויף יענער זײַט פענצטער־לאָדנס, האָט זיך דערטראָגן אַהער אַן אויסגעצויגענער פײַף פון אַ לאָקאָמאָטיוו באַגלייט מיט אַ צוגעדושעטן רעש פון אַ שנעלצוג. אַ הונט אַ היימלאָזער האָט זיך ווו אויפגעכאַפּט אַן איבער־געשראָקענער מיט אַ קלאַגנדיק געביל. און ווידער אַן אַנגעשפּאַנטע שטילקייט וואָס זעצט איבערן מוח ווי מיט האַמערס.

צו משה מעטס אויער האָט זיך פּלוצים דערטראָגן אַ שאָרך, וואָס איז גע־קומען פון אַ פאַרזיכטיק פאַרדעכטיק באַוועגן זיך. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער זיך אײַנגעהערט אַ פאַרשטאַרטער און זיך אײַנגעקוקט מיט אַן אײַנגעהאַל־טענעם אָטעם אין דער קלעפּיקער פינצטערניש. ער האָט דערהערט טריט. באַר־

וועסע. איין טריט און נאָך אַ טריט, אַן איבערלויף פון עטלעכע טריט פון איין בעט אין אַנדערן.

— ווער צו וועמען?

דאָס בעט בײַ דער אַנדערער זײַט אויוון האָט לײַכט אַ קרעכץ געטון מיט די ספרונזשינעס. ס'האָט זיך דערטראָגן פון דאָרט אַ שטיל אײַנגעהאַלטן קוים הערבאַר שעפּטשען. אַ קושן זיך פון ליפּן, פּולע, פלײשיקע. אַ שאַרכן פון אַ קאָלדרע, וואָס ווערט אַריבערגעצויגן איבער הייסע שווערע אָטעמס, ווי מע וואָלט זיך דאָרט געשטיקט אונטער דער ענגשאַפט און צוגעדריקטקייט פון פרײַכנדיקע לײַבער.

דאָס איז די בלאָנדע אַריבערגעלאָפן צום דאָקטאָר ענגלשטערן אין בעט אַרײַן. און אפשר די עלטערע. זי האָט אַ צו פרום פּנים אַז זי זאָל עס טון. ס'איז די יונגע קאָזע. זי קאָן זיך נישט צוימען, אַ צעקאָכטע, הייס בלוט. ווי אַלע בלאָנדע, לײַכט צום אויפרייצן. גיבן אַ פלאַם־אויף ווי אַ פײַערווערק. די שאַטינקע זעט אויס צו זײַן אַ באַהערשטע. שווער אויפצורודערן, צו דערוועקן אין איר די לײַדנשאַפט. נאָר קוים צעצינדט זיך עס ברענט עס ווי אַ שריפה, נישט צום פאַרלעשן. ס'ווענדט זיך נאָר אין מאַן. און דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז אַ מאַן ווי אַלע מענער. קיין שום הייליקער נישט. שײנע רייד. צום לעבן האָט עס נישט קיין שײַכות. אַלץ אַנשטעל און צביעות. ער איז לײַדנשאַפטלעך, ברוטאַל. זי האָט זיך נישט געלאָזט פון אים, צי אפשר זיך גערייצט אַזוי, ער זאָל זיך נאָך מער צעהיצן. זי האָט אַרויסגעסאָפּעט פון זיך אַ „טאָ ניע!... אַלץ יאָ! נאָר דאָס נישט!...” ר'האָט געריסן פון איר שטיקער לײַב. זי האָט אַ שלאָכץ געטון ווי פון ווייטיק און פאַרדריקט מיט די ציין. זײַערע לײַבער האָבן זיך אײַנגעדריקט מיט אַ טרעשטש פון די ביינער. הענט און פיס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט און געקוילערט פון איין עק בעט צום צווייטן. פאַרפלאָכטן און פאַרקלעמט. זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אים און פלינק געגעבן אַ שפרונג אַרויס פון בעט. ער איז איר נאָך. ער האָט זי אַ כאַפּ געטון אין זײַנע הענט ווי מיט צוואַנגען, און אַרײַנוואַליענדיק זי אין בעט אַרײַן איז ער מיטגעפאַלן אויף איר צעגליטן קערפּער אַרויף און זי צוגעדריקט מיט זײַן קנאָכיקן גוף. זי האָט זיך נאָך עטלעכע מאָל אַ דריגע געטון און אַ נאָכגיביקע איז זי אײַנגעשטילט געוואָרן ווי אַ געקוילעט הינדל.

משה מעט האָט מער גאָרנישט געהערט. ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז ער טראָגט זיך ערגעץ איבער אַ ברייטן אָפענעם תהום. אַט נעמט ער זינקען אַראָפּ, טיף, אַלץ טיפער אין דער טיפעניש. און ער שרעקט זיך עפעס גאָרנישט. עס אַרט אים נישט. ער פאַרזינקט ווו אין אַ פאַרפאַלעניש און אַ זיסער תענוג צעגייט זיך איבער אַלע זײַנע גלידער פונעם ראַשיקן געטראָג. ער איז נישט אַליין

אינעם חלל. ער האַלט זיך אָן אין ווענט. ער זעט נישט קיין פּנים. ער האַלט זיך אָן פעסט. ער ווייסט, קוים לאָזט ער יענעם אָפּ גייט ער אַרונטער צום גרונט. און דאָס וויל ער נישט, אויף קיין פאַל נישט. ער פילט ווי יענער נעמט זיך אים אַרויסגליטשן פון אונטער די הענט. ער וויל שרײַען נאָר די קעל איז אים פאַרהאַקט. ער ראַנגלט זיך מיט די לעצטע כוחות. און אָט גיט ער אַ גיי מיטן קאָפּ אַרונטער טיף, טיף און בלײַבט ליגן אַ דערשעפּטער, נאָר אויסצוגיין.

ער האָט געעפנט די אויגן. ער איז געלעגן אַ באַגאָסענער מיט שווייס. ער ווייסט אַליין נישט ווי ס׳האָט זיך דערנומען צו אים אַזאַ איבלדיקע פײַכטקייט. ער האָט לײַכט אויפגעשוידערט. געפילט אַן עקל צו זיך אַליין, צום אייגענעם לײַב זײַנעם. פון די לאָדנס אויבן פון די אויסגעשניטענע לעכער האָט זיך געזופּט דער גראָער שײַן פון באַגינען, געפאַלן אין אַ שטויביקן זײַל אין דער קרום איבער דער אויסגעקילטער שטוב, זיך איבערגעבראָכן איבערן טיש און דערטאַפּט דאָס לײַדיקע בעטל אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, ווי זוכנדיק דאָרט עפּעס אַ סימן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז געשטאַנען אַ האַלב־נאַקעטער אין די קורצע הייזלעך און לײַוונטענע לעטשלעך איבערגעבויגן איבער דער שיסל און זיך געפלוכעט מיטן שעפל שנײַדיקן וואַסער אויף די הענט, איבערן פּנים, אויפן מעכטיקן ברוסטקאַסטן, אויף די אַקסלען און פּלייצע, ווי ס׳וואָלט געווען אין מיטן זומער. ער האָט אײַליק אַרויפגעצויגן די צײַגענע הויזן מיטן רעקל, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דאָס לײַכטע האַרבסט־מאַנטעלע און זיך געקליבן צום גיין.

מיט האַלב־געשלאָסענע אויגן האָט אים משה מעט נאָכגעקוקט נאָך זײַן יעדן באַוועג אין דער געדיכטעניש פונעם גראָען פאַרטאָגס. ער האָט געזען ווי דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט גענומען די טעקע, נאָך אַ מאָל אַ נישטער געטון, צי ער האָט גאָרנישט פאַרגעסן עפּעס, און אַזוי מיטן האַריקן דעקאָלט פונעם אויפגעלייגטן העמדקאָלנער זיך געלאָזט צו דער טיר מיט שאָרכלאָזע טריט, ווי קיין מאָל גאָרנישט, נישט קוקנדיק צומאָל אין דער זײַט, ווו די צוויי מיידלעך זענען געלעגן אין ענגן בעטל צוגעשפּאַרט קאָפּ צו קאָפּ אָט אַזוי ווי בײַם אײַנשלאָפן.

משה מעט איז געלעגן אַ ווילנלאָזער, מאַכטלאָז, נישט צו רירן מיט קיין גליד, ווי אַ שווערע משא וואָלט אים געהאַלטן צוגעדריקט צום וואַרעמען געלעגער. זײַנע פאַרנעפּלטע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן ליידיקן בעטל מיטן קריכנדיקן טאָגפלעק, וואָס האָט זיך געהויבן העכער אויף דער וואַנט אַרויף. זײַן בליק איז אַריבער צום אַנדערן בעט מיט די שלאָפנדיקע מיידלעך, צונויפגעטוליעטע מיט די צעשויבערטע קעפּ. ער האָט געקוקט אויף זיי און נישט געקאָנט באַנעמען צי דאָס אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין מיטן דער נאַכט, איז געווען אין חלום צי אויף דער וואָר?

## קאַפּיטל איינס

# אַ ווינטערדיקער פרימאָרגן אויף גאָטס וועלט

דער שניי האָט געשיט אַ גאַנצע נאַכט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן צו פאַרווײַסן און פאַרקלאָרן, ריינוואַשן מיט זײַן אומשולדיקער ווײַסקייט ווו נאָר אַ פלעק, אַ שפּור פון שמוץ און ברוד. אַלץ אַרום איז שוין געווען אויסגעווײַסט. אומעטום ווו מ׳האָט געוואָרפן אַ בליק איז געווען ווײַס. די אָפענע פעלדער, וואָס ציִען זיך ווײַט הינטערן פענצטער, האָבן געמיניעט און געבלישטשעט מיט ליכטיקער קלאָרקייט. די שנייִקע ווײַסקייט האָט זיך אָפּגעזעצט פולכנע אויף די שיפּע דעכער פון די נידעריקע שטיבלעך פוןביידע זײַטן גאַס, זיך געהאַלטן געדיכט אויף די שטאַרע צווײַגן פון די ביימלעך פאַזע דעם שאָסיי בײַם אַרויסלויף פון געסל; זיך אָפּגעלייגט הויך פאַר די שוועלן בײַ טיר און טויער און בײַ די זײַטן פונעם אויסגעקרימטן פאַרקאַן. אַ שטאַרע ווײַסע וועלט מיט פאַרשיטע טראָטואַרן און פאַרווישטע וועגן און שטעגן.

פאַרטאָגס האָט געכאַפּט אַ פרעסטל. די לופט איז געווען לויטער און שאַרף. פונעם אָנגעפאַלענעם שניי האָט געשלאָגן צו די אויגן אַ בלענדנדיקע שײַן. נאָר נישט דאָס ליכט און נישט די פרעסטלדיקייט האָבן דערווײַל נאָך נישט געהאַט קיין צוטריט צו די אינעווייניקסטע ווענט פאַרשפּינטע אין פרימאָרגן־דערמערונג: צו די מענטשן אין די צוויי צימערלעך פון דער שטילער באַפּטיסטישער מישפּחה.

נישט לאַנג נאָך ענגלשטערנס אַוועקגיין, האָט זיך גענומען רודערן אין קיך. די טיר האָט זיך דאָרט געעפנט און פאַרמאַכט. מ׳האָט געהערט אָפּשאַרן דעם שניי פאַר דער שוועל, האַקן שײַטלעך האָלץ, אָנברענגען קוילן פון קעמערל. די צעהאַקטע שטיקלעך קויל זענען געפאַלן אין קעסטל אַרײַן מיט אַ דומפּענעם קלונג. באַלד האָט זיך געהערט אַ רוקן פון פײַערקעס און אַ פאָרען זיך בײַ געפעסן; אַ הויל געקלינגערײַ פון טעפּלעך מיט שטערצלעך, און ס׳פרייילעכע קנאַקן פונעם פײַער וואָס האָט זיך דערברענט אין דער קיך.

מיטן עפענען די לאַדנס אויף יענער זײַט פענצטער האָט זיך דער ווינטער־דיקער פרימאָרגן אַ כליאַפּע געטון אין דער שטוב אַרײַן מיט אַ פראַלנדיק ליכט. דאָס האָט די אַלטע, נאָכן מאַכן פײַער, געמאַכט טאָג אויך אינעם גרויסן צימער.

די בלאָנדע וואַנדע האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף אַ צעטומלטע פונעם העלן שײַן ווי זי וואָלט שוין געהאַט פאַרשפּעטיקט מי־יודע וואָס. זי האָט זיך מיט ביי־דע הענט אויסגעריבן די אויגן. זיך אויפגעזעצט אין בעטל און געגעבן אַ נעם צו־גויף דעם צעשויבערטן קאָפּ האָר אין אַ וואַלעק. געטון אַ בליק צום פאַרשנייטן דרויסן און אויף דער גיך אויסגעטון איבערן קאָפּ דאָס לאַנגע נאַכטהעמד. גע־כאַפּט פון צופוסנס דעם ראָזן ביוסטהאַלטער מיט די צונויפגעבונדענע פאַרפלאָנ־טערטע ראַמיאָנטשקעס. געגעבן אַ פּאַק אַרײַן די ראָזפאַרשפּיצטע בריסטלעך אין די ענגע שיסעלעך אַרײַן. אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ קורץ אויפגעריסן טאָגהעמדל און אַרויסגעשפּרונגען פון בעט אַרויס זוכן די מייטקעס. זיך אַרונטערגעבויגן אונטער איין בעט, אונטערן צווייטן און זיי געפונען ליגן צופוסנס אין איר אייגן בעטל, אין וועלכן ס׳איז די נאַכט געשלאָפן דער דאָקטאָר ענגלשטערן.

זי האָט זיך איינס און צוויי געגעבן אַ וואַש אַרום און שוין איז זי געשטאַ־נען, וואַנדע, אין ברוינעם קורצן פּאַלטנדל מיטן ביליקן פוטערנעם קעלנערל און בערעטל אויפן קאָפּ אַראָפּגערוקט הונטן אויף די פאַרלייגטע האָר מיט אַ פאַרב־טיק גזשיוקעלע, וואָס האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן שטערן.

אָנגעטוענערהייט האָט זי׳ עפּעס איבערגעכאַפּט אין קיך, וואָס די מאַמע האָט איר צוגעגרייט מיטצונעמען אין שקאָלע אַרײַן. מיטן קײַענדיקן ביסן אין מויל איז זי אַרײַנגעלאָפן אין שטוב נאָכן ראַניעץ, וואָס איז געלעגן אויף אַ שטול און צו־וואָרפנדיק דער פאַרטאָגיקער שטוב אַן אײַליקן „צום ווידערזען״, האָט זי נישט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר אין קיך אַרײַן.

נאָכן אַוועקגיין פון דער יונגער מויד, איז עפּעס געבליבן אַ ליידיקייט אין דער דאָזיקער שטוב מיט דער זאַשען אין איין בעט און משה מעטן אין אַנדערן. אין דער קיך האָט גענומען זידן דער טשײַניק. די הויפטיר האָט זיך דאָרט כסדר געעפנט און פאַרמאַכט. די אַלטע האָט זיך געדרייט אַרײַן און אַרויס. פון קיך אין קעמערל און פון קעמערל אין קיך אַרײַן.

אַן אויסגעליידיקטער מיט פוילע גלידער האָט משה מעט אַראָפּגעשטעלט די פיס אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע אַראָפּ און זיך גענומען אָנטון. אין בעטל אַנטקעגן אויף יענער זײַט טיש, איז די עלטערע שוועסטער וואַנדעס, די שוואַרצע זאָשע, געלעגן אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט אין פעסטן פאַרטאָגיקן שלאָף.

ער האָט באַטראַכט אויף זיך דאָס העמד, משה מעט, אַזאַ קלאָרס, אַ ווײַס, ווי דער שניי אין דרויסן. ער האָט עס נעכטן אָנגעטון מיט אַזאַ צופרידנקייט,

ווי ס׳וואָלט אים געטראָפן אַ גרויס גליק. נאָר איצט איז עס אים נישט אײַנגעגאַנגען, נישט די קלאָרע ווערטער, נישט דאָס ווייכע געלעגער. בעסער צו ליגן אויף די הוילע שטיינער אונטער דער בריק איידער אַזעלכע נעכט. ער איז געווען באַהערשט פון אַ קאַלטן גלײַכגילט צו אַלץ. אַן אַנדערש מאָל, ווען ער געפינט זיך אַזוי מיט אַ פרוי אין איין שטוב; זי איז אויסגעטון און ער איז אויסגעטון. ער וואָלט זיך עס אַליין נישט צוגעגלייבט. ער קען זיך דאָך גוט... אַז ס׳זאָל אים נישט געבן אַפילו קיין טשעפּ. ער האָט זיך נישט נאָכגעיאָגט נאָך בילע אַ פרוי. זי האָט אים געמוזט געפעלן. אָדער זי איז נישט געווען גלײַכגילטיק צו אים. די שוואַרצע, די זאָשע, האָט אים נעכטן לאַנג געדריקט די האַנט. ער איז איר געפעלן. ס׳קאָן זײַן, אַז זי ליגט און וואַרט ער זאָל אַרײַנקומען צו איר אין בעט אַרײַן. צוויי שוועסטערן און אַזוי נישט ענלעך איינע צו דער צווייטער. זי איז אין גאַנצן אַן אַנדער טיפּ ווי די וואַנדע. ווען יענע בלײַבט אַזוי אין שטוב וואָלט ער זיך נישט געקאָנט אַזוי לײַכט באַהערשן. אָט וועט ער זיך אַליין ווײַזן, אַז זי גייט אים נישט אָן, די זאָשע, אַז ער פילט צו איר דאָס זעלבע וואָס צו אָט דער וואַנט. ער איז פּאַמעלעך אויפגעשטאַנען נישט קיין רודער צו טון מיטן בעטל, און מיט שטילע באָרוועסע טריט אַרומגעגאַנגען דעם האַלבן טיש, געבליבן שטיין איבערן שוואַרצן מיידלקאָפּ, מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם, אַ באַהערשטער. געשטאַנען אַ ווײַל, געזען דעם ווײַסן האַלדז, דעם שאַרפגעשניצטן פּראָפיל, די פּושיסטע הערעלעך פון אונטערן קאַרק אָפּער, און מיט די זעלבע שטילע טריט זיך צוריקגעצויגן פונעם צוקאָפּנס, אויף הינטערווײַלעכץ, זיך זאָגנדיק אַליין:

— קריך נישט ווו מע דאַרף נישט. ניע דלאַ פּסאַ קעלבאַסאַ.[1] ס׳איז אַ צו טײַערער ביסן פאַר דיר.

ער האָט זיך צוריקגעקערט אויפן צולייגבעטל, משה מעט, גענומען אַרויפציען די שווערע זעלנערשע שיך אויף די פיס. זיי געלאָזט אַזוי מיט נישט פאַרבונדענע בענדלעך און זיצנדיק אויפן בעטל אַרײַנגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט אַרײַן. ווער איז פאַרט דער דאָקטאָר ענגלשטערן? אַ הייליקער צי אַ זשוליק? אַן איבערמענטש צי אַ וואָרעם? און ע ר האָט עס די אייגענע נאַכט גערעדט אַזוי שיין וועגן די אָרגיעס בײַ די פאַלשע משיחים, בײַ די גאָטהענדלער, די מיסיאָנערן, וועגן זייער אויסגעלאַסנקייט. און זײַן אייגן אויפפירן זיך איז נישט אויסגעלאָסן? זי איז דאָך נאָך אַ מינדעריעריקע, די גאַנצע וואַנדע. צי גיט ער זיך נישט אָפּ קיין חשבון דערפון? און אָט אַזעלכער ווערט עס פאַרגעטערט בײַ די מענטשן פון פאָלק. ער גייט אַרום צווישן זיי ווי אַ הייליקער, אַ באַוווּנדערטער. מ׳הערט זיך צו צו זײַנע רייד, זײַן וואָרט איז אַ געבאָט. און די ביכער

[1] קעלבאַס איז נישט פאַר קיין הונט

פון אַזאַ פאַרשוין זענען עס אײַנגעשלאָסן אין שולפּראָגראַם און באַשטעטיקט דורכן בילדונג־מיניסטער, ווי אַ מוסטערבוך פון גוטער דערציִונג פאַר די שילער. ער דאַרף עס זײַן זייער בײַשפּיל פון אָרנטלעכער דערצויגנקייט? ווער, אויב אַזוי, וועט א י ם דעמאַסקירן? ווו וועט זיך אָפּגעפינען דער, וואָס זאָל דעמאַסקירן דעם דעמאַסקירער. נישט אַנדערש נאָר מיטן דעמאַסקירן יענעם וויל ער פאַר־דעקן זײַנע אייגענע מיאוסע זײטן; זײַנע אייגענע חטאים, וואָס זענען אפשר אַ סך גרעסערע און האַרבערע ווי יענע און אפשר נאָך ווייניקער פאַרגעבלעך. און־טער וואָס פאַר אַ מאַנטל ער זאָל עס נישט וועלן פאַרדעקן און אויף וואָס ער זאָל נישט וועלן מוסטערן זײַן פירונג — בלײַבט די זינד — אַ זינד, און דער פלעק אויפן געוויסן נישט אַראָפּצונעמען. ס׳קומט דאָך אים צו מישפּטן ווי אַ געוויינט־לעכן פאַרברעכער, דעם ענגלשטערן. איצט פאַרשטייט ער שוין, משה מעט, פאַר־וואָס יענער האָט זיך אויסגענומען מיט אים נישט צו שטעלן קיין קשיות. ענגל־שטערן ווייס וואָס ער טוט און וואָס ער טוט איז רעכטפאַרטיק. שוין איין מאָל רעכטפאַרטיק!

די באַלעבאָסטע האָט לײַכט אָפּגעלענט די טיר. זי איז אַרײַנגעקומען אין אַ וואַטענעם שפּענצער מיט אַ געקראַטנט דערעלע אויפן קאָפּ:

— זאָל דער פאַן אַרײַנגיין. דאָס אָנבײַסן שטייט אויפן טיש. איך לויף צו אין דער יאַטקע אַרײַן צום קצבֿ. זאָל דער פאַן מלאָדי נישט אַוועקגיין. איך האָב צוגעזאָגט דעם דאָקטאָר אײַך אָפּצוהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. עס וועט דעם יונגן פאַן דאָ גאָרנישט פעלן. דאָס וואָרט פון אַ באַפּטיסט איז הייליק, פּאַניע. מײַן מאַן וועט זיך באַלד אויפהייבן, וועט ער אײַך געבן דאָס ראַזירמעסער. דער פאַן וועט זיך אַרומגאָלן וועט ער אויסזען אויף צען יאָר ייִנגער, יאַק באָגאַ קאָ־כאַם! [1] איר זענט אַזוי אויך נישט קיין מיאוסער. ווען איך בין אין אײַערע יאָרן פאַרליבט איך זיך גלײַך. זיי זענען דאָך סמאַרקאַטעס די הײַנטיקע פּאַניענקעס. די יונגע לויפן צו די אַלטע, נאָר עלטערע מענער געפעלט זיי. און עלטערע מיידלעך גרימאַשען אויף די מענער אין זייערע יאָרן. יונגע צוציקלעך גיב זיי, נישט אַנדערש. זיי ווייסן דען אָפּצושאַצן דאָס לעבן, יעדן יונגן טאָג וואָס גייט אַוועק מיט גאָר־נישט. זיי זענען דאָך מערדערס אויף זיך אַליין. יענע, די וואַנדע, נישט אַזוי. זי האָט באַלד געקריגן אַ חתן. יעדן אויפדערנאַכט קומט ער דאָ צו גיין. אַ גאַנץ וווּיל ייִנגל. נאָר אַ שמעגדע. שוין אַ צו שטילער. זי לאָזט זיך נישט פון אים אָנ־רירן. אַז ער גיט איר אַ גלעט איבערן אַרבל איז ער אַ גליקלעכער. זי איז בײַ אים אַ הייליקע. זי האַלט אים ווי אויף אַ קייט. מע טאָר נישט אַזוי. מיר האָבן זיך אַנדערש געפירט. אַ מיידל דאַרף נישט פון זיך אַזוי בלאָזן. ער האָט זי טאַקע

[1] ווי גאָט איז מיר ליב

ליב. ער ברענגט איר מתנות. זי קאָסט אים אָפּ אַ פּאַרמעגן. זי טויג זיך יאַקאָש אויס אַ ביסל, וואַנדע. נאָר זי, זאָשע, אין גאַנצן נישט. איך ווייס נישט אין וועמען זי גראָט אַרײַן. זי איז אַ שטאָלצע, אַ שלאַכעטנע. זי וואַרט די יינגלעך זאָלן קומען צו איר. זי קאָן לאַנג וואַרטן. פֿון הימל פֿאַלן נישט אַראָפּ קיין חתנים. אַ חתן דאַרף מען קאָנען פֿאַנגען, כאַפּן אויף דער ווענדקע ווי מע כאַפּט אַ פֿישל.

זאָשע האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ דריי אויס אין בעט און אָנגעקוקט די מאַמע אירע מיט אַ פּאָר גרויסע גראָע אויגן:

— אפשר וועסטו שוין אויפֿהערן, מאַטקאָ! אפשר וועט שוין זײַן גענוג אויפֿן ניכטערנעם מאָגן? כ׳האָב די נאַכט קיין אויג נישט צוגעטון. און פֿאַרטאָגס לאָזט מען אויך נישט כאַפּן קיין דרעמל, די איינע האַלבע שעה וואָס כ׳האָב נאָך צײַט.

— געדעכט, טאָכטער מײַנע, — איז דאָס מאַמעלע קלענער געוואָרן, — געדעכט. איך האָב שוין הײַנט גערעדט פֿאַר צען. דער פּאַן קאָן נאָך טאָקע מיינען, כ׳בין אַן אַלטע נודניצע. און דאָס וויל איך נישט, ווײַל כ׳בין עס נישט. נו זאָל דער פּאַן אַרײַנגיין צום פֿרישטיק.

די אַלטע האָט זיך אײַנגעבאָבלט אין דערעלע און געבליבן שטיין אין דער אָפֿענער טיר אַדורכצולאָזן משה מעטן פֿאָרויס און אַ שאָקל־טוענדיק הינטנאָרום מיט דער אָפֿענער האַנט צו דער טאָכטער, וואָס זי מאַכט איר אַלץ קאַליע, איז זי צוריק אַרײַן אין קיך.

אויפֿן קליינעם טישל בײַ דער וואַנט איז געשטאַנען אָנגעגאָסן אַ טעפּל מוטנע וואַסער, פֿאַרשוואַרצט מיט ציקאָריע, און צעשניטן ברויט אין אַ געפּלאַכטן שטרויען קיישעלע. דער סלאָיִק פּאָווידלע האָט אויך נישט געפֿעלט אויפֿן טישל.

די אַלטע האָט גענומען דאָס קיישל אײַנצוקויפֿן און פֿאַרן גיין אַ קוק געגעבן צום מאַן אין בעט. דער אַלטער איז געלעגן אויפֿן הויך־אויסגעבעטן געלעגער נאַווזנאַק, מיטן אויסגעצויגענעם פּנים צום בעליק מיט אַן אויפֿגעריסן אײַנגעפֿאַלן מויל ווי אַן אָטעם. זי האָט לײַכט אַ צי געטון די קאָלדרע אַ ביסל אַרויף און אים אײַנגעדעקט דעם אַקסל. זיך אויסגעדרייט צו משה מעטן און אַ שעפּטשע געטון:

— ער שלאָפֿט. זיך געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט, נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. כוואַלאַ באָגו,[1] אײַנגעדרעמלט.

אויף די שפּיץ פֿינגער האָט זיך די עלטערע פֿרוי געלאָזט גיין צו דער טיר. זיך געפּאַרעט אַ לענגערע ווײַל בײַם שלאָס און זיך אַרויסגעשאַרט אין ליכטיקן דרויסן אַרויס.

משה מעט האָט זיך אָנגעשמירט אַ שטיקל ברויט מיט פּאָווידלע, אַרויפֿגע־

[1] געלויבט צו גאָט

ליגט דאָס זיסע אײַנגעמאַכטס געדיכט, גראָב. געגעסן אויף ביידע באַקן מיט הנאה. זײַן בליק איז בעת־מעשה געפאַלן אויפן דערנעבנדיקן בעט. דעם קראַנקנס פּיס האָבן פון אונטער דער קאָלדרע אַפּער אַרויסגעשטאַרט טויטגעל, ווי וואַקס, און דאָס קנאָכיקע פּנים מיטן אָפענעם אײַנגעפאַלענעם מויל האָט אויסגעזען ווי בײַ אַ מת. אַרום דעם בעט האָט געשוועבט דער טויט. אַ שווערער ריח פון צוגע־פוילט לײַב האָט זיך געשפּרייט איבערן גאַנצן לענגלעכן קיכשטיבל.

משה מעטן האָט עס איצט מאָדנע נישט געאַרט. ער האָט געגעסן איין שטיקל ברויט נאָכן אַנדערן מיט גרויס אַפּעטיט און צוגעטרונקען די ביטערע יושקע.

ווען ער האָט אָפּגעפּרישטשיקט און צוריק אַרײַן אין אַנדערן צימער, איז זאָ־שע שוין געהאַט אויפגעשטאַנען. די שאַטיקע האָר זענען געווען פונאַנדערגעקעמט און געפאַלן פּושיסטע איבער די אַקסלען. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ גראָ באַר־כאַטן קליידל, נעט אָפּגעצויגן, אַרומגענומען מיט אַ בלאָ פּאַסיקל אַרום דער שמאָ־לער טאַליע. זיי האָבן זיך אויף אַ רגע באַגעגנט מיט די בליקן, וואָס האָבן זיך קעגנזײַטיק אויסגעזאָגט דעם בײַנאַכטיקן סוד, נאָר נישט ער און נישט זי האָבן קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלן וועגן דעם פאַרגעקומענעם צווישן ענגלשטערן און וואַנדע.

זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, זאָשע. זיך אויסגעדרייט צו משה מעטן, אָנגעשטעלט אויף אים אירע קײַלעכיקע גראָע אומעטיקע אויגן:

— ווי רופט מען אײַך?

— משה.

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און געוויזן צו די ווײַסגעשפּרייטע ליכטיק־פאַרשנייטע פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין די ווײַטקייטן אַוועק מיט שטיקער גאָלד און זילבער פון דער אויפגייענדיקער ווינטערדיקער זון:

— זאָל דער פּאַן משה אַ קוק געבן. סאַראַ שיינער טאָג הײַנט איז אין דרויסן. נאַסטאַיאַשטשע י ווינטער. כ׳האָב ליב אונדזער פּוילישן ווינטער, דעם שניי, די שטילע ווײַסקייט. אין אַזאַ גאָלדענעם טאָג דאַרף מען גאָרנישט וועלן. וואָס דאַרף מען מער אין אַזאַ טאָג. אין אַ טאָג פון שניי בין איך אָן פאַרלאַנגען. ער פּילט מיך אויס ביז די שפּיצן פינגער. אַז איך גיב זיך אַ דערמאָן וואָס עס שטייט מיר נאָך הײַנט פאָר, גייט מיר אַדורך אַ סקרוך איבער די ביינער. אויף מיר וואַרטן די מיראָווסקע האַלעס מיט די פּשעקופּקעס, מאַרקשטייערס, די גאַנצע כאַלאַסטע פון פאַרן אײַזערנעם טויער. אַ מענטש מוז דאָך פון עפּעס לעבן. נאָך דערצו אַז ס׳שטעלט זיך איצט דער סעזאָן. יעדער איינער מוז גיין אין שפּאַן. נאָר דעם אמת געזאָגט וואָלט איך גאָרנישט באַדאַרפט הײַנט מער. פאַר מיר איז גענוג, אַז ס׳איז אַ ווײַסער, אַ ווינטערדיקער טאָג אויף גאָטס וועלט.

---

1 אמתער, עכטער

קאַפּיטל צוויי

# ערב חגא־יאַריד פאַר די מיראָווסקע האַלעס

אין די מיראָווסקע האַלעס — פאַרן אײַזערנעם טויער — האָט זיך שוין אַ שטיק פאַר נײַ־יאָר געקאָכט ווי אין אַ קעסל. דער ערב יום־טובדיקער יאַריד האָט זיך דאָ אָנגעהויבן פרי. גאַנצע צוויי חדשים פאַר די חגאות האָט מען זיך שוין פונאַנדערגעשפּרייט מיט די הילצערנע געשטעלן, בוידן און טישן — הויכע אויף סטאַלוגעס, און נידעריקע אויף אונטערגעשפּאַרטע קלעצלעך.

דער גאַנצער ליידיקער פּלאַץ פאַר די האַלעס ביז איבערן שיטערן אויסגע־קראָכענעם סקווערל אַריבער צווישן דער זשאַביע־גאַס און גראַניטשנע איז מיט איין מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וווּנדערלעך שיין פאַנטאַסטיש שטעטעלע, אָן אויסגעסטראָיעטס מיט פילפאַרביקע אויסטערלישע פאַרצירונגען און אָנגעשאָטן מיט ווײַסע פּוכיקע פליטערלעך שניי.

ווי דורך אַ כישוף־שפּרוך איז איבער נאַכט אויסגעוואַקסן בײַ די ראַנדן אַ לעבעדיק וועלדל פון יונגע סאָסנע־ביימלעך, וואָס די פויערן האָבן אָנגעבראַכט אויף פורלעך פון אַרום וואַרשע. די כאָיִנקעס זענען געווען אײַנגעפיגעוועט אין ברעטלעך. זיי זענען געשטאַנען גראַדע און גלײַכע און זיך געהאַלטן ווי אַ ליכט אין אַ שפּאַרער. געדיכט צעשטעלט אין לאַנגע רייען האָבן זיי פאַרנומען אַלע ליי־דיקע ווינקלען, די שמאָלע טראָטואַרלעך אַרום סקווער און די ברייטע טראָטואַרן בײַ די ווענט ביז אַראָפּ צו דער כלאָדנע, פון איין זײַט, און זאַקסישן גאָרטן פון דער צווייטער זײַט האַלעס. די טראַמווײַען מיט די דראָשקעס און פויערישע וועגענער האָבן זיך קוים געקאָנט אַדורכקריגן דורך דער ענגשאַפט.

און פונקט ווי דער יאַריד האָט זיך דאָ פרי אָנגעהויבן אַזוי האָט ער זיך שפּעט געענדיקט. דער ערב חנוכּה טאַרג האָט דאָ אָנגעהאַלטן צום לענגסטן פון אומעטום. ער האָט זיך געצויגן לאַנג אַזש ביז צום יום־טוב פון די דרײַ מלכים.

באַלד פון די ערשטע טעג, ווי נאָר דער יאַריד האָט זיך געשטעלט, זענען די פּוילישע באַלעבאָסטעס געקומען אַהער אײַנקויפן, זיי זאָלן האָבן אַלצדינג צוגעגרייט און נישט דאַרפן לויפן אין דער לעצטער מינוט. פּוילישע פרויען האָבן זיך פּײַנט צו יאָגן, צו טון זאַכן כאַפּעדיק. פון פאַרטאָגס אָן איז געווען אַן עולם געהרגעט צו ווערן. מ׳האָט געטאַשטשעט די פולע קוישן, ווי מע וואָלט זיך געווען געריכט אויף אַ פרישער מילחמה און מע דאַרף זען אָנגרייטן וויפל ס׳לאָזט זיך. די קויפערס — די פּראָסטע אין אָפּגעטראָגענע קליידער און די פּאַצעטן — האָבן געשלעפּט די כאָזנקעס ווי געשאָכטענע קעלבער.

אין אַלע פּוילישע שטובן האָט מען זיך שוין באַצײַטנס גענומען גרייטן צו די ווײַנאַכט־יום־טובים. מ׳האָט אָנגעהויבן אַרײַנברענגען אין שטוב אַרײַן די הייליקע מאַלאָווידלעס מיט די שוויטשידעלקעס. די פאַרביקע צונויפגעלייגטע קאַרטאָנדלעך, און צאַצקעדיקע מיניאַטורלעך, אויסגעקנעטענע פון ליים און געגאָסענע פון גיפּס. די אַלע פאַבריצירטע הייליקע בילדלעך, באַרעליעפן און פיגורלעך האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די גאַנצע מעשה מיט די דרײַ קסרים. אויף די סטאַנדן און בוידן איז געלעגן דער שניי, וואָס איז אָנגעפאַלן איבער נאַכט. דער פראָסט האָט געגעבן אַ כאַפּ מיט אַמאָל. דער שניי האָט געטרעשטשעט אונטער די פיס. אויף די טישן מיט די רעליקוויעס איז געלעגן דער קליינער אויפן בינטל היי אין אָפענעם שטעלכל — אַ נאַקעטער מיט פאַרהויבענע פיסלעך און רויטן טעכעסל און אַרויפגעקוקט מיט די בלאָע אייגעלעך צו די גלײַכגילטיקע צוקוקערס. דאָס גאָלדענע זונרייפל אַרום קאָפּ האָט באַלויכטן דעם גאַנצן שײַער מיט אַ העל געטלעך ליכט. באַלד איז גרויס און קליין זיך געקומען בוקן צו אים. דער לייב מיטן שעפּס, דאָס אייזל מיטן הירש, די פייגל פון וואַלד. און די דרײַ הויכע און דאַרע קסרים, וואָס זענען געקומען פון דרײַ עקן וועלט און מיטגעברענגט מיט זיך אַ סך מתנות, זענען אַרײַן אין שײַער און זיך געבוקט פאַרן קליינעם.

די אַלע שיינע זאַכן מיט די מלכים און פייגל זענען געווען אויסגעלייגט אויף די סטאַנדן און פאַראַפּעטן פון די בײַדלעך צו פאַרקויפן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ווײַנאַכט־אַרטיקלען. ס׳איז געגאַנגען אַ מיסחר מיט הייליקע פיגורלעך. מיט יעזוסלעך אין קליינע וואַניענקעלעך. שוויענטע מיקאָלײַס מיט לאַנגע ווײַסע בערד און רויטע נעז זענען געלעגן לעבן נאַקעטע מלאכימלעך אין געשטאַלט פון בלאָנדע מיידעלעך מיט ווײַסע קאַטשענע פליגל און בלאָע וועלאָנען. צופוסנס די הייליקע מוטערס אין ראָזע שלאָפראָקן האָבן זיך געוואַלגערט דאָמיניקאַנער

און קאַפּוצינער מאַנאַכלעך מיט פּרומפּאַרגלאָצטע אויגן און הילצערנע טרעפּעס אויף די באָרוועסע פיס.

פון די סטאַנדן האָט אַראָפּגעבלישטשעט פײַער־רויטע, אָראַנזשענע, גרינע, בלאָע און געלע צעשפּיגלטע באַלאָנדלעך און בײַנקעלעך, אויסגעבלאָזן פון דין גלאָז, באַהאָנגענע מיט גאָלדענע און זילבערנע פּעדעמלעך און שטערנדלעך.

אַ רעגנבויגן פון פאַרבן האָט זיך געמיניעט פאַרן אויג פון די אַלערליי באַפּוצעכצער צו די כאַנוקעס. ס׳האָט געצויגן צו פאַרזוכן די פאַרשידענע מינים געפאַרבטע זיסוואַרגן, די באַפּוצטע קיישעלעך לאַנדרינקעס, ראַטשקעס, שעפּסעלעך פון צוקער, קיכעלעך און לעקעכלעך, טאָרונסקע פּיערניקעס מיט אַרויפגעקלעפּטע פּאַפּירענע מלאָכימלעך, קאָלירטע אייער, וויאַנקעס און שאַלאַמויזן.

ייִנגלעך זענען געשטאַנען מיט בענגאַליש פײַער, געצונדן קאָלירטע שוועבעלעך און זיי געוואָרפן אין דער לופטן. אַנדערע ייִנגלעך האָבן פאַרקויפט שאַכטלען פײַערווערק. און קליינע יאַטלעך האָבן געהאַלטן אין האַנט צו פאַרקויפן ראַלקעס שמעקפּאַפּיר מיט אָנגעצונדענע זידנדיקע ברעגן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַ געסראָכע מיט אַ רויך, נאָר דערשטיקט צו ווערן לעבן זיי.

אויף קליינע הויכע טישלעך האָבן אַלטע גויעלעך פאַרקויפט ליפּעץ, וואָס זיי האָבן געהאַקט פון ראָזע און ווײַסע בלאָקן מיט קליינע העמערלעך אין פּאַפּירלעך אַרײַן.

וואָס נענטער צו די האַלעס מיטן גרויסן טויער אַלץ געדיכטער און פאַרפּאַקטער איז געווען דער פּלאַץ מיט די הענדלערקעס און מאַרקשטייערס. פּאָרנט, פאַרן אַרײַנגאַנג, פון ביידע זײַטן טראָטואַר איז נישט געווען קיין שפּילקע צו וואַרפן. איבער יעדן קרישקע אָרט האָט מען זיך געקריגט און געריסן. איין שטיינפּליטע איז געווען פאַרנומען פון צוויי־דרײַ הענדלערס מיט דער אויסגעלייגטער וואָכעדיקער סחורה  וואָס מע דאַרף נאָך דערווײַל האָבן אויף יעדן טאָג. אַ זעקעלע ציטרינען, אַ קיישל מילכוואַרג, צוגעלעגענע ווינטערדיקע עפּל אויפן שטיק, און אַ ביסל צעלניק, האָרנאָדלען, אַגראַפקעס און זאָקנבענדלעך, וואָס האָבן זיך געריסן פונעם פּלאַכן קעסטעלע, מע זאָל אויף זיי אויך וואַרפן אַ בליק.

בײַ די רינשטאָקן אַרום דער רויטער ציגלנער געביידע פון די האַלעס האָט זיך געצויגן אַ ריי „חסדלעך“, האַנטוועגעלעך מיט שמוק־אימיטאַציע, וואָס איז אין דער צײַט די גאַנגבאַרסטע סחורה. אין אויסגעבעטע לוקסוס־פּידעלעך זענען יחוסדיק געלעגן שנירלעך פּערל, בראָלאָקלעך, שווישטשענדיקע בראָשקעס, אויירינגען, קייטלעך און בראַסלעטן פון „טראָמפּייטן־גאָלד“ צו ביליקע פּרײַזן. די גאָלד־סוחרים מיט אויסגעריבענע אַרבל און אויסגעקראָכענע פוטערנע היטלען זענען דאָ נישט געשטאַנען אַליין. זיי האָבן מיטגעבראַכט די ווײַבער פון דער היים, זיי זאָלן היטן די קראָם. מ׳האָט געמוזט האַלטן אַן אויג אויף די שלעפּער־

לעך, די לאַכודרעס, זיי זאָלן נישט עפּעס אַראָפּפּײַפן פון וועגעלע אַראָפּ. יעדע קלייניקייט באַטרעפט באַלד בײַ זיי אַ מאַיאָנטעק. זיי וועלן שטיין און געפרוירן ווערן און די גנבימלעך וועלן אַראָפּנעמען די סמעטענע.

וויפל ס'איז נישט פול געווען אין דרויסן מיט געקאָך און געטומל האָט זיך אינעווייניק אין די האַלעס געטון נאָך אַמאָל אַזוי פיל. די יאַטקעס הינטער די דראָטענע שאַטקעס האָבן זיך געבראָכן פון די פליישן. פון די געזילבערטע שפּיציק־אויסגעבויגענע האַקעס האָבן אַראָפּגעשווערט די בלוטיק־רויטע זײַטלעך פלייש פון פרישגעקוילעטע אָקסן, קעלבער און חזירים מיט די דאַרע עקלעך. די קצבים אין די ווײַסע פאַרטעכער האָבן פלינק געאַרבעט מיט די פאַרבלוטיקטע מעסערס און העק, באַקלעפּט און באַשפּרענקלט מיט שוואַרצע שטיקלעך געזעצט בלוט. די קײַלערס האָבן געהאַקט און געשניטן דאָס רינדפלייש, געזעגט מאַרכביינער מיט שמאָלע זעגעלעך, געוואָרפן אונטערן בופעט גראָבע פאַסן געלן פעטס און געפּאַקט די צעשניטענע שטיקלעך פלייש אין די אָפענע פּיסקעס אַרײַן פון די גרויסע בײַכיקע פליישמאַשינקעס, וואָס האָבן עס באַלד אַרויסגעקוועטשט פון זיך אין דינע קישקעלעך צעמאָלן פלייש — אויף קאָטלעטן און קלאָפּסן.

די קונים האָבן געריסן פון די הענט, פאַרשטופּט ס'אײַנגעפּאַקטע פלייש אין די קיישלעך אַרײַן, אַריבערדערלאַנגט דאָס געלט איבער די קעפּ. און נישט באַוויזן צו נעמען קיין רעשט. געוואָרן געשטויסן און געטראָגן ווײַטער מיטן שטראָם אַוועק.

אויך בײַ די פיש האָט זיך געטון קאָפּ אויף קאָפּ. די פישערס און פישערינס אין די לעדערנע און גומענע ברייטע שירצן האָבן מיט לאַנגע מעסערס אַרומגעשאָבן די שופּן, געהאַקט קעפּ און וויידלען, געקראָכן מיט די פינגער אין די אויפגעשניטענע בײַכער, אַרויסגעצויגן די גאַל צוזאַמען מיט די אינגעווײדן, די קישקעס מיט דער בלאָז.

די קאַרפּן און די לעטשעס האָבן זיך געצאַפּלט און געוואָרפן, מיט אַן אײַזערנער גבורה, זיך אַרויסגעגליטשט פון די הענט, געשפּרונגען איבערן ברעטל און געפּליאַסקעט מיטן עק אין אַלע זײַטן. די פישער־ווײַבער האָבן זיי פאַרגלושעט מיט אַ זעץ איבערן מוח מיטן הילצערנעם האַמער. דאָס פישל האָט שוין געלאָזט מיט זיך מאַכן אַלצדינג, וואָס די פישערינס האָבן געוואָלט און דאָס קלעפּיקע פישבלוט האָט זיך זיי געגאָסן איבער די שיינע פרויִשע הענט זייערע.

אַלע הענדלערס האָבן געלייזט אַ סך, געזשויבעט פולע בײַטלען מיט געלט. די קריסטלעכע גרינגוואַרג־פּאַרקויפערס און די יידישע אויבסטהענדלערס האָבן אויסגערופן זייער סחורה מיט איבערגעטריבענע שבחים, געלויבט אין הימל אַרײַן, איבערשרײַענדיק איינער דעם אַנדערן, און וואָס מער זיי האָבן געשריגן אַלץ מער

האָבן די קונים געגראַטשקעװעט, זיך געשטופּט צו זיי מיט די קײשלעך און טאָרבעס.

די מיראָװסקע האַלעס זענען איבערגעגאַנגען פון מענטשן. אין די טויערן איז נישט געװען מעגלעך זיך דורכצוקריגן. װיפל ס'האָבן זיך געמיט אַרײַנצוגיין אַזוי פיל האָבן זיך געשטופּט אַרויסצוקריגן זיך פון דער ענגשאַפט.

דער פראָסט האָט געקנאַקט. קיינער דאָ האָט נישט געפילט די קעלט. די פּאַרקויפערינס און הענדלערקעס זענען געשטאַנען אין װאַטענע און באַראַנקאָװע באַמבאַשן, אײַנגעהילט אין דרײַפּערטלדיקע סטרוזשאַװסקע קאַזשוכעס. בלויז די פינגער האָבן אַרויסגעקוקט בלאַנבלאָע פון די האַלבע הענטשקעס מיט די אָפּגע־האַקטע שפּיצן צו קאָנען ציילן ס'לייזעכץ. זיי האָבן געגװאַלדעװעט מיט גראָבע הייזעריקלעכע קולות, װאָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט די יונגע פּײַפּנדיקע שטי־מעלעך, געררופן די קונים נישט צו װאַרטן אויף דער לעצטער סעקונדע, נאָר שוין איצט אָװעקכאַפּן די װילדע מציאותן, כל־זמן ס'איז ביליק.

שפּעטער אַ ביסל האָבן זיך געיאָװעט די שפּילצײַג־הענדלערקעס. צו מייסטנס איז די דאָזיקע בראַנזשע אײַנגעשטאַנען אין די הענט פון יונגע װײַבלעך. אין גרעסטן טייל מיט זייגקינדער אויף די הענט; מיט פּיצלעך שװעלבלעך, װאָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן אָן דער מאַמעס פּאָלע. נאָכן אָנקאָרמען דאָס פּיצלס זענען זיי אַרויסגעקומען, די יונגע װײַבלעך, פאַר די האַלעס מיטן װוזיק סחורה. דאָס קינד האָבן זיי געהאַלטן אויף דער האַנט און דאָס װוזיקל איז געװען אָנגעלייגט מיט שפּילצײַג. טרומייטעלעך, גומענע לאַלקעלעך, רויטע סאַמאָכאָדלעך, קינדערשע קיכקאָמפּלעטן אַרויפגעגייט אויף טעװעלעך. זיי האָבן געשריגן מיט באַנומענע קולות, העכער פון אַלע. איבערגעשריגן די בויד־שטייערקעס מיט די סטאַנדן־טומלערס און טאַקע געלייזט מער פאַר אַלעמען, װײַל ס'זענען געװען גראָשעדיקע אַרטיקלען. מ'האָט זיי גערן געגעבן צו לייזן, זיי זאָלן נישט דאַרפן לאַנג שטיין אויפן פראָסט מיטן קינד אויף דער האַנט.

זיי האָבן נישט געצאָלט קיין פּלאַצאָװע, די דאָזיקע װײַבלעך. ערשטנס זע־נען זיי נישט געשטאַנען קיין פולן טאָג און צװייטנס האָט זיך זיי נישט געלוינט. װיפל זיי האָבן געקאָנט, האָבן זיי זיך דורכגעשמוגלט, מע זאָל זיי נישט כאַפּן. מ'האָט זיי גערופן „גאַפּאָװניקעס", „פון דער גאַלעריע". אַז זיי האָבן געזען אַ פּאָליציאַנט האָבן זיי געגעבן אַ פּאַק אַרײַן ס'קינד אין װוזעק אַרײַן און אײַנגע־דעקט עס צוזאַמען מיטן ביסל סחורה, זיך געמאַכט פאַר מאַדאַמען, װאָס זענען געקומען אײַנקויפן מיטן קינד אין װוזיקל.

אין דער גרויסער גראַטשקע, װען ס'איז שוין נישט געװען צו קריגן קיין פּיצל פּלאַץ, איז פון אַ זײַטנגעסל אָנגעקומען אַזאַ קינדער־װעגעלע מיט שפּיל־צײַג. די שװאַרצע זאָשע האָט געשטופּט דאָס װעגעלע. פון איין זײַט האָט זי באַ־

גלייט אַ הויכע דאַרע פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט און פון דער צווייטער — אַ זעלנער מיט אַ פריש אָפּראַזירט פּנים. דאָס בלאָנדקירטע ווענעלע איז געווען אָפּגעריבן ביי די זייטן. איין רעדל האָט אונטערגעהונקען. כסדר געצויגן אויף אַ זייט, זיך לויז געוויגט אויף דער שייבע. זאָשע האָט עס יעדעס מאָל אַריינגערוקט מיט אַ קלאַפּ מיטן פוס אין רעדל.

דאָס יונגע ווייבל האָט זיך ווי געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן פאַרן זעל־נער, וואָס איז דאָס מאָל מיטגעקומען מיט איר שותּפטע. די שוואַרצע זאָשע איז געווען אָנגעלאָדן אויף איר, וואָס זי האָט זיך אַזוי לאַנג געפּאָרעט אין שטוב מיטן קינד, ס׳וועט שוין באַלד נישט זיין ווען צו לייזן, שוין באַלד נאָכן טאָג. זי קאָן זיך דאָך אָבער נישט צערייסן. וואָס ווייס אַ קינד. צי ס׳האָט יאָ אַ טאַטן אין שטוב צי נישט — אַ קינד פאָדערט דאָס זייניקע.

— פּאַניע דראָגי, [1] — האָט זי אַריינגערעדט אין משה מעטן איבערן גאַנצן וועג, — וואָס קאָן מען טאָן היינטיקע צייטן. נאָך דערצו מיט אַ קינד אויף דער האַנט. דער מאַן זיצט. שוין באַלד דריי חדשים. ער האָט געהערט צום שטרייק־קאָמיטעט. האָט מען אים איינגעזעצט. בין איך געבליבן ווי אויפן וואַסער. אָט זי אַליין, איר שותּפטע, די זאָשע. גאָלדענע הענט! וויפל האָסטו געאַרבעט אין דער קנעפּפאַבריק, זאָשע? ס׳צווייטע יאָר? נו, האָט מען זי נישט אָנגענומען פאַרן קאַרק און אַרויסגעשטעלט אויף דער אַנדערער זייט טיר אָן אַ „פּשעפּראַשעם״ [2]. אַ שטילע, מ׳האָט איר פאַרע נישט געהערט פון מויל. זיך געזעסן רויק ביי דער שניידמאַשין און אַרויסגעגעבן מער סחורה פאַר אַנדערע. איז געקומען דער שטרייק און היידאַ אויף דער גאַס אַרויס. מילא, איך — בין אַ יידישע. זי איז דאָך שוין נישט קיין יידישע, זאָשע, אַ כזשעשטשיאַנקע, [3] און אויך איר האָט מען געהייסן גיין, זי זאָל נאָך אַמאָל וויסן, אַז ביי אויסצאָלערן אין פאַבריק טאָר מען נישט שטרייקן. זאָל נאָר מיין מאַן אַרויס פון פּאַוויאַק. ס׳וועט זיי גאָרנישט ווערן געשאָנקען, נאָר גאָרנישט, היינט איז זייער צייט.

— וואָס האָבן מיר געקאָנט מאַכן, — האָט זיך דאָס ווייבל געפּרוווט פאַר־ענטפערן פאַר זעלנער, — אַז דער טעראָר האָט געהאַלטן אין איין בושעווען. אַלע נאַכט זענען פאָרגעקומען אַרעסטן צווישן די קנעפּפאַרבעטער. דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן. אַ האַלבער קאָמיטעט איז שוין געזעסן אין פּאַוויאַק. דער הונגער האָט גענומען דערקוטשען. אַ קינד וויל נישט וויסן פון קיין חכמות. און אַזוי האָט אונדז דער וועג געפירט פון דער קנעפּפאַבריק צו די מיראָווסקע האַלעס.

---

[1] טייערער מענטש
[2] זייט מוחל
[3] קריסטין

נאָענט בײַ די האַלעס זענען זיי אַלע דרײַ אַראָפּ מיטן ווזיק פון טראָטואַר און אַרויף אויפן מיטן גאַס, זיי זאָלן גיכער קאָנען צוקומען צום צענטער פּלאַץ אַנטקעגן טויער, ווו ס'איז אויך מער געזיכערט נישט גענומען צו ווערן אויפן אויג פון די פּאָליציאַנטן, וואָס שווענדן[1] זיך מער אַרום בײַ די ראַנדן, ווי דאָרט אין דער טיף פונעם גרויסן פּלאַץ.

די שוואַרצע זאָשע האָט זיך די גאַנצע צײַט נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. ווי נאָר זי האָט דערפילט דעם ריח פון די האַלעס איז זי געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. אַפילו דאָס קול האָט זיך בײַ איר געענדערט, געוואָרן גרעבער, האַרטער, רויער. מיט אומגעדולד האָט זי איצט צוגעוואָרפן דער שותפטע אירער:

— געננוג, ריווקאַ, מיר זענען נישט איצט אין שטוב. מע דאַרף דאָ האָבן אויגן, מע זאָל זיך נישט פאַרלירן.

זאָשע האָט געהאַלטןביידע הענט אויפן ניקלנעם שטאַנג און געשטופּט דאָס וועגעלע שפּילצײַג צודרינגלעך מיט עקשנות דורך דער געדיכטעניש אַדורך און אַפילו קיין קוק נישט געגעבן צי די באַגלייטערס אירע בלײַבן נישט אַמאָל אונטערשטעליק. ס'איז גענוג איין פאַרגאַפּע, מע זאָל זיך פאַרלירן און אַרומזוכן אַ גאַנצן טאָג ביז מע געפינט זיך אָפּ צוריק. זי איז גלײַך געוואָרן דורכגענומען מיטן אימפּעטיקן געאײַל, ווי נאָר זי איז אַרײַן מיטן ווזיק צווישן דער גרויסער באַוועגלעכער מאַסע. זי איז געקראָכן אויף די מענטשן אַרויף מיטן וועגעלע, נישט געהערט די זידלערײַען פון די ווײַבער, וואָס האָבן זיך קוים געקאָנט אַ ריר טון מיט די שווערע קוישן. זי האָט זיך נאָר געריסן פאָרויס און נישט געלייגט קיין אַכט אויף די גאַפּעס, די נײַגעריקע פאַרבײַגייער און צוקוקערס, וואָס האָבן נישט געקאָנט אָנזעטיקן דאָס אויג זייערס מיט דער פאַנטאַסטישער פילפאַרבי־קייט פון דער האַנדל־וואַנדל־פּאַנאָראַמע אויפן ערב חגא־יאַריד פאַר די מי־ראָווסקע האַלעס.

1 דרייען

## ק אַ פּ י ט ל   ד ר ײ

# ווי אַ שטיין וואָס גייט אַראָפּ צום גרונט

די שוואַרצע זאַשע האָט אויפגעלעבט אויפן יאַריד. ס'האָט זי פאַרכאַפּט דער באַוועגלעכער פאַרביק־צעשפּילטער מיראַזש אין דער שנייִקער ראַם, וואָס האָט זיך געצויגן מיט די דאַכראַנדן איבער די הײַזער אַרום פּלאַץ מיט די בוידן. זי איז מיטגעריסן געוואָרן מיט די כוואַליעס ווי די אײַזקרייִעס אויף דער ווײַסל ווען זי גייט אַרויס פון די ברעגן. ס'האָט דאָ געשמעקט מיט פאַררײַסנדיקן פאַרביקן הפקר און האַזאַרד, מיט פרײַע הילכיקע געלעכטערן, מיט רויען אינסטינקט און מאַכט פון דער פויסט; מיט דעם אַלעם, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהאַט מיט איר קיין שייכות, געווען ווײַט פון איר און פון איר שטוביקער אַטמאָספער, געווען פּונקט דער היפּוך פון דער ביבלישער אידיליע, וואָס האָט אַלע יאָרן אויסגעפּילט דאָס אַרויסגערוקטע באַפּטיסטישע הויז אינעם פאַרוואָרפענעם געסל דאָרט אויף פּראַגע.

ס'האָט זי אײנצײַטיק אויך פאַרווילט די נײַע ראָל אירע, וואָס זי האָט זיך באַמיט אויסצופירן מיט גרויס בריהשאַפט, ווי זי וואָלט פאַרמאָגט אין זיך אַ מאַרקשטייערישע זשילקע, ווי די אַלע דאָ, וואָס זענען ווי געבוירן דערצו, צו זײַן אַ גאַנץ לעבן יאַרידן־שטייערס, מאַרקמענטשן, גאַסנהענדלערס.

אַז זי גיט אַ קום אַרויס פאַר די האַלעס, פילט זי ווי זי קריכט אַרײַן אין אַן אַנדערער הויט. זי איז דאָ נישט די זעלבע וואָס אין דער היים. דאָרט נעמט איר אָפּ דער חשק אפילו צום לעבן, אין שטוב דאַרף זי גאָרנישט. ס'פעלט איר גאָרנישט און זי וויל גאָרנישט. זי פילט דאַן ווי די כוחות מיטן ווילן רינען פון איר אויס ביסלעכווײַז, ווי די וואַסער־טראָפּנס, וואָס רינען אַרויס פון אַ געלעכערטן טאָפּ — טראָפּ נאָך טראָפּ.

דאָ אויפן טאַרג גליסט זיך איר אײַנרײַסן אַ וועלט. ווי נאָר זי גיט זיך אַ דערזע צווישן די יאַריד־מענטשן, מיט זייער אימפּעט און ענערגיע, מיט זייער חשק צו לייזן געלט, פאַרקויפן די סחורה, האַנדלען און פאַרדינען וואָס מער — צעשפּילט זיך אין איר די אַמביציע אַריבערצושטײַגן אַלעמען, אַריבעריאָגן זיי,

די אַלע געביפֿטע אויסטויגערס, די אַלטע מאַרקלײַט; װײַזן זײ װאָס די שװאַר־צע זאַשע קאָן; אַז די „טשאַרנולאַ”, װי מע רופֿט זי דאָ, איז אויך נישט פֿון די צװײ פּאָר אַ דרײער. נאָך דערצו הײַנט, אַז זי איז אַרויסגעקומען נישט אַליין מיטן ייִדישן װײַבל, נאָר אויך מיט אַ מאַנצפּאַרשױן בײַ דער זײַט; אַז זי האָט לעבן זיך אַ זעלנער פֿון פּראַנט מעג זי אַוודאי שטײן אין גרויסן. זי װעט זײ אַלע הערן װי דעם קאָטער. הײַנט װעט זי דאָ שטײן, װו זי װעט װעלן און נישט װו זײ װילן.

אַלע מאָל האָט זי זיך געמוזט האַלטן אַ ביסל אָן אַ זײַט, מער בײַ דער װאַנט, פֿאַרשטופּט אין אַ װינקל. מ׳האָט זי נישט געלאָזט אײַנשטײן אויף קײן אָרט. װער ס׳האָט געהאַט אַ האַנט מיט אַ פּוס האָט זי געשטופּט און געשטויסן פֿון זיך. ס׳איז שוין רעכט נישטאָ קײן װינקל, װו זי זאָל נישט האָבן געשטאַנען מיטן װוזיק סחורה. צום ערשט, אַזוי װי זי איז אַרויסגעקומען, האָט זי זיך גע־געבן אַ שטעל אַװעק אויבן אָן בײַ די בוידן. נאָר באַלד האָט זי יעדער גענומען שטופּן אַ ביסל װײַטער פֿון זיך, אַלעמען פֿאַרשטעלט זי די קראָם. זאָל זי צו־לאָזן אַ קונה, זאָל זי. טאָ װו זאָל זי זיך אַהינטון מיטן װוזיק? נעמען אויפֿן קאָפּ אַרויף אפשר? אויפֿן קאָפּ אַרויף נישט, זאָל זי זיך נאָר געבן אַ רוק אַ קלײן ביסעלע, צו יענער בויד צו. זי האָט זיך אַזוי געררוקט פֿון בויד צו בויד, ביז זי איז װידער אויסגעקומען בײַ די „חסדלעך”, די ייִדישע גאָלד־סוחרים מיט די האַנטװעגעלעך, די הענדלערס פֿון ביליקע שמוקזאַכן און פֿון דאַנען איז שוין געװען אײן טריט צו דער װאַנט מיט די פֿאַרפֿוילטע עפּל און פֿאַרפֿרוירענע מײערן און ציבעלעס, װו קײנער האָט שוין נישט קײן שמעק געגעבן אַהער.

צוליב דער ייִדישער שותפֿטע אירער מיטן שװאַרצן „באַכאַר”[1] אויף דער האַנט, האָט זי אַליין אויך שוין נישט געװאָלט צופֿיל רײצן די פּױלישע פּיסקאַטע „באַבעס” פֿון די בוידן און סטאַנדן. װען זי איז אַליין טרעט זי נישט אָפּ. זי װאָלט זיך אויסגעלאַכט פֿון זײ. יענע האָבן איר נישט געקאָנט פֿאַרגינען, װאָס זי לײזט אַ סך. זי האָט אי די פּױלישע קונים אי די ייִדישע. די פּױלישע פּרוּװען גיבן איר צו לײזן װײַל זי איז אַ זײעריקע, אָן אײגענע, און די ייִדישע קונים — װײַל איר שותפֿטע איז אַ ייִדישע און מיט אַ קינד אויף דער האַנט. זײ האָבן איר שטענדיק געזאָגט די מאַרקװײַבער, אַז זי האָט אַ „זשידאָװסקע קעפּעלע” אויף זיך; אַז מ׳האָט שותפֿות מיט אַ ייִד, האָט מען די װעלט און יענע װעלט. נאָר ענדיקן ענדיקט זיך עס שטענדיק שלעכט און אויך איר װעט עס נישט מײַדן. לעצטנס זענען זײ שוין גאָר געװען חוצפּהדיק צו איר, די פּשעקופּקעס. צוליב די סטודענטלעך מיט די װײַסע היטעלעך מיט די שפּיצן. זײַ קומען דאָ אָפּט, די

---

[1] ממזרוק

אומגעבעטענע געסט. טיילן צעטעלעך מע זאָל נישט קויפן בײַ ייִדן. לאָזן נישט צו קיין פּוילישע קונים. אויך צו איר לאָזן זיי נישט צו, כאָטש זי איז אַ פּוילישע. איצט האָט זי זיי טיף אין דר׳ערד. זי האָט דאָ לעבן זיך אַ זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי, אַ זעלנער פון פראָנט, זיך געשלאָגן פאַר פּוילן, פאַר זיי. איצט וואָלט זי זיי געוויזן! כאָמעס אַזעלכע וואָס זיי זענען.

די שותּפטע אירע, די „שטשופּלע ריווטשאַ״, איז געשטאַנען אויפן מאַרק ווי אַ נעבעכטיקע, ווי זי וואָלט געווען נישט מיט אַלעמען. זי האָט געהאַלטן דאָס קינד אירס אײַנגעבאַבלט אינעם קאָלדריקל. דאָס נעזל איז געווען פײַכט. ס׳האָט גענאָגט דעם סמאַטשיק אין מײַלכל און די הענטלעך האָט עס דווקא געוואָלט האַלטן אין דרויסן. זיי זענען געווען רויט ווי די באָרקלעך, אַזש די גרויסע אוי־גענעס זענען איבערגעגאַנגען מיט אַ פײַכטן גלאַנץ, נאָר געוויינט האָט עס נישט.

די שטשופּלע רבקה האָט די דאָזיקע פּרנסה געהאַלטן פאַר איר גרעסט אָפּ־קומעניש, „אַ שטראָף פון זײַן ליבן נאָמען״. זי איז געווען אַן איידעלע. די הויכע ריווטשע, אַן אינטעליגענטע, אַ באַלעזענע. זי האָט געשטאַמט פון אַ באַלעבאַ־טישער היים אויף דער פראַנטשישקאַנער־גאַס. דער טאַטע אירער איז געווען אַ פּאַנטשקע־מאַכער. נישט קיין גרויסער גביר, אָבער מ׳האָט געפירט אַ פאַרמעגלעך לעבן. די מאַמע האָט געשיקט די קינדער אין די שקאָלעס אַרײַן. ווער ס׳האָט געוואָלט איז געגאַנגען אַרבעטן. אין דער היים בײַ זיי האָט נישט געפעלט פון גאָרנישט, פונקט ווי בײַם גרעסטן גביר, מ׳האָט קיינעם גאָרנישט געזשאַלעוועט.

זיי האָבן פאַרנומען דרײַ שטובן מיט אַ קיך אויף אַ פינפטן שטאָק אין אַ דריטן הויף, און אַ זײַטיק שטיבל — אַ טיר קעגן אַ טיר — וואָס איז גאַנצע טעג געשטאַנען אָפּגעשלאָסן. קיינער האָט נישט געטאָרט אַרײַנגיין אַהין, בלויז דער טאַטע אַליין. דאָרט איז געווען דאָס פּאַנטשקע־פאַבריקל, וואָס דער טאַטע אירער האָט געפירט אַן אַ פּאַטענט, ער זאָל נישט דאַרפן צאָלן קיין שטײַערן, וואָס האָבן געקאָנט אויפפרעסן די גרעסטע פאַבריק, אַזוי פיל האָבן זיי באַטראָפן. דעם קרן צוזאַמען מיטן ריווח וואָלט אים אויסגעקומען אַוועקצוגעבן דעם שטײַ־עראַמט. און אַזוי, אָן אַ פּאַטענט, האָט ער זיך געלעבט אַ רויִק לעבן, אָן בוכ־האַלטעריעס, אָן טאָפּלטע ביכער, אָן איבעריקע זאָרגן, ווי אַ פרײַער פויגל.

בײַטאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט, דער פּאַנטשקע־מאַכער, אין גאַס צווישן די רײַכע לעדער־סוחרים, אָן אויסגעפּוצטער מיט די הענט אין די קעשענעס. גע־רעדט מיט זיי וועלט־פּאָליטיק, געזאָגט חכמות וואָס ער האָט געלייענט פרײַטיק אין „קרומען שפּיגל״. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם, פאַר זייערס גלײַכן. מ׳האָט זיך נאָר געבראָכן דעם קאָפּ פון וואָס אַ שטייגער לעבט אַזאַ ייִד, אַז גאַנצע טעג טוט ער גאָרנישט, דרייט זיך אַרום פּוסט און פּאַסט, האַנדלט

נישט, שטייט נישט אויף דער בערזע, טוט נישט די האַנט אין קאַלטן וואַסער און איז נאָך צומאָל קיין איין מאָל נישט געקומען בעטן בײַ זיי קיין הלוואהלע „באַלד צוריקצוגעבן״, ווי ס'טרעפט זיך אפילו בײַ די גרויסע סוחרים, וואָס שטייען מיט געשעפטן אויף דער גאַס אַרויס.

פאַרנאַכט אָבער, ווי נאָר ס'האָט גענומען טונקלען, איז זײַן געביין מער נישט געווען אויף דער גאַס. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אויסגערונען. ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אויבן בײַ זיך, דער פּאַנטשקע־מאַכער, אינעם זײַטיקן שטיבל אויפן פינפטן שטאָק מיטן פענצטערל צום הימל און געשטאַנען דאָרט אין די נעכט איינער אַליין, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און ווײַסע גאַטקעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין אַרויפּציִען. ער האָט זיך דאָרט געוויגט איבער אַ באַליע צעיוירן טייג, וואָס האָט אַזש איבערגעיערט איבער די ראַנדן אַריבער. געגעבן יעדעס מאָל אַ שפּײַ אַרויף אויף די הענט און געכאַפּט אַ שטיק צעגאָסן טייג, געצופּט דערפון שטיקלעך פלינק, פלינק, געמאַכט קנײַלכעלעך און זיי אויסגעלייגט אויף אַ ווײַסע באַמעליקטע בלעך צו פינף אין אַ ברייט און צען אין אַ לענג ביז פול, און מיט דער זעלביקער פלינקקייט, גיך און אײַליק זיי גענומען וואַרפן אויף די שוואַרצע בעקנס קאָכיקן אייל. בײַ יעדן לייג האָט דער בוימל געשפּריצט און געזאָטן, ווי ערב פּסחדיקע גריוון. ביז איין בעקן פּאַנטשקעס איז פול געוואָרן זענען שוין די פּאַנטשקעס אויפן צווייטן געווען ברוין, אויפגעלאָפן פולע, ווי מע וואָלט זיי אָנגעבלאָזן. דער פּאַנטשקע־מאַכער האָט זיי געגעבן אַ באַשיט מיט ווײַסן צוקער־פּודער, אַלץ גיך, גיך, ווי ס'וואָלט ווער געשטאַנען איבער אים מיט אַ בײַטש און שוין זענען אויסגעוואַקסן הויכע סטאָסן מיט בלעכן פּאַנטשקעס, איין בלעך אויף דער אַנדערער — גרייט פאַר די אָפּנעמערס.

אפשר פינף אַזייגער פאַרטאָג, ווען אַלע דרײַ הייף שלאָפן נאָך, האָבן זיך שוין גענומען אַרײַנשאַרן די גאַסנהענדלערס, זיך געשלײַכט ווי די שאָטנס אי־בערן פאַרטאָגיקן הויף, געקראָכן אויף די פינף שטאָק שטיגן, מע זאָל נישט הערן קיין שאָרך און געבליבן וואַרטן פאַר דער טיר, ביז דער פּאַנטשקע־מאַכער האָט אָנגעהויבן אַרײַנלאָזן איינציקווײַז, לויט דער ריי, ווער ס'איז געקומען פריִער. די אָפּנעמערס, מיט פאַרשלאָפענע פּנימער, זענען דערווײַל געזעסן אויף די שטיגן און געכאַפּט אַ דרעמל. יונגע בחורימלעך מיט אָנגעהאָנגענע קעסטלעך פאַרנט פאַר זיך, פאַרלייגט מיטן רימען אויפן קאַרק, זענען אַזוי געשטאַנען בײַ דער וואַנט און געדרעמלט אָנגעשפּאַרטערהייט. די שטיגן אויבן זענען שוין געווען פאַרנומען פון עלטערע יידן מיט בערד, אין פאַרפעטסטע לאַנגע קאַפּעטעס, און ווײַבער מיט טיכער אויף די קעפּ, פאַרבונדן מיט די שפּיצן הינטן, אויף די פּלייצעס. טייל האָבן דערווײַל אַרומגעלייגט דאָס קייבערל מיט פריש ריין פּאַ־פּיר, אַנדערע האָבן אויסגעבעט דאָס קיישל מיט אַן אָפּגעריסן שטיק לײַלעך. ווי

נאָר דער פּאַנטשקע־מאַכער האָט אַ פאַרמעליקטער, מיט אויסגעווײַסטע הענט און שוואַכפאַרבונדענע גאַטקעס, געעפנט די טיר איז געוואָרן אַ שטיל געשטער־פּערײַ. די שטומע שאַטנס האָבן זיך געוואָלט וואָס גיכער אַרײַנקריגן אינעווייניק, ס׳זאָל נישט אַמאָל אויספעלן קיין סחורה און זיי וועלן דאַרפן היזק האָבן אַ טאָג לייזעכץ. דער פּאַנטשקע־מאַכער האָט געהאַלטן אין אַרײַנצײלן אין איין קייבערל אַרײַן און שוין אונטערגעיאָגט די אַנדערע:

— גיכער, באַלעמוטשעטס נישט, גרייטס צו ס׳געלט מיט די קײשלעך...

זאָגט אַ גוטן טאָג, ווײַבל, כ׳האָ ניש קאָ צײַט צו אײַך, ווײַטער, ווײַטער.

יעדער האָט באַקומען צוגעטיילט זײַן חלק סחורה אין די קײשלעך אַרײַן. און אײַנגעדעקט גוט, מע זאָל נישט וויסן וואָס מע טראָגט דאָ אין די קויבערלעך און פון וואַנען מע טראָגט עס אַרויס, האָבן זיך די גאַסנהענדלער איינציקווײַז אַרויסגעשאַרט פון גראָען הויף, וואָס איז נאָך געלעגן אַ שווײַגנדיקער אין טיפן פאַרטאָגיקן שלאָף.

טייל בחורים, געקומענע פון דער פּראָווינץ, וואָס האָבן מער ווי דעם קאָפּ אוועקצולייגן גאַרנישט פאַרמאָגט, האָבן געהאַלטן די קעסטלעך בײַם פּאַנטשקע־מאַכער אין שטוב. זיי האָבן אַנגעקלאַפּט נישט דרייסט אין דער טיר. זי איז געגאַנגען עפענען, ריוועטשע. זי האָט זיי אַרײַנגעלאָזט אין קאָרידאָר אַרײַן און געלאָזט נעמען יעדן זײַן קעסטל. טייל האָבן זי געוואָלט באַלוינען דערפאַר, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צעקנייטשט פּאַפּירל, אַ האַלבע זלאָטע. נאָר זי האָט גאַרנישט געוואָלט נעמען פון זיי. זי איז געשטאַנען אַ פאַרשלאָפענע, מיט צעשויבערטע האָר, מיטן ברודערס אַנגעהאָנגענעם פּאַלטן אויף זיך און זיי נאָך געזידלט, וואָס זיי האַלטן זי פאַר אַ דינסטמיידל. זי דאַרף נישט זייער געלט. פאַרשעמטע מיט אַרויסגעטרעטענעם שווייס אויפן שטערן האָבן די יונגעלײַטלעך נישט געוווּסט דורך וואַנען מע גייט אַרויס. זי האָט זיי געעפנט די טיר און אַרויסבאַגלייט מיט אַ „גייטס געזונטערהייט״.

איינער פון די ייִנגלעך אין אַ ליציפּעטן היטל, שטענדיק מיטן דאַשיק פאַררוקט אין אַ זײַט — יונה געוואָרגעלע האָט מען אים גערופן — האָט זיך געליבט אין איר. ער האָט אַלע מאָל געפּלעגט מיט איר אײַנטענהן, ווען ר׳איז געקומען נאָכן קעסטל, געוואָלט וויסן צי זי לייענט ביכלעך, צי זי גייט אין ייִדישן טעאַטער, צי זי וויל גיין אין קינאָ אַרײַן, וועט ער זי פונדעוועט. זי האָט אים געזאָגט „גייט געזונטערהייט״, „פאַרדרייט אײַך אייער נאַר״, נישט געוואָלט אים ענטפערן און אים אָפּגעשיקט צו דער טיר, ער זאָל נישט זײַן אַזוי נײַגעריק, ער קאָן נאָך הייזעריק ווערן. זי האָט אים קוים געקאָנט פּטור ווערן פון שטוב אַרויס.

ער האָט זי אַלע מאָל נאָכגעקוקט, ווען ער האָט זי געזען אין גאַס. ער איז געשטאַנען אָנגעהאָנגען מיטן קעסטל פּאַנטשקעס און האָט זי געגעסן מיט די

אויגן, זיך פאַרגאַפּיעט אויף איר, פאַרגעסן װי ער האַלט אין דער װעלט און כמעט יעדעס מאָל אַרײַנגעפאַלן מיטן קעסטל סחורה. זי האָט איין מאָל צופעליק געװאָלט כאַפּן אַ בליק צי ער קוקט איר נאָך, האָט זי געזען פון דער װײַטנס, װי אַ פּאָליציאַנט האָט אים געגעבן אַ כאַפּ אָן היינטנאַרום פאַרן קאָלנער. דאָס ייִנגל האָט זיך געריסן פון אים, געקאָפּעט מיט די פיס דעם פּאָליציאַנט אין שטיװל אַרײַן, זיך געצאַפּלט, געװאָרפן װי אין קאָנװולסיע. דער „מענטש" האָט אים געגעבן אַ פּליק מיט דער פּאָליצייִשער גומע איבער דער האַנט. ער האָט אָפּגעלאָזט דאָס קעסטל און די פּאַנטשקעס האָבן זיך געגומען שיטן איבער דער גאַס. דער פּאָליציאַנט האָט אים קוים געקאָנט אַװעקפירן אין קאָמיסאַריאַט אַרײַן.

אַ גאַלענער איז יונה גערגעלע צומאָרגנס פאַרטאָגס געקומען צולויפן צו איר טאַטן. ער האָט געװיינט פאַר אים, פאַרן פּאַנטשקע־מאַכער, ער זאָל אים נאָך איין מאָל געבן אויף באָרג. מ׳האָט אים אין דער פּאָליציי צוגענומען ס׳געלט מיט דער סחורה. דער פאַרמעגלעכער פּאַנטשקע־מאַכער האָט זיך אויף אים געבייזערט, ער זאָל נישט האָבן קיין פליפּייגעלעך אין קאָפּ און אים געגעבן אַ קעסטל סחורה בלויז אויפן װאָרט.

ער איז אָפּט אַרײַנגעפאַלן, יונה גערגעלע. זיי האָבן שוין געהאָט אַן אויג אויף אים, די פּאָליציי־לײַט. זיי זענען אים דערגאַנגען די יאָרן. זיי האָבן אים געדרודפט, צוגענומען די סחורה און נאָך אָנגעבראָכן גוט די ביינער. ער האָט שלעכט געענדיקט, יונה גערגעלע. מ׳האָט אים אין אַ װינטערדיקן פאַרטאָגס געפינען אַ געסמטן. ער האָט אויסגעטרונקען אַ פלעשעלע עסיקסענץ. זיך אַרײַנגעשאַרט צו זיי אין הויף אַרײַן מיטן קעסטל נאָכן איבערנעכטיקן אין קאָמיסאַריאַט, און בײַ זיי אויף די שטיגן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די פּאַנטשקע־הענדלערס זענען געקומען אין דער פרי נאָך דער סחורה האָבן זיי אים געפינען ליגן אַ באַװוסטלאָזן — אויסגעצויגן אויף די שטיגן. דאָס ליידיקע קעסטל האָט זיך געװאַלגערט צופוסנס, בײַ דער זײַט, אַן איבעריקס, אַ נישט נייטיקס מער. דאָס קעטשל פון דער גיכער הילף האָט אים אַװעקגענומען אין „שװיענטי דוך" אַרײַן און מער איז ער שוין נישט געקומען נאָך קיין פּאַנטשקעס. זי האָט אים שוין אויך מער קיין מאָל נישט געזען אויף די אויגן, אָט װי אַ שטיין װאָס גייט אַראָפּ צום גרונט.

## קאַ פּ י ט ל פ י ר

# אַז צוויי דליתים גייען טאַנצן...

נישט לאַנג נאָך דעם, ווי מ׳האָט יונה גערגעלע צוגענומען אין שפּיטאָל פון „הייליקן גײַסט“, האָט זיך אין ריוועטשען פאַרליבט דער הײַנטיקער מאַן אירער, יאַנקעלע קנעפּלמאַכער, וואָס זיצט איצט אין פּאַוויאַק. ער איז געקומען מיט נאָך צוויי דעלעגאַטן פון פאַראיין צו אויסצאָלערן אין פאַבריק אַרײַן אַראָפּנעמען די מיידלעך פון דער אַרבעט און די הויכע ריוועטשע איז אים אַרײַן אין אויג. פון אויג אין האַרץ איז שוין נישט אַזוי ווײַט. ער האָט געזען, יאַנקעלע קנעפּלמאַכער, ער זאָל שטענדיק זײַן אין דער דעלעגאַציע צו אויסצאָלערן צו קאָנען רעדן מיט דער הויכער ריוועטשען. זי האָט זיך אַרויסגעשטעלט צומיינסט פון אַלע אַנדערע. אַזוי האָט זי נישט געקאָנט ס׳מויל אויפעפענען. אַ שטיל כומיקל געווען, און אַז די דעלעגאַטן זענען געקומען איבעררעדן מיט די מיידלעך, זיי זאָלן צושטיין צו דער אַקציע וואָס מע פירט בײַ די קנעפּ; אַז מע וויל אויסקעמפן פאַר זיי בעסערע באַדינגונגען, — האָט זי גענומען קאָפּען, געבן לשון. ס׳מויל איז געגאַנגען ווי אויף שרויפן. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס גייט זיי אַזוי אין לעבן, אַז זי זאָל מער נישט אַרבעטן ווי אַכט שעה אַ טאָג. זי אַרבעט דאָך אויף אַקאָרד. זי נעמט באַצאָלט פונעם שטיק. וויפל זי אַרבעט אויס, אַזוי פיל פאַרדינט זי. ס׳איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג: וואָס לענגער זי וועט אַרבעטן, אַלץ מער וועט זי פאַרדינען. טאָ מיט וואָס אַזוינס גייען זיי איר פאַרבעסערן די לאַגע. מיט דעם וואָס זי וועט ווינציקער פאַרדינען אַ וואָך? זי איז זיי מוחל די טובות. זי וועט זיך שוין איר שטעטל אַליין באַשטיין, אָן זיי. זי דאַרף נישט אַזעלכע פאַרמיטלער בײַ אויסצאָלערן. זי קוקט זיי אויס מיט גאַזאָווע שוויעטשקעס. זי וועט זיך שוין אָן זיי אַן עצה געבן מיט אים.

איין מעלה האָט זי געהאַט, ריוועטשע: זי האָט געלאָזט צו זיך רעדן. די ייִנגלעך פון פאַראיין האָבן געוווּסט, אַז ווען זיי וועלן די מויד אַריבערציִען אויף זייער זײַט, וועט די אַקציע זײַן אַ געוווּנענע. די אַלע איבעריקע מיידלעך האָבן

צוגעבאַמקעט אויף אַלעם וואָס רבקה האָט געזאָגט. און וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען הייליק.

זי האָט געהאַט אַ געזונטן קאָפּ אויף זיך, ריוועטשע, און באַנומען אַן ענין נישט ערגער פון אַ מאַנצפּאַרשוין. וואָס אַן אמת, האָט זי גערעדט איינזײַטיק, נישט־אַרומנעמענדיק. אירע רייד האָבן אָבער אַפּעלירט צו דער לאָגיק פון די מיידלעך. אַט אַזאַ ווי די רבקה דאַרף מען האָבן צו דער אַרבעט. זי וועט שוין שפּעטער פונקט אַזוי קאָנען מיט דער זעלבער קאָנסעקווענטקייט אַרגומענטירן קעגן באַלעבאָס און פאַר די אַרבעטער. אַזעלכע מיידלעך זוכן די פּראָפּאַראיינען ווי מיט ליכט. מיט אַלע מיטלען דאַרף מען זיי זען צו געווינען פאַר דער זאַך, פאַר די אינטערעסן פונעם אַרבעטערקלאַס, וואָס שטייען העכער פאַר די פּערזענלעכע, יחידישע. אַלע סענטימענטן גייען אַוועק אין אַ זײַט. אין קאָן שטייט עפּעס מער ווי די קליינבירגערלעכע שוואַכקייט צו ווערן געפעלן און אויסנעמען בײַם שיינעם מין, אייגנליבע און קליינלעכע אַמביציעלעך. כאַפּן אַ פלירט — יאָ, נאָר ווי נאָך איינס פון די מיטלען, וואָס זאָלן דערנענטערן דעם ענדציל; ווי אַ מיטל אַרײַנצוצי:ען די יוגנט אין דער פּראָפּעסיאָנעלער באַוועגונג, פאַרגרעסערן די רייען, — אין קאָן שטייט אַ לײַדנדיקע וועלט, די באַפרײַונג פון אַ וועלט וואָס ליגט אַ געשמידטע אין קייטן. וואָס צו פאַרלירן איז טאַקע נישטאָ, אָבער געווינען קאָן מען די גאַנצע וועלט. און אַלע מיטלען, אפילו די אומווירדיקסטע, זענען כשר און באַרעכטיקט פאַר אַזאַ דערהויבענעם הייליקן צוועק.

די דעלעגאַטן האָבן זיך שוין איצט נישט געיאַוועט דעמאָנסטראַטיוו — אין מיטן דער אַרבעט. זיי זענען געקומען בעתן איבעררײַס, ווען די מיידלעך זענען געזעסן אויפן הויף, אויפן לאַנגן קלאָץ און געגעסן מיטאָג, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון שטוב — די פאַרפאַקטע פּעקלעך ברויט מיט פּוטער, מיט פאַווידלע. די דעלעגאַטן האָבן זיי אויפגעוויזן, אַז נישט זיי, די אַרבעטערינס, פאַרדינען בײַם באַלעבאָס, נאָר די פאַבריקאַנטן שאַרן געלד פון דער שווערער פּראַצע פון אַט אַזעלכע מיידלעך ווי זיי זענען. אַוודאי לוינט בעסער די באַלעבאַטים אַז די אַרבעטער זאָלן אַרבעטן אויפן שטיק. וואָס מער פּראָדוקציע די אַרבעטהענט גיבן אַרויס אַלץ רײַכער ווערט דער ברויטגעבער, וואָס מער ווי ברויט האָט מען טאַקע נישט בײַ אים. ער פאַר״שפּאַרט שוין אויך צו האָבן אַן אויפזעער. דער אַקאָרד־סיסטעם איז דער בעסטער שומר, ער לאָזט נישט אָפּנאַרן דעם באַלעבאָס. דער קנעכט אַליין ציילט די סחורה וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט. די מיידלעך יאָגן פון זיך די קישקעס אַרויס בײַ דער אַרבעט און האָבן דערפון איישע־מיישע, און די פאַבריקאַנטן טוען גאָרנישט, דרייען זיך אַרום מיט די הענט אין די קעשענעס, מיט אַ ציגאַר אין מויל און די אַפּותיקו וואַקסט בײַ זיי ווי אויף הייוון.

שפעטער איז זי שוין אַליין מיט אים געגאַנגען, ריוועטשע, אַראָפּנעמען מענטשן פון דער אַרבעט, אָפּשטעלן וואַרשטאַטן, פאַבריקן; דערקלערן שטרייקן, לאָקאוטן. נאָך דער אַרבעט האָט ער זי אָפּגעוואַרט אויף דזשיקע, ראָג ניזקע, בײַם טויער פון דער קנעפּפאַבריק. מיטן אַראָפּגערוקטן קאַפּעלושל איבער די אויגן און אויפגעשטעלטן קעלנערל האָט יאַנקעלע קנעפּלמאַכער זיך אַרומגעדרייט הין און צוריק מיט אַ פֿײַערלעכן ערנסט און גערולדיקן געמאָסטענעם טראָט, ווי ער וואָלט זיך געפינען אויפן „פּאָסטן" פון אַ פאַרשטרייקטער פאַבריק. ער האָט זי מיטגענומען אומעטום ווו ער איז געגאַנגען, און געגאַנגען איז ער צומיינסט באַר אויף דער בערזע, וואָס האָט פאַרטרעטן דעם לאָקאַל פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וואָס נאָך איידער מ'האָט אים געעפנט האָט אים די פּאָליציי שוין גע־שלאָסן.

צום ערשט האָט ער איר געהייסן וואַרטן אויפן אַנדערן טראָטואַר: „אויף איין מינוטקעלע, ער פאַרטיקט זיך שוין אָפּ, זי זאָל נישט אַוועקגיין". אַז ער האָט דערליידיקט די פאַך־ענינים איז ער צוריק אַריבערגעקומען צו איר אַן אויס־געגלײַכטער, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ משא. אַ צעשמייכלטער האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם. ער אַ קליינער, אַ נידעריקער; זי אַ הויכע, אַ שלאַנקע — זענען זיי געגאַנגען שפּאַצירן אין קראַשינסקיס גאָרטן אַריין, צו זײַן ווײַט פונעם רויש, פון די אַרבעט־סיכסוכים און פאַרטיי־רײַבונגען; פון די גראָבע וויצן און שטעכווערטלעך אויף זייער חשבון. ווי יעדער פּאָרל האָט זיי געצויגן צו אָפּגעזונדערטקייט, צו זײַן אַ ביסל מיט זיך אַליין, אויג אויף אויג, אין אַ ווינקל, אויף אַ באַנק אין אַ זײַטיקער, טונקעלער אַלייע זיך טיילן מיט די וואַרעמע געפילן און שטראָמען ליבשאַפט, וואָס מאַנען איבערן גאַנצן טאָג און קוקן שוין אויס דעם אַנקום פונעם שטיקל אָוונט, צו קאָנען עפענען אַלע שלוזן און לאָזן לויפן דעם שטראָם געדעמפטע הייסאָטעמדיקע רייד, באַגלייט פון קעגנ־זײַטיקע צערטלערײַען ביז היצבאַשלאָג פון אויפגעפיבערטן קערפּערלעכן באַ־גער, וואָס מע מוז צוימען אין זיך מיט אַלע כוחות און פאַרבײַסן די ליפּן ביז ווייטיק.

באַרוישטע זענען זיי אויפגעשטאַנען פון דער באַנק און זיך געלאָזט גיין צו דער הויפּטאַלייע מיט צעפלאַמטע פּנימער, זיך געגריסט מיט דעם, מיט יע־נעם. זאָלן אַלע זען און קריגן די פּלאַץ. ער האָט זי געפירט עפּעס אָפּעסן אויף דזשיקע פינף, אין באַר „טשוטש", ווו ס'האָט זיך געפילט מיט כלערליי געפּרעג־לעכץ פון געזאַלצענע הערינגלעך, געריישטע לעבערלעך און אײַנגעשרומפּענע קאָטלעטלעך. ער האָט באַצאָלט פאַר איר אין די טומלדיקע אָנגערייכערטע בי־ליקע רעסטאָראַנדלעך, ווו דאָס צעהיצטע יונגוואַרג האָט געפירט הייסע לײַדנ־שאַפטלעכע דיסקוסיעס ביז טיף אין דער נאַכט בײַ אַ האַלבן געוועגדזלטן הערינג

מיט אַ גלאָז פּעטע טיי מיט אַרומשווימענדיקע אויגן. שפּעטערצו, ווען ער האָט זי שוין אָנגעהויבן מיטנעמען אויף דער בערזע, האָט ער זי פאַר אַלע פאַרגע־שטעלט ווי זײַן חברטע.

דער טאַטע אירער, דער פאַנטשקע־מאַכער, האָט זי געוואָרנט, זי זאָל זיך היטן די ביינער, ריווטשע, און נישט נעמען קיין גאַלענעס. זי וועט נאָך האָבן בײַ אים אַזאַ סוף, ווי דער שוואַרצלײַט האָט געהאַט, דער יונה גערגעלע. זי זאָל זיך נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט דעם „וואַזשנעם צעלייגער". זי זאָל זיך גוט נעמען אין זינען אַרײַן, אַז צוויי דליתים גייען טאַנצן... בעסער נישט ברענגען פאַרן מויל... זאָל זי נישט זײַן קיין נאַרישע מויד און הערן אַ טאַטן. זאָל זי זיך בעסער פאַרליבן אין אַ רײַך זינדל, וועט זי שפּעטער זיצן בײַ דער קאַסע ווי אַ ברייטע מאַדאַם. נישט איין יונגערמאַן אַזאַ, וואָס אַרבעט בײַם טאַטעליו אין געשעפט, האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איר בײַ אים, אויף זײַן געראָטן טעכטערל. זי האָט דעמאָלט נישט געהאַט ק'אַזאַ שוואַרץ פּנים ווי היינט. זי איז געווען אַ רייצנדיקע, הויך און שלאַנק ווי אַ סאָסנע. אָט די זעלבע ריווטשע האָט אַ מאָל געהאַט אַ דורכזיכטיקע צאַרטע הויט ווי אַ זײַד. אין די זומער־חדשים, ווען די פאַבריק איז געשטאַנען, איז זי שטענדיק מיטן ביכל אונטערן אָרעם אים גע־קומען זוכן, דעם טאַטן, צווישן די לעדער־סוחרים אַקעגן איבער זייער טויער, ער זאָל אַרויפגיין אין שטוב אַרײַן עסן מיטאָג. ס'עסן איז שוין געגרייט אויפן טיש. די טאַטישע זינדלעך אין די געהאַקטע קאַפּאָטקעלעך, מיט די טוכענע היטעלעך, ממזריש פאַררוקט אויף אַ זײַט, ס'זאָלן אַרויסקוקן די געדיכטע טשופּרינעס, וואָס האָבן זיך געשטיקט אונטערן ייִדישן היטעלע — מע זאָל זען אַז מ'האָט נישט צו טון מיט קיין צלאַפּעס — זענען געשטאַנען אויף די שוועלן פון די גע־שעפטן מיט איין האַנט אין דער הויזן־קעשענע, מעשה צוקונפטיקע באַלעבאַטים און געמאַכט מינעס אין איר זײַט. זיי האָבן געוואָלט אויסנעמען אין אירע אויגן, געפעלן ווערן. זי איז געווען זייער שיקאָוונע, אַ „פשיסטאַינע", זי האָט אפילו נישט געוואָלט ווײַזן, אַז ס'גייען זי אָן די אַלע חנדלעך זייערע מיט די שמייכע־לעך. זי האָט זיי אַלע געהאַט אין לויוויטש. זי האָט געזוכט איר סגאַל טיפ. זי דאַרף נישט זייער געלט. זי וויל האָבן לעבן זיך אַ מענטש, וואָס זאָל זי פאַר־שטיין. ס'זאָל זײַן מיט ווען אַ וואָרט אויסצורעדן. נו, איצט האָט זי שוין מיט וועמען צו רעדן. נאָר דורך די קראַטן קאָן זי מיט אים רעדן, אין דרויסן, פאַרן פאַוויאַק, ווען דער סטראַזשניק מיט דער ביקס איז אויסגעדרייט צו איר מיט דער פלייצע בײַם אָפּגיין לענגויס דער תפיסה־מויער. און אַזוי איז זי געבליבן מיטן פיצל קינד ווי אויפן וואַסער.

צום טאַטן דעם פאַנטשקע־מאַכער האָט זי נישט וואָס צו גיין. ער איז אַליין אויף גרויסע צרות. ער האָט נישט געוואָלט אַרויסנעמען קיין פאַטענט, נישט גע־

וואָלט, האָט ער שוין איצט. איינסע בײַנאַכט זענען זיי געקומען די „דראַניעס״ פון דער סאַניטאַרער קאָמיסיע און אים געפּאַקט שטיין אין די גאַטקעס איבער דער באַליע טייג. איינער פון די אָפּנעמערס, אַ נאַרישער יאַט דאָרט, האָט אים געמסרט. מ׳האָט אים געשלאָגן אין צירקל, ער זאָל זאָגן פון וואַנען ער האָט די פּאַנטשקעס צו פאַרקויפן, האָט ער געזאָגט. אַן אַנדערער זאָג, אַז דו ווייסט נישט, מע ברענגט דיר צו אין גאַס און פאַרטיק. האָט עס דאָך נישט געהאַט קיין שכל. האָט ער אָנגעמאַכט אַ בראָך, דער לאַטיק. איצט שטייט דאָס פּאַנטשקע־פאַבריקל פאַרחתמעט און די מאַמע גייט אַרום אָן אַ קאָפּ. גראַ און אַלט איז זי שוין גע־וואָרן פאַר צרות. דעם טאַטן איז שוין אין גאַנצן נישט צו דערקענען. מ׳האַלט אים אין איין שלעפּן צום אויספאָרשונג־ריכטער. וויפל ער האָט אויסגעאַרבעט אַ טאָג, וויפל ער האָט פאַרדינט איבערן יאָר? ווייניק וואָס זיי האָבן אים אומ־גליקלעך געמאַכט, צוגענומען די פּרנסה, זאָל ער זיי נאָך געבן אַ רעשט. זיי האָבן זיך אין אים אַזוי וואַזשנע אײַנגעבאָדן. ער וועט נאָך דאַרפן ס׳העמד פון זיך אַראָפּפאַרקויפן, ער זאָל זיך קאָנען אויסקויפן פון זייערע הענט. נאָך אַ נס וואָס זיי האָבן אים נישט אײַנגעזעצט פאַרן אָפּנאַרן דער מלוכה. אַ ספּראַווע וועט ער האָבן אויף זיך. ער איז נאָך נישט זייער פּטור. דערווײַל שלעפּן די אַדוואָקאַטן וויפל ס׳לאָזט זיך. און אין שטוב פּײַפט שוין דער דלות אין אַלע ווינקעלעך. שוין בעסער אין גאַנצן נישט צו קומען צו געסט צו טאַטע־מאַמע, איידער צוצוזען ווי די מאַמע גראַבלט אויס פון שענקל אָן אַלט קיכעלע, שטופּט עס דעם אייניקל אין מײַלכל אַרײַן און האַלט זיך אין איין פאַרענטפערן פאַר איר, פאַר דער טאַטער:

— ס׳גייען שלעכטע צײַטן, מײַן קינד, כ׳וואָלט זיך דעם ביסן פון מויל אָוועקגענומען, זאָלסט האָבן צו שיקן דײַן מאַן אַ פּעקל אין תפיסה אַרײַן. אין דײַן פּנים דערקען איך, אַז ס׳איז בײַ דיר גאַרנישט פויגלדיק. אַז כ׳קוק דיך אָן זע איך ווי איך זע אויס. איך בין שוין געבליבן בײַ גאַרנישט. כ׳האָב שוין ס׳קניפּל אויך נישט. ווען נישט דוודשע וואָלט שוין געווען גאָר פּאַסקודנע. ער האָט אָוועקגעוואָרפן די לערע מיט אַלע ביכער און געוואָרן אַ גראַווירער. וויפל ער פאַרדינט ברענגט ער אין שטוב אַרײַן. אָבער וואָס מישטיינס געזאָגט פאַרדינט ער? וואַסער אויף קאַשע. אָט צו וואָס מיר זענען דערגאַנגען. אַזוי זעט מען אויס, אַז מע דאַרף אָנקומען צו אַ קינד.

יעדעס מאָל אַזוי, ווען זי איז געקומען אין שטוב אַרײַן, ריווטשע, האָט זי געפילט, אַז זי פאַרלירט אַ שטיק געזונט. זי האָט נישט געקאָנט צוזען ווי די מאַ־מע לײַדט. זי האָט איר שוין גאַרנישט געזאָגט, דער מאַמען. זי האָט איר געוואָלט זאָגן, ריווטשע, אַז זי האָט נישט קיין מילך פאַרן קינד. זי האָט נישט פון וואַנען ס׳זאָל איר צוקומען. זי קומט אָפּ אַ טאָג אויף אַלע שונאים געזאָגט. די ברוסט

איז איר געװאָרן װײך װי מאַטשיק, אַ שמאַטע. ס׳קינד נאָגט און נאָגט, נאָגט פון איר ס׳בלוט אַרויס. זי האָט עס נישט װאָס צו געבן. װעגן מאַן האָט זי שױן אין גאַנצן נישט דערמאָנט. װען נישט די שװאַרצע זאָשקע — האַ־האַ! — זי װאָלט טאַקע געמעגט אויסטרינקען עסיקסענץ. דאָס שיקסל האָט אין זיך אַ ייִדיש האַרץ. און טויגן טויג זיך עס פֿאַר צען. די ערלעכקײט אַלײן. מ׳קאָן פֿאַר איר לאָזן אומ־געציילט געלט, װעט זי עס נישט רירן. װײניק װאָס זי רײַסט זיך דעם האַלדז, פֿאַראַרבעט אַ װעלט, גיט זי איר נאָך יעדעס מאָל אַן איבעריקע זלאָטע, זי זאָל האָבן צושטײַער צום פּעקל, װאָס זי גיט אײן מאָל אין חודש דעם מאַן אין תפיסה אַרײַן. זי גנבעט בײַ זיך אַלײן, נאַרט אָפּ די אײגענע קישקע, אַבי דער מאַן זאָל האָבן ס׳פּעקל צו דער צײַט. אַזוי פיל גוטע יאָר זאָל זי האָבן װיפל מאָל זי האָט נישט געשיקט. זי איז נישט אַרויפגעקומען אין שטוב אַרײַן, װײַל זי האָט מורא געהאַט, זי זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ װאָרט, אַז ס׳איז בײַ איר אַזוי קרו־כע. מע װאָלט באַדאַרפט זײַן אַן אַ גאָט אין האַרץ, אַז זי זאָל אין אַזאַ צײַט קו־מען צום טאַטן:

— גוטמאָרגן, רעטעך טראָג איך. כ׳בין אויך דאָ מיט דער גדולה.

װען זי װײסט צו גײן בעטלען, װאָלט זי נישט געקומען צום טאַטן, ער זאָל זי אויסהאַלטן מיטן קינד. ער האָט זי אַלע מאָל געװאָרנט, דער טאַטע. זי זעט ערשט װי גערעכט ער איז געװען. און אַז זי קומט אַרויף אין שטוב אַרײַן און טרעפט דעם טאַטן, דאַכט זיך איר נאָר, אַז זײַנע אויגן רעדן צו איר יענע רײד, װאָס זענען אויסן געװען איר גוטס, נאָר איצט זענען די זעלבע רײד פול מיט גאַל, מיט חוזק. אַ שמײכעלע אַזאַ קוקט אים אַרויס פון זײַנע אויגן. זי פילט װי זי װאָלט געזעסן אויף שפּילקעס. זי װערט אין גאַנצן אַ צעטראָגענע, כאַפּט דאָס קינד פון בעט, זאָגט רעכט נישט קײן גוטן טאָג, לויפט, אַנטלויפט פון שטוב אַרויס, װי אַ צעדולטע, און װען זי געפינט זיך שױן װי װײַט אויף דער צענטער גאַס, דאַכט זיך איר נאָך אַלץ װי דעם טאַטנס אויגן װאָלטן איר געהאַלטן אין אײן פֿאַרהאַלטן:

— כ׳האָב דיר געזאָגט, זאָלסט נישט נעמען בילע װעמען, זאָלסט נישט צו־פֿאַלן צום ערשטן־בעסטן װי צו אַ הײס געבראָטנס. אַזוי איז עס, טאָכטער מײַ־נע, אַז צװײ דליתים גײען טאַנצן.

## ק א פּ י ט ל   פֿ י נ ף

# אַ טריט נענטער אין לעבן אַרײַן

אַלײן װאָלט זי, ריװוטשע דעם פּאַנטשקע־מאַכערס, נישט געגאַנגען האַנדלען װען מע גיט איר װײפּל. די חברים זײַנע, דעם מאַנס, קאָנען איר נאָר העלפֿן קרעכצן. דאָס אײנע בלויז, װאָס זײ האָבן צוגעזאָגט, אַז זײ שטעלן דעם אַדװאָקאַט צו דער ספּראַװע. מער האָט זי גאָרנישט געקאָנט פּועלן בײַ זײ. ס׳איז װי געערדט צו דער װאַנט. זײ זענען אַלײן אַרבעטלאָז, האָבן נישט אָפּצועסן קײן מיטאָג און דאַרפֿן אָנקומען אין דער אַרבעטלאָזע־קיך אויף דער אָקאָפּאָװע־גאַס.

זי האָט באַלד געזען, אַז עס איז זיך נישטאָ אויף װעמען צו פֿאַרלאָזן. און אַז זי װעט װאַרטן ביז זײ װעלן איר העלפֿן װעט זי שײן אויסזען. מע מוז זיך אַלײן נעמען אין די הענט אַרײַן. פֿון די אַלע שײנע רײדעלעך זײערע װעט זי נישט האָבן אויף קײן פֿלעשל מילך פֿאַרן קינד פֿון דער „קראָפּלע מלעקאָ“. מע מוז זיך אַלײן זאָגן: זײ שטאַרק, גיב זיך נישט אונטער, האַלט זיך מיט צײן און נעגל, אַנישט װעסטו אונטערגײן, װעסט האָבן יונה געגרעלעס סוף. דאָ ליגט דײַן גאַנצע הילף, אין אָט דעם װעגעלע מיט שפּילצײַג ליגט דײַן ראַטונעק. פֿאַרגעס אין אַלעם, טו װי אָט די זאָשע טוט, רײַס װעלטן, װעלטן רײַס, שרײַ מיט אַלע כוחות, װי זײ, װי אַלע דאָ אויפֿן טאַרג. אויף דער גאַנצער װעלט פֿײַף, װעסטו זײַן אַ מענטש.

צוזאַמען מיט איר שותּפֿטע איז זי געשטאַנען אויפֿן טאַרג און געשריגן, געמאַכט גװאַלטן, יעדעס מאָל, װען זאָשע האָט אַרויסגעהויבן אַן אַנדער שפּילצײַג פֿון װוזיקל אַרויס, האָט זי איר צוגעהאָלפֿן מיט איר דין שנײַדיק שאַרף שטימעלע.

משה מעט האָט זיך געהאַלטן אַ ביסל אָפּגערוקט פֿון זײ, ער זאָל נישט שטערן די קונים זיך צו זאַמלען אַרום װוזיק. ער האָט געהאַט די אויגן אין אַלע זײַטן. אַכטיק געגעבן צי עס גײט נישט קײן „מײלעץ“ און נישט אַראָפּגעלאָזט קײן אויג פֿון די יאַטלעך אַרום מיט די פֿאַרגאַפּטע אײגעלעך אויפֿן שפּילצײַג, צי זײ ציִען נישט עפּעס אַרויס פֿון װוזיקל.

די שװאַרצע זאָשע איז געשטאַנען אַ צעיאַכמעטע, מיטן שאַל פֿאַררוקט

הויך אויפן קאָפּ. זי האָט זיך געגעבן אַ בייג אײַן און אַ כאַפּ אַרויס צוויי שפּיל־צײַגן, געשאָקלט מיט זיי אין בײדע הענט, געוויזן אין אַלע זײַטן און זיך געריסן דעם האַלדז מיט קולי־קולות:

זאַבאָוקי אי זאַבאַוועטשקי!
קאָניקי אי לאַלעטשקי!
דלאַ סינאַ אי צורעטשקי!

דאָס ווײַבל מיטן קינד אויף דער האַנט האָט איר דאָ געגעבן אַ העלף אַרויס מיט איר דין מוח־שטימעלע:

בראַטש אי וויביעראַטש!
אי סערדצע ראַדאָוואַטש!

און ביידע צוזאַמען האָבן זיי געגעבן אַ לאָז אויס דעם פּסוק:

פּאַ טשידזשעשטשי!
פּאַ טשידזשעשטשי!
טשידזשעשטשי גראָשי שטוקאָ! [1]

די קונים האָבן די זאַבאַוקעס געריסן פון די הענט און צוגעוואָרפן די דרײַ־סיקער גראָשנס. אַלץ וואָס זי האָט אַרויסגעהויבן האָט מען געקויפט. די ניקלנע מטבעות זענען געפאַלן פון אַלע זײַטן ווי אַ רעגן.

משה מעט איז געשטאַנען לעבן די צוויי שרײַערקעס ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. זייערע געשרייען האָבן אים געלעכערט דעם מוח. די צעפּײַערטע אויערן האָבן אים געבריט און געשטאָכן פון דער שאַרפער קעלט. ער וועט נאָך הײַנט פאַראיבעריקן אַ פּאָר אָפּגעפרוירענע אויערן. ער רײַבט זיי אײַן פון צײַט צו צײַט זיי זאָלן אויפטײַען פונעם פריר. דער גרעסטער טייל הענדלער אָרום טראָגן נאָושניקעס.[2] בלויז זײַנע אויערן שטאַרן אָפן אינעם פראָסט. די שפּיצן פינגער פילט ער שוין אין גאַנצן נישט. ער שפרינגט אונטער פון איין פוס אויפן אַנדערן. נאָר ס׳העלפט ווי אַ טויטן באַנקעס. ווען ער קאָן זיך אַ ביסל דורכלויפן וואָלט ער אַזוי נישט געפילט די קעלט אין די פיס. מוז ער דאָך אָבער שטיין אויף דער וואַך. ווען ער היט נישט דאָ, וואָלט מען זיי די גאַנצע קראָם צעטראָגן. ווער ווייסט וויפל מע פלעגט זיי דאָ באַגנבענען. אַליין פאַרגינען זיי זיך נישט קיין

---

[1] שפּילצײַג, פערדלעך און לאַלקעס פאַרן זון און טעכטערל, צו נעמען און צו קלײַבן און ס׳האַרץ צו דערפרייען, פאַר דרײַסיק גראָשן אַ שטיק!

[2] אויערן־האַלטערס

גלאָז טיי אויסצוטרינקען, זיך צו קאָנען דערוואַרעמען אַ ביסל, און פֿאַרן טײַוולס וועגן מוז זײַן. די יאַטלעך מיט די צעגלאַנצטע אייגעלעך ווילן נישט אָפּטרעטן, כאָטש גיב זיי אַ קרענק. זיי קלעפּן צום וווזיק ווי אַ קלעק. ווען ער פּאַקט אַזאַ איינעם בײַ אַ גנבה, וואָלט ער געמאַכט פֿון אים קרעפּלפלייש.

אַרום משה מעטן האָט זיך דאָ אויפֿן יאַריד פֿאַר די האַלעס געקאָכט און גערודערט. דער גאַנצער פֿולבאַשטעלטער פּלאַץ האָט געדרישט ווי אין אַ מיל. ער האָט זיך אַליין שוין געפֿילט אומבאַקוועם אין זיין נאַרישער ראָל. ער שטייט ווי אַ גולם, דרייט זיך הין, דרייט זיך הער, ווי ער וואָלט צו גאָרנישט געווען געטויגט. ער האָט שוין אויסגעקוקט, ס׳זאָל זיך פֿון ערגעץ באַדיי באַווײַזן אַ „קנעפּל״, ער זאָל קאָנען געבן אַ „האַסלע״,[1] ברענגען כאָטש דעם מינדסטן נוצן מיט זײַן שטיין. אַזוי ווי אויף צו להכעיס איז קיין פּאָליציאַנט נישט געווען צו זען אויף די אויגן. ס׳איז נאָך געווען צו פֿרי. אין די פֿרימאָרגן־שעהען ווײַזן זיי זיך נישט אַזוי אָפּט. זיי קומען שפּעטער אַ ביסל ווען מע האָט שוין געלייזט געלט, ס׳זאָל נישט אַזוי שפּילן קיין ראָלע דער זלאָטע, וואָס מע גיט זיי אין יד אַרײַן אויסקויפֿגעלט, זיי זאָלן זיך אָפּטשעפּען. זיי דאַרפֿן דאָך אויך לעבן. ווער ס׳האָט נישט קיין שכל און איז קאַרג אויפֿן גראָשן, צאָלט ער ווי אַ טאַטע. זיי שלעפּן אים אַוועק אין צירקל אַרײַן און מע מאַכט אים פֿאַר אויס קאָפּעלוש־מאַכער. מע נעמט דאָרט צו דאָס גאַנצע ביסל סחורה און מע לאָזט אים אַרויס מיט אַ קאָפּע אין הינטן אַרײַן.

משה מעט האָט צו זיך טרויעריק געשמייכלט פֿונעם געדאַנק, וואָס מענטשן זענען אַזוי גיריק און כיטרע, קליינקעפּלדיק, אַז זיי וואָלטן זיך געקאָנט אַ מעשה אָפּטון פֿאַרן גראָשן. אים לאָקט עס גאָרנישט דאָס געלט. עס ציט אים אין גאַנצן נישט דערצו, כאָטש ווען ער האָט עס, וואָלט עס אים איצט גאַנץ גוט צונוץ געקומען, אַ סך מער ווי די, וואָס האָבן אָנגעשטאָפּטע קעשענעס.

ווען ס׳איז שיטער געוואָרן אַ ווײַל בײַם וווזיק, האָט אים דאָס יונגע ווײַבל מיטן קינד, צווישן איין „פּאָ טשידזשעשטשי״ און צווייטן היימישלעך אַ שטאָרכע געטון מיטן עלנבויגן און אים צוגעוואָרפֿן זײַטיק:

— פּאַניע, ניעך שיען פּאַן ראָזרושאַ![1] העלפֿט צו פֿאַרקויפֿן ס׳ביסל „שמעלץ״ וועט מען זיך פּריִער אָפּפּאַטיקן.

משה מעט האָט זיך ווי פֿאַרלוירן פֿון דער אומגעריכטער היימישקייט אירער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אירס אַן אַלטער באַקאַנטער. אויף זײַן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל וואָס איז מער ענלעך געווען צו אַ גרימאַס. די אונ־

---

1 צייכן
1 צעוואַרעמט זיך אַ ביסל

טערשטע פולבלעכע ליפּ זײַנע איז נאָך פולער אַראָפּגעהאָנגען. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. פון גרויס פאַרלעגנהייט האָט ער גענומען פינטלען מיט די אויגן. אַ פריש אָנשיקעניש אויף זײַן קאָפּ: וואָס האָט זי זיך ציגעטשעפּעט צו אים, דאָס ווײַבל. ווי וועט ער זיך עס אָוועקשטעלן האַנדלען מיט קינדער־שפּילצײַג. ער איז נאָך נישט משוגע:

— גיט ס׳קינד, כ׳וועל שוין בעסער נעמען ס׳קינד אויף דער האַנט, וועט איר זיך גיכער קאָנען אַן עצה געבן. זאָל די פּאַני געבן ס׳קינד.

— כ׳קים באַלד צוגיין. איר זענט דאָרט אויך קליג געווען! געזען אַ חכם, גיב אים ס׳קינד, איך דאַנק גאָט אַז ס׳איז רויק. איך דאַרף נישט מער, ס׳זאָל זיך צעוויינען, וועל איך זײַן אַ געהאַלפּענע. קאָן מען זיך שוין געזעגענען מיטן טאָג לייזעכץ. שטייט שוין אַזוי ווי איר שטייט... פּאַ טשידזשעשטשי שטוקאַ!

די שוואַרצע זאָשע איז געווען פאַרטאַרעראַמט, זי האָט גאָרנישט געזען פאַר זיך. נישט די מענטשן, נישט די שפּילצײַג; וואָס זי פאַרקויפט און ווען זי פאַר־קויפט. נישט וואָס זי האָט געשטופּט די מענטשן אין די הענט אַרײַן, נישט וואָס יענע האָבן איר אַרײַנגעפּאַקט אין דער פאַרנטיקער ברייטער קעשענע, ווײַזנדיק איר פריִער אין דער אָפענער האַנט די מטבע, אַז זיי נאַרן זי נישט אָפּ. אַלץ האָט זיך איר אויסגעמישט אין איין קאַשע. זי האָט געהאַט אַ מאַזשגע פאַר די אויגן. ס׳האָט זי נאָר איינס אינטערעסירט: צי ס׳ווערט ווייניקער אין וואָזיק. ווײַטער איז איר גאָרנישט אָנגעגאַנגען. פאַר די אויגן האָבן איר געשווינדלט די גראָשענע מטבעות, וואָס מע האָט איר געשטופּט פון אַלע זײַטן, אָן אויפהער, נאָכאַנאַנד. וואָס מער די גראָשנס האָבן זיך געגליטשט אין קעשענע אַרײַן ,אַלץ העכער האָט זי געשריגן, זאָשע, ווי זי וואָלט געקריגן אין זיך פרישן קוראַזש.

די געדיכטע שאָטינע האָר האָבן זיך איר אָפּגעשאָרט פאַסמעסווײַז פון הינ־טערן דערעלע אָפּער ,זיך צעפלויגן אין אַלע זײַטן. זי האָט זיי געלאָזט קריכן אין די גראָע אויגן אַרײַן, וואָס זענען געווען ווי פאַרצויגן מיט אַ נעפּל. דאָס פאַר־שאַרצטע ברייטע נעזל אירס האָט ווי שטיפעריש אָפּגעלאַכט פונעם גאַנצן נאַ־רישן שפּיל, וואָס זי מוז מיטמאַכן. ס׳פאַרדריסט איר שוין באַלד וואָס זי האָט אויך נייטיק געדאַרפט אַרײַנצײַען דערין משה מעטן, אַז יענע, די שותפטע אירע, וואָס איז אַן אַ מאַן אין שטוב, זאָל זיך האָבן צו וועמען צוצופּוצן. דאָס אייגענע שוועסטערל אירס, דאָס וואַנדעלע, האָט בײַ איר אויסגעכאַפּט דעם דאָקטאָר ענגלשטערן. דאָס האָט זי דאָך אים געברענגט אַהיים פונעם באַפּטיסטן־הויז אויף דער קאָשיקאָווע־גאַס לעבן פּלאַץ פון די דרײַ קרייצן. ער איז דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין וואַרשע און נישט געהאַט וווּ צו גיין נעכטיקן. בײַם אָפּריכטן די תפילות דאָרט אין דער הייך האָט ער זי דורכגענומען מיט זײַן פײַער־דיקן דורכשפּיזנדיקן בליק. זי האָט פּלוצים דערפילט, ווי זי פאַרלירט די מאַכט

איבער זיך. דער מענטש באַהערשט זי אין גאַנצן. זי איז גרייט זיך אונטערוואַרפן זײַנע אַלע פאַרלאַנגען אָן דערווידערונג. בײַ קיין שום מאַנצפּאַרשוין האָט זי נאָך דאָס נישט געפילט. נאָכן ענדיקן די תפילות איז ער שאַרכלאַז אויסגעוואַקסן לעבן איר. ער האָט זי געפרעגט צי זי ווייסט נישט ווו מע קאָן דאָ איבערנעכטיקן אַ נאַכט. ער איז דאָ אַ פרעמדער אין שטאָט. ער איז אַ דאָקטאָר־מעדיצין. ער קומט מיט אַ מיסיע פון ווילנע. ער וועט באַצאָלן וויפל ס׳וועט קאָסטן. זי האָט אים דעמאָלט אָן שום איבערלייגונג פאַרגעשלאָגן, ער זאָל גיין צו זיי אַהיים קיין פּראָגע. זי האָט געטראַכט, אַז פאַר איין וועגס וועט ער שוין באַטראַכטן דעם פאָטער אויך, וואָס ליגט אַ פאַראַליזירטער צוגעשמידט צום בעט. ער האָט טאַקע באַוויזן ניסים, ענגלשטערן. קיינער האָט נישט געטאָרט זײַן דערבײַ, ווען ער האָט דורכגעפירט די הייל־סעאַנסן. אַלע האָבן געמוזט אַרויסגיין פון שטוב אַרויס און אים לאָזן אַליין מיטן חולה. פונקט צו דער וואָך האָט שוין דער טאַטע אירער, דער קאַלעקאַזש, באַוועגט מיט דער האַנט און שפּעטער האָט ער אויך שוין גע־קאָנט אַראָפּשטעלן דעם פוס.

זי האָט נישט געוואַגט זיך דערנענטערן צום דאָקטאָר ענגלשטערן. ער איז געווען בײַ איר אַ הייליקער, אַ בעל־מופת. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַנטצי־קונג און דרך־ארץ, געפילט צו אים גרויס דאַנקבאַרקייט פאַר זײַן דאָקטערשער הילף און איידלקייט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט נעמען בײַ זיי קיין געלט. זי האָט זיך נישט געקאָנט מיט אים צופיל אָפּגעבן, געמוזט לויפן פאַרטאָגס צו דער אַרבעט אין דער קנעפּלפאַבריק אין וואַרשע, אויף דער דזשיקע־גאַס, און ווען זי האָט זיך געכאַפּט, איז שוין דאָס שוועסטערל געהאַט געשלאָפן מיט אים. זי האָט איר גאַרנישט געזאָגט, וואַנדען, זי איז זיך אַליין געווען שולדיק. אַ פּרוי דאַרף מאַנען דאָס איריקע, נישט וואַרטן אויף כבוד. מענער וואַלגערן זיך נישט אין די גאַסן הײַנטיקע צײַטן. נאָך אַ מילחמה איז אַ מאַנצפּאַרשוין מיט גאָלד צוגלײַך. איז זי געבליבן בײַ גאָרנישט. און איצט וועט די „שטשופּלע ריווטשע" איר אויסכאַפּן דעם זעלנער:

— פאַניע משה — האָט זי אַ צי געגעבן משה מעטן, וואָס איז געשטאַנען לעבן יונגן ווײַבל מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום קינד, ווי ער וואָלט עס גע־גאַנגען נעמען אויף די הענט — דאַי פּאַן ספּאָקוי,[1] קומט צו אַהער, האַלט אַן אויג אויף דער קעשענע, שטייט לעבן מיר, איר קענט אַליין אויך נעמען געלט.

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן. מ׳זאָל מיר נאָר געבן אַזוי פיל, וויפל כ׳וועל נעמען.

משה מעט איז שוין איצט נישט געשטאַנען ווי אַ זײַטיקער, פון ווײַטנס.

[1] לאָזט צורו

ער האָט זיך געהאַלטן האַרט לעבן דער פאַרקויפערין, ווי אַן אייגענער. האָט מען שוין אויך אים אָנגעהויבן שטופּן די דרײַסיקער גראָשנס. ער האָט גענומען געלט, געציילט, געגעבן אַ רעשט. ביסלעכווײַז איז אים וואַרעמער געוואָרן אין די הענט, אין די פיס. אויפן פּנים האָבן גענומען אַרויסשלאָגן רויטלעכע פלעקן, ווי בײַ די אַלע הענדלערס און טאַרגשטייערס דאָ פאַר די מיראָווסקע האַלעס.

ער איז זיך אַליין געוואָרן עפּעס וויכטיק אין די אייגענע אויגן. מע קוקט נישט אויף אים מער מיט קיין חשד, ווי אויף אַ פאַרדעכטיקן, אַ „ציִער", וואָס קריכט מיט די גליטשיקע הענט, וווּ ס'לאָזט זיך, אין אַ קעשענע, אין אַ קיישל אַרײַן. די קונים און קונהטעס, וואָס קומען צו צום וווּזיק, מײַדן אים מער נישט אויס ווי פריִער, נישט צו שטיין אין זײַן זײַט, נישט צו זײַן נאָענט לעבן אים. ער האָט עס פריִער נישט באַנומען. ערשט איצט פאַרשטייט ער, אַז מע האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די לאַזשיקעס, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום אויף טריט און שריט, קוקן אין די בײַטעלעך אַרײַן, נישטערן מיט די גנבישע שליפּיעס זייערע אין די קיישלעך, רײַבן זיך אָן ווי אומגערן מיט דער האַנט אָן יענעמס קעשענע, צי ס'ליגט נישט עפּעס אינעווייניק, נעמען נאָכגיין און וואַרטן אָפּ דעם מאָמענט, ווען יענער האָנדלט עפּעס אײַן און מע מאַכט אים פאַרטיק ווי אַן עפּלקוכן. ווען די צעחושטע מאַרק־קונהטע הייבט אויף אַ גוואַלד, מע זאָל כאַפּן דעם גנב, מ'האָט זי באַגנבעט, איז שוין פונעם דראַניעוואַטן יונג קיין זכר נישטאָ. דאָס ווײַבל רײַסט זיך די האָר פון קאָפּ, וויינט, קלאָגט, נאָר קיינער קאָן איר גאָרנישט העלפן. גיי זוך דעם נעכטיקן טאָג.

דער דאָזיקער אומזיסטער חשד וואָס האָט אים, משה מעטן, אַזוי דערדריקט, ווי עפּעס אַ פאַסקודנע קרענק, געמאַכט אים נאָך מער שפּלדיק ווי ער האָט זיך אַליין געפילט, איז מיט איין מאָל פון אים אַוועק, זיך אָפּגעטון פון אים. ער שטייט איצט אַן אויסגעגלײַכטער, אַ באַשעפטיקטער, אַ פאַרנומענער. ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט, אַז ער איז צוריק אַ נוצלעכער מענטש, און אַז ער געפינט זיך איצט מיט אַ טריט נענטער אין לעבן אַרײַן.

## קאפיטל זעקס

# באַגעגעניש מיט וועלוול מאַנידס מאַמע

דער רויש און טומל אויפֿן ערב חגא־יאַריד פֿאַר די מיראָווסקע האַלעס איז איצט געשטיגן וואָס אַ מאָל העכער און נערוועזער. מענטשן האָבן זיך געשטופּט באַלאָדענע מיט די פּעקלעך און טאָרבעס אָנגעפּילטע מכּל־הגוטס. מ׳האָט אײַנגעקויפֿט וואָס די אויגן האָבן געזען. זיי ווייסן גאָרנישט ווי אַזוי זיי וועלן עס דערוולעקען[1] אַהיים. די רײַכערע מאַדאַמען קריגן שוין שטענדיק פֿאַר זייערע פֿאַר גראָשן אַ ייִנגל וואָס העלפֿט זיי טראָגן די פּעק. דאָס יאַטל גייט פֿאָרויס מיט די פֿולע קיישלעך פֿון ביידע זײַטן און די פּרויען גייען זיי פֿרײַכנדיק נאָך, קאָנען זיי קוים נאָכאיילן נאָך די פֿלינקע יונגע טריט פֿון די אָרעמע מאַרקייִנגלעך.

די שוואַרצע זאָשע מיט ריווטשען ליאַרמען און טומלען, זיי שרײַען די ווײַבער אין די אויערן אַרײַן, אַז זיי זאָלן נישט פֿאַרגעסן אין די קינדער און אײַנקויפֿן פֿאַר זיי שפּילצײַג בחצי־חינם. די אײַנקויפֿעריננס דערמאָנען זיך אין דער לעצטער מינוט, אַז מע דאַרף פֿאַר די קינדער אויך עפּעס אַהיימברענגען פֿון מאַרק און הייסן וואַרטן די ייִנגלעך מיט די פּעק, וואָס שווערן זיי אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן געטראָגן שווערע פּודיקע שטיינער. די מאַדאַמען גראַבלען אַרויס די גראָשנס, וואָס זיי האָבן דאָ און דאָרט געקריגן אַ רעשט, שטופּן זיך מיט אַלע צום וועגעלע מיט די קינדער שפּילצײַגן און וואָס דאָס מיידל דערלאַנגט, נעמען זיי צופֿרידענע, וואָס זיי וועלן נישט אַהיימקומען צו די קינדער מיט די ליידיקע הענט.

משה מעט האָט שוין אַ פֿולע קעשענע מיט קליינגעלט. ער געדענקט שוין נישט די צײַט, ווען ס׳זאָל האָבן אַזוי היימלעך געקלונגען בײַ אים אין טאַש. ער האָט ביז איצט כּמעט אין גאַנצן נישט געהאַט קיין באַדאַרף אַרײַנצושטעקן די האַנט צו זיך אין קעשענע, ס׳האָט דאָרט געבלאָזן אַ ווינט. מער ווי אַן אַלט שטיקל ברויט, פֿאַרדאַרטע קרישקעס איז דאָרט גאָרנישט געווען. ער פּאַקט יעדעס מאָל אַרײַן די האַנט אין לאַנגן שינעלטאַש. קריגט אַרויס פֿון דער טיף אַ האַנט מינץ און גיט רעשט ווי אַ געניטער הענדלער.

---

1 דערשלעפּן

זיי שטייען אַלע דרײַ אַרום וווזיק פאַרפאַרעטע, פאַרקאַכטע, אַ שיינער מאַרקטאָג הײַנט. ס׳לייזט זיך גוט. ביז מיטאָגצײַט וועט שוין אפשר דרײַ פערטל וווזיק זײַן פאַרטראַסקעט. דאָס אַרײַנגעלייגטע געלט פאַר דער סחורה וועט זײַן אָפּגעלייזט. דער קרן וועט שוין ליגן אין דער קעשענע. דאָס איבעריקע איז דער ריווח. אַז זיי זאָלן בלײַבן בײַם איבעריקן ביסל סחורה, ווי ס׳טרעפט זיך טייל מאָל, וועלן זיי האָבן אָפּגעשטאַנען אַ טאָג אומזיסט, זיך האָבן סתם געריסן דעם גאָרגל צוליב גאָרנישט. די גאַנצע שווערע האָרעוואַניע שטייט ערשט פאַר אין די נאָכמיטאָג־שעהען. דער פראָסט גיט אַ נעם און דעם עולם גלוסט זיך נישט אײַבעריק צו גיין אין גאַס אַרײַן. מע דאַרף איצט זען נאָך מער צוצויאָגן, וואָס מער אַרײַנכאַפּן אין דער איינער פאַרבליבענער פאַרמיטאָג־שעה.

די שוואַרצע זאָשע אַרבעט מעשים. זי הערט נישט די זידלערייען פון די שכנישע בוידן פון איין זײַט און סטאַנדן פון דער אַנדערער, אַז זי זאָל זיך נישט אַזוי צערײַסן דעם יאַשטשיק און לאָזן אַנדערע אויך לייזן אַ גראָשן. זי איז נישט איינע אויפֿן טאָרג. אַנדערע דאַרפן אויך לעבן. ווייניק וואָס „דאָס״ צאָלט נישט קיין „פּלאַצאָווע״ האָט עס נאָך חוצפה צו וועלן אַלץ אַרײַנכאַפּן פאַר זיך. זי לאָזט זיך נישט אָנצינדן, זאָשע, זי איז נישט זייער נאַר. זי ענטפערט זיי אפילו נישט. מיט וועמען איז דאָ זיך דאָ אויסצוטענהן.

הײַנט האָט זי פאַר קיינעם נישט קיין מורא. לעבן איר שטייט אַ זעלנער פון דער פוילישער אַרמיי, אַ מאַנצפּאַרשוין. ער וועט זיך אָננעמען פאַר איר. זאָל נאָר ווער פּרוּוון... זי קאָן מיט אים אַלץ מאַכן, מיט משה מעטן. וואָס זי זאָל אים נישט הייסן טון וועט ער זי פאָלגן. זי האָט אים געהייסן נעמען געלט — נעמט ער. און פאַרוואָס זאָל ער איר נישט צוהעלפן מיט עפּעס. ער זעט נישט אויס צו זײַן ק׳אַזאַ שלימזל. ער טויג זיך טאַקע אויס. דאָס באַרימען זיך זײַנס פאַר איר, אַז ער איז דער ערשטער אַרײַן קיין ווילנע, איז גאָרנישט. אויפֿן שלאַכטפעלד קאָן מען זײַן אַ בריה, אַ העלד. נאָר צום מיסחר האָט עס נישט. אויסטויגן דאַרף מען זיך אויסטויגן אין לעבן. דאָס איז אַ חכמה. זיך קאָנען אַן עצה געבן אין אַ נאָרמאַלן סדר, ווען מ׳איז אָנגעוויזן נישט אויפֿן צופאַל און סורפּריז, נאָר אויף זיך אַליין. אויף די אייגענע פעיִקייטן. און אַז ער קאָן נעמען געלט, זיך נישט טועה זײַן, געבן אַ רעשט וויפל ס׳קומט, פאַרוואָס זשע זאָל ער נישט קאָנען העלפן פאַרקויפן, וועט עס גיין געשווינדער. ריוועטשען האָט ער אָפּגעזאָגט, אָבער אַז זי וועט אים בעטן, וועט ער נישט זיין ק׳אַזאַ חזיר. מע דאַרף נאָר נישט זײַן צופיל נאָכאַלנע, ווי די ריוועטשע. יענע האָט עס געמאַכט אומגעלומפּערט, ווי זי וואָלט געוועזן גערעדט צו איר אייגענעם מאַן. מע דאַרף עס קאָנען מאַכן איידל, דעליקאַט, מיט אַ שמייכעלע. אַט וועט זי פּרוּוון אים געבן אַ בעט:

— פאניע משה, זאָל דער פאַן זײַן אַ פשיאַטשעל — האָט זי זיך אָװעק־גענומען די פּאַסמע האָר פון שטערן און אָנגעשטעלט אויף אים אירע קײַלעכיקע גרויסע קעצענע אויגן — איך בעט אײַך, טוט מיר צוליב, יאָ? איר זענט דאָך אַ גוטער. אַז איר האָט אַ פרײַנד, אַ באַפּטיסט, קאָנט איר נישט זײַן קיין שלעכ־טער.

— אין וואָס גייט עס זאָשען? איך פאַרשטיי נישט קלאָר. זאָל די פּאַנע זאָשע זאָגן וואָס זי וויל. אויב ס׳וועט נאָר מעגלעך זײַן, בין איך אויף אַלץ גרייט.

— דער פאַן משה וועט מיר נישט אָפּזאָגן? נישט זײַן בייז אויף מיר, ביין?

— פאַרוואָס איז דאָ דאָ צו זײַן בייז? זאָל זיך זאָשע נישט קרעמפּירן פאַר אים, זאָל זאָשע זאָגן.

— אַ קלייניקייט, גיט אײַך דאָ אַזוי אַ שטעל אָוועק, אויף מײַן אָרט, יאָ? אַט דאָ בײַם ווויזיק, פון דער זײַט.

משה מעטן איז געוואָרן הייס אין אַלע אברים. ער פילט ווי ס׳וואָלט אים געשטיקט אין קעל. ער קאָן איר נישט דערווידערן. אירע גראָע אויגן נעמען אים דורך ביזן ביין. ער פרוווט זוכן אַ תירוץ און שטאַמלט אַרויס מיט אַ האַלב מויל:

— זאָל די פּאַנע זאָשע נישט פאַרגעסן — האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן — ס׳קאָן נאָך אונטערקומען אַ „גלינע״, ריזיקירט מען דאָך אין גאַנצן.

— זײַט נישט קיין קינד. מיר שטייען דאָ יעדן טאָג. מע פאַרקויפט און מע גיט אַכטיק.

זי האָט אים אַרײַנגעשטופּט צוויי קינדערשע שפּילעכלעך איןביידע הענט אַרײַן:

— נעמט, אַט אַזוי. שטעלט אײַך דאָ אָוועק. איר זענט דאָך אַ מאַנצפּאַר־שוין. עפּנט ס׳מויל, מאַכט אַ ליאַרעם. אַ מאַרק איז נישט קיין קלויסטער. דאָ דאַרף מען שרײַען, אַנישט קאָנט איר שטיין ביז מאָרגן, און נישט לייזן קיין גראָשן.

משה מעט איז געשטאַנען ווי מע וואָלט אים אָנגעטון אַ ראַנדל אויפן קאָפּ. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס איז זי בלויז אויסן צו מאַכן פון אים אַ לײַ־טיש געלעכטער. ער האָט געקוקט אויפן קינדערשן בלאָען קלעפּערל אין איין האַנט און אויפן ראָזע נאַקעטן יויזל אין דער אַנדערער האַנט, און מיט אַלע כוחות אַרויסגעקריגן פון דער ענגער פאַרשטיקטער קעל אַרויס, אַ כריפּעדיקע פרעמדע שטים, אין גאַנצן נישט ענלעך צו זײַן קול, עפּעס אַן אומבאַקאַנטע מאַרקשטים, וואָס האָט אײַנגעריסן וועלטן, פאַרשריגן דעם גאַנצן האַנדלפּלאַץ מיט די בוידן.

דאָס געזעמל איז געוואָרן גרעסער אַרום דעם ווויזיקל מיט די דריי אויפ־

שפּילער. מ׳האָט געמיינט, אַז דער זעלנער איז דער טאַטע פונעם קינד, וואָס דאָס ווײַבל האַלט אויף דער האַנט. ער איז אַוודאי אַ צוריקגעקומענער פון פראָנט, און אַלע פאַרבײַגייער האָבן זיי געגעבן צו לייזן. מ׳האָט אים פון אַלע זײַטן געשטופּט די דרײַסיקערס אין די הענט אַרײַן.

משה מעט איז גיך אַרײַן אין דער ראָל. ער האָט געשריגן מיט אַ ברייט אויפגעריסן מויל, זיך צוגענייגט אַ מאָל אויף רעכטס צו די קונים פון דער זײַט און אַ מאָל זיך צוגעבויגן אויף לינקס — צו די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען עטוואָס אין אַ זײַט, אַט אַזוי ווי די געניטע זאָשע טוט עס.

אין דער געדיכטעניש פון דער גראַטשקע האָט זיך דורכגעקריגן צו זיי אַ פאַרבאַבלטע ייִדענע אין אַן אויסגעקראָכענעם פוטערנעם פאַלטן מיט אַ הייסן טאָפּ גריץ, וואָס זי האָט געהאַלטן אײַנגעהילט אין פאַרפאַרעטע, געלצוגעבערענטע שמאַטעס.

די שוואַרצע זאָשע האָט זי צוגערופן נענטער און געהייסן געבן אַ טעלער זופּ פאַרן יונגן ווײַבל מיטן קינד. זאָל זי עסן די ערשטע, ריווטשע. זי אַליין וועט עסן שפּעטער, זי וועט נישט פאַרהונגערט בלײַבן.

מיט די באַהענטשקעטע האַנט האָט די אַלטע אָפּגעדעקט די שטערץ. די הייסע פאַרע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון טאָפּ עסן, האָט משה מעטן געגעבן אַ זעץ אין די נאָזלעכער מיטן זיסלעכן ריח פון די צוגערייטע ציבעלעס, אַז ס׳האָט אים אַזש גענומען וואַסערן אין מויל. די אַלטע האָט אָנגענומען אַ פולן טראַנ־זשיר־לעפל און אָנגעגאָסן אַ טעלער גריץ מיט קאַרטאָפל פאַרן יונגן ווײַבל.

— גייט אַ ביסל ווײַטער — האָט זאָשע צוגעוואָרפן דער אַלטער, קוקנדיק אויף ריווטשען — מע דאַרף דאָך לייזן געלט.

— גערעכט, טאָכטערשי, גערעכט — איז די אַלטע געשטאַנען מיטן אָנ־געגאָסענעם טעלער אין האַנט.

— ווער גייט דען דאָ עסן אין דער גראַטשקע? זי ווידער! — האָט די הויכע ריווטשע געענטפערט אַ ברוגזע און פאַרשטופּט דעם סמאַטשיק, וואָס ס׳קינד האָט געהאַט אַרויסגעלאָזט, צוריק דער קליינער אין מײַלכל אַרײַן. זי האָט גענו־מען דעם הייסן טעלער זופּ פון דער אַלטער אין איין האַנט און מיטן קינד אויף דער אַנדערער האַנט אַוועק אַ ביסל ווײַטער, אַן אַ זײַט. זי האָט זיך צוגערוקט לעבן דער ייִדענע מיטן אייוועלע געבראַטענע עפּל און זי געבעטן זי זאָל איר דערלויבן אַוועקשטעלן דעם טעלער, זי זאָל קאָנען אָפּעסן ס׳מיטאָג. אי ס׳איז דאָ וואַרעמער צו שטיין, אי ס׳איז דאָ שטילער, נישטאָ אַזאַ טומל.

די פאַרציע־מיטאָג־פאַרקויפערין האָט אַרויסגעקריגן אַ פערטל ברויט פון דער טאָרבע אַרויס, וואָס זי האָט געטראָגן אָנגעהאַנגען אין אַ זײַט און געגעבן דעם יונגן ווײַבל, זי זאָל האָבן צוצועסן צו דער זופּ:

— קוקן זי נישט אַזוי, דאָס ברויט איז פריש ברויט. נישט פאַרדאַרט, — בלויז דורכגענומען פון דער קעלט. לייגן זי עס אַרויף אויפן אייוועלע, וועט עס גלײַך אויפטײַען... באַלעבאָסטעשי, זי וועלן דערלויבן אָוועקלייגן ס'שטיקל ברויט אויף אינס אייוועלע אויף אַ רגעלע? אַ שיינעם דאַנק פאַר דער טובה, זי זענען אַ גוטהאַרציק מענטש.

דאָס אייוועלע איז געווען איבערגעמאַכט פון אַ שטוביקן באַקאויוון און געשטאַנען מיט די אייזערנע פיסלעך אויף אַ סאַנקע, צונויפגעקלאַפּט פון עט־לעכע ברעטלעך אויף צוויי פּאָר „ליזשוועס"¹ פוןביידע זייטן. די עפּעלעך וואָס די סוחרטע האָט פאַרקויפט — צוויי פאַר אַ דרײַער — זענען אין גאַנצן נישט גע־ווען קיין געבראָטענע, זיי זענען געקאָכט געווען גאַנצערהייט, מיט דער שאָלעכץ. די אַלטיטשקע האָט זיך געפּאָרעט בײַ די טירלעך מיט די שיבערלעך, ווי ס'וואָלט געווען אַ גאַנצע מאַשינעריע. די עפּעלעך האָבן זיך געמוזט קאָכן אַזוי, אַז אי זיי זאָלן זײַן ווייך אי נישט צעקאָכט. מיט אַ ציינלאָז מויל האָט די זקנה כסדר גע־חזרט ווי פאַר זיך:

— הייסע געבראָטענע עפּעלעך, ווער קויפט? צוויי פאַר אַ דרײַער! צוויי פאַר אַ דרײַער! האָניק! האָניק! האָניק!

זי האָט געהאַלטן אין איין האָניקן און אַרויסגעקריגן פון דער פאַרפאַרעטער טונקלעניש אַרויס קליינע אײַנגעשרומפּענע עפּעלעך מיט אַ צונויפגעקאָרטשע־טער צעקנייטשטער הויט פון אַ מיתה־משונה־קאָליר, און ווען זי גיט נישט צו, אַז זיי זענען האָניק, וואָלט זיי קיינער זיכער נישט גענומען אין דער האַנט אַרײַן.

נאָך ריוועטשע האָט די שוואַרצע זאָשע געגעבן אַ מאַך מיטן קאָפּ צו משה מעטן, ער זאָל צוגיין עסן. זי וועט עסן די לעצטע. די מיטאָג־פּאַרקויפערין האָט אָנגעגאָסן משה מעטן אַ פולן טעלער געדיכטע גריץ מיט אַ סך שטיקלעך קאַר־טאָפל וואָס זענען געווען אַ ביסל צוגעפּרוירן, גליטשיק:

— עסן זי געזונטערהייט. דאָס איז אינס ווײַבל, די מיטן קינד. זי האָבן אַ לײַטישע פרוי, ווער מיר גוטס גינט. דאָ האָבן זי אינס פּערטל ברויט. איך קען אינס פרוי. זי נעמט בײַ מיר מיטאָגסער, זי מיט איר שותפטע. אַ בריה פון אַ שיקסע און אַ גוטע נשמה. זי האָט אַ ייִדיש האַרץ, די שיקסע. זיי זענען זיך דאָ געננוג אויסגעשטאַנען די ביידע. די כוליגאַנעס לאָזן זיי נישט לעבן. דאָ גיי נישט, דאָ שטיי נישט. זי דאַרפן זיך נישט לאָזן פון זיי, אַזעלכע אַנטיסעמיטן! זי זענען אַ זעלנער. זי מעגן זיי געבן אין טאַטן אַרײַן. פאַר אײַך וועלן זיי מורא האָבן. אַז זי וועלן זײַן הונגעריק זאָלן זי מיר זאָגן, וועלאָך אין געבן אַ דאָבאַוועק. כ'וועל

¹ גליטש־אײַזנדלעך, גליטשערס

אין נישט זשאַלעווען. זי קומען פון פראָנט. איך האָב אין באַלד דערקענט. כ׳האָב אין שוין געהאַט אַמאָל געזען.

— וועמען? מיך? ווו?

— יאָ, אין... אויף דער דזשיקע־גאַס. דעם אַנדערן טאָג ראש־השנה. מײַן זון איז אויך געווען אויפן פראָנט. ער איז געוואָרן ראַנירט. געלעגן אין מיליטער־רישן שפּיטאָל. מ׳האָט אים געמוזט אָראָפּנעמען ביידע פיס, נישט פאַר אײַך געדאַכט. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אַן אינוואַליד, אָן אַ פוס, אויף קוילעס האָט מיר געבררענגט די בשורה אין שטוב. כ׳האָב געמיינט אַז כ׳בלײַב אויפן אָרט. ער איז געלעגן מיט אים צוזאַמען אין שפּיטאָל. אַ בעטל לעבן אַ בעטל... געבן זי מיר דעם טעלער, וועלאַך אין געבן נאָך אַ ביסל. ווער האָט זיך געוואָלט רעכטן, אַז מײַן וועלוול וועט האָבן אַזאַ וויסטן סוף, נישט פאַר קיינעם געדאַכט... נעמען זי.

— וועלוול האָבן זי געזאָגט? איך האָב געהאַט אַ חבר וועלוול. ער האָט געדינט מיט מיר צוזאַמען, אין איין קאָמפּאַניע.

— יאָ, וועלוול. אַ גאָלדן קינד געווען. די גוטסקייט אַליין. אַ שטימע האָט ער געהאַט צום זינגען איינע אין דער וועלט. נישט אַנדערש נאָר אַ זינגער האָט ער געוואָלט ווערן, אַן אָפּערן־זינגער, האָט ער געזאָגט, וועט ער זײַן, אַ צווייטער קאַרוזאָ...

— אַ זינגער, זאָגן זי? איז עס דאָך דער זעלבער! וועלוול מאַגיד.

— יאָ, וועלוול מאַגיד. פון וואַנען וויסן זי? אַזוי האָבן אים אַלע גערופן. אויף אָפּצולאַכן פון זײַן זינגען. אַלע האָבן אים מקנא געווען.

— פאַרוואָס האָבן זי באַלד נישט געזאָגט, אַז זי זענען וועלוול מאַגידס מאַמע? אַ פראַגע צי איך האָב אים געקענט. ביז דער לעצטער מינוט זענען מיר געווען צוזאַמען. ער איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען נאָך אַ שלאַכט און מיר האָבן געמוזט לויפן ווײַטער.

— וואָס זי זאָגן?

— אַוודאי. אַ פריילעכער יונג געווען. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ער האָט טאַקע שיין געזונגען.

— איך וועל אין נישט אָפּלאָזן, זי הערן. זי מוזן מיר צוזאָגן אַז זי וועלן זײַן שבת מערצעשעם בײַ מיר אין שטוב. איך ווױן דאָ נישט ווײַט פון דאַנען, אויף דער פּטאַשע־גאַס. זי וועלן זיך אײַנקויפן עולם־הבא בײַ מײַן מאַן. ער גלייבט זיך נאָך אַלץ נישט צו, דער נאַר. ער זאָגט אַז ער וועט נאָך צוריקקומען. ער איז זיכער אין פלען. ס׳קאָן נישט מעגלעך זײַן, טענהט ער, אַז ער זאָל האָבן געפאַלן אויפן פראָנט. מײַן וועלוועלע, זאָגט ער, וועט אין פײַער נישט פאַרברענט ווערן, ער גראָט אַרײַן אין טאַטן זײַנעם... זאָגן זי מיר צו? אויף אינס

הייליק ערנוואָרט? גלייב איך אייך... זײַען זי אַזוי גיט און שיקן זי מיר צו די גויע, זאָל זי אָפּעסן, ס'שיקסל. ס'האַרץ אַנטפאַלט איר שוין דאָרט פון הונגער. כ'וואָלט שוין די מינוט געוואָלט זײַן אין דער היים.

משה מעט איז צוריקגעגאַנגען צום ווזיק אַ זאַטער, אַ דערקוויקטער, אַ צעוואָרעמטער. ער איז געווען אין גאַנצן צערודערט פון דער ייִדענעס רייד. ווערלוול מאַגיד איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן אַ לעבעדיקער, אַ זשוואַווער, אַ שטיק קוועקזילבער. ער האָט אים געזען אַרומפּאַרען זיך אויפן הויף פונעם זאמל־פונקט איידער זיי זענען אָפּגעגאַנגען צו דער באַן אין יענעם גראָען פאַרטאָגס. געזען ווי ער איז געגעבן אַ לויף אַרויס פון דער ריי, און צוריקגעקומען מיטן פאַרנייטן זעקעלע עסנוואַרג און קיכלעך, וואָס די שיקסע פון טאַרגאָנסקיס פאַר־ברײַ האָט זיי געברענגט צום אָוועקגיין זייערן אויפן פראָנט. ער איז שטענ־דיק געווען פול מיט לעבן, מיט ווערווע. איז ער עס דעמאָלט טאַקע פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַן אַקאַפּע ערגעץ... אַ שאָד דאָס ייִנגל. ער שטעלט זיך פאַר זײַן מעמד, אַן די פיס. ער וועט זיכער אַרײַנגיין צום טאַטן ווערלוולס, אויף דער פּטאַשע־גאַס.

— פאַניע משה, ווו זוכט איר? דאָ שטייען מיר, דאָ! ווי זענט איר פאַר־קראָכן? וואָס האָט איר געטון אַזוי לאַנג? מ'האָט שוין געקאָנט האָבן אויפגע־געסן פאַר דער צײַט נישט קיין טעלער, נאָר אַ גאַנצן טאָפּ. נו, גייט שוין צו, כ'בין הונגעריק ווי אַ וואָלף. די קישקעס דרייען זיך מיר שוין איבער אין בויך. כ'קום באַלד צוריק.

ער האָט נישט געוווּסט וואָס זי רעדט צו אים, זאָשע. דאָס ווײַבל מיטן קינד אויף דער האַנט איז נאָך אַלץ געווען אַנגעדראָדלט אויף זאָשען, וואָס זי זשאָנ־דזשעט זיך מיט איר צופיל, די סמאַרקאַטע. משה מעט האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף זאָשעס אָרט. אויפן האַרץ איז אים געווען אַנגעזאַלצן. אין קאָפּ האָט גע־רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. ווען ער קאָן אַזוי אַוועקגיין אין אַ זײַט און זיך גוט אויסוויינען, וואָלט אים אפשר גרינגער געוואָרן אַ ביסל אויף דער נשמה. ער האָט זיך נישט באַדאַרפט אַזוי פיל אָנעסן אויף אַ מאָל. ס'קלעמט אים אין מאָגן. אין די שלייפן האַקט עס ווי אין אַ גאַלאָפּ, ווי אַ גאַנץ קאַוואַלעריע־פּולק וואָלט פאַרבײַגעריטן. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן ווזיק, געגעבן אַ כאַפּ אַ טרומייטערל אין איין האַנט און אַ גומי־מענטשעלע אין דער צווייטער, און ווי צו פאַרגלושען אין זיך דעם ווייטיק מיטן טרויער, גענומען שרײַען מיט יענער פרעמדער שטים אין אים, נאָר העכער נאָך ווי פריער:

— זאַבאַווקי אי זאַבאַוועטשקי
דלאַ סינאַ אי צורעטשקי!...

קאַפּיטל זיבן

# עקסצעסן פֿאַרן אײַזערנעם טויער

עפּעס האָט זיך זיי אויסגעוויזן די צווייי הענדלערקעס מיטן שפּילצײַג, אַז ס׳איז הײַנט אַ צו גוטער טאָג אויפֿן מאַרק. זיי זענען נישט געווינט, אַז ס׳זאָל אַלץ אַזוי גיין ווי געשמירט. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך הײַנט נישט געוויזן, זיך אָפּגעטראָגן. דאָס לייזעכץ איז געווען נישט צו פֿאַרזינדיקן. מע האָט זיך טאַקע געריסן דעם האַלדז, ס׳האָט אָבער געלוינט. דער ווזיק איז שוין באַלד ליידיק. די קונים האָבן זיך רעכט נישט געדונגען, נישט אויסגעדרייט די הענט בײַם קלײַבן. ס׳גלײַכסטע וואָלט געווען זיך אויפֿהייבן און אַהיימגיין. נאָר אַז קונים קומען און גייען, קאָן מען שטיין נאָך אַ ביסל. כאָטש אין האַרצן טיאָכקעט דער אומרו, ס׳זאָל נישט אַמאָל עפּעס אומגעריכט קומען אַ צרה אין דער לעצטער מינוט און ס׳זאָל אַלץ אויסגיין באָקעם, צום טײַוול.

פֿאַרבלאָזטע שטיקער וואָלקנס זענען געהאָנגען נידעריק איבערן מאַרק, ווי אָנגעבלאָזענע פּענכערס, נאָר צום פּלאַצן. די פּרעסטלדיקע ווינטעלעך האָבן גע־נומען שטשיפּען און שטעכן דאָס פּנים ווי מיט צוועגנעלעך און נאָדלען. בײַ די ראַנדן דעכער האָט דער שניי געבלאַנקט קרישטאָליק האַרט, פֿאַרשטײַפֿט. די בוידן־שטייערס האָבן אַרויסגעקריגן פֿון אונטער די בופֿעטן אַפּער פֿלעשלעך בראָנפֿן. מיט אַ געניטן קלאַפּ אין דער האַנטפֿלאַך האָבן זיי אַרויסגעשאָסן דאָס קאָרקל און אַרײַנגעבולבעט דאָס גאַנצע „פּערציקסטל“ בראָנפֿן מיט איין מאָל, גלײַך אין דער קעל אַראָפּ, נישט באַנעצנדיק צומאָל דעם גומען. זיי האָבן צו־געביסן שטיקלעך קעלבאַס, דאָרפֿישע קאַשאַנקע פֿון שוואַרץ געזעצט בלוט מיט קאַשע. די צורות זייערע זענען געוואָרן רויט ווי שטיקער צונטער. דערוואָרעמטע האָט זיך זיי צעבונדן די צונג. זיי האָבן געקלאַפּט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער.

איבערן מאַרק זענען אַרומגעגאַנגען סטודענטן אין די ווײַסע פּירשפּיציקע קאָרפּאָראַנטן־היטעלעך מיט שמאָלע אַמאַראַנט־רויטע לאַמפּאַסן און געטיילט בלעטלעך, מע זאָל נישט קויפֿן בײַ ייִדן. טייל האָבן גענומען די בלעטלעך און זיי אַוועקגעוואָרפֿן אין זייערע אויגן. אַנדערע האָבן זיך געפֿוילט אויסצושטרעקן די האַנט נאָך זיי, און ס׳זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געריסן מע זאָל זיי געבן אַ בלעטעלע. די סטודענטן האָבן קיינעם נישט געמיטן. די וואָס האָבן

בישט געוואָלט נעמען האָבן זיי איבערגעלאָזט די העצפּאָפּירלעך אויף די בופעטן, אויף אַ ליידיקן שטול בײַם זײַט. זיי זענען געגאַנגען אין צווייען מיט פּאַרריסענע געמבעס, חוצפּהדיק געקוקט יעדן איינעם אין די אויגן אַרײַן, צי ער איז אַ ייִד צי אַ קריסט. אַז זיי זענען פאַרבײַגעגאַנגען אַ ייִדישן הענדלער, האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן זיך כלומרשט געקריגט צווישן זיך און איינער האָט דעם צווייטן געגעבן אַ שטויס, אַז יענער זאָל אַרויפפאַלן אויפן ייִדישן מאַרק־שטייער און אים שיִער נישט אומוואַרפן מיט דער גאַלדקראַם צוזאַמען. מיט אַ טיפן בייג פול מיט אָפענעם חוזק און ביטול האָט דאָס סטודענטל העפלעך איבערגעבעטן דעם אויפגעקאָכטן הענדלער, וואָס האָט זיך באַלד נאַריש צעשמייכלט מיט אַ צעטומלטן „ס׳מאַכט נישט אויס, ס׳איז גאָרנישט״.

משה מעטן האָט עס געהויבן פון אָרט. ער האָט פון ווײַטנס זיך צוגעקוקט צו די סצענעס, ווי די ייִדישע הענדלער — שטאַרקע יונגען — מאַכן זיך נישט וויסן, שלינגען אַראָפּ די באַליידיקונגען און אַנטשולדיקן זיך נאָך פאַרן חוצפּהדיקן סטודענטל, זיך פאַרריכטנדיק ס׳היטל אויפן קאָפּ:

— אויף מיר וואָלטן זיי באַדאַרפט אָנטרעפן — האָט משה מעטן אַ זאָג געטון מער צום ווײַבל ווי צו זאָשען — איך וואָלט זיי דערציילט יענע מעשה, וואָלט איך זיי...

— ס׳דאַכט זיך אײַך נאָר אַזוי. פאַרלאָזט זיך אויף זיי. די ייִדישע ייִנגלעך ווייסן וואָס זיי טוען. זיי לאָזן זיך נישט כאַפּן אויפן האַטשיק.

— איך וואָלט נישט געקוקט קיין גליקן. כ׳וואָלט אַזאַ איינעם פאַרפאַרן אין די אויגן, אַז ער וואָלט געזען די עלטער־באָבע זײַנע.

— יענע קוקן דאָך דאָס נאָר אויס, מע זאָל זיך אָפּרײַסן אויף זיי, ווי אַ הונט אויף דער קייט, זיי זאָלן קאָנען מאַכן אַ „ראַבאַן״[1] מיטן גאַנצן ביסל ייִדישע סחורה, איבערדרייען די וועגעלעך מיטן שמוקוואַרג און הייסן אַלעמען קלויבן די פינגערלעך, אוירינגלעך, שנירלעך פּערל, בראַסלעטן. בײַ וואָס וואָלטן זיי געבליבן, די הענדלערס? פאַרקוקן זיי בעסער, פאַרבייגן זייער האָנאָר, אַבי ס׳זאָל אַדורכגיין גלאַטיק, אָן סומאַטאָכעס.

— איך וואָלט עס נישט געקאָנט — האָט משה מעטן געגעבן אַ קוק אויף זאָשען, וואָס האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ קאַלטן גלײַכגילטיקן בליק, ווי ס׳וואָלט איר דאָס אַלץ געווען אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

— זאָל שוין זײַן גענוג דערמיט! האָט זאָשע געגעבן אַ בייזן וואָרף צו משה מעטן פאַרן אויסטענהן זיך מיט ריוועטשען.

זי האָט נישט איבערגעריסן דעם פאַרנאַכטיקן פּיזמון וועגן די ווילדע

[1] אַ תל, סומאַטאָכע, באַלאַגאַן

מציאות, וואָס זי פאַרקויפט — אַ מאָל פון אַ באַנקראָט און אַ מאָל פון אַ בי־ליקן אויספאַרקויף, אַ ליקווידאַציע.

ס׳האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ טראַמאַסק און אַ שיטן זיך פון רייפלעך אויף די שטיינער, באַגלייט מיט אַ פאַרצווייפלטן אויסגעשריי, אַ ווײַבערישן קוויטש.

— זיי מאַכן שוין היימלעך — האָט דאָס ווײַבל צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך און זיך צוגערוקט נענטער צו משה מעטן, ווי זי וואָלט געזוכט בײַ אים שוץ.

משה מעט איז געשטאַנען מיט די פאַרנומענע הענט מיט די זאַבאַווקעס און מיט די אויגן אַנגעהאַנגען דאָרט אַרויפצוצו אינעם שוואַרצן געזעמל: נישט אַמאָל דאָס ווײַבל מיטן טאָפּ עסן? — האָט אים דורכגעשרויפט אַ געדאַנק וואָס האָט אים געמאַכט אויפשווידערן מיטן גאַנצן קערפּער:

— איך קום באַלד צו.

— וווהין גייט איר, פאַניע משה? — האָט אים זאָשע געגעבן אַ כאַפּ אַן פאַרן אַרבל. מישט זיך נישט אין נישט אייערע געשעפטן.

— אַ רגע, כ׳וויל נאָר בלויז אַ קוק געבן.

— איר וועט אין ערגעץ נישט גיין.

משה מעט האָט געגעבן אַ וואָרף אַרײַן די צוויי שמאַכטעס אין ווזיק אַרײַן און זיך באַפרײַט פון זאָשען מיט אַ פליק דעם אַרבל, וואָס איז געווען פאַר־קלעמט אין איר האַנט. ס׳האָט אים געגעבן אַ טראָג ווי געביסן פון אַ שלאַנג, און מיט נאָך אַנדערע זיך געלאָזט לויפן זען וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר.

נישט ווײַט פונעם אַרײַנגאַנג אין די האַלעס לעבן טראָטואַר, ווו ער האָט פריִער געגעסן מיטאָג איז אויף דער ערד געלעגן אויסגעצויגן די ייִדענע, די הענדלערין מיט די געבראָטענע עפּעלעך. מיטביידע הענט האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען דעם איבערגעקערטן שליטן. די אונטערגעשלאָגענע, פאַרזשאַווער־טע ליזשוועס האָבן אַפּערגעקוקט שטאַר און קאַלט; ווי די שווערע געקאָוועטע פּאַדקאָוועס אויף די אויסגעצויגענע פיס פון אַ געפאַלן פערד. דער באַקאַויוון האָט זיך געוואַלגערט באַזונדער אַ צעפאַרעטער, מיט אויפגעריסענע טירלעך. די טליִענדיקע האָלעוועשקעס זענען געווען פאַרגאָסן מיט עפּל־וואַסער. אין רינשטאָק האָבן זיך געקאָרטשעט עפּעלעך. זיי זענען איצט געווען נאָך מער אָפּ־געבליאַקעוועט און אײַנגעשרומפּן, געררונצלט. דערלעבן האָט זיך געשוואַרצט דאָס שטיקל קוימענרער, אַ קאַלטס, אַן אַטעמלאָזס, אָן רויך, אָן לעבן.

אַרום זענען געשטאַנען די סטודענטן און זיך געשיט פון געלעכטער, ווי די אַלטע וויל נישט אָפּלאָזן די איבערגעקערטע סאַנקע. פון איבערן אַרויפגעשאַרצטן פּאַלטן האָט זיך אַפּערגעזען איין נאָגעוויצע פון די בלאָע וואָלענע מייטקעס.

— זי וועט זדעכגיען, די אַלטע קלאָפּטע, און נישט אָפּלאָזן די סאַנקע. אַזאַ

זשידאָוויצע דאָס איז! מע זאָל זען ווי מע גייט, האָט זי געזאָגט, מ׳זאָל נישט גיין ווי די בידלעס... האָב איך איר געגעבן אַ קאַפּ אין פּאַראַוואַז אַרײַן, האָבן זיי ביידע געמאַכט אַ קאַזשעליק אין שניי אַרײַן, כאַ־כאַ־כאַ!!!

משה מעט איז געגעבן אַ גיי צו האַרט לעבן דעם יונג, אַז ער האָט דערפּילט אויף זיך יענעמס שיכורלעך שווערן אָטעם, און אַ ווײַז געטון מיט דער האַנט אויף דער אויסגעצויגענער זקנה געזופּט דורך די ציין די ווערטער גלײַך יענעם אין פּנים אַרײַן:

— ווי שעמט איר זיך נישט צו טון אַזאַ זאַך! איר קוועלט נאָך אַן דערפון! איר זענט דאָך עפּעס סטודענטן! געבילדעטע מענטשן! איר וועט דאָך דאַרפן ווערן דאָקטוירים אין נײַעם פּוילן! אינזשיניערן, אַדוואָקאַטן! אויסוואורפן וואָס איר זענט! קעגן וועמען כאַפּט איר זיך שלאָגן? קעגן אַן אַלטער פרוי?

— וואָס וויל דער פּאַן זשאָלניעזש? זי שטעלט זיך אַוועק מיטן פאַרזשאַ־ווערטן אויוון אין מיטן גאַס און לאָזט נישט דורכגיין קיין מענטש.

— בלויז זי איינע שטערט אײַך? איר האָט זי דאָך שיִער נישט דערהרגעט.

— אַ קליינער שאָד. זי איז דאָך אַ ייִדישקע, וועט זײַן מיט איין ייִדישקע ווינציקער.

— עך, דו, דו שטיק פּוילעכץ וואָס דו ביסט! — האָט אים משה מעט אָנגעכאַפּט פאַר די קלאַפּעס און אים גענומען טרײַסלען מיט אַלע כוחות — דו סוקין־סין איינער! מיט מיר קום זיך שלאָגן! ביסט אַ שטאַרקער, יאָ? מיט מיר שלאָג זיך! איינער קעגן איינעם!

צוויי סטודענטן האָבן זיי געגעבן אַ שייד פונאַנדער מיט די הענט. די ווײַסע היטעלעך זענען זיי געלעגן אויפן קאָפּ ווילעריש פאַררוקט אויף אַ זײַט:

— זאָל דער פּאַן זשאָלניעזש זיך נישט מישן צו די ציווילע — האָט איינער פון זיי אים געקלאַפּט גוטברודעריש אין דער פּלייצע — ס׳איז נישט זײַן עסק, זאָל ער זיך גיין זײַן וועג.

— אַ פּאָלאַק דאַרף זיך נישט אָננעמען פאַר די ייִדן — האָט דער צווייטער זיך געשטעלט צווישן אים און דעם בלײַכן דאַרן סטודענט — זאָלן זיי גיין קיין פּאַלעסטינע! וואָס שלאָנדערן זיי זיך דאָ אַרום?

— איך בין אויך אַ ייִד! אַ ייִדישער זעלנער! איך האָב זיך געשלאָגן פאַר פּוילן! פאַר...

— דו ביסט אַ זשיד? טאָ גיי ברעך הענט און פיס פון דאַנען, ביעגאַם מאַרש, זשידזשע!

פאַר משה מעטס אויגן האָט אַ שווינדל געטון אַ פויסט, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן אונטער זײַן נאָז און זיך גערוקט אַרויף צו די אויגן. מיטן גאַנצן

האסט האָט ער מיט דער האַנט אָװעקגענומען יענעמס געבײַלטע פויסט פון אונ־טער זײַן נאָז אַפּער:

— אויף װעמען הייבסטו אַ האַנט? — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט דער לינקער האַנט איבערן האַרצבערעטל — אָט די ברוסט האָט פאַרטיידיקט פּוילן, אונ־דזער פּוילן! אייער פּוילן! פּוילן! װוּ זענט איר געװעזן, װען איך בין געלעגן אין די אָקאָפּעס? איר האָט זיך געלערנט?

— פאַרמאַכט אים דעם פּיסק! — װאָס צערעמאָניעט איר זיך מיט אים?

די סטודענטלעך האָבן זיך ענגער צונויפגעדריקט אַרום משה מעטן און אויסגעטיילט די זײַטיקע פונעם קרײַז. איינער אין אַ לעדערנער קורטקע מיט אַ קאַנטיקער מאָרדע האָט זיך געגעבן אַ שאַר צו מיט די הענט אין די קעשענעס און מיט געמאַכטער גוטמוטיקייט אַ זאָג געטון נאָכלעסיק:

— לאָזט אים אָפּ, ייִנגלעך, װאָס װילט איר פון אים, פון דעם זשידעק? גיט אים אין די ציין אַרײַן און זאָל ער גיין. װאָס איז דאָ צו טענהן מיט אים.

באַלד איז אונטערגעקומען אַ צװייטער, אַ קליינער מיט אַ ראָז, געריינצלט פּנימל און זײַטיק צוגעװאָרפן:

— ער איז גערעכט, דער זשידלאַק, שטעלט טאָקע אויס די צװייטע באַק, איר דאַרפט זיך לאָזן פון אים שפּײַען אין פּנים. אויף װאָס װאַרט איר? מאַכט אים מיט אַ קאָפּ קלענער, צו אַלדע כאָלערעס!

אַרײַנגעשלאָגענע אין דער אַמביציע האָבן די סטודענטלעך אים גענומען דרייען אין אַלע זײַטן, דעם זעלנער, ער זאָל אויסקומען צו זיי מיט דער פּלייצע, זיי זאָלן אים קאָנען אַרויסשטופּן פונעם געזעמל. הענט האָבן זיך גענומען שטרעקן און איבערגעבן אים װאָרפנדיק פון איינעם צום צװייטן, װי אַ פּילקע און גע־שטויסן אים פאַרויס פון מאַרקפּלאַץ מיט די מענטשן, אים אַרײַנצוקריגן אינעם זײַטיקן געסל אַרײַן אויף יענער זײַט מאַרק, װאָס פירט צום גערטל אויפן פּלאַץ פאַרן „אייזערנעם טויער“.

## קאַפּיטל אַכט

# בלינדע קלעפּ אויף ייִדישע קעפּ

דער פּראַקטיקער מאַרק אַרום האָט זיך צוגעקוקט ווי אויף אַ פּריי־לעך ספּעקטאַקל. ס׳האָט זיי געוווּנדלט, די מאַרקהענדלער, ווי די סטודענטן האָבן זיך געשפּילט מיטן ייִדישן זעלנער, ווי זיי וואָלטן זיך געוווען געפינען אויף אַ פוטבאָלפּלאַץ און נישט אויף קיין האַנדלמאַרק.

משה מעט האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסקערעווען צו זיי מיטן פּנים, נישט־אויפהערנדיק צו טענהן וועגן זײַן פּאַטריאָטישקייט. וואָס מער ער האָט זיי גע־וואָרפן זײַנע ברײַענדיקע רייד, אַלץ האַסטיקער האָבן זיי אים געפּרוווט דרייען אויף צוריק און האַלטן אים מיט דער פּלייצע צו זיך, אָט אַזוי ווי איינעם וואָס מ׳האָט געכאַפּט בײַ אַ גנבה. פון אַלע זײַטן האָבן זיי אים געשטופּט איבערן פּול־באַשטעלטן פּלאַץ.

די שוואַרצע זאָשע האָט די גאַנצע צײַט נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון זיי. זי האָט אַלץ געמיינט אַז די סטודענטלעך וועלן נישט דערוועגן צו האָבן צו טון מיט קיין מיליטער־מאַן, זאָל זײַן אַפילו אַ דעמאָביליזירטן. זיי וועלן זיך סוף־כל־סוף אָפּטשעפּען פון אים אויס אָפּשײַ פאַרן פּוילישן מונדיר, וואָס — באַ־ליידיקן אים — איז דאָס זעלבע וואָס באַליידיקן די פּוילישע אַרמיי, די רעגירונג, דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק.

דער פּוילישער זעלנער איז אומבאַרירלעך. קיינער האָט נישט קיין רעכט

אים צו פאַרהאַלטן, אַפילו נישט קיין פּאָליציאַנט, וואָס איז באַלעבאָס פון דער גאַס, דער הערשער איבער יעדן בירגער. אויב אַ זעלנער שיכורט זיך אָן און סקאַנ־דאַלעוועט, שטערט די עפנטלעכע רו, קאָן אים קיינער נישט אַרעסטירן, אַ חוץ די זשאַנדאַרמעריע, די מיליטער־לײַט מיט די געלע לאַמפּאַסן אַרום די היטלען, נאָר זיי קאָנען אים נעמען, „באַרויקן", אַוועקפירן אים מיט זיך אין די מיליטער־רישע קאַשאַרן אויף דער טשעפּלע־גאַס. אויסער די „געלע קאַנאַרקעס" האָט קיי־נער איבער אים נישט קיין רעכט.

זי איז געשטאַנען, זאָשע, בײַם ווויזיק שפּילצײַג אָן אַרומגערינגלטע מיט קו־נים אַזוי ווי אויף שפּילקעס. זי האָט אומרויִק נאָכגעפאָלגט מיט די אויגן נאָך יעדן באַוועג פונעם מענטשנקנויל דאָרט, אַרויפצו, לעבן גרויסן טויער פון די האַלעס. לויטן שטופּעניש און רוקן זיך פונעם געזעמל האָט זי געזען אויף וואָס דאָ גרייט זיך. מ'האָט שוין נישט איין יידיש יינגל געפינען אין יענעם געסל אַ צענהרגטן, צעשלאָגן מיט אייזערנע קאַסטעטן, אַז ס'איז נישט געווען צו דערקענען קיין פּנים.

די שוואַרצע זאָשע האָט ריוועטשען צוגעוואָרפן אַ „געב אַכטיק", געלאָזט שטיין די קונים, ריוועטשע זאָל זיך מיט זיי אַליין אָן עצה געבן, און אַליין זיך גענומען דורכקריגן דורך די סטאַנדן און בוידן, קיישלעך און אויסגעלייגטע קרעמ־לעך. זי איז געלאָפן ווי אַ באַרוועסע איבער שטיינער. וואָס נענטער צו די האַלעס, אַלץ גיכער איז זי געלאָפן. דער שוואַרצער צונויפגעלויף האָט זיך גלײַכצײַטיק געדרוקט דאָרט פאַרויס. די באַנדע האָט זיך שוין באַלד געהאַט אַרויסגעקריגן מיטן קרבן פונעם פּלאַץ אַרויס.

ווען די שוואַרצע זאָשע האָט זיך שוין געפינען נאָענט פון דער גראַטשקע, האָט זי אויפגעהויבן אַ גוואַלד און מיט צענומענע עלנבויגנס זיך געעפנט אַ וועג צום אײַנגעשלאָסענעם רינג:

— וואָס ווילט איר פון אים, מערדער! דאָס איז מײַן יינגל! וואָס האָט ער אײַך געטון, וואָס? מיך שלאָגט! איך האָב אים געהייסן צוגיין זיך אָננעמען פאַר דער אַלטער יידישקע! מיך שלאָגט! מיך! וואָס גייט איר דאָ מאַכן פאַר אַ שטיק? איר גייט אים דערהרגענען? לאָזט אים אָפּ, פּאַנאָוויע! ער איז אַ פּראַנטאַוויק! אַ זעלנער פון פּראָנט! זוכט זיך אַנדערע קרבנות! אים לאָזט אָפּ, לאָזט אים!

מיט אַלע כּוחות האָט זי זיך דורכגעריסן צו משה מעטן און אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבל, זיך אָנגעהאַנגען אין אים נישט אָפּצורײַסן:

— קום אַוועק, זאָג איך דיר, מיט מיר קום! זיי וועלן דיך אַוועקלייגן אַ טויטן, קום מיט מיר!

מיטן צעפלויגענעם טיכל אויפן קאָפּ האָט זי אים געפּרוווט אַרויסרײַסן פון די צעיושעטע יונגען.

משה מעט האָט זיך געוואָלט באַפרײַען פון זאָשעס הענט, וואָס האָבן אים

ארומגעקלאַמערט און אים נישט געלאָזט זיך פאַרטיידיקן. ער האָט זיך נישט גע־קאָנט אָפּטשעפּען פון איר:

— גיי אַוועק פון מיר, זאַשו! האָב נישט קיין מורא. כ'וועל זיך אַליין מיט זיי אַן עצה געבן, לאָז אָפּ!

ער האָט זי געשטופּט פון זיך מיט ביידע הענט, ער זאָל זען צוריקצושלאָגן.

זי האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און אים געפּרוווט מיט זיך פאַרשטעלן פאַר די קלעפּ:

— איך וויל נישט! כ'וועל נישט אַוועקגיין! זיי וועלן דיך דאָ זאַקאַטרו־פּיען, צום טויט וועלן זיי דיך דערשלאָגן! גייטס אַוועק פון דאַנען, באַנדיטן! לאָזטס אים אָפּ! שלאָגט נישט! מ־אַ־ט־ק־אָ!...

די צונויפגעפלאָכטענע מאַסע מיט משה מעטן און זאַשען אין רינג האָט זיך האַסטיק אַרויפגעוואַליעט אויפן אַנדערן טראָטואַר. מיט רוגזהדיקע פּנימער און מעסערדיקע אויגנשניטן האָבן די צעווילדעוועטע סטודענטן זיי געגעבן אַ שטופּ אַרויף מיטן גאַנצן כוח אויף דער וואַנט אַרויף. פויסטן האָבן זיך געביילט אין דער לופטן. זיך געשטערקט איבער אַקסלען און קעפּ. די רציחה האָט זיך צע־צונדן צוזאַמען מיט די קלעפּ, וואָס זענען געפאַלן ווי שטיקער פייער פון אַ ברע־נענדיק הויז דאָ אויף משה מעטן, דאָ אויף זאַשען.

פון די האַלעס אַרויס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פלייצע־טרעגערס מיט די גראָבע געפלאָכטענע שטריק אין די הענט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געזען ווי די ייִנגלעך פון די חסדלעך האָבן געהאָלפן אויפשטיין די אַלטע, אַרויפגעלייגט די שברי־כלי, דעם צעהודערטן באַקאַויוון מיט די אַרויסגעלאָזטע בעבעכעס אויף דער סאַנקע אַרויף.

די טרעגערס האָבן צעקאַכטע אַ זידל געטון אין אָפּענעם מאַרק אַריין:

— אַ ריכן זייער מאַמען אַראַן! ניש געקאָנט איינדז באַלד צעוויסן געבן? ווי זענען זיי די צעלייגערס? ווען זיי ווייזן ווער מיר זענען. מיט די בלויזע שטריק וועמיר זיי פאַריאָגן פון די האַלעס, אַז זייער געביין וועט זיך דאָ מער ניש ווייזן. מעגן זיי האָבן מעסערס מיט אייזערנע הענטשקעס. מ'עט זיי פאַרטרייבן פון דאַ־נען ווי די חזירים, וועמיר זיי טרייבן!

די חסדלעך האָבן מיט אַ ווונק אַ וויי געטון אין דער זייט צום געסל צו, ווו די סטודענטן־היטעלעך האָבן זיך חוצפּהדיק אַקעגנגעוויזסט ביים ראַנד פון מאַרק.

מיט פעסטע, זיכערע טריט האָבן זיך די ייִדישע פלייצע־טרעגערס גענומען דורכקריגן איבערן פלאַץ צווישן די געשטעלן. זיי זענען באַגלייט געוואָרן פון שטעכיקע בליקן, שפּאָטיקע און אָפּלאַכערישע, פון די פוילישע האַנדלאַזשעס מיט הייליקע בילדער:

— ייִדישע פּעטניאַקעס גייען. מאַכטס אַ וואַרע!

— יאַנקול!

— אַבראַם!

— יוינע כאַדזש נאַ ווינע!

— זאַמיאַסט קולע וועש ציבולע! [1]

מיט אַ בייז געלעכטערל האָבן זיי נאָכגעשריגן די פּלייצע־טרעגערס, אויסבזײַענדיק זיי אָפּצוצ(י)ען פון די סטודענטן. זייערע שטעכווערטלעך זענען געפאַלן אָן אַן אָפּקלאַנג, ווי אין געדיכטן שניי אַרײַן. פון קוראַזש וועגן האָבן זיי זיך געקלאַפּט מיט די אַרומגענומענע הענט די אייגענע פּלייצעס, נישט אַזוי ווײַט זיך צו דערוואַרעמען אַ ביסל, ווי פון דעם וואָס ס'ווערט היימלעך אויפן מאַרק, און צו ווײַזן, אַז זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר די ייִדעלעך, אַפילו פאַר זייערע שטאַרקע.

די טרעגער־יונגען האָבן זיך אַפילו נישט אויסגעדרייט צו זיי, זיי וועלן שוין אַן אַנדערש מאָל קומען אויף זייערע הענט. איינער בלויז האָט געגעבן אַ דריי אויס דעם קאָפּ צו אַ קרענצל הענדלערס:

— פאַרמאַכט די שמיעטניקעס אײַערע! מ'עט צו ענק אויך צוטרעפן, אין אײַער מאַמען אַראַן! — האָט דער יונג זיי צוגעוואָרפן אויף הינטערווײַלעכץ.

— ס'וועט אויף אײַך אויך קומען די ריי, הינטישע זין!

מיט עטלעכע לויפיקע טריט האָט דער יונג דעריאָגט די גרופּע זײַנע. זיי האָבן דורכגעשניטן דעם מאַרק זײַטיק אין דער קרום, זיי זאָלן אומגעריכט אויסקומען בײַם סאַמע געסל. איצט האָבן זיי גענומען שטעלן אײַנגעהאַלטענע טריט אויסערן פּלאַץ. די קולות און גוואַלטן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן זיי און צעקאָכט אין זיי די בלוטן.

די סטודענטן האָבן זיך איצט גענומען אַמפּערן מיט זאָשען און זי געפּרוווט אָפּרײַסן פונעם ייִדישן זעלנער, צו קאָנען זי אָפּשלײַדערן אין אַ זײַט. זיי האָבן זי געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער, געשלעפּט פאַרן פאַלטן, אַראָפּגעריסן פון איר דאָס דערעלע פון קאָפּ, זי זאָל אָפּלאָזן דעם זשיד, אַנישט וועט זי נישט אַרויסגיין פון דאַנען מיט קיין גאַנצע ביינער. צוויי סטודענטן האָבן זי אַ הייב געטון אין דער לופטן און זי געגעבן אַ טראָג אַרויס פונעם געזעמל. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן מיט איר אָן די אָנגעקומענע טרעגער־יונגען מיט די געפלאָכטענע שטריק אין די הענט. מיט אימפּעט האָבן די טרעגערס זיי אַ יאָג געגעבן אויף צוריק אינעם צעיושעטן מענטשנקנויל אַרײַן. די טרעגערס האָבן אַ צעפיר געטון די הענט און געהאַקט מיט די שטריק ווי מיט העק. די געפלאָכטענע, פאַרוויקלטע קנוטן זענען געפאַלן אויף קעפּ און פּלייצעס, איבער פּנימער און קאַרקן.

---

[1] יונה, קום זיך שלאָגן, אַנשטאָט קוילן נעם ציבעלעס

די צעטומלטע סטודענטלעך האָבן צעפּלאָשעטע גענומען לויפֿן אין אַלע זײַטן מיט די ווײַסע סטודענטן־היטעלעך אין די הענט זיך צוהאַלטנדיק מיט זיי די ווייטיקדיקע שניטן און פּרענגעס, וואָס די שטריק האָבן איבערגעלאָזט אויף זייערע פֿאַרשפּיצטע צורות. זייערע געשרייען זענען געלאָפֿן אויף פּאַרויס, ווי די שוואַרצע קראָען:

— זשידזשי ביאָן! ייִדן שלאָגן פּאָלאַקן!

— יעזוס־מאַריאָ! ראַטעוועט!

— אָ ראַני באָסקע!

— נאָ פּאָמאָץ! קומט צוהילף, ברידער פּאָלאַקן!

צוזאַמען מיט זייערע צעפּריסקעטע געשרייען זענען זיי צעשלאָגענע און צעפּאַסקעוועטע פֿאַרשווינדן אין די זײַטיקע טונקעלע געסלעך אַרום די מיראָווס־קע האַלעס. דער שטאַרער פֿאַרנאַכט האָט געפּראַסטיקט אויף די ראָגן. פֿון די טויערן האָט אַרויסגעקוקט אַ שוואַרצע שטומקייט. פֿאַרבײַגייער האָבן אָוועקגע־אײַלט פֿאַרטוליעטע אין די פּאַלטנס מיט די אויפֿגעשטעלטע קעלנער. די טרע־גערס האָבן זיך צוריק אַרומגענומען די שטריק אַרום בויך און זיך געלאָזט גיין מיט ברייט־צעשטעלטע טריט צוריק צו די האַלעס.

משה מעט איז געווען בלייך ווי דער שניי וואָס האָט זיך געבלייכט בײַ די ראַנדן מויערן. ער האָט זיך רעכט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וואָס ס׳איז דאָ פֿאַרגעקומען אַרום אים און וואָס אַזוינס די כוליגאַנעס זענען אויסן געווען מיטן פֿאַרנאַרן אים אַהער אינעםליידיקן געסל. ער האָט זיך אָן אַ וואָרט געלאָזט פֿירן פֿון דער כוואַטסקע מויד און כסדר צוגעלייגט די האַנט צום מויל, צו דער נאָז, צי ס׳גייט נישט קיין בלוט.

די שוואַרצע זאָשע האָט אַ צעשויבערטע מיטן דערעלע אין דער האַנט אים געהאַלטן פֿאַרן אָרעם, ווי ער וואָלט געווען אירס אַן אייגנטום. זי האָט אים אויס־בעקעמפּט פֿאַר זיך מיט איר כוח, מיט אירע גוואַלטן, מיט די קלעפּ וואָס זי האָט אַרײַנגעכאַפּט פֿאַר אים. איצט האָט זי איבער אים אַלע רעכט. ער איז איצט אירער, אין גאַנצן אירער.

אין די האַלעס האָבן זיך געצונדן פֿײַערלעך. דער מאַרק האָט זיך גענומען אָפּליידיקן אינעם פּראַסטיקן פֿאַרנאַכט. די מאַרקשטייער זענען שיטערער גע־וואָרן. בוידן האָבן זיך געשלאָסן. סטאַנדן זענען געשטאַנען נאַקעטע, אָפּגעדעקטע מיט די הוילע, נישט־געהובלעוועטע ברעטער, געשטאַרט אין דער פּראַסטיקער מילצענער בלאַקייט. ס׳איז זיך איצט קוים געווען צו גלייבן אַז אויף די ברעטער האָט נאָר וואָס געבלישטשעט אַ פּילפּאַרביקע מאַזאַיִק פֿונעם גאַנצן פּילקאַלי־ריקן, צעמיניעטן און צעבלינצלטן לעבן: פֿון דעם אַלעם וואָס האָט דאָ געקאַכט און געריזלט, געשפּילט און געמאַניעט, געצויגן און גערופֿן צו זיך, געכישופֿט און

גערייצט — פון אַט דעם אַלעם איז נישט מער געבליבן ווי הוילע, קאַלטע ברע־טער, וואָס שטאַרן אין פּראָסטיקן פאַרנאַכט ווי די קרשים פאַר מתים אויף אַ ווינטערדיקן בית־עולם.

צעקײַלטע און צעבײַלטע האָבן זיך ביידע, זאָשע מיט משה מעט, געוויזן אויפן האַלב־אָפּגעליידיקטן מאַרק. די הויכע ריווטשע איז זיי אַקעגנגעפאָרן מיטן אויסגעליידיקטן וועזיקל און מיטן וויינענדיקן קינד אויף דער האַנט. דאָס קלײַנ־טשיקע האָט זיך געריסן אַראָפּ, געקאָפּעט מיט די פיסלעך, זיך געהויבן און גע־וואָרפן, אַז די יונגע מאַמע האָט עס שיִער נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט.

די בוידן־הענדלער אין די קאָזשוכעס האָבן גענומען פאַרלייגן די אײַזערנע פרענטן איבער די צוגעלענטע לאָדנס. מיט גאַליק־שמייכלדיקע בליקן, פול מיט פאַראַכטונג, האָבן זיי אָפּגעמאָסטן דעם ייִדישן „באָהאָטער", דעם „העלד". זיי האָבן זיך נישט געקאָנט שענקען וואָס זיי האָבן געמוזט זײַן צוגעבונדן צו דער בויד און נישט געקאָנט האָבן קיין חלק אין אַזאַ זעלטענער געלעגנהייט, ווען בלינ־דע קלעפּ פאַלן אויף ייִדישע קעפּ.

קאפיטל ניין

# צוויי קעץ אין זאַק

די ווינטערדיקע פאַרנאַכטלעך־פּוסטע גאַסן פאַרן אײַזערנעם טויער אַרום די מיראַוווסקע האַלעס זענען געלעגן אײַנגעשטילטע, גליווערנדיקע אין דער שטאַרער קעלט אויף אַ גראָען אייגטאָניקן הימלפּאַן. מוטנע טוקנדיקע פּײַערלעך האָבן זיך געפלעקט רויט און געל הינטער פאַרצויגענע שטאַרן איבער די רייען שטאָקן פון די פאַרשטשעמעטע מויערן. געפלאַסטערטע טראָטואַרן־פּליטעס — אויסגעבעבט בײַ די זײַטן מיט ווײַסע פּאַסן שניי — האָבן זיך שטאַליק געבלויט מיט אַ פרירנדיקן גלאַנץ. די וואַרשעווער רויטע טראַמוויַען האָבן זיך פולגע־פּאַקטע פאַרבײַגעטראָגן מיט שיטערלעכן הוילן געקלאַנג, וואָס איז זיך צעפּאַלן איבערן ברוק ווי אויסגעשיטע מטבעות, זיך נאָכגעקאַלערט נאָכן האַרמידער פון די שטאָלענע רעדער און זיך פאַרלוירן אין דער שמאָלער טיפער טונקלעניש פון דער גאַס.

משה מעט האָט געפירט דאָס אויסגעליידיקטע קינדער־וועגעלע מיט די עט־לעכע בראַקאַוונע שפּילצײַגן אויפן דנאָ. די שוואַרצע זאָשע האָט זיך אָן אים אָנגעהאַלטן מיט דער האַנט פאַרשטעקט אונטער זײַן רעכטן אָרעם. פון זײַן ליב־קער זײַט איז געגאַנגען די הויכע ריוווטשע מיטן וויינענדיקן קינד, וואָס מ׳האָט עס גאָרנישט געקאָנט אײַננעמען.

ווי אַ קליינע טונקעלע פּראָצעסיע האָבן זיי זיך צונויפגעטוליעטע געשלעפּט אַהיים פונעם מאַרק. משה מעט איז געגאַנגען אָן אויסגעגלײַכטער מיט אַ צע־קנעפּלטן שינעל, מיט איין קלאַפּע, אָן אָפּגעפליקטע, וואָס האָט זיך אים נאָכגע־באָמבלט אין גיין. ער האָט געשטופּט דאָס ליידיקע וועגעלע פאַרויס מיט איין האַנט. די אַנדערע האָט ער געהאַלטן פאַרפלאָכטן אין זאָשעס פינגער.

זיי האָבן דורכגעשניטן די ברייטע גאַס לענגויס דער הינטערשטער ציגל־וואַנט פון דער האַלברונדער, פעסלדיקער געבײַדע פון די האַלעס מיט די קופּעס גרינוואַרג־אָפּפאַלעכץ בײַם ראַנד טראָטואַר. קיינס פון זיי האָט נישט אַרויסגע־רעדט קיין וואָרט. דורכגענומענע פון שטאַרן פראָסט האָבן זיי שוין וואָס גיכער געוואָלט זײַן אונטער אַ דאַך געשיצט פון דער קעלט. זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף רעכטס, דורכגעהאַקט עטלעכע געסלעך און צוגעקומען צו אַ געמויערטן אָפּ־געפליקטן פאַרקאַן מיט אַ שווערער טיר פאַרנט אויפן ראָג.

משה מעט איז געבליבן שטיין מיטן וווזיק האַרט פאַר דער טיר. די הויכע ריוווטשע האָט געעפנט די קלאַפּקע פונעם וווזיק־טאַש, ווו זי האָט דעם קינדס

זאכן, און ביים אַרויסנעמען דעם בינט שליסלען זיך אָנגערירט אָן משה מעטס האַנט. פונעם אומגעריכטן באַריר פונעם יונגן ווייבל איז אים דורך אַ וואַרעמער ציטער איבערן לייב. ער האָט פעסטער פאַרדריקט זאַשעס פינגער אין דער אַנ־דערער האַנט.

די הויכע ריווטשע האָט זיך לאַנג געגראַבלט ביים הענגשלאָס ביז זי האָט אים אויפגעשלאָסן. זי האָט קיינעם נישט געוואָלט געטרויען דאָס עפענען די טיר. מיטן קינד אויף דער האַנט האָט זי זיך איצט געפּאַרעט ביים טירשלאָס, אַריינ־געשטעקט איין לאַנגן שליסל, נאָכער דעם צווייטן. איבערגעדרייט דאָרט צוויי מאָל אין שלאָס און געעפנט די טיר מיט אַ שאַרפן איינגעפּרווירענעם סקריפּ.

דאָס קליינע הייפל איז געלעגן אַ פינצטערלעכס, אָן איינגעשרומפּנס. אויפן פאַרצויגענעם גראָבן שטריק האָבן געשטאַרט עטלעכע אויסגעוואַשענע ווייסע שטיקלעך וועש, האַרטע ווי בלעך, וואָס זי האָט פאַרגעסן, ריווטשע, אַריינצונע־מען אין שטוב אַריין פאַרן אַוועקגיין אין דער פרי אין מאַרק אַריין. דאָס נידע־ריקע געביידעלע, וואָס איז פון אַ ווארשטאַט איבערגעמאַכט געוואָרן אויף אַ וווינונג, האָט מיט די צוויי קליינע דורכגעפּרווירענע פענצטערלעך דערמאָנט אין אַ מתים־שטיבל אויף אַ קליינשטעטלדיקן בית־עולם.

די הויכע ריווטשע האָט זיך אויך דאָ געגומען פאַרען ביי די שלעסער מעשה באַלעבאָס. און ווי אויף צו להכעיס נישט געקאָנט צוטרעפן דאָס ריכטיקע שלי־סעלע צום שלעסל אויפן פאַרלייגטן פרענט.

דער שוואַרצער זאַשען האָט עס שוין דענערווירט, וואָס יענע גייט זיך סטאַ־וויען פאַר משה מעטן, ווי צו ווייזן אַז זי האָט אָן אייגענע שטוב מיט אַלעם גרייטן — אַ ברויט מיט אַ מעסער, אַנישט וואָלט זי איר באַלד געגעבן די שליס־לען, זי זאָל עפענען די טיר, ווי אַלע מאָל, ווען זיי קומען פון מאַרק.

— וואָס מאַכסטו קינצן — האָט זי אָפּגעשטופּט ריווטשען פון דער טיר — געב מיר וועל איך עפענען. מע קאָן דאָך נישט מיטן קינד אויף דער האַנט. פּליצטהאַלבן גייט זי מיר ווערן אַ בריה.

די שוואַרצע זאַשע האָט אַראָפּגענומען דאָס פאַרראָסטע שלעסל און אָפּגע־שפּאַרט דעם קרומפאַרלייגטן פרענט. זי איז אַריין אין שטוב די ערשטע, געגעבן אַ גיי אַריין אין קיכל און איינס־צוויי אָנגעצונדן ביידע נאָפט־לעמפּעלעך. דאָס קלענערע אויפגעהאָנגען איבערן מייערל מיט די אָנגעשטעלטע פלעשלעך און פּו־דעלעך און דאָס גרעסערע לעמפּל אַריינגעטראָגן אין שטוב אַריין. דער רויטלע־כער שיין האָט אַ וואַרף געטון די קרומע צעשויבערטע שאָטנס איבער די נאַקעטע ווענט פון דער אומהיימלעכער שטוב. דער פּראָסטער טיש, וואָס איז באַשטאַנען פון אָן אַרבעטפּלאַט מיט צוויי סטאַלוגעס, איז געווען באַשטעלט מיט געפּעסן און געשירן פון צוויי־דריי טעג. דאָס בעט איז געווען נישט פאַרבעט. דאָס איבערבעט

פאַרשאַרצט אויף צופוסנס אין אַ באַרג. דאָס קישן האָט נאָך אײַנגעהאַלטן אין זיך די אײַנגעטיפטקייט פון אַ צוגעשפּאַרטן קאָפּ, ווי מע וואָלט זיך נאָר וואָס אויפגעהויבן פון בעט. פון אונטערן בעט אָפּער האָט אַרויסגעקוקט דאָס ווײַסע אויער פונעם פלאַכן נאָכטבאָסען, וואָס מ'האָט פאַרגעסן אין דער פרי צוצונעמען נאָכן אויפהייבן זיך און געלאָזט אַזוי שטיין אונטערן בעט איבערן גאַנצן טאָג.

די הויכע ריוועטשע האָט אַרײַנגעלייגט דאָס וויינענדיקע קינד אין בעט אַרײַן און עס געגומען אויסוויקלען פון די אײַנגעבאַבלטע שמאַטעס, קאָלדריקלעך, קליידעלעך און סוועטערלעך. דאָס קינד איז געלעגן נאָס ביז אַרויף. ס'האָט געמאַכט יעלות און געקאַפּעט מיט די פײַכטע פאַררויטלטע פיסלעך. די פײַכטקייט האָט עס מיסתמא שטאַרק געביסן, אַזוי ווי שאַרקע, אַז ס'האָט זיך גאַרנישט געקאָנט באַרויקן.

אַן אַרומגעווישטס, אַן אײַנגעפּודערטס מיט טאַלק דאָס פלייצקעלע מיטן בײַכל, איבערגעלייגט אין אַ טרוקן ווינדעלע, האָט דאָס מיידעלע דערפילט הונגער און מיטן פיסקל גענומען זוכן אין אַלע זײַטן. די יונגע מאַמע האָט עס אַרײַנגעשטופּט דעם סמאָטשיק אין מײַלכל אַרײַן, גערעדט צום קינד אויף אַ עפּעס אַ מאָדנעם מאַמעשן לשון מיט אַ קנאַקן און בולבלען מיט דער צונג, וואָס ס'איז נישט געווען צו פאַרשטיין דעם באַטײַט. דאָס קינד האָט זיך אָבער פון דאָזיקן מאַמעשן גערײידעכץ באַרויקט. אַן אײַנגעשטילטס מיט שפּיגלדיק־פאַרטרערטע העלבלאָע אייגעלעך האָט ריוועטשע עס אַרײַנגעלייגט אין קינדערשן בעטעלע, וואָס איז געשטאַנען צוקאָפּנס דעם גרויסן בעט, אויף יענער זײַט בעטווענטל, לעבן דער עטאַזשערקע מיט ביכער.

אין דער קיך האָט זיך האָט דערווײַל צעזידט די פּרימוס־מאַשינקע. זאָשע האָט זיך דאָרט געפּאָרעט בײַם לויפנדיקן קראַן וואַסער, געקלונגען מיט געפעסן. און די שטוב האָט עפּעס געקריגן אַ מער היימלעכן אויסזען.

די הויכע ריוועטשע האָט ערשט באַמערקט, אַז ס'איז דאָ אַ מאַנצפּאַרשוין אין שטוב. בײַם איבערלייגן דאָס קינד האָט זי כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן אין משה מעטן, כאָטש ער איז איר אויף קיין מינוט נישט אַרויס פון קאָפּ אַרויס. אַז זי איז פאַרנומען מיטן קינד פאַרגעסט זי טייל מאָל אַפילו אין זיך אַליין. זי כאַפּט זיך ערשט נאָך דעם, אַז זי האָט געפּלאַפּלט צום פּיצלס, עפּעס אַזעלכע אומזיניקע ריידערײַען, וואָס ס'קומט איר נאָר אין קאָפּ אַרײַן: — אַ קאַלע־קאַלע־קאַלע, אַ טשוטשעלע־פּוטשעלע־מוטשעלע. אַ פאַרשעמטע פאַר משה מעטן האָט זי ווי צו זיך אַליין געשמייכלט, נישט קוקנדיק אים אין די אויגן אַרײַן:

— אַ מאָדנע פאָלק אַזאַ, די ווײַבער — איז זי זיך פאַרפאָרן מיט דער האַנט פינגער אין די צעפּלאָשעטע האָר אַרײַן — איין מאָל אָפּגעטון אַ נאַרישקייט — מוזן זיי זיך שוין כסדר כאַנאַרישן... וואָס זיצט איר אין שינעל? אַזוי קאַלט איז

אײַך? דאָ איז נישט אַזוי קאַלט. אַז מע קומט דורכגעפרוירן פון מאַרק, דאַכט זיך, אַז ס׳איז דאָ וואַרעם ווי אין אַ שוויצבאָד. איר וועט מיטהאַלטן מיט אונדז מיטן עסן. זיי האָבן אײַך וואַזשנע צעקײַלט דאָס פּנים. טוט אויס דעם שינעל וועל איך אײַך צונייען די קלאַפּע. איר וועט דאָך נישט קאָנען אַרויסגיין אַזוי.

— ס׳וועט באַלד זײַן טיי! — האָט די שוואַרצע זאָשע געגעבן צו וויסן פון זיך, אַז זי איז נאָך דאָ אויף דער וועלט, די ריוועטשע דאַרט אינעווייניק זאָל זיך נישט צופיל דערלויבן — קאָנסט שוין גרייטן צום טיש, ריוועטשאַ!

באַלד איז זאָשע אַרײַנגעקומען מיט צוויי טעפּלעך טיי אין בײדע הענט. ריוועטשע האָט געהאַלטן דעם זעלנערישן שינעל אויף דער שויס און געלאָפן גיך מיט דער אײַנגעפעדעמטער נאָדל, פאַרנייט די קלאַפּע אויף געשווינד. זאָשע האָט אַוועקגעשטעלט די טיי אויפן טיש. זי האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און נישט גע־זאָגט קיין וואָרט. זי איז אַרײַנגעקומען מיטן דריטן טעפּל טיי אַן אָנגעלאָדענע, אַוועקגעשטעלט עס און געגעבן אַ וואָרף צו אין ריוועטשעס זײַט:

— געפינען אַ צײַט ווען זיך צו נעמען פאַררוכטן. אַנישט וואָלט מען אים אָנגעשריבן קאַרע, ווען ער גייט אַזוי אַרויס אין גאַס. מאַמע באַדאַסטע. וואָס איר ליגט אין זינען. אַז איינס איז נישט קיין לײַט, העלפט גאָרנישט...

— שוין, כ׳האָב שוין צוגענייט — האָט זיך ריוועטשע פאַררויטלט וואָס די שוואַרצע זאָשע האָט ווי געלייענט אירע געדאַנקען — אַ מענטש קאָן דאָך נישט אַזוי אַרומגיין, ווי אַן אַבערוואַניעץ.

אַ פאַרשעמטע און צעטומלטע האָט זי געשטופּט משה מעטן דעם שינעל אין האַנט אַרײַן און באַלד אים צוריקגענומען און אַוועקגעלייגט אויפן שטול־אָנלען, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט קליידלעך, סטאַניקעס און בלוזקעס. בעת־מעשה האָט זי געכאַפּט אַ בליק אויף זאָשען און צוגעוואָרפן אין משה מעטס זײַט, ווי אַן ענטפער אויף זאָשעס רייד:

— אַבי זי רעדט. ס׳קאָסט איר טייערער. זי האָט אַ מויל רעדט זי. אַליין ווייס איך נישט, אַז מע דאַרף ס׳קינד מאַכן עסן? כ׳ווייס פונקט אַזוי גוט ווי זי, זאָל זי מיר נאָר נישט זײַן צו געטרײַ, וועט שוין גוט זײַן.

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די שאָטנס אויף דער וואַנט, ווען זי איז פאַרבײַגעגאַנגען זאָשען און זיך געלאָזט אַ שטײַפע אין קיך אַרײַן:

— טרינקט צום ערשט אויס די טיי, זי וועט דאָך קאַלט ווערן — האָט משה מעט צווישן איין זופּ און צווייטן געגעבן אַ וואָרף צו ריוועטשען, נישט קוקנדיק נישט אויף זאָשען און נישט אויף ריוועטשען, נאָר געהאַלטן דעם בליק זײַנעם איבערן טעפּל טיי — איר וועט נאָך דעם מאַכן ס׳קינד עסן. ס׳וויינט דאָך נישט, ס׳ליגט דאָך רויק.

זײַנע רייד זענען ווי קלעצער געפאַלן פאַר ריוועטשעס פיס — נישט אַרי־

בערצוגיין זיי. זי האָט זיך פאַרהאַלטן בײַם סאַמע טיר אַ נישט־דעצידירטע. זאָשע האָט געגעבן אַ קוק אויף אים מיט אירע גרויסע גראָע אויגן, און שטום זיך צוגעזעצט צום טיש אַנטקעגן משה מעטן. ריווטשע האָט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט זיך צוריקגעקערט פון דער קיכטיר און פאַרנומען אַן אָרט בײַם ראַנד טיש נעענטער צו משה מעטס זײַט. משה מעט האָט איר צוגערוקט דאָס טעפּל טיי.

שווײַגנדיק האָבן אַלע דרײַ געזופּט די הייסע טיי צוגעביסן מיט קליינע קאָ־זעלעך צוקער. איינער האָט נישט געקוקט אויפן אַנדערן. די אַנגעשטרענגטקייט איז געווען אָנגעצויגן נאָר צום פּלאַצן. נאָך איין וואָרט ווען ס׳פּאַלט — האָט זיך געפילט — וואָלט די פאַרביטערונג אויפגעריסן ווי אַ פאַס פּולווער.

זאָשע איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן. זי האָט די טיי נישט דערטרונקען ביזן סוף. ווען זי האָט שוין נישט געהאַט מער קיין צוקער אין מויל, האָט זי גע־לאָזט שטיין דאָס טעפּל און צוגעגאַנגען צום קליינעם וואַנטשפּיגעלע. אויף גיך זיך גענומען צורעכט מאַכן דעם צעשויבערטן קאָפּ, אַרומגענומען די פאַרשפּי־לעטע האָר מיטן געשטריקטן טיכל און עס פאַרבינדן אונטער דער גאָמבע אין אַ שלייף מיט צוויי עקן, ווי אַ שיקסל אויפן דאָרף. זי האָט ערשט בײַם שפּיגל באַמערקט, אַז דאָס רעכטע אויג אירס איז אונטערגעשלאָגן, אַרומגעליאַמעוועט מיט אַ בלאָנבלאָ רעמל.

משה מעט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויף ריווטשען מיט אַ ליבלעכן וואַרעמען בליק מער אויס מיטלייד און באַדויערן, איידער אויס סימ־פּאַטיע ווי צו אַ פרוי.

די הויכע ריווטשע איז אַ שווײַגנדיקע אויפגעשטאַנען פון טיש און אַרײַן אין קיך צוגרייטן די מאַמקע פאַרן קינד. שוין שטייענדיק בײַ דער טיר האָט זי פאַרטשעפּעט איר בליק, ווי אַ האַטשיק פון אַ ווענדקע, אָן משה מעטן, אַז ס׳איז אים אַזש אַדורך אַ הייסער שטראָם איבער אַלע גלידער. אין זעלבן אויגנבליק האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט זאָשעס אויסגעבאַלושעטע גרינגראָע קעצישע אויגן, ווי זי וואָלט איבערגעכאַפּט די געהיימע פעדעם, זייערע פאַרבאָרגענע געדאַנקען. אויף משה מעטס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ פאַרלוירן שמייכעלע. דאָס האָט ער געשמייכלט צו זיך אַליין פונעם זלידנע געדאַנקעלע וואָס האָט זיך צו אים צו־געטשעפּעט, אַז ער קאָן דאָ ערגער אָפּשנײַדן ווי אויף דער גאַס. וואָרן ער געפינט זיך דאָ צווישן צוויי צערייצטע קעץ, וואָס קאָנען אויפשפּרינגען ווי די טיגערס, צווישן צוויי קעץ אין איין זאַק.

## קאַפּיטל צען

# אַ מאַמע פון אַ קינד...

פונעם גאַנצן אַרום אין דער שאַפע, פונעם פול־אָנגעשטעלטן טיש־ברעט און באַלייגטע שטולן, פונעם געניצטן אָפּגעקראָכענעם מעבל־אַלטוואַרג — די צעפּאָרענע שאַנק מיט די אָנגעשוואָלענע טירלעך און אַלטמאָדישן קרעדענצל, אונטערגעשפּאַרט פּאָרנט אויף אַ קלעצל, אָנשטאָט דעם פעלנדיקן געשניצטן פוס — פון אַלעם דאָ האָט געווייעט מיט אומהיימלעכער אָפּגעלאָזנקייט, מיט אייננזאַמער נאָכלעסיקייט פון אַ קאַוואַלערסקע שטיבל, וואָס ס'האָט אי געררייצט, צוזאָגנדיק עפּעס אַזוינס וואָס פּײַפט אויף דער גאַנצער וועלט, אי ס'האָט אַרויסגעיאָגט פון דאַנען, צו זײַן וואָס ווײַטער פון דער דערדריקנדיקער מרה־שחורה, וואָס קוקט שטום אַראָפּ פון די פאַרחושכטע ווענט מיט די פאַרגעלטע נאַסע פלעקן פונעם אייביקן אײַנגעגעסענעם ווילגאָטש.

די הויכע ריוועטשע האָט לאַנג נישט געקאָנט אײַנשטיין אין קיך. ס'האָט זי דאָרט געהויבן פון אָרט. זי איז אַלע מינוט געקומען אַרײַנצולויפן, צו זען צי די געסט אירע זענען נאָך דאָ, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן איר נישט אַנטרונען ווערן מיטן קוק, זאָשע מיט משה מעט.

— עך גרייט זיך שוין טאַקע אַוועקצוגיין? — האָט זי פאַרצווייפלט געפירט מיטן בליק דאָ אויף משה מעטן, דאָ אויף זאָשען — מ'האָט דאָך געזאָלט עסן צוזאַמען וויעטשערע... וואָס איז ס'געיעג בײַ אײַך? די נאַכט איז נאָך גרויס, מ'קאָן נאָך באַווײַזן אַ וועלט אָפּצוטון.

קיינער האָט איר נישט געענטפערט, אפילו נישט אויפן שטאָך, וואָס זי האָט זיי געגעבן אָנצוגעהערן אויף דער פּראָוואָצירנדיקער נישט־געשטויגענער אינטימקייט. זאָשע איז געשטאַנען בײַם שפּיגעלע און זיך נישט געמאַכט הערן, גלײַך ווי די רייד וואָלטן צו איר נישט דערגאַנגען. משה מעט האָט זיך אין פאַרלעגנהייט באַטאַפּט דאָס פּנים אַרום דער נאָז און אויגן, צי ס'איז שטאַרק אָנגעשוואָלן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט. אַלץ צוליב דער מויד. צוליב

איר געטרײַשאַפט. זי איז אים געגאַנגען ווײַזן דאָס חזיר־פיסל כשר. זי האָט זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק אין מיטן און אים נישט געלאָזט צוריקשלאָגן ווי ס׳קער צו זײַן, ווען נישט, וואָלט ער זיי דערלאַנגט קלעפּ ,אַז פונקען וואָלטן זיי גע־פלויגן פאַר די אויגן. עטלעכע קלעפּ בלויז האָט ער געגעבן געזונטע, געטראָפן גלײַך צווישן די אויגן. פון דעסטוועגן מוז ער מודה זײַן, אַז זי איז אַ „זוך־באַ־באַ!״ ¹ אַ געוואַגטע מויד. דאָס געפעלט אים דווקא בײַ איר מער פון אַלץ. זי האָט זיך נישט פאַרלוירן און זיך אײַנגעשטעלט פאַר אים. אַן אַנדערע אויף איר אָרט, וואָלט דאָס נישט געטון. זי וואָלט פאַרבראָכן די הענט, זי וואָלט זיך גע־ריסן די האָר פון קאָפּ, געקנײַפּט די באַקן און געשריגן גוואַלט, אָט ווי יענע פרויען דעמאָלט שבת נאָכמיטאָג, ווען די האַלערטשיקעס האָבן זיך געוואָרפן אויף די צוויי אויסגעפּוצטע חתנים מיט די עלעגאַנטע הוטן און שטעקעלעך „פאַר פאַכע״² אויף דער שוויענטעיורסקע־גאַס דאָרט. ערשט ווען ער האָט זיך אַרײַנ־געמישט, משה מעט, זיך אַנגענומען פאַר זיי און געווענדט אויף זיך די שלע־גערשע צעיושעטקייט, זענען דאָן די כלות צוגעלאָפן, אַוועקגעריסן די מאַנצבילן, אַנטלאָפן מיט זיי און אים איבערגעלאָזט אויף אייגענעם באַראַט מיט די קאַ־נאַליעס.

אַ שיקסע ווייסט נישט פון קיין קונצן. צוליב איר יינגל וועט זי גיין אין פײַער אַרײַן. זי וועט יענעם די אויגן אויסדראַפּן, פאַרפאַרן אין די האָר אַרײַן, ווער ס׳וועט בײַ איר וועלן צונעמען דעם חתן. זי וועט קעמפן ווי אַ לייב. און מע דאַרף זיך נישט מיט איר רייצן אויך. נאָך וואָס? כאָטש ס׳האָלט נאָך ווײַט דערפון, אפשר נאָך ווײַטער ווי פון דאַנען ביז פּראַגע. ער טראַכט אַפילו נישט וועגן דעם. נאָר וואָס קאָן עס אים אָרן ,אַז יענע בויט פלענער אויפן ווינט? בויט זי. ווי קאָן מען עמעצן פאַרווערן צו טראַכטן? נישט די ליגט אים אין זינען און נישט די... ביידע גייען אים ווייניק וואָס אָן. אָבער אויפן דאָזיקן ווײַבל מיטן קינד איז אַ גרויס רחמנות .אַ יונג ווײַבל און ווערט אַזוי פאַרפּינצטערט. ס׳איז דען אַ לעבן. אַ מאַטערניש בלויז. ווען ער קאָן זי מיט עפּעס העלפן, זי זאָל נישט זײַן אַזוי דערשלאָגן — האָט ער דאָך געבינדענע הענט. ער קאָן נישט צוזען ווי זי ראַנגלט זיך. זי וויל זיך אָן עפּעס אָנהאַלטן, אָט ווי אַ טרינקענדיקער און זי כאַפּט זיך אָן, דאָס ווײַבל, אָן אַ שטרוי. די זאַשע איז פײַער. ער האָט נאָך נישט געזען אַ מענטש זאָל זײַן אַזוי אייפערזיכטיק. און אויף וועמען? אויף אים? וואָס שטעלט ער מיט זיך פאַר? נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן.

ער האָט דערפילט אויף זיך אַ וואַרעמע פרויענהאַנט, וואָס האָט אים גע־

¹ כוואַטסקע באַבע
² אונטערן אָרעם

פּעטשלט איבער דער פּלייצע און פּולכנע אַ פּיר געטון הינטנאַרום איבער דער באַק און גאַמבע מיט צערטלעכקייט און געטרײַשאַפט:

— מיר גייען, פּאַניע משה? נעמט, טוט אָן דעם שינעל.

דאַס פאַרשאַרצטע נעזל זאָשעס האָט אַ צעשמייכלטס אים אַ לײַכט געגעבן פאַר די אויגן. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט די פולע ווייכע ליפּן אירע אויף זײַן באַק, אויף די אויגן. ס'האָט געדויערט נישט מער ווי אַן אויגנבליק. דאָס בלוט האָט געגעבן אַ יאָג צום קאָפּ, ווי נאָכן איבערקערן אַ גלאָז בראָנפן. ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש, כאָטש די מידקייט איז געװען פון אַלע גלידער און אים נישט געלאָזט זיך רירן פון אָרט. ער האָט גענומען דעם שינעל פונעם שטול־אָנלען, באַטראַכט, די צוגענייטע קלאַפּע און פויל, נישט גערנוויליק, גענומען זוכן מיט דער האַנט דעם אַרבל. אויף דער קיכשוועל איז אויסגעוואַקסן די הויכע ריוועטשע. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע מאָדנע טרויעריק־פאַרנעפּלטע אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן בײַ אים: גיי נישט אַוועק, לאָז מיך נישט אַליין. איך וועל זיך ווידער מוזן פּײַניקן אויפן געלעגער, אַלע גלידער מײַנע וועלן וויי־נען און לעכצן, זיי וועלן אויסגיין נאָך דער נאָענטקייט פון אַ מאַן. פאַרבלייב! פאַרבלייב. בלײַב דאָ איבער, כאָטש די איינע נאַכט!... דאָס מויל אָבער האָט זי געהאַלטן פאַרשלאָסן, ריוועטשע, פעסט, מיט ביידע ליפּן פאַרפרעסט.

זאָשע האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ קער־אָפּ פונעם וואַנטשפּיגעלע, ווי זי וואָלט דאָרט געזען ריוועטשען אַרײַנקומען אין שטוב אַרײַן:

— זיי מיר געזונט, ריוועטשאַ, ווען, האָט ער געזאָגט, וועט ער ברענגען מאָרגן די סחורה? — האָט זי גערעדט מיט אַ קאַלט אויסגערעכנט סוחריש קול — ערשט צען אַזייגער, אַזוי שפּעט? האָסט אים באַדאַרפט זאָגן, ער זאָל קומען אַ ביסל פריִער. נײַנע־האַלב צען וואָלט מען באַדאַרפט זײַן אין גאַס.

— ער קאָן נישט פריִער — האָט ריוועטשע זיך אַריבערגעבויגן איבערן בע־טעלע און געגעבן ס'קינד די מאַמקע אין מויל אַרײַן — נײַנע פאַרט ער ערשט אַרויס אין גאַס פונאַנדערצופירן די סחורה, דער אַלטער תרח, און ביז ער קומט אין די קאַנטן איז שוין צען אַזייגער. קום נישט שפּעט, זאָשו.

ריוועטשע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין משה מעטס זײַט:

— איר וועט אויך קומען, אַזוי ווי הײַנט, יאָ?

— כ'ווייס נאָך נישט ווי ס'וועט מיר אויסקומען — האָט משה מעט אָפּ־געצויגן דעם שינעל אויפן זעלנערישן שטייגער — כ'וועל זען, אפשר יאָ און אפשר נישט.

— וואָס הייסט, ער ווייסט נאָך נישט — האָט זאָשע געגעבן אַ פּסקן־אָפּ

— זיכער וועט ער קומען, דער פּאַן משה... דאַרפסט עפּעס געלט, ריוועטשאַ?

— לאָז מיר איבער אַ פּאָר זלאָטעס.

— נאַ, דאַ האָסטו, וועסט באַצאָלן פאַר דער מאָרגנדיקער קראַם, כאַטש ער קאָן צוּוואַרטן אַ ביסל, נאַר גאַרנישט, גיב אים. זאָל ער נישט וויינען. אים גיט מען דאָך אויך נישט אומזיסט. און דאַ האָסטו פאַר דיר: פינף זלאָטעס. פאַרגעס נישט צוריקצוגעבן דעם ראַמש. דער גאַנצער ריווח ליגט דאָך אין די צעבראָכענע זאַבאַווקעס. זאָל ער זיך האַלטן דערמיט.

— ער וויל נישט צוריקנעמען. אַלע מאָל איז דאָס זעלבע טועכץ מיט אים, מיטן אַלטן „סקנער".[1]

— וואָס הייסט, ער וויל נישט צוריקנעמען? ער מוז עס אויסטוישן. אַז דו וועסט זיך שטעלן, וועט ער בעסער ווערן. ער וועט נישט וועלן פאַרלירן קיין קונה. האָב מיר אַ גוטע נאַכט.

ריווטשע האָט איבערגעלאָזט די מאַמקע אונטערגעשפּאַרט אויפן קישעלע, אַז ס'קינד זאָל אַליין זייגן פונעם פלעשל. זי האָט אַרויפגענומען אויף זיך דעם פּאַלטן און איבערגעוואָרפן די אָנגעלייגטע זאַכן אויף די שטולן, זוכנדיק דאָס קאַפּטיכל, צו קאָנען אַרויסבאַגלייטן די געסט.

זאָשע האָט גענומען משה מעטן אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט גיין מיט אים צו דער טיר מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, מעשה מאַדאַם, צו ווייזן ריווטשען, אַז משה מעט איז אירער, איר יינגל, און זאָל זי זיך באַצייטנס אַרויסשלאָגן פון קאָפּ אַרויס יעדן געדאַנק וועגן אים. זי האָט אויפגעריגלט דעם אייזערנעם רוקער, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ ווייסן שראָן, אַראָפּגעמאַכט דעם קלאַפּ־שלאָס אויפן האַטשיק און אויפגעריסן די טיר פון דער אײַנגעפרוירנקייט.

די שטאַרקע פראָסט, וואָס האָט געדולדיק געוואַרט אויף זיי אין הייפל, האָט זיי געגעבן אַ נעם אַרום ווי מיט קאַלטע סקעלעטישע הענט. זייערע טריט האָבן אָפּגעהילכט הויל. פאַרן טויער האָט זיך זאָשע די ערשטע געזעגנט מיט ריווטשען און געגעבן אַ לויף פאָרויס עטלעכע טריט איבערן טראָטואַר און באַלד גענומען גיין פאַרלאַנגזאַמט אַ טריט נאָך אַ טריט.

משה מעט האָט ריווטשען דערלאַנגט די האַנט. זי האָט אים דורכגענומען מיטן פײַכטן בליק. אינעם האַנטדרוק ריווטשעס האָט משה מעט דערפילט דעם צאַפּל פון אַ מאַנענדיק אויסגעהונגערט יונג פרויענלײַב, וואָס וועט זיך שטיקן מיט די הייסע באַגערן אויפן קאַלטן געלעגער און אַרײַנקלאַגן דעם עלנט אין קישן אַרײַן.

ער האָט אויף כוח געמוזט אַרויסקריגן זײַן האַנט פונעם יונגן ווײַבלס וואַרעמער טרוקענער האַנט און מיט גיכע טריט גענומען דעריאָגן זאָשען, וואָס איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שפּאַר שטיקל וועג.

---

[1] קמצן

די היצכע ריוושטשע איז אַ ווײַל געשטאַנען ווי פאַרגליווערט מיט דער געשטרעקטער האַנט אין לופטן און נאָכגעקוקט דאָס פּאָרל מיט אַ שטאַרן בליק. זי האָט אויפגעשוידערט פון דער קעלט. זיך אײַנגעהילט אינעם פּאַלטן און פאַרמאַכט הינטער זיך די שווערע טיר צו דער גאַס. זי האָט גיך פאַרשלאָסן דעם שלאָס און פאַררוקט ביידע ריגלען אונטן און אויבן. געשטעלט שלאַבעריקע טריט איבערן פאַרטײַעטן הייפל, וואָס איז געלעגן פאַרשפּונען אין בלייכן פרירנדיקן שײַן פונעם שימערירנדיקן לבנהדיקן האַלברייפל איבערן נאַכטיק־פאַרהעמערטן הימל אָן איין שטערן.

זי איז אַרײַן אין שטוב און געבליבן שטיין מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר וואָס זי האָט צוגעלענט הינטער זיך. זי האָט נישט געקאָנט שטעלן קיין טריט ווײַטער פון דער שוועל. זי האָט דערזען אַז די שטוב יאָגט אַרויס. מיטן אויג האָט זי אַרומגענומען דעם גאַנצן באַלאַגאַן און נישט געוווּסט צו וואָס זיך פריִער צו נעמען. פאַר וועמען דאַרף זי דען רוימען? פאַר זיך? זי איז זיך אַליין איבעריק. ווען נישט דאָס קינד, וואָלט זי נישט באַדאַרפט אַזוי פיל קלערן. זי וואָלט מיט אַלעם געענדיקט. זי קאָן נישט אַזוי, זי קאָן נישט זײַן אַליין. ס׳איז איבער אירע כוחות. זי קאָן נישט מער. זי וועט עס סײַ ווי נישט איבערטראָגן. זי האָט געפּלאָנטערט מיט די פיס פון איין שטול צו דער צווייטער. זי איז צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, געעפנט די צעוויגטע טירן, געבלאָנדזשעט מיטן בליק איבער די זומערקליידלעך און בלוזקעלעך, וואָס זי האָט זיי נאָך געטראָגן מיידלווײַז, אַ לײַכטנדיקע, אַ שוועבנדיקע. דאָס קרעטאָנענע קליידל מיט די גרינע בלעטלעך און ראָזע קווייטעלעך האָט זי געקויפט טאַקע דאָ פאַרן אײַזערנעם טויער, ווען זי האָט אָנגעהויבן גיין מיט איר יאַנקלען. זי האָט זיך נישט באַדאַרפט פאַרדרייען מיט אים קיין קאָפּ. דאָס איז נישט קיין טיפּ פון אַ פאַמיליע־מענטש. אַ היצקאָפּ. אָן דער מינדסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, געקראָכן אין פײַער אַרײַן. אַרײַנגעפאַלן אין תּפיסה. וואָס גייט אים אָן אַ ווײַב, אַ קינד. וואָס האָט ער פון איר געוואָלט, וואָס? גענומען און זי אומגליקלעך געמאַכט, אַ וויסטער תּל איז פון איר געוואָרן. איר בליק איז געפאַלן אויפן גראַנאַטענעם אָנצוג, וואָס הענגט ווי אַ שאָטן בײַ דער זײַט פון אירע מיידלשע קליידלעך. זי האָט דערפילט די גאַנצע איבעריקייט פון דאָזיקן מענער־קאָסטיום אין איר שאַנק. נאָך וואָס דאַרף זי אים דאָ. ער שטערט איר אויף טריט און שריט. זי האָט געגעבן אַ פליק די מאַרינאַרקע בײַם אַרבל און זי אַראָפּגעריסן צוזאַמען מיטן הענגער־העלצל און אַ וואָרף־געטון אין שאַנקווינקל צווישן די אַלטע לאַכעס, וואָס האָבן זיך דאָ געוואַלגערט. זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו דער שטוב, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן פאַר וועמען, וואָס האָט זי געכאַפּט בײַ דער האַנט. אין גאַנצן אַ ציטערנדיקע האָט זי זיך געגעבן אַ וואָרף אַרויף אויפן בעט און אַרויסגעפּלאַצט

מיט אַן אויפטרייסלענדיק געוויין, אַרײַנגעהעשעט איר גאַנצע פאַרביטערטקייט אין קישן אַרײַן.

זי איז לאַנג אַזוי געלעגן מיטן פּנים פאַרגראָבן אין קישן. ווען זי איז אויפגעשטאַנען אַ באַרויִקטע, איז זי געגעבן אַ גיי צו צום קינד. דאָס מיידעלע איז געלעגן מיט די הענטעלעך אין דער הייך. ריווטשע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן קינד, זיך אָנהאַלטנדיק מיט ביידע הענט אָן די ווענטלעך פונעם בעטעלע. די קליינטשיקע איז געשמאַק געשלאָפן, געאָטעמט רעגלמעסיק. דאָס מילכפּלעשעלע פאַרזעצט מיטן ציגומעלע אויפן העלדזל איז געלעגן אַראָפּגעגליטשט אין דער זײַט אַן אויסגעליידיקטס אין גאַנצן. זי האָט אַן אויפגעשוידערטע זיך צוריקגעצויגן אין דער ליידיקער קאַלטער שטוב. אויף דער וואַנט האָט זיך קרום געשפּרייט איר שאָטן, אַן אַנגעפּוישטער, אַ צעוואַקסענער און פאַרשטעלט מיט זיך די גאַנצע האַלבע וואַנט. זי האָט געהערט אין זיך אַן אומבאַקאַנט קול, וואָס זי האָט נישט געוואָלט הערן, געפּרוווט עס אין זיך דערשטיקן, פאַרגלושען, נאָר די שטים האָט זיך געריסן אַלץ קלאָרער, דײַטלעכער און צודרינגלעכער:

— דו ווייסט שוין אַליין נישט אויף וואָס דו גייסט, אויפן קאָפּ צי אויף די פיס. פאַרגעס אין אַלעם... דו מוזסט זיך אָפּזאָגן פון אַלעם. דו האָסט אַ קינד. דעם קינד דײַנס געהערסטו אין גאַנצן. אַ מאַמע ביסטו, דו ביסט אַ מאַמע פון אַ קינד... אַ מאַמע פון אַ קינד...

## ק אַ פּ י ט ל   ע ל ף

# זוי אַ טײַך וואָס גייט אַרויס פון די ברעגן

דער קאַנעקטיקער פראָסט האָט אָוונטצײַט פאַרצויגן מיט ווײַסע בלומען־געפלעכטן די געדיכטע רייען געשעפטן, געוועלבער און קרעמלעך, וואָס האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן אין דער ענגשאַפט פון די האַנדלגאַסן אין ייִדישן צענטער איינס אויפן אַנדערן. די ליכטפלעמלעך און גאַז־גאַגעלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין די וויסטאַוועס האַרט לעבן די פענצטער, האָבן ווי מיט הייסן, אָנגעהויכטן אָטעם געמאַכט לעכער — די גרויס פון אַן אויפגעריסן מויל — אין דער בלינדער אײַזיקער פאַרצויגנקייט אויף די שויבן, פאַרבײַגייער זאָלן קאָנען אַ קוק געבן, זיי זאָלן וויסן וואָס מע קריגט דאָ צו קויפן. פונעם געפּרעסטן אײַנגעטראָטענעם שניי האָבן די טראָטואַרן געגלאַנצט ווי זיי וואָלטן געווען איבערגעצויגן מיט גראָבן גלאָז.

פונעם שיפלעכן גאַסאַרויסלויף איז מיט אימפּעט אָנגעפאָרן אַ שליטן, געשפּאַנט מיט צוויי ווײַסע פערד מיט גלעקלעך, וואָס האָבן צעשאָטן אַ הויכן בלעכענעם געקלאַנג איבערן וועג. דער אָנגעפּעלצטער קוטשער האָט מיט דער צעפּאַכעטער בײַטש געיאָגט די פערדלעך אויף דער גאַנצער פאַרע, ווי ער וואָלט געאײַלט אויף אַ חתונה און מורא געהאַט נישט צו קומען נאָך אַלעם. דאָס פּאָרל, וואָס ער האָט געפירט, איז געזעסן ווי שיכורלעך, הייטערדיק צעכראַסטעט מיט די צעבונדענע שאַלן, אַרויפפאַלנדיק דאָ ער אויף איר, דאָ זי אויף אים. דער פאַרשייטער מיידלשער אויפגעלאַך — אויך אַזוי הויל און בלעכערן — האָט זיך אויסגעמישט מיטן גלעקלדיקן געקלימפּער און פאַרלוירן געגאַנגען אין דער שטאַרער ווײַט גאַסאַראָפּ, צוזאַמען מיט דער אָפענער סאַנקע און געלאָזט די גאַס נאָך עלנטער און גראָער, וואָכעדיקער ווי פריִער.

אינעם געל־גרינעם פראָסטיקן אויפדערנאַכט האָט עס דאָ גערויִשט מיט אָפּגעריסענע ליאַרמען און געשרייען פון גאַסנהענדלער — שטייענדיקע, גייענדיקע און אונטערטענצלענדיקע. אויף די ראָגן און בײַ באַלויכטענע שויפענצטער

זענען געשטאַנען די בייגל־פאַרקויפער מיט געפלאָכטענע קוישן קאָכעדיקע בייגל, אַרומבאַדעקט מיט זעק, מיט איין בייגל פון אויבן. ייִנגלעך מיט אָנגעהאָנגענע קעסטלעך זיסוואַרג האָבן יעדן אָנטקעגנגעטראָגן זייער סחורה, די געפילטע טשעקאָלאַדאָווע קאָסטקעס, ראַטשקעס, קאַרמעלקעס אין זילבער־פּאַפּיר, „קאַניאַקוווקעס״, וועדלס און לאַרדעלעס טעווּעלעך שאָקאָלאַד. די יאַטלעך האָבן געגעבן אַ שפּרונג אונטער מיטן אָפענעם קעסטל צוקערוואַרג... גלײַך אונטערן נאָז, צו רײַצן די נאַשערישע אַפּעטיטן פון די פאַרבײַגייער און פאָרלעך, מע זאָל מוזן עפּעס קויפן, געבן צו לייזן, איבערלאָזן בײַ זיי די לעצטע פּאָר גראָשן, אַ חוץ דאָס צענערל. וואָס מע דאַרף פאַרן סטרוזש ווען ער עפנט דאָס טויער.

די שוואַרצע זאָשע האָט זיך געטוליעט אין גיין, פאַרנורעט דאָס קעפּל אין משה מעטס פעסטן מענערישן אָרעם. זי האָט זיך געפילט אַ געשיצטע, אַ זיכערע, און געגאַנגען בײַ זײַן זײַט אַ פלאַפלדיקע און זאָרגלאָזע, גאָרנישט די זעלבע זאָשע וואָס אין דער היים.

ביז איצט, אַז זי איז געווען אַליין, אָן משה מעטן, האָט זי גלײַך נאָכן אָפּרעכענען זיך מיט דער היכער ריווטשע געכאַפּט דעם טראַמוויי פיר, וואָס גייט קיין פּראַגע, און זיך געשטופּט מיט אַלעמען אינעם פריִען פאַרנאַכט אַ פאַרקוועטשטע און פאַרדריקטע אין דער פולגעפּאַקטקייט פון די טראַמווײַען אין דער צײַט, צו זײַן וואָס גיכער אין שטוב. איצט האָט זי געוואָלט בעכער גיין צופוס, זי זאָל קאָנען רעדן מיט משה מעטן אַ וואָרט, וואָרן אין שטוב וועט זי זיך קרעמפּירן פאַר דער שוועסטער, פאַר טאַטע־מאַמע. זי איז אַן אַנדער סאָרט מענטש. זי גערעט נישט אַרײַן אין וואַנדען, אַפילו אויף קיין האָר נישט. דאָס שוועסטערל אירס רעכנט זיך נישט מיט קיינעם. וואָס ס׳געפעלט איר, דאָס טוט זי — דער גאַנצער טאַטע מיט די ביינער. זי זאָגט אַפילו נאָך די זעלבע רייד וואָס ער: דער מענטש דאַרף זײַן פרײַ אין זײַנע האַנדלונגען, זיך אויסלעבן נאַטירלעך, נישט טראָגן קיין מאַסקע, קיין כאָמעט, נישט אַרויפצווינגען אויף זיך קיין אומגעזונטע העמונגען פון איבערגעטריבענער איידלקייט אָדער שעמעוודיקייט, נישט אַרומגיין אין קיין ענגן שטײַפן קראַגן פון פרעמדע מאַניערן און זשעסטן, וואָס די קליינע כאַראַקטערלאָזע מענטשעלעך האָבן אַ טבע ג׳יך איבערצונעמען איינער פון אַנדערן, נישט פילנדיק צומאָל, אַז מ׳איז אַרײַנגעקראָכן אין אַ פרעמדער הויט. יעדעס מאָל אָבער, ווען דאָס לעבן שטעלט זי אויס, וואַנדען, אויף אַ נסיון, האָט זי דאָס אַלץ אין דר׳ערד און טוט אַזוי ווי איר געפעלט. די אַלע שיינע פּרינציפּן חזרט זי איבער, זאָגט נאָך דעם טאַטן וואָרט בײַ וואָרט, נאָר די מאָראַלישע קראַפט, וואָס ליגט אונטער זיי — דאָס פעלט איר, וואַנדען — און אָן דעם עטישן אונטערשלאַק, איז דאָס אַלץ אַרויסצוואַרפן, ווערט עס פאַרוואַנדלט אין פונקט דאָס פאַרקערטע. און דער מענטש, וואָס פּרעדיקט די

שיינע אידייען נישט האָבנדיק אויף זיי קיין אייגענע דעקונג, קאָן אַנדערש נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ צביעק, ער דעגענערירט צוזאַמען מיט זײַנע אידייען. דאָס איז דער גליטשיקער וועג פון דעמאָראַליזאַציע און פאַרדאָרבנקייט. דערפאַר איז איר, זאַשען, אַזוי שווער אויסצוקומען אין דער שטוב. זי קאָן נישט צוזען די כלערליי שטיק, וואָס דאָס שוועסטערל אירס פּראַווועט פראַנק און פרײַ און גייט אַרום מיט אַ פּנימל, ווי זי וואָלט געווען אַ פרום טײַבעלע, אַ מלאכל.

זאַשעס אויפריכטיקע רייד האָבן זיך אָפּגעלייגט שווער אויף משה מעטס געמיט, ווי אַ מוטנע אָפּגעשטאַנענקייט זעצט זיך אָפּ אויף דער דנאָ. ער האָט אין דער וואַנדע געזען אַ הייליקע. און אפשר טוט עס זאַשע ספּעציעל, אָפּצוגעמען בײַ אים דעם חשק צו דער שוועסטער אירער, צו וואַנדען, מאַכן די לײַכטזיניקע שוועסטער פאַר אויס קאָנקורענטין, זי אָוועקלייגן מיט איין קלאַפּ: פאַרמיאוסן זי אין זײַנע אויגן און האָבן פּטור געוואָרן פון אַ שטיין אין וועג.

ס'איז זיי אָקעגנגעלאָפן אַ בחורל מיט אַ קעסטל צוקערלעך. ער האָט מיט אַיין פּיזמון געגעבן אַ רעכן־אויס אַלץ, וואָס מע קאָן בײַ אים קריגן צו קויפן, אַרײַנבראַקנדיק אפילו אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס ער האָט נישט. זאַשע האָט גע־הייסן משה מעטן אויסקלײַבן עטלעכע קאָסטקעס, וואָס ס'געפעלט אים. זי האָט אַרויסגעגראַבלט פון טאַש אַ פּאָר דראָבנע מטבעות און צוגעוואָרפן דאָס קליינ־געלט דעם דורכגעפרוירענעם בחור. אויפן ראָג האָט זי אויך גענומען עטלעכע הייסע בייגל, וואָס האָבן געקנאַקט אונטער די ציין. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ יונגן זינגעוודיקן טראַט ווי אין אַ מאַרש, געגעסן די בייגל און צוגעביסן מיט די טשעקאָלאַדקעלעך.

משה מעט האָט נישט געפילט די קעלט וואָס האָט געריסן לעבעדיקע שטי־קער. ער האָט זיך עפּעס אַליין נישט צוגעגלייבט, אַז דאָס אַלץ קומט מיט אים פאָר אויף דער וואָר. אַז אַ מיידל זאָל גיין בײַ זײַן זײַט, זיך טוליען אין אים און אים פונדעווען, אויסגעבן אויף אים געלט. וועגן אַזאַ ווונדערלעכן אָוונט האָט ער געחלומט אין די האַרבסטיקע נעכט אַ צעשמיסענער פון ווינטן אויף די האַרטע שטיינערנע געלעגערס אין די הינטערגעסלעך, אונטער דער בריק. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ס'קאָן אַזוי גיך אַרײַנטרעטן אַן ענדערונג אין זײַן אויס־געריסענעם עלנט, אין דער שטייניקער איינזאַמקייט פון אַן איבעריקן מענטש.

ער האָט רעכט נישט געהערט, וואָס די זאַשע האָט אין אים אַרײַנגערעדט, אַז זי איז פאַרליבט אין אַ ייִנגל און ס'איז איר גוט מיט אים. זי וויל, ער זאָל ווויסן, אַז זי האָט אים שטאַרק ליב. זי איז אפשר נישט אַזאַ שיינע ווי די שוועס־טער אירע מיטן געטאָקטן פּנימל, זי זעט אפשר נישט אויס אַזוי אינטערעסאַנט. יענע איז בלויז שלעכטס, כאָטש די גוטסקייט קוקט איר אַראָפּ פון די צעשמייכל־טע בלאָע אויגן. זי, זאַשע, איז אין גאַנצן אַן אַנדערע, זאָל ער נישט קוקן אויף

איר, משה מעט, וואָס ס'פּנים אירס איז אַזאַ שניאַדע, אַ בלייכס און מאַטס מיט דראַבנע קנייטשעלעך אַרום די גראָע אויגן. זי ווייסט, אַז זי האָט אַ שלאַנקע, געטאַקטע פיגור, אַז אירע בריסטן זענען שיין געפאָרעמט, ווי די עפּעלעך, יאַ־דערדיקע שטײַפע. וואָס האָט ער אַזעלכע געפרווירענע הענט, משה מעט? זאָל ער זיי געבן, וועט זי זיי אים דערוואַרעמען אַ ביסל.

זי האָט זיך מיט איין האַנט נערוועז געפּאָרעט בײַ די קנעפּלעך פון דער בלוזקע הינטערן פּאַלטן און מיט דער אַנדערער גענומען משה מעטס האַנט און זי אַרײַנגעשטעקט צו זיך אין וואַרעמען בוזעם אַרײַן. ס'האָט איר נישט געאַרט, וואָס די קעלט האָט אַ שניט געטון אין דער ברוסט ווי מיט אַ מעסער. פאַרקערט, צוזאַמען מיטן ווייטיק פון אײַז־קאַלטן צוריר האָט זי אויך געפילט אַ נאַגנדיקן זיסן תענוג, וואָס אַ מענערשע האַנט באַרירט איר לײַב, די גלאַטיקע פלײשיקייט פון איר הייסער יונגער ברוסט. זיי זענען אַזוי געגאַנגען איבערן פוסטן זײַטיקן געסל. איר ברוסט איז געווען פאַרדריקט אין זײַן צעוואַרעמטער האַנט. זי איז געבליבן שטיין מיט אים. בײַ אַ וואַנט, ווײַט פונעם שיטערן געלן שײַן, וואָס האָט געטריפט פונעם גאַז־לאַמטערן אויפן ראָג גאַס. זי האָט אים צוגעצויגן מיט ביידע הענט אַרום דער טאַליע, ווי אין היפּנאָז האָט זי מיט אירע הייסע ליפּן געזוכט זײַן מויל, זיך אײַנגעצויגן אין אים, אין זײַן פולבלעכער מוילקער פלײשיקייט. זי האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער פון לײַדנשאַפטלעכער צערייצטקייט און אים שטאַרקער געצויגן צו זיך מיט אַ צעוויגטער, צעכוואַליעטער ברוסט, ווי זי וואָלט פאַרלוירן איבער זיך יעדן קאָנטראָל אין איר אומגעצוימטער נאָכגיביקייט פון אירע געפילן און פאַרלאַנגען, אָט ווי אַ טײַך, וואָס גייט אַרויס פון די ברעגן אָן אויפגעשוימטער און שרעקט מיט זײַן ראַשיקייט און כוואַליעדיקער צעזונ־גענקייט, אַרויסרופנדיק איינצײַטיק אַ קוועליקע פרייד פון דער אויפגעוועקטער סטיכיע, וואָס ווייסט נישט און וויל נישט וויסן פון קיין אָפּהאַלט, פון קיין צוים און גרענעץ.

## קאַפּיטל צוועלף

# ווי אַ נאַר אויפֿן מאַרק

דאָס אָפּגעלעגענע געסל האָט געפֿירט שיף־אַראָפּ צום ווײַסלברעג. אויף יענער זײַט בריק האָבן זיך געמיניעט שטאַרע רייען פֿײַערלעך פֿון דער פּראַגער זײַט... די ווײַסל איז געשטאַנען אָן אײַנגעקאַרטשעטע און אײַנגעשרומפּענע אין די ברעגן. די אויבערפֿלאַך איז געווען פֿאַרצויגן מיט אַ ווײַסער, האַרטער סקאָרופּע, באַדעקט מיט אַ דיקן שיכט געפֿאַלדעוועטן שניי. אַלץ אַרום האָט געפֿרירט אין דער ווינטערדיקער קלעם.

משה מעט האָט מיט אַ מאָל דערפֿילט אַ ווידערווילן און פֿרעמדקייט צום דאָזיקן מיידל, וואָס איז געגאַנגען אָנגעהאָנגען אין אים אַ שלאַבעריקע און אים געדריקט מיט איר געביין ווי אַ שווערע איבעריקע לאַסט. פֿאַרוואָס איז זי נישט וואַנדע, די וואָס גייט דאָ לעבן אים? ער איז איר מוחל די געטרײַשאַפֿט. איר פּרוּוישע גוטווויליקע צודרינגלעכקייט איז אים איצט דערווידער. וואָס מער זי לאַשטשעט זיך צו אים, אַלץ ווינציקער פֿילט ער דערין אַ טעם. אַ נישט־באַפֿרידיקטקייט און אויסגעוועפּטקייט זעצט זיך אָפּ אין אים, צוזאַמען מיט אַ הוילקייט און אויסגעליידיקטקייט אַזאַ, וואָס ס׳איז נישטאָ מיט וואָס אויסצופֿילן, ווי מע וואָלט פֿון אים אויסגעשניטן אַ שטיק לײַב. ווען ער קאָן בײַ זיך פּועלן, וואָלט ער זי געלאָזט שטיין און אַנטלאָפֿן ווו די אויגן וואָלטן אים געטראָגן. מיט וואַנדען וואָלט דאָס נישט געקאָנט געשען. נאָך יענער איז ער גרייט נאָכצולויפֿן. אירע טיפֿבלאָע אויגן פֿאַרפֿאָלגן אים. וועגן אַזאַ פּנים האָט ער געחלומט. די גוטסקייט אַליין קוקט פֿון איר אַראָפּ, וואָס גייט אים אָן, וואָס זי האָט זיך געוואַלגערט מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן יענע נאַכט אויפֿן געלעגער. אויף איר פּנים איז נישטאָ דער מינדסטער פֿלעק, קיין שפּור נישט פֿון זינד. אַ לויטערע הייליקייט אַזאַ שוועבט אַרום אירע אויגן, אַרום דעם געטאָקטן נעזל מיט די חן־גריבלעך אין די ראָזע באַקן, אַרום דעם שיינגעפֿאָרעמטן מײַלכל מיט די רויזיקע ליפּעלעך. דאָס גאַנצע פּנים אירס איז אַן אָפּלייקענונג פֿון שלעכטס און בייזס. ער האָט שטענדיק געבעטן, אַז די ווענען ער וועט געפֿעלן זאָל האָבן אַזאַ אויסזען ווי וואַנדע. ס׳זאָל נישט זײַן בײַ איר בלויז תאווה, מגושמדיקע נאַקעטע ברוטאַלע לײַדנשאַפֿט, ווי בײַ אָט דער זאָשע, וואָס ס׳מאַכט זי אַזוי אומגעלומפּערט אין זײַנע אויגן. ער וואָלט שוין געוואָלט זײַן דאָרט, אין דער באַפּטיסטישער שטוב. ער וויל בלויז קוקן, זעטיקן זײַן בליק מיט דער פֿאַרגײַסטיקטער קדושה וואָס

קוקט אַראָפּ פונעם בלאָנדן מיידלס פּנים, ווי פון דער הייליקער מאַדאָנע; בלויז זיצן אַקעגן איר און קוקן אויף איר. מער וויל ער גאָרנישט. קיין שום פאַרלאַנגען האָט ער צו איר נישט מער.

נישט ווײַט פון דער בריק האָט ער דערהערט דעם באַקאַנטן טומלדיקן געקלאַנג פון אַן אָנפאָרנדיקן טראַמוויי. ער האָט גענומען אונטערלויפן מיט זאַשען צו דער דערנעבנדיקער סטאַציע און קוים באַוויזן אײַנצושטײַגן מיט איר אינעם האַלבפוסטלעכן צעלויכטענעם וואַגאָן. דער טראַמוויי איז אַרויפגעפאָרן מיט אַ הוילער טראַסקערײַ איבער דער קערבעדזש־בריק, זיך געשלעפּט פאַמעלעך, אײַנגעהאַלטן, ווי פון פאָרזיכטיקייט, די בריק זאָל זיך נישט אײַנברעכן אונטער אים. ווי נאָר דער טראַמוויי איז אַריבער די בריק האָט ער זיך צעיאָגט אַ צעפּענטעטער איבער דער ברייטער גאַס, זיך אַרײַנגעדרייט אין דער ווילענסקע, געלאָפן ראַש איבער דער טאַרגאָווע און ווײַטער געיאָגט מיט אימפּעט איבער די פּראַגער בײַנאַכטיקע גאַסן.

זיי זענען אויסגעשטיגן, משה מעט מיט זאַשען, אויף אַ טונקעלער סטאַציע, נישט ווײַט פונעם מיזרח־וואָקזאַל. שווײַגנדיקע, אײַנגעהערטע אין די אייגענע טריט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין מיטן שמאָלן גליטשיקן געסל לענגאויס די בײדעריקע כאַטקעלעך מיט די אַרומגעצוימטע צעהודערטע פאַרקאַנעס. דאָס איז שוין זייער געסל.

ווי נאָר זאַשע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר איז איר די מאַמע געלאָפן עפענען. מ׳האָט שוין נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. מ׳האָט שוין געמיינט אַז זי איז פאַרפאַלן געוואָרן. נאָך אַ גאַנצן טאָג אָפּשטיין אין מאַרק, דורכגעפרוירן, אויסגעהונגערט, שלעפּט מען זיך נאָך אַרום אויף אַזאַ פראָסט ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס אַלטיטשקע מאַמעלע האָט אַרומגעטאַנצט אַרום דער טאָכטער, זי באַשמעקט און באַטאַפּט פון אַלע זײַטן, זיך געפּאָרעט אַרום איר ווי אַרום אַן אָפּגעפינענע מציאה און כסדר געקוקט אויף משה מעטן מיט אַ פאַרדאַכט און אים כמעט ווי נישט געזען.

דאָס פאָדערשטע שטיבל האָט אויף משה מעטן אַ ווייע־געטון מיט אַ וואַרעמען ביטער־זויערן ריח פון צוגעלעגן־פוילנדיק לײַב. דער אַלטער איז געזעסן אין אויפגעבעטן בעט אין אָנטועכץ, אַזוי ווי געכטן אויף דער נאַכט, מיט די שווערבאַוועגלעכע פיס אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד אַזוי ווי קלעצער. געוואַרט, אַז דאָס ווײַב זאָל זיך צוריקזעצן און אים קראַצן די פּלייצע, דעם קאָפּ.

אין דער אַנדערער שטוב איז בײַם טיש געזעסן וואַנדע מיטן חתן, אַ הויכער בלאָנדער בחור מיט אַ העפּט אויפן שטערן. ער איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו די אַרײַנגעקומענע. ער איז אויפגעשטאַנען אַ הויך־איבערגעבויגענער און זיך באַגריסט מיט זאַשען, ווי מיט אַ היימישן מענטש אין דער שטוב. ער האָט

פון אונטערן שטערן אָפּער באַװיזן צו כאַפּן אַ בליק אויף משה מעטן און גלײַך דערשמעקט אין אים דעם ייִד, זיך באַגריסט מיט אים קאַלט און העפלעך, פול מיט אומצוטרוי און חשד. דער געמיטלעכער שמייכל איז גלײַך װי אָפּגעװישט געװאָרן פון זײַן פּנים, פאַרשװינדן. אויפן אַרט פונעם שמייכעלע האָט זיך פאַר־שניטן אַ לײַכטע איראָניע הינטער די קורצע װאָנסעלעך אַרום די ליפּן. ער האָט זיך צוריק צוגעזעצט צו װאַנדען, בײַם אַנדערן ברעג טיש, װי דער אַרײַנגעקו־מענער װאָלט אים אין גאַנצן נישט געװען אָנגעגאַנגען.

זאָשע האָט אַרײַנגעטראָגן אַ שעפּ װאַסער אין דער װאַש־שיסל אַרײַן אויפן בענקל לעבן פענצטער, ער זאָל זיך אַ ביסל אָרומװאַשן, משה מעט, דאָס פּנים מיט די הענט. נאָך דעם װעט זי זיך װאַשן. באַלד האָט די מאַמע אַרײַנדערלאַנגט דעם הייסן קאַפּושניאַק מיט די גריװן מיט צװיי טעלערלעך קאַרטאָפליעס, גע־דיכט באַשמאַלצן מיט חזיר־פעטס מיט צװיי קליינע קאָטלעטעלעך בײַ דער זײַט אויפן טעלערל. זיי האָבן זיך ביידע צוגעכאַפּט צום עסן װי נאָך אַ לאַנגן תענית.

װאַנדעס חתן האָט פון יוצא װעגן זיי צוגעװאָרפן אַ „גוטן אַפּעטיט" און שוין געזעסן װי אויף שפּילקעס. דאָס אָפּשפּעטערישע, איראָנישע שמייכעלע האָט זיך אויסגעברייטערט אויך אַרום די שאַרפע אויגנשניטן. ער האָט געפּרוּװט אַרויפלייגן זײַן האַנט אויף װאַנדעס אויסגעאיידלטע שלאַנקע פינגערלעך. װאַנדע האָט אַ װײַל געלאָזט האַלטן זײַן האַנט, װי זי װאָלט נישט געטראַכט װעגן דעם װאָס ער טוט, און גלײַך באַפרײַט דאָס הענטל מיט אַ לײַכטן ציִ אָפּער פון אונ־טער זײַן האַנט. באַלד איז ער אויפגעשטאַנען, דער הויכער יונג מיט די פלאַק־סענע האָר, אַ ברוגזער, גענומען דעם מאַנטל זײַנעם, װאָס איז געהאַנגען אויף דער שטול און נאָכן אָנטוען אים אויף זיך, אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דאָס סטודענטישע היטעלע און עס געקנייטשט אין די הענט פון דענערװירטקייט. ס'איז גענוג געװען איין ליבלעך שמייכעלע װאַנדעס אויף איר מילד פּרום פּנימל, אַז דער יונג זאָל זיך באַרויִקן און אויפהערן קנייטשן דאָס היטל אין האַנט.

משה מעטן האָט דער אַמאַראַנט־קאָליר אַ ברי־געטון װי אַ פײַער. ער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן און אַ צעשמייכלטער אַ זאָג געגעבן אין װאַנדעס זײַט, מיט אַ מינע פון איינעם װאָס דערפרייט זיך פון אַ גוטער בשורה:

— האָ, אײַער חתן איז אַ סטודענט?

— יאָ, ער גייט אויפן אוניװערסיטעט.

— אַזוי, אַװדאי אַ מיטגליד פון דער „סטזשעכאַ אַקאַדעמיצקאַ"[1]?

— נו, זיכער, װי יעדער פּוילישער סטודענט מיט פּאַטריאָטישע געפילן.

---

[1] אַנטיסעמיטישער סטודענטנקרײַז

— האָ, כ׳האָב זיך הײַנט געטראָפן מיט אַ גאַנצער גרופּע סטודענטן פון דער „סטזשעכאַ״.
— װוּ? אויף אַ מיטינג?
— ניין, אויפן מאַרק, פאַר די מיראָװסקע האַלעס.
— זייער פײַנע ייִנגלעך, אמת.
— ביז גאָר פײַן. װאָס פרעגט איר נאָך. װען די פּריילין װאַנדע איז דאָרט דאָ, װאָלט עס איר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן.
— װאָס, איר האָט צוזאַמען געטרונקען.
— ניין, בעסערס, מיר האָבן זיך צוזאַמען געשלאָגן.
די שװאַרצע זאָשע האָט אַרויסרופעריש אַ קוק געגעבן אויפן סטודענט און אַ שאָקל־געטון מיטן קאָפּ אין זײַן זײַט געדרעדט צו װאַנדען:
— אַלץ הייסט געשלאָגן, מ׳האָט זיך געקײַלט װי די חזירים. שטעל זיך פאָר, זיי האָבן אומגעװאָרפן אַן אָרעמע הענדלערקע, אַן אַלטיטשקע, אפשר פון אַכציק יאָר. זיי האָבן איר איבערגעקערט דאָס אייװעלע מיט די געבראָטענע עפּעלעך. נו, האָט זיי „מײַנער״ דערלאַנגט אין די ציין אַרײַן, װי ס׳קער צו זײַן. בלוט האָט זיך געגאָסן. זיי האָבן געװאָלט װײַזן סאָרע שטאַרקע זיי זענען קעגן אַן אַלטער ייִדענע, — פּחדנים אַזעלכע. די ייִדישע פּלייצע־טרעגערס האָבן זיי מיט די בלויזע שטריק פאַריאָגט פון די האַלעס, יאַק באָגאַ קאָכאַם, מיט די בלויזע שטריק אין די הענט.
ביידע האָבן זיי, זאָשע מיט משה מעטן, אָפּגעמאָסטן דעם הויכן סטודענט, אַז דער בלאָנדער יונג האָט נישט געהאַט װוּ די אויגן אַהינצוטון. ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרלוירן. געגומען עפּעס פּלאָפּלען אונטער דער נאָז און װי געזוכט אַן אַנטרינונג פאַר די שטעכיקע בליקן. אַ קאַמיש־אומבאַהאָלפענער מיט אַ רויט־צעצונדן פנים האָט ער פאַרהויבן דעם בליק צו װאַנדען, װי ער װאָלט געזוכט בײַ איר שוץ. ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטומער געפּלעפּטקייט. דער סטודענט האָט זיך לעקישעװאַטע צעשמייכלט און אַזוי געשטאַנען אין מיטן שטוב אַ צו־געטשװעקעװעטער צום אָרט װי אַ נאָר אויפן מאַרק.

## קאַפּיטל דרייצן

# אַ נאַכט פון בייזע חלומות

אין דער פרידלעכער פרומער באַפּטיסטישער שטוב, אויף דער ווייַט־אָפּגעלעגענער פּוסטער הינטערשטאָטישער גאַס אין פּראַגע האָט אומבאַמערקט פאַר קיינעם אַ ווייע געטון מיט קריגערישקייט און פּייַנטשאַפט. די העצערישע ווינטן, וואָס האָבן געבושעוועט אין גאַס, האָבן אויך דאָ אַהער גערייַכט מיט זייער שפּיציק־שאַרפן געסווישטש. זיי האָבן אומגעזעענע געבייַטשט דאָס לייַב ווי מיט נאַסע ריטער. נאָכן אַוועקגיין פונעם באַליידיקטן סטודענט איז די שטוב געוואָרן ווי איבערגעדרייט. ער האָט די כלה זייַנע וואַנדע, געלאָזט שטיין מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און אָן אַ „גוטע נאַכט" געגעבן אַ שפּרייַז צו דער טיר און זי פאַרקלאַפּט נאָך זיך מיט אַזאַ האַסט, ווי אויף קיין מאָל מער נישט אַריבערצוטרעטן די דאָזיקע שוועל.

די ווייַסגעקאַלכטע ווענט, וואָס האָבן דאָ קיין הויך וואָרט נישט פאַרנומען, זענען איצט געווען עדות פון רייַסערייַען און זידלרייד, וואָס זענען געפאַלן ווי דער געכאָרכל פון געקוילעטע עופות מיט אייַנגעשניטענע גאָרגלען.

די בלאָנדע וואַנדע האָט מיט יונגמיידלשן חוש געפילט, אַז דאָס איז געווען אַ לעצטער קלאַפּ אין טיר פון אַן אַמביטנעם פּוילישן סטודענט, וואָס האָט זיך פייַנט צופיל צו לאָזן שפּייַען אין דער קאַשע. ער וועט זי מער נישט וועלן קענען, דער חתן אירער. דאָס לאָזן זי שטיין מיט אַן אָפענער האַנט פאַר אַלעמען אין די אויגן איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים. זי וועט עס אים קיין מאָל נישט מוחל זייַן. זי וואָלט אים געוועז אָנגעשפּיגן אַ פול פּנים ווען ער טראָגט זיך נישט גלייַך אַרויס פון שטוב, נאָר אַז מע וויל שטאַרק קאָן זי גאָרנישט האָבן צו אים. אַן אַנדערער אויף זייַן אָרט וואָלט נישט געווען בעסער. ער איז גאָרנישט ק׳אַזאַ שלעכטער פון דער נאַטור. דעם לעצטן גראָשן האָט ער אויף איר אויסגעגעבן. אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט פון די לעקציעס האָט ער אַרייַנגעפּאַקט אין איר.

ער איז צוליב דעם אויסגעשטאַנען געברענטע צרות, וואָס ער האָט אויפגעהערט געבן אין שטוב אַרײַן. זי האָט נישט איין מאָל געהערט די אַוואַנטורעס, וואָס די פשעקופּסקע מאַמע האָט אים דאָרט געמאַכט, ווען יענע האָט זי באַמערקט שטיין הינטערן פענצטער און וואַרטן אויף אים ער זאָל אַרויסקומען צו איר.

איצט איז אַלץ געענדיקט. אַ סך אַזעלכע ייִנגלעך וואַלגערן זיך נישט אין גאַס. ס׳איז הײַנט זייער זעלטן צו טרעפן אַ ייִנגל, וואָס זאָל געבן אַלץ און זיך באַגנוגענען מיטן מינדסטן. דער מיינסט פון זיי פירט זיך אויף פונקט פאַרקערט. הײַנטיקע ייִנגלעך ווילן אַלץ פון אַ מיידל, זיי זענען גרויסע נאַכאַלניקעס, זיי שטייען צו און מאָנען. נאָר אַז ס׳קומט צום געבן, צו קויפן עפּעס, אַ פינגערל מיט אַ שטיינדל, צי אַ פּאָר לײַטישע אוירינגלעך, זענען זיי נישטאָ, מאַכן זיי זיך נישט הערן, ווי נישט זיי מיינט מען. דער איז געווען אין גאַנצן אַנדערש. ער האָט גאָרנישט פון איר פאַרלאַנגט. זי וואָלט אים סײַ ווי געווען געגעבן אַ פּײַג. ער איז נישט געווען אַזוי „נאַטרענטנע"[1] ווי אַנדערע. בלויז דאָס וואָס ער האָט נישט איבעריק ליב געהאַט קיין ייִדן. זי אַליין האָט זיי אויך ליב פון דער ווײַטנס. ווען נישט דער לאַטיק דאָ וואָלט צו דעם אַלעם נישט געווען געקומען. דאָס איז יאָ אַ ייִדישע חוצפה. אומעטום אַרײַנצושטעקן די נאָז. אַזאַ שלעפּער־יונג דאָס איז. דאָס אמתע כיטרע ייִדל. זיך איבערגעטועטן אין די קליידער פון אַ פּוילישן סאָלדאַט, מע זאָל האָבן אײַנזען מיט אים. אַנישט וואָלט מען אַזוינס אַריבערגעלאָזט איבער אַ פּוילישער שוועל? ווער ס׳קען נישט אַ ייִדיש קעפּעלע.

אין גאַנצן אַ פאַרשפּיצטע מיט ביסטרע בליקן האָט זי אָפּגעמאָסטן משה מעטן פון אונטן אַרויף. ער איז איר איצט געווען דאָ בײַם טיש ווי אַ שפּין אין אויג. דאָס שיינע באחנטע נעזעלע אירס איז איצט געווען אײַנגעצויגן מיט צוויי דינע אָפּשטויסנדיקע קנייטשעלעך פון ביידע זײַטן. די ראָזע ליפּעלעך בייז פאַר־שנורעוועט און פון די פאַרזשמורעטע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דאָס גאַנצע שלעכטס אירס. זי איז אַזש גרין געווען פון כעס וואָס האָט אין איר געברענט ווי אַ העליש פײַער. דאָס גאַנצע ביטערע האַרץ האָט זי אויסגעלאָזט צו דער שוועסטער. נישט אַנדערש נאָר דאָס האָט זי עס איר אינטערגעפירט. זי איז געווען אייפערזיכטיק, די אַלטע מויד, וואָס זי, די ייִנגערע האָט שוין אַ חתן און אַ סטודענט דערצו, און זי, זאָכע, האָט אַ קרענק. זי קלייבט זיך אוודאי, זאָשע, איר אָנצוטון אויף צו להכעיס און צו בלײַבן בײַ דער פאַרשלעפּטער קרענק אירער. זי פאַרגינט עס איר פון גאַנצן האַרץ, אַזאַ געמיין שטיק וואָס דאָס איז!

מיטן פאַרשנעבלטן מײַלכל האָט וואַנדע טראָציק אָקעגנגעפּיסקעוועט דער

1 צודרינגלעך

עלטערער שוועסטער. זי האָט נישט אַזוי ווײַט געמיינט צו טרעפן זאַשען ווי משה מעטן. זאַשע איז איר אויך נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. זאָל זי האָבן צו טון מיט זיך, וואַנדע און זיך וויניציקער מישן אין נישט אירע געשעפטן. ס'איז נישט איר פּראַנצעוואַט עסק מיט וועמען זי האָט זיך אַרומצושלעפּן. און אַז ס'גע־שוועלט איר נישט האָט זי נאָר איין ברירה: קוקן און דריקן און צעזעצט ווערן קוקנדיק.

ביידע שוועסטער האָבן זיך נאָך לאַנג אַרײַנגעזאָגט, באַשמאָלצן די שטעכ־ווערטלעך מיט די אַנצוהערעניש ווען זייער ביידנס צניעות מיט ברוטאָלן ציי־גישן גאַסן־לשון, אַז משה מעט האָט נישט געגלייבט זײַנע אייגענע אויערן, אַז אין אַזאַ פּרומגלויביקע שטוב קאָן זײַן אַזאַ ווערעמדיקע פאַרדאַרבנקייט. ווען ער האָט זיי ס'ערשטע מאָל דערזען, די מיידלעך, אין די ווײַסע לאַנגע נאַכט־העמדער, מיט די ליכטיקע פּנימלעך און קלאָרע העלע אויגן, האָט ער געמיינט אַז ער האָט פאַר זיך צוויי הייליקע יונגפרויען, וואָס זענען נאָר וואָס אַראָפּ פון די פּיעדעסטאַלן אין קלויסטער פון ביידע זײַטן אַלטאַר און געקומען אַהער אַרײַנ־צושוועבן, צו זײַן אַ באַשיינונג פאַר דער אָרעמער פרומער קריסטלעכער שטוב. צום סוף זעט ער גאָר, אַז ער האָט פאַר זיך נישט קיין צוויי מלאכימלעך, נאָר צוויי טיגערס, וואָס זענען זיך גרייט אייגס דאָס אַנדערע די אויגן אויסצודראַ־פּען, אויב נישט נאָך ערגערס.

ס'וואָלט נישט געווען גענומען קיין סוף צו די שוועסטערשע קריגערײַען, ווען דאָס קליינע מאַמעלע וואָלט נישט געווען געגעבן אַ קום אַרײַנצוטשלאַפּען אין די צוויי אויפגעשנאָרוולטע מענערשע קאַמאַשן ,און אַנשטאָט אײַנצושטילן די פּיסקאַטע מיידן, האָט זי זיך אָן אַ וואָרט געגעבן אַ בייג אַריבער איבערן טיש און מיט עטלעכע בלאָז אויסגעלאָשן די לאָמפּ.

אין דער גרויסער אויסגעלאָשענער שטוב איז אַרײַנגעטראָטן אַ שטילקייט. די בלאָנדע וואַנדע האָט מיט די פאַרפּינעטע ליפּן צוגעוואָרפן נאָך דער מאַמעס אַרויסגיין: „אַ פאַרשאָלטענע שטוב דאָ איז" און זיך גענומען אויסטון אין דער פינצטער, דאָרט ווו זי איז געשטאַנען לעבן איר בעט.

מיט אַ געענדערטער ווייכער שטים האָט זאַשע אַ זאָג געטון צו משה מעטן, ער זאָל זיך נישט צופיל איבערנעמען מיט דעם אַלעם וואָס ער האָט געהערט. מע האַלט אים דאָ ווי אַן אייגענעם, קרעמפּירט מען זיך נישט פאַר אים. זאָל ער זיך אויסטון און זיך לייגן שלאָפן. דאָס נאַכטהעמד ליגט אונטערן קישן. זאָל ער עס פאַרבייגן, ס'קישן, וועט ער געפינען ס'העמד. זי איז דענערווירט און זי־ווייסט נישט וואָס ס'טוט זיך מיט איר. ס'איז נישט די זעלבע שטוב. אַ גיהנום איז דאָ הײַנט. נאָר צו אים האָט עס נישט. אָט פלאַפּלעריגס נאַרישע. זיך צע־

ווערטלט. אין יעדער בעסטער שטוב קאן עס טרעפן. נו, זאל ער זיך לייגן און האבן גוטע חלומות.

קיין גוטע חלומות האט שוין משה מעט די נאכט נישט געהאט. ער האט זיך געדרייט אויפן געלעגער זײַנעם, ווי ער וואלט געוועז געלעגן אויף צעבראכן גלאז. די ביינער האבן אים געבראכן. ווי הונגעריקע הינטלעך איז פון אלע זײַטן געקראכן צו אים דער וויטיק פון די קלעפ וואס ער האט אָרײַנגעכאפט הינטער די האלעס. צוליב וואס האט ער עס געדארפט. ווי איז ער עס געקראכן מיט א געזונטן קאפ אין א קראנק בעט אַרײַן. ער האט געזוכט די ריינקייט און היילי־קייט אין דער קריסטלעכער שטוב און געטראפן פונקט דאס פארקערטע. צוויי אויסגעלאסענע מיידן אָן העמונגען, אָן מאראל און געוויסן. וואס האט ער צו טון אין דער דאזיקער שטוב. ס׳פעלט אים טאקע גארנישט. ער קריגט אפצועסן, א ריין געלעגער. אין שטוב איז ווארעם, דער אויוון איז אײַנגעהייצט. אבער אין דער נשמה איז פוסט און ס׳הארץ איז אויסגעהוילט. ס׳יאגט דארט א וויסטע קעלט. וואס וועט פון אים ווערן דא. אפשר א קאלעקאזש. ער וועט קריגן דעם אלטן באן־ארבעטערס פאסטן אונטער א פרעמדן נישט־ייִדישן נאמען. אהיים־קומען איין מאל אין וואך מיטן באן־לאמטערנדל. אין שטוב וועט זיך ארומדרייען אן אלטע הייצגויע מיט גראע אויגן, א פריגעעלטערטע זאשע. און שפעטער, אז ס׳וועט גוט גיין, וועט ער זיצן א געליימטער אויפן הויכן בעט און די אלטע קלאפטע וועט אים קראצן אין קאפ, אט ווי דאס מאמעלע אינעווייניק לעבן דעם פרומען באפטיסט. א שיינע כאוואניע האט ער עס געגעבן די טעכטער זײַנע. שוין איין מאל זיי דערצויגן אין רעליגיעזן גײַסט פון אורשפרינגלעכן קריסטנ־טום. איינע — א בײַשלעפערין פון דאקטאר משה ענגלשטערן און די צווייטע גיט זיך אים אפ אויף דער גאס שטייענדיק בײַ א וואנט. א פאלשע ליגנערישע וועלט. וועט ער זיך שוין טאקע קיין מאל נישט קאנען אַרויסקריגן פון איר, אט דאס דארף עס זײַן זײַן וועלט, אט די האלבפארזונקענע כאטע, וואס ציט אים און וועט אים אזוי אַראפציען אין דער פארזונקענקייט ווי אין אן אפענעם תהום אראפ?

פון אײַנגעהייצטן קאכלענעם אויוון האט געשלאגן אויף אים א היץ. אין די שלייפן האט געהאקט און אין קאפ איז געשטאנען א רויש פון מארק־קולות, זידלערײַען און שפאטישע געלעכטערס. ער שטייט בײַם וועגעלע שפילצײַג א צעיאכמעטער. מע רײַסט אים די זאבאווקעס פון די הענט. און אט רײַסט מען שוין אים אליין. מע שלעפט אים פאר די האר, פאר די הענט און פיס. מע וואלצ־קעט אים איבער דער גאס אן אויסגעצויגענעם, ווי ער וואלט פארלוירן די מאכט אין די פיס. אויסטערלישע פנימער פארגרעסערן זיך פאר זײַן אויג און ווערן קלענער און דערוווּטערטער און קומען באלד צוריק מיט אויסגעקרומטע העוויהס

פון פּײַן און יסורים, געמישט מיט חוזק און שפּאַט. ער ווערט פּלוצים אַוועקגעריסן פון די משונהדיקע קרעאַטורן, וואָס פּאַכען צו אים מיט לאַנגע ביינערנע הענט ווי די שטשאַפּעס האָלץ. ער טרייסלט זיך ערגעץ אַ פאַרפרעסטער מיט טויזנטער גופים, וואָס דריקן אויף אים מיט זייער געביין אין אַ שווינדלדיקן געלויף. לאָקאָמאָטיוון און באַנען יאָגן איבער אים אַריבער, פליִען מיט די רעדער איבערן באַרג גופים, רײַסן זיך צעסאָפּעטע אַרויף, אַרויף איבער דעם מענטשנבאַרג און לאָזן זיך דאָרט אויף יענער זײַט מיט אים אַרונטער אַ פאַרקנוילטן און פאַרפלאָנטערטן אינעם שטאָלגעפלעכט און געביין פון די רעדער און גופים, אָן אָפּהאַלט, אָן אַ סוף, אין אַן אומענדלעכן געקייקל, אַלץ טיפער און אַלץ שמעלער אינעם שרויפיקן געווירבל. ער פילט אַן ענגשאַפט, אַ שטיקעניש אין האַלדז, ער שטיקט זיך. אַרום אים איז קיינער נישטאָ. ער איז איינער אַליין. ער געפינט זיך אין אַ גרויסן שיפּאַראָפּיקן זאַל, אָן פענצטער. די פאַרקנוילטע מאַסע גופים, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט געשטרעקטע הענט פאַרפלאָכטן און פאַרקראַמפט איינס אין אַנדערן — ליגט איצט אַראָפּגעגליטשט פונעם שיפּן דיל און קוילערט זיך אין אַן אָפענעם פּיסק פון אַ ריזיקן ליימיקן גרוב, וואָס שלינגט זיי איין אַלץ מער און מער. און אָט נעמט ער זיך אליין אויך גליטשן אַראָפּ, דער לעצטער, דער איבערגעבליבענער, ער פילט אין איין שרעק ווי דער באָדן רוקט זיך אים אָפּער פון הינטער די פיס. ער שטרעקט די הענט אין דער לופטן, זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן און רוקט זיך אומפאַרמיידלעך אַלץ טיפער אַרונטער צום ראַנד פונעם ליימגרובן. מיט די לעצטע כוחות פון אַ לעבעדיק־דערשטיקטן האָט ער אַרויסגעקריגן פון זיך אַן אויפגעפּלאַצטן גוואַלד, וואָס האָט אים ווי צעריסן אויף שטיקער און אים פאַרוואַנדלט אין איין הויל געשריי, וואָס האָט זיך געריסן אַלץ העכער און העכער צו די בלאָע, בלענדיקע אומענדלעכע אויסגעשפּרייטקייטן — אַן אויפגעלייזטס, אַ באַפרײַטס.

## קאַפּיטל פּערצן

# צוויי שוועסטערס

די קאַשמאַרע זעונגען, וואָס האָבן משה מעטן געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט, אים אַוועקגעטראָגן אויף די שוואַרצע פליגל פון זײַן צעהיצטער פאַנטאַזיע איבער נישט־געשטויגענע פינצטערע פליינען און אָפּגרונטן פון מענטשלעכער פּײַן — אָט די אַלע גרוילבילדער זענען איצט נישט אָפּגעטראָטן פון אים אויף קיין רגע. זיי האָבן אים באַגלייט אויף טריט און שריט. ער האָט נישט איין מאָל אויפגעצאַפּלט פאַרן אייגענעם שאָטן, ווען ער האָט בײַנאַכט באַדאַרפט אַרויסגיין אויפן הויף. בײַם אַריבערשפּרינגען די קאַנאַווע האָט זיך אים געדאַכט, אַז מע וואַרט דאָרט אויף אים אינעם אָפּגעזונדערטן הילצערנעם בײַדל מיטן זיצבענקל. ווי נאָר ער וועט עפענען דאָס טירל וועלן אים אַ פּאָר מעכטיקע באַוואָקסענע לאַפּעס אָנכאַפּן פאַרן האַלדז און אים אַראָפּציִען אינעם אָפענעם גרוב מיט די אומריינקייטן. פון אַלע זײַטן, האָט זיך אים אויסגעוויזן, לויערט מען אויף אים. מע וויל אים אַרײַנקריגן אין אַ קלעם, פון וואַנען ער וועט זיך אַזוי גרינג נישט קאָנען צוריק אַרויסקריגן. ער וועט פאַרשפּונען ווערן מיט טויזנט פעדעם און אויסגעטריקנט ווערן ווי אַ פליג אין שפּינוועבס.

ער האָט נישט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, משה מעט, אַז די אַלע אויפ־שוידערנדיקע וויזיעס פון שרעק, די אַלע פּײַנסצענעס, וואָס ער האָט געזען אין

חלום, קאָנען ווען ס'איז האָבן אַ האַפּט אין לעבן, זיך פאַרוואַנדלען פון אַ בייזן חלום אין אַ לעבעדיקער וואָר. זיי זענען אָבער געווען אַזוי רעליעף שאַרף, אַזוי ממשותדיק בולט, אַז יעדער פּרט באַזונדער האָט זיך וויזועל אין אים אײַנגע־קריצט אין זכרון מיט אַ נאָגנדיקן ווייטיק, ווי ער וואָלט עס געווען מיטגעמאַכט אין לעבן אויף דער אייגענער הויט.

ס'האָט זיך אים כסדר געדאַכטן, משה מעטן, אַז ער אַליין געפינט זיך נאָך אַלץ אינעם ווירבלדיקן קרײַז פון די אויף כוח פאַרשלעפּטע צום אונטערגאַנג און ער מוז זען צו טון וואָס נאָר מעגלעך זיך אַרויסצורײַסן פון דער גורלדיקער אומפאַרמײַדלעכקייט, וואָס שטופּט אים און שטויסט אים צום ברעג פון יענער באַדנלאָזער זומפּיקער פאַרלוירנקייט מיט יעדן טריט זײַנעם וואָס ער שטעלט אָן שום באַרעכנטקייט, ווי אַ נאַריש קינד.

וואָס לאָזט ער זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ פון עפּעס אַ תאווהדיקער מויד מיט גראָבע ליפּן און שווערע בריסטן. ווי נאָר ס'ווערט פינצטער און ער לייגט זיך אין בעט אַרײַן, הייבט זי אים אָן רופן, זאָשע, ער זאָל צוגיין צו איר, זי וויל אים עפּעס זאָגן, זאָל ער צוקומען צום בעט. ער ווערט צעמישט פון איר שעפּטשערײַ. ער וויל נישט, ער מאַכט זיך נישט הערן און גייט דאָך אַרויס פון בעט מיט דער דעה באַלד זיך צוריקלייגן. וואָנדע איז זיכער אויף, זי שלאָפט נישט, ליגט אָנ־געשפּיצט פונקט ווי ער דעמאָלט, ווען ענגלשטערן איז געווען אין שטוב. זאָשע איז אָבער צודרינגלעך. זי גיט אים אַ כאַפּ אָן פאַר דער האַנט און ציט אים אַרײַן צו זיך אין אויסגעוואַרעמטן מיידלשן בעט. זי בריט אים אָפּ מיט איר צעגליט לײַב. זי פּאַקט זיך אויף אים אַ שווערברוסטיקע, אַ רונדבײַכיקע. ער פאַרגעסט אין וואַנדען, פאַרגעסט אין ענגלשטערנען, אין „ליימענעם גולם" אינעווייניק אין דער קיך אויפן בעט, וואָס קרעכצט און כראָקעט אַ גאַנצע נאַכט, אינעם קליינעם מאַמעלע מיט די פאַרשנדיקע אייגעלעך, וואָס ווילן אַלץ דערגיין, זען דאַכט זיך אַלץ און מאַכן זיך נישט וויסן, צוליב אַ כיטרע כוונהלע, וואָס ליגט דאָרט אין זיי פאַרשטעקט.

דאָס אַלץ זעט ער ערשט שפּעטער, ווען ער שלעפּט זיך צוריק אָן אויסגע־ליידיקטער צום קאַלטן צולייגבעטל זײַנס, טוליעט זיך אײַן אין קאָץ און גיט זיך ס'וואָרט, אַז ס'איז דאָס לעצטע מאָל געווען הײַנטיקע נאַכט. מע זאָל אים צע־האַקן אויף שטיקער וועט ער מער נישט אַראָפּגיין פון בעט. זאָל זי אים רופן ביז טאָג. ער וועט זיך מאַכן געפּגרט. ער ווייסט אָבער אַז ס'וועט נישט העלפן. ער וועט ווײַטער געפינען עפּעס אַ תירוץ און נאָך דעם ווידער באַדויערן און זיך בײַסן די נעגל אויפן האַרטן געלעגער. ער מוז מאַכן אַ סוף דערצו. דער געליימ־טער טאַטע אירער דערגייט אים די רעשט די יאָרן. דאָס זינדיקע פאַרגעניגן וואָס ער האָט, גייט אים סײַ ווי אויס באָקעם. דער „ליימענער גולם" צעהוסט זיך

דעמאָלט אויפן קול און כריפּעט ווי מיט אַ זעג. אין דער רגע דאַכט זיך אים אויס, ווי דער אַלטער וואָלט אים דערמאָנט, אַז ער וועט אויך אַזוי אויסזען. ער וועט זיך נישט באַוויַזן אַרומצוקוקן, וועט ער אַזוי זדעכלען ווי דער אַלטער דאָרט אין דער קיך.

ער ווייסט גאַנץ גוט, משה מעט, וואָס ס׳דערוואַרט אים אויף יענער זיַט פּורטקע. אַ שווערער ווינטער הייַנט. ער וועט זיך נישט האָבן ווו אַהינצוטון. ער האָט אָבער נישט קיין ברירה. ער מוז אַוועק פון דאַנען. ער וועט דאָ נישט בלייַבן. ס׳וועט אים צו קיין שום גוטס נישט ברענגען. דאָס סטודענטל, וואָס האָט זיך דאָ אַרייַנגעקריגן, וועט שוין די רעשט מאַכן פון אַלעם אַ תל. אויך אין דער דאַזיקער שטוב פון פרומע ערלעכע קריסטן הייבט זיך אָן אויספּיקן דאָס קריפּל־דיקע באַשעפעניש, וואָס וועט זיך מיט דער צייַט צעלייגן אין פּוילישן קערפּער ווי אַ ראַק. ס׳וועט זיך צעצווייַגן און צעגלידערן. ס׳וועט זיך אַרייַנקריגן אין די בלוטגעפעסן, זיך פאַרפלעכטן און פאַראָדערן אין פּוילישן פאָלק.

אויך די בלאָנדע וואַנדע, זעט ער, איז שוין אַ ביסל געכאַפּט אין דער מעשה. דאָס סטודענטל אירס, וואָס איז אַנטלאָפן ווי אַ געביסענער פון אַ שלאַנג, וועט נישקשה צוריקקומען. ער וועט זיך איבערבעטן. זיי וועלן נעמען אַ שלוב בייַם גלח און דאָס גאַנצע שלעכטס און פאַרדאָרבנקייט, וואָס שטעקט אין דאַ־זיקן פּוילישן זינדל, וועט זיך פאַרטאָפּלען און איבערגיין אויך אין איר. עס פעלט איר שוין אַזוי אויך נישט פון ענדעקישן סם. זי שמעקט שוין מיטן זעלבן וואָס דער גרעסטער טייל פּוילישע יוגנט. ער האָט עס געזען אין איר שטעכיקן בליק אויף אים, ווען דער חתן־דנן אירער איז אַוועק אַ ברוגזער פון שטוב.

זי איז אָבער אַזוי שיין די מויד, דער טייַוול זאָל זי נעמען, די וואַנדע, אַז ער איז איר גרייט אַלץ מוחל צו זייַן, ווי נאָר זי וועט אים אַרויסווייַזן אַ האַרעלע סימפּאַטיע, איין שמייכעלע. אירע צאַרטע, שייַנגעפאָרעמטע לענגלעכע הענט מיט די איידלגעשניצטע פינגער, דאָס מלאכישע פּנימל אירס מיט איר כאַליע־רעדיקן קוק, איר גאַנצער געשטעל פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל פרוישקייט און רייץ, אַז ער וואָלט פאַר איר אַוועקגעגעבן צען זאַשעס מיט אַלע זייערע פאַרגע־גינס, צו זייַן נאָענט לעבן איר. ער פילט זיך דורך איר אין גאַנצן מאַכטלאָז אונ־טערצונעמען עפּעס וואָס, זיך צו באַפרייַען פון דער דאַזיקער שטוב, וואָס איז טאַקע ווי וואַנדע זאָגט „אַ פאַרשאָלטענע שטוב”.

אַ געפאַנגענער און פאַרבלענדטער פון איר שיינקייט, טראָגט ער אַלץ אי־בער מיט הכנעה, אפילו איר ווענדן זיך צו אים מיטן „פּאַניע מוישע”, וואָס קלינגט אַזוי אָפּלאַכעריש אין איר מויל, נעמט ער אויך אויף מיט אַ פאַרבייַסן די ליפּן, ווי ער וואָלט נישט געפילט דערין די אָפענע איראָניע. ער האָט זיך נישט געמאַכט זען, אַז די שנאה גייט מיט איר האַנט בייַ האַנט. ס׳האָט אים נישט

געאַרט, וואָס דאָס דאָזיקע וווּנדערלעכע מיידל — דער סימבאָל פון ליבע און שיינ־קייט — איז צעפרעסן פון שנאה, פון האַס. ער האָט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם חוש פון אויסהיטן זיך פון סכנה, וואָס איז געשטאַנען הינטער אירע פּלייצעס ווי אַ שאָטן, נישט אָפּצוטיילן איינס פון אַנדערן.

ווי אַ שטיק צו להכעיס האָט זי אים דעם אַנדערן טאָג פאַרגעלייגט צו גיין מיט איר שפּאַצירן אין סקאַרישעווסקיס פּאַרק. ער איז נאָר וואָס געהאַט צוריק־געקומען מיט זאַשען פון די האַלעס און זיך געגאַנגען אײַנוואַשן ס'פּנים בײַ דער שיסל. ס'איז שוין געווען טונקל אין דרויסן. זי האָט אָפּגעוואַרט אַ מאָמענט, וואַנדע, ווען די שוועסטער אירע האָט זיך געפּאַרעט אין דער קיך בײַ די טעפּ, זי האָט זיך געגעבן אַ שאַר צו צו אים, וואַנדע, און אים צוגעוואָרפן ווי אַ הונט אַ ביין:

— מיר וועלן גיין הײַנט אין פּאַרק, פּאַניע משה!... זאָל ער וואַרטן אויף איר נאָך דער קאָלאַציע אויפן ראָג. זי וועט נאָך דעם אַרויסקומען.

זי האָט געוואָלט שיסן צוויי האָזן מיט אַ מאָל, די בלאָנדע וואַנדע. ווײַזן דער שוועסטער אַז זי איז שענער פון איר, מיט איר שיינקייט קאָן זי אײַננעמען די וועלט און זאָל איר קרענקען אַ ביסל, זאָל זי צעפּלאַצט ווערן קוקנדיק. און פון דער אַנדערער זײַט וועט זי זיך אַ רייץ־טון מיט איר חתן, דעם פרײַער „פּאַמפּקאַ", וואָס שלאָנדערט זיך זיכער איצט אַרום מיט זײַנע קאָלעגעס אין די אַלייען, דאָרט אין פּאַרק און האָט זיך נישט ווו אַהינצוטון אָן איר. זי וועט אים געבן אָנצוגעהערן, אַז מיט דער בלאָנדער וואַנדען וואָרפט מען זיך נישט אַזוי ווי מיט אַ ליאָדע פלאַנדרע. זי איז געענוג מבין אויף איר שיין פּנימל מיט די גע־טאַקטע פּיסעלעך צו וויסן וואָס פאַר אַ ווערט דאָס האָט, אַז מע דאַרף זיך פילן גליקלעך, ממש אין זיבעטן הימל, אויב זי באַווייליקט בלויז אַ קוק צו טון אויף אַזאַ סמאַרקעוואַטע יינגל. אַזאַ שיינקייט ווי זי איז איז נישט צוטריטלעך פאַר יעדערן. קיין גרעסער גליק קאָן שוין נישט געמאָלט זײַן, ווי צו געפינען זיך בלויז אין איר שאָטן; וואָס זי דערלויבט צו גיין ווי אַ הינטל לעבן איר זײַט.

ער האָט איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן, משה מעט. וואַנדעס פאַרשלאָג איז פאַר אים געקומען אומגעריכט. אַ שווייס איז אים אַזש אַרויסגעטרעטן אויפן שטערן. ער האָט זיך נישט צוגעגלייבט זײַנע אייגענע אויערן. אַ צעטומלטער האָט ער גלײַך אויפן אָרט מסכים געווען. ער האָט איר אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויף דער האַנט און זיך אַליין פאַרשעמט דערפון וואָס ער פירט זיך אויף מעשה סטודענטל. אַ דערפרייטער האָט ער גענומען כליאַפּען אויף זיך דאָס וואַסער אויפן פּנים, אײַנ־געריבן זיך דעם קאַרק, געוואַשן די הענט ביז אַרויף צו די עלנבויגנס גיך און האַסטיק, ווי ס'וואָלט אים ווער געווען אונטערגעיאָגט.

וואַנדע האָט זיך צוריקגעזעצט צום טיש מיטן אומשולדיקן פרומען פּנימל,

זיך געמאַכט אַרײַנקוקן אין אַ ביכל אַרײַן און מיט הנאה נאָכגעפֿאָלגט פון אַ זײַט, ווי משה מעט איז געוואַקסן פאַר פרייד פון איר דרײַסטן פאָרשלאָג.

גלײַך נאָך דער וויעטשערע האָט זיך משה מעט ווי אומבאַמערקט אַרויסגע־שאַרט דער ערשטער פון שטוב, גישט־זאָגנדיק זאָשען קיין וואָרט, אַז ער גייט ערגעץ ווו אַוועק. וואָס איז ער מחויב אָפּצוגעבן אַ ראַפּאָרט ווו ער גייט? ער איז אַרײַן אין קיך, אַראָפּגענומען דעם שינעל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ טשוואָק בײַ דער טיר און אים אַרויפגעוואָרפן אויף זיך ווי אַרויסצוגיין אין דרויסן אויפן הויף אַרויס. אָנשטאָט זיך צו לאָזן אין דער זײַט פון דער קאַנאַווע, האָט ער גיך גענומען גיין גלײַך מיטן אויסגעטראָטענעם וועג צו דער פורטקע. פאַרן טויער געכאַפּט אַ בליק צו דער כאַטע, וואָס האָט זיך דאָרט שוואַרץ געפלעקט אין דער טיף פון הויף, און ערשט איצט אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם שינעל. ער איז צו ביז צום ראָג און געבליבן וואַרטן אויפן פראָסט ביז וואַנדע וועט זיך דאָרט אין שטוב אָנטון בײַם שפּיגל, אַרויפצי'ען אויף זיך געלאָסן דאָס שקאָלע־מאַנטעלע מיטן בערעטל, ווי אַלע מאָל, ווען זי ווייסט, אַז אַ יינגל וואַרט אויף איר אין דרויסן און ווערט געפרוירן פון קעלט, און מיט אַ טרי'ומפירנדיק שמייכעלע אין זאָשעס זײַט, זיך לאָזן קאָקעטיש גיין צו דער טיר, אויף איר אָפּגערעדטער ראַנ־דעוווּ מיט משה מעטן.

## ק אַ פּ י ט ל פּ ו פ צ ן

# אויף אויסגעקרומטע וועגן

דאָס בלינדלעכע, פאַרנאַכטיק־בלאָלעכע פּראַגער הינטערגעסל, נישט ווײַט פון דער באַן, איז געלעגן אַן אײַנגעפּרוירנס מיט די אומעטיק־אײַנגעהויקערטע שטיבלעך און שמאָלע גליטשיקע טראָטואַרלעך. דער פינטלדיקער פלעמלשײַן פונעם צעבויגענעם גאַז־לאַמטערן האָט זיך ציטערדיק געפלעקט רויט און געל אויף די אײַליקע פאַרטוליעטע פאַרבײַגייער, אויף זײַערע פנימער און קליידער. פאַבריק־מיידלעך מיט טיכלעך אויף די קעפּ זענען געקומען פון דער אַרבעט. דער פולגעפּאַקטער טראַמווײַ, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג, האָט זיי — מידע און הונגעריקע — אַראָפּגעלאָזט גרופּעסווײַז. זיי האָבן אָנגעטרעטן אין יִדישן שפּײַזקרעמל, אַ פּול אָנגעשטעלטס מיט פּראָדוקטן, מיט זעקלעך, קעסטלעך, טאָרבעלעך און קאָנסערוון־פּושקעס, אַז ס׳איז זיך דאָרט נישט געווען ווו אויסצודרייען. אַרבעטער מיט פאַרסמאָליעטע פנימער און הענט, האָבן זיך געשטופּט גלײַך מיטן שיינעם מין, געוואָלט וואָס פריִער זײַן אין דער היים. געכאַפּט דאָס פּעקעלע און געלאָפן דערמיט איבערן געסל. אַן עלטערע פרוי אין אַ דערעלע מיט אַ פלאַש נאַפט אין דער האַנט האָט געשטעלט פאָרזיכטיקע טריט, זי זאָל זיך נישט אויסגליטשן און צעברעכן די פלאַש.

פון דער ברייטער גאַס האָט זיך דערטראָגן אַהער, אין כּרירנדיקן שטײַפן געסל אַרײַן, דאָס שאַרפע טראַמווײַ־געקלינגערײַ, דאָס הוילע רוישן פון פּוסטע דאָרפישע וועגענער, וואָס ראָלן מיט די רעדער איבערן שטיינערנעם ברוק. אַן אויסגעצויגענער פײַף פון אַן עקספּרעסצוג האָט אַ שניט געטון מיטן ווינט פון דער זײַט פון די אויסגעשפּרייטע פאַרשנייטע פעלדער, וואָס האָבן זיך גיך גענומען טונקלען נאָכן זונפאַרגאַנג.

משה מעט איז געשטאַנען אויפן ראָג אַן אומגעדולדיקער, פול מיט דערוואַרטונג. זאָל זי שוין אַרויסקומען צו אַלדע טײַוול. וואָס לאָזט זי אים דאָ שטיין און פרירן ,די מויד. ס׳איז שוין איין מאָל אַ וואַנדעלע, די וואַנדע. ער איז נישט מקנא דעם מאַן וואָס וועט אַרײַנפאַלן אין אירע הענט. זי קאָן געבן צו שמעקן

טאַביק. אַ שטיק רשע־מרושה פון אַ מוידטשיסקע. לאָזט אים שטיין און גאַר־נישט. ער האָט זיך געגומען דרייען הין און צוריק אויפן צווייטן טראָטואַר און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון דער אָפּגעלאָזטער פורטקע... אַז וואַנדע וויל מיט אים גיין אין פּאַרק אַרײַן, הייסט עס, אַז ער געפעלט איר, זי האָט אים יאָ גערן. און אפשר מאַכט זי פון אים ס׳געלעכטער, די סמאַרקאַטע, זי זאָל שפּע־טער קאָנען דערציילן זאָשען, אַז „איר״ יינגל איז נישט בעסער פון אַנדערע. דער זעלבער דראַניעוואַטער יונג וואָס אַלע. אַלע מענער פאַרראַטן זייערע גע־ליבטע, און אויך איר יינגל, זאָשעס, איז נישט קיין צדיק אין פּעלץ. אָבער וואָס געדויערט עס אַזוי לאַנג בײַ איר. אַ קאָקעטקעלע. גאַנצע טעג וואָלט זי געקאָנט אָפּשטיין בײַם שפּיגל. ווי „דאָס״ האָט אַזוי שכל צו וועלן געפעלן, אויסנעמען בײַ יינגלעך, ווער זיי זאָלן נישט זײַן און וואָס זיי זאָלן נישט מיט זיך פאָר־שטעלן, אַבי מע זאָל זי האַלטן אין איין באַוווּנדערן.

— וואַנדע!

אַ שלאַנקע מיט אַ גאָלדענער קרוין בלאָנדצעלאָזטע האָר, מיטן שולבע־רעטל אויף אַ זײַט, מיט אַ ניאַבקעלע פאַרנט איבערן שטערן ,האָט זיך וואַנדע געוויזן אין געסל פאַר דער פורטקע. זי האָט געכאַפּט אַ בליק אין ביידע זײַטן און אים דערזען אַ שפּאַנענדיקן פון אומגעדולד. מיט אונטערטענצלדיקע טריט אויפן סקריפּעדיקן שניי, האָט זי זיך געלאָזט אין משה מעטס זײַט אַ צעוויגטע אויף די באַקעלעך מיט אַ שטאָלצפאַרריסענעם קאָפּ. זי איז צוגעקומען צו אים אַ צעשטראַלטע, אַ צעשמייכלטע מיט אַ זאַרגלאָז געלעכטערל. אַ צעבאַלעוועטע קאָזע. זי האָט אים געגעבן אַ נעם אונטערן אָרעם ווי אַן אַלטן באַקאַנטן:

— איר האָט געכאַפּט אַ דראָבנעם ציטער, פּאַניע משה — האָט זי אויף אים אַ שײַן־געטון מיט אירע גרויסע בלאָע אויגן ווי צוויי שטיקער הימל — זאָגט דעם אמת, שעמט אײַך נישט, אַ געפרוירענער מאַנצפּאַרשוין.

— פאַרקערט, כ׳האָב אין גאַנצן נישט געפילט די קעלט — האָט משה מעט געזוכט צו דערגרייכן אירע שפּיצן פינגער.

— איר זענט בייז וואָס כ׳האָב אײַך געלאָזט לאַנג וואַרטן — האָט זי געגעבן אַ מאַך אַן אומשולדיק מינעלע מיט די צונויפגעצויגענע ליפּעלעך — פאַרפאַלן, איר וועט זיך מוזן צוגעווינען, אַט אַזאַ בין איך. ווער ס׳וויל זײַן אײ־מײַן געזעלשאַפט, מוז אויסשטיין אַ סך „פּשיקראַשטשן״.[1] איר מיינט איך האָב נישט געזען ווי איר האָט זיך געדרייט אויפן קאַרק.

— נישט פון דענערווירן זיך — האָט משה מעט זיך געפּרוּווט ווי פאַר־ענטפערן פאַר איר, ס׳איז געווען פון זיסן אומגעדולד, פון דערוואַרטן...

---

[1] אומאָנגענעמלעכקייטן

— אַזוי פאַרליבט זענט איר אין מיר, פּאַניע משה?

— געמיינט, אַז איר מאַכט פון מיר חוזק. איר ווילט מיך אויסשטעלן „נאַ דודקאַך".[1] איך וועט מיך אַזוי לאָזן שטיין אויפן פראַסט און נישט אַרויסקומען: זאָל ער דאַרט פרירן, דער פּריַמייער.

— פאַר אַזאַ שלעכטע האַלט איר מיך?

— איך ווייס?

— זאָל נאָר דער פאַן משה מיר אַ קוק געבן גלײַך אין פּנים אַרײַן, אָט אַזוי, פּנים צו פּנים. אַ מויד אַ מרשעת קאָן האָבן אַזאַ פּנימל?

— לויטן פּנימל אייערס זענט איר די גוטסקייט אַליין, אַ מלאכל אַ שיינס, אַ טײַבעלע. נו, אין דער נשמה קאָן מען דאָך קיינעם נישט אַרײַנקוקן...

— איר גלייבט נישט אײַערע אייגענע אויגן? ווי קאָן מען צו אַזאַ מענטש האָבן צוטרוי? איר קאָנט דאָך מיר נאָך אײַנשטיין אַ גראַנדע אין די אויגן.

— אַזוי ווײַט האַלט עס נאָך נישט. וואַנדע האָט מיר נישט געטון קיין שום שלעכטס, וואָס קאָן איך האָבן צו איר?

— איר זענט אַ מאָדנער, אַנדערש ווי אַלע אַנדערע יונגלעך. איר מאַכט נישט קיין קאָמפּלימענטן, איר טשאַקעט נישט די באַבע. איר רעדט צו מיר, ווי צו אַ דערוואַקסענער פרוי. ס'געפעלט מיר, באמת. איר זענט דאָס ערשטע יונגל וואָס וואַרפט זיך נישט סתם מיט רייד. איר זאָלט זען ווי די יונגלעך קריגן די נכפה פאַר מיר, פאַר מײַן בלויזן קוק. איך פאַרטראַג זיי נישט, די סמאַרקאַטשעס. אָדער זיי פאַרליבן זיך פון „ערשטן אויגנבליק", דערקלערן זיך באַלד אין ליבע, הייבן אָן דעקלאַמירן, ווערן סענטימענטאַל־צעגאַסן, און ביז מע זעט בײַ זיי אַ קוש קאָן פריִער אַרויס די נשמה. אָדער זיי זענען גראַב, ברוטאַל, ציניש, גיבן אומ־געלומפּערט אַ קנײַפּ אויס אַ שטיק פלייש פון בוזעם, כאַפּט־אָן פאַרן הינטן און מיינען, אַז דערמיט קאָן מען נעמען אַ פרוי זיי ווייסן נישט, אַז אַ פרוי קאָן נישט אויסקומען אָן צערטלעכקייט. זיי קאָנען זיך אין גאַנצן נישט קושן. די גאַנצע זינלעכקייט, דער שליסל פון דער לײַדנשאַפט, פון דער ליבע ליגט אינעם קוש. וואָס זאָל איך טון, כ'האָב פײַנט מענער וואָס קאָנען זיך נישט קושן. אין די ליפּן דערקען איך אַ מאַן, צי ער איז אַ קאַלטער, אַ לאַמיכגעמאַך, צי אַ מענטש מיט כאַראַקטער, מיט לײַדנשאַפט, אַ הונדערטפּראָצענטיקער מאַן.

— נו און וואָס דערקענט איר אין מיר — האָט משה מעט ענדלעך באַוויזן איבערצורײַסן איר שטראָם רייד, וואָס גייט שטענדיק באַגלייט מיט אָן ערשט באַקענען זיך פון צוויי יונגע מענטשן.

וואַנדע האָט זיך צוגעטוליעט צו אים ווי אײַנצורוימען אַ סוד:

[1] אויף חוזק

— זאָל איך אײַך שוין אַלץ אויסזאָגן פאַר איין מאָל? איר פאַרלאַנגט נישט אַ ביסעלע צופיל? דאָס לאָז איך איבער פאַר זיך.

משה מעט איז געגאַנגען אַ באַרוישטער. ער האָט געפילט ווי דאָס בלוט זינגט אין אים שירה. דאָס דאָזיקע יונגע מיידל מיטן נאַיוון פרומען פּנימל, וואָס זעט אויס ווי זי קען קיין צוויי נישט ציילן, רעדט רייד פון אַ רײַפע פאַרשטאַנדיקע פרוי. עס רעדט פון איר אַרויס די נאַטירלעכע חכמה פון לעבן און נישט די געקליגלטקייט פון די ביכלעך. איז מעגלעך אַ פּנים זאָל אַזוי קאָנען פאַרמאַסקירן דעם כאַראַקטער? עס ווײַזט איינס — קינדישע נאַיוּוקייט און אומשולד, און איזן איז עס אין גאַנצן עפּעס אַנדערש, דער היפּוך דערפון, פרויִשע דערפאַרנקייט, די סאַמע דורכגעטריבנקייט אַליין. מע קאָן גאַרנישט באַהאַלטן פאַר איר. זי פילט גלײַך דעם מיין פון יענעמס כוונה. זי געהערט צום געפערלעכן טיפּ פרויען, וואָס מע דאַרף זיך היטן פאַר זיי ווי פאַר פײַער, ווײַל זיי קאָנען אַמאָל פאַרבלײַבן — בײַ אַזאַ איינעם וואָס איז נישט מער אויסן ווי אַ בלויזן פלירט — אויף אַ גאַנץ לעבן.

כמעט ווי אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָט משה מעט מיט אַ מאָל דערזען, אַז זיי געפינען זיך שוין אין סקאַרישעווסקיס פאַרק מיט דער ביימער־געדיכטקייט פון ביידע זייטן אַלייע, מיטן פאַרצויגענעם שנייפּריר איבער די שאָטן־דראָטן, לענגויס דעם הויכן אַנשיט ביז אַרויף צום טראָטואַר אויבן אין דער הייך אויף יענער זײַט דראָטענעם פאַרקאַן. פריילעכע געלעכטערס האָבן זיך דאָ געטראָגן אינעם פאַרקטאַל, אַנגעלאָפענע פון די זײַטיקע אַלייען. די שניי־ווײַסקייט האָט געבלענדט די אויגן אין פאַרנאַכט. אונטער די טריט האָט געסקריפּעט דער אײַנגעטראָטענער שניי.

זיי זענען געגאַנגען פאַרשלאָסן אַ האַנט אין אַ האַנט. איר האַנט האָט נישט אײַנגערוט אין זײַנער. זײַן האַנט האָט נישט אײַנגערוט אין אירער. זיי זענען געווען פאַרהאַרכט אין גיין אין זייערע אייגענע אָטעמס. פאַרשידענע פאַרלעך זענען זיי אַנטקעגנגעקומען. טייל ביז גאַר פאַרדעכטיקטע לויטן אויסזען, לויטן קאָנטראַסט פונעם עלטער און דער הלבשה.

וואַנדע האָט זיי נאָכגעקוקט אַ קינדעריש־זאַרגלאָזע:

— זיי זוכן אוודאי אַ שטיקל דיסקרעטע ווינקעלע אין פאַרק. זיי האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטון מיט זייער פאַרבאָטענער ליבע. די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז נאָך ווײַט פון צו זײַן אַ פּערפעקטע אײַנגעאָרדנטע אינסטיטוציע. מענטשן נעמען אָן דעם סעקסועלן פיזיאָלאָגישן געברויך ווי אַ טייל פון דער ליבע. די ליבע האָט נישט דערמיט, לויט מיר נאָך, קיין איבעריק צו נאָענטן שייכות. מע קאָן לעבן מיט אַ מענטש און אים נישט ליב האָבן. און מע קאָן זײַן אין ווען

פאַרליבט און אַנהאַלטן די ליבע אין איר גאַנצן חן און אומשולד, זי זאָל בלײַבן ריין און הייליק.

משה מעט האָט דערפילט, אַז דאָס טרינקט זי צו אים. זי איז דערמיט אויסן צו פאַרגלעטן אירע עסקים מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן. ער אַליין וויל איצט בעסער נישט רעדן דערפון, יעדנפאַל, נישט באַלד אויפן ערשטן אָוונט. ס׳וועט באַך זײַן אַ געלעגנהייט צוריק אויפצומישן דאָס בלעטל.

זײַן שווײַגן, משה מעטס, האָט זי אָנגענומען פאַר אַ גוטער מטבע. וואַנדע האָט זיך איצט צוגעטוליעט אין גיין צו משה מעטס אָרעם. פון ווײַטנס בײַם אײַנגעפּרוּוירענעם סטאַוו האָבן פריילעך אַרומגעשטיפט אַ גרופּע יונגעלײַט. די סטודענטישע היטעלעך זענען זיי געלעגן ווילעריש פאַררוקט אין אַ זײַט. נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי זיי פאַלן נישט אַראָפּ פון קאָפּ. די דערוואַקסענע יונגען האָבן זיך נאַריש געמאַכט ווי די קינדער, זיך געבאַקסעוועט, אַרויפגעשטופּט איינעם אויפן צווייטן, פאַרטשעפּעט יעדעס מיידל וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, זיך געגעבן הינטנאַרום אַ רוק צו מיט אַן איבערגעטריבענעם העפלעכן פאַרנייג, ווי פאַר אַ פּרינצעסין. אַ צווייטער איז געגעבן אַ קום אונטער און אונטערגעשטעלט דער דאַמע אַ פיסל, און ווען זי האָט זיך געגעבן אַ גליטש, האָט דאָס ערשטע סטודענטל זי אַרומגעכאַפּט מיט אַ דריק צו צו זיך אונטערן געלעכטער פון דער אַרומיקער חברה־לצים.

איינער פון דער גרופּע, אַ הויכער, אַן איבערגעבויגענער, האָט זיי ביידן באַמערקט אָנקומען פון ווײַטן. ער האָט זיך געגעבן אַ פאַרריכט דאָס היטל אויפן קאָפּ און זיך געשטעלט מיט דער פּלייצע צום סטאַוו, זיך אָנהאַלטנדיק פון הינטן מיט ביידע הענט אָנעם הויכן דראָטצוים. ער האָט זיי געלאָזט פאַרבײַגיין, וואַנדען מיט משה מעטן, זיי נאָכגעקוקט אַ ווײַל, ווי ער וואָלט געוועזן געהאַט מיט זיך אַ ישוב־הדעת. פּלוצים האָט ער זיך האַסטיק געגעבן אַ קער אָפּ פונעם וואַסער, געטון אַ גיי צו צו זיי און פעסט אָננעמענדיק וואַנדען פאַרן אָרעם זי געצוווּנגען אָפּגיין מיט אים אַן אַ זײַט.

ס׳איז געווען דער זעלבער סטודענט, וואָס משה מעט האָט אים געטראָפן בײַ זיי אין שטוב, בײַ וואַנדען, ווען ער איז ס׳ערשטע מאָל צוריקגעקומען מיט זאַשען פון די מיראָווסקע האַלעס. וואַנדע האָט משה מעטן צוגעוואָרפן אַ „פּשע־פּראַשאַם״[1] און אָפּגעטראָטן מיטן קאַוואַליר, וואָס האָט גענומען אין איר אַרײַנרעדן, זי פאַרוואָרפן און פאַרשיט מיט רייד און אַזוי אַרײַנטענהנדיק אין דער מויד זיך דערווײַטערט מיט איר אין דער טיף פון דער אַלייע.

משה מעט איז געבליבן שטיין ווי אַ נאַר. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיטן בליק

---

[1] „זייט מוחל״.

ווי זיי ווערן דאָרט ווי צונויפגעגאָסן אין איין פלעק. אָט גייט זיך דער פלעק פונאַנדער אין צוויי באַזונדערע זײַטן און אָט ווערט ווידער דאָרט פון אים איין שטיק טונקלעניש. ער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס ער האָט זיך אַזוי ייִנגלעריש באַנאַרישט. וואָס האָט ער זיך עפּעס געלאָזט צונעמען דאָס מיידל. זי איז דאָך נישט געגאַנגען אַליין. יענער האָט זיך דאָך אַפילו נישט אַנטשולדיקט פאַר אים, ווי ער וואָלט בכלל פאַר אים נישט עקזיסטירט. זיך גענומען דאָס מיידל אונטערן אָרעם און אַוועק מיט איר שפּאַצירן, אויף אַ מיאוסן, נאָכאַלנעם אופן און אים געלאָזט אויף דער פליישבאַנק.

ער איז לאַנג געשטאַנען אויף אַן אָרט און געפילט ווי ער ווערט דורכגענומען פון קעלט. די לאַבוסעוואַטע סטודענטן דאָרט בײַם סטאַוו זענען שוין נישט געווען. אַוועק, זיך פונאַנדערגעגאַנגען. דער ווינטערדיקער פּאַרק איז געלעגן פאַרדעקט מיט ווײַסע דעקן. אַרום איז געווען אויסגעשפּרייט אַן אײַנגעפרירטע שטילקייט. קיינער אַרום איז נישט געווען. פון אַ זײַטיקער אַלייע האָט זיך פלורצים דערטראָגן דער סקריפּ פון טריט:

— זיי גייען! — איז אים דורך אַ געדאַנק, משה מעטן — ער וועט פון אים מאַכן קרעפּלפליייש, פון דעם כאַמוילישן סטודענט!

אַ צעפּיבערטער האָט זיך משה מעט גענומען דערנענטערן אין יענער ריכטונג פון וואַנען די טריט זענען געקומען, און באַלד זיך צוריקגעצויגן. ס'איז געווען אַן אומבאַקאַנט פּאָרל. אַ הער אין אַ הוט מיט האַנטשו און גאָלדענע ברילן, און אַ מיידל אין אַן אָפּגעטראָגן מענטעלע מיט אַן אויסגעקראָכן פוטערן קעלנערל.

ער איז געבליבן שטיין אַן אַנטוישטער ווי צוגעטשוועקעט צום אָרט. באַלד האָט ער ווידער פאַרנומען לײַכטע טריט. יאָ, ס'זענען זיכער זיי! ער האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך די טריט, אַריבער דער פאַרצוימונג, זיך דורכגעקריגן דורך די קוסטן און געבליבן שטיין פאַר אַן עלטערער, עלעגאַנטער דאַמע געאָרעמט מיט אַ יונג בחורל. זי האָט געגעבן אַ צאַפּל אויף פאַר שרעק, די דאַמע און זיך געלאָזט מיטן יונגן קאַוואַליר אין דער ריכטונג צום אַרויסגאַנג.

משה מעט איז געבליבן שטיין אין מיטן דער אַלייע, זיך אַרומגעקוקט רעכטס, געקוקט לינקס, געזוכט אין דער טיפער טונקלעניש פאַר זיך און קיינעם נישט געזען. זיי האָבן זיך אַוודאי אָפּגעטראָגן פון פּאַרק, ווי אָט די דאַמע מיטן יאָטל. מעגלעך דער חתן וואַנדעס האָט זי נישט געלאָזט צוריקגיין צו אים. ער איז דאָך אַ ייִד. וואָסערע געשעפטן האָט זי מיט ייִדן. און אפשר האָט זי גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן אין אים. גאַנץ גוט אַזוי. ווי האָט מען אַזאַ שוואַכן כאַראַקטער! ווי איז מען עס אַזוי כאַראַקטערלאָז! האָט זיך משה מעט אַליין פאַרגעוואָרפן, זיך געגעסן לעבעדיקערהייט. צי זעט ער נישט אַליין, אַז ער פאַרקריכט

אַלץ טיפער אין אַ בלאָטע, אַז ער איז שוין ביז איבער די קני אין זומפּ. ס׳איז דאָך אַ יאָגן זיך נאָכן ווינט... וואָס גיט עס וואָס און נאָך וואָס דאַרף ער עס. זי האָט דאָך אים אויסגעלאַכט, די שעלמע. זיי לאַכן דאָך ביידע איצט פון אים:

— ער שטייט דאָרט דאָס יִדלטשינע און היט דעם פּאַרק, מע זאָל אים נישט צוכאַפּן!

ער האָט אַראָפּגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט אַרײַן, משה מעט, און אים געלאָזט אַזוי זונקען אויף אַראָפּ. אַרום האָבן די ביימער געשטאַרט מיט די נאַקעטע דינע צווײַגן. קיין שאָרך איז נישט געווען צו הערן. דער ווײַסער פּאַרק האָט ווי אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. משה מעט האָט געהערט אויפקומען אַ שטים אין זיך, אַ ווײַטע, אַן אומבאַקאַנטע, אַן פאַרב, אָן קלאַנג. זי איז געוואָרן צודרינג־לעכער און מאָנענדיקער.

— נישט דאָס איז דער וועג, משה. נישט אויף דעם וועג דאַרפסטו גיין. דער דאָזיקער וועג פירט אין ערגעץ נישט, אַ חוץ אין אָפּגרונט אַרײַן. טרעט־אָפּ פון דאָזיקן וועג. ס׳איז נאָך נישט שפּעט. שטאַרק זיך, נעם צונויף דײַנע אַלע כוחות. ווערסט באַוויזן, יאָ, מוזסט באַווײַזן. גיסט זיך כסדר דאָס וואָרט. וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס בײַ דיר. יעדן טאָג זאָגסטו זיך צו: שוין, מאָרגן, איבערמאָרגן. און שפּאַנסט אַלץ ווײַטער באַרגאַראָפּ אויף פרעמדע וועגן, אויף אָט דעם וועג, אויף וועלכן דו געפינסט זיך איצט דאָ אין פּאַרק, אויף פוסטע זײַטיקע וועגן.

ער האָט פאַרריסן הויך דעם קאָפּ, משה מעט. זיך צורעכט געמאַכט אויף זיך דעם שינעל מעשה־זעלנער. ס׳איז אים עפּעס קלאָרער געוואָרן אין קאָפּ, ליכטי־קער, ווי אַ הימל נאָך וואָלקנס, רעגן און שטורעם. ער איז געגאַנגען מיט אַ גלײַכן טראָט דורך דער פוסטער אַלייע, געקוקט פאַר זיך און זיך באַוועגט פאָרויס צום אַרויסגאַנג און אין קאָפּ בײַ אים האָט עס געהאַמערט נאָכאַנאַנד, אָן אויפהער: טרעט אָפּ פון דעם וועג, משה! שטעל נישט דײַן לעבן אין סכנה! דו גייסט אויף אויסגעקרומטע וועגן, אויף אויסגעקרומטע, פוסטע וועגן.

# ק אַ פּ י ט ל   ז ע כ צ ן

# „זײַ געבענטשט מיט דײַן קומען און אַוועקגײן"

אין געצײלטע עטלעכע טעג אַרום איז דאָקטאָר ענגלשטערן צוריקגעקומען פון וועג. ער האָט זיך אין דער פרימאָרגן־שעה אַרײַנגעשטעלט אין טיר אין גאַנצן אומגעריכט, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל. ער איז געווען אַרומבאַקלעפּט מיט ווײַסע שטיקער שניי אויפן גרינעם סאַקל, אויף די פּלייצעס און אַקסלען, אויף די לײַכטע לײַוונטענע מתים־לעטשלעך, אויפן שוואַרצן לאָפּאַטע־בערדל מיט די געדיכטע ברעמען, אויף דער לעדערנער בײַכיקער טעקע אין האַנט, אין אַלע פאַלדן, אומעטום האָט זיך געהאַלטן דער שניי.

ער איז געשטאַנען אַ ווײַל אַן אומבאַוועגלעכער, ווי מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם, נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. ס'האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק ווי ער וואָלט זיך מיט אַלע כוחות געריסן דורך דער זאַווירוכע, דורך די בייזע ווינטן, די אומגעזעענע רוחות, וואָס האָבן זיך געלייגט אין דער לענג און ברייט און אים נישט געלאָזט נענטער צוקומען צו דער באַפּטיסטישער שטוב מיטן האַלבגעליימטן קאַלעיאַזש, ביז ענדלעך האָט זיך אים אײַנגעגעבן זיך דורכצושלאָגן אַ וועג און אָט איז ער דאָ.

אין גרויס געאײַל האָט דאָקטאָר ענגלשטערן דערווײַל פאַרגעסן אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם שניי אין פראָסטיקן דרויסן פאַרן אַרײַנקומען אין שטוב אַרײַן. זיך אַרומגעקוקט אין פאַרלעגנהייט און ווי נישט געוואַגט צו עפענען די טיר, דער שטורעם און געווירבל זאָלן זיך נישט אַרײַנקריגן אין שטוב. דער שניי וואָלט אין דרויסן סײַ ווי נישט אַראָפּ. ער האָט זיך געהאַלטן פעסט ווי צוגעקלעפּט.

נאָך דער נישט באַהאַלטענער איבעראַשונג אויפן ערשטן אויגנבליק, איז דאָס קליינע מאַמעלע צו מיט דראָבנע טריטעלעך און אַרויסגענומען די שווערע פול־אָנגעפּאַקטע טעקע פונעם „געטלעכן מאַן", ווי מ'האָט אים דאָ גערופן, און זי אַוועקגעשטעלט אין ווינקל בײַ דער קיך.

דאָקטאָר ענגלשטערן האָט איצט מיט ביידע הענט גענומען אָפּקלאַפּן פון זיך דעם שניי. אין דער אויפגעטײַעטקייט האָט דער שניי גענומען אַראָפּפאַלן, ווי לעצטע בלעטער פון אַ בוים אין שפּעטן האַרבסט. ער אַליין האָט געוואָלט צונויפנעמען, ס'זאָל נישט צעגיין אויף דער ערד, נאָר די באַלעבאָסטע האָט נישט געלאָזט. זי האָט די ערשטע געכאַפּט דעם בעזעם און אַ לײַכטבאַוועגלעכע, ווי אַ קינד, צונויפגעשאַרט דעם שניי אויף דער שופלע און אַרויסגעוואָרפן אין פאַרשנייטן הויף אויף דער הויכגעפאַלענער שנייִקער פוכיקייט, וואָס האָט זיך

געהויבן ביז אַרויף איבער דער הויכער שוועל אַריבער און דערגרייכט די סאַמע טיר.

דער געליימטער באַנאַרבעטער איז געזעסן בײַם טיש, מיט דער פּלייצע גע־שטרעקט אויפן אויסגעבעטן שטול־אָנלען, מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן שטעקן צווישן די שווערע אומבאַוועגלעכע פיס וי די קלעצער. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן די עוואַנגעליע אינעם געלן לעדערנעם אײַנבונד מיט די אָפּגע־ריבענע גאָלדגעליישטע גאָטישע אותיות, וואָס זענען שוין קוים געווען צו דער־קענען. זײַן אײַנגעשרומפּן פּנים איז געווען פּאַרמעטיק מאַט און אויסגעטריקנט, געלוואַקסיק מיט בלאַנבלאָע טיפע רעדער אונטער די אויגן. מיט אַ מאַטער פאַרב־לאָזער שטים האָט ער אַרויסגעלייענט פּסוקים פון דער עוואַנגעליע אַרויס הויך אויפן קול.

די גרויסע שטוב איז געווען לעבלעך, אויסגעקילט. אויף בײַטאָג דאַרף מען נישט הייצן. ס'איז נישטאָ פאַר וועמען. ערשט ווען די קינדער קומען פון גאַס דורכגעפרוירענע ווי די שטשאָקעס, הייצט מען אײַן דעם אויוון. פאַר די אַלטע איז אַזוי אויך גוט. זיי זענען שוין צו אַלעמדינג געוווינט. זיי האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעלערנט שלום מאַכן מיט די אומשטענדן אַזעלכע ווי זיי זענען. דאָס לעבן אַליין לערנט אויס פאַרזען, אַוועקקוקן, נישט קאַליע מאַכן זיך ס'בלוט, וואָרן ס'וועט סײַ ווי גאַרנישט העלפן. פאַרקערט, ס'קאָן נאָך מער צערייצן און ברענגען מער שאָדן ווי נוצן — זיך און יענעם. איז שוין בעסער עס לאָזן אַזוי ווי ס'איז. אַ טאַטע האָט הײַנט ווייניק וואָס צו זאָגן איבער אַ קינד. נאָך דערצו אַ געליימ־טער טאַטע, מיט אָפּגענומענע פיס. ער פילט זיי וואָס אַ מאָל ווינציקער. ער פּרוווט אײַנדריקן מיט אַ נאָגל אין דיקן פלייש און פילט נישט קיין שום וויטיק, ווי אין אַ שטיק האָלץ. אים קאָן שוין קיינער נישט העלפן, אַפילו דער האַר גאָט אַליין אויך נישט. יעדער טאָג איז אַ געוווּנענער. און דער פּאַן דאָקטאָר... שוין בעסער נישט רעדן... גלײַכער שווײַגן. מע קאָן נישט לייקענען. ער איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. די ערשטע צײַט האָט ער טאַקע באַוויזן ניסים. פונעם בלויזן קוק זײַנעם איז אים געוואָרן בעסער. ער האָט געפילט ממש ווי דער וויטיק גייט פון אים אַוועק, רינט פון אים אויס, דאָס ציִען פון די אָדערן טרעט אָפּ און די שטײַפקייט גיט ביסלעכווײַז נאָך, ווערט נאָכגיביקער, טײַעט אויף און ס'קומט אַזאַ זיסע דערלײַכטערונג אין אַלע אברים. ער פילט טאַקע אַ גרינגקייט אין די פיס. דער פּאַן דאָקטור הייסט אים אויפשטיין פון בעט. ער שטייט אויף. ער הייסט אים שטעלן אַ טראָט. ער שטעלט איינעם, נאָך איינעם. דער פּאַן דאָקטור האָט דעמאָלט געעפנט די טיר. דאָס ווײַב מיט די קינדער האָבן געגעבן אַ באַץ אַרײַן אין שטוב אַרײַן. זיי זענען געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך אונטערגעהערט. דאָס ווײַב זײַנס, די שטילע טויב, האָט נישט געוווסט וואָס

מיט זיך צו טון פאר פרייד. זי איז געשפרונגען פאר גדולה. זי איז צוגעלאפן צום דאקטאר ענגלשטערן און אנידערגעקניט פאר אים ווי פאר א גאט, ווי פאר יעזוסן. די קינדער האבן אים ארומגעכאפט קושן, דעם דאקטאר, און וואנדע... ער האט גלייך דערקענט אין איר... זי איז שוין מער נישט געווען קיין קינד... א פאלנע פרוי... פון דעמאלט אן האט זיך עס אנגעהויבן ביי זיי... יא, פריער האט ער אים געקאנט העלפן מיט עפעס, דער דאקטאר. זיין כוח האט געווירקט, זיין דורכנעמענדיקער בליק האט געשטארקט, האט צוגעגעבן קראפט. שפעטער שוין נישט. ער האט שוין מער נישט געקאנט אויסאיבן אויף אים זיין מאגישן שטראם. דער דאקטאר האט אים מער נישט געקאנט קוקן גלייך אין די אויגן אריין. און אזוי האט ער געגומען איינגיין, שרומפן פון טאג צו טאג. איצט איז עס שוין נישט צוריקצוכאפן. ער פילט ווי ער גייט צו גרונט. דער קבר רופט. א שאד דאס לעבן, א גרויסער שאד. עס ווילט זיך נישט אוועקגיין. ס'ווילט זיך נאך אזוי שטארק קוקן אויף דעם אלעם, אויף אט די ווענט, אויפן שענקל, אויפן ווינטערדיקן דרויסן מיטן שנייאיקן בלענד.

דער אויסגעבלייכטער בייניקער אלטער האט ארויסגעהויבן דעם בליק פונעם נייעם טעסטאמענט און איינגעזאפט אין זיך וואס מער פונעם קלארן ווייסן שיין, פונעם ווייכן בלענדיקן ליכט, וואס האט אים ווי דערפרישט און צעשפארט אין אים די ענגשאפט אין דער ברוסט וואס האט זיך געקנוילט און אים געווארגט אין האלדז, נאר דערשטיקט צו ווערן.

אויף יענער זייט פענצטער האבן די שנייפלעטלעך געפלאטערט אן אויפהער, צוגעפאלן צו דער שויב, זיך געדרייט אין געיעג, ארויף־אראפ, נישט איינגערוט. זיי האבן דווקא געוואלט זיך אריינקריגן אינעווייניק און מאכטלאזע זיך אראפגעזעצט דארט אויפן פאראפעט, אפגעשפילט די ראל און געבליבן ליגן צום איינפרירן איבערן ווינטער און מיט דער ערשטער זון זיך צעלאזן, אויפלייזן, צערינען, ווערן נישט.

דאקטאר משה ענגלשטערן — אין בלויזן קאפ, מיט דער פאלקע אפגעצויגענע לאנגע האר — איז אריינגעקומען שארכלאז. די לייוונטענע טריט האבן נישט ארויסגעלאזט פון זיך דעם מינדסטן שפור פון א שוכישן סקריפ און נישט פאררעטן זיין באוויזן זיך אין שטוב, אז ער איז שוין דא — געקומען פון וועג.

דער באלעבאס איז געזעסן ביים טיש אן אריינגעטועטער אין לייענען און נישט באמערקט ווי דער דאקטאר האט זיך אוועקגעזעצט אין מאנטל ביים ברעג טיש און זיך איינגעהערט אין די רייד פונעם לייענער, וואס האט ארויסגעלייענט לאנגזאם, ווארט ביי ווארט:

— „מישפט איר ביי זיך אליין, איז עס שיין, אז א פרוי זאל תפילה טון צו גאט אומפארהילטערהייט? צי לערנט דען אייך נישט די נאטור אליין, אז אויב

א מאן האט לאנגע האר, איז עס אן אומכבוד פאר אים? א פרוי אבער, אויב זי האט לאנגע האר, איז עס איר פראכט, ווײַל די לאנגע האר זענען איר געגעבן געווארן ווי א שלײַער".

— און איר גלייבט אין די אלע שטותים, וואס דא ווערט געשריבן?

דער אלטער האט א צאפל געטון אן איבערגעשראקענער. ער האט דערזען פאר זיך דעם דאקטאר ענגלשטערן מיט דער שווארצער בארד און געבליבן זיצן ווי נישתומם, מיט אויפגעריסענע אויגן, נישט געקאנט פארשטיין ווי אזוי ער האט זיך דערנומען אהער דער פאן דאקטור. ער וואלט דאך באדארפט הערן עפע־נען די טיר:

— איר? דאס זענט איר? ווען איז דער פאן דאקטור ארײַנגעקומען אהער?...

— האט דער אלטער געמומען שטאמלען און צוגעמאכט דעם טרייסלענדיקן נייעם טעסטאמענט וואס ער האט געהאלטן אין זיינע אפענע ציטערדיקע הענט.

— יא, איך בין עס. און איר ווונדערט זיך אוודאי, וואס איך פיר זיך פונקט קאפויער, ווי דער נײַער טעסטאמענט זאגט.

— ווי פאלט איר אויס? ווער זאגט עס, דאקטאר, חלילה, זאל גאט אפהיטן.

— נו, יא, דא שטייט געשריבן, — האט ענגלשטערן אנגעוויזן אויף דער צעציטערטער עוואנגעליע וואס דער אלטער האט געהאלטן א פארמאכטע אין ביידע הענט, — אז ס'איז אן אומכבוד פאר א מאן צו טראגן לאנגע האר און מײַנע האר זענען געגנוג ווײַט פון צו זײַן קורץ. א סך פון די נביאים האבן געהאט לאנגע האר. ישו אליין האט אויך געטראגן א קאפ האר. ס'איז א סוד דערבײַ. נישט יעדער איינער ווייס אים. שמשון הגיבור איז געווען איינער פון די, וואס האבן געוווסט, ווי אויסצוניצן די קראפט פון די לאנגע האר זײַנע אויפן קאפ. פאר איינעם איז די קראפט א פיזישע און פארן צווייטן א גײַסטיקע. אן די לאנ־גע האר וואלט דאקטאר ענגלשטערן נישט געווען דאס וואס ער איז, ער וואלט געווען אלץ, נאר נישט דאקטאר משה ענגלשטערן. די לאנגע האר זענען נישט קיין קאפריז, ווי ס'קאן זיך ווענען אויסדאכטן. אזוי אויך די אפגעלאזנקייט פון א בראדיאגע, א וואגאבונד איז נישט קיין צופעליקייט. די לאנגע האר זענען פונקט ווי אן אנטענע, וואס טראגט איבער די וויברירנדיקע כוואליעס פון דער לופט פון איין ארט אויפן אנדערן; פון איין מענטש צום אנדערן און ווירקט אויס מיט איר גאנצער קראפט, ווי זי האט זיי אויפגענומען. וואלט ענגלשטערן אראפ־גענומען די האר, וואלט איר איצט דא נישט געזעסן מיט אים און געשמועסט. וואלט איר אים אפשר בכלל באלד נישט געווען אריבערגעלאזט איבער דער שוועל.

— אלץ ריכטיק, אבער... אויב אזוי...

דאקטאר ענגלשטערן איז מיט א מאל אויפגעשטאנען פון טיש און זיך אפ־געקערט צום פענצטער. ער האט זיך אנגעשפארט מיט ביידע הענט אן פענצטער־

פאראפעט און געקוקט אויף דער פארלעכער רחבות פון די איינגעדעקטע פעל־דער, וואס האבן זיך געשפרייט פאר זיין אויג אין די ווייסע ווינטערקליידער. סנאפעס שניי האבן זיך אויפגעהויבן און געדרייט אין געווירבל, זיך געדיכט א טראג געטון אין דער ווייט איבערן פעלד, זיך צעפאלן אין ווינטיקן געפאך און ווידער זיך א וויג געטון מיט פולע אויפגעהויבענע הויפנס און פארשטעלט מיט זיך די גאנצע וועלט. אין דער צייט איז די ערד א הארבע, א בייזע, נישט נאכ־גיביק, ווי אן עקשן, הארט ווי א שטיין. מע קאן זי נישט איינבייסן. זי לאזט זיך נישט גראבן, זי ליגט א פארשטשעמעטע, אנגעדראדלט ווי א פויסט.

הינטער אים האט דער אלטער פלוצים ארויסגעלאזט די עוואנגעליע פון די הענט און א פאל געטון נאך איר מיטן פנים און געבליבן אזוי צוגעפלעטשט צום אפענעם נייעם טעסטאמענט מיט א געל גלאנציק גאל שיסעלע פון א ליסינע אין סאמע מיט קאפ.

פונעם טעמפן קלאפ האט זיך דאקטאר ענגלשטערן האסטיק אויסגעדרייט מיטן פנים צום שאטנדיק־פארלאפענעם צימער. דאס מויל זיינס האט זיך אים געעפנט א קיילעכיק אויס ווי ביי א פיש אויף דער טריקעניש, און גלייך פארביסן אין זיך דאס געשריי. ער האט געעפנט די טיר און מיט שוועבנדיקע טריט אויס־געוואקסן פאר דער אלטיטשקער, וואס האט זיך ארויפצו ביי דער קיך געפארעט ביים קאפושניאק, ביים מיטאג מיט די זידנדיקע טעפלעך.

דאקטאר ענגלשטערן האט זי הינטער אירע פלייצעס לייכט ארומגענומען מיט א האנט און נישט געהאט קיין ווארט פאר איר. זיין בליק איז געפאלן אויף דער שריפט מיט די גאטישע אותיות איבער דער טיר. מיט א געדעמפטער שטים האט ער ווי ארויפגערעדט אין דער הייך מיט שטויבונג:

— זע מאטקא, די גאלדענע אותיות איבער דיין טיר זענען שווארץ געווארן, שווארץ...

די אלטע האט זיך אין שרעק אויסגעדרייט אן אויפגעטרייסלטע. זי האט פארהויבן איר בליק צו דער טיר איבערן ביישטידל און ארויסגעשעפטשעט מיט א געבראכענער שטים, ווי זי וואלט נאכגעזאגט די ווערטער פונעם אויסגעהאפ־טענעם פסוק אויבן איבער דער טיר:

— זייט געבענטשט מיט דיין קומען און אוועקגיין...

## קאַפּיטל זיבעצן

# ס'לעבן לאָזט זיך נישט נעמען פֿאַר די הערנער

אין דער באַפּטיסטישער שטוב האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן דער טרויער נאָכן אַלטן קאָלעיאַזש, דעם אײַזנבאַנער, וואָס איז אויסגעפּאָרן זײַן גאַנץ לעבן אין די פּאַסאַזשיר־באַנען, עקספּרעסן און פּראַכטצוגן, אין כסדרדיקן באַוועג, און לסוף געשטאָרבן אַ געליימטער. מיטן ערשטן לאָזן פֿונעם פֿראָסט אויף די אײַזפּאַרקאָוועטע שויבן איז אויך דער אָבלדיקער צער נאָך אַ מענטשנס אַוועקגיין אויף מער זיך נישט אומצוקערן געוואָרן אָפּגעווישט ווי מיט דער האַנט; אויסגעוועפּט געוואָרן ווי קיין מאָל גאָרנישט געווען, ווי דער מענטש וואָלט בכלל נישט געווען עקזיסטירט אויף דער וועלט און נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער שטוב, פֿון וואַנען מ'האָט אים אַרויסגעפֿירט מיט גרויס פּאַראַד און פֿײַערלעכקייט אויפֿן שטילן צווינטער אַרויס.

דאָס מאַמעלע בלויז, די שטילע מאַטולע איז געוואָרן נאָך קלענער ווי זי איז געווען. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער דער פּוסטער שטוב ווי אַ קוואָטשקע, וואָס מ'האָט איר צוגענומען אַלע הינדעלעך. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי זיך דערמאָנט אינעם מאַן, דעם „ניעבאָשטשיק"[1]. אוי, איז ער איר דערגאַנגען די יאָרן. כסדר זי געהייסן גיין זען וואָס די קינדער טוען דאָרט אין מיטן דער נאַכט. ס'זאָל אים נאָר נישט גערעכנט ווערן, ווי ער האָט געקאָנט פּאַרמאַטערן, אַז מע זאָל זיך פֿאַרשעלטן דאָס אייגענע געביין. מע טאָר אַזוי נישט רעדן. אָבער זי פֿילט אַליין, אַז ווען ס'דאַרף געדויערן נאָך אַ ביסל לענגער, וואָלט זי פֿריִער געווען אויסגעצויגן די קאָפּיטעס, פֿאַר אים.

דער אַלטער איז צופֿיל געהאַט געפֿאַלן די שטובמענטשן צו לאַסט, אַז זיי

[1] בר־מנן, געשטאָרבענעם

זאָלן נישט פילן קיין דערלײַכטערונג מיט זײַן אַוועקגיין. כאָטש דער געלײמטער האָט בײַם לעבן קיין מאָל גאָרנישט געפּאָדערט פון די קינדער, זיך באמית נישט צו דאַרפן בעטן בײַ זיי עפּעס, באַלעסטיקן זיי אַפילו מיטן מינדסטן. דאָך האָבן זיי געפילט, אַז דער אַלטער טאַטע שטערט זיי אויף טריט און שריט. ער האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה מיט זײַן בלויזן אומהיימלעכן ליגן אויפגעזעצטערהייט אין בעט; אַ מאָדנע דערדריקנדיקע שווערקייט פון אַן איבעריקן באַלאַסט, וואָס האָט געווירקט דעפּרימירנדיק אויפן געמיט פון אַלע שטוביקע. אָפט מאָל האָט זיך געדאַכט, אַז די טריבע פּאַנאָראַמע וועט זיך קיין מאָל נישט ענדערן. דער דאָזיקער אומדערטרעגלעכער צושטאַנד וועט אַזוי אָנהאַלטן יאָרן מיט יאָרן.

די זשוואַווע אַלטיטשקע מיטן טיפצעקנייטשטן קעצישן פּנימל האָט נישט איין מאָל פאַרמרוזשעט די גראָע קעצישע אויגן, זיך אָנגענומען מיט צוויי פינגער פאַרן גאָמבעלע און אַזוי פון אַ זײַט געקוקט אויפן מאַן, דעם ליימענעם גולם, ווי די קינדער האָבן זיך טייל מאָל אַרויסגעכאַפּט אויפגערעגטע, גלײַך ווי דער טאַטע זייערער וואָלט שולדיק געווען אין אַלע זייערע צרות. אַ מאָדנע זלידנע געדאַנקעלע האָט זיך צו איר צוגעטשעפּעט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן. זי האָט זיך דערמאָנט ווי וואַנדע האָט איין מאָל געזאָגט צום חתן מיטן צעקנייטשטן סטודענטישן היטעלע: „טען סטאַרי פּריק״, ער וועט אונדז נאָך אַלע איבערלעבן, דער אַלטער פּריק. זי איז דעמאָלט געווען בייז אויף דער טאָכטער פאַר די דאָזיקע רייד, און שפּעטער האָט זי אַליין נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי ס׳ווערט עס אַ מענטש נישט פאַרמיאוסט צו זיצן אַזוי אומבאַוועגלעך שעהענלאַנג נאָכאַנאַנד און נישט קיין פינטל טון מיטן אויג, גלאָצן שטאַר ווי אַ מומיע, ווי ער וואָלט אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן אין דער זיצנדיקער פּאָזע, ווי אַ שטיק שטיין.

נאָכן טויט פונעם אַלטן האָט די גאַנצע שטוב איצט ווי אויפגעלעבט. די שטענדיקע אײַנגעהאַלטענע קרעמפּירטקייט, וואָס האָט אַלעמען געהאַלטן ווי געבונדן מיט שטריק, האָט נאָכגעלאָזן, ווי אומבאַמערקט, זיך אָפּגעטון. מ׳האָט שוין נישט געדאַרפט גיין אויף די שפּיץ פינגער, מורא האָבן צו עפענען ס׳מויל, צו געבן אַ הויכן לאַך. ווער שמועסט נאָך וועגן פאַרבעטן וועמען אין שטוב אַרײַן, מאַכן אַ ביבקע, אַ היימישע זאַבאַווע. ווי דען קאָן אַ מיידל קריגן אַ חתן אויב נישט אויף אַזאַ אופן. זיי האָבן זיך גענוג אָנגעליטן דאָ די צוויי מיידלעך אין דער שטוב, יונגע קינדער. ס׳לעבן הייבט זיך ערשט אָן פאַר זיי. ס׳ווילט זיך געבן אַ זונג, אָנשטעלן דעם גראַמאָפאָן און כאַפּן אַ טענצל, אַט אַזוי ווי אַמאָל, ער האָט שוין פאַרגעסן די צײַט, דער גראַמאָפאָן מיט דער טרובע דאָרט אויפן הויכן סטאַיאַק אין ווינקל, ווען ער האָט הייזעריקלעך אַ גרימפּל געטון אויף דער אָפּגעריבענער פּליטע אַ פריילעכן הוידאַ־דאַנאַ מיט אַ הושאַ־שושאַ. די זאַשע איז געווען אַ טײַוול אין טאַנצן. נישט די זעלבע מויד וואָס הײַנט. ווי אַ וויכער

איז זי געגעבן אַ גיי, מיט אַ שיק, מיט אַ ברען, אַז די יונגען האָבן געקריגן די בפרה פאַר איר. דעם קאָוואַלס יינגל פון אַנדערן געסל, וואָס איז געפאַלן אויפן פּראַנט, האָט זי געגעבן אַ נעם פאַר דער טאַליע, זאַשען, און געמאַכט קאָמישע פיגורן אין טאַנצן, אַז מ׳האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן. ער האָט זיך געגעבן מיט איר אַ בייג אויף רעכטס און אַ וויג אויף לינקס, דעם קאָפּ אַנגעבויגן אַן אַ זייט, געהויבן די פיס ווי זיי וואָלטן געווען פון גומע און יעדעס מאָל מיטגעהאָלפן זינגען דעם רעפריין פונעם הייזעריקן גראַמאָפאָן:

— הו־ו־ו־ו־שאַ־שאַ!
אַנטעק נאַ האַרמאָני גראַ!...

— — — — — — — — — — —

הושאַ־שושאַ, הושאַ־שושאַ,
הושאַ־שושאַ, הושאַ־שאַ!!!

ס׳איז געווען אַמאָל גאַנץ היימלעך אין דער שטוב, געדענקט זי, דאָס מאַ־מעלע. די יונגען האָבן דאַ געקלעפּט ווי די מאָטילקעס צום פייער. די צוויי מייד־לעך האָבן צוגעצויגן די גאַנצע גאַס בחורים. ווען נישט דאָס אומגליק מיטן פּאַ־ראַליזש, וואָלטן זיי שוין לאַנג געווען געהאַט מענער, פאַרדינערס, וואָס זאָלן פאַר זיי אַרבעטן און זאָלן זיי יעדן שבת נאָכמיטאָג אַהיימברענגען די פּענסיע, ווי ס׳פירט זיך ביי לייטן.

די קרענק פונעם אַלטן האָט פון אַלעם אַ וויסטן תל געמאַכט. אַלץ איז גע־גאַנגען צו גרונט. די שטוב איז שוין נישט געווען קיין שטוב אַרייצוקומען. ס׳האָט זיך שטאַרק געפילט. אַפילו די ווענט זענען געווען דורכגענומען מיטן שווערן זאַ־דוך פון צוגעלעגן לייב. איר אַליין, אַז זי איז געקומען פון גאַס, האָט עס איר גע־געבן אַ שלאָג צו דער נאָז, ס׳האָט דערמאָנט אין אַ פערדשטאַל. וואָס ס׳איז אַלץ באַשאַפן געוואָרן פאַרן מענטשן!

די שטוביקע האָט עס שוין נישט אַזוי געאַרט. נאָר אַ פרעמדן מענטש האָט עס פאַריאָגט. מ׳האָט אויפגעהערט אַריבערטרעטן די שוועל. די שכנים אַרום האָבן אויסגעמיטן די שטוב, ווי ס׳וואָלט געהאַנגען אַ קללה איבערן דאָזיקן הויז.

איין משה מעט, דער יידישער זעלנער אין פּוילישן מונדיר, האָט זיך נישט געמאַכט דערפון. ער האָט זיך באַלד פון ערשטן טאָג דאַ געפילט ווי ער וואָלט גע־ווען אַן אייגענער, פון דער מישפחה, און מע מוז אַלץ נעמען פאַר ליב, אַלץ וואָס דער גורל טיילט צו מיט אַ ברייטער האַנט. צרות זשאַלעוועט ער נישט, דער גורל. אויף דעם איז ער נישט קאַרג. דער משה מעט איז דאַ געווען די איינציקע

טרייסט, אַז די וועלט איז נאָך אַ וועלט. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ער קאָן קיין קאָץ קיין ווײדל נישט צובינדן. טראָגט זיך אַרום מיט פּוסטע חלומות. ווערט פאַרפאַלן אויף גאַנצע טעג מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן. נאָך וואָס דאַרף זי אים נאָך דאָ צו האָבן? ער האָט ס׳זייניקע געטון, און גאָט — דאָס זײַניקע. איצט קאָן ער גיין. ער איז שוין דאָ אַן איבעריקער. און זאָל ער לאָזן צורו משה מעטן. פריִער האָט ער נאָך געפּלעגט מיטגיין מיט זאָשען אויפן מאַרק אַרויס, משה מעט, געהאָלפן לייזן געלט. ס׳האָט אויסגעזען אַז אַלץ גייט גוט, און זינט דער דאָקטאָר איז געקומען איז ער געוואָרן איבערגעדרייט, ווי אַ מאַנטל וואָס מע טוט אָן אויף דער אַנדערער זײַט. נישט דער זעלבער משה מעט.

די זאָשע איז גאָר אַ פאַרנאַרט שטיק. זי ווייסט נישט וואָס ס׳טוט זיך מיט איר. אין פּראַקטישקייט מעג זי אײַנקלאַפּן מיט משה מעטן. זי דאַרף זיך אים אַרויסשלאָגן פון קאָפּ אַרויס. ער איז נישט פאַר איר קיין פּאָר. ווען זי וואָלט געווען אַ מענטש, ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן, וואָלט זי שוין לאַנג איבערגעריסן מיט אים. אַ דערוואַקסן מיידל זאָל זײַן אַזוי לײַכטזיניק און נישט טראַכטן וועגן מאָרגן. וואָס וואַרט זי, ער זאָל זי לאָזן שטיין? זאָל זי בעסער מאַכן אַ קניפּ מיט אַ שלייף. אָדער אַהין אָדער אַהער. ס׳ייִנגל געפעלט דיר? רעדט מען מיט אים אָפענע דיבורים. סײַ ווי לעבט זי מיט אים. וואָס זשע פעלט אויף צו ווערן מאַן און ווײַב און גיין פאַר זיך? יאָ אַ שלוב נישט קיין שלוב. ווילסט לעבן „נאָ וויאַרע״? — לעב „נאָ וויאַרע״. אַ מענטש דאַרף דאָך וויסן אויף וועלכער וועלט ער איז. און די מויד גאַרנישט, ווי נישט זי מיינט מען. זי וויל נאָר, דאָס מאַמעלע זאָל זיך נישט מישן. „זאָל די מאַטולאַ זיך פאַרנעמען מיט אירע זאַכן״. זי מישט זיך דען אַרײַן? מע האַלט זי שוין פאַר אַן עובר־בטולניצע. זינט דעם מאַנס טויט זעט מען זי שוין אין גאַנצן נישט. אָבער ווער פאַרזאָרגט די שטוב? ווער קאָכט? ווער רוימט? ווער וואַשט? ווער פירט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט? — אויב נישט זי, דאָס מאַמעלע. אַלץ טוט זי טאַקע, נאָר קיין דעה האָט זי נישט. זי טאָר זיך אין ערגעץ נישט אַרײַנמישן. מעג זי אַפילו זען ווי אַ קינד גייט ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַרײַן, דאַרף זי דריקן אין זיך און פאַרבײַסן די ליפּן. און אפשר, זענען די קינדער גערעכט. איין וואָלף וועט דעם צווייטן קיין שלעכטס נישט טון. זיי זענען יונגע מענטשן. זאָלן זיי פירן ווי ס׳גלוסט זיך זיי אַליין. די יוגנט וועט זיך שוין איר שטעטל אַליין באַשטיין. אויפן הײַנטיקן יונגוואַרג קאָן מען זיך פאַרלאָזן. מיט ווּעמען מע זאָל נישט רעדן וועט מען זיי געבן גערעכט. יונגע כוחות קאָנען אויפטון אַ וועלט. זיי ווייסן וואָס זיי ווילן. אַזוי זאָגן זיי. אַז זיי וועלן עלטער ווערן וועמיר דעמאָלט זען ווער ס׳איז געווען גערעכט. דער־ווײַל אָבער ווערט די שטוב אירע וואָס אַ מאָל פרײַער, צעלאָזענער, פאַרשײַטער, זינדיקער. מע ווייסט נישט מער פון קיין בושה. ווי דורך איבער נאַכט האָט מען

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס שעממיצל, און מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן — ווייסט זי נישט אַליין, די אַלטע מאַמע. איין גאָט אויף דער וועלט ווייסט צו וואָס אַזאַ פּירעכץ קאָן ברענגען. נאָר אַז ער קוקט דאָס צו פון אויבן און שווײַגט, דאַרף זי דאָ אונטן אַוודאי פאַרבײַסן אַ ליפּ און מאַכן אַ שווײַג. די וועלט קאָן מען נישט איבערמאַכן פון הײַנט אויף מאָרגן. און זי איז זיכער נישט די גרויסע אויפטועריין וואָס זאָל בכוח זײַן צו רירן דעם שטיין פון עקשנות פון אָרט. דערצו דאַרף מען האָבן אַן אײַזערנעם כאַראַקטער, און ערשט דעמאָלט איז מען נישט זיכער צי ס׳וועט זיך אײַנגעבן. טאָ זאָל זיך עס שוין פירן ווי ס׳פירט זיך. וואָס קאָן מען מאַכן מע קאָן נאָר ווערן לעכערלעך אין יענעמס אויגן, נישט מער. אַ דאַן קישאָט. כאָטש אויך צו דעם דאַרף מען האָבן כוח, איבערמענטשלעכן כוח. פאַרפאַלן, מיט געוואַלט קאָן מען גאָרנישט מאַכן. דאָס לעבן לאָזט זיך נישט בעמען פאַר די הערנער.

ק אַ פּ י ט ל   אַ כ צ ן

# אויף אַ באַנק אין זאַקסישן גאָרטן

אַ העלע וואַרעמע ווינטער־זון האָט פון אין דער פרי אָן פאַרבלאַנקט די גאַס מיט שטיקער זילבערדיקן שײַן און בלענד און צעשמאָלצן די הויכע אָנגעהויפּטע קופּעס ברודיקלעכן שניי, וואָס זענען געלעגן אײַנגעפרוירענע בײַם ראַנד טראָטואַר פון ביידע זײַטן פון יעדן טויער. די דורכגעשטראַלטע מיניעדיקע ריטשקעס זענען זיך צעפלאָסן איבער די טראָטואַרן. מיט די שפּאַלטוועגן צווישן די שטיינפּליטעס און זײַטיקע שטעגלעך, זיך געיאָגט אין די ראָוון אַרײַן — איינס נאָך ס'אַנדערע, פריילעכע, זינגענדיקע, זיך געאײַלט און פאַרפּלאָנטערט צו עטלעכע פאַר אַ מאָל און שוין געלאָפן אין איין שטראָמל, דורכגעשלאָגן זיך אָן אייגענעם וועג צום ראָוויקן פּלוס.

משה מעטן איז הייס געוואָרן אינעם שינעל. ער האָט אַ דערשוויצטער געשטעלט אײַליקע טריט. אַריבערגעהיפּערט פאָרזיכטיק מיט אַ שפּרונג־אונטער די בלאָטקעלעך און קאַלוזשעס נישט אײַנצונעצן זיך די צעכלאַפּעטע שיך. עס רינט אין זיי אַרײַן. אויך זעלנערשע זוילן מוזן זיך אַ מאָל אויסרײַבן. ער האָט זיך אין מיטן גיין צורעכט געמאַכט דאָס גרינלעכע מיליטערישע היטל אויפן קאָפּ אַז ס'זאָל ליגן זעלנעריש, אויף אַ זײַט, מיטן צעבויגענעם פּוילישן אָדלער און אָפּגעשאָסענעם רויטן בענדל פונעם פאַרדינסטצייכן, וואָס מ'האָט אים אָנגענייט פאַרן אײַננעמען ווילנע, גלײַך נאָכן באַזעצן די שטאָט. ס'איז געווען אַ מין האַנטגעלט, אַ קאָנטע אויפן צוגעזאָגטן מעדאַל, וואָס מ'האָט אים פאַרגעסן צוצושיקן. ס'האָט שוין נישט איצט אין גאַנצן קיין קאָליר דאָס בענדל. ס'זעט אויס ווי אַן איבערגעבליבן שטיקל אָפּגעבלאַקעוועט טאַשמעלע פון אַן איבערגעניטשעוועטער זאַך אויף דער אַנדערער זײַט, וואָס מ'האָט פאַרגעסן אַראָפּצורײַסן. ער האָט עס שוין לאַנג געוואָלט געבן אַ טרען אַראָפּ, ס'זאָל נישט בלײַבן דערפון קיין זכר. נאָך דעמאָלט, נאָכן געשלעג מיט די האַלערטשיקעס. נאָר עפּעס האָט ער עס נישט געקענט פּועלן בײַ זיך. ס'איז אים אויסגעקומען ווי ער וואָלט זיך אַליין דערמיט געווען דעגראַדירט, זיך אַליין געשפּיגן אין פּנים אַרײַן.

וואָס ווײַטער ער איז אָפּגעגאַנגען פון די מיראָווסקע האַלעס, אַלץ גיכער האָט ער גענומען שטעלן פיס, ווי איינער וואָס האָט מורא מע זאָל אים נישט צוריקרופן. ער איז אונטערגעלאָפן בײַם אַריבערגיין די גאַס פון איין זײַט טראָטואַר אויפן אַנדערן... ער האָט זיי געלאָזט שטיין אין סאַמע בעסטן לייזן, זאָשען מיט דער הויכער ריוועטשע מיטן קינד אויף דער האַנט. זאָשע האָט געוואַלדע־

וועט, אים געזידלט, געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלײַך, און די הויכע ריווטשע האָט זיך בײַ אים געבעטן ווי אַ קליין קינד, ער זאָל בלײַבן כאָטש ביז צום מי־טאָג, ווען ס׳וועט שוין זײַן נאָך דער גראַטשקע. זיי וועלן זיך דאָרט טאָקע נישט קאָנען קיין עצה געבן אַליין מיטן וווזיק זאַבאַווקעס אָן אים. מע וועט זיי דאָרט צעטראָגן דאָס גאַנצע ביסל סחורה. נאָר וואָס קאָן ער זיך אָבער העלפן. אַז מע וויל זײַן פרײַ, מוז מען עפּעס ברענגען אַ קרבן. איבעריקנס, ער קלערט דען צו בלײַבן אַ שפּילצײַג־הענדלער, אַ האַלע־שטייער? וואָס וועט ער זיך עפענען אַ בויד אויפן יאַריד מיט לײמענע הייליקע בילדער און בלאָע גלעזערנע צלמלעך. דער „דרײַסיקער אַ שטיק" שלאָגט אים שוין צו דער גאַל. ער איז זיי מוחל די פּאָר גראָשן וואָס זיי גיבן אים, די צוויי באַבעס. מיטן געלט און אָנעם געלט איז ער דער זעלבער גאַלענער. ער קאָן העכסטנס אָפּשפּאָרן אויף צו פאַרריכטן די שיך, ס׳זאָל נישט אַרײַנרינען אין זיי, זיי זאָלן נישט אַזוי קוואַקען ווי די זשאַבעס.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז בילכער פון זייערע פערדעלעך, מיט די טרו־מייטערלעך און נאַקעטע שאַלעמויזן. ער וואַרט שוין דאָרט זיכער אויף אים אין פּאַרק. ער וויל זיך נישט פאַרשפּעטיקן משה מעט. ער איז דאָך עפּעס אָן אויס־געדינטער סאָלדאַט. פּונקט צו דער מינוט מוז ער זײַן אויפן פּלאַץ. ס׳זאָל דונערן און בליצן מוז ער זיך צושטעלן אין גאָרטן, אויפן אָפּגערעדטן אָרט אין פּאַרק.

פון דער ווײַטנס נאָך, ווי נאָר ער איז אַרײַן אין זאַקסישן גאָרטן, האָט ער אים שוין געזען זיצן אויף דער באַנק, דעם דאָקטאָר. פון ווי ווײַט איז געווען צו דערקענען די קאָנטורן פון דאָקטאָר משה ענגלשטערן מיט דער לאַנגער פאַלקע האָר, ווי משה מענדלסאָן, ווי שפּינאָזע. אויפן לייכטן גרינעם סאַקל האָט אָפּ־געשלאָגן דער ווײַסער אויפגעלייגטער סלאָוואַצקע־קאָלנער פון העמד. טיף, טיף אַרויף אין דער אַלייע איז ער דאָרט אַליין געזעסן מיט דער האָריקער ברוסט וואָס קוקט אים אַרויס זומער און ווינטער פונעם אָפענעם גאָרס. איין באַנקזיצער אין גאַנצן פּאַרק. אַרום איז קיינער נישטאָ. וועלכער משוגענער וועט זיך עס הײַנט אַוועקזעצן אין גאָרטן? בלויז איין ענגלשטערן. ערגעץ אַנדערש האָט ער זיך נישט געוואָלט מיט אים אָפּשמועסן, מיט משה מעטן, כאָטש גיב אים וויפל. נאָר אין זאַקסישן גאָרטן אויף אַ באַנק, דאָרט וועט ער אויף אים וואַרטן. ער רעכנט זיך נישט מיט גאָרנישט און מיט קיינעם נישט. ער לאַכט פון דער וועלט. אַזוי ווי ס׳געפעלט אים אַזוי פירט ער זיך, גלייך ווי דאָס פירעכץ פון אַ גאַנצער וועלט וואָלט פאַר אים נישט געווען עקזיסטירט. און ער האָט זיך נישט מיט וואָס צו רעכענען. אין בעסטן פאַל — קומט אויס לויט אים — פירט זיך די וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. מיטן גלײַכן וועג גייט ער און נישט די וועלט. אַ מענטש אַ טשודאַק, זאָגט ער שטענדיק אויף זיך, אַז אַנדערע זאָלן עס פאַר־שפּאָרן צו זאָגן אויף אים. און אַזוי איז ער טאָקע, דער ענגלשטערן.

די אָרומיקע גאָרטנבענק זענען געשטאַנען אומעטיקע אין די פוסטע אַלייען. דער ראָזלעך־גרינער שניי האָט זיך געפלעקט מיט שוואַרצע שטיקער נאַקעטע ערד, וואָס זענען פליכטוואַטע אַרויסגעקראָכן דאָ און דאָרט פון אונטערן ווײַסן צודעק אַפער. איינצלנע פאַרבײַגייער האָבן זיך גערעגט ווי געאײַלט, מיסתמא אין אַ באַנק אַרײַן, אויף יענער זײַט גאָרטן, צאָלן אַ וועקסל, צי צו אַ רעיענט — אויסצוקויפן אַ וועקסל, ס׳זאָל נישט גיין צום פּראָטעסט. אין די שטילע געסלעך דאָ אַרום די זײַטיקע גאָרטן־אַרויסגענג, די פּרעדרע און אַנדערע געסלעך, געפינען זיך די בענק־געבײַדעס מיטן עלעקטרישן ליכט וואָס ברענט דאָרט גאַנצע טעג, מיט די צענדלינגער באַאַמטע, וואָס זיצן דאָרט הינטער די קראַטן ווי אין אַ תפיסה און טוען מער גאָרנישט, ווי נאָר זיי ציילן געלט, ציילן און פּאַקן פּעקלעך, נעמען אַרום מיט אַ באַנדראָל און שרײַבן אויף שווינדלדיקע ציפערן: 5.000, 10.000, 100.000. צאָלן אויס און קאַסירן אײַן. סוחרים שרײַבן טשעקן, שטעלן אויס וועקסלען, דיסקאָנטירן, פּראָלאָנגירן, צאָלן, טוישן, פאַרלענגערן, פירן געשעפטן; טויגן זיך אויס; אָריענטירן זיך אין די אַלע שמאָלע, טונקעלע ווענעלעך און שטע־געלעך פון דער פינאַנצוועלט, לייגן אַרײַן דעם גאַנצן חוש זייערן אין עפּעס אַן אומגעזעענעם מעכאַניזם מיט קאַלקולאַציעס, חשבונות, מאַניפּולאַציעס, וואָס מוז זיי — אין לעצטן סך־הכל נאָך אַלע אויסרעכענונגען — אַרײַנברענגען כּד־וכך פּראָצענטער ריווח, הײַנט אַזוי פיל, מאָרגן אַזוי פיל, און איבערמאָרגן פאַרט מען אין אייגענע אויטאָס, מע האַלט לאָקייען, מע ווערט אַ ווירט פון אַ קאַמע־ניצע, מע קויפט זיך ווילִיעס, און מע גייט אין גאָלד.

אים נעמט עס נישט, משה מעטן. ער פילט נישט דערצו קיין גלוסט. ס׳האָט אים קיין מאָל נישט געצויגן צום עגל־הזהב. נישט עס רייצט אים דאָס גאָלד און נישט עס אינטערעסירן אים די פאַרכישופטע חשבונות פון די וואַקסנדיקע פאַרמעגנס, וואָס פליסן דורך געהיימע קוואַלן אין די פײַער־קאַסעס. ס׳ליגט אים אין דער לינקער פּיאַטע דאָס גאַנצע שווינדלדיקע ראָד, אין וועלכן מענטשן זע־נען אַרײַנגעדרייט מיט לײַב און לעבן און זעען זיך אַליין מער נישט אַרויס פון דאָרט. ער גוסטירט נישט דערין. ער דאַרף עס אויף אַ גוטער כפרה. ער וויל בע־סער זײַן אַ פרײַער פויגל. ער זאָל קאָנען טון מיט זיך וואָס ער וויל. ער זאָל הערשן איבער דער צײַט און נישט די צײַט זאָל מיט אים פירן אַ שפּיל פון קאַץ און מויז. ער וויל נישט זײַן אָפּהענגיק פון עפּעס אַ פענצטערל, פון עמעצנס אַ קאַפּריז. צי קאָנען דען די אַלע מענטשן באַגרייפן, פילן דעם טעם פון זײַן פרײַ ווי ער איז איצט. פרײַ פון זאָרג, פון עול, אָן קיין שום כאָמעט פון דאגות און קאָפּברעכעניש, אָט ווי דער דאָקטאָר משה ענגלשטערן, וואָס ס׳איז אים נאָר מקנא צו זיין. ער געפעלט אים. ער איז אָן אידעאַלער טיפּ פון אַ פרײַען מענטש. אומאָפּהענגיק און זעלבשטענדיק. ער זיצט דאָרט אַרײַנגעטון אין דער אָפענער

טעקע, וואָס ער האַלט פֿאַר זיך אויף די קני. ער לייגט דאָרט איבער די פּאַפּירן זײַנע, מאַכט אַן אָרדענונג אין זײַן „באַוועגלעכן קאַבינעט״, וואָס ער פֿירט מיט זיך מיט אומעטום ווו ער גייט און קומט. אפֿשר פֿיר צי פֿינף אָפּטיילן זענען דאָרט פֿאַראַן. יעדער אָפּטייל שטעלט מיט זיך פֿאַר אַן אַנדער ווינקל פֿון אַ קאַוואַלערסקע צימערל. דאָ ליגן טואַלעט־זאַכן, אַ ציינבערשטל, אַ שטיקל זייף פֿון אַ באָד, אַ האַנטעכל מיט נאָדל־פֿאָדעם; דאָ ווידער ליגן ברודיקע קעלנער, שקאַרפּעטן צום וואַשן, פֿון איין זײַט און פֿון דער אַנדערער — אַ בלעכן טעלערל, אַ צונויפֿגעלייגטער לעפֿל־מעסער־גאָפּל, וואָס ספּאָרטלײַט נעמען מיט זיך מיט אויף אויספֿלוגן. אין מיטלסטן אָפּטייל ליגן באַשריבענע העפֿטן, בראָשורן, אַן אייגן בלעטל פֿון אַן איינמאָליקער אויסגאַבע, אַ פֿאַרקאָרקעוועט פֿלעשעלע טינט מיט רעדאַקציע־שטעמפּלען און קאָלירטע פּלאַקאַטן פֿון פֿאַרגעקומענע פֿאָרלעזונגען און פֿון רעפֿעראַטן, וואָס דאַרפֿן ערשט געהאַלטן ווערן. פֿון אַלע פּלאַקאַטן קוקן אַראָפּ ריזיקע אותיות פֿון פּרעלעגענט: „ד״ר משה ענגלשטערן״. די שטעט זענען נאָך נישט באַשטימט אויף זיי. מע דאַרף בלויז צושרײַבן דאָס אָרט מיט דער דאַטע און דעם אַדרעס פֿונעם זאַל און דער פּלאַקאַט איז גרייט אויפֿגעקלעפּט צו ווערן איבער דער שטאָט. ממש איבער נאַכט ווערט ער באַרימט דער דאָקטאָר ענגלשטערן אין יעדער שטאָט ווי ער קומט נאָר אַרײַן.

אַ פּאַרטועגער אין די פּאַפּירן איבער דער אָפֿענער טעקע האָט דער דאָקטאָר ענגלשטערן ערשט באַמערקט משה מעטן, ווען דער שאָטן פֿונעם אָנקומענדיקן האָט שוין דערגרייכט די באַנק ווו ער איז געזעסן. אויף דער גיך האָט ער געגעבן אַ פֿאַרפּאַק און פֿאַרשטופּ דאָס ביסל בעבעכעס, וואָס איז געווען צעלייגט אַרום אים. ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און אַ דערפֿרייטער אַקעגנגעגאַנגען משה מעטן מיט דראָבנע טריטעלעך, ווי ער וואָלט אויפֿגענומען, נישט אין פּאַרק, נאָר בײַ זיך אין שטוב, אַ חשובן גאַסט:

— גוט וואָס איר זענט געקומען — האָט ער געגעבן משה מעטן אַ נעם־דורך מיט זײַנע ברענענדיקע קוקערס — כ׳האָב אײַך צו זאָגן אַ סך וויכטיקע נײַעס. כ׳האָב געמיינט, איר וועט נישט קומען און שוין געקלערט אַוועקגיין. דער־מאָלט וואָלט צווישן אונדז אַלץ געווען איבערגעריסן. איר וואָלט שוין מער משה ענגלשטערנען נישט געווען געזען פֿאַר די אויגן. אַזאַ טשודאַק בין איך. מיר האָבן אַ סך זאַכן איבערצורעדן און נאָך מער צו דערליידיקן. נאָר קודם־כל בין איך צופֿרידן, וואָס איר האַלט וואָרט. בײַ משה ענגלשטערן גייען נישט קיין קונצן מיט קיין שטוטשקעלעך. אַזאַ מענטש בין איך, אַ מענטש, אַ טשודאַק. מיט מיר איז שווער אויסצוקומען. נאָר קומט ווער אויס מיט משה ענגלשטערנען, איז פֿאַר אים אָפֿן די גאַנצע וועלט. מיר וועלן נאָך מאַכן רײַזעס און ווײַטע רײַזעס, אין אַנדערע לענדער. מיר וועלן אָנשפּאַרן ווײַט, נאָך ווײַטער ווי די מיסיאָנערן

שפּאָרן אָן, ביז צו די הרי־חושך וועלן מיר דערגרייכן. נאָר דאָס שפּעטער. כ׳האָב שוין הײַנט באַזוכט דרײַ קראַנקע אויף די פּאַרשטעט. איינע אין גראָכאָוו, איינע אויף פּאָוואָנזעק און איינע אין מאָנקעטאָוו. די פון גראָכאָוו איז אַ קאַנדידאַט אויף יענער וועלט. זי דאַרף נישט קיין וויזע. מע וועט זי אַזוי אויך אַרײַנלאָזן. די פון פּאָוואָנזעק וועט זיך אַרויסדראַפּען, אַז זי וועט נישט רופן צו זיך קיין דאָקטוירים. אַנישט וועט איר דער טײַוול אַליין נישט העלפן. און די פון מאָקאָטאָוו איז שוין אַזוי גוט ווי אויסגעהיילט. זי איז אין מיר פאַרגלייבט ווי אין אַ גאָט. אַזעלכע זוך איך. די וואָס גלייבן נישט אין דאָקטאָר משה ענגלשטערן איז אומזיסט מײַן טירחה, אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. בײַ זיי האָב איך גאָרנישט וואָס צו טון. אַ טייל קאָן מען אויסהיילן מיטן בלויזן בליק, מיט סוגעסטיע. אַנדערע מוזן האָבן אַ קוראַציע, מע מוז זיי מאַכן מאַסאַזשן. איך הייס זיי אויסטון זיך אין גאַנצן נאַקעט און זיך אַרײַנלייגן אין בעט. איך מאַסאַזשיר זיי דאָס גאַנצע לײַב, פאַרשטייט זיך, מיט אַ סיסטעם, אַ סך ווערן צערייצט סעקסועל. איך דערקען עס אין זייער בליק, ער ווערט בײַ זיי אַזוי פאַרנעפּלט, מוטנע. כ׳גיב זיי אַ דעק איין מיטן לײַלעך און לאָז זיי אַזוי ליגן אַ שטיקל צײַט, אַ צען־פופצן מינוט, ביז ס׳גייט זיי איבער. אַנדערע באַוויַז איך זיך נישט אַרומצוקוקן, ווי זיי גיבן מיך אַ נעם אַרום און אַ ציִ צו זיך צעברענטע פון לײַדנשאַפט און תאווה. איך װער זיך, איך פּרוּוו זיך אַרויסקריגן, נאָר זיי זענען שטאַרקער פון מיר. איר קענט נישט די פרויען, ווען זיי ווערן ווילד, לײַדנשאַפטלעך. זיי זענען ווי די טי־גערס, אַזוי דראַפּיעזשנע ווערן זיי. איר מוזט זיי נאָכגעבן. אַ נישט וועלן זיי עס אײַך אַ גאַנץ לעבן נישט מוחל זײַן. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. איך ווייס נישט נאָך וואָס איך דערצייל עס אײַך. כ׳וואָלט עס אײַך בעסער אין גאַנצן נישט באַדאַרפט דערציילן. ס׳איז נישט פאַר אייערטוועגן. איך דאַרף נאָך הײַנט זײַן בײַ נאָך צוויי קראַנקע. ס׳וועט נישט לאַנג דויערן. בלויז אַ קוק צו געבן וואָס זיי מאַכן. איר וועט מיט מיר מיטגיין. נאָך די וויזיטן וועלן מיר זיך נאָך אַרויפ־כאַפּן אויף סעווערינאָוו 3, צום ברודער יאַז. פון דאָרט וועלן מיר גיין אין לי־טעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקע 13. כ׳האָב פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן מײַן פאַרלעגער. ער האָט מיך אָפּגענאַרט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע פון מײַנס אַ בוך וועגן ספּאָרט, אָן מײַן וויסן. איצט לייקנט ער שטיין און בײַן און וויל נישט באַצאָלן קיין האָנאָראַר. איך האָב אַנגעגעבן אויף אים אין ערך־געריכט פון ליטעראַטן־פאַראיין.

מיר דאַרפן נאָך דערליידיקן עטלעכע זאַכן, נאָר שוין קלייניקייטן. דער עיקר וויל איך אָבער וויסן פון אײַך איינס: צי איר קאָנט זײַן פרײַ אויף עטלעכע טעג. די זאַשע, זע איך, האַלט אײַך פעסט אין אירע לאַפּקעלעך. וואָס זיינט איר רויט געוואָרן? ענגלשטערן ווייסט אַלץ, און זעט אַלץ וואָס אַרום אים טוט

זיך. אויב איר זיינט פאַרנומען, האָב איך צו אײַך גאָרנישט. איר קאָנט זשיך געזשונטיקערהייט צוריקגיין אין מאַרק אַרײַן צו די שפּילצײַגן „פּאָ טשידזשעש־טשי שטוקאָ!". נאָר אויב איר זיינט אַ פרײַער מענטש, מיט אייגענעם ווילן — קאָנט איר זיך געפינען לעבן משה ענגלשטערן. יאָ, איך וויל אײַך נאָך זאָגן, אַז משה ענגלשטערן וועט נאָך אַרײַנברענגען די גאַנצע מעדיצינישע וועלט אין גרויס פאַרלעגנהייט. כ׳האָב שוין פאַרענדיקט דעם ערשטן באַנד פונעם בוך וואָס איך שרײַב איצט וועגן דער שעדלעכקייט פון די פּרעפּאַראַטן און מעדיקאַמענטן אויפן מענטשלעכן אָרגאַניזם. איך האָב דאָ אויך מיט זיך מײַנע זכרונות פון יענער וועלט, וואָס איך גרייט צום דרוק. עס וועט נישט הייסן מײַנע, נאָר „זכרונות פון יענער וועלט". אַ טאָגבוך פון איינעם, וואָס האָט זיך געפינען אויף יענער זײַט פון מענטשלעכן באַוווסטזײַן, פּנים־אל־פּנים מיטן הינטערבאַוווסטזײַן. אויב עס וועט אײַך אינטערעסירן וועל איך עס אײַך געבן צו לייענען. איר זעט, דאָס איז עס. אָט די צוויי גראָבע ברוליאָנען. דאָס וועט זײַן אַ רעוואָלוציע, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. און איצט מוזן מיר זיך גרייטן אין וועג אַרײַן. מיר פאָרן נאָך הײַנט בײַנאַכט קיין בלוינע. אַלץ איז שוין דאָרט צוגעגרייט. שוין געדונגען דער זאַל: איך וועל דאָרט האַלטן איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע רעפעראַטן מײַנע. איר וועט מעגן הערן מיט קאָפּ. איך נעם אײַך אָבער מיט, נאָר מיט איין תנאי. דעם זעלבן באַדינג וואָס כ׳האָב אײַך געשטעלט יענע נאַכט, ווען מיר האָבן זיך ס׳ערשטע מאָל געטראָפן, אַראָפּגייענדיק פון סעווערינאָוו 3. כ׳האָב אײַך דעמאָלט געזאָגט, אויב איר דערמאָנט זיך, אַז אַלץ וואָס ענגלשטערן טוט איז רעכט, מיט אַ זין און מיט אַ כוונה. און איר דאַרפט בלויז הערן, זען און שווײַגן, נישט שטעלן ענגלשטערנען קיין איבעריקע קשיות, וואָס וועלן סײַ ווי בלײַבן נישט פאַרענטפערט. איז בעסער באַלד נישט צו פרעגן קיין פאַרוואָסן. איז בלײַבט אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, איר וועט הײַנט בײַוווינען צום ערשטן מאָל מײַנס אַ פאַרלעזונג אויף דער פּראָווינץ וועגן מענטשלעכן לעבן.

קאפיטל נײַנצן

# אַ תנכישע געשטאַלט פון פאַרגאַנגענע צײַטן

דער פרי־צוגעפאַלענער באַנגלעכער פאַרנאַכט איז איבער דער גאַנצער לעש געווען פאַרלאָפן מיט אַ זילבערנעם נעפּל, וואָס האָט אַרײַנגענומען אין זיך די אויבערשטע שטאָקן פון די הײַזער מיטן פאַרשפּיצטן עוואַנגעלישן קלויסטער בײַ דער אײַנגעשרומפּענער קאַרמעליצע־גאַס.

דער שמאָלער אַרויסלויף פון פּשעיאַזד איז געווען פּאַרפאַקט מיט דראָש־קעס, פּלאַטפאָרמעס און פּראָווינצער פורן אָנגעלאָדעוועט פול מיט סחורה. די וועגענער האָבן זיך געשטופּט מיט די האָלאָבליעס איינע אין דער אַנדערער און זיך געריסן אין ביידע קעגנגעזעצטע ריכטונגען — ווער צום גזשיבאָווער ראַיאָן און ווער צום זאַיאַזד אויף באַניפּראַטן — אַהיים אין די פּראָווינצער שטעט און שטעטלעך.

דאָס געטראַסקערײַ פון אײַזנגעקאָוועטע רעדער און פערדישע פּאָדקאָוועס איבערן שטיינערנעם ברוק איז געווען באַגלייט פון אַ צעוויכערט געסווישטש און געפּײַף פון פורמאַנישע קניפּל־בײַטשן, וואָס זענען געפאַלן מיט האַסט און רוגזה איבער די צעפּאַרעטע רוקנס, גריוועס און מוסקולירטע מעכטיקע באָקעס פון די אָנגעשפּאַנטע פערד וואָס האָבן געצויגן מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין אַלע זײַטן און נישט געקאָנט אַרויס פון דער פאַרפּלאָנטענער ענגשאַפט.

דער פאַרנאַכטיקער גאַסיקער האַרמידער האָט זיך אויסגעמישט מיטן שאַרפן געקלינגערײַ פון די טראַמװײַען, וואָס זענען אָנגעלאָפן איבערגעפּולטע פון לעשנע און טלאָמאַצקע — איינער נאָכן אַנדערן — און אומגעדולדיקע געוואָרט און גע־ליאַרעמט, די וועגענער זאָלן פרײַ מאַכן דעם וועג פאַר זייער ווײַטערדיקן טראַמ־ווײַישן געלייף.

אינעם גרויסשטאָטישן טומלדיקן הוהאַ האָבן זיך דאָקטאָר ענגלשטערן מיט משה מעט באַוויזן פאַרן טויער פון טלאָמאַצקע 13 און געבליבן שטיין אַ ווײַלע ווי פאַרלוירענע, אומדעצידירט, ווי נישט צו וויסן ווו צו שטעלן אַ טראָט — רעכטס צי לינקס. די שרײַבער אויבן אין ליטעראַטן־פאַראיין האָבן אויף זיי גע־קוקט ווי אויף אַ בייז וווּנדער. יעדע מינוט איז אַ צווייטער אַרויס פון זאַל, זיך געמאַכט וואַרטן בײַ דער טעלעפאָן־בודקע, ווי צו וועלן ערגעץ נייטיק קלינ־גען און זײַטיק זיי באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ. די אויסגעבלייכטע פּראָווינצער יונגעלײַט אין די אויסגעוואַקסענע ייִגלשע מאַרינאַרקעלעך מיט די קורצע אַרבל, די אָנפאַנגער וואָס האָבן זיך געשניטן אויף שרײַבערס, האָבן אים אַוודאי אָנגע־נומען, דעם ענגלשטערנען, פאַר אַ צווייטן אינדישן ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע,

וואָס איז געקומען איבערראַשן די דורכגעטריבענע ליטעראַרישע פוקסן, די קאַר־פּנקעפּ פון ליטעראַטן־פאַראיין, וועמען קיין שום נײַער טאַלאַנט קאָן נישט מער בכוח זײַן זיי אַרויסצופירן פון גלײַכגעוויכט, שוין אָפּגערעדט פון איבערראַשן. וואָרן קיינער פון זיי שטעלט זיך נישט פאָר, אַז ס׳קאָן נאָך געמאָלט זײַן עפּעס העכערס און גרעסערס ווי זיי אַליין זענען אין זייער אינזיכיקער אײַנגעגלויבט־קייט.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז געזעסן אין פאָדער־צימערל און זיך אָן אומ־געדולדיקער געהויבן פון בענקל. זײַן בליק איז געווען פאַרטראָגן ערגעץ ווו. ער האָט אפילו נישט באַמערקט די בחורימלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט הין און צוריק, זיך געגעבן אַ ווײַז און אַ פאַרשווינד צוריק דאָרט אין זאָל אַרײַן, אינעם היכל פון דער ליטעראַטור און אירע אויסדערוויילטע. ווי נאָר ס׳איז געקומען זײַן ריי האָט ער זיך געגעבן אַ הייב־אויף פון אָרט. מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און ווייכע טריטעלעך האָט ער זיך געלאָזט גיין אין טונקעלן קאָרידאָרל און פאַר־מאַכט הינטער זיך די טיר פון דער קאַנצעלאַריע.

ער האָט לאַנג דאָרט אײַנגעטענהט, דער דאָקטאָר ענגלשטערן, געשריגן אַז ער וועט נישט שענקען קיין גראָשן. אַז ער איז דאָקטאָר משה ענגלשטערן, פאַר אים זענען נישטאָ קיין פאַרמאַכטע טירן. די וואַרשעווער האָבן אים אָפּגענאַרט. מעג דער פאַרלעגער זײַן אַ ליטוואַק גייט עס אויפן חשבון פון די וואַרשעווער. מ׳האָט אים באַגנבעט און באַגזלט. ער זעט נישט קיין ביכער און נישט קיין געלט, און זײַן ערן־געריכט בײַם ליטעראַטן־פאַראיין שלאָפט. זאָל מען רופן דעם פאַר־לעגער צום מישפט. ס׳קומט ענגלשטערנען האָנאָראַר צי נישט? ווי לאַנג איז דער שׂיער אָפּצושלעפּן. ער קען די וואַרשעווער טריקן. מע וויל אים מיד מאַכן. ער וועט אָבער נישט אָפּשטיין. ער וועט אַרויסטרעטן עפנטלעך אין זײַן בלאַט וואָס ער גיט אַרויס אין ווילנע. ער וועט שרײַבן וועגן דעם, די גאַנצע וועלט זאָל וויסן. ער וועט עס נישט פאַרשווײַגן. זאָל דער ליטעראַטן־פאַראיין צואײַלן מיטן גע־ריכט, ס׳איז נישט קיין הפקר־וועלט. ס׳וועט זיך דאָ טוען חושך, ער וועט...

דער עלעגאַנטער סעקרעטאַר מיט די איידעלע מאַניערן און גוטמוטיקן העלן ראָזלעכן פּנים האָט געדולדיק אויסגעהערט אַלע טענות ביזן סוף און צומאָל קיין איין מאָל נישט איבערגעשלאָגן יענעמס רייד און אַפילו נישט געזאָגט, אַז ער זאָל רעדן אַ ביסעלע שטילער. ער האָט זיך איצט אויפגעהערט צו וויגן אויף דער דריי־שטול. ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש אין פולער געמיטלעכקייט און זיך געשטעלט פאַרן דאָקטאָר ענגלשטערן ווי אַ פאַרשולדיקטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מיט אַ ברייטן זשעסט אין אַ האַלבקרייז זיך אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַרץ און אין טיפער געהאַרכזאַמקייט זיך העפלעך פאַרנייגט פאַרן גאַסט, טיף,

טיף, ווי פאַר אַ קייסער און מיט אַ ווייכער געלייטערטער שטים געציילט די ווער־טער ווי מע ציילט גילדערנע רענדלעך:

— ליבערדר פּרינץ, גאָט איז גערעכט און איר זענט מער ווי גערעכט, מירדר ווען טון פאַר אײַך, חשובערדר גאַסט, אַלץ וואָס ליגט אין אונדזערע באַשיידענע מעגלעכקייטן. אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, יונגערדרמאַן, וועט עס שטיין אויפן ערשטן פּונקט פון סדר־היום. אײַער גנע־דיקער קנעכט, וואָס שטייט דאָ פאַר אײַך גרייט צו דינסט, וועט זײַן אויף דער וואַך ביז צום ענדגילטיקן זיג פון דער מענטשלעכער גערעכטיקייט. זײַט זיכער, יונגערדרמאַן, אַז דער שולדיקער וועט באַקומען אַ האַרבע שטראָף, און דעם גע־ליטענעם וועט פאַרגיטיקט ווערן כפל־כפלים. יעדנפאַלס וועט ער דאָס וואָס ער מאָנט זיכערערדר באַקומען.

מיט אַן אָלימפּיש שמייכעלע האָט דער פּאַטעטישער סעקרעטאַר ארויסבאַ־גלייט דעם צעיאַכמעטן דאָקטאָר ענגלשטערן פון דער קאַנצעלאַריע אַרויס דורכן טונקעלן קאָרידאָר מיט דער טעלעפאָן־בודקע, ביז צו דער טיר, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, דעם גאַסט זאָל נישט אײַנפאַלן אַ מאָל זיך אַרײַנצוכאַפּן אין גרויסן זאַל אַרײַן מיט די פּולבאַזעצטע טישלעך און האָבן חשק דאָרט צו מאַכן „קידוש" אויפן קול.

ווען ער האָט זיך שוין געפינען מיט משה מעטן אונטן פאַרן טויער, האָט דער דאָקטאָר ענגלעשטערן אין זיך אַ שמייכל געטון און אַ זאָג געגעבן מער צו זיך ווי צו משה מעטן:

— מע דאַרף וויסן ווי זיך אומצוגיין מיט זיי. מע דאַרף זיי צודריקן צו דער וואַנט, וועלן זיי האָבן פאַר אייך דרך־ארץ. די דאָזיקע לײַט וועלן אײַך דע־מאָלט קריכן אונטער די נעגעלעך. אפילו די גרעסטע פון זיי וועלן זיך פאַר אײַך בייגן אין דרײַען. קוים דערקענען זיי אָבער אין אײַך אַ לעמעלע, וועלן זיי אײַך טרעטן מיט די פיס. דעמאָלט קאָנען זיי אײַך פאַרצוקן ווי די טיגערס. אויסער ווען ס'קוקט אַרויס פון אײַער בליק אַ וועלפיש פײַערל, ווערן זיי מילד און גוט ווי אַ מלאך... איר האָט באַדאַרפט זען, באַ... קומט — האָט ער זיך האַסטיק גע־געבן אַ דריי־אויס צו משה מעטן — די צײַט שטייט נישט, ס'ווערט שפּעט. מיר דאַרפן שוין באַלד גיין צום צוג.

זיי האָבן זיך געלאָזט אין דער טונקעלער געדיכטעניש פון די פאַרפולטע טראָטוארן, זיך אַנגעשטויסן אין דער פאַרנעפּלטקייט אַן אַ הויכן יונג מיט אַ קויש קוילן אויף די פּלייצעס. דער קוילנטרעגער האָט זיך אונטער דער שווערער משא געזידלט אין דער מאַמען אַרײַן. זיי האָבן אויסגעמיטן אַן עלטער פאַר־פאַלק באַלאָדן מיט פּעקלעך פון אַלע זײַטן וואָס האָבן פאַרנומען די גאַנצע ברייט

פון טראָטואַר. און שװער נישט אַרויף אויף אַ ייִד מיט אַ קיישל בייגל, אַ פאַר־טראַכטער אַ רגע, בײַם ראַנד טראָטואַר.

דאָקטאָר ענגלשטערן האָט דעם ייִד געגעבן צו לייזן פאַר זעקס בייגל, גע־טאַפּט צי אַלע זענען פריש און נאָכער באַצאָלט פאַר זיי. ער האָט דערלאַנגט משה מעטן דרײַ בייגל און אַליין דער ערשטער זיך אײַנגעביסן אין דער שמעקע־דיקער אויסגעבאַקענער ברוינער פרישקייט פונעם געפלאָכטענעם בייגל, וואָס האָט געקנאַקט אונטער די ציין.

ביידע האָבן זיי איצט געטאָפּטשעט אין דער געדיכטער בלאָטע פונעם צע־לאָזענעם שניי אויף די וואַרשעווער היגטערגעסלעך, וואָס האָבן געפירט אַראָפּ צום האַלבפּוסטלעכן וואָקזאַל. זייער דערשײַנען האָט אומעטום אַרויסגערופן אַ פּלאָטערדיק שטוינען אין גאַס. וועבער אין שייטלען האָבן אויסגעשפּיגן דרײַ מאָל. ייִדן מיט בערד האָבן זיי האַסטיק אָפּגעטרעטן דעם וועג, מער אויס עפּעס אַן אומבאַוווּסטן פּחד־געפיל ווי אויס דרך־ארץ, גלײַך ווי די צוויי אויסטערלישע לײַט וואָלטן געווען אומגעבעטענע געסט, נאָר וואָס געקומענע פון יענער וועלט.

דער זעלנער אינעם אָפּגעשאָסענעם שינעל און צעפּאָרענע שיך האָט אויס־געזען, ווי ער וואָלט זיך אויפגעהויבן — אַ פאַרגעסענער הרוג — פון שלאַכט־פעלד און געקומען אַהער אין לעבן אַרײַן, פּלאָנטערט זיך אַזוי צווישן די לעבע־דיקע אָן אַ טאָלק, אָן אַ זין, אָן אַ וווהין.

צומיינסטן אָבער האָט מען נאָכגעקוקט דעם געהיימעניש־פולן פאַרשווין אין לײַכטן סאַקל און אָפענעם גאָרס מיט דער האָריק־באַוואַקסענער ברוסט. ער האָט, זעט אויס, פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צײַט דאָרט, אויף יענער וועלט, און אַרײַנגעפאַלן אַהער אַ זומערדיקער אין סאַמע מיטן ווינטער אַרײַן ווי אַ יוון אין סוכה.

דעם דאָקטאָר ענגלשטערן האָט עס נישט געאַרט, ווי נישט אים מיינט מען. ער איז געגאַנגען מיט לײַכטע פלינקע טריטעלעך, ווי די מידקייט וואָלט אויף אים נישט געווען געהאַט קיין שליטה, נישט די מידקייט און נישט די קעלט. ער שנײַדט זיך אַרײַן אין לעבן ווי אַ שיף אין די וואַסערן מיט אַ זיכערן און אויס־גערעכנטן טראָט און דערגרייכט יעדן ציל וואָס ער נעמט זיך פאַר, ממש צום באַוווּנדערן.

משה מעט האָט קוים געקאָנט מיטהאַלטן מיטן טראָט. ער האָט קוים גע־קאָנט שלעפּן אַ פוס. ער איז געווען דערשעפּט, פאַרמאַטערט פונעם אַרומלויפן הײַנט, דעם אַנדערן האַלבן טאָג, מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן. ווו איז ער עס אַלץ נישט אויסגעווען מיט אים? געקראָכן איבער צענדלינגער שטאָק שטיגן. אויף פּאַציאַטקעס, ערגעץ אין פינצטערע געסלעך, פאַרדומפּענע, פאַרשטיקטע. אין קאָפּ איז אים געשטאַנען אַ מישמאַש פון בילדער, וואָס האָבן זיך געטוישט איינס

נאָכן אָנדערן מיט העלע פלעקן נאַקעט פּרויענלײַבער, שטיקער פיס, ברוסטן, פּליי־צעס, טוכלע ווענט, שענק און טירן און דאָקטאָר ענגלשטערנס באָרדיק פּנים צעקנייטשט אין גרימאַסן, סיגעס און מינעס, וואָס אָט האָט עס אויפגעלויכטן מיט אַ בליץ און אָט איז עס פינצטער געוואָרן, ווי אַ שטיק נאַכט.

נאָכן דורכדרעמלען אַ גוטע האַלבע שעה צי אַ שעה אין שוואַכבאַלויכטע־נעם צעוויגטן קאַלטן וואַגאָן פונעם הינטערשטאַטישן צוג, וואָס האָט געיאָגט פאַרבײַ אומעטיקע, ווײַסבאַדעקטע פעלדער מיט טוקנדיקע פּײַערלעך, וואָס זע־נען דאָ און דאָרט אויפגעקומען און פאַרשווינדן, זענען זיי פּלוצים אויפגעוועקט געוואָרן פון אַ שטאַרקן טרייסל און הילכיקן געקלאַפּ פון די בופאָרן. דער קאָנ־דוקטאָר האָט פאַרשלאָפן אויסגערופן די סטאַציע. דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט זיך תיכף אַ וואַכיקער אַ ריס־געטון פון אָרט און מיטגעשלעפּט משה מעטן נאָך זיך אַ צעחושטן, אַ תמעוואַט־קוקנדיקן אין אַלע זײַטן:

— ווי? האַ? וואָס זאָגט איר?

— דאָ איז עס, טשוכעט זיך אויס, מע וואַרט דאָ אוודאי אויף אונדז אין דרויסן.

זיי זענען געבליבן שטיין אויף אַ שטיקל שלעכט־אַספּאַלטירטן טראָטואַר מיט אַן אָפן הילצערן וואָקזאַלכל באַלויכטן פון אַ קליין לעמפּעלע, וואָס האָט געוואָרפן אַ גליִענדיק־רויטלעכן שײַן אויף די דרײַ ווענטלעך מיטן פאַרקראַטנטן קאַסע־פענצטערל און עטלעכע פאַרטוליעטע פּאַסאַזשירן אין ווינקל אויף דער באַנק, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ צוג זיך איבערצוזעצן.

אַרום דעם אומהיימלעכן וואָקזאַלכל איז געווען קלעפּיקע פינצטערניש פון אַ ווינטערדיקן אָוונט מיט שאַרפע אָנגעלאָפענע ווינטלעך פון אָפענע פעלדער. ערגעץ האָבן זיך הינט געריסן אין דער נאַכט מיט אַ הונגעריקן וואָיען.

באַלד זענען אויסגעוואַקסן פאַרן דאָקטאָר ענגלשטערן צוויי יונגעלײַט מיט אַ מיידל אין אַ דערעלע אויפן קאָפּ, אַרומגענומען אונטער דער גאָמבע מיט אַ שליף. זיי האָבן זיך נישט דרייסט באַגריסט מיט אים מיט אַ סך אָפּשיי, זיך געכאַפּט אַז דער זעלנער איז מיטגעקומען מיטן פּרעלעגענט און אים אויך אָפּ־געשטעקט אַ „פּיפּטל”.

אַרויסקומענדיק פון וואָקזאַל אין שטעטל אַרײַן זענען די יונגעלײַט געוואָרן דרײַסטער און באַרעדעוודיקער:

— דער דאָקטאָר איז פּונקט גוט געקומען, שוין דאָ אַ פולער זאַל.

— און מע גייט נאָך.

— אַלע בילעטן זענען אויספאַרקויפט.

— אַ שאָד וואָס מ'האָט נישט געדונגען דעם זאַל פון די פײַערלעשער.

— אוודאי, דער לאָקאַל פון פאַראיין איז צו ענג. ס'וועט זיך הײַנט טוען קאָפּ אויף קאָפּ:

— דער עולם איז שוין אומגעדולדיק — האָט דאָס מיידל אין דערעלע צוגעגעבן פון איר זײַט.

— זי מיינט צו זאָגן נײַגעריק.

— נײַגעריק זענען מיר אַלע נײַגעריק — האָט דאָס מיידל זיך נישט גע־לאָזט שפּײַען אין דער קאַשע — מע זיצט שוין אפשר צוויי זייגער שעה אין זאַל. מע זאָל האָבן בעסערע פּלעצער איז מען געקומען פרי.

דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז געגאַנגען שווײַגנדיק און לעבן אים האָט אויך געשוויגן משה מעט. ער האָט זיך פּלוצים דערזען אין אַ פּלאָנטער פון צע־הויקערטע קרומע געסלעך מיט צעבויגענע פאַרזונקענע מויערלעך. זיי זענען פאַר־בײַגעגאַנגען די רונדבײַכיקע געביידע פונעם שטעטלשן קינאָ מיט אָפּגעבלאָקע־וועטע פּלאַקאַטן צעקלעפּטע פאַרן ליידיקן אַרײַנגאַנג. מיט אַ זײַטיקער גאַס אַרויסגעקומען אויפן מאַרק מיט די שלאָפנדיקע בוידן און פאַרהעמערטע גע־וועלבלעך. זיי האָבן אים דורכגעשניטן אין דער קרום און געבליבן שטיין פאַר אַ נידעריק געמויערט פאַרטער־הויז מיט אַ גרופּע מענטשן וואָס האָט זיך גע־שטופּט אין שמאָלן אַרײַנגאַנג, פון וואַנען ס'האָט געשלאָגן אַ העל ליכט און געדעמפטע וואַרעמקייט אין דרויסן אַרויס.

ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז געגעבן אַ וואַקס־אויס אויף דער טריבונע פונעם פּירקאַנטיקן זאַל מיטן נידעריקן סופיט. ער איז געווען אָן אַ מאַנטל, מיט אַ גרויסן לייבנקאָפּ מיט צעשויבערטע האָר, מיטן אויפגעלייגטן ווײַסן קאָלנער, דאָס לײַוונטענע העמדל אַריבערגעוואָרפן איבער די הויזן, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ געפּלאָכטענעם שנור מיט פראַנדזן, מיט צעפּינקלטע אויגן און לאָפּאַטע־באָרד, וואָס האָט אַזש געגלאַנצט פון דער פּעכי־קער שוואַרצקייט. ער האָט מיט זײַן פײַערדיקן בליק מיט איין מאָל געגעבן אַ נעם אַרום דעם גאַנצן זאַל מיט די יונגען אין די פוטערנע היטלען און קורטקעס און די מיידן אין די שווערע פּאַלטענעס און וואָלענע שאַלן אויף די קעפּ. זיי זענען געזעסן ענג צונויפגעדריקט מיט רויטע צעפּלאַמטע פּנימער, זיך אײַנגע־הערט אין די קאָכיקע פײַערדיקע רייד פונעם עקזאַלטירטן רעדנער און געזען פאַר זיך אַ תנכישע געשטאַלט פון אַמאָליקע לאַנגפאַרגאַנגענע צײַטן.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# די צוויי נאַכטפייגל מאַכן פּליטה פון שטעטל

אַ שטורעם פון אַפּלויזן האָט זיך ווי אַ טשאַטע פייגל אַ הייב־געטון איבערן זאַל. די אוידיטאָריע האָט זיך צעוויגט אַ באַגייסטערטע פון ברעג ביז ברעג. דער פּרעלעגענט האָט נישט געלייגט דערויף קיין אַכט, זיך אַפילו רעכט נישט פאַרנייגט און אַ דערשוויצטער איז ער מיט די צוגעשטעלטע שטיגעלעך אַראָפּ פון דער טריבונע. ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן אַז ס׳איז נישט מעגלעך געווען צוצוקומען צו אים. יעדער איינער האָט געוואָלט האָבן די זכיה צו דריקן דעם רעפערענט די האַנט. אויסדריקן מיט עפּעס די באַגייסטערונג. כאָטש זעלטן ווער פון די צוהערער האָט ריכטיק באַנומען דעם זין פון די רייד פונעם ווילדן געדיכטן וואַלד מיט די טונקעלע סטעזשקעס דורך וועלכע דער דאָקטאָר ענגלעשטערן האָט זיי געפירט אַ צעפייערטער, אַן עקזאַלטירטער, אַן איבערגענומענער פון די אייגענע רייד.

משה מעט האָט זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן די לויבווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין איינליייטונג־וואָרט וועגן דער שטראַלנדיקער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט היינטיקע נאַכט פאַרנומען די טריבונע פונעם בלוינער יוגנט־פאַראיין. דער דאָזיקער אָוונט וועט זיכער אַריין אין דער געשיכטע פון דער היגער יוגנט, ווי איינס פון די שענסטע בלעטלעך פון זייער לעבן. דער אָנגעצייכנטער וועג פירט צו דערהויבונג פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. דער פּרעלעגענט איז דער בעסטער ביישפּיל פונעם ווירדיקן און לייכטנדיקן גאַנג צום גליק, צו דער פרייהייט, צום ווילזיין פון אַ פרייער און באַפרייטער מענטשהייט.

ער האָט זיך ערשט געכאַפּט, אַז ער אַליין איז אויך געווען אונטערן מאַגישן היפּנאָז פונעם דאָקטאָר ענגלשטערן. ס׳האָט פון אים אַרויסגערעדט ווי פון אַ מעדיום אַרויס. אָט דאָס וויל ער, דער דאָקטאָר ענגלעשטערן. ער וויל אים מאַכן פאַר זיין מעדיום. דאָס וואָס ער אַליין קאָן נישט זאָגן וועגן זיך, זאָל עס דער מעדיום זאָגן וועגן אים.

אין משה מעטס אויערן האָבן מאָדנע געקלונגען די אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען, װאָס ענגלשטערן האָט געלאָזט פאַלן אין דער אױדיטאָריע, װעגן דעם אינטימען צוזאַמענלעבן פון מאַן און פרוי, װאָס דאַרף פאַרקומען נישט אין דער פינצטער, נאָר אָפן, פרײַ, אין דער ליכטיק. די געדאַנקען האָבן אים אויסגעזען צו זײַן טאַקע אויסטערליש, געוואַגט, אָבער נישט װיניקער ברוטאַל און שאַקירנדיק. ער האָט געריידט, ענגלשטערן, װעגן דעם צוריקגאַנג פונעם מענטש צו דער נאַטור װי דער איינציקער אויסוועג פונעם פאַרױסגאַנג פון דער דעגענערירטער מענטשהייט. ער האָט ציטירט טאָלסטויען און זשאַן זשאַק רוסאָן, שאָפּענהויערן און ניטשען, זיך געוואָרפן מיט ציטאַטן פון פרוידן און אָטאָ װייניגערן. ער האָט פאַראורטיילט די פרוי, װאָס װיל אַנטלויפן פון איר פרויִשקייט, פון אירע נאַטירלעכע אימפולסן, פון איר „איך". די הײַנטיקע פרויען װילן אימפאָנירן נישט מיטן פרויִשן אין זיי, נאָר גראָד מיט דער מענערלעכער אויסערלעכקייט. זיי מיינען, אַז דער זין פון דער פרויען־עמאַנציפּאַציע איז דאָס שערן זיך אַ־לאַ־גאַרסאָן. אַ פרוי אָבער אָן די האָר, איז װי אַ בוים אָן צװײַגן — די העסלעכקייט אַליין. אַ פרוי דאַרף שטענדיק געדענקען, אַז איר רייץ, איר גאַנצע שיינקייט, ליגט נאָר אין איר פרויִשקייט. זי פּרוּווט אין זיך דערשטיקן דאָס װאָס דאַרף זײַן איר שטאָלץ. װי פאַרשיכורט פון די אייגענע רייד האָט ער פּלוצים געגעבן אַ רוף אויס מיט אַ פאַרהויבענער האַנט:

— פרוי, פלעכט פונאַנדער דײַנע האָר! בינד זיי נישט און פלעכט זיי נישט אין צעפּ און װאַלקעס. לאָז זיי װאַקסן פרײַ װי די זאַנגען אין פעלד! טוליע זיך נישט אין קליידלעך און אונטערקליידלעך. האָסט אַ שיינע ברוסט — דעק זי אָפּ! זאָלן מענער באַװוּנדערן דײַנע שיינע פולע היפּטן! דײַנע רונדע קני און אַקסלען! דערויף ביסטו באַשאַפן געװאָרן, אַז מענער זאָלן דיך באַװוּנדערן אין דײַן נאַטירלעכקייט, זיך אַנטציקן מיט דײַנע שיינע פרויִשע גלידער און נישט מיט די קליידלעך און שמאַטקעס װאָס דו װאַרפסט אויף זיך אַרויף. קער זיך אום צוריק צו זיך! געניס פון לעבן צוגלײַך מיטן מאַן. ביידע האָט איר דערין דעם זעלבן חלק, צוריק צום לעבן מיינט צוריק צו דער נאַטור, און צוריק צו דער נאַטור הייסט: צוריק צו פרייד און גליק.

ער האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט װעגן דער מענטשלעכער עטיק, װאָס קערט זיך אום צום מענטש, װען דער מענטש קערט זיך אום צו דער נאַטור. און אויסגערופן פּאַטעטיש:

— זאָגט זיך אָפּ, אַלע װי איינער, פון אבר מן החי! נישט קיין פלייש און נישט קיין פיש זאָל נישט קומען אין אייער מויל אַרײַן! דאָס הייסט װירדיק טראָגן דעם נאָמען מענטש! נעמט אַראָפּ פון זיך דעם שאַנדפלעק פונעם מענטשלעכן מין! קוילענען פּי איז פונקט אַזאַ פאַרברעכן קעגן דער נאַטור, װי הרגענען

אַ מענטש. אַלע באַשעפענישן האָבן גלײַכע רעכט אויפן לעבן. נאָר דעמאָלט, ווען איר וועט אויסוואָרצלען פון זיך די בלוטגיריקייט, וועט איר קאָנען טראָגן שטאָלץ דעם נאָמען מענטש.

די פאָרשטייער פון דער קולטור־קאָמיסיע — די צוויי בחורים מיטן מיידל — האָבן זיי ביידן אַרויסגעקריגן פונעם געזעמל און זיי אַרײַנגעפירט אינעם סעקרעטאַריאַט־שטיבל אַן איין בענקל אויף וואָס צו זיצן. אַנשטאָט אַ שרײַב־טיש איז אין דער קאַנצעלאַריע געשטאַנען אַ ווײַס געהובלעוועט קיכטישל. איי־נער פון די בחורים האָט געעפנט דאָס שופלעדל און אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס צוגעגרייטע געלט, וואָס איז געלייזט געוואָרן פאַר בילעטן, צו באַצאָלן האָנאָראַר. דער דאָקטאָר ענגלשטערן האָט גענומען דאָס געלט, איבערגעציילט און מיט פאַרמאַכטע אויגן עס צוריק אַרײַנגעשטופּט דעם בחור אין האַנט אַרײַן, זאָל ער זיך האַלטן דערמיט.

דער בחור האָט געשטאַמלט אין פאַרלעגנהייט. זיך איבערגעקוקט מיטן מיידל און אַנדערן חבר:

— מיר האָבן דאָך אַזוי אָפּגערעדט מיט אײַך, דאָקטאָר...

— וואָס אָפּגערעדט, ווען אָפּגערעדט... איר האָט נישט געזען די באַגײַס־טערונג בײַם עולם?...

נאָך אַ לאַנג דונגעניש האָבן זיי אים צוגעלייגט עטלעכע פּאַפּיר־באַנקנאָטן, וואָס יעדער אייבער האָט אַרויסגעקריגן פון דער אייגענער קעשענע אַרויס. פאַר־רויטלטע ביז איבער די אויערן, האָבן זיי זיך געלאָזט מיט ענגלשטערנען און משה מעטן זוכן אַן אַכסניה אויף איבערצונעכטיקן די נאַכט.

אינעם אָרעמען פאַרקאָפּטשעטן שטיבל מיט די צעפּאָרענע בענקלעך און אָפּגעריסענע ווענט איז שוין לאַנג געווען געמאַכט נאַכט. אויף די אַרומבאַ־שטעלטע געלעגערס האָבן זיך געבערגלט לענגלעכע גופים, אויסגעצויגענע און צונויפגעקאָרטשעטע, איבערגעדעקט מיט צעפּליקטע וואַטענע קאָלדרעס און ווינטער־פּאַלטנס. אויפן דיל פאַר יעדן בעטל איז געשטאַנען אַ פּאָר שטיוול מיט אַרונטערגעלאָזטע, מיד־פאַרחלשטע כאַליעוועס פון ביידע זײַטן. ייִדן שפּיליטערן זענען עס דאָ געשלאָפן. זיי פירן פּעקלעך פון וואַרשע קיין בלוינע, היין און צו־ריק, און קומען־איבער די נאַכט ווי ס'לאָזט זיך, אָבי ביליק.

דער בעל־אכסניה האָט זיך אַרומגעדרייט אין טלית־קטן. דער הויכער דאַ־רער ייִד מיטן שיטערן בערדל האָט זיך אַ פאַרשלאָפענער גענומען פּאָרען בײַ די געסט. געגרייט צום טיש, אַרויפגעשטעלט ברויט מיט זאַלץ, מעסער־גאָפּל, און פאַרשווונדן אין קיך. ס'האָט זיך געהערט אַ זידן פון געפּרעגלעכץ אויף אַ פּאַטעלניע. באַלד האָט אַרײַנגעשליאַפּעט די באַלעבאָסטע אין אַ שפּענצער מיט

צויטן, דאָס שייטל פּאַררוקט הויך איבערן שטערן. זי האָט אָוועקגעשטעלט פאַר די צוויי געסט פּאָרציעס געפּרעגלטע פיש:

— זיי ווילן עפּעס טרינקען? אַ שנאַפּס? אַ גלעזעלע בראָנפן? ס׳איז גוט אויף צו דערוואַרעמען זיך די אברים.

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי צודערלאַנגט צוויי קעלישיק־לעך און אַנגעגאָסן פון אַ קאַראַפקע די ביטערע משקה. זי האָט זיי צוגעוואָרפן אַ לחיים, נאָך איידער זיי האָבן געגומען די גלעזלעך צום מויל, און זיך געלאָזט גיין אין קיך.

משה מעט האָט געקוקט מיט שטוינונג ווי דער וועגעטעריאַנישער דאָקטאָר משה ענגלשטערן האָט אַרײַנגעהאַקט מיט אַפּעטיט די צוויי שטיקלעך געפּרעגלטע פיש, מיט דער פּאָרציע ציבעלעס מיט געהאַקטע לעבערלעך. ער האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, משה מעט, און צווישן איין ביס און צווייטן אַ פרעג געטון שטיל:

— דאָקטאָר, איר זענט שוין אויס וועגעטאַריאַנער?

— ווי פאַלט איר אויס?... — האָט ענגלשטערן געגעבן אַ שטעל אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן ווי די שטורקאַצן.

— איר עסט, זע איך, פיש, געהאַקטע לעבערלעך. מע טאָר דאָך, דאַכט זיך נישט, לויט אײַער שולחן־ערוך...

— איר לערנט מיך נישט ווי אַזוי איך האָב זיך צו פירן — האָט ענגל־שטערן אים דורכגעשפּיזט מיט אַ פּאָר אומהיימלעכע גרינע פײַערלעך פון די בייז־פאַרזשמורעטע אויגן — כ׳האָב אײַך שוין איין מאָל געזאָגט, איר זאָלט הערן, זען און שווײַגן. ס׳איז נישט דאָס ערשטע וואָס איר באַנעמט נישט. און איר האָט זיך נישט וואָס צו מישן ווי אַזוי ענגלשטערן דאַרף האַנדלען. ענגל־שטערן איז בײַם קלאָרן זינען. ער ווייס וואָס ער טוט. און איר קוקט בעסער אַרײַן צו זיך אין טעלער. אַזעלכע ווי איר ענדיקן שלעכט, אָדער זיי ווערן פאַר־פוילט אין תפיסה, אָדער ערגעץ אויף אַ בוידעם מיט אַ שטריק אויפן האַלדז. בעמט זיך עס גוט אין זינען אַרײַן.

דער הויכער דאַרער ייִד מיטן שיטערן פאַרגרויטן בערדל האָט זיי נאָכן עסן אַרײַנגעפירט אין פאָדער־שטיבל, אַ פול אָנגעשטעלטס מיט קובלעס און פעסער. ער האָט זיי אָנגעוויזן אויף דער אָנגעבויגענער לייטער, וואָס האָט געפירט אַרויף אויף דער אַנטרעסאָלקע:

— שוין צוגעגרייט דאָס געלעגער אויבן, צוויי צולייג־בעטלעך. פאַר אײַך איינס און פאַר אײַך איינס. איר ווילט באַצאָלן איצט, צי מאָרגן אין דער פרי? ס׳איז מיר אַלצאיינס. ס׳קאָן זיין מאָרגן נאָכן פרישטיק.

— איצט איז דאָך אין מיטן דער נאַכט, ר׳ ייִד — האָט ענגלשטערן זיך

צוגערוקט צו דער לייטער — ס'איז שוין נישטא וואו צו שלאפן. מארגן פארטאג וועמיר זיך אפרעכענען.

— גערעכט, גערעכט. א גוטע נאכט.

דער דאקטאר ענגלשטערן האט זיך פלינק ווי א קאץ געגעבן א הייב אי־בער די הויכע טרעפלעך פונעם לייטער און שוין געווען אויבן. משה מעט האט זיך קוים ארויפגעדראפעט מיט די שווערע צעפארענע שיך. דער ייד איז נאך געשטאנען אונטן א ווײַל, צוגעגאנגען צו דער טיר, געפרווט דעם שלאס, פאר־לייגט דאס קייטל און ארײַן אין אנדערן צימער מיט די ארומגעשטעלטע בעטן.

משה מעט האט נישט געקאנט אײַנליגן אויפן געלעגער. ס'האט אים גע־הויבן, ווי ער וואלט געלעגן אויף שפילקעס. נישט אזוי האט ער זיך אים פאר־געשטעלט, דעם דאקטאר ענגלשטערן. ער האט טאקע געמיינט, אז ער האט פאר זיך די הייליקייט אליין. צום סוף זעט ער גאר, אז ער האט אנגעטראפן אויפן אמתן פויגל. און ער האט אט דעם פארשוין פארגעשטעלט פאר דער גרויסער פערזענ־לעכקייט. ס'איז דאך א מענטש אן פרינציפן, אן מאראל, און אט דעם אלעם, וואס ער פרעדיקט. הוילע צביעות. ווי קאן מען זיך אזא מענטשן געטרויען. דאס גרינע פײַערל, וואס האט זיך פריִער אנגעצונדן אין זײַן אויג, זאגט גארנישט קיין גוטס. דער דאזיקער וועגעטאריאנער קאן נאך פעיִק זײַן צו דערהרגענען א מענטש אויך. אים אליין, משה מעטן, קאן ער דא איבערלאזן א טויטן אויפן געלעגער. אלץ קאן בײַ אזא איינעם געמאלט זײַן. ער טאר נישט צוטון קיין אויג, משה מעט, ער מוז זײַן וואך א גאנצע נאכט. דאס איז די געוויסנלאזיקייט אליין. און ער וואלט זיך דאס באדארפט מיט אים ארויסלאזן אין דער וועלט ארײַן, ווער ווייס וויפל קרבנות ער האט שוין אויף זײַן געוויסן. און אט דער פארשוין דארף עס זײַן דער, וואס גייט דעמאסקירן דעם שקר, ער דארף עס זײַן דער קעמפער פארן אמת און צדק, פארן יושר אויף דער וועלט?

משה מעט איז געלעגן א פארטוליעטער אין שינעל און מיט א פארזשמורעטן בליק געהאלטן וואך איבער ענגלשטערנען אין אנדערן בעטל. ווער איז ער פארט פארא איינער, אט דער וואס ליגט דא אנטקעגן אים? עפעס א רעטעניש מיט דעם מענטש. לויט די פאר בלעטלעך פון די „זכרונות פון יענער וועלט", וואס ענגלשטערן האט אים געגעבן צו לייענען אין וואגאן און באלד צוריקגעכאפט, איז קלאר, אז דער מחבר האט פארבראכט א צײַט לאנג אין א משוגעים־הויז. ער הייבט אן ווי דאס שפיטאל ברענט. די געביידע שטייט אין פלאמען. דאס פײַער בוכעט ארויס מיט געדיכטע וואלקנס רויך דורך אלע פענצטער. אלץ שטיקט זיך פון רויך. די משוגעים אין די געפאסקעוועטע העמדער, די דאקטוירים אין די ווײַסע כאלאטן און די סאניטארן אין די בלאע פארטעכער, אלע לויפן זיי אום אין ווילדער פאניק. און ער, דער אונטערציינדער, שארט זיך אויף הינטער־

וועלעכע בײַ די ווענט פון לאַנגן קאָרידאָר, אַלץ נענטער צום אַרויסגאַנג מיט די אָפענע צעפּראַלטע טיר און טויער — פון קיינעם נישט באַוואַכט.

דאָס אייגענע ווײַב האָט אים פאַרשפּאַרט אין משוגעים־הויז. זי האָט געוואָלט פון אים פּטור ווערן און בלײַבן אַליין מיטן מאַנס ירושה — אַ גרויס פאַרמעגן — וואָס ס׳איז אים געבליבן פונעם טאַטן. זי איז געווען אַ בילדשיינע פרוי — איינע אין גאַנץ ווילנע. נישט געווען קיין גלײַכן צו איר. זי האָט געזען אַז ער וואַרפט אַרויס דאָס געלט אויפן מיסט, צעטרענצלט די פּאָר גראָשן אויף גאַרנישט מיט נישט, אויף בלעטלעך און בראָשורן, אויף אפּיקורסישע ביכלעך וואָס קיינער וויל זיי נישט נעמען אין האַנט אַרײַן. האָט זי אויסגעטראַכט אויף אים אַ בילבול אַז ער איז נישט בײַם קלאָרן פאַרשטאַנד; אַז איר מאַן איז אַראָפּ פון זינען. אַנישט איז דאָך נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ פרומער אָפּגעהיטער ישיבהניק און תורה־לערנער, ווי איר מאַן איז געווען, זאָל זיך מיט אַ מאָל אי־בערקערן, רחמנא־לצלן, און אַראָפּגיין פון דרך־הישר; נעמען און איבערדרייען דאָס קאָפּל אויף דער אַנדערער זײַט; אַרומגיין איבער דער שטאָט און האַלטן אַפּיקורסישע גאָטלעסטערישע דרשות, רעדן על ה׳ ועל משיחו, און טוען כל־דבר־אָסור, אַלץ וואָס אין דער קאָרט שטייט.

צוליב זײַן אָפּקערן זיך פון גלײַכן וועג האָט זי אים מער נישט צוגעלאָזט צו זיך אין די נעכט. זי איז געווען אַ פרומע און נישט געוואָלט לעבן מיט אים, מיט אַ מענטש וואָס גלייבט נישט אין גאָט. און אַז אַ פרוי וויל נישט — העלפט גאַרנישט. אויף כוח קאָן מען נישט גיין צו איר. ס׳איז דאָך אַן אייגן ווײַב. וואָס מער זי האָט נישט געוואָלט, אַלץ מער האָט ער געגלוסט צו איר. זי איז געווען אײַנגעשפּאַרט ווי אַן אייזל, נישט צו רירן פון אָרט. ניין און ניין! אַפילו אָנרירן האָט זי זיך נישט געלאָזט פון אים, דעם צלם־קאָפּ, דעם טרייפעניאַק.

זי האָט נאָר געוואָרט אויף דער מינוט, — ווען אַ מענטש קאָן זיך מער נישט באַהערשן, — ער זאָל זיך וואַרפן אויף איר, זי זאָל קאָנען מאַכן אַ געשריי, אַז ער האָט זי געוואָלט דערשטיקן... ס׳הייבט זיך גאַרנישט אָן. ער האָט זי ליב געהאַט ווי ס׳לעבן. ער וואָלט זיך פריִער אַ מעשה אָפּגעטון איידער איר צו רירן אַ האָר אויפן קאָפּ. ער וואָלט גאָר אָן איר נישט געקאָנט אויסקומען איין טאָג. אָן איר וואָלט ער טאַקע פון זינען אַראָפּ. האָט זי גאָר אויף אים אויסגעטראַכט אַזאַ בילבול.

דאָס גאַנצע געסל איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, כאָטש ס׳איז געווען נאָך האַלבער נאַכט. מ׳איז זיך צונויפגעלאָפן ווי ס׳וואָלט אויסגעבראָכן אַ שריפה. איר שפּילט זיך מיט די ייִדן פון די ווילנער געסלעך! מ׳איז גרייט געווען אים צו מימתן אויפן אָרט. זיי האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אַן אויג אויף אים, דעם שכן־רע. אוי לרשע ואוי לשכנו. ער מאַכט אַ תל־עולם פון דער יוגנט, ער מאַכט

זיי קאַליע די קינדער זייערע וואָס גייען נאָך זײַן נאַרישן קאָפּ. איין נאַר מאַכט אַלע צו נאַר. דאָרט ווו משה ענגלעשטערן שטייט — האָבן זיי געפּלעגט זאָגן — מעג ברענען די ערד אונטער אים.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָבן אים די גאַסנקינדער נאָכגעשריגן:

— שמדניק! מיסיאָנער! פאַרקויפטע נשמה! חזירישע מאָרדע! יאָלד אין אַ קאַפּעלוש! ציגנבאָק! משוגע צום טויט!...

דאָס אַלץ איז געווען איר שטיקל אַרבעט. דאָס האָט זי אָנגעסטראָיעט די ווײַסע חברהניקעס, אַז זיי זאָלן אים נאָכצופן שטיינער, נישט לאָזן דורכגיין די גאַס. ס'לעבן זאָל אים פאַרמיאוסט ווערן, אַז ס'זאָל בײַ אים ווערן אַן אָפּקומע־ניש. וועט איר גרינגער זײַן פּטור צו ווערן פון איר פריטשעפּע, דאָס שטיק סמאָלע.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז יענער קריטישער נאַכט, ווען זי איז אַ האַלב־וואַכע געלעגן אין בעט און מער געפילט בחוש ווי געזען מיט די אויגן, ווי ער דערנענטערט זיך צו איר אויף די שפּיץ פינגער מיט צוויי אָפענע פאַרויסגע־שטרעקטע הענט, ווי אַ לונאַטיקער, און זוכט אַן־וואָס זיך אָנצוכאַפּן, עפּעס אַרײַנצוקריגן אין זײַנע קראַמפּהאַפטע גיריקע הענט... איר האַלדז.

זי האָט געפילט ווי ער וואָלט זיך שוין אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין איר לײַב ווי מיט אָנגעגליטע צוואַנגען. פון בלויז שרעק האָט זי אויפגע־הויבן אַ פאַרצווייפלטן גוואַלד. מער האָט זי נישט באַדאַרפן. דאָס שוואַרצע אויפגעלויף האָט שוין געאַרבעט פאַר איר. מ'האָט אים געבונדן די הענט אויף הינטנאַרום. ער האָט געהאָט אין זיך אַ בייזע גבורה, ווי אַלע משוגעים. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט מיט אים קיין עצה געבן. מ'האָט אים אויף קיין פאַל נישט געקאָנט אַרונטערדרייען די הענט. ביז עמעצער האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פיסל, ער זאָל פאַלן — דעמאָלט האָט מען אים געמאַכט אומשעדלעך און שויז אַן שוועריקייטן אים אָוועקגעפירט אין משוגעים־הויז.

דאָס אַלץ האָט ער באַשריבן, ענגלשטערן, אין זײַנע רעוועלאַציעס, אין זײַן בוך מעמוארן, וואָס ער גרייט זיך איצט אַרויסצוגעבן, אין די „זיכרונות פון יענער וועלט", ווו ער דעקט אויף פאַר דער גאַנצער וועלט דעם גרויסן שווינדל, דעם וועלטסקאַנדאַל מיט די משוגעים, וואָס זענען גאָרנישט קיין משוגעים, קיין גייסטיקקראַנקע, נאָר פּשוטע פאַרברעכערס, קרימינאַליסטן, מעסערשטעכערס, הערשטן פון באַנדיטן־שייקעס, קאַסעברעכערס און איבערפאַלערס, וואָס האָבן נישט איין קרבן אויף זייער פאַרפלעקט געוויסן. זיי פילן זיך דאָרט ווי אין אַ גן־עדן־התחתון. טרינקען בראַנפן, אָרדענען איין הוליאַנקעס, לעבן מיט די צעדרייטע פרויען און שפּילן אין קאָרטן מיט די דאָקטוירים און וועכטערס. דאָס משוגעים־

הויז דינט זיי ווי אַ מקום־מיקלט פאַר זיך און אַ נייטראַלער פּאַס פאַר זייערע פאַרברעכנס, דער פּסק־דין פון דער געזעצליכקייט האָט נישט דאָ קיין שליטה איבער זיי. זיי לאַכן זיך אויס אין זייער פאַרפאַנצערטקייט פונעם גאַנצן הויכן געריכט.

די מישפּחה־מענטשן זייערע האָבן באַצײַטנס אָפּגעקויפט די געשווירענע ריכטער מיט די אויספאַרשער; געשמירט אויף רעכטס און לינקס; אונטערגערוקט גרויסע סומעס געלט די פּראָקוראָרן; אָפּגעחורשט דעם שפּיטאָל־פּערסאָנאַל מיט דער גאַנצער ליטונג און די צום טויט־פאַרמישפּטע לעבן דאָ אַ גוטן טאָג. זיי האָבן אין תּפיסה סימולירט משוגעת, געענטפערט אויפן געריכט נישט צו דער זאַך, געמאַכט הוועיות, געזונגען פריילעכע לידער און באַלד זיך צעוויינט, געגאָסן מיט ביטערע טרערן און אויסגעשאָסן מיט אַן אידיאָטיש געלעכטער, און אַנשטאָט פאַרמישפּט צו ווערן צום טויט, האָט מען זיי, ווי גייסטיקקראַנקע, באַפרייט, אַראָפּגענומען פון זיי יעדע שולד און אַרײַנגעגעבן אינעם היילאַנשטאַלט, ווו זיי מאַכן אַ משוגע־זאַרגלאָז לעבן — אין שווילטאָג, אין אויסגעלאַסנקייט און הפקרות.

דאָס הייסט אַ געוויינטלעכער פּראָצעס. אַלע גייען דאָ אַרויס צופרידן און מיט אַ ריין געוויסן. אי די ריכטער האָבן אויסגעפילט זייער פונקציע געוויסנהאַפט לגבי דער געזעצליכקייט: די פאַרברעכערס זענען באַזײַטיקט, איזאָלירט און מער נישט שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט; אי די באַשולדיקטע, וואָס נעמען אָן באהבה זייער גורל פון אייביק־פאַרמישפּטע — צו לעבן און שטאַרבן ווי משוגעים. וואָרן ס׳איז אַלץ בעסער אויסצולעבן נאָרמאַל די יאָרן אין אַ משוגעים־הויז, איידער צו ווערן — אין בעסטן פאַל, בײַ גינסטיקע אומשטענדן — פאַרמישפּט אויף אייביקער תּפיסה, און אָפּקומען אַ לעבן פון אַן אַרעסטאַנט אין ענגע טורמע־קאַמערס, ווו די אײַנגעשלאָסענע לעקן נישט דאָרט קיין האָניק.

די פאַרברעכערס אַליין, וואָס האָבן אויסגעמיטן דעם טויט, רײַסן זיך גאָרנישט אַרויסצוגיין אויף דער פרײַ. זיי ווייסן אַז מיטן מאָמענט, ווען זיי פאַרלאָזן דעם פּסיכיאַטרישן אַנשטאַלט — זייער שוצמויער — ליגן זיי אונטער אויף ס׳נײַ דער גאַנצער שאַרפקייט און האַרבקייט פונעם געזעץ, וואָס קאָן אויספירן איבער זיי דעם שוין איין מאָל געחתמעטן טויטאורטייל. אַלע פאַרמישטע אין דער אָפּערע קאָנען דעריבער זײַן רויִק אַז זייער שווינדל וועט קיין מאָל נישט אויפגעדעקט ווערן און וועט בלײַבן אַ קיין מאָל דורך קיינעם נישט אַנטפּלעקטער, אייביקער סוד — פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער — ביזן קבר אַרײַן.

אַ שטיק צוליב דעם האָט ער, ענגלשטערן, אונטערגעצונדן דאָס שפּיטאָל פאַר גײַסטיק קראַנקע, ער זאָל קאָנען פון דאָרט אַרויס אויף דער פרײַ און אַרויסטרעטן פאַר דער וועלט מיט זײַן „זש׳אַקיוז!“, ווי עמיל ז אָ ל אַ אין זײַן צײַט, און

אויפרודערן דאָס געוויסן פון דער גאַנצער וועלט. דאָס וועט זײַן אַן „איך באַשולדיק!״ קעגן די אייביקע באַשולדיקער, קעגן דער אַלמעכטיקער יוסטיץ, אין וועמענס הענט ס׳געפינט זיך דער סצעפּטער פון דער גערעכטיקייט און אין וועמענס הענט ס׳ווערן איבערגעענטפערט דער גורל פון מענטשלעכע לעבנס — לחיים אָדער למוות.

ער קלײַבט זיך איצט, ענגלשטערן, צו דעמאַסקירן די העכסטע שפּיצן, דאָס העכסטע געריכט, אַלע טריבונאַלן, די יעראַרכיע, די מאַראַלפּרעדיקער, די אַפּהיטער פונעם געזעץ. אַלע וועט ער זיי אויסטון — נאַקעט ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט. קיינער נישט, נאָר איין ענגלשטערן וועט זיי שלײַדערן דעם אמת אין פּנים אַרײַן אין זײַנע „זיכרונות פון יענער וועלט״. ס׳וועט זיי ווערן קאַלט און וואַרעם. זיי וועלן זיך קרעקן מיט אים ווי מיט אַ ביין — נישט אויסצושפּײַען און נישט אַראָפּצושלינגען.

— מיט ענגלשטערנען טאָר מען זיך נישט אָנהייבן — זאָגט ער אים, משה מעטן, בײַ יעדער געלעגנהייט. מע קאָן שלעכט ענדיקן. ווער ס׳האָט מיט ענגלשטערנען צו טון ריכט זיך אויס אַ וויסטן סוף. זײַן אייגן ווײַב, די בילדשיינקייט האָט עס אויך נישט געמיטן. די שטראָפנדיקע האַנט פון דער גערעכטיקייט האָט אויך צו איר, דער אישה־רעה, דערגרייכט. מ׳האָט זי אײַנגעזעצט אין תפיסה ווי אַ געוויינטלעכן פאַרברעכער. זי וועט שוין דאָרט פאַרפוילט ווערן צוזאַמען מיט קינדערמערדערינס און מיטן נידעריקסטן אָפּפאַל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ענגלשטערן רוט נישט ביז וואַנען די גערעכטיקייט צוזאַמען מיט אים גייען נישט אַרויס די טריומפירערס, די זיגערס.

ער איז טאַקע אַ ווערטפולער מענטש, דאָקטאָר משה ענגלשטערן. קיין סך אַזעלכע ענגלשטערנס וואַלגערן זיך נישט אין די גאַסן. אָבער זײַנע פּלענער און משונהדיקע פאַנטאַזיעס גרייכן צו הויך אין די רוימען, אַז ער זאָל זיי קאָנען אַזוי לײַכט אַראָפּנידערן, דערנענטערן צו דער ערד פון דער פאַרווירקלעכונג זייערער, אַראָפּשלעפּן אויף רעאַלן באָדן, פאַרווירקלעכן זיי. פּאַקטיש דיספּאָנירט ער דאָך נישט מער ווי מיט די צען פינגער. אין זײַנע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן זעען די פאַרמעסטן אויס צו זײַן גיגאַנטיש, אוטאָפּיסטיש, אומדערגרייכיק. אַז ער זאָל זיי קאָנען באַהערשן און ריכטן, אין דער צײַט ווען ער אַליין לאָזט זיך בייגן וווהין דער ווינט בלאָזט. גיי, נעם און שפּאַן אײַן אַן אָדלער אין אַ שווערן פולאָנגעלאָדעוועטן וואָגן. אַז מע קוקט אויף זײַנע שווערבאַלאָדענע פּלענער און מע כאַפּט אַ בליק אויף אים גופא זעט מען ערשט דעם גרויסן קאָנטראַסט, פון ענגלשטערן דעם בעל־חלומות און וועלטקענער ביז ענגלשטערן דעם בן־אָדם, וואָס האָט נישט קיין פּאַסנע שטיקל ברויט אָפּצועסן, און דאָך איז נישטאָ אַזאַ כוח

וואָס זאָל אים קאָנען אָראָפּשלאָגן פון זײַנע אַמביציעס, וואָס זענען הימלווײַט פון זײַנע רעאַלע מעגלעכקייטן.

אויב אַזוי בלײַבט דאָך ווײַטער אומפאַרענטפערט, אַ ספינקס דער גאַנצער ענגלשטערן: ווער איז ער פאַרט דער לאַנגהאָריקער און קורצמאַנטלדיקער פאַר־שוין: אַ מלאך־אלוקים, צי אַ טײַוול, אַ שד, אַ נידערטרעכטיקע בריאה? און אפשר איז זײַן ווײַב געטעכט געווען און נישט ער? אפשר איז זי דער קרבן און ער דער באַגראַבער אירער? ווי קאָן מען דערגיין בײַ אים די שיידליניע צווישן די צוויי קעגנגעזעצטע ענגלשטערנס וואָס זיצן אין אים, אין זײַן איינעם גוף און לעבן צווישן זיך בשלום, אידיליש, אין פולשטענדיקער האַרמאָניע?

מעגלעך, אַז ער האָט פאַר זיך, משה מעט, נישט עפּעס אַנדערש נאָר ווי אַ מענטש אַ חסר־דעה. דאָס געריכט קאָן אַפילו אַזעלכן נישט מישפּטן. ער איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זײַנע מעשים. און ער אַליין ווייסט דערפון און קאָן זיך דעריבער דערלויבן אויף אַלעם, וואָרן ער וועט אַרויס אומבאַשטראָפט. וואָס קאָן מען וויסן וואָס אַזעלכן קאָן פּלוצים אײַנפאַלן אין זײַן צעדרייטן מוח?

אָבער דאָס איז אַ משוגעת אַזוי צו טראַכטן וועגן אים. ער טוט דאָך פאָרט אַלץ מיט אַזאַ פּינקטלעכער אויסגערעכנטקייט און מיושבדיקייט. מעגלעך אַז אין יענע אײַנפאַלן גופא ליגט די אומנאָרמאַלקייט און נישט אינעם אויספירן זיי. אָפט מאָל פירט ער זיך טאַקע אויף הויכשטאַפּלעריש. ער גייט אַרום אַן אײַנגע־גלייבטער אין דער גרויסקייט פון זײַן נאָמען, שטרײַכט אונטער בײַ יעדער גע־לעגנהייט, אַז אין הײַנטיקן יאַרהונדערט איז נישטאָ קיין גלײַכן צו דאָקטאָר משה ענגלשטערן, דעם בעל־מופת, דעם רופא־חולים, דעם הייליקן, דעם נביא, וואָס ווייס יענעמס געדאַנקען, קוקט אַרײַן אין יענעמס פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט ווי אין אַ שפּיגל.

ער איז טאַקע אַ פּעיִקער מענטש, דער ענגלשטערן, אַן אויסערגעוויינטלעך באַגאַבטער, אָבער נישט קיין קלענערער שאַרלאַטאַן. ער מוז זיך פון אים אָפּ־טשעפּען וואָס גיכער, כל־זמן ס'איז נאָך דאָ צײַט און דער קאָפּ זײַנער זיצט אים נאָך אויפן קאַרק.

ער איז געלעגן אײַנגעטוליעט אינעם קאַץ, משה מעט, און אַן אײַנגעמאַ־טערטער פון אַ גאַנצן טאָג, פון די אומרויִקע טראַכטענישן לײַכט אײַנגעדרעמלט. ער ווייסט אַליין נישט ווי לאַנג ער איז אַזוי געלעגן. צו זײַן אויער האָט זיך פּלוי־צים דערטראָגן אַ שעפּטשען. ער האָט געעפנט די אויגן אין שרעק. ענגלשטערן איז געשטאַנען איבער אים צוקאָפּנס, אָנגעטון, גרייט צום גיין:

— קומט, גיכער, ס'ווערט שפּעט, מיר דאַרפן שוין גיין.

משה מעט איז אויפגעשפּרונגען פון געלעגער:

— מע דאַרף דאָך באַצאָלן פאַרן עסן, פאַרן נאַכטלעגער.

— באַצאַלן, באַצאַלן, ס׳איז שוין אַזוי גוט ווי באַצאַלט. שוין אַלץ באַצאַלט.

דאָקטאָר ענגלשטערן איז אויף די שפּיץ פינגער אַראָפּ פון לייטער, און שטייענדיק אויפן אונטערשטן טרעפּל אַרויפדערלאַנגט משה מעטן די האַנט, ער זאָל זײַן פאָרזיכטיק בײַם אַראָפּגיין, מע זאָל נישט הערן קיין שאָרך. פון אַנדערן חדר מיט דער האַלבאָפּגעלענטער טיר האָט זיך דערטראָגן דאָס שנאָרכן פון די שלאָפנדיקע. משה מעטן האָט געשוידערט פון קעלט. ס׳האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. ער האָט געזען ווי דער דאָקטאָר ענגלשטערן פאַרעט זיך בײַם שליסל, דרייט אים לאַנגזאַם איבער צוויי מאָל אין שלאָס, טשעפּעט אָפּ דאָס קייטל, שפּאַרט עטוואָס אָפּ די טיר און הייסט אים גיין דער ערשטער.

מיט שטילע שאָרכלאָזע טריט האָבן זיי זיך גענומען אַוועקגנבֿענען פון דער אכסניה. ענגלשטערנס טריט האָט מען אין גאַנצן נישט געהערט. ער טראָגט דאָך לײַוונטענע לעטשלעך אויף גומע. משה מעט האָט געהויבן די פיס אומגעלומ־פּערט, שווער, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַ גליטש. אַן ערשטער האָן האָט אויפגעקרייט, אַ ווײַט בילן פון אַ הונט האָט זיך ערגעץ פאַרלוירן אויף יענער זײַט באַנפלאַנט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צופוס מיטן אויסגעטראָטענעם שמאָלן וועגל בײַם שאָסיי. די שאַרפע פעלדווינטלעך האָבן געשמיסן אין פּנים. אינעם פאַרטאָגיקן שטילשווײַגן האָט גענומען בלאָען דער הימלראַנד אין פאַדערשטן האַלבקרײַז, געוואָרן העלער און העלער.

ביזן ביין האָט משה מעט געפילט די דורכנעמענדיקע קעלט און די היץ אויפן פּנים. ער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, מע זאָל אַן אָרעמען ייִד אַנזעצן פאַר אַ נאַכטלעגער מיט אַ וועטשערע. ס׳איז דאָך אומדערהערט אַזאַ זאַך.

— קומט, קומט, קלערט נישט אַזוי פיל אַרײַן אינעם עסק — איז דאָקטאָר ענגלשטערן געבליבן וואַרטן אויף אים אַ פּאָרויס־אַוועקגעשפּאַנטער — ס׳איז רעכט אַזוי, אַ מאָדנער מענטש — טראַכט איר זיך — דער דאָקטאָר משה ענגל־שטערן, אַ טשודאַק אַזאַ.

— אָבער...

— וואָס אָבער?

— וואָס וועלן מענטשן זאָגן?

— איר ווייסט נישט וואָס מענטשן וועלן זאָגן? איר זענט אַ נאַיִווער מענטש. איר קענט נישט די וועלפּישע געזעצן פונעם שפּעסנעם לעבן, קענט איר נישט. ערשט דעמאָלט וועט מען פאַר אײַך האָבן דרך־ארץ. געקומען, אַ בליץ געטון איבערן פאַרחושכטן הימל און פאַרשוווּנדן. אַזוי נעמען זיך וועבן לעגענדעס.

— אַ טעות, דאָקטאָר, נישט דאָס וועט מען זאָגן. מע וועט זאָגן פּראָסט און פּשוט: דאָקטאָר ענגלשטערן מיט משה מעט האָבן זיך אָפּגעטראָגן ווי די פּחדנים, די צוויי נאַכטפייגל האָבן געמאַכט פּליטה פון שטעטל.

# קאַפּיטל אײנאונצוואָנציק

# לעצטע גילגולים פון אַ גאָטזוכערישן מענטש

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, אַ האַרבער. די שאַרפע ווינטן האָבן געשניטן ווי די מעסערס. הפקרע שניי־געווירבלען האָבן פרײַ אַרומגעהוליעט איבער די ווײַסגעהילטע וואַרשעווער גאַסן, זיך אַרײַנגעריסן מיטן שניי־שטויב אין די טויערן און הויזאַרײַנגענג ביז צו די שטיגן. ווי געדיכטע ווײַסע רויכקנוילן זיך געהויבן, געשטורעמט אין פלאַטערדיקן געדריי און זיך אָפּגעלייגט — אַ וואַל נאָך אַ וואַל — בײַ די זײַטן מויערן און אין די ווינקלען פון די הייף.

די ווײַסע ווינטערדיקע וועלט מיט די גרין־אויסגעשטערנטע נעכט און בלײַענע טעג האָט ווי פאַרלוירן דעם חשבון פון דער צײַט און אַן אײַנגעפרוירענע, אַ צוגעקאָוועטע נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אָרט. אויף די פאַרפרוירענע שויבן האָט זיך געהאַלטן דער פאַרצויגענער געדיכטער אײַזיקער געוועב פון צעבליטעביימער און בלומען. די פאַרהעמערטע טאָפּל־פענצטער, פאַרלייגטע אין צווישן מיט וואַטע, באַשאָטן פון אויבן מיט בונטקאָלירקע בלימעלעך און גרינעם קינסטלעכן וואַלדמאָך, האָבן ערנסט פאַרטראַכט געקוקט מאַט און שטאַר, ווי מיט פאַרבעלמעטע אויגן, אַראָפּ צו דער שטומער, בלענדיק־פײַערלעכער גאַס.

יעדעס מאָל, ווען ס׳האָט געגעבן אַ כאַפּ אַ פראָסט, איז דאָס וואַסער געפרוירן געוואָרן אין די רערן. און דינסטמיידלעך מיט אָנגעהאָנגענע פאַלטנדלעך האָבן געטראָגן קובלעס וואַסער פון אַנדערן עק גאַס. די גאַזלאַמטערנס האָבן אין די פלוצים־אָנגעלאָפענע פאַרנאַכטן געברענט מיט קליינע פײַערלעך. ס׳האָט אויסגעפּעלט גאַז. דאָ און דאָרט האָבן געפּלאַצט גאַזרערן און פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ זויערלעך־ביטערן גאַז־ריח ביז צום איבלען. געפּלאַצטע וואַסעררערן האָבן פאַרגאָסן סוטערינעס און הייף. אויף טייל ראָגן זענען געשטאַנען געפּלאָכטענע אײַזערנע אייוועלעך אָנגעפילט ביז אַרויף מיט צעגליטע קוילן אַרומבאַשטעלט מיט שלעפּערס, אַרבעטלאָזע און קינדער. דורכגעפרוירענע פאַרבײַגייער האָבן זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַל, געוואָרפן אַ פאַרדעכטיקן בליק אויף די פאַרחושכטע פּנימער, זיך עטוואָס דערוואַרעמט און ווײַטער אָוועקגעאײַלט איבערן פאַרשנייטן טראָטואַר.

ווי נאָר דער פראָסט האָט געפּלאַצט און ס׳איז געוואָרן אַ ביסל לינדער, האָט מען געמיינט: שוין, ער טראָגט זיך שוין אָפּ דער ווינטער. אויף די גאַסן

האָבן זיך באַוויזן אַרבעטלאָזע מיט לאָם און רידל אויף דער פּלייצע, געשיקטע פון מאַגיסטראַט אויף אָפּצורייניקן די גאַסן. זיי האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן אויפן גאַנצן זיכער. די טראָטואַרן האָבן אָפּגעדעקט זייער אמתדיק פּנים מיט די געקעסטלטע שטאָלגראָע פּליטן. די רינשטאָקן האָבן אויפגעזונגען מיט אַ פּרײַלינגדיקן בלעזלדיקן געבולבל פון די אָפּלויפנדיקע וואַסערן. און נאָך עטלעכע וואַרעמע טאָג האָט אויף ס'נײַ געגעבן אַ פּאַל אַראָפּ אַ שניי און צוריקגעבראַכט דעם ווינטער אין שטאָט אַרײַן, ווי עס וואָלט קיין מאָל גאָרנישט געווען.

איבער די לאַנגע ווינטער־חדשים איז משה מעט אַרומגעפאָרן מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן איבער די ייִדישע שטעטלעך אויף דער פּראָווינץ. ענגלשטערן האָט געהאַלטן דעם רעפּעראַט און משה מעט האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר דער אוידיטאָריע, ווי דעם באַרימטן דאָקטאָר־פילאָזאָף, דעם מעדיקער, בעל־מופת, וואָס איז מחיה־מתים מיט זײַן קוק; מאַכט פון טויט — לעבעדיק. לאָמע און פּאַראַליזירטע הייבן בײַ אים אָן צו גיין; היפּאָכאָנדריקער הערן זיך אויף צו קלאָגן אויף זייערע אײַנגערעדטע קרענק און מעלאַנכאָליקער לאָזן זיך בײַ אים אַוועק אין אַ טאַנץ — דאָס אַלץ היילט ער אויס, דער דאָקטאָר, בלויז מיט סוגעסטיע. בכדי צו באַקרעפטיקן זײַנע רייד, צו ווײַזן, אַז ער רעדט נישט סתם אין דער וועלט אַרײַן, נישט־געשטויגן, נישט־געפלויגן, האָט ער אַרויפּגעאַרבעטן אויף דער בינע, משה מעט, יעדן וואָס לײַדט אויף די ציין. נישט אַלע האָבן געוואָלט אַרויפגיין. דער אומצוטרוי איז געווען שטאַרקער פון די אַלע רייד. נאָר יעדעס מאָל האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט ריזיקירט און מיט צוריקגעהאַלטנקייט געשטעלט די טריט איבער די שטיגעלעך וואָס האָבן געפירט אויף דער בינע אַרויף. דער דאָקטאָר ענגלשטערן איז אַרויסגעקומען פון הינטער די קוליסן אָפּער, געמאַכט עטלעכע טריט צום פּאַציענט, אים אַרײַנגעקוקט לאַנג אין די אויגן אַרײַן, געגעבן אַ שווינדלדיקן פיר מיט די הענט איבער יענעמס פּנים און אויגן, אָנגעהויבן שפּרינגען אַרום יענעם אין אַ משונהדיקן עקסטאַז, צוגעשפּרינגען ווי אַ חיה צום באַפאַלן, און אָפּגעשפּרינגען ווי פון אַ פײַער, אין מורא זיך נישט אָפּצוברײַען, אַרויסלאָזנדיק דערבײַ אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען ווי ער וואָלט גערעדט אויף אַ שפּראַך פון אַ ווילדן שבט וואָס ס'איז פאַר קיינעם נישט פאַרשטענדלעך, נאָר פאַר אים אַליין.

ווען דער סעאַנס האָט זיך געענדיקט האָט דער פּאַציענט — נישט־טויט, נישט־לעבעדיק — דערקלערט פון דער בינע אַראָפּ, אַז ער פילט נישט מער קיין שום ווייטיק אין מויל. די ציין האָבן אים אויפגעהערט ווײ טון, און מיט וואַקלדיקע טריט ווי אַ שיכור, צוריק אַראָפּ אין זאַל, אַ באַוווּנדערטער פון גאַנצן עולם, וואָס האָט שוין איצט אויפגענומען יעדעס וואָרט פון דאָקטאָר ענגלשטערן ווי ס'וואָלט געווען תורת־לאָקשן.

נישט אומעטום האָט ענגלשטערן געהאַלטן דעם זעלביקן רעפּעראַט. אין טייל שטעטלעך איז ער אַרויסגעטרעטן מיט אַנדערע, נישט־ווייניקער אַנציִענדיקע פּאַרטראַגן, וואָס האָבן אַנגערירט די יסודות און סודות פונעם זײַן, פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. ער איז געווען אויסגעקאָכט דורך און דורך מיט אַלע פּראָבלעמען וואָס ער האָט באַהאַנדלט אין זײַנע רעפּעראַטן און אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע אַלזײַטיקע באַהאַוונטקייט פון דער טעמע, וואָס עס האָט עדות געזאָגט וועגן דעם מילגרוימיקן גרינטלעכן וויסן מיט וואָס עס דיספּאָנירט דער פּרעלעגענט.

די גרויסע פאַרביקע מעטערלאַנגע פּלאַקאַטן, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך אין דער טעקע, האָבן אויף איינעם געמאָלדן אַז דער לעקטאָר וועט רעפערירן וועגן היגיענע און פיזישער דערציִונג פון קערפּער און זײַן אײַנפלוס אויפן גײַסטיקן גלײַכגעוויכט פונעם מענטש. אויף אַ צווייטן פּלאַקאַט איז געשטאַנען, אַז ער וועט רעדן וועגן דער משיח־אידייע, דער דערלייזערישער אימפּעראַטיוו און ליכטזײַל אונטערן שאָטן פון די אויסגעשפּרייטע שוואַרצע פליגל פונעם אַלטערטום דורכן מיטלאַלטער ביז די הײַנטיקע טעג. ער האָט אויך געהאַט אַ רעפּעראַט וועגן דעם עקשנותדיקן דראַנג און באַהערשערישן זיג פונעם דרײַסטן מענטשלעכן געדאַנק אין זײַן אַרומנעם די וועלט־קאָנסטעלאַציע אינעם אויסמעסט פונעם אומענדלעכן קאָסמאָס. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט אָבער געהאַט דער פּאַרטראַג וועגן מענטשלעכן לעבן און די פּסיכישע אייגנשאַפטן פונעם בן־אָדם אין די ראַמען פונעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם פון זײַן נערוון־סיסטעם אויפן פאָן פון דער מעטאַפיזישער וועלט־אַנשויונג און אירע באַגלייט־דערשײַנונגען, ווי דער אָבערגלויבן, שרעק און אומצוטרוי צום אייגענעם איך.

יעדער רעפּעראַט זײַנער האָט געהאַט זײַן באַזונדער מזל. אויף אַ סך ערטער האָט מען אים פּשוט פאַריאָגט פון שטעטל צוליב זײַנע אַפּיקורסישע סענטענצן און כופר־בעיקרדיקע אויספירן געכפּלט מיט געצנדינערישן אַפּאָטעאָז, באַגלייט מיט פסוקים פון דער עוואַנגעליע און תורת־משה, באַווירצט מיט אַגדתאָס און מאמרי חז״ל, וואָס ער האָט געשיט ווי פון אַרבל אַרויס.

ווען ער איז צוגעקומען — אין רעפּעראַט וועגן מאָראַל און פאַמיליע־לעבן — צו דער שטעל, ווו ער הייסט די פרוי זאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך די פאַרשימלטע קליידער פון דער ציוויליזאַציע און צוריקגיין צום אורקוואַל פון דער נאַטור, האָט זיך אַ טראָג געטון איבערן זאַל אַ געמורמל וואָס איז איבערגעגאַנגען אין אַ טומלדיקן הייבן זיך אויף די בענקלעך. און ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם פסוק: — „פרוי, האָסט אַ שיינע ברוסט — דעק זי אָפּ!״ — האָט מען אים גענומען באַוואַרפן מיט וואָס ס׳איז געקומען אונטער די הענט. צו דער בינע אַרויף האָבן גענומען פליִען היטלען, קנוילן פּאַפּיר, אויסגענאָגטע ביינער פון פּולקעס

גענדזונס, באַגלייט מיט געשרייען און געפּײַפערײַ, אַז ער איז קוים אַרויס אַ לע־בעדיקער פון זאַל. מיט הינטערגעסלעך האָט ער גענומען לויפן צו דער באַן, זיך גישט אומקוקנדיק, צי משה מעט האָט זיך באַוויזן צו ראַטעווען צוזאַמען מיט אים, צי מ׳האָט אים דאָרט אָוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט. אַזוי גרויס איז געווען די אויפגעבראַכטקייט און צעיושעטקייט פון די חסידישע יונגעלײַט, פאַר־נעם פרומפאַנאַטישן קליינשטעטלשן עולם.

אַז ער האָט אויפן וואַקזאַל דערזען לעבן זיך משה מעטן, האָט ער, ענגל־שטערן, אים געקלאַפּט גוטברודעריש אין פּלייצע:

— איר טויגט זיך אויס, בראַטאַק... מער פון מיר. אַזוי איז גוט. אין לעבן דאַרף מען זיך אויסטויגן. אַז מ׳האָט צו טון מיט אַזאַ פאַנאַטישער יוגנט, ווי דאָ, אין דעם פאַרדריפּעטן שטעטל, איז וואָס איז דאָס ווונדער. משיחן אַליין וואָלטן זיי אַזוי פאַריאָגט, איר שפּילט זיך מיט אַזעלכע חברה־לײַט. מיר האָבן נאָך אַזוי אויך אָפּגעשניטן מיט חסד. זיי האָבן אונדז געקאָנט צעברעכן די ביינער, אַז מע זאָל דרײַ וואָכן דאַרפן ליגן אין בעט. נו, קאָן ווער וויסן וואָסערע קרבנות מע דאַרף ברענגען פאַר אַן אידייע אין לעבן.

משה מעט האָט גאָרנישט געענטפערט אויף די אַלע רייד פונעם צעשויבערטן ענגלשטערן. ער האָט שוין געדאַנקט גאָט, אַז ס׳איז אַנגעקומען דער צוג, וואָס האָט זיי אָוועקגעפירט פון דאָזיקן גיהנום.

וואָס וועט ער מיט אים אײַנטענהן, מיט דעם ענגלשטערן, אַז יענעם אָרט עס פונקט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. זאָלן זיי זידלען, מאַכן גוואַלדן, שפּײַען אין פּנים. דאָס אַלץ קלעפּט זיך צו אים ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. וואָס האָט מען שוין נישט געזאָגט אויף זיי? שווינדלער, אַפּעריסטן, בויכריידער, שבתי־צביניקעס. ווי קאָן מען דאָס אַלץ איבערטראָגן אַזוי לײַכט? נישט בלויז וואָס יענער ווערט דערפון נישט נתפּעל, נאָר פאַרקערט, ער נעמט עס נאָך אויף מיט שטאָלץ, ווי ס׳וואָלט אים פאַרשאַפט כבוד, און טייל מאָל ווי אַ מאַרטירער, וואָס דאַרף אָפּקומען פאַרן אמת וואָס ער פּרעדיקט, פאַר זײַנע שטראָפּרייד, פאַרן אײַנשטעלן זיך אין נאָמען פון הייליקן יושר, וואָס מע דאַרף אים זוכן מיט ליכט אַפילו בײַ אים, דעם פּרעדיקער אַליין, וואָס טוט פונקט דאָס קאַפּויערדיקע פון דעם וואָס ער זאָגט יענעם און זיך. נאָר ער מעג זיך דערלויבן צו ברעכן די געז־זעצן, ווײַל ער איז דער באַשאַפער פון די געבאָטן. די אַנדערע אָבער מוזן אָננע־מען זײַן תורה אַזוי ווי זי שטייט און גייט. אים טאָר מען נישט ווידערשפּעניקן מיט קיין וואָרט. דער וואָס רעדט אים אַקעגן ווערט ער בײַ אים גלײַך פאַררעכנט פאַר אַ שונא, וועמען מע דאַרף פאַרפאָלגן אַ גאַנץ לעבן ביזן קבר אַרײַן.

ער האָט זיך שוין וויפל מאָל געזאָגט, משה מעט, אַז ער וועט אָפּהאַקן מיט אים, מיט דעם ענגלשטערנען. ווי לאַנג איז דער שיִער אויסצושטיין אַזעלכע

בזיונות? ער מוז האָבן, ענגלשטערן, נישט אַנדערש נאָר אַ הויט פון אַ העלפאַנט. ס'זאָל אַ מענטש אַזוי נישט אַרן די עמערס שמוץ וואָס מע גיסט אויף אים פון אַלע זײַטן. די אַלע באַליידיקונגען, וואָס יענער שטייט אויס, גייען דאָך אויף זײַן חשבון. ס'איז ווייניק, וואָס ענגלשטערן זאָגט, אַז ער נעמט אַלץ אויף זיך; אַז דאָס מיינט מען בלויז אים און אַז משה מעטן האָבן זיי אין גאַנצן נישט אין זינען. ער טיילט מיט אים דאָס פּאַמאַיעס גלײַך אויף גלײַך. די זידלערײַען, וואָס גיבן זיך אַ שאָט אויף זיי, ברענען אים אויס, משה מעטן, שטיקער לײַב, ווי מע וואָלט אים געריסן דאָס לײַב מיט אָנגעגליטע צוואַנגען. און ס'זאָל דאָס דעם ענגלשטערן צומאָל געבן אַ טשעפּ! מע זאָגט אים אַרײַן וואָס אין דער קאָרט שטייט, אַז ער איז אַ נואָף, אַ שמדניק, אַ מומר־להכעיס, און ער, ענגלשטערן, פאַרגלאָצט די אויגן, קוקט אויף יענעם מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ אַן אַ זײַט, נישט צו וויסן וועמען ער באַדויערט מער — זיך, צי יענעם, — דעם, וואָס זידלט אים און מאַכט אים מיט דער בלאָטע צו גלײַך.

נאָך יעדן סקאַנדאַל אַזאַ, קומט ער אַרויס ענגלשטערן אַ נאָך מער געלײַטערטער און געריייניקטער, אַ געוואַשענער און אויסגעבאָדענער, ווי ער וואָלט גענומען אַ גוטן שוויץ „פּאַד בלאַכאַן" [1], אין דער „לאַזשניע" [2] אויף מאַרינשטאַט. די אַלע קללות און זילזולים, וואָס ער לאָזט אויף זיך פאַלן, זעען אויס צו זײַן פאַר אים נישט מער ווי די צעפּאַרעטע בעזעמלעך בײַם בעדער אין האַנט, וואָס שמײַסן און בריען דאָס לײַב. אי מע פּײַניקט זיך, אי ס'איז מחיה־נפשות.

נאָר ער, משה מעט, וויל עס מער נישט האָבן. קומט אים עפּעס דערפאַר? ער קאָן עס מער נישט דולדן. ער האָט עס שוין גענוג. ער מוז זיך אָננעמען מיט כוח און איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו דער מיאוסער שפּיל. דעם דאָזיקן באַשלוס האָט ער אָנגענומען לעצטנס, אין אַ שטעטעלע נאָך אַ פּאַרלעזונג זייערער וועגן דעם סוד פון אייביקער יונגקייט. דער רעפעראַט איז געווען באַגלייט מיט ליכטבילדער אַזעלכע. אַ גאַנצער פילם וואָס איז געדרייט געוואָרן אין ווילנע. אויף די פּלאַקאַטן איז געווען אָנגעגעבן אַז „דער פּרעלעגענט באָדט זיך בײַ פערציק גראַד פראָסט". מ'האָט געזען פראַגמענטן פון ווילנער גאַסן און געסלעך, וואָס פירן צו דער פאַרפרוירענער ווילִיע, אַן איבערגעצויגענער מיט אַ גראָבער סקאָרופּע פון אײַז. דער פילם האָט געוויזן ווי גאַנץ ווילנע איז געקומען קוקן אויפן בייזן ווונדער. לענגויס דעם ברעג האָבן פישעריונגען אויפגעהאַקט דאָס אײַז. דאָקטאָר משה ענגלשטערן האָט זיך פאַר אַלעמען אין די אויגן אויסגעטון אָדם־נאַקעט, אַרײַנגעשפּרונגען אין שנײַדיקן וואַסער אַרײַן, געשווומען הין און צוריק. אַן אויסגעבאָדענער איז דער ספּאָרטמאַן אַרויס אויפן ברעג, און אַ נאָ־

[1] „אונטערן בלעך" [2] שוויצבאָד

קעטער, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, געמאַכט אַ לויף אויפן קנאַקעדיקן פראָסט איבער דער געפרוירענער ווייליע...

דער פילם־סעאַנס איז אַדורך בשלום. אַלץ איז געווען גוט און פיין. נאָר ווען ער האָט געגומען פרעדיקן זיינע אידייען פון צוריקגיין צו דער נאַקעטקייט, האָט זיך עס ווי אַלע מאָל געענדיקט מיט אַ וויסטן סקאַנדאַל, מיט אַ הייבן בענקלעך איבער קעפּ. דאָס יונגוואַרג האָט דערפילט אין זיינע רייד הפקרות און דעמאָראַליזאַציע. דער רעדנער קאָן נאָך אָנמאַכן אַ חורבן אין די יוגנטלעכע רייען. מע טאָר אים נישט לאָזן רעדן. ס׳קאָן נאָך עלול זיין אַראָפּצופירן די יוגנט פון גלייכן וועג. די יינגלעך און מיידלעך אין זאַל האָבן אויפגעהויבן אַ קאַצניאַמער, און זעענדיק, אַז דער „חשובער פרעלעגענט" און „גרויסע פערזענלעכקייט" מאַכט זיך גאַרנישט דערפון און רעדט ווייטער, האָבן זיי זיך געוואָרפן שלאָגן, מיט שטעקנס און פויסטן האָבן זיי אים מיט משה מעטן פאַרטריבן פון שטעטל.

דאָס אַלץ אָבער איז פאַר אים נאָך ווייניק. אויב אויסבעסערן איז — נישט אַנדערש ווי נאָר די גאַנצע וועלט. ס׳זאָל זיין כולו־זכה נאָך איידער משיח וועט קומען. ער וויל משיחן איינשפּאָרן אַרבעט. ענגלשטערן וועט שוין פאַר אים אויס־גלייכן אַלע גריבער.

ער גרייט זיך איצט אויף אַ פרישער אַוואַנטורע, דער ענגלשטערן. ער האָט עס אים פאַרטרוילעך געמאָלדן איידער זיי זענען אַרויסגעפאָרן דאָס לעצטע מאָל אויפן שלימזלדיקן רעפעראַט. דאָס עסק קאָן זיך ענדיקן פאַטאַל פאַר ביידע ווייל ס׳שמעקט מיט אויספרעסן דאָקומענטן וואָס אָן זיי איז נישטאָ קיין רייד אויף צו לאָזן זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין. ער קלייבט זיך איצט אָנצוברויען אַ סקאַנדאַלכל אין ראַדאָשטש אַז די גאַנצע אָטוואָצקער ליניע זאָל אויפזיין מיט אים. ער וויל דאָרט פאָרן מאַכן קידוש ביי די מיסיאָנערן אויפן היוכן קול. ענגל־שטערן האָט איצט בדעה זיך אַראָפּצוכאַפּן מיט אים אין דער געהיימענישפולער ווילע, צו די מיסיאָנערישע ישיבה־בחורים, אויסצופירן אַ וויכטיקע מיסיע וואָס איז „דיקטירט פונעם געוויסן". ער מוז דאָרט אויפדעקן דעם שווינדל, זיך איבער־צייגן אויפן אָרט ווי ס׳זעט אויס די לאַגע אין דער אמתן; איין מאָל פאַר אַלע מאָל פעסטשטעלן אויף וויפל ס׳האָבן אַ גרונט די אַלע קלאַנגען וואָס זעען אויס צו זיין ביז גאָר פאַנטאַסטיש. דאָס אַלץ מוז ער אויספאָרשן בכדי צו וויסן ווי אַזוי זיי אָנצוכאַפּן פאַרן האַלדז, אַז זיי זאָלן פאַר אים טון אַלץ וואָס ער פאַרלאַנגט.

היינטיקע ציינט ענען נישטאָ קיין סך יידישע בעלנים אויף צו ווערן ווערן פאַסטאָרן און פרעדיקערס און שפּעטער זיך לאָזן אין די אַפריקעס אין אַזיעס צו די ווילדע שבטים און ווערן אין אַ טאָג געלינטשט, אָדער צעריסן דורך אַ ווילדער חיה אין וואַלד, אַז מע זאָל נישט וויסן ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. מע קאָן דאָך אָבער נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און קאַליע מאַכן ברויט; מע

ווייל דאָך פאַר יעדן פרײַז אײַנהאַלטן דאָס מיסיאָנערישע קרעמל אין ראַדאָשטש, דעם שמאַלצגרוב פאַר עטלעכע קאַריעריסטן — נעמט מען און מע שמדט אַפּ קריסטן אויף עוואַנגעלישע ייִדן פון ישוס גלויבן. מע גיט די שקצים אומזיסטע קעסט, אַ ריין געלעגער, און זאָלן זיי טון וואָס זיי ווילן, די יונגען.

לויט ווי מע שמועסט פירן זיי דאָרט אַלע אַן אויסגעלאַסן לעבן, אי די טעאָ־לאָגישע רבּיס, אי די גאַטלאָזע, גריכיש־קאַטוילישע געשמדטע עוואַנגעליקער, וועמען ס'איז אַלץ איינס אין נאָמען פון וועלכן גאָט מע גיט זיי „פּאַפּע" — אומ־זיסטע קעסט און פולן אויסהאַלט. די תּלמידים — די קוטשעראַווע אוקראַינער, די רוסן און ווײַסרוסן מיט די פלאַקסענע קעפּ און אָפּגעברענטע פּנימער — אַרבעטן אַ האַלבן טאָג אין פעלד און דעם אַנדערן האַלבן טאָג קוועטשן זיי די באַנק, שטודירן די טעאָלאָגישע סתרי־תּורה און זאָגן יעדן טאָג אַ קאַפּיטל עוואַנ־געליע. זיי לעבן ווי די נזירים; רייכערן נישט, טרינקען נישט, רעדן נישט קיין ניבול־פּה; פירן זיך אויף אַזוי ווי ס'זאָגט זיך אינעם רעגולאַמין, דעם פּרעגבויגן מיט די אַכטאונאַכציק פּונקטן, וואָס יעדער איינער פילט אויס בײַם אַרײַנקומען אַהער אין טעאָלאָגישן סעמינאַר. אָבער אַז ס'קומט די נאַכט קריכן זיי איינער צום צווייטן אין בעט אַרײַן, טוען אָפּ כל דאָס בייז, פּראַווען אָרגיעס, חזירישע שטיק, זינקען אין זינד און שמוץ. אין דער פרי שטייען זיי אויף ווי כשרע לעמעלעך, אומשולדיק־ריין ווי נײַגעבוירן, און בעת דער פרימאָרגן־תּפילה באַוואונדערן זיי מיט העלע בלאָע אויגן דעם פירמאַמענט אויבן, און אַלץ וואָס ווידמעט זיך אונטן, אויפן כדור־הארץ, וואָס איז פול מיט סוד און רמז, מיט אומדערקלערלע־כע דערשײַנונגען, אַן באַשייד, ווי די שטערן־קאָנסטעלאַציע און ווי דער גאָרער אוניווערס.

נישט אומזיסט ווערן זיי דאָ געהאַלטן ווי אין אַ שטײַג, פּונקט ווי די צירק־חיות, מיט רעכט זיך צו באַוועגן נאָר אויפן באַגרענעצטן שטח פון דער ווילע. ווײַטער טאָרן זיי קיין שפּאַן נישט אַריבערטרעטן אָן אַ דערלויבעניש פון דער קאַנצעלאַריע. יעדער טריט, וואָס זיי שטעלן, ווערט געהיט און קאָנטראָלירט דורך אַן אומגעזעען אויג, וואָס וואַכט איבער זיי און שפּירט זיי נאָך, כאָטש ווו צו אַנטלויפן איז שוין פאַר אַזאַ איינעם סײַ ווי נישטאָ אין ערגעץ. קיינער פון זיי קאָן זיך מער נישט אַרויסדרייען פון דאַנען. ווער ס'פאַלט דאָ אַרײַן איז שוין פאַרמישפּט אויף עולם־וועד. די מיסיאָן האָט לאַנגע הענט און גרייכט אַלעמען וועמען זי דאַרף. זי האָט אירע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט; צווישן אַלע קרײַזן און שיכטן; אין אַלע אַמטן, קלובן און געזעלשאַפטן — פאַנאַטישע אַנ־הענגער, צו מיינסט געוועזענע שילער, וואָס דינען דער מיסיאָן אויף בלינד. מע קאָן זיי אַפילו טרעפן אויף שיפן — צווישן דער מאַנשאַפט און העכערער שיפ־לייטונג.

מיטן מאָמענט ווי איינער ווערט אָפּגעטובלט אינעם הייליקן קוואַלוואַסער, וואָס געפינט זיך פאַרהוילן אין אַ ווינקל פון דער ווילדע צווישן געדיכטע נאָדל־ביימער — אין אַ גרוב מיט ערדענע שטיגעלעך אַראָפּצוגיין, און מע לייגט אויף אים אַרויף אַ שטעמפּל, מע טאַטוירט אים אויס דעם צלם־צייכן אויף דער לינקער האַנט, ווו מע לייגט תפילין, אויפן אָרט ווו ס'דאַרף זיך געפינען דער של־יד, — איז דער מענטש שוין אַ זייעריקער. זײַן גוף און נשמה געהערט שוין צו די חרם־לײַט, די אַפּטריניקע, וואָס ייִדן האַלטן זיי הינטערן גדר פון שקץ־תשקצנו. זיי, די לײַבסערדאַקעס האָבן איבער אים צו זאָגן. ער האָט שוין איבער זײַן גוף נישט קיין דעה. ער געהערט שוין נישט זיך. איין מאָל אָפּגעגעבן זײַן גוף דעם טייוול — האָט שוין דער מענטש פאַרשפּילט ביידע וועלטן. די וועלט און יענע וועלט.

וואָסער זין האָט עס נאָכצוגיין דעם ענגלשטערנען בלינדערהייט, קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַרײַן. צו וואָסער שוואַרציאָר דאַרף ער עס אָנקוקן יענע פּרצופים, פון די ווײַסרוסישע גאַרגלשנײַדערס און אוקרײַנישע פּאָגראָמטשיקעס, די העטמאַנישע זינדלעך? וואָס אינטערעסירט אים דאָס אַריבערגעלאָפענע מיסיאָנערישע שנײַדערל מיט די פאַרשפּיצטע וואָנסעס, דעם געוועזענעם קאַטאַרינטשיק, וואָס האָט געוויזן שוואַרצקינצלערײַ אויף די וואַרשעווער הייף, נאָר די קונץ ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון ווײַב נישט צו דאַרפן ווערן קיין מיסיאָנער, האָט ער נישט געקאָנט באַווײַזן. הײַנט טראָגט ער קראַטענע הויזן מיט בופן אַרײַנגעלאָזט אין די שטיבלעטן ווי אַ צירקרײַטער, זיצט מיט נאָדל־פּאָדעם איבער אַן אויסגעריבענעם לאַכמאַן, האָט עסקים מיט דער מיסיאָנערישער גראָבער קעכין און פּײַפט אויף דער וועלט.

ענגלשטערן זוכט רעוועלאַציעס מיט סענסאַציעס — זאָל ער „זשיך פאַרז געזשונטיקערהייט". ער האָט דאָרט גאָרנישט וואָס צו טון. נאָך וואָס דאַרף ער גיין צום לייב אין פּיסק אַרײַן? ער וועט מיט אים פאַרענדיקן און אַ סוף. די משא דריקט אים שוין צו שווער אויף זײַנע שוואַכע פּלייצעס. דאָס איז די לעצטע נסיעה וואָס ער האָט געמאַכט מיט אים צוזאַמען. ער האָט זיך שוין טאָקע וויפל מאָל געזאָגט דאָס זעלבע, נאָר איצט וועט עס נעמען אַן עק.

זיי זענען געזעסן צעקײַלטע אין ווינקל פונעם הינטערשטאַטישן צוג, וואָס האָט זיי געפירט קיין וואַרשע, אָן אַ גראָשן בײַ דער נשמה, הונגעריק און דורכגעפרוירן פון וואַרטן אַ גאַנצע נאַכט אויפן פינצטערן וואָקזאַל. ס'האָט געצויגן דאָס בעטל אין פּראַגע; דאָס הייסע גלאָז טיי, וואָס די באַפּטיסטישע מיידלעך דאָרט וועלן דערלאַנגען צום טיש פאַרן לייגן זיך אין בעט אַרײַן; דאָס הייסע לײַב פון דער שוואַרצער זאָשע מיט אירע צערטלעכקייטן און דער שלאָף ביזן

גרויסן טאָג אַרײַן יעדעס מאָל, ווען זיי קומען צוריק פון אַ פאַרלעזונג אויף דער פּראָווינץ.

משה מעט איז אָבער איצט געווען באַהערשט פון אַ גלײַכגילטיקייט צו דעם אַלעם. ער האָט זיך אַנגעהאַלטן אָנעם אַנגענומענעם באַשלוס זײַנעם ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ רעטונג־גאַרטל. די פאַרשלאָפענע פּאַסאַזשירן האָבן זיך שי־טערלעך געגעבן אַ שאָט אַרויס פון די נישט־געהייצטע וואַגאָנען.

אײַנגעטוליעטע, מיט אויפגעשטעלטע קעלנערלעך האָבן זיי פאַרלאָזט דעם וואָקזאַל און אַרויס אין שטאָט איבער די פרימאָרגנדיקע גאַסן, וואָס האָבן זיך געגומען וועקן מיט די פרײַע טריט פון די ערשטע פאַרבײַגייער, מיטן רעדער־גערויש פון די פורגאָנעס ברויט און געקלינגערײַ פון אַראָפּגענומענע שטאַרצן פון די פולע קאַנען מילך פאַר די שפּײַזגעוועלבלעך און מילכקראָמען.

איבער די דעכער האָט גענומען אויפגיין דער טאָג מיט ראָזעווע און סעלע־דינענע פאַרבן. די מויערן זענען געשטאַנען שטאַר־געשטרעקטע אין פאַנטאַס־טישן שײַן, וואָס געהערט שוין נישט צו דער נאַכט און האָט נאָך נישט קיין שייכות מיטן טאָג.

ענגלשטערן איז געגאַנגען מיטן שווערן אָנגעשוואָלענעם פאַרטפעל, פול אָנ־געפּאַקט מיט מאַנוסקריפּטן, נאָטיצביכלעך און ברודיקע וועש. בײַ אַ באַלויכטן אויסשטעל־פענצטער איז ער פּלוצים געבליבן שטיין. ער האָט גענומען זוכן אין צעעפנטן פאַרטפעל, דורכגעוואָרפן די פאַרשידענע העפטן, געזוכט עפּעס אַ נאָ־טיצביכל, אַרײַנצושרײַבן אַ געדאַנק, ער זאָל אים נישט אַרויס פון קאָפּ.

אין דער בלאָלעך־גראָלעכער בלייכקייט, באַזוימט מיט מילדן ראָז און העלן וואַסערגרין, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן די לעצטע רעשטלעך שניי בײַם ראַנד טראָטואַר, איז משה מעט מיט אַ מאָל געבליבן שטיין. ער האָט געגעבן אַ שטרעק אויס די האַנט צו ענגלשטערנען, דערפילט אַ בייגערדיקע קאַלטקייט און גלײַך צוריקגעצויגן זײַן האַנט. נישט געקאָנט אַרויסקריגן פון זיך קיין וואָרט, זיך אויסגעדרייט צו ענגלשטערנען מיט דער פּלייצע און לאָזנדיק אים אַ פאַרווונ־דערטן מיט אַן אָפן מויל, גענומען גיך אַוועקאײַלן אין זײַטיקן פוסטן געסל מיטן אויפבראָך אויף אַ נײַעם טאָג.

אַכטער רינג



# אַ לייטישער שידוך

## קאַפּיטל איינס

# אַ פֿרײַע אָפֿענע וועלט

וואַרשע איז נאָך געשמאַק געשלאָפֿן, ווען משה מעט האָט געלאָזט שטיין דעם דאָקטאָר ענגלשטערן אין מיטן דער גאַס און אַוועק פֿון אים אָן אַ „זײַ געזונט". יענער מיינט אַוודאי, אַז ס'איז נישט מער ווי אַ שפּילכל, אַ קאַפּריז אַזאַ פֿון אַ יונג בחורל, וואָס האָט נאָך פֿליי אין דער נאָז. ער וועט זיך אַרומוואַל־גערן אַ גאַנצן טאָג איבער דער שטאָט און ווען ס'וועט צופֿאַלן די נאַכט וועט ער צוריק קאַפּויער קומען. ער וועט נישט־דרײַסט אָנקלאַפּן אין טיר, ווי אַ פֿאַר־שולדיקט קינד, זיך בעטן מיט טרערן אין די אויגן, מע זאָל אויף אים רחמנות האָבן און צוריק אַרײַנלאָזן — ער וועט שוין נישט מער...

אָט דאָס האָט ער אַרויסגעפּילט, משה מעט, פֿון ענגלשטערנס בליק בײַם אָפּקערן זיך פֿון אים אויף יענעם ראָג... אויב ענגלשטערן טראַכט טאַקע אַזוי וועגן אים, קען ער אים נאָך זייער ווייניק, משה מעטן. ער ווייסט נישט, דער „גרויסער פּראָפֿעסאָר", אַז משה מעט כאַפּט נישט צוריק קיין גאַנג. אַרויסגע־לייגט דאָס דאָמינע־ביינדל אויפֿן טיש — ליגט עס. נישטאָ קיין צוריק בײַ אים. אַ קאָזע גייט צוריק, נישט משה מעט. ער מעג שוין פֿאַרגעסן, ענגלשטערן, ער זאָל אים נאָך אַ מאָל אָנקוקן אויף די אויגן. אויסער אַ צופֿאַל זאָל זיי צונויפֿ־ברענגען... ווײַטער נישט.

ער האָט זיי שוין אַלע געענוג, משה מעט. די גאַנצע באַפּטיסטישע שטוב דאָרט אין פּראַגע. דאָס מאַמעלע מיט די לויפֿנדיקע אייגעלעך; דעם „בלאָנדן מלאך", די וואַנדע, וואָס האָט אים געלאָזט שטיין אין סקאַרישעווסקיס פּאַרק, ווי אַ נאַר אויפֿן מאַרק און אַוועק מיטן חתן־דנן, דעם אַנטיסעמיטישן סטודענט געאָרעמט „פּאָד פּאַכע"; דעם דאָקטאָר ענגלשטערן פֿון איין זײַט און דאָס זאָ־שעלע, וואָס האָט שוין גענומען ווײַזן די קעצישע נעגעלעך, קאָמאַנדעווען מיט אים און קריכן אויפֿן קאָפּ — פֿון דער צווייטער זײַט.

עס פֿאַרדריסט אים נישט אין גאַנצן וואָס ער איז פֿון אַלע גליקן צוריק געבליבן אַליין. ס'גיט אים נישט צומאָל קיין טשעפּ וואָס ער האָט איבערגע־

ריסן מיט ענגלשטערנען און זײַנע הויכשטאַפּלערישע פּלענער. ער פילט זיך איצט פרײַ, ווי ער וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע משא, וואָס האָט געדריקט אויף אים און אָפּגעקוועטשט די ביינער. ווער איז איצט צו אים גלײַך? ער קאָן גיין ווו ער וויל, ער דאַרף נישט קיינעם אָפּגעבן קיין ראַפּאָרט. ער איז אַ פרײַער מענטש. ווער וועט אים איצט זאָגן אַ וואָרט: דאָס טו יאָ, דאָס טו נישט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך געקליבן צו גיין צו וועלוול מאַגידס מאַמע אויף דער פּטאַ־שע־גאַס, האָט זי אַזוי פאַראַרבעט, די זאָשע, זיך געלייגט אין דער לענג און ברייט, זיך אָנגעהאָנגען אין אים, ביז ער האָט נאָכגעגעבן און רעזיגנירט. זי האָט נאָר מורא געהאַט, אַז קוים וועט ער אַרײַנקומען אין אַ ייִדישער שטוב, פאַרלירט זי אים אויף שטענדיק. ער ווייסט אַליין נישט, צי דאָס האָט זי אים טאַקע אַזוי ליב, די מויד, צי ס'איז בלויז אַן אָנשטעל בײַ איר, אַ צו להכעיס דער ייִנגערער שוועסטער, וואָס רייצט זיך שטענדיק מיט איר און זאָגט איר, אַז זי וועט פאַר־זיצן ביז גראָען צאָפּ, אַפילו אַ משוגענער הונט וועט אַזאַ שטיק שלאַק, ווי זי איז, נישט נעמען פאַר קיין ווײַב.

זי איז גאָרנישט אַזאַ גרויסע מרשעת, זאָשע. דאָס שוועסטערל אירס האָט אַ שפּאָר ביסל איבערגעטריבן. געוואָלט זי פאַרמיאוסן אין זײַנע אויגן און אויס־גערעדט אויף זאָשען אָסור לדבר. זי האָט דעם חתן נישט ליב געהאַט, וואַנדע, אים נישט צוגעלאָזט צו זיך נאָענט, און געלעבט מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן, וואָס איז טאָפּלט אַזוי פיל אַלט ווי ער, משה מעט. אָט דאָס האָט זי צומיינסטן פאַר־דראָסן, וואַנדען. זי האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס משה מעט מאַכט פון זיך אַזאַ לעמעשקע און פּאַטאַקעוועט אַזוי נאָך אַלעם וואָס זאָשע זאָגט. זי האָט בײַ אים די גאַנצע דעה געהאַט, זאָשע. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָקעגנ־שטעלן. אירע פאַרלאַנגען זענען פאַר אים געווען ווי באַפעלן. נישט צום דערווי־דערן. אויסער דעם האָט מען געקאָנט מיט איר גאַנץ גוט פאַרברענגען. זי איז געווען צוגעלאָזן, זאָשע, און זיך נאָר געוואָלט טוליען אין אים, ווי אַ קעצל, אַזוי לאַשטשענדיק איז זי געווען צו אים. זיי זענען אַ סך מאָל געגאַנגען אין זאַקסישן גאָרטן אַרײַן שפּאַצירן, צומיינסטן אין די זונטיקס, ווען ס'איז נישטאָ קיין מאַרק. משה מעט האָט געפירט זאָשען אונטערן אָרעם. זיי האָבן שפּאַצירט איבער די ווינטערדיקע אַלייען אויסגעבעטע פון ביידע זײַטן מיט שניי. ווי גליקלעכע קינ־דער זיך געזעטיקט מיטן בלויזן קוקן איינס אויף ס'אַנדערע. ווען ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר מויל און זי געוואָלט אַ קוש געבן, האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון אים און גענומען לויפן איבערן גאָרטן. ער האָט זי נאָכגעיאָגט. זי איז געלאָפן ווי אַ טײַוול. ער האָט זי דעריאָגט און געגעבן אַ כאַפּ אַרײַן אין זײַנע פעסטע אָרעמס, זי צוגעדריקט צו זיך אַ פאַרסאָפּעטע און אײַנגעגעסן זיך אין אירע ליפּן אַן ווידערשטאַנד פון איר זײַט. באַרויִקטע האָבן זיי שוין איצט שפּאַצירט ווי

אָרנטלעכע קינדערלעך. די בלאַנקעדיקע אַלייען האָבן זיי אַקעגנגעשמייכלט. די ליידיקע בענק זענען געווען באַדעקט מיט שניי. דאָ און דאָרט האָט זיך אַ פֿאַר־ליבט פּאָרל געטוליעט אויף אַ באַנק אין אַ זײַטיקער אַלייע. געזעסן אַרומגענומען און זיך געקושט אין די פּיסקעלעך ווי די טײַבעלעך.

זיי זענען לאַנג געשטאַנען בײַם סטאַוו, משה מעט מיט זאָשען. די שוואַנען זענען נישט געווען. זיי פֿאַרשווינדן אויף איבערן ווינטער. דער סטאַוו איז געווען פֿאַרפֿרוירן. קינדער האָבן זיך געגליטשט איבער אים אויף ליזשוועס. דאָס קלייב־וואַרג איז געווען פֿאַררויטלט פֿון פֿראָסט, געלאָפֿן אויף די אײַזנדלעך איבערן גליטש מיט רויטע בעקלעך און פֿאַרפֿלאַמטע אויערן.

אָנגענומען בײַ די הענט האָבן זיךביידע געלאָזט לויפֿן, אַריבערגעשפּרונ־גען איבער די פֿאַרצויגענע דראָטן, וואָס טיילן אָפּ דעם טראַוניק פֿון די שפּאַציר־אַלייען. איצט איז אויפֿן טראַווניק נישט געווען קענטיק קיין זכר פֿון גראָז. אַלץ איז איבערגעדעקט מיט אַ דיקן שיכט שניי. זיי האָבן זיך געשפּילט ווי די קינדער, געגעבן אַ גיי איבער דער גליטש — איינער נאָכן אַנדערן, געפֿאַלן, זיך געגעבן אַ צי אויס מיט אַ קוויטש און אויפֿגעשטאַנען פֿריילעכע מיט אַ קלינגענדיק גע־לעכטער. זאָשע האָט געלאַכט הויך, פֿרײַ. נישט געווען די זעלבע וואָס אין דער היים. אַן אַנדערע, אַ זאָרגלאָזע האָט ער זי דאָ געזען, משה מעט. די גראָע אויגן אירע האָבן אָפּגעשלאָגן אַ גרינלעכן אָפּגלאַנץ פֿון פֿאַספֿאָר. טייל מאָל האָט זיך אין זיי געשפּיגלט דאָס שנײַדיקע בלאָ פֿונעם ווינטער־הימל. דאָס פֿאַרריסענע נעזל האָט איצט נישט געבלאָזן פֿון זיך מיטן צו להכעיסדיקן „ביע פּאָדכאָדזש" [1] בעת אַ מחלוקתל, דאָס ווײַבערישע מיטל פֿון פֿאַרפֿאַנצערן זיך מיט דער אומבאַ־רירלעכקייט. זי איז איצט געווען צוגעלאָזן נישט פֿאַרראַטנדיק די שפּאָניקע קע־צישקייט, וואָס האָט אין איר געשטעקט. אָט אַזאָ איז זי און דאָס איז זי פֿון דער נאַטור — אַ גוטע, אַ ליבלעכע, ווען מ'האָט נאָר נישט צו טון מיט איר און מע רעגט זי נישט אויף. פֿון אים פֿאַרלאַנגט זי גאָרנישט. זי וויל בלויז, אַז ער זאָל זיין לעבן איר און נישט קוקן אויף קיין אַנדערע, איבערהויפּט אויף איר שוועסטער, אויף וואַנדען. אָט אַזוי, אַז זיי זענען אַליין, איז פֿאַר איר קיין בע־סערס נישטאָ. מיט אים איז איר גוט. און ווײַטער וויל זי נישט טראַכטן. ער האָט איר שטענדיק צוגעזאָגט אַלץ וואָס זי האָט פֿון אים געוואָלט, און גליקלעכע, זיך אָנהאַלטנדיק בײַ די הענט ווי שולקינדער, האָבן זיי פֿאַרלאָזט דעם פּאַרק. זי האָט דערפֿילט אַז ס'הונגערט זי. בײַ אַ גאַסנטישל מיט קיכלעך האָט זי געעפֿנט דאָס בײַטעלע, אַרויסגעקריגן צוויי געלטפּאַפּירלעך און געקויפֿט פּאָנטשקעס באַ־שיטע מיט ווײַסן מעלצוקער. משה מעט האָט נישט געוואָלט נעמען. זי האָט אים.

---

[1] אומצוטריטלעכקייט

צוגעשטופּט צו דער וואַנט און אים געפּאַקט דאָס טייגעכץ אין מויל אַרײַן. אַזוי עסנדיק אין מיטן גאַס, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צופוס קיין פּראַגע. און אַז זיי זענען געקומען אַהיים, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס אַלטע גיהנום, מיטן מאַ־מעלע, מיט ענגלשטערן, מיטן חתן, מיט וואַנדע. ער האָט יאָ געקוקט אויף איר, ער האָט נישט געקוקט. ס'הייסט געקוקט האָט ער יאָ אויף וואַנדען, נאָר געזען האָט ער זאַשען. דאָס מעג ער דערציילן דער באָבען. ער האָט דאָך אויגן — קוקט ער. קוקן טאָר מען שוין אויך נישט. און אַזוי אָן אַ סוף.

איצט זעט ער ערשט, משה מעט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פרײַע אָפענע וועלט. קיינער וועט אים שוין מער איצט נישט זאָגן קיין וואָרט. ער איז געגאַנ־גען מיט אַ האָפערדיקן זעלנערישן מאַרשטראָט, וואָס האָט אָפּגעהילכט הויל און שרײַיק איבער דער שלאָפנדיקער גאַס. אַלץ רוט נאָך פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. דער בעסטער שלאָף איז דער פאַרטאָגיקער. די פענצטער און באַלקאָנען פון ביידע רייען מויערן זענען פאַרצויגן מיט געדיכטע שווערע שטאָרן און גאַרדינען פון איין ברעג פענצטערל ביזן צווייטן. זיי האָבן מורא, די מענטשן, ס'זאָל זיך נישט אַרײַנקריגן אין זייערע אָפּגעשלאָסענע דלד־אמות קיין פּיצל שײַן פונעם אויפ־גייענדיקן טאָג; קיין שאָרך פון דער אויפוואַכנדיקער גאַס זאָל זיך נישט דורכ־רײַסן צו זיי אין שטוב אַרײַן, און זיי נישט שטערן אין זייער אָפּגעזונדערטקייט, אין דער דעמפיקער, שווייסיק־זויערלעכער אויסגעוואָרעמטקייט פון די באַלע־באַטישע שלאָפשטיבן.

מענטשן ווייסן ווי אָפּצוהיטן זייער ביסל באַקוועמלעכקייט. זיי שאַנעווען דאָס אָפּגעשפּאָרטע היימווינקעלע זייערס. עס דאַרף דאָך מיט זיך פאַרשטעלן די גאַנצע וועלט! זיי האַלטן עס ווי דער קאַרגער זײַן אוצר אָפּגעשלאָסן אויף זיבן שלעסער. נישט בלויז ס'זאָל קיין זײַטיקער נישט האָבן קיין דריסת־הרגל, אַרײַ־בערטרעטן זייער שוועל, נאָר זיי קאָנען זיך אַפילו נישט פאַרגינען, אַז אַ פרעמד אויג זאָל זיך זעטיקן מיטן בלויזן קוקן אויף זייער גוטס, גלײַך ווי ס'וואָלט זיי דערפון געקאָנט עפּעס אָפּקומען. זיי ווילן זיך נישט טיילן מיט גאָרנישט. די גאַנצע הנאה ווילן זיי בלויז פאַר זיך.

נישט אַזוי ווי ער, משה מעט. מיט איין באַוועג מיט דער האַנט, קאָן ער אָפּשלײַדערן פון זיך אַלץ, דאָס בעסטע צו וואָס ער דערשלאָגט זיך, און בלײַבן אויף ס'נײַ בײַ גאָרנישט און ערשט זיך פילן גוט, ממש נײַגעבוירן. אַפילו קיין חרטה נישט האָבן אויפן אָפּגעטוענעם, ווער רעדט שוין וועגן גריזשען זיך. דאָס איז נישט זײַן טבע. ער האָט דערויף אַ תירוץ מיט אַ היתר צוזאַמען: ער איז נישט מיט דעם געבוירן געוואָרן איז נישטאָ וואָס צו באַדויערן.

פון דעסטוועגן האָט ער אים נישט באַדאַרפט לאָזן שטיין, ענגלשטערנען, אָט אַזוי ווי מע לאָזט שטיין אַ הונט פון דער גאַס. יענער האָט דאָך פאָרט גע־

טיילט מיט אים זײַן געלעגער. און דערצו נישט זײַן אייגנס — אַ פּרעמדס, אַן אײַנגעבעטנס. אים אַרײַנגענומען, משה מעטן, אין אַ שטוב אַרײַן. ער האָט גע־האַט דאָרט פון כל־טוב. וואָס האָט אים געפעלט? האָט ער גענומען און בידים אַליין איבערגעדרייט דאָס שעפל. געבליבן אַן אַ גראָשן בײַ דער נשמה, אַן מינדסטן אָנשפּאַר. כאָטש נאָר צו נעמען די טאָרבע און זיך לאָזן איבער די הײַזער. ער איז דאָך נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים. צוליב זײַן לײַכטזיניקייט וועט ער נאָך טאָקע אַמאָל ענדיקן אַזוי ווי ענגלשטערן האָט אים פאָרגעזאָגט, אָדער ער וועט פאַרפוילט ווערן אין תפיסה, אָדער מע וועט אים טרעפן אַן אויפגעהאָנגע־נעם, ערגעץ אויף אַ בוידעם מיט אַ שטריק אויפן האַלדז.

ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אַזוי צו ענדערן די אומדערטרעגלעכע לאַגע. דאָס איז געווען דער איינציקער ראַדיקאַלער אויסוועג. אָפּהאַקן און מיט אַמאָל. ס׳וואָלט אים אין ערגעץ נישט געווען געפירט אַזאַ שטייגער לעבן. דאָס איז גוט פאַר אַזעלכן וואָס קאָן יעדעס מאָל בײַטן די פעל. זיך צופּאַסן צו יעדן אָרט פירעכץ און שלום מאַכן מיטן צופאַל. אָפּטון אַ צו להכעיס דער באַשערטקייט, וואָס קומט סײַ ווי נישט אַליין, ווי אַ געבראָטן טײַ־בעלע אין בוזעם אַרײַן. ערשט פאַר דער באַשערטקייט דאַרף מען זיך אײַנשטעלן מיט ציין און נעגל און קעמפן ווי אַ לייב פאַר איר פאַרווירקלעכונג אין לעבן.

וואָס ווײַטער אַרײַן — האָט ער געפילט — וואָלט געווען ערגער. אַזוי ווי ס׳האָט זיך געפירט האָט עס פאַר ביידע צדדים נישט געטויגט. דער פרײַער אויס־קלײַב פון גוטס און שלעכטס איז געווענדט אינעם ווילן פונעם מענטש גופא. ער און נישט דער צופאַל איז דער באַלעבאָס איבער זײַן גורל און ער דאַרף עס זײַן דער וואָס זאָל אין געהעריקן מאָמענט קאָנען נעמען דעם רודער אין די הענט אַרײַן און ריכטן די שיף צו איר באַשערטקייט, און נישט פאַרלאָזן זיך אויפן יושר פון די ים־ווינטן וואָס קאָנען זי אומעטום ברענגען נאָר נישט צום אָרט פון איר באַשטימונג.

ער האָט אַליין געמוזט דעצידירן וועגן זיך — אַהין אָדער אַהער. לעבן אַ שפּלדיק לעבן פון אַ הונט אויף דער קייט, מעג זײַן אַפילו אַ גאָלדענע, אָדער האָבן פאַר זיך אַ פרײַע אָפענע וועלט.

קאפיטל צוויי

# דאָס פּאַטערלאַנד באַערט די געפאַלענע...

נאָך אַ לאַנגן אַרומבלאָנקען איבער די וואַרשעווער גאַסן האָט זיך משה מעט דערזען שטיין פאַרן הויכן אײַזערנעם שטאַכעטן־טויער פון זאַקסישן גאָרטן. ס׳האָט אים געגעבן אַ צי, אַרײַנצוגיין אינעווייניק אין פּאַרק אַרײַן. די רייען ביימער פון ביידע זײַטן אַלייע האָבן געווונקען צו אים און געהויפן צו זיך, ער זאָל זיי אָפּשטאַטן דעם ערשטן פרילינגדיקן וויזיט. ער וועט בײַ זיי זײַן אַן אַנגעלייגטער גאַסט. ס׳מאַכט נישט אויס, וואָס ער האָט צעריסענע שיך. דער גאַנצער גאָרטן איז שוין לאַנג אָפּגערייניקט, נישטאָ מער קיין שפּור פון דער שנייִיקער אײַנגעדעקטקייט, וואָס האָט דאָ אַלץ געהאַלטן פאַרגליווערט, אײַנגע־פרוירן, אין שטאַרן קלעם, און מיט דער ערשטער זון אַ פלייץ־געטון אין שטראָ־מען מיט אַלע וועגן און שטעגן און אין געציילטע טעג איז דער פּאַרק געשטאַנען אַן אויסגעצוואָגענער, אַן אויסגעטשוכעטער — צעשטראַלט און צעפרילינגט.

די פרישע אויפגעאַקערטע שוואַרצערד פון די פּלאַנטן איז שוין היפּשלעך באַדעקט מיט אַ העלגרינער צעגראַזטקייט. די שפּאַצירוועגן לײַכטן געלזאַמדיק מיט פאַרביקן דראָבנעם קיזלשטיין, וואָס טרעשטשעט און שורכעט אונטער די פיס. די ביימער שטייען שײַנענדיקע, דערוואַכטע נאָכן לאַנגן ווינטערשלאָף מיט צעצויגענע, געשטרעקטע צווײַגן, צעקנאָספּעטע, מיט ווײַסע בליטן פון בעז און אַקאַציעס, וואָס פאַרשמעקן די לופט. דאָס פרילינגדיקע פייגל־געזאַנג, וואָס טראָגט זיך צווישן די צווײַגן און קוסטן, פאַרטשוויטשערט פריילעך, אויפלעבנ־דיק דעם גאַנצן פּאַרק.

די אַלייען אין זאַקסישן גאָרטן זענען שטענדיק פול מיט סודות, מיט אַ ביימערדיק געשושקערײַ איבער די בענק, פאַרהילט אין ראָמאַנטישע שלייערן. עפּעס באַהאַלטן זיי אויס פאַרן אויג פונעם צופעליקן פאַרבײַגייער. אויסערלעך מאַכן זיי אַן אײַנדרוק פון פרומע צניעותדיקע אַלייען, וואָס ווייסן פון גאָרנישט צו זאָגן — די אומשולד אַליין. די יונגע מאַמעס זיצן לעבן די וווזיקעס מיט די שפּיזלען אין די הענט און שטריקן טשעפּיקלעך, וולִיטשקענע שיכעלעך און סווע־טערלעך. דאָס אַרומלויפנדיקע קליינוואַרג שפּילט זיך אין זאַמד אונטערן אויפ־זיכט פון די גוווערנאַנטקעס. דאָס אַלטוואַרג אויף די בענק זעט אויס ווי אויס־געזעצטע סטאַטיסטן, וואָס האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות צום לויף פונעם ספּעקטאַקל. קיין שום פאַרדאַכט רופן נישט אַרויס די געמיטלעכע אַלייען. בלויז פאַר די, וואָס מאַכן דעם גאָרטן פאַר זייער זיצאָרט און די האַרטע בענק פאַרן געלעגער, — פאַר זיי זענען די אַלייען ווי אָפענע קאָרטן. פּונקט ווי די ביימער זענען זיי עדות פון דראַסטישע סצענעס, וואָס שפּילן זיך דאָ אָפּ אויף די גרינע

גאָרטנבענק בײַ די זײַטן מיט די באַקװעמע סאָפּעאַרטיקע אַנלענס, — אַמאָל דראַמאַטישע מיט סקאַנדאַלן און געשלעגן, נישט זעלטן אויך טראַגישע, ביז אַן אומבאַרעכנטן פֿאַרזוך אַ סוף צו מאַכן צום אייגענעם לעבן. צו מיינסט אָבער קאָן מען דאָ טרעפֿן פּיקאַנטע סצענעס פֿון צעבאַלעװעטע פֿאַרליבטע פּאָרלעך, װאָס דערלויבן זיך צופֿיל, כאַפּן אַריבער די מאָס, מער װיפֿל ס׳דערלויבן די פֿאַרשריפֿטן אין עפֿנטלעכע ערטער און די היטער פֿון דער מאָראַל.

נאָך װאָס איז ער דאָ אַרײַן, משה מעט? װאָס האָט ער געמיינט, ס׳איז דע־מאָלט, װען ער איז געגאַנגען מיט זאָשען שפּאַצירן? זי װעט זיך אַ לאַכנדיקע אַרויסרײַסן פֿון אים און ער װעט זי נאָכיאָגן. ער מעג זיך עס שוין אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ אַרויס, פֿאַרגעסן דערין. אַפֿילו פֿאַר די האָלעס װעט ער זיך נישט װײַזן אַזוי געשװינד. די גאַנצע געגנט דאָרט װעט ער אויסמײַדן. ער װיל זי מער נישט קענען, די מויד. ער פֿילט זיך לעבן איר שפּלדיק, מינדערװערטיק, װי אַ פּאַנ־טאָפֿל־מאַן — קליין און נישטיק װי אַ װאָרעם.

ער װייסט אַליין נישט װאָס, נאָר עפּעס האָט עס אים דאָ געגעבן אַ ציִ, ער זאָל אַרײַנגיין אַהער, נישט אָפּצוהאַלטן אים מיט קיין אײַזערנע צװאַנגען, װי יענצמאָל, װען ער האָט זיך באַדאַרפֿט טרעפֿן מיטן דאָקטאָר ענגלשטערן. ס׳האָט זיך אים מאָדנע אויסגעדאַכט, משה מעטן, אַז אויך איצט װעט ער אים דאָ זעען ערגעץ זיצן אויף אַ זײַטיקער באַנק, פֿאַרלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס, ער װעט ניש־טערן צװישן די פּאַפּירלעך אין דער פֿול־אָנגעפּאַקטער טעקע אַ פּאַרטװענער אין די פֿלענער זײַנע װעגן װוּנדערלעכע, פֿאַנטאַסטישע רײַזעס איבער דער װעלט. פּאַ־ריז, לאָנדאָן, בודאַפּעשט, די שװייץ. פֿלײַענדיקע עקספּרעסן איבערן אָריענט, מי־טל־אַזיע, װײַטער מיזרח. נאָר פֿאַר אַלעם מוז ער פֿריִער אָפּטרעטן אין ראַדאָשטש. ער מוז זעען אַרויסקריגן אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר אין דער מיסיאָנערישער קאָלאָניע װאָס גרייט צו פּרעדיקערס און פּאַסטאָרן קיין אינדיע און אַפֿריקע. ער מוז פֿון זיי אַרויסבאַקומען די בײַטיקע פּאַפּירלעך, ער זאָל האָבן װאָס פֿאַרצושטעלן דאָרט אין די װײַטע מקומות, און אַז די דאָקומענטן װעלן ליגן בײַ אים אין טאַש װעט ער זיי ערשט װײַזן װער ענגלשטערן איז, און זאָל זי נישט מיינען, די באַנדע, אַז מע קאָן אים אָפּקויפֿן, ס׳איז הפקר אַ װעלט. אין דער צענטראַלע אין לאָנדאָן װעט ער זיי אָנרײַבן אַ מאָרדע, אָט אַזוי װי ענגלשטערן קאָן. ער װעט זיי אָפּװישן פֿון דער אויבערפֿלאַך, די גאַנצע שײַ־קע, אַז זיי זאָלן מער דעם קאָפּ נישט קאָנען אויפֿהייבן, אַלע ביז איינעם װעט ער זיי דעמאַסקירן מיטן פּאַסטאָר מאָריסאָן בראָש, מיט זײַן פֿרום גענגעלע, װאָס דעקט אַלץ און אַלעמען, אַפֿילו דעם אינטענדענט, דעם סאָלאָ מיטן גאָלן קעפּל, װאָס איז נישט װערט װאָס די ערד טראָגט אים.

משה מעט האָט איצט געשמייכלט צו זיך פֿון די אַלע פֿלענער ענגלשטערנס,

פון דעם היצקאָפּ. ער האָט נאָך געוואָלט ער זאָל מיט אים מיטפאָרן קיין ראַדאָשטש, דער הויכשטאַפּלער. ס׳איז געווען אַ פּראָווינצשטעטל, אַז ער זאָל ווערן אויס קאַפּעלושמאַכער, מע זאָל קוים אַרויס מיט גאַנצע ביינער און צוריקקומען מיט די ליידיקע קעשענעס. וויל ער עס אונטערנעמען וועלטרײַזעס, פליִען מיט שנעלצוגן, מיט שיפן, קערן אַ וועלט. ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן. און ער, משה מעט, האָט זיך עס געלאָזט אָנציִען פון אים. דאָקטאָר ענגלשטערן האָט אין אים אַרײַנגעיאָגט אַ פיבער אין די בלוטן. ער האָט געמיינט אַז שוין מאָרגן לאָזט מען זיך אין וועג אַרײַן פיקס און פאַרטיק. אַזאַ פאַרנאַרטער קאָפּ, ווי ער איז געווען, איז נישטאָ נאָך איינער.

אַ צעשמייכלטער אין זיך איז ער פּלוצים געבליבן שטיין, משה מעט. ס׳האָט אים געגעבן אַ שווינדל פאַר די אויגן. עפּעס אַ קענטלעך פּנים. ווער קאָן עס זײַן? ווו האָט ער זי געזען, דאָס דאָזיקע מיידל, וואָס זיצט דאָרט אויף דער באַנק איינע אַליין. ערגעץ ווו האָט ער זיך געטראָפן מיט איר. נישט אַמאָל בײַ די מיסיאָנערן אויף סעווערינוווו 3 ? יאָ, די זעלבע. זיי האָבן דאָרט אַלע געקריגן די נחפה פאַר איר. ס׳איז מאַרישע. זי האָט אַרײַנדערלאַנגט די טיי מיט די קיכלעך נאָך די פּרעדיקן. ער מוז צוגיין צו איר. זי וועט אים זיכער דערקענען. ער האָט זיך קוים געקאָנט באַהערשן נישט צו פאַרגיכערן די טריט. און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון יענער אַנטקעגנדיקער אַלייע. ער האָט זיך געמאַכט פאַרבײַגיין אַ פאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט זי נישט באַמערקט. וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער באַנק, ווו זי איז געזעסן, אַלץ האַסטיקער האָט דאָס האַרץ אין אים גענומען לויפן, אַזוי ווי אין גאַלאָפּ. ער האָט דערפילט אויף זיך אַ פּאָר דורכנעמענדיקע אויגן. אין מוח האָט אים געהאַקט ווי מיט האַמערס. ער זאָל זיך אָפּשטעלן, ער זאָל זיך פאַרהאַלטן לעבן איר. ער איז דורכגעגאַנגען דאָס שטיקל וועג ווי דורך אַ פײַער. אָפּגייענדיק עטלעכע טריט ווײַטער האָט ער דערהערט, ווי מע רופט אים:

— פּאַניע! פּאַניע!

משה מעט איז געבליבן שטיין. זיך לאַנגזאַם אומגעדרייט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט געווען זיכער צי מע מיינט אים. ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט איר בליק.

— איר דערקענט מיך? — איז דאָס מיידל געגעבן צו אים אַ לויף צו — איר ווייסט ווער איך בין? מאַרישע, פון סעווערינוווו 3. דער פּאַן איז דאָרט אַרויפגעקומען, נישט אַליין, מיט דאָקטאָר ענגלשטערן מיטן בערדל, מיט די ביסטרע אויגן. זיצט, זעצט זיך צו. איר אײַלט זיך אַוודאי. נישט אויף לאַנג. איך וויל מיט אײַך עפּעס איבעררעדן. איר זענט דער איינציקער וועמען איך קען דאָ. איך פרייי מיך זייער וואָס איך האָב אײַך געטראָפן.

אין דער אומגעריכטער צוגעלאָזנקייט פונעם מיידל האָט משה מעט דער־פילט די הכנעה פון אַ געשלאָגענעם הונט. בײַם צוזעצן זיך האָט ער געכאַפּט אַ בליק אויף איר פּנים, אַ פאַרשוואָלנס ביז די אויגן. דער שפּילנדיקער גלאַנץ זייערער פון אַמאָל איז געווען אויסגעלאָשן. דורך די בלייכע באַקן האָט דורכ־געשלאָגן אַ געלע געפלעקטקייט. די צעשויבערטע האָר זענען געווען צונויפגע־נומען אונטער אַ פּויעריש קאָפּטיכל. אינעם אויסגעוואַקסענעם גראַנאַטערנעם פאַלטן האָט זי אויסגעזען מגושם. זי האָט געזוכט ווו צו באַהאַלטן די אויס־שטאַרנדיקע הענט פון די קורצע אַרבל אַרויס, זי האָט זיי נישט געהאַט וווּ אַהינ־צוטון, כסדר זיי אַרויפגעלייגט און אַראָפּגענומען פון בויך, זיך געטוליעט אַ נעבעכדיקע אינעם פאַלטן ,ווי זי וואָלט געפרוירן געוואָרן פון קעלט, כאָטש דאָס וועטער איז געווען זוניק און מילד.

משה מעט האָט געקוקט אויף איר מיט אַ שטומען בליק. ער האָט זי גאָר־נישט געפרעגט. איר מעמד האָט אים שוין אַלץ געזאָגט, אַז די בראָך איז פאַרטיק. פאַר זײַן בליק איז געגעבן אַ גיי אויף יענע מאַרישע, וואָס האָט זיך אַזוי רייצנדיק געוויגט אויף די באָקעס מיט דער טאַץ טיי איןביידע הענט, ער האָט נישט אַראָפּגענומען פון איר קיין אויג, געוואָלט געפינען כאָטש אַ שפּור פון יענער דאַרפישער מיידלשער פרישקייט. די וואָס איז דאָ געזעסן פאַר אים אויף דער באַנק האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט מיט יענער נישט געווען געהאַט קיין שום שייכות.

דאָס מיידל האָט אַרויפגעצווינגען אויף זיך אַ בלייך שמייכעלע, וואָס איז גיכער ענלעך געווען צו אַ גרימאַס וואָס אַן אינערלעכער ווייטיק מאָלט אויס בײַ אַ ליידנדיקן מענטש אויפן פּנים:

— איר גלייבט זיך נישט צו, זע איך, אַז דאָס בין איך די זעלבע מאַרישע וואָס אַמאָל... שוין די דריטע וואָך, ווי איך וואַלגער זיך אַרום דאָ אין פּאַרק. אָט דאָ שלאָף איך, אונטער די קוסאַקעס. איך באַהאַלט זיך פאַרן שליסן. און בלײַב שוין דאָ נעכטיקן. דאָס גאַנצע געלט, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט פון דער אַרבעט, האָב איך שוין אויפגעגעסן: מענער גייען פאַרבײַ, קוקן אויף מיר און וואָגן נישט צוצוגיין. זיי מיינען, אַז איך בין אומצוטריטלעך. זיי ווייסן נישט, אַז פאַר אַ זעמל, פאַר אַ טרוקענער זעמל וואָלט איך זיך אָפּגעגעבן. איך בין הונגעריק, איך האָב נישט וואָס צו עסן. און אויסשטרעקן די האַנט קאָן איך נישט, איך זאָל וויסן צו שטאַרבן. אויפן פּענט קאָן איך נישט גיין.

משה מעט האָט אַרײַנגעשטעקט די הענט אין ביידע קעשענעס, געזוכט, ווי ער וואָלט געמיינט, אַז ער וועט דאָרט עפּעס געפינען צום עסן. ער האָט אָנגע־טאַפּט עטלעכע קנעפּלעך, אַ צינערן לעפעלע, אַ צעבראָכן קעמל, שטיקלעך פּאַפּיר. אין אַן אײַנגעוויקלט שטיקל פּאַפּיר האָט ער דערטאַפּט עפּעס האַרטס, אַ שטיקל

צוקער. א דערפרייטער האָט ער איר דערלאַנגט די קאָסקע צוקער אינעם פּאַפּירל:

— נאַ, זעסט, ס'האָט זיך בײַ מיר פאַרוואַלגערט אַ קאָסקע צוקער, איך ווייס נישט פון וואַנען. מיסתמא פון אַן אכסניה ערגעץ אויף דער פּראָווינץ. נעם, עס... נעם עס, נו, נעם שוין.

מאַרישע האָט אויף אים אַ קוק געגעבן מיט אַ פאַרהויבענער ברעם, ווי ס'וואָלט אין איר אַ שפּיל געטון דער אַמאָליקער מיידלשער שטאָלץ. נאָר באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גענומען דאָס שטיקל צוקער צום מויל.

— דו ביסט אַ גוטער. נאָך דעמאָלט ביסטו מיר געפעלן, ווען איך האָב דיך דאָס ערשטע מאָל געזען יענעם אויפדערנאַכט. ס'האָט דעמאָלט געפּרעדיקט דער ייִד מיט דער באָרד, דער אַלטער ווייס. ער איז געשטאָרבן. מ'האָט אים באַגראָבן אויפן קריסטלעכן צמענטאַזש אויף פּאָוואָנזעק. מ'האָט אים געפינען אַ טויטן אין בעט. ער איז געלעגן אין אַנטועכץ. אַ גאַנצע געשיכטע. מ'האָט געזאָגט, אַז דער אינטענדענט איז שולדיק. אויף דעם סאָלאָ איז אַלץ געווען צו גלייבן. צוליב אים איז פון מיר געוואָרן אַזאַ וויסטער תל. ער האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט, דער יונגאַטש. ער איז געקראָכן צו מיר ווי אַ חיה. מ'האָט זיך אים נישט געקאָנט אָפּגעשטעלן. אַ בעסטיע. האָב איך אים איין מאָל דערלאַנגט מיט אַ וואַלגערהאָלץ איבערן קאָפּ. אַ וואָך צײַט איז ער געלעגן אײַנגעלייגט. זיך אײַבערגעבעטן מיט מיר און מיך גענומען אין אַ קינאָ אַרײַן. דאָרט האָט מען זיך צעווערטלט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ גאַסנפּרוי. האָב איך אים געגעבן אַזאַ קניפּ, אַז איך האָב אים שיִער נישט אויסגעריסן אַ שטיק פלייש. ער האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף. ס'איז געווען אין מיטן שפּילן. ער איז אַרויס פון זאַל און מיך געלאָזט זיצן איינע אַליין. וואָס וועל איך אים גיין נאָכלויפן? אַזוי לאַנג קרענקט ער. דו לויפסט? לויף. ער האָט געמיינט, איך וועל אים פאַלן צו די פיס. נישט אַנדערש. ווען איך בין צוגעקומען צום טויער האָט מען מיך נישט אַרײַנגעלאָזט. דער וועכטער האָט מיר אַרויסדערלאַנגט דאָס פּעקל מיט די זאַכן און געהייסן גיין. איך האָב זיך עטלעכע טעג דאָרט געדרייט אויף דער גאַס, קעגנאיבער דעם טויער. איך האָב געמיינט, איך וועל אים זען אַרויסגיין. איך וואָלט אים די אויגן אויסגעדראַפּעט, ווען איך פּאַק אים. נאָר איך האָב אים שוין מער נישט געזען. און אויף מיר גייען ערשט צרות אויף צרות.

אַ פּאַרטוליעטע האָט דאָס מיידל אויפגעצוקט מיט אַן אַקסל און געגעבן אַ טיפן שלוכץ, נאָר אַרויסצופלאַצן מיט אַ געוויין. זי האָט אַרײַנגענומען דאָס פּנים איןביידע הענט און אָפּגעווישט פון זיך די גאַנצע צעווייטיקטקייט אירע, נישט נאָכגעבנדיק זיך דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פונעם קנויליקן גוף.

משה מעט האָט נישט געפינען קיין וואָרט פאַר איר. זי האָט מיט זיך פאַר־

געשטעלט איין שטיק פּײַן און יסורים. נישט קוקנדיק אויף איר האָט ער סתם אַזוי פון יוצא־וועגן אַ פרעג־געטון מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— נו, און מאַרישע האָט געפּרוווט זוכן אַ צווייטע שטעלע? ערגעץ אַנ־דערש.

מאַרישע האָט געשוויגן. אים געלאָזט אָן אַן ענטפער. נאָך אַ ווײַלע האָט זי אָנגענומען זיין האַנט און געפירט מיט איר איבער דער אָנגעדראָלענער פולער אויסגערונדיקטקייט פון איר בויך:

— אין אַזאַ צושטאַנד, ווער וועט אַריבערלאָזן איבער אַ שוועל?

— אין וועלכן חודש איז מאַרישע?

— אין זעקסטן, צי אין זיבעטן. ווער געדענקט. דו שעמסט זיך נישט צו זיצן לעבן מיר? אַ פרוי אין אַזאַ לאַגע. איך ווייס...

— ווי פאַלסטו אויס אַזאַ זאַך. פאַרוואָס זאָל איך זיך שעמען.

— און דו וואָלסט זיך נישט געשעמט צו גיין אין גאַס מיט אַזאַ איינע, אַ פרוי מיט אַ בויך?

— ניין, אין גאַנצן נישט. איך ווייס נישט וואָס ס'איז די חרפּה.

— דו האָסט אַ צימער, אַ בעטל? וווינסט ערגעץ, בײַ מענטשן?

— איך ערגעץ נישט. כ'האָב זיך נישט ווו אַהינצוטון. כ'קום נישט לאַנג פון דער פּראָווינץ און האָב נישט ווו אַרײַנצוגיין אפילו. איך בין אָן איין גראָשן. און איך האָב צומאָל נישט וואָס צו פאַרקויפן. איך ווייס אַליין נישט ווו ס'וועט מיר אויסקומען הײַנט צו נעכטיקן.

— בלײַב איבער פאַרן שליסן, וועסטו שלאָפן מיט מיר, אָט דאָ אין די קושאַקעס, זעסט... קום, וועלן מיר זיך אַ ביסל איבערגיין, איבער די גאַסן.

זיי האָבן זיך ביידע אויפגעהויבן פון דער באַנק. זי האָט משה מעטן גענומען אונטערן אָרעם און אַ שווערלעכע זיך אָנגעלענט אָן אים אין גיין. די מאַטע אויגן אירע האָבן אַ שײַן־געטון מיט יונגמיידלשן חן. זיי זענען געגאַנגען מיט דער ברייטער אַלייע צום הויפּטטויער מיט די עלף אַרקאַדן־טויערן פאַרביי דער שוואַר־צער קרוג מיטן פייערצונג אויפן סימבאָלישן קבר פונעם אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, מיט דער אויפשריפט: העלדיש געפאַלן פאַרן פאָטערלאַנד.

משה מעט האָט סאַלוטירט מיליטעריש בײַם דורכגיין דאָס טויער. געבליבן שטיין גלײַך געשטרעקט צולייגנדיק צוויי פינגער צום היטל אויפן קאָפּ. אין מאַרישעס אויג, האָט ער געזען, האָט אויפגעפינקלט אַ טרער. ווען זיי זענען אַרויס אויפן פּלאַץ פאַרן טויער האָט משה מעט זיך אָנגערופן מיט אַ ביטערן שמייכל:

— מיר דאַרפן זיך נישט זאָרגן, מאַרישע, דאָס פאָטערלאַנד באַערט די געפאַלענע...

# אויף אַלע פיר צו דער מויזן־נאָרע

ווי גיך די פּאָר שעה אין גאַס זענען דורכגעלאָפן! אין גאָרטן אויף דער באַנק האָט זיך די צײַט געצויגן אַן אייביקייט. און דאָ אינעם קאָכיקן גערויש און באַוועג צווישן מענטשן פאַרנומענע, אײַלנדיקע, לויפנדיקע ווײסט מען נישט און מע זעט נישט ווי די צײַט קומט אַהין.

מידע און אײַנגעמאַטערטע פון אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין איבער די גאַסן הונ־געריק, מיט אַ ליידיקן מאָגן און פאַרטרוקנטן גומען האָט משה מעט גענומען צושטיין, זיי זאָלן צוריקגיין אין גאָרטן אַרײַן:

— מאַרישע פאַרגעסט ווי זי האַלט. דאָרט קאָן מען דערווײַל פאַרשליסן דאָס טויער וועט מאַרישע זיך נישט האָבן ווו אַהינצוטון אַ גאַנצע נאַכט. מאַ־רישע וואָלט אַזוי נישט מיד געוואָרן צו גיין און צו גיין.

ווי עקזאָטישע טוריסטן פון ערגעץ אַ ווײַט אומבאַקאַנט לאַנד האָט דאָס אויסטערלישע פּאָרל געצויגן אויף זיך אַלעמענס בליקן. ער מיטן ווילד־באַוואָק־סענעם קאָפּ האָר אין צעקנייטשטן זעלנערישן היטל און מיליטערישן לאַכמאַן פון אַ מיתה־משונה־קאָליר, און זי אינעם אַלטמאָדישן ענגן מענטעלע, מיט אַ צעשויבערטער פּריזורע, נישט פאַרקעמט, מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן רונדן בויך, וואָס האָט אויף קיין פאַל נישט געלאָזט צונויפגיין ביידע פּאָלעס פונעם שווערן ווינטער־פּאַלטן. מאַרישע האָט אים געפירט געאָרעמט. זיי האָבן אין גאַנצן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די אַלע אַרומיקע פאַרבײַגייער, זיך געהאַלטן פאַרטור־ליעטע איינער אין צווייטן ,ווי פאַרליבטע טײַבעלעך, גלײַך קיין גליקלעכערע פון זיי וואָלטן גאָר נישט געווען אויף דער וועלט.

מאַרישע איז געגאַנגען בײַ זײַן זײַט אַ שווערלעכע, זיך געוויגט פון אײַן זײַט אויף דער צווייטער, קוים וואָס זי האָט געשטעלט אַ טראָט. דאָס בלייכע פּנים האָט זיך שיטערלעך געראָזט אַ שײַנענדיקס, ווי פון אַן אומגעריכטן אָפּגעפונ־נענעם אוצר. אַ צעפּיעשטשעטע האָט זי געהאַלטן דעם קאָפּ צוגעלענט צו משה מעטס אַקסל, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן פולן קערפּער אין געאָרעמטן גיין האָט זי מיט די קאַלטע פינגער געצערטלט, געדריקט זײַן האַנט אין אירער.

בײַ יעדן שויפענצטער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט קוקן. צומיינסט האָט זי זיך פאַרהאַלטן פאַר די געשעפטן מיט קינדערזאַכן. מיט אַ פאַרגעפלטן בליק האָט זי געקוקט אויף די העמדלעך, די ווײַסע געהאָפטענע קליידעלעך, אויף די פּי־טשינקע בלאָע און ראָזע שיכעלעך, די טשעפּיקלעך מיט די בראָשלאָטשיקלעך,

— אויף די אַלע זאַכן וואָס וואַרטן שוין, ווי ספּעציעל צוגעגרייט, פאַר די דאָזיקע נפשלעך וואָס דאַרפן ערשט קומען אויף דער וועלט.

זי איז געשטאַנען און זיך קוים געהאַלטן אויף די שווערע פיס. זי האָט געקוקט, מאַרישע, געקוקט און נישט געפילט ווי די טרערן זענען איר גערונען איבערן פּנים. איר קינד, וואָס זי טראָגט אונטערן האַרץ, וועט זי די אַלע זאַכן נישט קאָנען געבן. נישט הילן עס אין די פּוכקע קאָלדריקלעך, אין דער בלאַנקע־דיקער ליכטיקער וועש. זי וועט אָפּרייסן אַ שטיק פון איר העמד און איינוויקלען דערין דאָס נייגעבוירנס. זי פילט זיין יעדן ריר און קער. פון זיין יעדן דריק און קורטש ווערט איר הייס, אַזש אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט זי אויפן גאַנצן לייב. דאָס איז פון הונגער, פון אָפּקומען טעג מיט צוגעלעגענע זויערע אוגערקעס, וואָס די מאַרקהענדלערקע פאַרקויפט איר פאַר האַלב אומזיסט פון אַ קאַליעדיק פעסל מיט הוילן צעפוילטן בראַק. איז אַ וווּנדער וואָס ס'קינד האָט גרימעניש און רייסט זיך אין אַלע זייטן, אַז זי פילט, מאַרישע, ווי די קישקעס וואָלטן זיך איר טייל מאָל איבערגעדרייט.

מיט דער רייכער רחבותדיקער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס האָבן זיי זיך דער־נענטערט צום זאַקסישן גאָרטן מיט דער לאַנגער ריי אייזערנע שטאַכעטן, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער אַריסטאָקראַטישער קרולעווסקע־גאַס. פאַרן אַרייננגיין אין פּאַרק איז מאַרישע געבליבן שטיין אַ טרויעריק־פאַרקוקטע אין משה מעטס אויגן, ווי זי וואָלט זיך שטום געבעטן ביי אים, ער זאָל זי נישט פאַרלאָזן, ער זאָל זיין ביי איר זייט, ער זאָל נישט נקמה נעמען פאַר איר אַמאָליקער שטאָל־צער פאַרריסנקייט דאָרט אויף סעווערינוווו 3. זי האָט וועגן דעם אַלעם נישט דערמאָנט מיט קיין וואָרט. זי האָט אים אָנגענומען פאַרביידע הענט, געהאַלטן זיי אַזוי אַ וויילע אין אירע און פאַרטרויליך געזאָגט מיט אַ מאַטער שטים:

— ס'איז נישט גוט, מיר זאָלן צוזאַמען אַרייננגיין אין גאָרטן אַריין. מע דאַרף זיך נישט צופיל וואַרפן די אָגראָדניקעס אין די אויגן. ס'איז אַ באַנדע מיאוסע הינט. באַלד פאַרהייבן זיי דעם שטעקן. זיי טרייבן אָן רחמנות. וואָס וואָלט זיי געווען געאַרט, ווען אַ היימלאָזער בלייבט אַמאָל אין פּאַרק אויף אי־בער נאַכט, וואָלט זיי עפּעס אָפּגעקומען. בעסער אַז מ'האָט נישט צו טון מיט זיי. איך וועל זיצן אויף דער זעלבער באַנק ווו מיר האָבן זיך געטראָפן, דו וועסט שוין זען. ס'איז נישט ווייט פון די קלאָמבן מיט די בלומען. וועסט האָבן אַ סימן די סטאַטוע פון דער ווענוס מיט די אָפּגעהאַקטע הענט. איך וועל וואַרטן אויף דיר.

— און אַז די באַנק וועט זיין פאַרנומען, ווו וועל איך דיך זוכן?

— וועל איך זיין ביי די קלאָמבן דאָ ווו די קינדער שפּילן זיך.

מאַרישע האָט זיך אָפּגעקערט פון אים און אַרײַן אין פּאַרק, זיך אויסגעמישט מיט די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך דאָרט אין די טונקלענדיקע אַלייען.

משה מעט איז אַזוי אַ פּאַרטראַכטער געבליבן שטיין אין דרויסן פאַרן טויער בײַ דער זײַט. ער האָט זי נישט געוואָלט פאַרלירן. דער שווערער עול פון געפינען זיך נאָענט לעבן אַ מעוברתע פרוי איז אים איצט געווען מאָדנע אָנגענעם און אַפילו ליב, גלײַך ווי זי וואָלט עס פון אים געווען פאַרגאַנגען אין טראָגן, און ער מוז עס זען אַלץ צו באַזאָרגן, אויסשטיין אַלע אירע קאַפּריזן, פאַרנעמען אירע דאגות און טיילן מיט איר די קלאַפּאָטן, ווי יעדער מאַן, ווען די פרוי ווערט שוואַנגער, און ער פילט זיך מיטשולדיק אין איר אומבאַהאָלפנקייט. ער מוז צוזאַמען מיט איר איבערוואַרטן געדולדיק די שווערע צײַט פון דער שוואַנגערשאַפט ביזן טאָג ווען די פרוי וועט געלעגן ווערן, ווען זי וועט ענדלעך צוריק ווערן אַן אויפגעבונדענער מענטש.

פאַרן קורצן איינעם האַלבן טאָג האָט זי אים באַוויזן צו ווערן נאָענט פאַרהיימישט מיט אַלע אירע מחשבותן און צאַפּלעניש, ווי אַ פרוי אין די הויכע חדשים, מיט אירע אינטימע פאַרבאָרגנסטע געפילן און טונקעלע אָנונגען וואָס זענען פאַרבונדן מיט איר ווײַבלעכקייט און מוטערשאַפט, מיט דעם אַלעם וואָס שטייט איר נאָך פאָר איבערצוקומען. אַ מענטש אַליין איז נאָך ווי ס'איז מיטצודערלײַדן. אָבער ווו וועט זי זיך אַהינטון מיט אַ פּיצלס אויף דער האַנט? זי טרײַבט שוין באַצײַטנס אָפּ פון זיך דעם לעצטן אויסוועג, וואָס רוקט זיך אַזוי פאַרדעטעריש און לאָקנדיק אונטער. זי וועט דאָס קינד נישט אונטערוואַרפן. זי האָט עס שוין ליב, נאָך איידער זי ווייס ווי ס'זעט אויס. ס'איז איר אַלץ איינס, צי דאָס קינד וועט זײַן אַ שיינס, צי אַ מיאוס. צי ס'וועט זײַן געראָטן אין איר צי נישט. ווען ס'זאָל אפילו ענלעך זײַן צו דעם באַנדיט, דעם סאַלאַ, וועט זי עס אויך ליב האָבן. ס'איז דאָך אַ טייל פון איר לײַב. איר אייגן בלוט און פלייש. זי וואָלט עס שוין אויסגעקושט יעדעס פינגערל, די הענטעלעך מיט די פיסעלעך. כאָטש עס נאָגט איר ביז ווייטיק. עס וויל נישט וויסן פון גאָרנישט, דאָס פּעמפּיקל. עס מאָנט בײַ איר שפּײַז און זי האָט עס נישט וואָס צו געבן. נאָך אין דער מאַמעס בויך וויל זיך עס שוין דערהאַלטן, עס קעמפט שוין פאַרן לעבן, קלאַמערט זיך פאַר דער עקזיסטענץ. ס'וויל לעבן פאַר יעדן פּרײַז. ער וועט מוזן זען צו טון אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, צו קאָנען קריגן פאַר איר עפּעס עסן. ס'איז צו דערהאַלטן בײַם לעבן נישט איין מענטש נאָר צוויי. ער וועט גלײַך פאַרטאָגס אַרויסגיין אין גאַס אַרײַן, זיך אַרומקוקן, אפשר וועט זיך מאַכן בײַ עפּעס וואָס צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. ער וועט גיין צום וואָקזאַל אָפּוואַרטן צוגן, ער וועט טראָגן פּעקלעך, רײַסן פון די ווענט, אַבי ער זאָל איר האָבן צו קויפן אַ שטיקל ברויט.

משה מעט האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי לאַנג ער איז אַזוי געשטאַנען פֿאַרן גאָרטן־אַרײַנגאַנג אַ פֿאַרזונקענער אין די אומהיימלעכע מחשבות. ווען ער האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ, האָט מען שוין פֿון דער ברייטער הויפּטאַלייע גענומען שפּאַרן צום טויער. די וועכטערס האָבן שוין מער נישט אויפגעשטאַכן אויף די שטעקנס מיט די שפּיציקע אײַזנדלעך די אַנגעוואָלגערטע פּאַפּירן אַרום די בענק. זיי האָבן איצט געטריבן דעם עולם צום אַרויסגיין, אַרויספּאַרבעטן די מענטשן פֿון גאָרטן אַרויס. זיי זענען געגאַנגען פֿון באַנק צו באַנק, געהייסן זיך אויפהייבן פֿון די ערטער און פֿאַרלאָזן דעם פּאַרק, אונטערגעאײַלט די שפּאַצירערס, די מידע און די פֿוילענצער אַלץ נענטער צום אַרויסגאַנג.

ער האָט זיך גענומען אַרײַנקריכן, דורכשטופּן צווישן די אַרויסגייערס. טייל האָבן געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע שפּאָטישע אָפּלאַכנדיקע בליקן, ווי אויף אַ חסר־דעה. איינער האָט אַפֿילו צוגעוואָרפֿן אַ שטעכווערטל, ער זאָל גוט אַכטיק געבן, דער שונא איז פֿאַרשטעקט אין די פּלאַנגן, ער קאָן נאָך שיסן. אַלע אַרום האָבן זיך צעלאַכט. משה מעט האָט נישט געהערט, וואָס יענער האָט געזאָגט. זאָלן זיי לאַכן, זאָלן זיי. ער האָט געגעבן אַ פֿאַרדריי אין אַ זײַטיקער אַלייע און שוין גענומען גיין געלאָסן אויף אַרויף. אין דער רגע האָט פֿאַר זײַן אויער אַ שניט געטון דער אַלאַרעם־געפּיפּף פֿונעם וועכטערס פּאָליציייִש פּײַפּערל. משה מעט האָט גענומען שטעלן פּיס. דער וועכטער האָט זיך געלאָזט לויפֿן נאָך אים מיטן פֿאַרהויבענעם שטעקן אין דער האַנט. משה מעט איז אַריבערגעשפּרונגען איבערן דראָט, און ווי בעת אַן איבערלויף אויפֿן שלאַכטפֿעלד גענומען לויפֿן אין זיגזאַגן צווישן די ביימער אַ פֿאַרפֿאָלגטער פֿונעם וועכטער, וואָס האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון אויג. אָט האָט ער אים דערזען נאָענט פֿון זיך און באַלד איז ער אים פֿאַרשווינדן ווי אויסגערונען, און ווען משה מעט האָט זיך באַוויזן אויף דער אַלייע, איז דער היטער געגעבן מיט אַמאָל אַ קום קאַפּויער, אַרויסגעשפּרונ־גען פֿון באַהעלטעניש און ווידער זיך גענומען יאָגן נאָך משה מעטן. געשריגן ער זאָל פֿאַרלאָזן דעם גאָרטן, ער וועט אים לאָזן אַרעסטירן. אין אַ ווײַל האָט משה מעט געפֿילט אַז יענער דעריאָגט אים. די טריט זענען געווען גאָר נאָענט, אָט וועט ער' אַראָפּלאָזן אויף אים דעם שטעקן מיט דער גאַלקע און אים שפּאַלטן דעם קאָפּ. אין דער רגע האָט זיך משה מעט געגעבן זײַטיק אַ פֿאַרקערעווע און מיט דער פֿלינקייט פֿון אַ פֿוקס אַריבערגעשפּרונגען אַ באַנק. ער האָט געהערט אַ טעמפּן קלאַפּ פֿונעם שטעקן, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער באַנק. ער איז געלאָפֿן איבערן טראַוויניק, אומגעוואָרפֿן ס'ברעטל מיט דער אויפֿשריפֿט, אַז מע טאָר נישט טרעטן אויפֿן גראָז און ש'ער נישט אומגעפֿאַלן. אין איין אָטעם האָט ער זיך דערשלאָגן צו דער געביידע פֿונעם געשלאָסענעם זומער־טעאַטער, און פֿון דאָרט האָט ער זיך געלאָזט לויפֿן מיכלומרשט אין דער ריכטונג פֿונעם טויער־

אַרויסגאַנג. אַ פּאַרסאַפּעטער איז משה מעט געבליבן שטיין הינטער אַ בוים צו כאַפּן דעם אָטעם. פּאַרזיכטיק, נישט באַמערקט צו ווערן האָט ער אַרויסגערוקט עטוואָס דעם קאָפּ, געזוכט מיט די אויגן אין אַלע זייטן צי דער אָגראַדניק איז נאָך דאָ. אַרום איז געווען שטיל. אַ לײַכט ווינטעלע האָט שאַרכיק באַוועגט די באַבלעטערטע צווײַגן. די אַרומיקעביימער האָבן שאַטנדיק געשטומט, ווי זיי וואָלטן זיך געמאַכט, אַז זיי זעען אים נישט. ס׳איז דאָ קיינער נישטאָ.

ער איז אַ לענגערע ווײַל אַזוי געשטאַנען הינטערן בוים און נאָך אַלץ נישט געוואָגט צו שטעלן קיין טראָט. וואָס אייגנטלעך האָט ער זיך אַזוי געשראָקן, משה מעט? ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. ער וועט עס איר אַפילו נישט זאָגן, מאַרישען. וואָס האָט ער מורא געהאַט, אַז דער אַלטער כלב, וועט זײַן שטאַרקער פון אים? ער וואָלט זיך מיט אים לײַכט אַן עצה געגעבן, כאָטש יענער איז געווען באַוואָפנט מיט אַ שטעקן. מיט איין זעץ וואָלט ער אים אַרויסגעשלאָגן דעם שטעקן פון האַנט. דער הונט מיט אויערן וואָלט געדאַנקט גאָט, ווען ער לאָזט אים אַרויס אַ לעבעדיקן פון זײַנע הענט. ער האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר זיך, משה מעט. ער האָט זיך פאַרלוירן, געוואָרן צעטומלט, ׳ווײַל ער האָט נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָל אַמאָל נישט אויסגיין צו מאַרישעס קאָפּ. צוליב אים וואָלט זי געווען דאָס כפּרה־הינדל. זי וואָלט זיך שוין געקאָנט געזעגענען מיט איר „דירה״ דאָרט צווישן די קזשאַקעס. מאַרישע מוז אַוודאי מיינען, אַז ער האָט זי געלאָזט שוויצן; ער איז אַזוי ווי אַלע מענער, וואָס זוכן נאָר דאָס ביסל פאַרגעניגן, זעען אין דער פרוי בלויז דאָס צוויגישע און נישט דאָס מענטשלעכע אין איר, דעם מענטש. ער רעכנט זיך נישט צו צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע מענער. אויב זי טראַכט אַזוי קען זי אים נאָך זייער ווייניק. אירע דערפאַרונגען זענען גענוג ביטערע, אַז זי זאָל קאָנען קוקן אַנדערש אויף אַ מאַנצפּאַרשוין, ווי נישט אויף קיין אויסניצער. די מאַרישע וועט זיך פרייען ,אַז זי וועט אים דערזען. ער מוז זיך איצט שאַרן אויף אַלע פיר ביז אויף יענער זײַט אָפענער אַלייע. פון דאָרט וועט ער שוין לײַכט קאָנען צוקומען צו דער אַלייע מיט דער סטאַטוע.

משה מעט האָט זיך שאַרכלאַז אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, זיך געריטשקעט אויפן בויך, זיך געצויגן מיט די הענט און פיס איבערן פײַכטן גראָז — אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן... ווי אַ בייז הינטל איז אים נאָכגעלאָפן אַ מאָדנער געדאַנק און נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים. וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטענער כוח שטעקט עס אין אים. סאַראַ שפּלע בריאה דער מענטש איז! אַז ער דערשנאַפּט ערגעץ אַ פרוי, אפילו אין אַ מויזן־נאָרע, וועט ער פויזען ווי אַ וואָרעם, זיך שאַרן אויפן בויך, דערנידעריקט ווערן אין די אייגענע אויגן, פאַרלירן דעם צלם פון אַ מענטש און קריכן צו איר אויף אַלע פיר אין דער מויזן־נאָרע.

## קאַפּיטל פֿיר

# אונטער אַ נאָס רעגן

מיטן אָנקום פונעם פרילינג האָבן זיך אין די פּאַרטאָגן גענומען קלייבן אויפן טעאַטער־פּלאַץ פאַרחושכטע, צעקנאָדערטע מענער, יונגע און עלטערע, אַר־בעטפעיִקע מענטשן. נישט־אויסגעשלאָפענע, מיט געלבלייכע צעקנייטשטע פּני־מער, אין אָפּגעטראָגענע רעקלעך און אויסגעדרייטע קאַמאַשן זענען זיי געקומען צו גיין אַהער מיט מידע שלאַבעריקע טריט איינצלווײַז און אין גרופּקעלעך. טייל נישט־דרייסטע און פרעמדלעכע, האַלב־רעזיגנירטע פון פאָרויס. אַנדערע חוצפּה־דיק־טומלדיקע, מיט האָפּערדיק־פאַררוקטע דאַשקעס, אַזעלכע וואָס מע דערקענט אין זיי, אַז זיי האָבן שוין דאָ אַ חזקה, און קיין אַנדערע וועלן זיי, די שטאַרקע, די פּעטניאַקעס, אַזוי לײַכט נישט צולאָזן, מעגן יענע קומען ווי פרי, אפילו מיטן דער נאַכט און זײַן די ערשטע בײַם טויער.

מ'איז זיך דאָ געווען ווילדפרעמדע איינער דעם אַנדערן ווי אַרעסטאַנטן, וואָס ווערן דורך אַ צופאַל צונויפגעבראַכט אין איין צעלע צו טיילן דעם זעלבן גורל. מ'האָט זיך געקענט בלויז ווי אחים לצרה, פון טרעפן זיך דאָ יעדן אינדער־פרי פאַרן הויכן מאַגיסטראַט־טויער און אויפן שמאָלן טראָטואַר קעגנאיבער, לענגויס דעם סקווער מיט די הויכע אײַזנגעפלאָכטענע שטאַכעטן, וואָס האָבן דערמאָנט אין די תּפיסה־קראַטן איבער די פענצטערלעך אין שמאָלן שטילן געסל דערלעבן — אויף דאַנילאָוויטשאָווסקע, וווהין ס'ווערן אַרײַנגעטריבן די אַרבעט־לאָזע פון די דעמאָנסטראַציעס פאַרן מאַגיסטראַט.

ווי אַ שאָטנדיקער פלעק האָט זיך דאָס אומהיימלעכע מענטשן־געזעמל גע־שוואַרצט אויפן פריש־אויסגעשפּריצטן טעאַטער־פּלאַץ. טייל האָבן געשוויגן פאַר־ביסן. אַנדערע האָבן זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ וואָרט וועגן די שאַנסן און האָפע־נונגען צו קריגן צוגעטיילט מערערע עטלעכע טעג בײַ די עפנטלעכע אַרבעטן פון מאַגיסטראַט אין די פאַרשידענע שטאָטטיילן און אויפן פאָרשטאָט.

לעבן איינער אַזאַ גרופּקעלע האָט זיך געהאַלטן משה מעט. ער האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי אַ שטיק וועגס, זיי נאָכגעגאַנגען ווי אַ שמעקהונט ביז ער

האָט דערשנאַפּט אַז דער וועג זייערער פירט צו קריגן אַרבעט. ווען ער איז אַרויס פון גאָרטן, ווו ער איז דורכגעשלאָפן די נאַכט לעבן מאַרישען, איז נאָך דאָס שטאָכעטן־טויער געווען פאַרמאַכט. דער שווערער שלאָס האָט נאָך אַראָפּגע־שווערט נאָך דער שוואַרצער קייט, וואָס איז געווען פאַרלייגט אויפן טויער. ער האָט זיך זײַטיק דורכגעקריגן מיטן קאָפּ און אַקסל דורך די שטאַנגען און זיך גע־לאָזט אין גאַס אַרײַן מיט דער דעה אָוועקצושפּאַנען ערגעץ צו איינעם פון די וואָקזאַלן אָפּצוואַרטן אַ צוג. האָט ער זיך צופעליק אָנגעשטויסן אויף דער קליי־נער גרופּע אַרבעטלאָזע, וואָס זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צום טעאַטער־פּלאַץ. ער האָט זיי גענומען נאָכגיין מיט אײַנגעהאַלטענע טריט. צו זײַן אויער זענען דערגאַנגען אָפּגעריסענע ווערטער וועגן קריגן אַרבעט, מאַכן אַ „ראַבאַן", אויפהייבן אַ טומל. די מאַגיסטראַט־אַרבעטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן און מע הייסט זיי כסדר קומען מאָרגן, מע לייגט זיי אָפּ פון איין טאָג אויפן אַנדערן. אָן סקאַנדאַלן, זענען זיי, וועלן זיי בײַ די שטאָט־באַלעבאַטים קיין אַרבעט נישט קריגן.

אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך געזאַמלט בײַם סקווער. ווער ס'האָט זיך געדרייט הין און צוריק אויפן טראָטואַר און ווער ס'איז געשטאַנען אַפּאַטיש, אָנגעשפּאַרט אָן די סקווער־שטאַ־כעטן, מיט אַ פאַרריסענעם שטאַרן בליק אַרויף צום ראַטהויז־זייגער מיט די לאַנגע מעסערדיקע ווײַזערס, וואָס זענען געשטאַנען ווי אויף איין אָרט און דאָך זיך גערוקט אומבאַמערקטערהייט, זיך פאַרשניטן פון ציפער אויף ציפער.

דער פרימאָרגנדיקער האַלב־פּוסטלעכער טעאַטער־פּלאַץ האָט זיך גענומען אָפּהילן פון די געדיכטע בײַנאַכטיקע שאָטנס, וואָס זענען זיך צעקראָכן אין די ווינקלען צווישן די פילאָרן פון דער געשלאָסענער אָפּערע. פולגעפּאַקטע טראַמ־ווײַען האָבן אָנגעבראַנגט אַהער אין צענטער אַרײַן אַ פאַרשידנפאַרביקן עולם — אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און באַאַמטע — פון די ווײַטע אָפּגעלעגענע גאַסן און שטאָטטיילן. דאָס אויפגעפּראַלטע ראַטהויז־טויער איז געווען פאַרפּאַקט מיט אַ גראָער מאַסע אַרבעטלאָזע, וואָס האָבן זיך שוין געגרייט אויפצוהייבן אַ טומל בײַם ערשטן אָפּזאָג פונעם גלײַכגילטיקן באַאַמטן הינטערן פענצטערל פון אַר־בעט־פּאַרטייל־ביוראָ בײַם מאַגיסטראַט.

צו אַלעמענס שטוינען האָט מען הײַנט כמעט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט, אוי־סער אַזעלכן, וואָס האָט נישט געהאַט אין אָרדענונג די פּאַפּירן. אַלע איבעריקע זענען — איינער נאָכן אַנדערן — צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעט־בריגאַדעס, וואָס האָבן זיך גלײַך אָוועקגעלאָזט אויף די אָנגעוויזענע פּלעצער.

עפּעס האָט זיך געפילט דאָ אין דער לופט אַ נערוועזישע געשפּאַנטקייט. אין אַלע פענצטער פון די אַרומיקע יוסטע געביידעס פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג

האָבן געברענט גרויסע עלעקטרישע בליצלאָמפּן. אין די ברייטע לאַנגע קאָרידאָרן מיט די רייען טירן פוןביידע זײַטן איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע באַוועגונג פון באַאַמטע און אינטערעסאַנטן. אין די גרויסע מאַגיסטראַט־הייף איז געווען אַ געגייערײַ. אין פּיבערדיקן אומרו האָבן די באַאַמטע אין ציוויל און אין אוניפאָר־מען מיט די אַפּצייכנס אין לאַץ זיך געגעבן אַ באַװײַז און אַוועקגעאײַלט ערגעץ־וווּ מיט די געלע לעדערנע טעקעס אונטערן אָרעם.

משה מעט האָט זיך די גאַנצע צײַט געהאַלטן נאָענט פון דער קליינער גרו־פּע, וואָס ער האָט אָנבאַגעגנט אין גאַס. קיינער פון זיי האָט רעכט נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים, נישט געטריבן אים פון זיך, האָט ער זיך געהאַלטן לעבן זיי. ווען ס'איז געקומען זײַן ריי בײַם פענצטערל האָט ער מיט ציטערדיקע הענט אַרויסגעקריגן פון בוזעם אַרויס אַ געל צעקנייטשט דורכגעשוויסט פּאַפּירל מיט דער בלאָער חתימה פונעם גענעראַל־שטאַב און באַלד האָט ער מיט אַן אויסגע־פּילטן בויגן אין האַנט אַוועקמאַרשירט מיט דער זעלבער גרופּע אויף אַן אונטער־שטאָטישער גאַס צו די קאַנאַליזאַציע־אַרבעטן, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגויס פון ביידע זײַטן טראָטואַר.

אינעם פּראָוויזאָריש־אויפגעשטעלטן ביידל מיטן וואַרשטאַט האָט משה מעט איבערגעלאָזט דעם זעלנערישן שינעל און מיט דער באַקומענער לאָפּאַטע זיך אַראָפּגעלאָזט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, אין די שמאָלע לאַנגע גריבער, ווי אין די אָקאָפּעס אַרײַן, און גענומען אַרויסוואַרפן פולע לאָפּאַטעס ערד — איינע נאָך דער אַנדערער.

דער פרימאָרגן, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן אַ לויטערער, אַ זוניקער, האָט פאַרמיטאָג נאָך זיך גענומען טונקלען, כמאַרעווען. אָנגעלאָפּענע ווינטן האָבן געהויבן הויפנס ערדשטויב, צום ערשט ווי אויף אַ געלעכטערל, נאָר באַלד מיטן גאַנצן ערנסט זיי געוואָרפן אין פּנים אַרײַן, אויפן קאָפּ, איבער די אַקסלען. ראַש און באַלכסונדיק האָט זיך מיט אַמאָל אַראָפּגעלאָזט אַ כליאָפּ רעגן, וואָס אַמאָל געדיכטער און האַסטיקער, ראַשיקער.

די שוואַרצאַרבעטער, וואָס זענען שוין באַלד ביזן קאָפּ געשטאַנען אין דער טיפעניש האָבן זיך געשראָקן, דער אויפזעער דאָרט אין ביידל זאָל זיי נישט הייסן צוריק אַוועקשטעלן די רידלען, פון וואַנען מ'האָט זיי גענומען, און גיין אַהיים. דאָס קריגן די אַרבעט איז זיי אָנגעקומען מיט דער גרינגער גאָל — וועלן זיי איצט צוליבן רעגן ווידער בלײַבן בײַ גאָרנישט? זעט אויס דאָס גליק האָט זיי צוגע־שפּילט. קיינער האָט זיי גאָרנישט געזאָגט. זיי האָבן נאָך פלייסיקער אַרויסגע־וואָרפן לאָפּאַטעס צעליימיקטע געלע ערד אין דרויסן אויפן אַנוואַקסנדיקן לענג־לעכן בערגל.

דער רעגן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו גיין. דער ליים האָט זיך גע־

קלעפּט צו די שיך, אויף די הענט און פּנים. דאָס זעלנערישע רעקל אויף משה מעטן איז געװען אַרומבאַקלעפּט מיט נאַסע שטיקער ערד, מיט בלאָטע. ס׳האָט אים נישט געאַרט דער כליאַפּ־רעגן, נישט די סטרוגעס װאַסער װאָס האָבן זיך פון אים געגאָסן, און נישט די געדיכטע בלאָטע אונטער די פיס. ער האָט קוים געקאָנט אַרויסהייבן די שװערע קלעפּיקע לאָפּאַטעס ערד פון דער טיף אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. ער האָט אַלץ גענומען פאַר ליב און זיך אַפילו איבערגע־װערטלט מיטן נאָענטסטן שכן — אויך אַזאַ אויסגענאַרעטן װי ער — אַז שפּע־נערע פון זיי לייגט מען אין קבר אַריין.

— די באַרעמהאַרציקע שטאַט־טאַטעס, די פאַרזאָרגערס אונדזערע — האָט יענער זיך אויסגעדרייט צו אים נאָכן אָפּװאַרפן אַ פולע לאָפּאַטע — קאָנען אונדז באַר געבן צו קײַען ערד.

— און מע דאַרף זיי נאָך דערפאַר זאָגן אַ שיינעם דאַנק — האָט אַ דריטער העכער אַרויף צוגעװאָרפן אַן אויסגעװייקטער, געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויפן לאַנגן שטעקן פון דער לאָפּאַטע, געכאַפּט אַ בליק צום בײַדל און װידער זיך גענומען צו דער אַרבעט.

משה מעט האָט זיך קוים געקאָנט דערװאַרטן אויף סוף טאָג. נאָכן אָפּעסן דאָס שיטערע ביסל יושקע אין דער אַרבעטלאָזע־קיך אויף אָקאָפּאָװע, װוּ די חברה האָט אים מיטגענומען װי אַ היימישן שװין, האָט ער זיך פון די ערשטע אָפּגע־טראָגן פון דער „סטאָלוװקע" מיט דער פּאָרציע ברויט אין קעשענע, װאָס ער האָט איבערגעלאָזט פאַר דער מאַרישע.

װען ער האָט אין װאָס, — אַ טעפּל, אַ קעסעלע, צי אַ בלעכן פּושקעלע, — האָט ער בײַ זיך געטראַכט, אַרויסקומענדיק אין רעגנדיקן דרויסן פאַר דער שװעל, — װאָלט ער אַפילו מיטגענומען אַ פּאָרציע זופּ פאַר איר. זי װאָלט זיך מחיה געװען די ביינער מיטן ביסל קאַפּושניאַק. ער האָט זיך אַראָפּגערוקט דאָס זעל־נערישע היטל מיטן לאַקירטן דאַשיק טיפער איבערן שטערן. מיטן אויפגע־שטעלטן קאָלנער און מיט דער פּייקע ברויט אין טאַש האָט ער זיך געלאָזט שנײַדן דורכן געדיכטן רעגנדיקן פאַרהאַנג פאַרויס איבער די װייניק־באַלעבטע גאַסן, כאָטש ס׳איז געװען די פאַרנאַכט־שעה, װען דער עולם קערט זיך אום פון דער אַרבעט.

דער רעגן האָט זיך װידער פאַרשטאַרקט. אַקעגנגעלאָפן שנורנװײַז צו די טריט, געשמיסן אין פּנים אַרײַן, זיך געבלעזלט אָן אויפהער אויף די ברוקשטיי־נער און טראָטואַר־פּליטעס און שטראָמיק אָפּגעפלאָסן מיט הילכיקן האַרמידער אין די רינשטאָקן אַראָפּ צו די אײַזערנע רושטן פון די קאַנאַלן. בײַ די זײַטן, אין די טויערן און אונטער די באַלקאָן־געװעלבן, זענען געשטאַנען גרופּעס מענ־טשן און נישט געװאַגט אַרויסצושטעקן די נאָז: „גלײַך װי זיי װאָלטן געװען פון

צוקער — האָט משה מעט אַ שמייכל געטון אין זיך — זיי קאָנען נאָך צעגיין אויפן רעגן״.

אַן אויסגעבלאַטיקטער, דורכגעווייקט ביזן ביין איז ער צוריקגעקומען אין זאַקסישן גאָרטן אַרײַן. באַהערשט פון אַן אומרו האָט ער גענומען לויפן מיט די בליקן איבער אַלע זײַטן, אין דער אַלייע, אין יענער אַלייע. אין ערגעץ האָט ער זי נישט געזען זיצן, מאַרישען. אַלע בענק האָבן געפּוסטעוועט טרויעריקע, שווײַגנדיקע. ענדלעך האָט ער זי געטראָפן אויף אַ באַנק אונטער אַ געדיכטן קאַשטאַנבוים, וואָס האָט נישט דורכגעלאָזט קיין טראָפּן רעגן ברייט אַרום זיין שטאַם.

די אויפגעפרישטע אַלייען האָבן פרילינגדיק געשמעקט אינעם גאָס רעגן. די ביימער, וואָס האָבן זיך הויך געהויבן איבער די ליידיקע בענק, האָבן ווי באַטרונקענע זיך געוויגט מיט זייערע קרוינען אַהין־אַהער. דער ווינט האָט מיט אַ שיטער קעמל געקעמט די אויסגעצוואָגענע געדיכטע גראָזקרוינען, אויף טייל ערטער מיט אַ שרונט אין מיטן, אויף אַנדערע — גלאַט אַרויף און פאַרנומען בײַ די זײַטן. אײַליקע פאַרבײַגייער — ווער מיט אַן אויפגעעפנטן שירעם און ווער בלויז מיט אַן אויפגעשטעלט קעלנערל — האָבן דורכגעשניטן דעם פּאַרק אין דער קרום, זיך אײַנצוברעגנען וועג אינעם פּאַסקודנעם פוילן וועטער.

מאַרישע איז געזעסן אַן אײַנגעהויקערטע מיטביידע הענט אויפן בויך. זי האָט פון אונטן־אַרויף אַ פיר געטון דעם מידן שטומען בליק אויף משה מעטן, ווי זי וואָלט אים נישט געוועז דערקענט און נישט געוווסט ווער ס׳שטייט פאַר איר. זי האָט געקוקט אַ גלײַכגילטיקע אויף זײַנע געלפּאַרליימיקטע זעלנערישע שיך און ערדיק־קויטיקן פּנים און אויפגעשוידערט מיטן גאַנצן קערפּער. ער האָט אויסגעזען, משה מעט, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקומען אַן אויסגעגראָבענער פון אַ קבר אַרויס. מאַרישעס פּנים איז געווען אין גאַנצן געגרונצלט גרין. זי האָט געקוקט אין איין פּונקט אַנטקעגן צו דער ווענוס־סטאַטוע מיט די אָפּגעהאַקטע הענט ביז די עלנבויגנס, ווי ס׳וואָלט איר קיין שום זאַך מער נישט אָנגעגאַנגען אין לעבן. אויך זי איז אַזאַ אומגליקלעכע, אפשר נאָך מער, נישט בלויז די הענט, אויך די פיס האָט מען איר אונטערגעהאַקט. זי קאָן אין ערגעץ נישט גיין, אַפילו זיך נישט ווײַזן אין ערגעץ. טאָ וואָס־זשע טויג איר דאָס גאַנצע לעבן? זי האָט זיך אין איר לעבן נישט פאָרגעשטעלט אַז אַ מענטש קאָן אַמאָל ווערן אַזוי איבעריק אויף דער וועלט.

משה מעט האָט אַן אומבאַהאָלפענער אַרויסגעקריגן פון דער טיפער שינעל־קעשענע די פּײַקע ברויט. ער האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך אַרומכאַפּן מיט אים, ווען זי וועט אים דערזען. צום סוף האָט ער זי גאָר געטראָפן אין אַ מעמד, וואָס ס׳איז בעסער, אַז מע לאָזט אַזעלכע צורו אין אַזאַ צושטאַנד. דאָס לעצטע מיטל איז טאָקע געווען אַ בלענד צו טון פאַר די אויגן מיטן פרישן שטיקל ברויט. ווער

נאָך אַזוי ווי ער ווייסט דעם כוח פונעם געשמאַקן ברויט־ריח, וואָס גיט אַ פאַר־גיי אונטער דער נאָז פון אַ הונגעריקן. אַ טויטן קאָן עס אויפוועקן פון האַרטן שלאָף, מכל־שכן נאָך אַ לעבעדיקן וואָס ס׳חלשט אים דאָס האַרץ און אַ טראָגע־דיקע דערצו.

אין מאַרישעס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שאַרפער גרינער גלאַנץ, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן צי ס׳איז פון אַ קראַמף אין מאָגן, צי פון גרויסער פרייד. זי האָט גיריק אַ כאַפּ געטון מיט צוויי אויסגעשטרעקטע זשעדנע הענט דאָס שטיק ברויט, ווי ס׳וואָלט געווען אַן אָפּגעפינענע מציאה. פאַרהויבן דעם בליק, אַ קוק געטון אויף משה מעטן, וואָס האָט לײַכט אויפגעשמייכלט, און אַ פאַרשעמטע זיך פאַררויטלט אויפן גאַנצן פנים. זי האָט באַקוקט דאָס ברויט פון אַלע זײַטן, ווי זיך איבערצוצײַגן, אַז ס׳איז נישט עפּעס אַנדערש, נאָר טאַקע אמתדיק ברויט דאָס וואָס זי האַלט אין דער האַנט. אַ באַהערשטע האָט זי געלאָסן גענומען אָפּברעכן דערפון אַ שטיקל נאָך אַ שטיקל און עס געלייגט אין מויל אַרײַן, ווי אַ זקן מיט אַ ציינלאָז מויל, ווי זי וואָלט נישט געהאַט מער קיין כוח צו קײַען, און ווי ס׳זאָל לענגער דויערן דאָס עסן.

ווען זי האָט אויפגעגעסן דאָס פּערטל ברויט האָט זי פול מיט דאַנקבאַרקייט אין בליק זיך נענטער צוגערוקט צו משה מעטס זײַט. אָן אַ וואָרט געזוכט זײַן האַנט און זי געגלעט מיט קאַלטע פּײַכטע פינגער.

משה מעט איז אַן אומגעדולדיקער אויפגעשטאַנען פון דער באַנק:

— קום, מאַרישע, מירן זוכן פאַר דיר אַ נאַכטלעגער ערגעץ. אפשר וועט זיך עפּעס מאַכן. ס׳וועט דאָך שוין איצט זײַן מיט וואָס צו צאָלן. כ׳האָב שוין הײַנט דורכגעמאַכט דעם ערשטן טאָג פון אַ שוואַרצאַרבעטער אונטער אַ גאָס רעגן.

## ק אַ פּ י ט ל   פ י נ ף

# דער זעלבער פאַרגלייבטער אין לעבן

די זשמודנע טעג זענען איצט געווען אויסגעפילט מיט שווערער פיזישער אַרבעט אין די לאַנגע און פײַכטע קאַנאַליזאַציע־גריבער ווו משה מעט האָט זיך יעדן אינדערפרי אַרונטערגעלאָזט ווי אין אַ קבר אַרײַן. זיי האָבן זיך געצויגן אומענדלעך, אָן אייביקייט. זענען אָפט געווען באַגלייט מיט דערעסנדיקע רעגנס און געדיכטע נעפלען, וואָס האָבן געקלעפּט צו דער ערד ווי שטיקער סמאָלע. נאָך אָפטער האָבן חוצפּהדיקע ווינטן געשמיסן הויפנס ערדשטויב אין פּנים אַרײַן, אין די אויגן אַרײַן. פון צײַט צו צײַט האָט אין די פּאַרמיטאָגשעהען פּאַרבלאָנדזשעט אַהער אַ בינטל שטראַלן, אַ זונשפּיגעלע, וואָס האָט אַ לײַכט־געטון ווי אַ העלע געפלעקטקייט אויף אַ קרענקלעך פּנים; געגעבן ציטעריק אַ גיי איבער דער אויבערשטער שיכט פון דער גלײַכגעהאַקטער וואַנט, באַלויכטן די ערד־אינגעווייד פון אונטערן טראָטואַר מיט די אויסגעלייגטע בעטאָנענע רערן אין דער אויסגעבעטעטער טיף און פאַרשווינדן, ווי אין מורא נישט צו ווערן אַמאָל אומבאַמערקטערהייט פאַרשאָטן אינעם גרוב.

אַהער דאָ אין די גריבער איז ווייניק וואָס דערגאַנגען פונעם אויפגערודערטן פּיבער, וואָס האָט ווײַטער אָנגעהאַלטן אינעם צענטער שטאָט; פון די פרישע אויפגעזאַמלען אין פאַרשידענע באַלעבטע פּונקטן און פּלעצער; פון די פערדישע גאַלאָפּן, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט די מענטשן־אויפגעלויפן; פונעם ריטמיש־יאָגנדיקן געקלאַפּ פון צעגליטע פּאָדקאָוועס, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פונקען אויפן שטיינערנעם ברוק, און אויפגעפלאַצטע געשרייען פון אומגעפאַלענע, צעטראָטענע און פאַרווונדיקטע, וואָס זענען בחיפּזונדיק אַוועקגענומען געוואָרן דורך די קעטשלעך פון דער גיכער הילף, אַז ס׳זאָל נישט בלײַבן דאָ קיין סימן פון די בלוטיקע געשעענישן.

פונקט אַזוי ווי ס׳איז נישט דערגאַנגען אַהער אין דער געסלדיקער אָפּגעלעגנקייט דער אָפּהילך פון די אַרבעטלאָזע דעמאָנסטראַציעס, אַזוי האָט דאָ אויך

גישט אָפּגעשלאָגן דער עכאָ פונעם קלויסטערשן גלאָקנגעקלאַנג און מאָנאָטאָנע כאָראַלע געזאַנגען, וואָס האָבן זיך אויסגעשפרייט אין דרויסן, צוזאַמען מיט די פּאַרביקע פּראָצעסיעס איבער די וואָכעדיק־טומלדיקע וואַרשעווער גאַסן.

אַ לאַנג אָפּגעוווינטער פון שווערער פּראַצע און גענוג דערשעפּטער פון טעג נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן — איז עס פאַר משה מעטן געווען אַן אָפּ־קומעניש דאָס אָפּליגן בײַ פולע אַכט זייגער שעה אין דער פֿײַכטער ערד־טיפעניש. גראָבן דעם ערדוועג, שלעפּן די רערן, האַקן דעם ברוק, נישט צו קאָנען נאָכער רירן מיט קיין אבר. אַרויסקומענדיק אויף דער אויבערפלאַך נאָך דער אָפּגעאַר־בעטער נאָרמע, האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווי אַזוי ער וועט אויפן אַנדערן טאָג קאָנען קומען צו דער אַרבעט.

אַ חוץ קערפּערלעך האָט ער אויך געפילט, ווי די אַרבעט וואָלט אים געווען דערדריקט גײַסטיק, דעם מענטש אין אים. עפּעס ווי זײַן גאַנץ לעבן וואָלט אַראָפּ־געזעצט געוואָרן אויף דער סאַמע נידעריקסטער און פרימיטיוועסטער מדרגה, ווי ס׳וואָלט באַגרענעצט געוואָרן צו דער ראָל פון אַ משא־פערד, וואָס דאַרף מער פון גאָרנישט וויסן ווי נאָר שלעפּן דעם וואָגן, צו דעם איז עס באַשאַפן געוואָרן, צו זײַן אַ שלעפּפערד און ווײַטער גאָרנישט.

ווען ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט בלויז אין אים אַליין וואָלט ער שוין בעסער באַשטאַנען צו בידעווען, ווי ביז אַהער, אַרומגיין אַ הונגעריקער, איידער צו ווערן אַזוי אויסגעריסן אין די טוכלע קאַנאַלן מיט די פוילנדיקע פאַרסמענדיקע ריחות, וואָס נעמען צו דעם אַפּעטיט צום עסן, צום לעבן.

פאַר זיך אַליין דאַרף ער עס ווי אַ לאָך אין קאָפּ. ער קאָן דורכקומען אַ טאָג מיט בילע־וואָס. אים איז געגאַנגען בלויז אין ראַטעווען אַ מענטש, אַן אויסגע־שפּיגענעם, אַן אַוועקגעוואָרפענעם, אַ מענטש, וואָס האָט נאָך דערצו באַדאַרפט ברענגען נאָך אַ נפש אויף דער וועלט, און קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומ־געקוקט. ווי מאָדנע דאָס לעבן וויל. ער, וואָס קאָן זיך אַליין נישט העלפן, האָט זיך גאָר גענומען די ראָל פון העלפן אַנדערע, אויפן חשבון פון זײַן אייגן לעבן. ער וועט דאָך דאָ פאַלן בײַ דער דאָזיקער שוואַרצאַרבעט. ס׳איז נישט פאַר זײַנע כוחות הײַנט. ער איז דערשעפּט ביז אַ לעצט. דאָס האָט ער זיך אַליין באַגראָבן לעבעדיקערהייט אין אַ גרוב, אַז אַן אַנדער יונג לעבן זאָל נישט דאַרפן אויף אַן אמת באַגראָבן ווערן.

ער האָט איר טאַקע געראַטעוועט דאָס לעבן, מאַרישען. אַן אים וואָלט זי אויסגעגאַנגען דאָרט אין גאָרטן אויף דער באַנק. אַזאַ שיינע מויד! ס׳דאַרף גאָר נישט לאַנג דויערן ס׳זאָל פון אַ מענטש ווערן אַ וויסטער תל. ער האָט עס געזען אויפן פּראָנט ווי מענטשן האָבן פאַרלוירן דעם צלם מענטש, פאַרווילדט און פאַר־וואָרלאָזט געוואָרן און שפּעטער געפאַלן ווי די פליגן. די וואָס לאָזן זיך אָפּ —

פאַלן די ערשטע. ער האָט געוווּסט, אַז ער מוז זי ראַטעווען, אַז ער מוז פאַר דעם מיידל טאָן אַלץ, אַז זי זאָל נישט אונטערגיין. זי וועט האָבן דאָס קינד, וועדן אויפגעבונדן, קאָן זי מיט זיך טאָן וואָס זי וועט וועלן. טרעט ער אָפּ אין אַ זײַט. זי קאָן זיך דעמאָלט גיין איר וועג. זײַן מיסיע וועט זײַן געענדיקט. זי איז סײַ ווי נישט פאַר אים. ווי וועט ער זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט אַ פרוי מיט אַ פּיצל קינד. אָבער איצט, אין דעם צושטאַנד, האָט ער געפילט, מוז ער איר העלפן, אַז נישט וועט ער נישט ווערט זײַן צו טראָגן דעם נאָמען מענטש. די פאַרדינסטן זענען טאַקע נישטיקע, אַרבעטלאָזע פענסיעס, מישטיינס־געזאָגט, גראָשנס, אָבער אויפגעלעבט האָט זי. צוריקגעקריגן אַ מענטשלעכן אויסזען. און דער עיקר, זי האָט ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן.

דאָס איז געווען דאָס סאַמע שווערסטע. ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז ס׳וועט אים אַזוי שווער אָנקומען צו קריגן פאַר איר אַ שטיקל נאַכטלעגער. ער האָט געמיינט פאַרקערט, מע וועט זען אַ מעוברתע פרוי, וועט עס גאָר זײַן אַ סגולה, מע זאָל זיך מיט איר פאַראינטערעסירן, אָפּטרעטן אַ פּלאַץ צו שלאָפן און אַפילו נישט בעטן פאַרויס קיין געלט, ווי מע פירט זיך מיט סתם־סובלאָקאַטאָרן. צום סוף האָט מען זי איבער דער שוועל נישט געוואָלט אַריבערלאָזן. אַז זיי זענען שוין קוים מיט צרות דערקראָכן צום פינפטן שטאָק, ווו ס׳איז געווען „צו פאַר־דינגען אַ בעטל פאַר איין פערזאָן פון פרויען־געשלעכט“, ווי ס׳האָט זיך געזאָגט אין דער מעלדונג פאַרן טויער, אָנגעקלאַפּט אין טיר און שוין געמיינט, אַז זיי ווערן געהאָלפן, זי וועט דאָ קריגן אַ שטיקל „קאָנט“, אַ ווינקל. איז ווי נאָר מ׳האָט געעפנט די טיר און זי געגעבן אַ קוק אָן מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן בויך, האָט מען זיך פאַר איר דערשראָקן ווי פאַרן מלאך־המוות. מ׳האָט געגעבן אַ בייזן וואָרטשע און אַ פאַרהאַק די טיר אונטער דער נאָז.

ער זעט ערשט צום ערשטן מאָל, משה מעט, אַז די אָרעמשאָפט זאָל אַזוי מורא האָבן פאַרן קינדער־האָבן און עס באַטראַכטן ווי די גרעסטע פּלאָג אירער אין לעבן, קוקן דערויף ווי אויף אַ שרעקגעשפּענסט, דעם הויפּטשולדיקן אין איר אָרעמקייט, אין איר גאַנצן ביטערן גורל.

זיי האָבן געבראָכן די פיס איבער די צענדלינגער שטאָקן, געקראָכן איבער קרומגעדרייטע שווינדלטרעפּ, וואָס האָבן געפירט דאָ אין אַ בוידעמשטיבל, דאָ אין אַ פינצטערן קעלער אַראָפּ. אָנגעקוקט קעמערלעך, ווינקלען, לעכער און נאָ־רעס. טייל האָבן זיך באַלד געכאַפּט אַז זיי האָבן פאַר זיך אַ פרוי אין אַנדערע אומשטענדן, אַנדערע שפּעטער, צוליב דער אייביקער קאָרידאָר־טונקלעניש, נאָר אומעטום האָט מען זיי באַגעגנט מיטן זעלבן פּיזמון:

— מיט קיין קליינע קינדער נישט.

— איצט איז בײַ אײַך נאָך נישטאָ, אָבער ס׳וועט דאָך זײַן...

— מ׳האָט געגנוג די אייגענע בענקאַרטעס.
— דאָ איז נישט קיין פּענסיאָנאַט.
— אַלץ האָט מען שוין, ס׳פעלט נאָר בלויז צו דאָס פּישטשען פון קליינע קינדער, מער נישט...

זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרצווייפלטע, שוין געהאַט געגעכטיקט אונטער דער באַנבריק אַפילו. זיי זענען אַמאָל אין אַ פאַרנאַכט צוריקגעקומען צום זאַקסישן גאָרטן און געטראָפן דאָס טויער פאַרלייגט אויפן קייטל. אין זעלבן טאָג זענען געהאַט געווען דעמאָנסטראַציעס האָט מען געשלאָסן דעם גאָרטן.

ענדלעך האָט ער געקריגן פאַר איר אַ נאַכטלעגער. ער האָט זי באַשטאַט בײַ אַן אַלטער הייצגויע, אַ שטיק שלאַק. יעדן שבת האָט זי אַהיימגעבערענגט ווײַסע שטיקער חלה פון ייִדישע שטובן. זי איז געזעסן בײַם קיכל און געטונקען די חלה אין עפּעס אַ זופּ, געדזשאַמדזשעט מיטן איינציקן אַרויסשטאַרצנדיקן צאָן און קיין קרישקע נישט געגעבן צו פאַרזוכן. די גאַנצע חלה האָט זי אַליין אַרײַנגעהאַקט, די קלאַפּטע.

זי האָט געוווינט אין איין שטיבל, אַ פּאַדאַשעק מיט אַ שיפּן סופיט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צום פענצטערל. דאָס קיכל איז געווען איבערגעצוימט מיט אַ קרעדענץ. פון יענער זײַט קיכקרעדענצל איז געשטאַנען דאָס צולייגבעטל, וואָס זי האָט פאַרדינגען מאַרישען בלויז אויף איבערצונעכטיקן. אַ גאַנצן טאָג טאָר זיך איר געביין דאָ נישט געפינען. זי דאַרף קומען בלויז שלאָפן. אין די אוונטן, ווען די אַלטע האָט אַרײַנגעטשלאַפּעט צו זיך אין צימערל, פאַרשלאָסן צוויי מאָל די טיר און זיך געלייגט שלאָפן, איז מאַרישע אַראָפּ פון בעטל און שטילערהייט אויף די שפּיץ פינגער זיך צוגעשאַרט צו דער טיר און אַרײַנגעלאָזט משה מעטן, וואָס האָט געוואַרט אויפן שטיגל פאַרן אָפענעם ביידעמל. און מיטן ערשטן האָנענקריי, וואָס איז געקומען פון הויף, איידער די אַלטע האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זײַט, איז ער ווי אַ שאָטן פאַרשווונדן פון שטוב.

מאַרישע איז ווײַטער אין די טעג געזעסן אין זאַקסישן גאָרטן און אָפּגעוואַרט משה מעטן אין די פאַרנאַכטן, ווען ער וועט זיך צוריקקערן פון דער אַרבעט, זיי זאָלן צוזאַמען גיין עפּעס איבערכאַפּן אין דער בילי‌קער גאַרקיך. איר בעסט פאַרגעניגן, נאָך מער ווי דאָס עסן, איז אָבער בײַ איר געווען דער קינאָ. זי האָט זיך בײַ אים געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, אַז זי וויל „נאָך איין מאָל אין איר לעבן זען אַ פילם". זי ווייסט, אַז זי וועט עס נישט איבערהאַלטן, זי וועט גיין פון דער וועלט בײַם האָבן דאָס קינד, און דאָס איינציקע, וואָס זי וויל פאַרן שטאַרבן, איז כאָטש נאָך איין מאָל זײַן אין אַ קינאָ. זי האָט ליב פילם ווי דאָס לעבן. איר גרעסטע פאַנטאַזיע איז אַמאָל געווען צו זײַן אַ פילם־אַרטיסטקע און אַזוי באַוואונדערט צו ווערן, ווי זי באַוואונדערט זיי, די אַלע אַרטיסטן, וואָס

באַװעגן זיך אויפן עקראַן. דער דאַזיקער חלום אירער װעט שוין נישט מקוים װערן, זי מעג זיך שוין מיט אים געזעגענען. אָבער אין קינאָ אַרײַן נאָך איין מאָל װאָלט זי געװאָלט גיין. און משה מעט איז מיט איר אַװעק אין אונטער־שטאָטישן קינאָ. ער איז דאָרט מער געשלאָפן װי אויפגעװען. נאָך אַ טאָג שװער־רער אַרבעט, אַז ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין דער װייכגעבעטער פּלושענער שטול, איז ער גלײַך אַנטשלאָפן געװאָרן, און זיך אויפגעכאַפּט װען אַלע זענען שוין אַרויס פון קינאָ.

אויך הײַנט, האָט ער באַשלאָסן משה מעט, װעט ער נאָכן עסן גיין מיט מאַרישען אין קינאָ. זי דאַרף שוין אַ ליאַדע טאָג געבוירן, װי זי זאָגט, טאָ זאָל ער איר צוליב טון, זאָל זי נישט מיינען ,אַז ער זשאַלעװעט איר. אָדער אַז ער איז קאַרג אויפן גראָשן. ער האָט הײַנט אָפּגענומען די אַרבעטלאָזע פּענסיע אין מאַגיסטראַט, קאָן ער זיך דערלויבן זיי זאָלן גיין זען אַ פילם.

דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן אויף די הינטערשטאָטישע געסלעך אַן אויס־געלײַטערטער, אַ בלאָער און צעשמעקטער. פון די טונקעלע טויערלעך האָבן זיך באַװיזן אויסגעפּוצטע פּאָרלעך, װאָס זענען שוין אַװעק שפּאַצירן אין יענע גאַסן. פון די אָפענע פענצטער האָבן זיך געטראָגן פאַרבענקטע טאַנגאָ־טענער פון כריי־פּעדיקע גראַמאָפאָנען, הפקרדיקע גאַסנהינט האָבן זיך געיאָגט נאָך אַ צװיג מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן עק.

משה מעט האָט זיך אַליין אונטערגעאײַלט, געװאָלט װאָס גיכער שוין זײַן אין גאָרטן, אַז ס'קומט אין דער שעה װערט זי אומגעדולדיק, מאַרישע, זי שפּרינגט פון דער הויט. איבערהויפּט אין די לעצטע טעג. זי קאָן זיך קוים דער־װאַרטן אויף אים. װי נאָר זי דערזעט אים זיך אַרײַנדרייען אין דער אַלייע, הייבט זי זיך אויף אַ שװערלעכע און גייט אים אַקעגן אַ טריט נאָך אַ טריט.

װען ער איז אַרײַנגעקומען אין זאַקסישן גאָרטן, װאָס איז פול געװען מיט אַ געמיטלעך־שפּאַצירנדיקן עולם, האָט ער אַזש גענומען אונטערלויפן. ער האָט דורכגעשניטן די זײַטיקע אַלייע צו געװינען צײַט און זיך אײַנשפּאָרן װעג און אויסקומען אַקוראַט לעבן דער באַנק, װוּ מאַרישע זיצט, זי זאָל אים נישט אַקעגנ־גיין. אין געאײַל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן אַן עלטערן מענטש, אים איבער־געבעטן און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך מיט אַמאָל פאַרהאַלטן פאַר דער װענוס־סטאַטוע אַנטקעגן דער באַנק. מאַרישע איז נישט געװען. די באַנק איז װי אַלע מאָל באַזעצט געװען פון אומבאַקאַנטע גלײַכגילטיקע מענטשן. אַ יונג פּאָרל װאָס איז געזעסן אַרומגענומען און געלאַכט. אַ הער מיט אַ שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל, װאָס האָט געצייכנט היראָגליפן אין זאַמד. צװיי אַלטיטשקע פרויען, װאָס האָבן זיך געװיזן פאָטאָגראַפיעס פון קינדער מיט אייניקלעך, און עפּעס אַ סטודענט װאָס איז געזעסן אַרײַנגעטון אין אַ ביכל.

משה מעט האָט געגומען זוכן מיט די אויגן, געפירט דעם צעפיבערטן בליק פון איין באַנק אויף דער צווייטער, געזוכט צווישן די שפּאַצירנדיקע. אַ צעטראָ־גענער האָט ער גענומען לויפן איבער די אַרומיקע אַלייען, ווידער צוריקגעקומען צו דער סטאַטוע, פאַרביַיגעגאַנגען די ריי בענק און שוין געוואָלט צוגיין פרעגן, צי זיי האָבן נישט געזען דאָ זיצן אַ טראַגעדיקע פרוי. אָבער וואָס וועט ער זיי גיין פרעגן, ער וועט אויסזען אין זייערע אויגן לעכערלעך. מע וועט אים אָננעמען פאַר אַ משוגענעם. דאָס זענען צופעליקע מענטשן. אָט זענען זיי דאָ, רוען אָפּ און גייען וויַיטער. ביַי וועמען איז זיך דאָ צו פרעגן אויף אַן עלנטן מענטש? ביַי קיינעם נישט.

משה מעט האָט זיך מיט אַמאָל געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט, ווי געטראָפן פון דער פאַרסמטער פיַיל פון פאַרצווייפלונג, באַגלייט פון פרעמדע גלייַכגיל־טיקע בליקן האָט ער זיך געלאָזט לויפן צום אַרויסגאַנג מיט צעפלויגענע פּאָלעס פון צעעפנטן שינעל, נישט צו וויסן וווהין צו שטעלן דעם ערשטן טריט. אין דרויסן פאַרן גאָרטן־טויער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זיַיטן, גענומען לויפן פון איין ראָג צום אַנדערן און צוריק, זיך ווידער געזען שטיין פאַרן טויער פון גאָרטן און שוין געוואָלט אַריַינלויפן אינעווייניק, נאָר באַלד זיך אָפּגעקערט, גענומען יאָגן מיט דער אָפענער גאַס און אין מוח האָט עס אים געזעצט און געהאַמערט:

— אומזיסט געווען דיַין גאַנצע האָרעוואַניע. זי איז שוין זיכער אַ פאַר־לוירענע. אַוודאי געשען מיט איר אַן אומגליק. ווען זי שוין מער נישט זען פאַר די אויגן. דו טויגסט זיך נישט צום לעבן. ס'וועט דיך כסדר אַזוי אָפּנאַרן אויף טריט און שריט. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, ווי דאָס לעבן שטעלט דיר אויס אַ פּיַיג און דו, שוטה איינער, ביסט נאָך אַלץ דער זעלבער פאַרגלייבטער אין לעבן.

## ק אַ פּ י ט ל   ז ע ק ס

# אַ פאַרבלענדעניש אין אַ פינצטערער נאַכט

שוין שײנע עטלעכע טעג, װי ער האָט זיך אַזױ אַרומגעדרײט, משה מעט, איבער די צערױשטע קאָכעדיקע װאַרשעװער גאַסן אַ פאַרטױבטער און האַלב־צעחושטער נישט צו װיסן װאָס צו טון מיט זיך, װי ער װאָלט זיך געפילט אין גאַנצן אַן איבעריקער אין דער דאָזיקער אומזיניק־טומלדיקער װעלט, װוּ קײן שום זאַך בינדט אים שוין מער נישט מיט איר. ער האָט געבלאָנדזשעט גאַס־אײַן גאַס־אױס און נישט מיד געװאָרן צו זוכן מיט די אױגן איבער די געדיכט־פאַר־פּאַקטע טראָטואַרן און פּלעצער. געכאָװעט אין זיך אַ האָפענונג, אַלץ געהאָפט, אַז זי װעט אים פּלוצים אַנטקעגנקומען, מאַרישע, מיט איר שװערלעכן פּאַמעלעכן טריט. אַ מענטש פאַרשװינדט דאָך נישט פון דער העלער הױט, װי אין װאַסער אַרײַן. מעגלעך, אַז מ׳האָט זי פאַרנומען אין קאָמיסאַריאַט, װי ס׳טרעפט אָפט, אַז פּאָליצײ פאַרהאַלט יונגע עלנטע פרױען, װאָס שלאָנדערן זיך אַרום אין גאַס, צי אין די גערטנער. מ׳האַלט זײ אָפּ עטלעכע טעג, מע פרעגט זײ אױס, צי זײ זענען נישט אַמאָל אַ קרבן פון אַ שאַרלאַטאַן, צי אַ שײַקע און מע לאָזט זײ אַרױס.

ס׳קאָן אָבער אױך געמאָלט זײַן, זי זאָל פּלוצים האָבן געקריגן שטירצװײען און דאָס קעטשל פון דער גיכער הילף זאָל זי האָבן אַװעקגעפירט אין אַ קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט, צי אין אײנעם פון די שטאָטישע שפּיטעלער. זי ליגט דאָרט איצט װי אַ כראַבינע אױף אַ ציכטיק רײן געלעגער אין אַ גרױסן ליכטיקן זאָל. דערלעבן שטײט דאָס בעטעלע מיטן אײַנגעהילטן פּעמפּיקל מיט אַ צונױפגעצױגן פּנימל גרױס װי אַ גראָשן. די קראַנקנשװעסטערס דרײען זיך אַרום אין װײַסע כאַלאַטן מיט די װײַסע טשעפּקעס אױפן קאָפּ. אַ װײַסע קלאָרע ליכטיקע װעלט. ער טאָר זיך דאָרט נישט װײַזן אין די דאָזיקע ערטער. ער טאָר זי נישט גײן זוכן אין ערגעץ. מע װעט אים אָננעמען פאַרן טאַטן פון קינד. דאָס איז ער, דער פױגל, װאָס האָט זי אומגליקלעך געמאַכט. איצט װיל ער זיך אַרױסדרײען פון פליכטן.

ער וויל האָבן אַ גרינג לעבן. זאָל ער אַרײַנגיין אין קאַנצעלאַריע וועט ער וויסן צי ס׳ליגט דאָ אַזעלכע. און פון דאָרטן וועט ער זיך שוין נישט קאָנען אַרויסדרייען. מע וועט גלײַך פאַרשרײַבן דאָס קינד אויף זײַן נאָמען. ער וועט ווערן אַ טאַטע נישט פון זײַנס קיין קינד. ס׳וועט זיך נעמען פּלאָנטערן דער קנויל אַלץ מער פאַרוויקלטער און פאַדרייטער נישט אויפצופּלאָנטערן מער...

די לעצטע פּאָר גראָשן, וואָס ער האָט אָפּגענומען פון מאַגיסטראַט, האָט ער אויסגעגעבן נאָך מיט צוויי טעג צוריק. שוין דער אַנדערער טאָג ווי ער האָט גאָרנישט געהאַט אין זײַן מויל. נאָכן בלײַבן אַליין, אָן מאַרישען, איז ער שוין מער נישט צוגעגאַנגען צו דער אַרבעט. זיך נישט געוויזן מער דאָרט אין אָפּגעלעגענעם געסל בײַ די עפנטלעכע קאַנאַליזאַציע־אַרבעטן פון מאַגיסטראַט. ס׳איז אים אויסגעקומען ווי איין גרויס שטיק אומזין דאָס קריכן אין די פײַכטע טונקלע גריבער אויף אַ גאַנצן טאָג. וואָס האָט ער ווּ אַרײַנצוגיין נאָך דער אַרבעט. זיך אַרומוואַשן, זיך אויסרוען? וואָס האָט ער אַ שטוב, אַ היים, וואָס דאַרף ער וועמען פאַרזאָרגן? נאָך וואָס, נאָך וועלכן?

משה מעט האָט זיך עטלעכע מאָל געוויזן פאַרן טונקעלן טויער, ווּ מאַרישע האָט געהאַט איר נאַכטלעגער, אויבן, בײַ דער אַלטער הייצגויע, די מכשפה מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן צאָן. צום ערשט האָט ער זיך געדרייט אין דרויסן אויפן טראָטואַר, אַרײַנגעגאַנגען אין טויער, זיך אַרומגעקוקט איבערן מרה־שחורהדיקן הייפל מיט די אַרומגעריסענע ווענט און צוריק אַרויסגעגאַנגען ווי נישט באַמערקט צו ווערן דורך קיינעם. שפּעטער ווידער געקומען און גלײַך אַרויפגעגאַנגען אויפן לעצטן שטאָק, מיט שטילע טריט זיך פאַרגנבעט הינטער דער טיר און זיך אײַנגעהערט מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. ער האָט געהערט ווי די אַלטע קלאַפּטע טשליאַפּעט דאָרט אַרום איבער דער שטוב, וואָרטשעט עפּעס, ווי זי וואָלט צו עמעצן געוועזן גערעדט. משה מעט האָט זיך באַמיט אויפצוכאַפּן אַ וואָרט פון יענער זײַט טיר. נאָר אַלע רייד זענען דאָרט דערשטיקט געוואָרן אין דער קלעפּיקער טונקלעניש פונעם אָנגעשטעלטן קעכל. פון די אונטערשטע שטאָקן האָבן זיך מיט אַ מאָל דערהערט טריט. ער האָט געגעבן אַ שפּרונג־אָפּ, אַרויף מיט די פּאָר זײַטנשטיגלעך און זיך פאַרשטעקט הינטער דער אָפּגעלענטער טיר פון אָפענעם בוידעם.

דאָס הילכיקע געגיי פון די טריט און דאָס געפּאָרערײַ אויף די אונטערשטע שטאָקן בײַ די ספּיזשאַרניעס האָט גאָרנישט געוואָלט אויפהערן. ס׳האָט אים געהויבן משה מעטן. ער האָט לאַנג נישט געקאָנט אַזוי אײַנשטיין אַ פאַרשטעקטער הינטער דער טיר. ער האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון באַהעלטעניש און אַרויף אויפן בוידעם. און זיך גלײַך געפינען אַ פאַרשפּונענער אין דער בוידעמדיקער נעץ פון צעהאָנגענע שטריק, שטאַנגען און פאַרפלאָכטענע דרענגער איבערגע־

וואָרפֿענע אויף אַרויסשטאַרנדיקע בעלקעס. מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ האָט ער זיך דערנענטערט צו אַ בעלקע. אין שיטערן שטויביקן שײַן זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ שטריק און געפּרוווט צי זי וועט אויסהאַלטן. די שטריק איז געווען פֿעסט און שטאַרק און נישט נאָכגעגעבן. ווי אַן אָפּגעבריטער האָט ער געגעבן אַ לאָז נאָך די שטריק פֿון דער אָנגעצויגענער געשפּאַנטקייט און אַ צעטומלטער, אַן אַרומגעכאַפּטער פֿון שרעק, גענומען זוכן דעם אַרויסגאַנג פֿון בוידעם. מיט אַ צעוויגטער ברוסט האָט ער זיך האַסטיק געלאָזט לויפֿן איבער די שטאָקן שטיגן. ער האָט נישט געהערט ווי הינטער אים האָבן זיך אויבן געעפֿנט טירן און פֿאַרמאַכט מיט אַ הויכן געקלאַפּ, ווי ס'וואָלט אויסגעבראָכן אַ שריפֿה.

אַ באַגאָסענער מיט אַ קאַלטן שווייס איז ער אַראָפּ אונטן, אין גאַס אַרײַן. ער איז געגאַנגען גיך, אָן אָפּשטעל, זיך נישט אומגעקוקט.. דער בליק איז געווען נעפּלדיק פֿאַרצויגן, געשטרעקט פֿאָרויס. אין קאָפּ איז געשטאַנען אַ פֿײַערדיקע היץ. דער נעפּל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון די אויגן. אין די שלייפֿן האָט געהאַקט: טיקטאַק, טיקטאַק. ער האָט אַוועקגעאײַלט פֿון געסל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט מע זאָל אים נישט נאָכיאָגן. אַ ריח פֿון עסן איז אים פּלוצים פֿאַרגאַנגען אונטער דער נאָז. ער האָט זיך געזען שטיין פֿאַרן אויפֿגעפּראַלטן באַר, ראָג דזשעלנע און דזשיקע. ער האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין ווי ער קומט דאָ אַהער אין דער ייִדישער געגנט. עפּעס ווי אַן אומגעזעענע האַנט וואָלט אים דאָ געווען אַהערגעשלעפּט. שוין נישט צום ערשטן מאָל פֿאַר די עטלעכע טעג, ווי ער גיט זיך אַ קוק אַרום און דערזעט זיך שטיין פֿאַרן באַר. אין דאָזיקן רעסטאָראַן, וואָס ער האָט דאָ נישט לאַנג דערשנאַפּט, קאָן מען אין אַנדערן צימערל מיט די יעגערבילדער אויף די ווענט אָפּזיצן ווי לאַנג מע וויל און קיינער וועט צו דיר נישט צוגיין, זאָלסט עפּעס באַשטעלן. דער קעלנער איז שטענדיק פֿאַרפֿאָרעט און איז צופֿרידן, וואָס מע טשעפּעט אים נישט. ער קאָן זיך עס גאָרנישט שענקען, דער זעלנערוק, ס'אַראַ שלימזל ס'איז פֿון אים געוואָרן אין דעם ציוויל. די זעלנער פֿון זײַן קאָמפּאַניע וואָלטן אים גאָרנישט דערקענט, דעם בריה. אין יעדער עת־צרה גיט ער זיך אַ דערמאָן אין דעם „טי צוואַניאַקו״,[1] ווי זיי האָבן אים שטענדיק גערופֿן, פֿאַר זײַן געשיקטקייט, פֿאַר זײַן אויסטויגן זיך. און איצט — גאַרנישט דער זעלבער משה מעט. עמעצער בײַ אַ טישל האָט איבערגעלאָזט אפשר אַ האַלבן טעלער קרויט מיט קאַרטאָפּל מיט באָרקלעך און ביז ער האָט עס באַמערקט און זיך געישובט, צי צוגיין אָדער נאָך צוּוואַרטן — איז אויסגעוואַקסן דער קעלנער מיטן סערוועטל אין האַנט און גענומען אַראָפּרוימען פֿון טישל. נאָך וואָס האָט ער זיך צוגעזעצט אין דעם ווינקל, לעבן די צוויי מיט די רויטע

[1] דו אויסטויגער, געביסטער

קאַרקן, וואָס האָבן אויסגעליידיקט די טעלער אויף ריין, ווי די קעץ. אָמער וואָלט ער זיך געוווען צוגעזעצט דאָרט, בײַם אַנדערן עק, נישט ווײַט פון יענעם טישל... געוויינטלעך, אַז ס׳זיצן צוויי לאָזט איינער זיכער עפּעס איבער אויפן טעלער. אָבער, אַז ס׳זיצט איינער אַליין... איינער עסט שטענדיק אויף אַלץ, וואָס מע דערלאַנגט אים, ווייל קיינער פונדעוועט אים נישט, אַז ער זאָל זיך פאַרגינען איבערצולאָזן.

משה מעט האָט אַליין נישט געפילט, ווי זײַנע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אינעם טעלער איבערבלײַבעכץ. ער האָט פיבערדיק נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג פונעם קעלנער. אָט נעמט ער אַראָפּ דאָס טעצל מיטן בראָנפן־גלעזל, די קופּליע פון ביר מיטן ווײַסן שוים אויף דער דנאָ, די פּאָר שטיקלעך ברויט אויפן גע־פלאָכטענעם שטרויענעם קיישעלע. ניין, דעם טעלער וועט ער נאָך נישט אַראָפּ־נעמען, דער קעלנער, ער וועט זיך דאָך נישט קאָנען קיין עצה געבן אַלץ מיט אַ מאָל. פונם בלויזן געדאַנק איז משה מעטן אַזש וואַסערדיק געוואָרן אין מויל. אַ שווייס איז אויף אים אַרויסגעטרעטן, און אין געדאַנק בײַ זיך האָט ער באַשלאָסן, ווי נאָר דער קעלנער וועט זיך אָפּקערן צום בופעט, וועט ער מיט איין שפּרײַז זיין בײַ יענעם טישל. נאָר גלײַך האָט דער קעלנער מיט אַ געניטער פלינקייט אַ כאַפּ געטון דעם טעלער אויף דער אויסגעבויגענער האַנט און איבערגעלאָזט אַ ליידיק, קאַלט, גלײַכגילטיק טישל מיט עטלעכע ביבולע־סערוועטקעס אַרײַנגעקנייטשט אין גלאָז ווי אויף אַלע טישלעך אַרום די ווענט.

ער האָט שוין דאָ לענגער נישט געקאָנט אײַנזיצן, משה מעט. געפילט, ווי ס׳צוקט אים די אונטערשטע ליפּ, ווי ערב אַן אַנגריף. די ליידיקייט פון אונטערן מאָגן האָט אים קראַמהאַפּטיק וויי געטון און ווי ס׳וואָלט אים פאַרפעלט מיט וואָס צו אָטעמען. ער איז אַרויס אויף דער גאַס. די דרויסנדיקע לופט האָט גלײַך פון אים אויסגעוועפּט די נודנעקייט צוזאַמען מיט די זיס־זויערלעכע ריחות פון די איבערגעשטאַנענע רעסטאָראַן־מאכלים. ס׳איז אים געוואָרן עטוואָס לײַכטער. ער איז אַראָפּ דאָס טרעפּל פון רעסטאָראַן און זיך צונויפגעמישט מיטן שטראָם מענטשן, וואָס האָבן זיך געאײַלט מער ווי אַלע מאָל אין דער צײַט.

אין די רינשטאָקן, אויף די טראָטואַרן האָבן זיך געוואַלגערט גרויסע שטי־קער פּאַפּירן. די גאַסנהענדלער האָבן מיט הייזעריקע קולות אויסגערופן זייערע מציאות. נאָר קיינער האָט שוין איצט קיין אַכט נישט געלייגט אויף זיי. ס׳איז שוין געווען נאָכן לייזעכץ. ער האָט זיך ערשט אַרומגעזען, משה מעט, אַז עס איז הײַנט פרײַטיק.

געשעפטן האָבן זיך גענומען פאַרמאַכן איינס נאָכן אַנדערן. אויף יענעם עק גאַס, איבערן נידעריקן מויער האָט געפײַערט דער הימל, נאָר די אונטער־גייענדיקע זון האָט מען נישט געזען. און די הײַזער זענען אויך דאָרט געשטאַנען

אַזעלכע פּאַרטונקלטע אַזוי ווי דאָ. שומרי־שבת־ייִדעלעך אין די שוואַרצזײַדענע קאַפּעטעס, אַרומגענומען מיט די גאַרטלען האָבן אויפגעריסן די צוגעלענטע גע־וועלבער, נישט געוואָגט אַריבערצוטרעטן די שוועל און אַרײַנגעשריגן אין אינ־לעניש:

— ייִדן, באַלעמיטשעטעס נישט די צײַט, מע דאַרף שוין באַלד לאַכט־בענטשן...

אויף די ראָגן האָבן זיך די צײַטונג־פאַרקויפער געדרייט אַרום זייערע פּאַר־מאַכטע קיאָסקן מיט די צײַטונגען אונטערן אָרעם און אַרײַנגעשטופּט די פּאַר־בײַגייער די צײַטונג, ווי פּטור צו ווערן וואָס גיכער פונעם פּאַק, וואָס קאָן אַ ליאַדע מינוט קאַליע ווערן — נישט צו קאָנען עס מער נוצן. דער גאַסיקער רעש האָט גענומען אײַנשטילן, צערינען. אומבאַמערקט זענען די גאַסן אַרום געוואָרן שיטערלעכער. אַלץ האָט זיך ערגעץ־ווו געיאָגט און צו עפּעס וואָס זיך געאײַלט.

אַן עקבערנדיקער געדאַנק, וואָס האָט משה מעטן נאָכגעאָגט פאַרפאָלגט, און וואָס ער, משה מעט, האָט אים כסדר אָפּגעטריבן פון זיך, ווי עפּעס אַ בייז אַנשיקעניש, האָט אים איצט אין גאַנצן באַהערשט, אים אויסגעפילט פון קאָפּ ביז די פיס.

ער האָט אים שוין פריִער געהאַט געהאַלטן, דעם עלנטסטן פון די עלנטס־טע, אין זײַנע ביינערדיקע שפּאַניקע לאַפּעס. נאָר אין דער לעצטער רגע האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון דער סכנה וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר אַ נסיון; דאָס האָט מען אים געוואָלט, ווי איובן, בלויז אויסשטעלן אויף אַ פּרווו, אויספּרווון זײַן שטאַנדהאַפטיקייט אין לעבן. ווען ער האָט זיך שוין געפינען בײַם סאַמע ראַנד פון תהום, ווו ס'ענדיקן זיך אַלע ערדישע חשבונות פון צײַט און זײַן, האָט אים ווער גענומען שלעפּן אויף צוריק:

— לאָז אָפּ! ס'אַ שפּיל פאַרן טײַוול! טראָג זיך אָפּ פון דאַנען מיט גאַנצע ביינער! אַנטלויף! לויף ווו די אויגן וועלן דיך טראָגן!

דער דאָזיקער געדאַנק אָבער — ווי נאָר ער האָט אים, משה מעטן, אַרײַנ־געקריגן אין די הענט — האָט ער אים שוין מער נישט אָפּגעלאָזט און געטריבן אַלץ ווײַטער אַרונטער מיט די גאַסן, אַראָפּ, אַראָפּ...

ער האָט די ווײַסל־כוואַליעס נישט געהאַט פאַר זיך, משה מעט. ער האָט זיך געוויגט בלויז אויף איין געדאַנק, וואָס האָט אים געטריבן אַהינצו מיט דער שנעלקייט פון אַ טייפון — נישט אײַנצוהאַלטן, נישט אָפּצושטעלן.

ער האָט נישט באַדאַרפט מאַכן קיין שום חשבון־הנפש — נישט מיט זיך און נישט מיט קיינעם. ס'האָט אים גאָרנישט געבונדן. ער האָט זיך שוין גע־פילט אויסגעטון פון דעם אַלעם אַרומיקן, וואָס האָט סיי ווי נישט געהאַט מיט אים קיין שום שייכות.

בלויז איין קליין ליכטיק פינטעלע, א פונק פון אן אומבאַשטימטער האָפע־נונג, וואָס מע ווייסט אַפילו נישט פון וואַנען זי קאָן זיך יאַווען, האָט כסדר געמיניעט ערגעץ טיף־טיף אין אים. זיך געצונדן און געלאָשן, אָן אויפהער. ער האָט עס אויף קיין פאַל נישט געקאָנט דערהאַלטן אַ לויכטנדיקס. דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אים פריִער אָוועקגעריסן פון דער בוידעם־טונקלעניש מיט די פאַרלייגטע שטריק צו הענגען וועש און איצט — אים נישט געלאָזט אַזוי שטאַרק מיטלויפן מיטן גאַלאָפּ פונעם עקבערנדיקן געדאַנק.

ער האָט זיך געטון אַ כאַפּ, אַז ער אײַלט זיך אַזוי גלײַך מיט אַלע. ער ווייסט נישט ווי אַ נאָך ער געפינט זיך אַזוי געשווינד בײַ דער באַניפּראַטן. דאָ איז דאָך דאָס משוגעים־הויז, דאָס שפּיטאָל פון געטלעכן יאַן. ווען מע זאָל נישט פאַרבײַגיין — קוקן שטענדיק די משוגעים אַרויס דורך די פענצטער.

קליינערהייט האָט ער אַמאָל דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט און עפּעס אַ פרעמדע האַריקע האַנט האָט אים אָפּגעפירט אַהיים. ס׳איז אויך געווען פּרײַטיקצונאַכטס. אין שטוב זענען שוין די שבת־ליכט געשטאַנען אויפן טיש. ס׳איז שוין געווען נאָך ליכטצינדן. אַלע אין שטוב האָבן זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט. מ׳האָט שוין נישט געוווּסט וווּ אים צו זוכן. די מאַמע האָט פון אים אַראָפּגעוואָרפן דאָס וואָכעדיקע אָנטועכץ. זי האָט אים איבערגעטון לכבוד שבת און אַוועקגעזעצט אויבן אָן ,ער זאָל דערציילן די ניסים, וואָס זענען מיט אים פאָרגעקומען...

צירל די שטיפשוועסטער איז געשטאַנען בײַם שפּיגל מיט אַ גלאַנציקן אויסגעצוואָגענעם קאָפּ און זיך פאַרפלאָכטן די צוויי לאַנגע צעפּ, און ביילקע די שוועסטער זײַנע, די געמאָלענע ליאַלקע, האָט אים געקוקט אין מויל אַרײַן, ווי ס׳וואָלט טאַקע מיט אים געשען אַ גרויס וווּנדער. ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן דערציילן ווי אַזוי דער פרעמדער האָט אים אָנגענומען מיט אַ האַריקער האַנט, איז דער טאַטע זײַנער, ר׳ שיִעלע פאַרבער, געקומען פון דאַווענען מיט אַ ברייטן שלום־עליכם און צירל האָט אים אַ ווונק געגעבן, דעם שטיפברודער, ער זאָל אָפּהאַקן. דער טאַטע דאַרף נישט וויסן, אַז דער תכשיט זײַנער האָט פאַרבלאָנדזשעט, און פרעמדע מענטשן האָבן אים אַהיינגעפירט... אָט ווען יענע האַנט וואָלט זיך איצט צו אים אויסגעשטרעקט און אָוועקגעפירט אָן אַ וואָרט, אָוועקגעפירט צו אַ היימישן טיש, מיט גלאַנציקע פאַרברוינטע חלות, מיט געפילטע פיש...

משה מעט האָט זיך געזען שטיין פאַר אַ טויער. פון אויבן, בײַ דער זײַט, איז אויפן בלאָען טויער־לאַמטערנדל געווען אויסגעשניטן **פּראַנטשישקאַנער 6**.

וואָס טוט ער דאָ? וואָס האָט אים געפירט דאָ אַהער? אויף פּראַנטשישקאַנער זעקס — האָט די מאַמע זײַנע געפלעגט זאָגן — איז ער געבוירן געוואָרן. טאַקע אין דער צײַט, אָנהייב זומער. מאָדנע. ס׳האָט אים קיין מאָל נישט געצויגן צו

גיין אַהער. וואָס וועט ער דאָ זען? — אַ הויף, ווי אַלע הייף. נאָר דאָך איז יעדער הויף אַן אַנדערער. יעדער הויף האָט זיך זײַנע ווינקעלעך, זײַנע קעלערן, אַנדערע פּענצטער, באַזונדערע אַרײַנגעגנג און דורכגענג. יעדער הויף האָט זײַן ביסל גרינס, צי ס'איז ווילדגראָז וואָס רײַסט זיך פון צווישן שטיינער, צי ס'איז אַ טרוקן ביימל מיט אויסגעקראָכענע בלעטלעך. יעדער הויף האָט אַפילו זײַן אייגענעם ריח. שוין בײַם אַרײַנגיין קאָן מען וויסן, צי ס'ווינען אין אים גבירים, צי אָרעמעלײַט. חען ער איז איין מאָל דאָ אַרײַן אין טויער, האָט גלײַך אויף אים אַ שלאָג געטון דער טוכלער אָרעמאַנסקער ריח, אַז ס'האָט אים פֿאַרהאַקט דעם אָטעם. דאָס האָט ער פון נײַגעריקייט וועגן געוואָלט אַ קוק געבן, אָט גלאַט אַזוי... האָבן אים יינגלעך געגומען יאָגן. ביז עק גאַס האָבן זיי אים געיאָגט. פון דעמאָלט אָן איז ער שוין מער אין דעם הויף נישט אַרײַנגעגאַנגען. איצט וווּנדערט ער זיך אַליין, ווי אַזוי ס'האָט אים פֿאַרטראָגן אַהער. ער איז געבליבן שטיין אַ טויער פון דער ווײַטנס און נישט געוואָגט צוצוגיין צום נומער 6.

אַן עלטערער ייִד מיט אַ סאַמעטן היטל מיט גלאַנציקע פּײַכטע פּיאות איז שווערסאָפּנדיק פּלוצים אויף אים אַרויף, אַ קורצזיכטיקער, זעט אויס, נישט באַמערקט, אַז ס'שטייט ווער. נאָר אָנשטאָט אַ „זײַט זשע מוחל" האָט זיך דער ייִד גאָר צעבייזערט:

— זיך אָוועקגעשטעלט. שוין געזען אַזוינס? ס'איז דאָך באַלד נאָך קבלת־שבת...

גלײַך זענען אונטערגעקומען נאָך צוויי ייִדן, אויך מיט אַזאַ אימפּעט. משה מעט האָט זיך דערזען צווישןביידע ייִדן און דעם ייִד פון פֿאַרנט און זיך געלאָזט גיין מיט זיי ווײַטער, אין הויף אַרײַן. ער האָט זיך געהויבן, צוגלײַך מיט זיי, אויף עטלעכע טרעפּלעך און זיך געפינען מיט אַ מאָל צווישן אַן עדה ייִדן מיט שײַנענדיקע פּנימער, אָנגעטון אין בגדי־שבת, בײַ אַן אויפגערוימטן לאַנגן טיש מיט בענק פון ביידע זײַטן און אַ קליין אָרון־קודשל אין ווינקל. דאָס אַלץ אַרום איז אים פֿאָרגעקומען ווי אַן אויסטערלישער חלום. ס'האָט זיך אים גאָרנישט פֿאָרגעשטעלט, אַז אָט אין דעם פינצטערן הייפל, אין דעם פינצטערן אַרום, ווו אַלץ איז פֿאַרגאָסן מיט אויסוועגלאָזן חושך, זאָל אויפטויכן מיט איין מאָל אַזאַ ליכטיק ווינקל, מיט אַזוי פיל מענטשן, לײַכטנדיקע, שטראַלנדיקע, שבתדיקע, און ער — משה מעט — וועט זיך געפינען אין מיטן צווישן זיי אַלעמען. נישט אַנדערש, נאָר דאָס אַלץ איז עפּעס אַ פֿאַרוואַנדלונג אַזאַ, אַ חוזק־שפּיל מיט זײַנע צעשרויפטע נערוון, אַ פֿאַרבלענדעניש אין אַ פינצטערער נאַכט.

## ק אַ פּ י ט ל  ז י ב ן

# אין סאָכאַטשעווער חסידים־שטיבל

דאָס סאָכאַטשעווער חסידים־שטיבל אויפֿן הויכן פּאָרטער מיט די עטלעכע שטיגלעך אַרויפֿצוגייען פֿון דרויסן האָט געקוקט מיט העלע צעלויכטענע פֿענצטער אין גראָען טונקעלן הייפֿל אַרײַן. דאָס בית־מדרש איז שוין געווען פֿול געפּאַקט מיט אַ שבתדיקן עולם מתפּללים. אָט באַלד וועט מען זיך שטעלן צו קבלת־שבת. נאָר ייִדן האַלטן נאָך אין איין גיין. די טיר רוט נישט קיין מינוט. סאָכאַטשעווער חסידים האָבן אַ גוטע טבֿע. זיי אײַלן זיך נישט. זיי האָבן שטענדיק צײַט. ס'איז סײַ ווי נישטאָ וואָס צו פֿאַרשפּעטיקן... איבערהויפּט שבת. די לעצט־אַרײַנגעפֿאַלענע זענען געקומען גלײַך פֿון דער מיקווה, נאָך מיט פֿײַכטע באָרד און פּיאות, געטובלטע, פֿאַררויטלטע אויפֿן גאַנצן פּנים, אויסגעטון פֿון דער בלייכער וואָכעדיקייט, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אויף יענער זײַט טיר צוזאַמען מיט דער לעצטער ערבֿ־שבת־קודשדיקער האַוועניש פֿון דער סוחרישער באַלעבאַטישער פּראַנטשישקאַנער־גאַס, וואָס האָט זיך זיי נאָכגעשלעפּט ביז אַהער צו די שטיגעלעך פֿון מקום־קדוש און נישט געוואַגט אַריבערצוטרעטן די שוועל.

אומעטום, ווו מ'האָט געוואָרפֿן דאָס אויג, האָט געבלאַנקט און געבלישטשעט. דער פֿײַערלעכער הייליקער שײַן פֿון די טריפֿנדיקע שבת־ליכט בײַם עמוד האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין אַלעמענס אויגן מיט דער סודותפֿולער ציטערדיקער פֿלעמלדיקייט, געשפּילט מיט אַ שפּיגלדיקן גלאַנץ אויף די שוואַרצע זײַדענע קאַפּעטעס, אַרומגענומען מיט גראָבע שווערע גאַרטלען. פֿון אונטער די גרינלעך־סאַמעטענע היטלען האָבן אַפּערגעקוקט די טיפֿשוואַרצע קאַפּלען, וואָס זענען געלעגן נידעריק אַראָפּגעזעצט אויפֿן קאַרק. און פֿון אונטער דער באָרד אָפּער האָט זיך געווײַסט דער פֿלאַכער קאָלנער פֿונעם קלאָרן ווײַסן העמד אָנגעטון לכּבֿוד שבת.

משה מעטן איז פֿאַרגאַנגען אַ שאַרפֿער ריח פֿון פֿרישן זעגעכץ, וואָס איז אויסגעשיט אויף דער פּאָדלאָגע, און אַ וואַרעמער ריח פֿון מיקווה־וואַסער, וואָס

אי עס איז תענוגדיק, אי עס נעמט צום איבלען. די הימלבלאָ־לאַקירטע ווענט האָבן זיך געשיילט ווי אַלט מעבל. די פּאָליצעס זענען אין אומאָרדענונג געווען באַלייגט מיט פאַרגעלטע אָפּגענוצטע גמרות און ספרים, ווי מע וואָלט זיי אַרויפגעלייגט אין גרויס אײַלעניש. אַרום דעם גאַזלאָמפּ מיטן גרינלעך־בלייכן שײַן, וואָס האָט זיך דורכגעשנירלט דורך די דינגעוויקלטע גלעזלעך פונעם זשיראַנדאָל, האָבן אָן אויפהער געפלאַטערט זומער־פליגעלעך און מאָלן — ספרים־פרעסער.

משה מעט איז געבליבן שטיין אַ וואַכעדיקער בײַ דער טיר — נישט צו שטעלן קיין טריט ווײַטער. דאָס בלענדיקע גאַזליכט פון דער שאָטקע האָט אויף אים אַ שלאַג־געטון צוזאַמען מיטן חסידיש־באַלעבאַטישן טומל, ווי אַ שוימיקע כוואַליע שלאָגט זיך אָן אָן אַ שטיינערנעם ברעג. די שבתדיק־באַרוטע פּנימער פון די ייִדן, זייערע לויטערע שטימען און געמיטלעך אויסזען זענען אים מאָדנע אויסגעקומען אי אַלטבאַקאַנט — נאָענט, אי גלײַכגילטיק — פרעמד. ער איז שוין לאַנג געווען אָפּגעוווינט דערפון, פונעם דאַווענען, פון דער פרומער סביבה — אַז ס׳האָט אים שוין נישט געצויגן דערצו אַפילו אין די שווערע טעג, ווען ער האָט זיך אין גאַנצן נישט געהאַט ווו אַהינצוטון. נאָר איצט האָט עס אים מאָדנע אַרומגענומען דאָס אַלץ מיט אַ ליבלעכער וואַרעמקייט, ווי אַ הייסע פּאַרע אין אַ באָד.

דאָס געדיכטע וואָכעדיקע גערייד פון די דערוואַקסענע האָט זיך מיט אַמאָל אַ וויג־געטון. ס׳איז אַרײַנגעטרעטן אַ שטילקייט. בלויז בײַ די ייִנגלעך האָט זיך נאָך געטומלט. נאָר גלײַך האָט מען זיי מיט אַ „שטילער, שקצים!“ און מיט אַ „נו־שאַ!“ אײַנגעשטילט. פונעם אַנדערן חדר דאָרט, וואָס משה מעט האָט עס טאַקע צוליב דער ענגשאַפט ערשט איצט באַמערקט, האָט זיך דערהערט דעם חזנס ציקלדיק שטימעלע:

„לכו נרננו לד׳ נריעה לצור ישענו“...

משה מעט איז געשטאַנען אַ שווײַגנדיקער. דאָס מויל האָט זיך בײַ אים נישט געעפנט. ער האָט געקוקט אויף די אַלע הייטער־צעוויגטע מתפּללים און זיי ווי נישט באַנומען מיטן שכל. פון וואַנען נעמט זיך צו די דאָזיקע דערשלאָגענע, פאַריאָגטע און צעפלויגענע הענדלערס און באַלמעלאָכעס אַזאַ שטראַלנדיקע נשמה־יתירהדיקייט, אַ פאַרגעסן זיך אין זיך און אין דער גאַנצער וואָכעדיקער וועלט, אַזאַ נישט זען זיך אַליין און נישט וואָס ס׳טוט זיך אַרום זיי.

קיינער האָט זיך דאָ צומאָל אויף אים נישט אומגעקוקט. ער איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַזעלכע ווי ער דאָ — נישט דרייסטע און נישט היימישע מיטן אָרום — האָבן איצט קיינעם פון די דאַווענערס נישט אינטערעסירט. די חסידישע ייִדן זענען התלהבותדיק־צעפלאַמטע געווען אַרײַנ־

געטון אין די פּרײַטיקצונאַכטיקע תפילות; געשוועבט פאַרטראַגענע אין די הימ־לישע הייכן, ווײַט פון יעדן ערדישן עול און קליינע דאגות, וואָס זענען ווי דאָס זאַמד געווען אויסגעשפּרייט אונטער זייערע פיס. זיי האָבן געהאַט דעם כוח זיך אויפצוהייבן איבער דעם אַלעם און זיך טראָגן אויף די פליגל פון געלײַטער־טער חדווה; אַרײַנשוועבן לײַכט און פרײַ אינעם מלכות פון שבת־קודשדיקער שלווה און שעפּן פון איר פולע הויפנס רוח־חיים, פרישן כוח און מוט, שטאַנד־האַפטיקייט און גבורה.

אַ דערשטויגטער און איבערגעראַשטער האָט משה מעט אַליין אויך כמעט ווי נישט באַמערקט, וואָס אַרום אים טוט זיך... אַז עס שטייען דאָ נאָך אַזעלכע ווי ער. ס׳איז אים איצט גוט געווען צו שטיין אַזוי אָנגעשפּאַרט מיט ביידע עלנ־בויגנס אָנעם שטענדער בײַ דער זײַט און לײַכט, לײַכט זיך מיטוויגן און מיט־שאָקלען מיט אַלעמען. די ליפּן האָבן זיך גענומען קוים באַוועגן און ער האָט אַרויסבאַקומען פון זיך עפּעס אַ מורמלען אונטער דער נאָז. פון דער סאַמע טיף אין אים איז אויפגעגאַנגען אַ ליכטיקייט אַזאַ. עס האָבן זיך גענומען אויסשיילן ווערטער, שורות און גאַנצע פסוקים. ער האָט זיי אַלע ווי אַ פישפאַנגער אויפ־געכאַפּט אויף דער ווענדקע פון זיכרון, וואָס האָט זיך פון זיך אַליין אויסגע־שפּרייט איבערן ים פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט זײַנער...

ווי לאַנג איז דען גאָר, ווי ער האָט זיך אַזוי געשאָקלט, משה מעט, ווי די יינגלעך דאָ איבערן סידורל. געקענט ס׳גאַנצע דאַווענען פון אויסנווייניק, אַפילו ס׳קדיש־זאָגן, וואָס מ׳האָט עס נישט באַדאַרפט... וואָס רעדט ער וועגן קדיש. ס׳האָט דען בײַ אים געשפּילט אַ ראָלע אַ בלאַט גמרא מיט תוספת. צו דער בר־מיצווה זײַנער האָט ער געקענט צוואַנציק בלאַט גמרא פון אויסנווייניק, אַ חוצן פּשטל. נו, אדרבא, זאָל ער זיך נאָר טאַקע פּרוּוון דערמאָנען עפּעס וואָס, צי עס וועט גיין... אַ קוים־מערקבאַרער שמייכל טרעט אים אַרויס אַרום די ווינקלען פון מויל דערפון, וואָס ער גייט זיך אַליין פאַרהערן, און פון נאָך עפּעס, וואָס ער האָט עס איצט אַראָפּגעטרייסלט פון זיך מיט אַן אויפשווידער און שוין געשעמט זיך עס צו ברענגען פאַרן געדאַנק. ער האָט זיך נאָך באַדאַרפן יאָגן דערצו... ער וואָלט עס נאָך געקאָנט אַמאָל פאַרשפּעטיקן, דאָס וואָס מע פאַרשפּעטיקט קיין מאָל נישט...

מיט אַ הויך אויפגעהויבן קול האָט דער חזן אויסגעלאָזט דעם „מזמור לדוד" און אויסגעשפּיגן בײַ „עלינו". עס האָבן זיך אַ שיט געגעבן די קדיש־זאָגערס מיטן „יתגדל ויתקדש"... פונעם הויכן קדיש־געזאַג האָט זיך משה מעט ווי אויסגעטשו־בעט און אויך גענומען זאָגן אויף אַ קול און פאַרענדיקט גלײַך מיט אַלעמען:

— „עושה שלום, במרומיו, הוא יעשה שלום, עלינו, ועל כל ישראל, ואמרו אמן".

נאָך איידער דער חזן האָט געענדיקט האָט זיך שוין דער עולם גענומען שאַרן צום אַרויסגיין. ס'איז הײַנט אַ וואַרעמער אָוונט, וועט מען פריִער אָפּעסן און נאָך קאָנען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, זיך דורכגיין נאָכן עסן, מע זאָל נישט דאַרפן גלײַך פון טיש גיין אין בעט אַרײַן.

ר' סרולע דער מילכיקער האָט זיך שוין געגרייט, ווי זײַן טבע איז געווען, צו געבן אַ נעם איינעם פון די ייִדן, די אורחים בײַ דער טיר, און אַרויסגיין פון די ערשטע. ראשית, צוליב די קי אין שטאַל, וואָס קאָנען לאַנג נישט זײַן אָן אַ באַלעבאָס, פּונקט ווי דער באַלעבאָס — אָן זיי. און צווייטנס, וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכן — צי מע דאַרף עפּעס מנדב זײַן פאַר אָרעמע חתן־כלה, צי פאַר אַן ארץ־ישראל־גייער, צי סתם פאַרן שטיבל — איז פאַר אים קראַנטער אַז ער איז נישטאָ דערבײַ. אַזוי מאַכט אים שטענדיק אויס ביליקער, און ס'איז אויך שענער ווי זײַן און נישט געבן. ער האָט זיך אויך איצט געפּרוּווט געבן אַ שאַר צו צו דער טיר. נאָר ס'האָט זיך אים אָבער נישט אײַנגעגעבן גלײַך זיך צוצוקריגן צום פאַרפּאַקטן אַרויסגאַנג. און איידער וואָס ווען, האָט שוין דער שמש ר' אַהרן, וואָס איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע מיט אַן אונטערגעהאַקטער באָרד, אַ באַרדקאַלטן, וואָס וויל נישט מער צוריקוואַקסן ווי געהעריק, זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק אין דער אָפענער טיר צווישן ביידע שטובן:

— ייִדן, ייִדן, ראַבעיסײַ, — האָב ער מיט זײַן האַרטן ליטוויש גערעדט צו די דאָ און צו יענע אינעם אַנדערן צימער גלײַכצײַטיק — געיט זאַך נאָך ניט פונאַנדער, עס זיינען פאַראַן אורחים! אורחים זיינען פאַראַן!

ער האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ וואַזשנעקייט און ערנסט, ווי ער וואָלט פרײַערלעך געווען אָנגעזאָגט, אַז משיח איז געקומען, גלײַך ווי ס'וואָלט געווען בײַ די ייִדן אַ נײַעס, ס'ערשטע מאָל ווי ס'זענען דאָ אורחים.

— פאַראַן, פאַראַן... מע ווייסט אַזוי אויך — האָט זיך אָנגערופן, אָפּשפּעטנ־דיק פונעם שמשס טיפן ליטוויש, אַ פאַרשפּיצט ייִדל מיט אַ העל בערדל, ווי עס וואָלט געווען באַשאַפן פון מיידלשע האָר, און זיך צו להכעיס געשטופּט דער ערשטער צום אַרויסגאַנג פון דער אַנדערער שטוב.

— כ'פאַרשטיי נישט, בנאמנות — האָט ווי פאַר זיך אַ זאָג געטון אַ ברייטער באַלעבאָס אַ תקיף אין אַ שפּאָגל־נײַער זײַדענער קאַפּעטע מיט אַ זײַדענעם גאַרטל — ס'איז דאָך דאָ אַ „בית־לחם" אויף דער וועלט — יאָ צי ניין? — און זיך דורכגעקריגן מיט די שטופּערס בײַ דער טיר.

דער שמש האָט געזען, אַז ס'האַלט שמאָל, קוים וועט בלײַבן אַן אורח, וועט עס נאָך קאָנען אויסגיין צו זײַן קאָפּ — האָט ער גענומען קאָמאַנדעווען מיט ביידע הענט, זיי געוואָרפן דאָ רעכטס אין יענעם חדר און דאָ לינקס אין פאָ־דערשטן חדר:

— ר׳ יאַנקול! ר׳ יעקב־מאיר! איר וועט נעמען איינעם!

— מילא, אַבי נישט קיין צוויי — האָט דער עלטערער ייִד מיט דער גראָער אײַנגעשרומפּענער באָרד צוגעשמייכלט אַ צופרידענער פון ערשטן כיבוד.

— ר׳ הירשל קאַמאַשנמאַכער! איר וועט נעמען איינעם!

— איינעם איז — איינעם, מהיכא־תיתי. — האָט דער שוואַרצבאָרדיקער הויכער האַרשל געגעבן זײַן הסכמה מיט אַ ווײַז די האַנט אַ מאַזאַליעדיקע פון צושנײַדן לעדער אויף כאַליעווקעס.

— ר׳ אַברהמטשע לייטאַבײַזן! איר וועט נעמען איינעם!

— אַוודאי וועל איך נעמען, אַוודאי — האָט גוטמוטיק פּאָטאַקעוועט אַ פּאָר דער צײַט פּאַרעלטערטער הדרת־פּנימדיקער ייִד, נאָך פון די אַלטע סאָכאַ־טשעווער חסידים — ווי דען, כ׳על נישט נעמען? אם אין אני לי, מי לי... הכנסת אורחים — עפּעס אַ קלייניקייט!... יאַק סטאַרטשי נאַ ריבע, טאַ סטאַרטשי נאַ פּיעפּש...[1] ס׳גייען אַזוי פּיל צום טיש איז נאָך אַן עסער.

פאַרן געלן סרולע איז מיט אַ מאָל אויפגעגאַנגען יענער ערשטער פּרײַטיקצו־נאַכטס, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַהיימגענומען אַן אורח פאַר שיינדעלע דער בליאַכערקע.

אויך דעמאָלט האָט זיך דער שמש ר׳ אַהרן געגעבן אַזוי אַ שטעל אַוועק אין דער טיר — נישט אַרײַן און נישט אַרויס.

ער האָט שוין אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן, דער געלער סרולע, וואָס ער האָט מיט אַ שבת פריִער געהאַט צוגעזאָגט שיינדעלען. ערשט אין דער לעצטער מינוט ווען דער שמש האָט אַזוי ווי הײַנט, גענומען קאַמאַנדעווען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער בליאַכערקע: איי־איי, ווי וואָלט ער אויסגעזען? ער וואָלט זיך דאָך איר מער נישט געקאָנט ווײַזן אויף די אויגן. וואָס זי וואָלט געוועזן געזאָגט, שיינדעלע, וואָלט זי געווען געהאַט רעכט... און אַ באַאומרויִקטער האָט ער זיך גענומען אומקוקן ווען ער האָט פאַר זיך. זײַן בליק איז געפאַלן אויפן ערשטן־בעסטן, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, און — ער געדענקט נאָך ווי איצט, ווי ער האָט תקיפדיק, וואָס ער באַט זיך אַליין אָן, אויסגעשריגן צום שמש:

— ר׳ אַהרן, ר׳ אַהרן! יאָך נעם אַט דעם!...

דער געלער סרולע האָט געפּילט אויף זיך די בליקן פון אַלעמען: נישט אַנדערש, משיחס צײַטן... נאָר מהיכא־תיתי, אַדרבא, זאָל אים ווויל באַקומען, פאַרוואָס נישט... ר׳ סרולע, דעם מילכיִיד, האָט עס געגעבן אַ ברי און מיט נאָך מער קוראַזש האָט ער אַ זאָג געטון אויפן חשבון פון די וואָס ווילן זיך אַרויס־דרייען:

[1] אַז סטײַעט אויף פּיש וועט אויך זײַן אויף פּעפּער

— צו קיין מיצווה דאַרף מען נישט נייטן. אַ מיצווה דאַרף מען טוען באהבה. מע דאַרף זיך אַליין פּעדערן, מיטן אייגענעם ווילן, מיט חשק, און נישט מע זאָל ערשט דאַרפן יענעם זאָגן...

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער זיך ברייטלעך אויסגע־דרייט צום אורח:

— קומט, ר' ייִד, מיט מיִר... די צײַט שטייט ניש...

אויך איצט האָט ער הויך פאַר אַלעמען אָנגעבאָטן זײַן גרייטקייט צו נעמען אַן אורח פון די פּראָסטערע, וואָס ס'איז זיך נישטאָ מיט זיי וואָס צו באַווײַזן:

— ר' אַהרן! יאָך האָב שוין! כ'האָמאָך שוין פאַרזאָרגט — האָט ער מיטן אויסגעשטרעקטן פינגער פון דער רעכטער האַנט געגעבן אַ ווײַז, און מיט דער לינקער האַנט לײַכט, קוים אָנרירנדיק, אָנגענומען משה מעטן פאַרן אַרבל — אַט דעם אין שינעל... דעם ייִנגאָמאַן, דעם זעלנאָ.

משה מעט האָט זיך פּלוצים אין גאַנצן פאַרלוירן, אַזש אַ שווייס איז אויף אים אַרויס. ער האָט זיך ערשט געכאַפּט, אַז דאָס האָט מען זיך געדונגען איבער אים, זיך אײַנגעשטעלט פאַר אים, דאָס האָט מען זיך פאַר אים געזאָרגט, ווו אים צו באַשטאַטן. דאָס איז ער דער אורח, דער פרעמדער?... ער?... ווי לאַנג איז דען, ווי ער האָט געשפּילט אין דריידל, אין נאַטע־גנב־האַק־שלאָס?... געלעגן מיט די קינדער אויפן הויף און געשפּילט אין קאָפּ צי שלאַק, אין פּאַלאַנט, אין קוקסעו'. און איצט, אינעם שינעל, נאָך אַ מילחמה, אַן איבערקערעניש אַ גאַנצע. ער שטייט אַן אומבאַקאַנטער, אַן אורח בײַ אַ טיר און מע רײַסט זיך איבער אים, ער זאָל נישט אַוועקגיין אַליין... ווי האָט ער ביז איצט אַזוינס געזען? אין ערגעץ האָט זיך מיט אים אַזאַ זאַך נישט געטראָפן, ס'זאָל עמעצער אַ טראַכט געבן וועגן אים... ס'איז אים געוואָרן הייס דערפון און אין דער זעלבער צײַט האָט עס אים אַ הנאה געטון. מע זעט אים יאָ, מע באַמערקט אים יאָ... ער האָט נאָך עפּעס אַ ווערט, ער שטעלט נאָך עפּעס פאַר מיט זיך... דאָס איז אַז מ'איז צווישן ייִדן... ערגעץ אַנדערש וואָלט עס נישט געקאָנט טרעפן מיט אים, אפילו ווען ער ציט זיך אויס.

דער געלער סרולע האָט אַ ברייט־צעשמייכלטער זיך אויסגעדרייט צום גיין און אַ זאָג געטון אין משה מעטס זײַט:

— ני, וואָס לאָזט איר זיך בעטן, ייִנגאָמאַן... איר גייט דאָך ניש צום באַדעקאָכץ...

משה מעט האָט זיך אַן אומבאַהאָלפענער, ווי אַ חדר־ייִנגל, פאַרשעמט צע־שמייכלט און אַ נעבעכדיקער מיט אײַנגעצויגענע אַקסלען זיך געלאָזט גיין נאָכן געלן סרולע, וואָס האָט זיך דערווײַל צעשמועסט מיט אַ צווייטן באַלעבאָס, און זיך געמאַכט פאַרגעסן, ווי אַלע וואַזשנע באַלעבאַטים, ווי נאָר זיי קומען אַרויס

אויפן הויף, אַז עס גייט זיי ווער נאָך און היט אָפּ זייערע טריט — נישט אַרויסצולאָזן זיי פון אויג.

ווי אַלע אַנדערע אורחים נאָך זייערע באַלעבאַטים, איז שוין איצט משה מעט נאָכגעגאַנגען האַרט נאָכן באַלעבאָס מיטן טוכענעם היטל, וואָס ער האָט זיך עס געמאַכט פאַר אַ סימן, ער זאָל אים דערקענען אין דער גראַטשקע בײַם אַרויסגיין! ער האָט דורכגעלאָזט עטלעכע מענטשן צווישן אים און זײַן באַלעבאָס, וואָס האָט זיך פריִער דורכגעקריגן אין דרויסן אַרויס, און זיך געשטופּט מיט אַלעמען אומגעלומפּערט, אַ נישט דרייסטער בײַם אַרויסגיין פון פינצטערן טויער אויף דער גאַס אַרויס.

דער פּריַטיקצונאַכטס האָט אַ צעפלעמלטער אַרויסגעלויכטן פון די אָפענע פענצטער מיט די פאַרצויגענע דורכזיכטיקע פאָרהענגלעך און גאַרדינען, גלײַך ווי סודותפולע שלייערן איבער צוזאַגנדיקע פאַרגעניגנס, וואָס שטייען פאַר אין די דאָזיקע שטובן מיט די פאַרווישטע קאַנטורן, וואָס צייכענען זיך הינטער די פענצטער, שוועבן פאַרבײַ און פאַרשווינדן.

דער הייסער אָוונט פונעם אָנהייב זומער איז שוין געלעגן גרייט אויפצו־נעמען די פּריַטיקצונאַכטיקע שפּאַצירער. נאָר דערווײַל האָט מען נאָך אויף דער גאַס קיינעם נישט געזען. די טראָטואַרן האָבן נאָך געפּוסטעוועט. אַלע זענען איצט בײַם שבתדיקן טיש. פון די שטיבלעך און פון די שילן גייען יידן פון דאַווענען — גרופּעסווײַז און איינציקווײַז מיטן סידור אונטערן אָרעם...

דער עולם חסידים פאַרן טויער איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַל און געבאַטש־קעט צווישן זיך וועגן שידוכים, פאַרשידענע רביים און הײַנטיקע יונגעלײַט, וואָס טויגן זיך נישט צום לערנען און נישט צום מיסחר... פוטבאָל האָט מען אין זינען. די גאַנצע תורה לייגט מען אַרײַן אין די פיס. אַ וואָזשנע חכמה צו געבן אַ קאָפּע די פילקע און שיסן אַ גאָל. מעטשן ליגט עס אין קאָפּ. וואָס עס קאָן שוין דערפון אַרויסוואַקסן...

אַז מע נעמט נישט גאַנצע טעג קיין יידיש ספר אין האַנט אַרײַן. אַ ספרו זאָל שוין זײַן אַ בוך, אַ צײַטונג... ווי — אַ נעכטיקער טאָג. ס׳וואַקסט אַ דור פון עמי־הארצים, גראָבע יונגען, פאַרשטאָפּטע קעפּ...

ר׳ סרולע דער מילכיִיד איז שוין געווען אומגעדולדיק. ער האָט שוין נישט געקאָנט אײַנשטיין אויף אָן אָרט. שיינדעלע וועט זײַן אין זיבעטן הימל פאַר גדולה. דער הײַנטיקער אורח זעט גראָד אויס צו זײַן אַ גאַנץ אָרנטלעכער בחור... ער האָט אַ זאָג געגעבן צום עולם אַ ברייטלעכן: „אַ גוטן שבת אַ גוט יאָר" און זיך אַרומגעקוקט, געבומען זוכן דעם אין שינעל. צונויפטרעפנדיק זיך גלײַך מיט משה מעטס אומרויִק־זוכנדיקן בליק — אַריבערגעגאַנגען אויפן אַנדערן טראָ־טואַר, מיט אַ צייכן צו משה מעטן, וואָס ס׳האָט געהייסן אַזוי גוט ווי „קומטס,

מעמער גיין", שוין מיט דער זיכערקייט, אַז איצט וועט ער אים נישט פאַרלירן פון אויג.

אויף יענעם טראָטואַר אָקעגנאיבער זענען זיי שוין געגאַנגען צוזאַמען. ביידע האָב זיי געשוויגן. זיי זענען דורך דאָס קוים־באַלויכטענע געסל מיט דער ליידיקער מויער פון איין זײַט, נישט אויסטוישנדיק צווישן זיך קיין וואָרט. דער געלער סרולע האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערן פונעם אָנשיקעניש זײַנעם און געשטעלט עטוואָס ברייטערע טריט.

פאַר זײַן טויער האָט ער זיך אַ ווײַל פאַרהאַלטן, דער געלער סרולע, ווי ער וואָלט זיך געוועזן געישובט, צי זאָל ער נישט אַרײַנגיין אַ קוק געבן אין שטאַל צו די קי; נאָר גלײַך זיך אַליין אונטערגעיאָגט מיט אַ הייב מיטן אַקסל:

— שוין, נאָך אַ מינוט... דרײַ טריט דערלעבן...

און טאַקע באַלד זענען זיי צוגעקומען צו אַ גרויס באַלויכטן פאַרהאַנגען פענצטער, וואָס האָט זיך געהויבן מיט די פאַרקיטעוועטע שויבן גלײַך פון טראָטואַר אַרויף. זיי זענען געבליבן שטיין בײַ דער פאַרמאַכטער טיר אויף דער גאַס אַרויס מיט די ריינע שויבן פאַרצויגן מיט קנאַקעדיק־ווײַסע פאַרהענגלעך.

דעם געלן סרולע איז געוואָרן לײַכטער. ער האָט זיך אויסגעגלײַכט און נישט קוקנדיק צו משה מעטן, וואָס איז געבליבן עטוואָס הינטערשטעליק, אַ זאָג געטון פולבאַטײַטיק, אָנווײַזנדיק אויף דער באַגלאָזטער טיר:

— דאָ איז עס.

# ק אַ פּ י ט ל  אַ כ ט

# פ ר ו י ע ן  צ ו ו י ש ן  ז י ך...

אין דער קעלערשטוב פון שיינדעלע די בליאַכערקע אויפן קאַזשלע־געסל האָט הײַנט געמעגט ווינען דער קיסר אַליין. סאַראַ ליכטיקייט אין אַלע ווינקעלעך! קיין שטויבעלע נישט... כאַטש נעם און צעלייג זיך אויף דער פּאָדלאָגע, אָסור, צי בײַ גראַף פּאָטאָצקען איז ריינער. זי פאַרשטייט גאָרנישט, שיינדעלע, ווי אַזוי זי האָט זיך דאָס אויסגעפּאָרעט מיטן שבת. איין נס האָט זי געהאַט, וואָס זי האָט הײַנט אַרויסגעגעבן, גאָט צו דאַנק, אַ סך שטיקלעך אַרבעט. זי האָט שוין נישט געגלייבט, אַז מע וועט עס נאָך אַמאָל אויסלייזן. איז טאָקע געוואָרן אין שטוב אַ ביסעלע גערוימער און אין קעשענע — פולער, געלויבט זײַן ליבן נאָמען, מ׳האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו מאַכן אַ שבת מיט לײַטן גלײַך, ס׳זאָל נישט פעלן פון כל־טוב.

זי האָט הײַנט אָנגעצונדן, שיינדעלע, נאָך אַ ליכט אין שבת־לײַכטער, גלײַך ווי ס׳וואָלט צוגעקומען נאָך אַ גליד אין דער מישפּחה. דער סאָבאָטניק איז שוין אין גאַנצן פאַרגרינט געווען פון צעטריפטן חלב, וואָס האָט געקלעפּט אויף די שפּאָרערס און געבלימלטע רערן. האָט זי גענומען די טאָכטער אירע, די גראָבע גיטשע, — ס׳זאָל איר נאָך באַשערט זײַן גוטס אויף דער וועלט, ס׳אַראַ טײַער קינד דאָס איז, — און אַרײַנגעשטעלט דעם שבת־לײַכטער אין אַ שיסל הייס וואַסער און אים געוואַשן מיט אַ באַרשטל מיט זייף און געשײַערט מיט קרײַד. ער גלאַנצט איצט טאָקע, ווי זי וואָלט אים נאָר וואָס געברענגט פון פּראַזשעס פּלאַטיר־געשעפט אויף נאַלעווקעס. ס׳איז דאָך אַ פאַרגעניגן אַ קוק צו געבן. נישט בלויז דער שבתדיקער טיש, אַלץ אַרום שײַנט און שמעקט מיט הרחבה, מיט אויפגעריכטקייט, ווי דאָס מזל וואָלט זיך געוועזן געכאַפּט, אַז ס׳האָט אומזיסט פאַרזען די דאָזיקע אָרנטלעכע פאַרהאָרעוועטע שטוב און גיט איצט אָפּ כפל־כפלים — מיט אַ ברייטער האַנט. זאָל אויך דאָ אין דער קעלערשטוב זײַן ליכטיק, ווי בײַם גרעסטן גביר.

פונקט װי די מאַמע אירע, שרה־גיטל, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, אַזױ האָט זי, שײנדעלע, נאָכן אָנצינדן די שבת־ליכט אַרײַנגענומען דאָס פּנים אין די צװײ פאַרהױבענע אָפענע הענט, װאָס זי האָט זײ געטובלט אין די הײליקע ליכטפלאַמען, און געשעפּטשעט דערבײ אָפּגעריסענע װערטער פון אַן אַלטער תחינה, װאָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען קײן װאָרט. זי האָט נאָר געװוּסט דעם זין, װעגן װאָס עס גײט. די מאַמע אירע האָט עס איר איבערגעגעבן אין טאָג פון דער חופּה, זי זאָל עס פאַרגעדענקען אױף אַ גאַנץ לעבן. אַזױ װי די מאַמע, עליה־השלום, האָט איר געלערנט אַזױ האָט זי נאָכגעזאָגט. עפּעס האָט זיך דאָרט גערעדט װעגן דעם, אַז דער מענטש איז געגליכן צו אַ ליכט, און אַז די מענטש־לעכע אברים באַטרעפן די זעלבע צאָל װיפל ס'באַטרעפט נר. דערפאַר דאַרף מען ליכטבענטשן איבער צװײ ליכט, װײל צװײ מאָל נר טרעפט אַן פינפהונדערט קעגן די אברים פון אַ מאַן מיט אַן אישה. בזכות זה װעט השם־יתברך הײלן די גלידער פון מאַן און פרױ. חוץ מזה פאַרהיטן די ליכט פון מאָרד, פון באַפאַלן װערן, פון בילבול און בײזע צינגער, פון תפיסה און פון פאַרצוקט װערן דורך חיות־רעות, װאָס לױערן אױפן מענטשנס לעבן, װי נאָר דער מענטש רירט זיך אַרױס פון דער מאַמעס שטוב און קומט אין דער װעלט אַרײַן.

מיט איר, שײנדעלען, האָבן די אַלע בײזע אָנשיקענישן טאַקע נישט קײן צו נאָענטן שײכות. צו איר האָט עס נישט. װאָרן זי האָט אין איר לעבן נישט געטשעפּעט קײן פליג אױף דער װאַנט. זי האָט ערלעך געאַרבעט אױף איר שטיקל ברױט. דערפאַר אָבער האָט די מאַמע אירע, שרה־גיטל, שױן יאָ גע־װוּסט פאַרװאָס מע דאַרף פאַרגיסן אַ הײסע טרער בײַם צינדן פרײַטיקצונאַכטס ליכט. זי איז שױן אָפּגעקומען פאַר איר קינד אױך. געפּרוּװט געװאָרן מיטן טעם פון זיצן אומשולדיק אין תפיסה און האָבן צו טון מיט חיות־רעות, צוליבן גע־מײנעם פּליאַק, דער רוסישער גענעראַלשע, װאָס די מאַמע האָט איר אַ קנופּ געגעבן מיט צװײ פינגער אין גראָבן פלײש און זי האָט געמאַכט אַ חלש, אַװעק־געפאַלן און געמפּילט אין װורשטנגעשעפט אױף דער קראַכמאַלנע־גאַס. און די מאַמע האָט דערפאַר געהאַט װי לאַנג אַװעק צו זינגען און צו זאָגן, געהאַט צו טון מיט סאַנדעס און סלעדאָװאַטעלעס, אַדװאָקאַטן און פּראָקוראָרן, אַז זי איז קױם אַרױס אַ לעבעדיקע פון די גױיִשע הענט.

דער מענטש װײסט אָבער קײן מאָל נישט װאָס ס'גײט הינטער אים, װאָס ס'קאָן אים אַלץ פאַרשטײן אין לעבן, האָט זי, שײנדעלע, אױך װי די מאַמע, באַהאַלטן דאָס פּנים אין בײדע הענט און געזאָגט די תחינה־װערטער מיט גרױס כּװנה, װײַל חוץ אַלעם איז דאָס ליכטצינדן אַ סגולה צו אַ גרינג „האָבן", אַז די געװוינערין זאָל נישט גײן פון דער װעלט. אמת, אױך דאָס האָט מיט איר נישט צו טון. זי װעט זיך הײַנט נישט גײן נאַריש מאַכן מיט אַזעלכע זאַכן, אין די יאָרן.

און זי האָט צומאָל נישט מיט וועמען אַפילו ווען זי זאָל וועלן. וואָרן זי איז פאַרמישפּט פון זײַן ליבן נאָמען צו טיילן דעם גורל פון אַ וויסטער עגונה. זי האָט דאָך אָבער זיך אַרומדרייען אַ דערוואַקסן מיידל אין שטוב, אַ טאָכטער וואָס דאַרף אַ כּלה־ווערן, קריגן אַ חתן, חתונה־האָבן, פאַרגיין אין טראָגן, האָבן אַ קינד, פּראַוועןאַ שלום־זכר, מאַכן אַ ברית, וואָס דאָס איז הײַנטיקע צײַטן אפשר נאָך שווערער בײַצוקומען ווי די אַלע פּגע־רעס און אָנשיקענישן צוזאַמען. וואָרן קריגן אַ מאַן אויף צו פאַרלייגן אַ פאַמיליע־לעבן, נישט קיין פּליפּייגעלע, דאַרף מען האָבן גרויס מזל בײַ גאָט. דערפאַר בעט זי טאַקע בײַם רבונו־של־עולם, דער פאָטער פון אַלע וועלטן, אַז ער זאָל מגין זײַן דעם זכות, ווי זי זאָגט עס אין דער תחינה, און זאָל איר צושיקן „עפּעס רעכטס" פאַר איר טאָכטער, איר אויג אין קאָפּ, אַז די שטוב זאָל שוין אַמאָל אויפגעריכט ווערן מיט אַ שטיקל מאַן און מע זאָל נאָך דאָ וויסן פון אַ לעבן, כּל־זמן די אויגן זענען נאָך אָפן.

ס'האָט זיך טאַקע געפּילט, ווי די גאַנצע שטוב וואָלט געוווען געבענקט נאָך אַ באַלעבאָס. אַלץ איז שוין, ברוך־השם, דאָ. ס'פעלט מער גאָרנישט. מע קוקט נאָר אויס אויפן עלטסטן, אויף דער קרוין פון דער שטוב, דעם מאַנצפאַרשוין, דעם בר־דעת, וואָס זאָל דאָס אַלץ באַוווּנדערן און געניסן דערפון ביד־רחבה און מיט אַ גרינג געמיט.

פאַר וועמען מאַכט מען דען דאָס אַלץ? פאַר וועמען גרייט מען זיך עס אַזוי? פאַר וועמען האָרעוועט מען דען, מע זאָל האָבן צו פאַראיבעריקן אויף אַ „ווי־פּראַוווע", אַ כּלה־אויסשטײַער? וועגן נדן קאָן דאָך קיין רייד נישט זײַן. קורחס אוצרות וואָלטן געוועןווינציק, וויפל די הײַנטיקע יונגעלייט הייסן זיך געבן. זיי קאָנען זיך דערלויבן צו שטיין אין גרויסן, די בחורים. נאָך אַ מלחמה איז אַלע מאָל דאָ ווייניק מענער. אַ גרויסער טייל ווערט אויסגעהרגעט אויף די שלאַכטפעלדער. אַנדערע קומען צוריק קאַליקעס, קריפּלען. וואָלטן די געזונטע געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר אַז מע זאָל זיי באַגילדטן, מע זאָל זיי געבן דאָס טעלערל פון הימל.

פונקט אַזוי ווי עס פעלן מענער, אַזוי זענען מיידן דאָ כּחול־הים. דו האָסט נישט אַזוי פיל האָר אין קאָפּ, וויפל מיידן ס'זענען דאָ — איינע שענער פאַר דער צווייטער — צו פאַרטיילן אַ וועלט. וואָס קומט אָבער דערפון אַרויס, אַז דאָס מינדסטע שטיקל יינגל דאַרף מען זוכן ווי מיט ליכט. טוט מען טאַקע אַלץ, וואָס מע קאָן, אַפילו איבער די כּוחות, אַז מע זאָל געפעלן אָט אַזוי ווי מע שטייט און מע גייט, מע זאָל נושא־חן זײַן אין מענטשנס אויגן מיט די גוטע מעלות און שיינעם פּנים, מע זאָל האָבן דאָס אויסגעקוקטע ביסעלע „פּאַוואָדזעניע"[1].

[1] דערפאָלג

כאָטש דער מאַנצפּאַרשוין איז נאָך נישטאָ אין דער שטוב, פילט מען אים דאָ אַן אומגעזעענעם, אָט אַזאַ, ווי ער איז אויסגעפּאַנטאַזירט געוואָרן אין אַ היציקער מינוט, און אַזוי באַוועגט ער זיך דאָ אַן אַרײַנגעוועבטער אין דער לופט, אינעם אַרום, בײַם טיש, בײַ דער שאַנק, — אומעטום, וווּ מע קערט זיך און מע ווענדט זיך. און אַלץ ווערט געטון אַקוראַט, סטאַטעטשנע, ווי יענער וואָלט דערבײַ געווען, ווי ער וואָלט פֿאַרפֿולט מיט זיך די גאַנצע שטוב.

פֿאַר זיך אַליין דאַרף גאָרנישט דער מענטש אַזוי פֿיל. מע קאָן זיך באַגנו־געגען מיט בילע־וואַס, אַבי ווײַטער... די צײַט אָבער פֿאָדערט דאָס איריקע... זי וויל נישט וואַרטן, זי מאָנט מיט אַלע פֿיבערן פֿונעם צערייצטן יונגמיידלשן בלוט, וואָס טריסקעט אַזש אַרויס „פֿרישטשיקלעך" אויפֿן פּנים. זיי פֿאַרשווינדן און קומען צוריק, די „זאַכטשאַנקעלעך", אַז ס'איז אַ בושה פֿאַר זיך אַליין צו נעמען אַ שפּיגעלע אין האַנט אַרײַן, זיך אָנצושפּיגלען ווי מע זעט אויס. די „ווײַמפּערלעך" בליִען שענער ווי אין אַ סאַד. וואָס מער מע קוועטשט זיי אויס, די „זאַכטשיווייקעלעך", אַלץ מער קומען זיי אַרויס, און פֿאַרשענדן אַ פּנים. עפּעס אַנדערש קאָן מען פֿאַרשטעלן, פֿאַרדעקן. אַ פּנים קאָן מען נישט אויס־באַהאַלטן, עס זאָגט אַלץ אויס.

גיטשע אַליין איז הײַנט אויך עפּעס געווען אַן אַנדערע. דאָס נעטע קליידל מיט די צוויי פֿאַלבאַנקלעך, וואָס זי האָט הײַנט אָנגעטון צום ערשטן מאָל, האָט איר געמאַכט „סמוקלער", שלאַנקער. זי איז גאָרנישט ק'אַזאַ גראָבע ווי מע מאַכט עס מיט איר: גראָב, גראָב, גלײַך זי וואָלט אַלעמען געווען גרויס אין די אויגן. און אָפּצײַענדיק ס'קליידל אין אַלע זײַטן האָט זי זיך אָוועקגעשטעלט פֿאַר דער מאַמען אירער:

— אדרבא, זאָל די מאַמעשי אַליין זאָגן... מאַמעשי מיך אָנקיקן... נו, אמת, יאָך בין גוניש ק'אַזאַ דיקע...

שיינדעלע האָט אַפֿילו נישט אַ קוק געטון אויף איר, זי זאָל איר נישט געבן קיין עין־הרע. זי האָט נאָך אָנגעשריגן אויף דער טאָכטער מוטערלעך־שטרענג:

— זע נאָר, זע נאָר, ווי די מויד אַרבעט עס אַרום... גראָב שמאָב, אַבי געזונט און פּרנסה. דאָס איז דער עיקר, טאָכטערשי. אויף דעם דאַרף מען בעטן בײַם רבונו־של־עולם. און ווײַטער איז אַלץ נאַרישקייטן. געזען, וואָס אַזוינס ס'ליגט איר אין זינען. אַז ס'איז באַשערט געפֿעלן צו ווערן, קינד מײַנס, געפֿעלט מען צי מ'איז דאַר, צי מ'איז גראָב. דעמאָלט קוקט מען שוין נישט אויף די אַלע זאַכן. קיין שום זאַך שפּילט שוין נישט קיין ראָלע, אַפֿילו נישט די יאָרן, אַפֿילו גראָע האָר אויך נישט, ווען מע געפֿעלט... מע דאַרף נאָר האָבן מזל בײַ גאָט, מער גאָרנישט.

פון דעסטוועגן האָט זי זיך, שײנדעלע, הײַנט אויסגעקעמט בײַם שפּיגל און די אײנצלנע גראָע האָר פאַרקעמט אינצווישן, מע זאָל זײ נישט אַרויסזען. און פּונקט ווי די טאָכטער איז זי לענגער געשטאַנען איבער דער הייסער שיסל וואַסער, געכליאָפּעט אויף זיך מיט הנאה דאָס ווייכע וואַסער מיט די מידלינעס, פון אַלע זײַטן, אונטער די אָרעמס, אויפן קאַרק, אויף די קערנדיקע, אַראָפּשווערנדיקע בריסטן, און בײַם איבערטון זיך דאָס קלייד געכאַפּט אַ בליק אויפן לײַב, און מיט אַ רויִקער צופרידנקייט שוין אויסגעקוקט די מינוט, ווען סרולע דער מילכיִיד וועט קומען פון דאַווענען מיטן פרעמדן, דעם אורח בײַ דער זײַט.

ווי יעדן פּרײַטיקצונאַכטס האָט זיך די גראָבע גיטשע צוגעזעצט, ווי איר געוווינהייט, אויף איר אָרט בײַ דער צוגעדעקטער גיימאַשין, קעגנאיבערן פענצטער, און געפילט, אַז ווי נאָר די טיר וועט זיך עפענען, וועט איר אַרויסשפּרינגען דאָס האַרץ פון בוזעם אַרויס...

דאָס וואָס ר׳ סרולע ברענג יעדעס מאָל אַן אַנדערן פאַרשטויבטן אַלטן ייִד מיט זיך, דאָס אַרט זי נישט... הונדערט מאָל נישט און איין מאָל יאָ. ס׳גאַנצע לעבן איז דאָך אַזוי. פּונקט ווי אַ לאָטעריע. איין מאָל פאַרשפּילט, נאָך אַ מאָל פאַרשפּילט. אויפן דריטן מאָל קאָן אַרויס. נאָך יעדער אַזאַ אַנטוישונג איז זי זיכער, אַז אין איינעם אַ פרײַטיקצונאַכטס וועט ער פאַרט קומען — איר באַשערטער... זי שטעלט זיך שוין פאָר ווי ער וועט אויסזען. ער וועט האָבן ברוינע ביראָויגן, מענער מיט ברוינע אויגן זעען אויס אינטערעסאַנט. זי האָט עס אַמאָל געלייענט בײַ שמרן אין די מעשה־ביכלעך, אין זײַנע ראָמאַנסן. ער וועט זײַן אַזוי מער־ווייניק אין אירע יאָרן. עלטער מאַכט נישט אויס. אדרבא, אַז מע וויל גאָר שטאַרק, איז עס נאָך בעסער. אַז מ׳האָט אַ יונג ווײַב, געדרוקט פּונעם מאַן אויף אַ יאָר פינף־זעקס, אַפילו ביז צען, האָט מען אַ רויִקן קאָפּ. ער וועט אַזוי געשווינד נישט לויפן נאָך קיין אַנדערע, נאָך קיין ייִנגערע... מע דאַרף שוין זײַן אַ „נאַכאַל״, אַן אוממענטש, מע זאָל זיך יאָגן נאָך נאָך ייִנגערע פון איר... איבעריקנס, זי ווייסט דאָרט וואָס... ס׳איז נישט געזאָגט. יאָרן שפּילן נישט קיין ראָלע. אַ פּאָר יאָר מער, אַ פּאָר יאָר ווינציקער. צוליב דעם גייט נישט אָפּ קיין שידוך. דער עיקר, ער זאָל זי ליב האָבן. אוי, וואָלט זי געוואָלט מע זאָל זי ליב האָבן... זי וואָלט אַזוי געוואָלט מע זאָל זי צערטלען, אַרומנעמען, צודריקן, פעסט צודריקן מיט אַלע כוחות... מע זאָל איר גלעטן די האָר מיט די פינגער, אָט אַזוי אָ... זי האָט דאָך אַזעלכע ווייכע זײַדענע האָר...

פון דרויסן האָבן זיך דערהערט טריט, באַקאַנטע, היימישע, שווערע פולע טריט, און שטילע, אײַנגעהאַלטענע, נישט־דרייסטע, פרעמדע.

דער געלער סרולע האָט אַ צופרידענער ברייט געעפנט די טיר, געשטעלט

אַ טריט אַראָפּ אױפן ערשטן טרעפּל, און אַ זאָג געטון אין שטוב אַרײַן, מעשה באַלעבאָס, מיט ברייטקייט:

— גוט־שבת, שיינדעלע!

די גאַנצע קעלערשטוב האָט זיך אַזש אױפגעכאַפּט פונעם אײַנגעהאַלטענעם לאַנגן שװײַגן. די שבת־ליכט אױפן װײַסגעדעקטן טיש האָבן זיך געפלעמלט פּײַערלעך מיט אַ הייליקן ציטער. די מלכותדיקע אױפגערוימטקייט האָט מנוחה־דיק און װאַרעם אײַנגעלאַדן, געצױגן צו זיך, גערופן...

שיינדעלע מיט די גלאַטיק־פּאַרקעמטע האָר, װאָס ס׳האָט זי געמאַכט אַ סך יונגער װי פריִער, איז געבליבן שטיין אַקעגן אים אױף אַן אָרט, נישט קאָנענ־דיק שטעלן קיין טריט װײַטער. זי האָט קוים פון זיך אַרױסגעקריגן דעם — גוט־שבת גוט־יאָר. מיטן בליק האָט זי געכאַפּט, אַז דער, װאָס איז מיטגעקומען, הינטער זײַנע פּלייצעס, איז נישט אַזאַ װי אַלע אַנדערע. פון געלן סרולעס שאָטן, װאָס האָט זיך קרום אַ שפּאַר־געטון אױף דער װאַנט איבערן פאַרשטעלטן װאַר־שטאַטל, האָט זיך אױסגעשיילט העכער נאָך — אַ טונקעלער קאָפּ און אַן אַקסל, אַן אױסגערונדיקטער, אַ שטײַפער. שוין מיט באַהערשטקייט האָט זי אַ שײַנענ־דיקע אַ זאָג־געטון צו סרולען און צו דעם װאָס הינטער אים:

— קומטס װײַטער, קומטס װײַטער... װאָס זענט איר עפּעס שטיין געבליבן ר׳ סרולע? זײַט מוחל...

ר׳ סרולע איז שװערלעך־באַזאַכט אַראָפּ אַ טרעפּ נאָך אַ טרעפּ, װי ער װאָלט דאָ אַרײַנגעבראַכט מי־יודע װאָס, כאָטש אַ גאַנץ פאַרמעגן אין דער שטוב אַרײַן. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און מיטן בליק אױף אַ הינטער אַ װײַז־געטון אױפן יונגנמאַן, װאָס איז אים, װי אַ שאָטן, נאָכגעגאַנגען און זיך פאַר־האַלטן אױפן לעצטן טרעפּל, װי ער װאָלט מורא געהאַט, ער זאָל נישט דאָ עפּעס שאַדענען אין דער ליכטיקער שטוב, ער זאָל זי נישט פאַרטונקלען מיט זיך, מיט זײַן װאָכעדיקן הולך.

מיט בײדע הענט האָט זיך ר׳ סרולע אָפּגעצױגן די קלאַפּעס פון זײַן טוכע־נער קאַפּעטע, גלײַך װי ער װאָלט געװען געטראָגן דעם טלית אױף זיך און פאַר־הייבנדיק דעם קאָפּ אַ ביסל אַן אַ זײַט, װי אַראָפּגערעדט צו שיינדעלען:

— זי זעען, שיינדעלע — האָט ער אַ װײַז־געטון זײַן געלן שפּיץ־באָרד — זי זעען, כ׳בין אַן אָרנטלעכער מענטש. איך האָב אַלעמען אין זינען. װעגן יעדן איינעם טראַכט איך... כ׳האָב אין צוגעטראָפן, האַ? דאָס האָבן זי טאַקע גע־מיינט... זאָגן זי מיִאָ דעם גאַנצן אמת... איך קען אינס גוסט... װען זי זאָגן מיִאָ פריִאָ... איין פּיפּס, װען זי געבן מאָ... זי זעען דאָך... פּאָר מיִאָ איז גענוג אַ בלױזער װינק, מער דאַרף יאָך נישט... נו, זי האָבן צי מיִאָ גוניש, האַ? טאָ האָט זשע מאָ אַלע אַ גיטן שבת... יאָ, זי זאָלן מײַנע אורחים נישט באַװולען.

זי הערן? ס׳קומט מאַ ניש אַן אַזוי גרינג... וואָס ס׳קומט אַן גרינג — גאַיט אַוועק גרינג...

שיינדעלע איז געשטאַנען אַ ביסל אַ צעטומלטע פון די אַלע פאַרשטעלטע רייד מיט די אַנצוגעהערעניש, וואָס זענען געווען גענוג אָפענע. ער וואָלט בעסער געטון ווען ער רעדט אַ ביסל ווייניקער. נאָך ערגער ווי אַ ייִדענע. ער מיינט אַוודאי, ער רעדט צו זײַנע קי, די שטומע באַשעפענישן וואָס וועלן אים נישט אָפענטפערן. ער האָט דאָ אַזוי פיל אַנגעקלאַפּט, אַז זי ווייסט נישט אויף וואָס פריִער צו ענטפערן. דער לעצטער זאָג זײַנער האָט שוין די רעשט צוגענומען בײַ איר דאָס לשון. אין פאַרלעגנהייט האָט זי אַ שמייכלדיקע אַרויפגעלייגט אויף אים די האַנט:

— ני, גאַיט שוין גאַיט, ר׳ סרולע, מאַמאַ גוניש גערעדט... האָסטע געהערט אַ ביסל... זײַט מצליח...

דער געלער סרולע האָט שוין איצט אַליין געפילט אַז ער איז דאָ אַן איבעריקער. ער האָט געשטעלט אַ טריט צו די טרעפּלעך אַרויסצוגיין, און צוגעוואָרפן אַן אייגל משה מעטן, וואָס האָט — נישט באַגרייפנדיק וואָס דאָ קומט פאָר — זיך אַנגעהאַנגען אין אים מיטן בליק, ווי אַ טרינקענדיקער...

ווי אַ קאַלטער גזלן האָט זיך דער מילכיִיד נישט געמאַכט דערפון. משה מעטס פאַרצווייפלטע אומבאַהאָלפנקייט האָט אים געלאָזט קאַלט, גלײַכגילטיק. פאַרבײַגייענדיק אים האָט דער געלער סרולע אַרויפגעלייגט די האַנט אויף משה מעטס פלייצע און מיטן פּנים צו דער טיר האָט ער אַרויסגעוואָרפן די ווערטער פאַר זיך, ווי זיי וואָלטן אין גאַנצן נישט געווען געווענדט צו משה מעטן, נאָר צו עמעצן אויבן הינטער די טירשויבן:

— טוט אויס, ייִנגאָמאַן, דעם שינעל... האָט ניש קאַ מורא, מ׳עטן אײַך נישט צונעמען... ס׳זענען אָרנטלעכע מענטשן... שרעקט אײַך נישט אַזוי...

און איבערלאָזנדיק משה מעטן אַ געפּלעפטן, מיט אַן אָפן מויל, מיט איין פוס אין שטוב און מיטן אַנדערן אויפן טרעפּל, האָט זיך דער געלער סרולע, אַ רויִק־אַנטשלאָסענער, געהויבן אויף די טרעפּלעך, וואָס האָבן הויך אונטערגעקרעכצט אונטער זײַנע שבתדיקע שטיוול. ער האָט אויבן דערטאַפּט די קליאַמקע און זיך מער נישט אומקוקנדיק — פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

## ק אַ פּ י ט ל נ ײַ ן

# משה מעט זאָגט „שלום־עליכם"

די זעקסער סטעאַרין־ליכט אין געשײַערטן „סאַבאָטניק" האָבן זיך געפלעמלט היימיש, פריילעך־פײַערלעך. התלהבותדיקע און פרומצעוויגטע האָבן זיי געשפרייט אַרום זיך אַ שײַן פון אַן אַנדערער, אַ פאַרהוילענער וועלט, צוזאָגנדיק כל־תענוגי־עולם די וואָס וועלן זיך געפינען אין זייער לײַכטנדיקן קרײַז. די טאַנצנדיקע פלעמלעך האָבן געוווּנקען, גערופן צו זיך נענטער, נענטער צום טיש צו מיטן ווײַסן סערוועטענעם טישטעך, מיט דער פינקלדיקער פלאַש ווײַן פון שולדנריינס ווײַנהאַנדל, מיט די איבערגעדעקטע, פרישגעבאַקענע, געפלאָכטענע חלות, וואָס האָבן זיך געבערגלט אונטערן חלה־טישטעכל מיטן גאָלדיקראויסגעהאָפטענעם „לכבוד שבת".

משה מעטן האָט גענומען וואַסערן אין מויל. ער האָט געזען ווי די פלעמלעך נעמען זיך אָפּטיילן פון די ליכט, הייבן אָן אייגן לעבן, טאַנצן אים אַנטקעגן, מאַכן קאָזשעליקעס, פאַרפילפּאַכן זיך ווי די שטערן — נישט צום ציילן — גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן צו פאַרשיטן אים אין גאַנצן...

פון אַלע פלעמלעך איז פלוצים געוואָרן איין קנויל, אַ פײַערדיקער, פּילצונגיקער קנויל, וואָס האָט זיך גענומען דרייען מיט אַ שווינדלדיקער גיכקייט, נישט צו דערכאַפּן מיטן אויג, און געוואָרן וואָס אַ מאָל פלעקיקער, טונקעלער... ס'איז געוועזן די טונקלקייט פונעם אייביק־צאַנקענדיקן גאַגעלע אין דער האַנט פון דער היליקער מאַריע מיטן קינד בײַ דער ברוסט אויפן אַלטשטאָט־געסל: דאָס נאַקעטע גאַזפלעמעלע רײַסט זיך און קאָן זיך נישט אָפרײַסן פונעם גאַזרערל אונטער די פּילקאָליריקע שײַבלעך. עס מאַטערט זיך דאָרט אַ גאַנץ לעבן אין דער לעמפּלדיקער ענגשאַפט, פאַרקריכט צום ליגנדיקן לאַזשאָרניק אין ווינקל, אַן אײַנגעטורליעטן אין אויסגעווייקטן שינעל. אין רויטלעך־שווינדלדיקן שײַן גיט אַ צאַפּל־אויף דאָס לענגלעך־אויסגעטרוקנטע פּנים פון בלאָנדן פראַנעק, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אינעם האַלבלאַכנדיקן, האַלבווײַנענדיקן לומפּ, און פאַרטווישט זיך אין דאָקטאָר ענגלשטערנס קופּערן־אָפּגעברענטן פּנים מיט דער שוואַרצער באָרד־

ראַם און היפּנאָטיש־באַצווינגענדיקע אויגן. נאָר באַלד פאַרשווינדט עס צוזאַמען מיטן פלעמלדיקן לאַמפּאַדקעלע ווי אַ בייזער חלום און ס׳איז שוין נישטאָ אַן וואָס זיך אַנצוהאַלטן...

מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט האָט משה מעט דערטאַפּט, ווי אַ בלינ־דער, דאָס שטיקל פאַרענטשל, גלײַך ווי ער וואָלט באַדאַרפט אַראָפּגיין אין אַ פינצטערן קעלער אַרײַן. ער וויל פּרווון שטעלן אַ טריט ווײַטער, נאָר ער קאָן נישט רירן מיט קיין פוס, גלײַך ווי אַ שווערע געליימטקייט וואָלט זיך אים פּלוצים אַרײַנגעלייגט אין ביידע פיס, ווי בײַם פּראַגער באַפּטיסט. און מאָדנע, אַנשטאָט די דערוואַרטע פינצטערניש, וואָס קומט אַנטקעגן פון אַ קעלער, האָט אים גאָר אַרומגעכאַפּט אַ בלענדיקע שײַן. ס׳איז צוריק ליכטיק געוואָרן, נאָך מער ליכטי־קער ווי פריִער, ווען ער האָט באַטרעטן די שוועל מיטן אומבאַקאַנטן ייִד. צו זײַן אויער איז מיט אַ מאָל דערגאַנגען אַ פרויִיש געמיטלעך קול, כאָטש ס׳איז נישט געווען צו אים געווענדט... די אַנגענעמע וואַרעמע שטים האָט אים דערמאָנט, אַז ער געפינט זיך איצט אין אַ רויִקער היימישער שטוב, און אַז ער דאַרף באַשײַנען דאָ דעם פרומען שבתדיקן טיש מיט דער שבתדיק־פאַרפּאַרעטער באַלעבאָסטע, וואָס האָט אַזאַ פריש לויטער פּנים, ווי פון אַ גוטן חלום אַרויס.

דאָס אַלץ, וואָס ס׳איז מיט משה מעטן דאָ פאַרלאָפן, האָט געדויערט אַזוי קורץ, אַז שיינדעלע האָט אַפילו נישט באַמערקט, ווי דעם יונגנמאַן האָט זיך גע־געבן אַ פאַרמיש אין קאָפּ, און ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט זיך באַוויזן אַנצו־כאַפּן אַן פאַרענטשל, וואָלט ער זיך ווי אַ סנאָפּ געווען אויסגעצויגן אין מיטן שטוב. אויסטועענדיק די געבלימטע קיכשירץ האָט זי אַן אויסגעפּאַרעטע אַ פיר געטון די האַנט פון משה מעטס זײַט צום טיש צו און מיט אַ באַחנט שמייכעלע פאַרהויבן דעם בליק צו משה מעטן, נאָך דעם ווי דער געלער סרולע איז אַרויס:

— וואָס קלערן זי אַזוי פיל, זי מעגן ריזיקירן נאָך אַ טריט אין שטוב אַרײַן.

זי האָט זיך ברייט אַוועקגעזעצט אויף איר אָרט בײַם טיש און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו גיטשען:

— גיטשעלע, גרייט צום טיש, וועט מען גיין עסן — האָט שיינדעלע זיס־לעך־צעצויגן אַ זאָג געטון צו דער טאָכטער. און „גרייט צום טיש" האָט שיינ־דעלע געמיינט, זי זאָל נישט זיצן גולמעוואַטע און גלאָצן, גלײַך זי וואָלט נאָך ביז איצט נישט געווען געזען קיין מאַנצפּאַרשוין פאַר די אויגן.

די גראָבע גיטשע האָט רעכט נישט געהערט וואָס די מאַמע האָט איר גע־זאָגט. זי איז אַלץ געזעסן בײַ דער צוגעדעקטער ניימאַשין לעבן פענצטער און באַטראַכט דעם אַרײַנגעקומענעם פרעמדן יונגנמאַן פון קאָפּ ביז די פיס, ווי זי וואָלט אים געוואָלט געגעסן מיט די אויגן. זי האָט זיך נישט געקאָנט קלאָר מאַכן אויף באַשטימט, צי דאָס דאַרף עס זײַן דער, וועגן וועמען זי האָט אַזוי פיל אויס־

געטראַכט אין די טעג בײַם נייען אויף דער „זינגערוועקע״, און אין די נעכט — אויף איר הייסן מיידלשן געלעגער.

דאָך האָט זי אין גערדאַנק אים שוין געזען אַן איבערגעטוענעם אין ציוויל. זי וועט אים געבן דעם טאַטנס הויזן מיטן קראַטקעלע, וואָס גייען אונטן אויסגע־פּאַסט, פאַרשנאָרוולט אויף שנירלעך. זיי האָבן שוין גענוג געפּוילט אין שאַנק. פאַר אים וועלן זיי זײַן ווי אָנגעמאָסטן. ער טראָגט דאָך וויקלעס. וועלן זיי זײַן פּונקט גוט. אַ שאָד וואָס די גלאַנציקע שטיוועלעך זענען שוין נישטאָ. זי האָט זיי נישט באַדאַרפן פאַרקויפן, גיטשע. די מאַמע איז גערעכט געווען. זי זעט ערשט, אַז זי איז ווערט געווען די יופּקע, וואָס די מאַמע האָט איר געמאַכט דערפאַר. קיין ירושה־זאַכן פאַרקויפט מען נישט. אָדער מע האַלט זיי, אַנישט שענקט מען זיי אַוועק... נאָך גוט וואָס זי האָט איבערגעלאָזט דאָס קראַטענע אָנצוג, דעם טאַטנס, מיט די קאָלערטע העמדער. ער וועט איבער נאַכט ווערן אַ גאַנצער פּאַ־צעט, דער זעלנערוק, אַז ס׳וועט אים נישט זײַן צו דערקענען.

משה מעט האָט ערשט באַמערקט, אַז ס׳איז דאָ נאָך וועד אין שטוב, אויסער דער עלטערער פּולער פּרוי. ער האָט אַ קוק געטון אין יענער זײַט, וווהין די רייד זענען געווען געווענדעט, און זיך אָנבאַגעגנט מיט אַ פּאָר גרויסע אָפענע צעגליטע אויגן און אַ זיכער, דעצידירט־אַרויסרופנדיק שמייכעלע, פון וואָס ס׳איז אים אַזש הייס געוואָרן אין אַלע גלידער. ער האָט נישט־דרײַסט, מיט אַ צוגעדושעט קול, אַ זאָג־געטון אַהין, לײַכט בייגנדיק דעם קאָפּ:

— גוט שבת.

גלײַך איז געקומען, ווי אַן אָנטפער, אַ טאָפּלטער „גוט־שבת״ — פון דער מאַמען מיט דער טאָכטער און ווי אַ צולאָג נאָך פון דער מאַמען:

— מאַכן זי זאָך באַקוועם... טוּען זי זיך אויס... זי קאָנען זאָך דאָ פילן ווי אין דער היים. זי דאַרפן זאָך מיט גוניש קרעמפּירן...

פלאַנטערנדיק מיט די פינגער האָט משה מעט זיך צעקנעפּלט דעם שינעל, פילנדיק אויף זיך פרעמדע וואַרעמע בליקן, וואָס האָבן געמאַכט שטאַרקער קלאַפּן זײַן האַרץ. אין אויפגעקנעפּלטן שינעל האָט משה מעט איצט אויסגעזען חצי־זעלנער, חצי ציווילער, וואָס ס׳האָט בײַם מיידל דאָ אַנטקעגן אַרויסגערופן אַ באַ־האַלטן איראָניש שמייכעלע אין די צעשפּילטע חן־גריבלעך אויף די פאַררויטלטע באַקן.

די גראָבע גיטשע איז אויפגעשטאַנען פון אָרט. צעציִענדיק עטוואָס פוילבלעך די גלידער האָט זי אַ נייג געטון דעם קאָפּ צום רונדן אַקסל, ווי זי וואָלט געוועזן געשמעקט דאָס אייגענע לײַב. און איבערלאָזנדיק אַ בליק אין משה מעטס זײַט, איז זי צו צום אויפגערוימטן קעכל און פון דאָרט נאָכגעפאָלגט מיטן בליק, ווי־

דער יונגערמאַן טוט אויס דעם צעהודערטן שינעל און זוכט פאַרצווייפלט אַן אָרט, ווו אים וואָס גיכער אַהינצוטון, מ׳זאָל נישט זעען די בראַך...

שיינדעלע האָט זיך איצט געפילט, ווי אַן אויפגעלעבטע, גלײַך ווי אַלע אירע דאגות און קרענקענישן וואָלטן איר מיט אַ מאָל אַוועקגענומען געוואָרן ווי מיט דער האַנט; עפּעס ווי אַן אומזיכטיקע פאַרהאַנג וואָלט זיך געוועז אַראָפּגעלאָזט איבער איר ביז־איצטיק איינזאַם־פאַרגאַנגען לעבן... אַז ס׳איז דאָ אַ מאַנצפּאַר־שוין אין שטוב איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. וועט שוין די גאַנצע שטוב אויפגע־ריכט ווערן, און אויך זי אַליין וועט באַקומען אַ תיקון. אַ שטוב מוז האָבן אַ מאַנצ־פאַרשוין, אַז נישט, איז די שטוב קיין שטוב נישט און דאָס לעבן קיין לעבן נישט. אַן אָפּנאַרערײַ, נישט מער. זי האָט נישט געקאָנט, שיינדעלע, סתם אַזוי זיצן בײַם טיש מיט פאַרלייגטע הענט, און זיך דערוויַיל אָפּגעקערט צו דער ניימאַשין און פאַרשטופּט דער טאָכטערס אַ קליידל, וואָס גיטשע האָט עס אָנגעמאָסטן און נישט אָנגעטון, און ס׳איז אַ פאַרגעסנס ביז דער לעצטער מינוט געבליבן אַזוי הענגען אויף דער שטול. אַז אַלץ מוז זײַן אויף איר קאָפּ. זי קאָן זיך אויף קיי־נעם נישט פאַרלאָזן, אויף אַזוי גרויס נישט. זי האָט שוין פאַר איין וועגס גלײַך געמאַכט דאָס טישטעכל, וואָס האָט פאַרדעקט דאָס פעלדבעטל, ווו די טאָכטער איז נאָר וואָס געהאַט געזעסן.

די גראָבע גיטשע האָט געלאָזט שטיין אויפן קיך דעם טאָפּ יויך, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון באַק־אויוון, און צוגעגאַנגען צו משה מעטן, וואָס האָט אַ פאַרצווייפלטער געהאַלטן דעם שינעל אין דער האַנט, ווי ער צוזאַמען מיטן שי־נעל וואָלטן געווען פאַרמישפּטע צום אויפהענגען.

— גיט אַהער — האָט גיטשע אויף אים אַ קוק געטון אַן אָפן־צעשמייכלטע מיט גרויסע גלעטנדיקע אויגן — גיט אַהער... וועל איך אים אַרײַנהענגען אין שאַנק.

משה מעט האָט ערשט באַמערקט די כלערליי משונהדיקע פלעקן אויפן שי־נעל מיט דער גלאַנציק־שוואַרצלעכער אײַנגעגעסענער פאַרפעטסטקייט אַרום קאָלנער. ס׳איז אים געוואָרן מאָדנע איבערדריסיק און ווידערווילִיק איבערצוגעבן אַזאַ לאַכמאַן דעם דאָזיקן ציכטיקן מיידל אינעם שמעקעדיק־ווײַסן בלוזקעלע מיט די העלע קלאָרע הענט.

— מע דאַרף נישט... באַמיִען זי זיך נישט, פרײַלין... כ׳וועל אים אָט דאָ...

— האָט משה מעט אָנגעוויזן אויפן איבערגעדעקטן וואַרשטאַטל, און געפילט, ווי דאָס גאַנצע פּנים זײַנס איז איין פלאַם, נאָר זיך צו באַגראָבן אויפן אָרט.

מיטן חוש פון אַ דערפאַרענער פרוי לגבי מענער, וואָס פרויען אייגענען זיך עס צו שוין מיט דער מאַמעס מילך, האָט די גראָבע גיטשע דערפילט זיין קרעמ־פּירטקייט און זשענירן זיך פאַר איר. און וועלנדיק ווײַזן, אַז ס׳איז נישט אַזוי

געפערלעך, פאַראַן געפערלעכערע זאַכן אויף דער וועלט; אַז ס׳איז נישטאָ אַפילו פון וואָס צו מאַכן קיין וועזן דערפון, און אויך, אַז זי מיאוסט זיך בכלל נישט פון אים, — האָט זי געשטעלט אַ טריט נענטער צו אים און מער נישט־פרעגנדיק געגעבן אַ נעם פון אים דעם שינעל, ווי אירס אַן אייגן מלבוש, וואָס משה מעט האָט שוין מער נישט דערווידערט.

— ס׳מאַכט נישט אויס... ס׳איז גאָרנישט... — האָט גיטשע איבערגע־וואָרפן דעם שינעל אַקסל אין אַקסל, ווי זי פלעגט עס טון מיט אירס אַ נײַעם פאַלטן, ער זאָל זיך חס־ושלום נישט צעקנייטשן — און אים אַרײַנגעהאָנגען אין שאַנק אַרײַן צווישן אַלע מלבושים.

— אפשר ווילן זי אַ סידורל — האָט זיך שיינדעלע אויסגעדרייט צו דער שטוב, אָנגעוויזן משה מעטן דעם אויבנאָן בײַם טיש און זיך צוריקגעזעצט אויף איר אָרט — ווען זי זאָגן „שלום־עליכם״ — און גלײַך צו דער טאָכטער:

— גיטשע־לעבן, שטייסט בײַ דער שאַנק, נעם דאָרט אַרויס דעם סידור.

משה מעט איז געבליבן שטיין אינעם לויזן זעלנערישן רעקל, אָנעם פּאַסיק, פאַרמאַכט ביז אַרויף אויף די געל־גלאַנציקע מעשענע מאָניאַקעס מיטן אָדלער, ער האָט זיך פאַרריכט דאָס פירשפּיצעדיקע היטל אויפן קאָפּ אויף גלײַך, אָט אַזוי ווי אַ קאַפּל. פון זעלנערישער געוווינהייט האָט ער זיך געגעבן אַ גלײַך אויס, מיט אַ צי־אָפּ ביידע פאָלעס אויף נעט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אָפּצוגעבן אַ ראַפּאָרט פאַרן עלטסטן, און גיך אַ זאָג געטון אַהין, אין גיטשעס זײַט, אַז זי זאָל נישט באַווײַזן אַרויסצונעמען דעם סידור:

— ניין, מע דאַרף נישט... ס׳איז ניש נייטיק... כ׳קען פון אויסנווייניק...

און ווען גיטשע האָט זיך צוגעזעצט צום טיש לעבן דעם אורחס לינקער זײַט — אָנטקעגן דער מאַמען — האָט משה מעט גלײַך גענומען זאָגן מיט אַ פרעמד־ציטערדיק, נישט זײַן קול, נאָר מיט אַ היימישן באַקאַנטן פרײַטיקצונאַכטיקן ניגון — דאָס איינציקע, וואָס ס׳איז אים געבליבן ירושה פון טאָטן:

— „שלום עליכם מלאכי השרת, מלאכי עליון, ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא״... — — — — — — — — — — — — — —

## ק אַ פּ י ט ל צ ע ן

# אויסטערלישע זאַכן

אין דער אומגעריכטער צונויפטרעפונג פון די צוויי קעגנגעזעצטע עלעמענטן, פון פרעמדקייט און היימישקייט, וואָכעדיקן חושך און שבתדיקער שײַן, פאַרוואָרלאָזטן מאַנצביל און צניעותדיקער יונגפרוילעכקייט, — וואָס דער גורל האָט דאָ צונויפגעפירט, ווי אויף שפּאַס און צו להכעיס־שפּיל פון קאָנטראַסטן, וואָס פאַרטראָגן זיך נישט קעגנזײַטיק און מײַדן זיך איינס דאָס צווייטע ווי פײַער מיט וואַסער; אין דער גאַנצער אָנגעצויגענער אַטמאָספער ביז קאָמישקייט פון אַ פאַרס און דער שווערלעך־אומאָנגענעמער אָנגעשטרענגטקייט ביז טראַגישן ערנסט, וואָס האָט זיך אין די געציילטע מינוטן אָפּגעשפּילט אין דער קעלער־שטוב — איז איצט גלײַך אַרײַנגעטראָטן אַן אַנטשפּאַנונג. ווי אַ פרוי וואָס ווערט אויפגעלייזט אין דער רגע, ווען ס׳קינד קומט אויף דער וועלט, אַזוי איז איצט מיטן דאָזיקן ניגון די שטוב אויפגעלייזט געוואָרן פון אַן אומעט, פון אַן איינזאַמקייט, אַן עלנט אַזאַ, וואָס האָט נישט קיין נאָמען, נאָר מע פילט אים אין יעדער זאַך: אין דער לופט, אין יעדער באַוועגונג פון די, וואָס אָטעמען דאָ מיט דער דאָזיקער לופט אין זייער פאַרדרענגטקייט און געצוימטקייט, ווי געבונדענע ריזן, וואָס דאַרפן נאָר, אַז איין קנופּ זאָל עטוואָס לויזער ווערן, זיי זאָלן קאָנען אַראָפּוואַרפן פון זיך די גאַנצע שטריק, די פענטעס וואָס שנײַדן זיך אײַן אין לײַב ביז ווייטיק.

און אויפגעלייזט פון דער אומנאַטירלעכער האַלטונג און קרעמפּירטן אויפפירן זיך זענען איצט אויך געוואָרן אַלע דרײַ. מ׳האָט זיך שוין נישט באַדאַרפט היטן איינער פאַרן צווייטן, נישט צו טון עפּעס אומבאַרעכנטס, עפּעס אַן איבערגעטריבענעם זשעסט פון העפלעכקייט וואָס קאָן מאַכן לעכערלעך; נישט זאָגן קיין איבעריק וואָרט, ס׳זאָל נישט הייסן, אַז מ׳האָט נײַן מאָס רייד אויף צו פאַרנידזשען אַ וועלט; אָדער צופיל שווײַגן, וואָס ווײַזט, אַז מ׳האָט צו טון מיט אַ

מרוק, אַ „סקנעראַק״, וואָס איז קאַרג אַפילו אויף אַ וואָרט, וואָס ס׳קאָסט גאָרנישט, און בכלל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ נאַרישקייט, וואָס קאָן נאָך אַמאָל קאַליע מאַכן די גאַנצע מערכה. כאָטש קיין שום זאַך איז נישט געווען פֿון פֿאָרויס באַרעכנט, האָט מען דאָך אַלץ געטון ווי לויט אַ צוגעגרייטן פּלאַן...

איצט, ווען משה מעט האָט זיך בײַם „ממלך מלכי המלכים״ אַזש צעוויגט, אַן איבערגענומענער פֿון אייגענעם צעניגונטן קול, זענען אויך פֿרײַ געוואָרן די פּענטעס פֿון דער דאָזיקער אומבאַוווסטזיניקער אויסגערעכנטקייט און ס׳איז פֿאַרשווונדן די געמאָסטנקייט פֿון די האַנדלונגען פֿון יעדן איינעם. דער ניגון און וואַרשעווער נוסח האָט זיי אַלעמען דאָ פֿאַרהיימישט און פֿאַראייניקט. די ערלעכקייט איז שטענדיק אויפֿריכטיק. זי האָט זיך נישט ליב צו פֿאַרשטעלן און פּוצן אין פֿרעמדע פֿעדערן: אַזוי בין איך און דאָס בין איך, און ווען ס׳געפֿעלט נישט, איז די ברירה בײַ אים. ס׳איז זיך נישטאָ מיט דעם אַלעם וואָס צו שעמען. מ׳האָט חלילה בײַ קיינעם נישט געגנבעט, מע זאָל דאַרפֿן פֿאַררײַבן, פֿאַרגלעטן... ווי זאָגן די פֿאַרשלאָכעטע אָרנטלעכע דינסטמיידן: אַז ס׳געפֿעלט נישט „נאָ ברודנאָ, טאָ נאַ טשיסטאָ טרודנאָ״.[1] דאָס אויג לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן, פֿעלערן און שוואַכקייטן קאָן מען לאַנג נישט אויסבאַהאַלטן. מיט וואָס איז בעסער יענער פּאַצעט, וואָס „גייט אַ קאָלנער ווײַס ווי שניי און אונטערן קאָלנער, פֿול מיט פּליי?״ איז שוין קראַנטער אַזוי: דאָס האָב איך און דאָס פֿאַרקויף איך. צום בעסטן איז טאַקע· אַז מ׳איז אַזוי ווי מ׳איז פֿאַרשפּאָרט מען זיך שפּעטער אַ סך זאַכן, גריזאָטע, חרטה, האַרצווייטיק...

משה מעט האָט זיך ערשט געכאַפּט אויף וועלכער וועלט ער איז, זעענדיק ווי ביידע פֿרויען בײַם טיש וואַרטן אויפֿן קידוש... ער איז זיך אַליין געגאַנגען וואַשן צום עסן און יעדן געטיילט אַ המוציא... און אויסגעהערט ווי אַן אייגענער, אַ שטובמענטש, אַלע זאָרגן שיינדעלעס, אַז מע דאַרף אײַנקויפֿן אויף שבת נישט פֿרײַטיק, ווען די הענדלערינס רײַסן פֿון דער הויט, נאָר אַ טאָג צופֿריִער... דאָנערשטיק פֿאַרנאַכט איז אַלץ בחצי־חינם... דאָס זעלבע פֿישל, ווען מע קויפֿט עס נעכטן, צאָלט מען דערפֿאַר העלפֿט געלט· נאָר ס׳איז דאָך זומער, קאָן עס דאָך נישט ליגן, די פֿיש קאָנען זיך נאָך פֿילן... מוז מען אײַנקויפֿן פֿרײַטיק, אין יאָגעניש, אין דער גרעסטער גראַטשקע... ווען מע כאַפּט פֿון די הענט... מ׳איז דאָך איין מענטש אַליין... האָט מען נישט קיין ברירה און מע מוז שוין נעמען וואָס ס׳קומט אונטער.

דאָס האָט שיינדעלע געוואָלט דערמיט זאָגן, אַז ס׳קאָנען נאָך זײַן בעסערע פֿיש ווי די, כאָטש ס׳איז געווען אַ גענוג שיינער קאַרפּ, וואָס האָט געוויגן אי־

[1] אַז אויף ברודיק איז שווער איז אויף ריין אויך אַ קלער

בער צוויי קילא, און משה מעט האט זיך קוים געקאנט אן עצה געבן מיטן קאפ פיש, וואס שיינדעלע האט אים צוגעטיילט, ווי דעם ראש פון דער שטוב.

די גראבע גיטשע האט נישט געקאנט איינזיצן, וואס די מאמע רעדט וואס מע דארף נישט, ווייבערישע זאכן. מענער אינטערעסירט עס אין גאנצן נישט. זיי ווילן זען א פארטיקע זאך, אפגעקאכט און אויפגעגעבן. זי האט זיך געביסן די ליפן, אז די מאמע זאל איין מאל פאר אלע מאל אויפהערן מיט אירע מעשות, און זיך כסדר געהויבן פון ארט:

— מאמעשי, אים לאזן עסן! ס׳איז דאך פיש... מע קאן זיך נאך פארקרעקן מיט אביינדל.

— מיש דיך ניש אריין, גיטשעלע — האט זי שיינדעלע בארויקט, אויס־נאגנדיק דעם מארך פונעם שטיקל רוקנביינדל פונעם מיטלסטן שטיקל פיש, וואס זי האט זיך גענומען — מעדני מלכים... מעגסט זיך פארלאזן אויף דיין מאמען... זי ווייסט נאך בארכאשעם וואס זי טוט... דערלאנג בעסער, גיטשעלע, די לאקשן, אזוי ווי זיי שטייען, מיטן דארשלאק און דעם טאפ יויך פון דער קיך, כל־זמן ס׳איז נאך הייס, די יויך.

משה מעט האט פון העפלעכקייט וועגן אויסגעהערט אלץ וואס שיינדעלע האט אין אים אריינגערעדט, און ווי צופרידנצושטעלןביידע האט ער א מאך געטון מער צו דער מאמען, ווי צו דער טאכטער.

— נישט געפערלעך... ערגער איז, אז מע קרעקט זיך מיטן גראשן.

— מיינע רייד — האט שיינדעלע אויפגעגעבן די לאקשן מיט יויך — דאס איז דאך מיין געשריי: געזונט און פרנסה... לייגן א גראשן צו א גראשן און צוקומען צו עפעס... פארשטייט זיך, אז אין צווייען גיט מען זיך גיכער אן עצה... איין מענטש אליין איז אלע מאל שלעכט. נאך דערצו א פרויענצימער... נאר וואס לאמען טיען... פארלאזן זיך אין גאנצן אויפן רבונו־של־עולם אליין הייסט גאט אליין אויך נישט. מע מוז אליין אויך צולייגן א האנט... אזא וועלט איז היינט...

און אויסדרייענדיק דעם קאפ צו דער טאכטער, וואס האט זיך דארט גע־פארעט ביי דער קיך, האט שיינדעלע צוגעגעבן:

— און אז מע טרעפט טאקע אויף א בריה א ווייב, איז אז וויל און לאכטיק דעם, וואס קען זיך דערויף... הא, גיטשעלע, ווי האסטו די ציקער־באבעס?... נעם ארויס ס׳פלייש פון דער יויך וועט זיך עס דערוויייל אפקילן... געב אכטיק ס׳שטיקל הין זאל זיך נישט צעקריכן...

זי האט זיך צוגעבויגן שיינדעלע צו משה מעטן, ווי אים איינצורוימען א סוד, און זיך פארטרויט פאר אים ווי פאר א היימישן מענטש:

— כ׳זאל אזוי זיין א געבענטשטע מאמע צו מיין קינד, ווי איך טרייב איהן

אויף א הארעלע נישט איבער... זי הערן, ווער ס׳וועט זי נעמען, וועט זיך אין לעבן נישט געבארן — און צוגעגעבן א ביסל העכער, ס׳הייסט די טאכטער מעג שוין אויך הערן, גלייך ווי מע וואלט נישט געוועזן גערעדט וועגן איר — גאט צו דאנקען נישטא זיך וואס צו פארזינדיקן, הלוואי ווייטער נישט ערגער... דער טענצער טאנצט אזוי ווי די מוזיק שפּילט... נישט אזוי?

— מאמעשי, לאמא זיין געזונט... די מאמעשי האלט שוין ביי די קלעז־מארים... א ביסעלע צו געשווינדט...

— ס׳מאכט נישט... — האט משה מעט געהאלטן מיט דער מאמען און געקוקט צו גיטשען, אזוי ווי איינער זאגט, נישטא וואס צו דערווידערן, א מאמע האט שטענדיק רעכט...

— אז גאט וויל, קינד מיינס...

— שיסט א בעזעם — האט גיטשע צוגעגעבן מיט א געלעכטערל.

— נו, יא, אוודאי, — האט משה מעט פאטאקעוועט — דער מענטש דארף אויך וועלן. ער האט אויך עפּעס צו זאגן.

משה מעט האט גערן אויפגענומען די ווייבערישע רייד, וואס האבן אים, ווי דאס עסן, דערקוויקט אלע ביינער און אריינגעזעצט אין אים א נייע נשמה. ס׳איז אים איצט געווען אזוי גוט, ווי דעמאלט אלס יינגל, ווען ער האט פאר־בלאנדזשעט אין אן אנדערער גאס און אן אומבאקאנטע האריקע האנט האט אים אומגעריכט צוגעשטעלט צו דער טיר פון שטוב. און פונקט ווי דעמאלט, ווייזט זיך אים איצט אויס, אז דאס חסידים־שטיבל דארט אויף פראנטשישקאנער אכט, מיטן שמש מיטן אונטערגעהאקטן בארדקאלטן און גלייכע אקסלען, וואס האט זיך געגעבן א שטעל אוועק צווישןביידע שטובן, ווי נאפּאלעאן... דער געלער ייִד מיט דער צעפּלאמטער בארד, וואס האט געשוויגן איבערן גאנצן וועג אהער... אים געגעבן א שטעל אריין אין קעלער און פארשוווּנדן געווארן... די צוויי אי־בערגעגעבענע פרויען מיט זייער גוטסקייט און געטריישאפט... די גאנצע שבת־דיק־אויפגערוימטע ליכטיקע קעלערשטוב דא אינעם פינצטערן פוסטן געסל... דאס אלץ איז אזוי אויסטערליש און געהיימעניספול, ווי ס׳וואלט געווען נישט פון דער וועלט... נישט אנדערש נאר שדים פירן מיט אים און טוען מיט אים וואס ס׳געפעלט זיי... יא, שדים, נישט שדים, נאר עפּעס געשעעט טאקע מיט אים מאדנע אומגעהייערע זאכן... פונקט ווי אין די מעשה־ביכלעך, וואס ער האט זיך אנגעלייענט, מיט א פארנארטער בת־מלכה, אדער בן־מלך, וואס ווערט אוועק־געפירט אין א פוסטן שלאס; ווי נאר מע טרעט אריבער די שוועל הייבט אלץ אן באקומען לעבן. ס׳ווערט אומגעריכט ליכטיק. ס׳באווייזן זיך די לאנגפאר־שטארבענע באלעבאטים וואס האבן אמאל דא געלעבט. זיי פארען זיך ארום און באדינען דעם גאסט — זייער פארנארטן קרבן... זיי דערלאנגען אים פון כלטוב,

בכדי אים צו קאָנען שפּעטער אַרײַנקריגן אין זייער רשות... פון אונטער דער ערד וואַקסט אויס אַ פּאַרטיקע קאַפּעליע, וואָס שפּילט אויסטערלישע מאַרשן... און דער סוף, דער סוף... בעסער נישט דערטראַכטן...

וואָס אַזוינס קומט דאָ טאַקע פּאָר מיט אים? עפּעס פילט ער ווי ס׳ווערט אַרום אים געשפּונען אַ נעץ, אַ וויסטע חוזק־נעץ... ער פילט זיך שוין צאַפּלען אין דער פאַרפּלאָכטענער שטריק... עפּעס שוועבט ער אין אַ וועלט, וואָס האָט נישט קיין האָפט, מיט איין בלאָז קאָן זי זיך גלײַך צעפאַלן, ווי אַ קאָרטנשטיבל... צומיינסט קאָן ער נישט פאַרגעסן דעם ייִד מיט דער רויטער באָרד, וואָס האָט אים דאָ אַרײַנגעפירט אין דער שבתדיק־אויפגערוימטער קעלערשטוב און איז כהרף־עין פאַרשוווּנדן געוואָרן... דאָס אַלץ דאָ אַרום זעט אויס ווי ס׳וואָלט געווען נישט מער ווי אַ פאַרבלענדעניש, אַ כישוף־אַזאַ... אַ חלום... און אויב אַפילו אַזוי, וואָלט ער געוואָלט, אַז ס׳זאָל נאָך אָנהאַלטן אַ ביסל; אַז ס׳זאָל זיך נאָך אַזוי געשווינד נישט ענדיקן... און וווּנדערלעך... דאָס אַלץ דויערט... דאָס אַלץ האַלט טאַקע אָן... עס ענדיקט זיך נישט... און די זמירות, וואָס ער זינגט מיט אַזאַ איבערגענומענער שטים, שלאָגט זיך אָן אים אָפּ צוריק... ס׳געזאַנג, וואָס קומט פון זײַן קעל, ווערט נישט פאַרלוירן ערגעץ אין אומבאַקאַנטקייטן, צווישן בערג... נאָר עס וועבט זיך טאַקע אַרום אים גופא. דאָס איז זײַן קול, זײַן שטים און נישט קיין פרעמדע, נישט קיין ווידערקול, קיין פרעמדוועלטיקער... דאָס איז זײַן אייגן אמתדיק געלייטערט קול...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# קאַפּיטל עלף

# מיטן רעכטן פוס...

דער זיסלעך־וואַרעמער פרײַטיקצונאַכטס איז געשטאַנען אַן אומ־געדולדיקער הינטערן הויכן פענצטער פון דער קעלערשטוב. דער מילדער אָוונט האָט געוווּנקען דורך די פינקלדיק־ריינע שײַבלעך הינטערן דורכזיכטיקן פאָר־הענגל און גערופן אין דרויסן אַרויס מיט געלעכטערן, וואָס האָבן זיך האַלב־צוגעדושעטע אַראָפּגעקאָלערט אַהער, אינעם ליכטיק־אויפגערוימטן קעלער אַרײַן, פון די זאַט־אָנגעגעסענע פאַרבײַגייערס און געאָרעמטע פּאָרלעך.

ס׳איז שוין געווען נאָך די זמירות, נאָך די הייטערע געזאַנגען און חסידישע מאַרשלעך, וואָס האָבן זיך דאָ נישט לאַנג געטראָגן פון די אויפגעפּראַלטע פענצ־טער אויף די אויבערשטע שטאָקן און זיך אָנגעשלאָגן אָן דער אַנטקעגנדיקער טויבער מויער מיט די קריסטלעכע שכנים, וואָס מע זעט זיי קיין מאָל נישט אַראָפּקוקן אויף דער גאַס אַראָפּ.

אין טייל שטובן האָבן שוין פריילעך אויפגעקלונגען די שיר־המעלותן, אַ סימן אַז מ׳האָט שוין דאָרט אָפּגעגעסן און מ׳האַלט שוין בײַם בענטשן.

די גראָבע גיטשע האָט נישט געקאָנט אײַנזיצן רויק. זי האָט זיך שוין גע־נומען דרייען אויף דער שטול, ווי זי וואָלט געזעסן אויף הייסע קוילן. אַלע מינוט האָט זי געוואָרפן אַ בליק צום פענצטער אין דער הייך, גלײַך ווי אויף יענער זײַט וואָלט עמעצער געוואַרט אויף איר, זי זאָל שוין וואָס שנעלער אַרויסקומען, און זי גיט יענעם צו פאַרשטיין מיטן בליק, אַזוי ווי איינער זאָגט: גיי נישט אַוועק, וואַרט צו, איך קום באַלד אַרויס.

נישט ווײַט פון דאַנען, פונעם קאָזשלע־געסל, אַראָפּצו מיט דער באָניפראָטן,

וווהין אַלע לאָזן זיך עס טאַקע איצטער גיין, שפּרייט זיך ביז צום גדאַנסקער וואָקזאַל דאָס הינטערשטאָטישע פֿעלד — דער „ווינע־פּלאַץ" מיטן באַוואַכטן הילצערנעם צלם אויפֿן בערגל אין אָנדענק פֿון געפֿאַלענע זעלנער, און אַ ביסל ווײַטער אַראָפּ, אויף לינקס — ציט זיך דער גרינלעך־געלער ווײַסלבערעג מיט די ערשטע פֿולע שיפֿלעך גאַלאַר־עפּל, וואָס פֿײַערן אויף די שיפֿלפּלאַכן, ווי ריזיקע רויטן קרעלן. מע קאָן זיי הײַנט קויפֿן בחצי־חינם. די עפּל, וואָס ווערן אין דער צײַט אָנגעברענגט מיט די שאַרפֿע ווײַניקע ריחות פֿון די אַרומיקע רײַפֿע סעדער. שבת טאָר מען דאָך נישט האַלטן קיין געלט, זענען דעריבער דאָ ווייניק קונים, און די ברייטע סעדעכעס מיט די הויכע בלאָנדע סעדעריונגען פֿאַרקויפֿן די עפּל פֿאַר יעדן פּרײַז. פֿון ביידע זײַטן שוואַרצן זיך די געפֿלאָכטענע בריקן־געשטעלן. פֿון דער מאַסיווער אַנבריק פֿון לינקס טראָגט זיך פֿון צײַט צו צײַט דורך דער געסווישטש און געפֿײַף פֿון לאָקאָמאָטיוון און דער ראַשער הילכיקער געטראַסק פֿון פֿאַרבײַלויפֿנדיקע עקספּרעסן, וואָס לאָזן זיך נאָך זיך געדיכטע קנוילן רויך, ווי אַ טייל פֿון די נידעריק־ליגנדיקע גראָע סטאַדע וואָלקן־שעפּסלעך אויף יענער זײַט בריק. פֿון רעכטס צינדן זיך און לעשן זיך די לויכטנדיקע שנורן טראַמווייען איבער דער פּראַגער קערבעדזש־בריק, וואָס איז שטענדיק אין דער צײַט פֿול מיט דורכגייער און געמיטלעכע שפּאַצירער. צו מייגסט אָבער לאָקט דער ברעג אויף יענער זײַט ווײַסל, ווו ס'טונקלט זיך דאָס פּראַגער וועלדל פֿול מיט ראָמאַנטישע נאַכט־סודות און פֿאַרליבטע פּאָרלעך.

די גראָבע גיטשע די שנײַדערין האָט אַ גאַנצע וואָך זיצפֿלייש — זי רירט זיך אין ערגעץ נישט אַרויס. נאָר איצט האָט עס איר געהויבן פֿון אָרט. זי האָט שוין דאָס שטיקל היץ, וואָס די מאַמע האָט איר אויפֿגעגעבן, קוים געקאָנט אַרײַנגייטן אין זיך. ווען זי האָט נישט קיין מורא פֿאַר דער מאַמען ,אַז זי זאָל עס נישט איבערקרענקען, וואָלט זי אַלץ געלאָזט שטיין אַזוי ווי ס'איז, געכאַפּט דעם זעלנער און געגאַנגען מיט אים שפּאַצירן צו דער ווײַסל... זי קען אַלע ערטערלעך... זי ווייסט שוין ווו צו פֿירן, אַז קיינער זאָל זיי נישט שטערן. די מאַמע מיינט טאַקע, אַז זי איז אַזאַ כומיקל... נישט ווײַט פֿון פֿאַרוואַקסענעם טויער פֿונעם ציטאַדעל, אויף דער צווייטער זײַט שאָסייוועג, וואָס שנײַדט דורך דאָס פֿעלד און פֿירט שיף־אַראָפּ אין ציטאַדעל אַרײַן, זענען דאָ הויכע געדיכטע קוזשאַקעס... אַז מע לייגט זיך דאָרט אַרײַן אין גראָז, אונטער דער נאָז פֿון דער פֿעסטונג, קען דיך שוין קיין פּולק סאָלדאַטן נישט געפֿינען. אַלע מאָל, ווען זי איז געגאַנגען מיט דער מאַמען שפּאַצירן אויפֿן פֿעלד אַרויס, האָט עס זי געצויגן אַהין אַ קוק צו געבן וואָס דאָרט טוט זיך...

— וואָס אַרט דער מאַמעשי — האָט זי דער מאַמען געצויגן פֿאַרן אַרבל. זי זאָל גיין מיט איר אין דער זײַט — מ'עט זיך דאָך נישט אָפּשטעלן קוקן...

מ׳עט בלויז פארביייגיין... די מאמעשי איז גארנישט טשעקאווע צו כאפן א בליק, א בלויזן בליק, נישט מער...

— אז ס׳איז נישטא וואס צו זען — האט שיינדעלע זיך געווערט, נישט געוואלט נאכגעבן די שמד און דאך צוליב געטון דער טאכטער, אויפווייזנדיק איר איבערן גאנצן וועג, אז ס׳איז ארויסגעווארפן דאס גיין — וואס וועסטו מיר ווייזן וואס, נארישע מויד, וואס דו ביסט... איך קען עס שוין פון אויסנ־וויניק... א וואזשנע גדולה אויף איר קאפ: מע קושט זיך אין דער פינצטער... ווער ס׳האט נאך אזוינס נישט געזען. דאס איז גוט פאר די האלעדרייינצעס, די לייכטע קעפ, אבער נישט פאר קיין ארנטלעך מיידל, וואס דארף שוין שטיין אין שידוכים. קום שוין אוועק פון דאנען. מער וואלט מיר נישט געפעלט, מע זאל מיך דא זען מיט דיר...

איצט — טראכט ביי זיך גיטשע ביים דערלאנגען דאס צימעס צום טיש —! איצט וועט איר די מאמע שוין נישט זאגן קיין ווארט. זי דערקענט עס אין דער מאמעס קוקן אויף איר, אין פאפראוויען איר דאס קעלנערל... אדרבא, זי וועט נאך זיין צופרידן, די מאמע, און אויסקוקן די מינוט, זי זאל שוין גיין, גיטשע, מיטן זעלנער שפאצירן... די דאזיקע זיכערקייט האט איינגעצוימט אין גיטשען דעם חשק און באהערשט איר אומגעדולד צו זיין וואס גיכער אין דרויסן... ס׳איז שוין איצט נישט געווען קענטיק, אז מיט א מינוט פריער האט אויף איר געברענט די הויט, וואס מע קאן גארנישט פארטיק ווערן מיט דער פרייטיקצונאכטיקער סעודה און מע פירט דא היינט טיש אזוי ווי ביים גרעסטן רבין... זי האט שוין איצט פארענדיקט עסן במנוחה, אפילו געמיטלעך, אין גאנצן רויק, גלייך ווי נישט זי מיינט מען. נישקשה, דער אוונט וועט נישט אנטלויפן. די נאכט איז גרויס. און אז זי וועט קומען א ביסעלע שפעטער אהיים, וועט איר די מאמע אויך נישט זאגן קיין ווארט. זי וועט ליגן איינגעדעקט אין בעט און זיכער שנארכן הויך אויפן קול, ס׳זאל הייסן, אז זי שלאפט געשמאק און האט נישט געהערט, ווען די טאכ־טער איז אהיימגעקומען, מע זאל זיך נישט דארפן צעווערטלען און פארשטערן דעם שבת.

נאכן גאנצן עסן, נאכן פלייש מיטן מייערן־צימעס און נאכן פינקלדיקן גלע־זעלע טיי, זענען ביידע פרויען — די מאמע מיט דער טאכטער — נאך אלץ נישט אוועקגעגאנגען פון טיש. זיי האבן נאך אויף עפעס געווארט.

משה מעט האט זיך געגעבן א רייב די הענט מיט גלייך־אויסגעצויגענע פינ־גער, ווי זיין טאטע האט עס געטון נאכן עסן, און שיינדעלע, ווי זי וואלט פאר־שטאנען דעם באטייט דערפון, האט געגעבן א ווונק צו דער טאכטער:

— ני״א, דערלאנג, טאכטערשי, מים־אחרונים־וואסער צום בענטשן.

ערשט דעמאלט, ווען משה מעט האט אפגעבענטשט, איז שיינדעלע אויפ־

געשטאַנען די ערשטע פון טיש. מיט זאָטלעך־יוסטע טריט איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַנק און אַרויסגענומען דאָס טײַטש־חומש מיט די אָפּגעריבענע לעדערנע טאָוולען און אַזוי געמיטלעך פול, טראַגנדיק מיט ביידע הענט די צאינה־וראינה, אַנגעשפּאַרט אויף דער ברוסט, האָט זי זיך צוריקגעזעצט צום טיש.

די גראָבע גיטשע האָט דערווײַל גענומען אַראָפּרוימען פון טיש די טעלער מיט די טעלערלעך מיט אַלעמדינג. אויף איר פּנים האָט געשפּילט דער פלעמל־דיקער שײַן פון די דערברענענדיקע ליכט אין די שפּאָרערס. איר אַנבאַגעגנטער בליק מיט משה מעטן האָט זי פאַרהאַלטן לענגער בײַם טיש, איבערשטעלנדיק נאָך אַ מאָל די טעלערלעך, אַז זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן איבערן וועג צו דער קיך, כאָטש ס׳איז דרײַ טריט אַהין. איצט האָט זי שוין געשווינדער אַלץ צונויפ־גענומען און אַוועק דערמיט צום קעכל.

גלײַך האָט זיך שײַנדעלע אויסגעדרייט אין איר זײַט, צו דער קיך, ווו גי־טשע האָט זיך געגרייט אָפּצוּוואַשן דאָס געפעס, ס׳זאָל נישט אַוועקשטינקען. זי האָט מאַמעדיק־געטרײַ אַ זאָג געטון צו דער טאָכטער, מיינענדיק אויך אים, משה מעטן, דאָ בײַם טיש:

— צ׳עט זאָך אפשר דאַרכגיין אַ ביסל. ס׳אַ שיין וועטער. אַ וואַרעמע נאַכט, האַ? ביסט נישט מיד, גיטשעלע?

גיטשע האָט האַסטיק אָפּגעקערט דעם קאָפּ פון דער קיך, ווי זי וואָלט נאָר געוואָרט דערויף. נישט אָפּלאָזנדיק ביידע הענט פון דער שיסל מיטן געפעס, גלײַך ווי אַלע טעלערלעך וואָלטן געהאַלטן בײַם אַרויסשפּרינגען, האָט זי תיכף אָפּ־געוואָנדן:

— וואָס? איך בין מיד? וואָס פאַלט די מאַמעשי אײַן? — האָט זי געגעבן אַ הייב מיט אַן אַקסל, גלײַך ווי זי וואָלט גאָר קיין מאָל אין לעבן נישט מיד געווען — כ׳וואָלט זיך טאַקע אַ ביסל דאַרכגעגאַנגען אויך...

— ני, טאָ טי זשע זיך אַן... לאָז שטיין ס׳געפעס, ס׳עט נישט קאַליע ווערן ביז מאָרגן... נעם אויך אַרויס דעם שינעל...

— נאָך וואָס?... אַזוי... האָט גיטשע אַן אויפגעלעבטע אַ זאָג געטון צו משה מעטן, ווי זי וואָלט אים געוועזן צוגעטראָפן די געדאַנקען — אַזוי, אָן דעם שינעל. מ׳עט דאָך צוריקקומען אין שטוב אַרײַן.

משה מעט האָט גלײַך געגעבן זײַן צושטימונג מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ער האָט געפילט, ווי ער ווערט רויט, אַזש די אויערן הייבן אים אָן ברענען:

— אַוודאי, אַזוי. ס׳איז דאָך וואַרעם אין דרויסן...

מיט אַ הייסן אָטעם איז משה מעט אַפּערגעגאַנגען פון הינטערן טיש אַפּער, זיך אויסגעלײַכט פון דער צוגעזעסנקייט, און גלײַך ווי ער וואָלט נאָך געווען גע־

טראָגן אויף זיך דעם פּאַסיק, געגומען אַראָפּציִען פון אַלע זײַטן דאָס זעלנערשע זומער־רעקל — גרייט צו גיין.

די דערשעפּטקייט, וואָס איז אין אים אַרײַנגעטראָטן בײַם אָפּבענטשן, איז איצט אין גאַנצן אויסגערונען פון אים. צוזאַמען מיטן צושטראָם פון פרישע כּוחות, האָט ער געפילט, ווי ער הערט אויף צו זײַן איבער זיך דער באַלעבאָס. ער האָט שוין איצט מער נישט געהערשט איבער זיך. און ס׳איז אים גוט געווען אַזוי. ער איז געווען גרייט אויסצופילן אַלע באַפעלן, אפילו די משונהדיקסטע, וואָס דאָס דאָזיקע מיידל זאָל נאָר נישט ברענגען פאַרן מויל.

די ליכטלעך אינעם שבת־לײַכטער האָבן געטריפט מיט טראָפּנס חלב, ווי מיט הייסע טרערן, גיך־גיך; זיי האָבן זיך גענומען איינציקווײַז לעשן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פלעמלטאַנץ וואָס קומט פאַרן אויסגיין. אַן אַמפּערײַ מיט אומ־געזעענע כּוחות, וואָס רײַסן דעם פלאַם פון אַלע זײַטן און ווילן אים אַרויסרײַסן פונעם שפּאָרער אַרויס. דער פלאַם ראַנגלט זיך, גיט זיך אַ דריי, קריגט זיך דורך, ווײַזט, אַז ער האָט נאָך כּוח. ער גיט זיך אַ הייב אין דער הייך און אַ צעלייג אַרום און אַרום, זיך אָנהאַלטנדיק בײַ די לעצטע טראָפּנס חלב, וואָס קלעפּן אָנ־געטריפטע פון דרויסן. אַ זיכערער אין זיך שײַנט ער איצט אויף, דער פלאַם, אַ העלצעלויכטענער. ער שטרעקט זיך הויך און פאַרנעמט דעם גאַנצן שפּאָרער, ווי ער וואָלט זיך ערשט געגרייט רעכט פונאַנדערצופלאַקערן מיט פרישע באַנײַ־טע כּוחות. נאָר באַלד קריגט ער ווידער אַ שטויס, גיט זיך אַ וואַקל, פאַלט־אום און שטייט שוין מער נישט אויף — אַזוי איינס נאָכן אַנדערן. איינס מאַטערט זיך מער, איינס ווינציקער. דער סוף איז דער זעלבער. בלויז אין צוויי שפּאָרערס האָבן זיך מערקווירדיק געהאַלטן די פלעמלעך, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט בדעה געהאַט זיך אויסצולעשן; גלײַך ווי די אומגעזעענע כּוחות וואָלטן אויף זיי נישט געהאַט קיין שליטה און קאָנען זיי אויף קיין פאַל נישט בײַקומען. די צוויי פלעמ־לעך האָבן זיך פאַרעקשנט געראַנגלט, זיך געריסן, געקאַרטשעט זיך און נישט געוואָלט אויסגיין.

שיינדעלע האָט אַוועקגענומען דעם בליק פון די צוויי צאַנקענדיקע ליכט און אויסגעשפּיגן דרײַ מאָל אויף רעכטס און לינקס פון זיך, געמורמלט עפּעס אַ פּסוק פון אַן עין־הרע־אָפּשפּרעכעניש, און צוריק זיך גענומען צו דער צאינה־וראינה. געמישט די פאַרגעלטע בלעטער און געזוכט די פּרשה פון דער וואָך, וואָס זי האָט נישט געקאָנט אַזוי לײַכט געפינען, גלײַך ווי זי וואָלט פאַרגעסן וואָסערע סדרה ס׳גייט הײַנט.

די גראָבע גיטשע האָט נאָך געגעבן אַ קוק אין שפּיגל איבערן בעט און אַזוי, איינס־צוויי, זיך געטון אַ פּאַפּראַווע די פריזורע, פאַרטיפנדיק מיט צוויי פינ־גער די קאַרבן פון ביידע זײַטן, און צום סוף אַרונטערגעלאָזט אַ לאָק איבערן

שטערן, וואָס ס'האָט איר צוגעגעבן יונגמיידלשן חן און שטיפערישקייט. זי האָט זיך, נאָך אַלץ בײַם שפּיגל שטייענדיק, אָפּגעצויגן נעטער דאָס ווײַסבאַטיסטן בלוזקעלע פון וואָס דער ביוסט אירער האָט נישט געוואָלט ווערן קלענער און זיך נאָך מער אויסגעטיילט. זי איז געוואָרן אויף זיך בייז, און אומגעדולדיק אָפּגייענדיק פון שפּיגל, האָט זי זיך מיט די בלויזע הענט אַרומגעפּוצט די ספּודניצע און אַזוי, אָפּפּוצנדיק זיך צו צו משה מעטן און פאַרטרווילעך־געדעמפּט אַרויסגעזאָגט:

— קימען זי, וועמאַ גאַין...

בײַ די ווערטער האָט שיינדעלע, גלײַך ווי זי וואָלט נאָר אויף דעם געוואַרט, אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ פונעם טײַטש־חומש, פאַרקנייטשט דאָס בלעטל, זי זאָל וויסן, ווו זי דאַרף אָנהייבן ווײַטער, און צוגעמאַכט די צאינה־וראינה. זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט אַ שײַנענדיקע:

— עך גאַיט שוין? טאַ, גאַיט זיך טאַקע אַ ביסל איבאַ...

זי האָט דאָס פּאָרל צוגעפירט איבער די טרעפּלעך אַרויף צו דער טיר און פרום עפּעס געשעפּטשעט אַ תפילה, ווי בײַם ליכטבענטשן און צוגעגעבן הויך אויפן קול:

— נו, גאַיטס, גאַיטס, קינדערלעך... אין אַ מזלדיקער שעה, פאָטער האַר־ציקער אין הימל! געב אַכטיק, גיטשעלע, בײַם אַרויסגיין... מיטן רעכטן פיס...

אַ גליקלעך־צופרידענע, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט זי נישט פאַרשעמט און צוגעשיקט „עפּעס רעכטס", האָט זיך שיינדעלע צוריקגעזעצט צום טיש. מיט ציטערדיקע הענט פון איבערגעאַנגענער פרייד האָט זי אַרויסגענומען פון שיידל די ברילן, וואָס זי פלעגט זיי אָנטון נאָר ווען די אויגן קלעפּן זיך איר שוין פון שלאָף, און אַרונטערגעמאַכט די האָלאַבליעס הינטער די אויערן. נאָר גלײַך האָט זי זיי צוריק אַוועקגעלייגט אויפן טיש און אָפּגערוקט ווײַט פון זיך:

— וואָס איז זי שוין אויף דער עלטער, צי וואָס?...

דאָס האָט זיך שיינדעלע פּלוצים דערמאָנט דעם געלן סרולע, דעם מילך־יידס שטעכווערטער... ס'איז נאָך נישט אַזוי געפערלעך מיט איר. צו דער עלטער איז נאָך געוונג ווײַט. זי איז נאָך ברוך־השם בײַ די פולע כוחות, אויף אַ סך ייִנגערע פון איר געזאָגט. ווי קרעפּטיק זי פילט זיך, אָן אַן עין־הרע, נאָר זיך צו פאַרגלײַכן מיט דער אייגענער טאָכטער אירער. ס'איז נאָך דערוויל נישט צו פאַרזינדיקן... אָט זעט מען דאָך באַשײַנפּערלעך, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט... ווער קאָן נאָך אַזוי מזווג זײַן זיווגים ווי ער... און אין גאַנצן אַ צעשטראָלטע האָט זי צוריק געעפנט דעם טײַטש־חומש, דאָרט ווו זי האָט פריִער פאַרקנייטשט דאָס בלעטל, און אָנגעהויבן מיט אַ ניגון, הויך אויפן קול, העכער פון אַלע מאָל:

— „שלח תשלח את האם. ווען דו קומסט צו איין נעסט פון פויגלען און דו ווילסט די פויגלען נעמון, זאלסטו די מוטער פריער אוועק שיקון און דער נאך זאלסטו נעמון די קינדער, כדי די מוטער זאל נישט זעהון דעם צער פון די קינ־דער און זאלסט נישט נעמון די מוטער מוט די קינדער, נאר זאלסט זיי לאזן לעבון, כדי זי זאל ווײַטער פויגלען האבון און דערפאר וועט גאט דערלענגערון דײַן לעבון"... — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זי האט דערפילט אין אלע אברים, שיינדעלע, ווי צום ערשטן מאל, דעם זיס־ביטערן תענוג פון די ווערטער, וואס האבן זי אין גאנצן פארפולט און פאר־שוואנקען ביז איבער די ברעגן. זי האט די הייסע טרערן געלאזט אראפרינען איבער די געלע בלעטער פון דער צאינה־וראינה. ס'איז איר געווארן ווארעם אין אלע גלידער. ווי א באטרונקענע מיט שטארקן ווײַן, האט זיך איר דער קאפ האסטיק־שווערלעך פארנייגט אראפ צום אפענעם טײַטש־חומש, און אזוי אנגע־שפארטערהייט איז זי אײַנגעשלאפן מיט א פולן גליקזעליקן שלאף...

סוף

